אַהרון ראָזין

# מיין וועג אַהיים

מעמואַרן פון אַן אַסיר-ציון אין ראַטן-פאַרבאַנד

אַרויסגעגעבן דורך דעם

ד״ר שמואל און רבקה הורוויץ פאָנד

ביי דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים

תשמ״א 1981

דאָס איז דאָס פינפטע בוך וואָס ווערט אַרויסגעגעבן מיט דער סובווענץ פונעם ליטעראַטור־פאָנד א״נ פון ד״ר שמואל און רבקה הורוויץ ז״ל ביי דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים.

לויטן באַשלוס פון דער זשורי, אויסגעקליבן דורך דער פאַרוואַלטונג פונעם ליטע־ראַטור־פאָנד, איז די פינפטע סובווענץ צוגעטיילט צוויי מחברים: אהרון ראָזין פאַר זיין מאַנוסקריפט „מיין וועג אַהיים" און ד״ר יחיאל שיינטוך פאַר „אַריינפיר צו יצחק קאַצענעלסאָנס ליטעראַרישע געטאָ־שריפטן פון וואַרשע".

די סובווענץ ווערט צוגעטיילט יעדעס יאָר איינעם אָדער צוויי שרייבערס.

דער ליטעראַטור־פאָנד איז עטאַבלירט צום אָנדענק פונעם געוועזענעם פאָרזיצער פון דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים ד״ר שמואל הורוויץ און זיין פרוי רבקה, כדי צו העלפן ייִדישע שרייבערס אין ישראל אַרויסגעבן זייערע ווערק.

דער ליטעראַטור־פאָנד איז געגרינדעט געוואָרן מיט דער הילף פון יחידים און קערפּערשאַפטן אין קאַנאַדע און ישראל, ווו ד״ר שמואל און רבקה הורוויץ האָבן געשפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָל אינעם ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אַן אָנערקענונג קומט דעם הסתדרות־קאַמפּיין אין טאָראָנטאָ (קאַנאַדע), דעם פאַר־אייניקטן ישראל־אַפּיל פון קאַנאַדע און דעם קרן געסטעטנער ביי דער סוכנות אין ירושלים — פאַר זייער אָנטייל אין דעם ליטעראַטור־פאָנד.

אַ ספּעציעלע באַשטייערונג אַרויסצוגעבן אהרון ראָזינס בוך איז דערהאַלטן געוואָרן פון דעם קרן תל־אביב לספרות ואמנות ע״ש יהושע רבינוביץ.

ביז איצט זיינען דערשינען די פיר ביכער:

1977 — „בלוט און וואָפן" פון מאיר יעלין (דערציילונגען)
1978 — „דער פּערציקיעריקער מאַן" פון פּרץ מאַרקיש (פּאָעמע)
1979 — „שפּאַצירן אין דער נאַכט" פון דוד ספאַרד (לידער)
1980 — „שמעטערלינגען שוועבן" פון קלמן סעגאַל (דערציילונגען)

יידישע קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים

## אינהאַלט:

געהייליקט דעם אָנדענק
פון מיינע ברידער נח און יעקב ז״ל,
וועלכע זיינען פאַר ציוניסטישער טעטיקייט
דערמאָרדעט געוואָרן אין ראַטן־פאַרבאַנד

# 1
# באַלשעוויסטישע וואַכזאַמקייט

די אַרבעט פון צונויפשטעלן דעם פינף־יאָר־פּלאַן פון דער ברויט־אינדוסטריע אין ווייסרוסלאַנד איז שוין געווען פאַרענדיקט. עס איז געבליבן נאָר אָנצושרייבן די הקדמה. די אַרבעט האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גרויסן קאָמפּלעקס פון נאָר־מאַטיוו־טעכנישע אויסרעכענונגען און האָט ניט געהאַט און ניט געקענט האָבן קיינע שום עקאָנאָמיש־אויספאָרשערישע עלעמענטן, ווייל זי איז געווען צונויפגע־שטעלט אין פולן הסכם מיט די דירעקטיווע קאָנטראָל־ציפערן פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער ברויט־אינדוסטריע אין מאָסקווע.

איך האָב זיך אָבער דערלויבט איין קליינעם אָפּנייג פון די קאָנטראָל־ציפערן. איך האָב פאַרגרעסערט די סומע פון אינוועסטיציעס פאַר קאַפּיטאַלער בויונג און פאַרפּלאַנירט דאָס בויען צוויי נייע גרויסע ברויט־זאַוואָדן אין די שטעט מינסק און האָמעל. איך בין געווען איבערצייגט אין דער נויטווענדיקייט דערפון און עס גרינטלעך באַגרינדעט.

די זיצונג ביים דירעקטאָר פון ווייסרוסלענדישן ברויט־טרעסט, בלומקין, אויף וועלכער מען האָט באַהאַנדלט דעם פינף־יאָר־פּלאַן, איז געווען אַ רוישנדיקע און האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ברוטאַלער פּאָליטישער אַטאַקע אויף מיר. שווערע באַשולדיקונגס־פּראַגעס זיינען קעגן מיר אַרויסגערוקט געוואָרן איינע נאָך דער אַנדערער.

— ווי אַזוי האָסטו געוואַגט צו פּלאַנירן אינוועסטיציעס פאַר קאַפּיטאַלער בויונג מיט 5 מיליאָן רובל מער, ווי עס איז באַשטעטיקט אין די קאָנטראָל־ציפערן?

— ווייסטו ניט אַז אויף דעם לעצטן פּלענום פון צ״ק פון אונדזער פּאַרטיי האָט דער חבר סטאַלין ווידער באַטאָנט די באַזונדערע וויכטיקייט פון דער ערשט־ראַנגיקער אַנטוויקלונג פון דער שווערער אינדוסטריע און אונטערגעשטראָכן אַז עס דאַרף שטרענג לימיטירט זיין די אַנטוויקלונג פון דער לייכטער און דער שפּייז־אינדוסטריע.

די אַטמאָספער האָט זיך אָנגעגליט באַזונדערס שטאַרק נאָך דער אַרויסטרע־טונג פונעם נאַטשאַלניק פון טעכנאָלאָגישן אָפּטייל וועלכער האָט אַנטדעקט אַ

צווייטע פאַרברעכערישע פּאָזיציע אין מיין פּראָיעקט פון פינף־יאָר־פּלאַן. ער האָט געמאָלדן אַז דער טעכנאָלאָגישער נאָרמאַטיוו פון געברויך פון מעל אויף באַקן דאָס ברויט איז ניט קיין סטאַכאַנאָווישער און ער מאָביליזירט ניט צו קעמפן פאַר דער מאַקסימאַלער עקאָנאָמיע פון מעל, וואָס איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפ־גאַבעס פון די אַרבעטערס פון דער שפּייז־אינדוסטריע אויפן איצטיקן עטאַפּ פון סאָציאַליסטישער בויונג...

— דער פּראָיעקט פון פּלאַן דאַרף ווערן אָפּגעוואָרפן, ווי אַ פּאָליטיש שעד־לעכער. ער איז אַ רעזולטאַט פון פּאָליטישער קורצזיכטיקייט — האָט קאָנסטאַ־טירט דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

— ניין! ס׳איז ערגער פון פּאָליטישער קורצזיכטיקייט — האָט קאַטעגאָריש געמאָלדן דער נאַטשאַלניק פון דעם באַזונדערן אָפּטייל פון טרעסט — ראַזין האָט באַוווסטזיניק געוואָלט דורכשמוגלען אַנטי־סאָוועטישע פּאָזיציעס אין אונ־דזער פינף־יאָר־פּלאַן, פּאָזיציעס וועלכע גרענעצן זיך מיט עקאָנאָמישער קאָנטר־רעוואָלוציע...

איך האָב געבעטן מיר צו דערלויבן צו מאַכן צוויי באַמערקונגען. ערשטנס, אַז דאָס בויען די צוויי נייע זאַוואָדן איז אויך צוועקמעסיק פון עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט. זיי וועלן אין אַ גרויסער מאָס העכערן די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבעט און פאַרזיכערן די פאַרקלענערונג פון דער זעלבסטקאָסט פון דער פּראָדוקציע. און דאָס איז דווקא אין איינקלאַנג מיט דער ליניע פון פּאַרטיי. און צווייטנס, אַז דער טעכנאָלאָגישער נאָרמאַטיוו פונעם געברויך פון מעל איז פּלאַ־נירט געוואָרן אויפן סמך פון די לעצטע אָפּגעדרוקטע מאַטעריאַלן פון אונדזער וויסנשאַפטלעך־אויספאָרשערישן אינסטיטוט, וועלכע נעמען אין אַכט אויך די בויטיקע קוואַליטעט פון דער ברויט־פּראָדוקציע.

מיינע באַמערקונגען האָבן אַרויסגערופן אַ נייעם אויפברויז. מען האָט גע־שריען, אַז איך וויל ניט אויפנעמען קיין באָלשעוויסטישע קריטיק; אַז איך וויל זיך ניט פאַרנעמען מיט זעלבסטקריטיק. דער נאַטשאַלניק פון טעכנאָלאָגישן אָפּ־טייל האָט סאַרקאַסטיש אויסגעשריען:

— ניט לאַבאָראַנטן און באַנק־קוועטשערס אין וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט באַשטימען די פּאָליטישע ליניע פון דער אינדוסטריע. דער חבר סטאַלין האָט קלאָר און דייטלעך געזאָגט, אַז עקאָנאָמיע פון ברויט־רעסורסן איז איצט די וויכטיקסטע אויפגאַבע און דאָס ריידן וועגן קוואַליטעט פון ברויט איז דעמאַ־גאָגיע...

און דער הויפּט־אינזשינער פון טרעסט האָט קאַטעגאָריש געמאָלדן:

— העכערן די אַרבעטס־פּראָדוקטיוויטעט דאַרף מען דורך אַריינדרינגען סטאַכאַנאָווישע מעטאָדן פון אַרבעט און ניט דורך פּטרן מיליאָנען רובל אויף מעכאַניזאַציע און אַווטאָמאַטיזאַציע...

דער דירעקטאָר פון טרעסט בליומקין האָט אין זיין שלוסוואָרט געזאָגט אַז איך האָב געמאַכט אַ ריי גרויסע פּאָליטישע פעלערן, נאָר ער טראַכט, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס איך בין נאָך אַ יונגער ספּעציאַליסט — אין גאַנצן מיט צוויי יאָר צוריק געענדיקט דעם אינזשינער־עקאָנאָמישן אינסטיטוט — און איך האָב נאָך זייער אַ קליינעם סטאַזש פון פּראַקטישער אַרבעט. אויף דעם פאַר־אַנטוואָרטלעכן פּאָסט פון נאַטשאַלניק פון פּלאַניר־אָפּטייל פון טרעסט בין איך אינגאַנצן 2 חדשים. דער פינף־יאָר פּלאַן איז מיין ערשטע זעלבסטשטענדיקע אַרבעט. און האָט פאַרענדיקט:

— איך בין איבערצייגט, אַז דער חבר ראַזין האָט גוט פאַרשטאַנען און גוט אויפגענומען די ריכטיקע קריטיק און די חברישע אָנווייזונגען פון אונדז אַלעמען. איך מיין אַז אונדזער פרוכטבאַרע זיצונג איז געווען פאַר אים זייער אַ גוטע לעק־ציע אין געביט פון סאָוועטישער פּלאַנירונג...

איך בין אַוועק צו זיך אין פּלאַנירונג־אָפּטייל און געגעבן אָנווייזונגען אַריינ־צוטראָגן קאָרעקטיוון אין די טאַבעלעס פון אינוועסטיציעס פאַר קאַפּיטאַלער בויונג און פון דעם מעל־באַלאַנס.

בליומקינס שלוסוואָרט האָט עטוואָס פאַרבעסערט מיין שטימונג. איך בין אָבער געווען איבערצייגט, אַז די סטענאָגראַמע פון דער זיצונג וועט זיך גע־פינען אין מיין פּערזענלעכער „דיעלאָ". צו מיין ציוניסטישן „יחוס" וועט ווען עס איז אפשר צוקומען מיין „פּרווו דורכצושמוגלען עקאָנאָמישע קאָנטער־רעוואָ־לוציע"...

איך בין אַוועק אַהיים אַ פאַרצאָרנטער און נערוועז־אומרויִקער, אָבער איך האָב מאַשען ניט דערציילט וועגן דער זיצונג. מיר האָט זיך ניט געוואָלט אָנטאָן איר צער. זי האָט געשוואַנגערט און איך האָב זיך געסטאַרעט אויסצומיידן איבעריקע נערוועזע אויפטרייסלונגען.

אויף מאָרגן בין איך געזעסן אין מיין אַמט־צימער אַריינגעטאָן אין „שע־פערישער" אַרבעט: קאָנטראָלירט די פּינקטלעכקייט פון די ציטאַטן פון חבר סטאַלין אין דער הקדמה צום פּלאַן און געזוכט נאָך עטלעכע ציטאַטן פון זיין באַוווסטן אַרטיקל „זעקס באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט". איך האָב געטראַכט, אַז מער ציטאַטן פון חבר סטאַלין וועלן אפשר עטוואָס פאַרטושן די פּאָליטישע חטאים וועלכע זיינען געווען אין ערשטן פּראָ־יעקט פון פּלאַן.

אַ שאַרפער טעלעפאָן־קלונג — אַ באַפעלערישער טאָן פון בליומקינס סע־קרעטאַרין:

— תיכף ומיד אַריינגיין צו בליומקינען.

עס האָט עפּעס אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן. איך בין אַריין צו בליומקינען מיט ניט קיין פאַרשטענדלעכן, פאַרבאָרגענעם שלעכטן געפיל.

— וואָס איז געשען, אַרקאַדי מאַטווייעוויטש?
— 12 אַ זייגער דאַרפסטו זיין ביי ווערבען.
— ביי ווערבען? וואָס עפּעס אין מיטן דרינען?
— איך ווייס ניט. אַזאַ פאַראָרדענונג.
— וואָס פאַר אַ מאַטעריאַלן נעמען מיט זיך?
— קיינע מאַטעריאַלן. אַ פּערזענלעכער שמועס.

בליומקין האָט מסתמא באַמערקט אויף מיין פּנים אַן אויסדרוק פון גרויסן פאַרוווּנדער און האָט געזאָגט:

— אפשר איז דאָס טאַקע אַ פּערזענלעכער שמועס? ווערבאַ איז דאָך דיינער אַ קרוב.

יונה ווערבאַ — דער פאָרזיצער פון ווייסרוסלענדישן קאָאָפּעראַטיוון־פאַר־באַנד „בעלקאָפּ־סאָיוז", אין באַשטאַנד פון וועלכן עס האָט זיך געפונען אויך אונדזער ברויט־טרעסט — איז געווען אַ לייבלעכער שוועסטערקינד פון מיין ווייב מאַשע. אין די יונגנט־יאָרן איז ער געווען אַן אַקטיווער בונדיסט. תּיכּף נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע איז ער געוואָרן אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ער איז געווען אַ געבילדעטער און זייער פּעיִקער קאַ־ריעריסט. ער האָט גיך און פעסט געקלעטערט אויף דעם סאָוועטיש־פּאַרטייִשן לייטער און פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס. פון דעם סוף פון די צוואַנציקער יאָרן ביזן אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן (אַרום 5—6 יאָר) האָט ער געאַרבעט אין דער סאָוועטישער האַנדלס־פאָרשטייערשאַפט אין בערלין און דערנאָך איז ער געוואָרן צוריקגערופן קיין מינסק און געוואָרן נאָמינירט אַלס פאָרזיצער פון „בעלקאָפּ־סאָיוז". ער איז אויך געווען אַ מיטגליד פון צ"ק פון דער ווייסרוס־לענדישער קאָמפּאַרטיי.

אונדזערע משפּחה־באַציִונגען זיינען געווען זייער ווייטע און קאַלטע. ער האָט בפירוש אויסגעמיטן וועלכע ניט איז משפּחה־פאַרהעלטענישן. מסתם האָט אונדזער יחוס ניט געפּאַסט אַזאַ אָנגעזעענעם קאָמוניסטישן טוער. אין אונדזער משפּחה זיינען געווען גרויסע פלעקן. ווערבאַס לייבלעכער שוועסטערקינד משה (מאַשעס עלטסטער ברודער) איז געווען אַן אינזשינער פון דער גלאָז־אינדוסטריע און ביז דער רעוואָלוציע האָט ער געאַרבעט אַלס אינזשינער אויף אַ גלאָז־פאַב־ריק, ביי אַ קאַפּיטאַליסט. אין 1929 יאָר — אין דער באַוווּסטער תּקופה פון „קאַמף מיט בורזשואַזע ספּעציאַליסטן" — האָט מען אים אַרעסטירט, באַשול־דיקט אין שעדיקעריי און אין דעם זעלבן יאָר איז ער אומגעקומען אין לעניג־ראַדער תּפיסה (זיי האָבן געזאָגט דער משפּחה, אַז משה איז באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד — געהאָנגען זיך).

נו, און ווערבאַ האָט אויך געוווּסט אַז מאַשע איז אין די יוגנט־יאָרן געווען אין אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ער האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געוווּסט, אַז

אויך איצט איז זי ממשיך אין איינעם מיט מיר, איר אומלעגאַלע ציוניסטישע טעטיקייט.

מיך האָט ער כּמעט ווי ניט געקענט. ער האָט געוווּסט, אַז איך בין מאַשעס מאַן און לעב אין איינעם מיט מאַשעס עלטערן אין איין דירה (מאַשעס טאַטע איז געווען אַ ברודער פון ווערבאַס טאַטן).

איז וואָס פאַר אַ פּערזענלעכע שמועסן דאַרף האָבן מיט מיר אָט דער קרוב? מיט אַ שווער האַרץ בין איך אַוועק צו דער באַגעגעניש.

12 אַ זייגער האָט די סעקרעטאַרין געזאָגט אַז דער חבר ווערבאַ איז נאָך פאַרנומען — ביי אים קומט פאָר אַ וויכטיקע זיצונג. מען דאַרף וואַרטן. און אפשר איז דאָס געווען לטובה. איך האָב זיך דערווייל פּסיכאָלאָגיש צוגעגרייט צו אַן אומבאַוווּסטן, אָבער זיכער זייער ניט סימפּאַטישן שמועס. אין אַ קורצער צייט אַרום זיינען אַרויס פון ווערבאַס קאַבינעט אַ סך מענטשן און די סעקרע־טאַרין האָט מיר דערלויבט אַריינצוגיין אין זיין צימער.

אויף דער רעכטער וואַנט פון ווערבאַס קאַבינעט איז געווען אַ גרויסע קאַר־טע פון ווייס־רוסלאַנד, אויף וועלכער עס זיינען געווען אָפּגעמערקט אַלע אונ־טערנעמונגען און האַנדלס־אָרגאַניזאַציעס פון בעלקאָפּסאַיוז. אויף דער לינקער וואַנט — אַ בילד מיט די קעפּ פון מאַרקס־ענגעלס־לענין. אויף דער צענטראַ־לער וואַנט — אַ גוואַלדיק גרויס בילד פון סטאַלינען. דער ברייט־פּלייציקער און הויכוווּקסיקער ווערבאַ האָט אויסגעזען ווי אַ נעבעכדיקער קאַרליק נעבן דעם אַלמעכטיקן גיגאַנט. ווערבאַ איז אָבער געזעסן ביי זיין גרויסן שרייבטיש אַזוי פּריציש־באַלעבאַטיש, אַזוי ווי ער וואָלט געהאַט גרויס הנאה דערפון וואָס ער זיצט אונטער יענעמס וואַנצעס. אין אַ ווינקל, ניט ווייט פון ווערבאַן, איז געזעסן אַ זייטיקער מענטש, אַריינגעטיפט אין לייענען אַ צייטונג. זיין פּנים איז געווען פאַרשטעלט מיט דער צייטונג. עפּעס מאָדנע, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, די זי־צונג האָט זיך געענדיקט, אַלע זיינען אַרויס און איין מענטש איז געבליבן...

ווערבאַ האָט מיך באַגעגנט מיט אַ ברייטן שמייכל און וואַרעמען שלום־עליכם.

— ווי פילט זיך מאַשע? איך האָב ניט לאַנג באַגעגנט אין גאַס דעם פעטער נחום, האָט ער געבעטן העלפן איינאָרדענען מאַשען אויף אַרבעט. אָבער ליידער איז איצט ניטאָ קיין שום מעגלעכקייטן.

— האָסטו מיך אַרויסגערופן דערציילן וועגן דעם?

— ניין. איך וויל מיט דיר האָבן אַן אינטימען שמועס.

— אַן אינטימען? אין דיין אַמט־קאַבינעט? און... איך האָב אַ דריי געטאָן מיין קאָפּ צו דעם מענטשן מיט דער צייטונג.

ווערבאַ האָט ניט פאַרשטאַנען מיין רמז און געענטפערט:

— דו ווייסט דאָך, אַז איך בין זייער אַ פאַרנומענער מענטש. איך אַרבעט

טאָג און נאַכט און האָב ניט קיין צייט צו גיין אין געסט און אויפנעמען געסט ביי זיך. ווען מיר זיצן דאָ ביי אַ גוטער גלאָז טיי און אַ ביסל שמועסן, אַזוי צו זאָגן פּאָ דושאַם...

ער האָט אַ קוועטש געטאָן אַ קנאָפּקע און געהייסן דער אַריינגעקומענער סעקרעטאַרין ברענגען טיי מיט סענדוויטשן.

— שעם זיך ניט, עס. אַזאַ ווורשט וועסטו אין קראָם ניט קריגן. נו, און אַ סענדוויטש מיט גוטן האָלענדישן קעז האָסטו דאָך שוין לאַנג ניט געגעסן.

מיר האָט זיך געגלוסט דעמאָנסטראַטיוו אונטערצושטרייכן מיין באַציִונג צו דעם ציניזם פון דעם קאָמוניסטישן פריץ און אָפּזאָגן זיך פון זיין כּיבוד, נאָר איך האָב באַשטימט, אַז דערוויילע לוינט ניט איינצורייסן זיך מיט אים. עס איז כּדאַי אונטערצוהאַלטן די פרידלעכע אַטמאָספער פון שמועס.

נאָכן איבערבייסן האָט ווערבאַ מיר העפלעך פאָרגעלייגט אַ טייערן פּאַפּי־ראָס „קאַזבעק" און מיט אַ שמייכלענדיקן טאָן געפרעגט:

— וואָס איז דאָרט ביי אייך אין טרעסט פאָרגעקומען בעת דער באַהאַנדלונג פון פינף־יאָר־פּלאַן?

— צוליב וואָס די פראַגע? דו האָסט דאָך באַקומען אַ גענויע, אַלזייטיקע אינפאָרמאַציע.

— יאָ, מען האָט מיר דערציילט וועגן דער זייער אינטערעסאַנטער און ברוי־זנדיקער זיצונג. איך וויל אָבער הערן דיין אָביעקטיווע אינפאָרמאַציע.

— איך בין זיכער, אַז דיינע אַגענטן, וועלכע האָבן דיך אינפאָרמירט, זיינען געווען גענוג אָביעקטיוו.

— דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך דערוואַרט, אַז אין דיין אינפאָרמאַציע וועסטו כאָטש זיך שלאָגן על־חטא, אָבער דו, זע איך, זאָגסט זיך אָפּ אַפילו צו רעדן וועגן דעם.

— איך בין קיין שום פאַרברעכן ניט באַגאַנגען און קיין על־חטא דאַרף איך זיך ניט שלאָגן. נו, און אויב יאָ על־חטא, ביסטו דאָס דער גרויסער צדיק פאַר וועלכן איך דאַרף זיך מתוודה זיין און בעטן אַ שטראָף?

— דו האָסט דערלאָזט גרויסע פּאָליטישע פעלערן וואָס ביי אונדז אין לאַנד, באַזונדערס אין היינטיקער תקופה, קענען זיי קוואַליפיצירט ווערן ווי קרימינעלע פאַרברעכנס. אָבער דער עיקר איז דאָס, וואָס אָט די פּאָליטישע פעלערן דיינע זיינען, ווי עס ווייזט אויס, ניט קיין צופעליקע, ווי עס טראַכט דער חבר בליום־קין. זיי זיינען באַשטימט אַ רעזולטאַט פון אַן אַנטי־סאָוועטישער וועלט־אָנשויונג.

— וועלט־אָנשויונג? וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער פאָרשלאָג צו בויען אַ ברויט־זאַוואָד אין מינסק צו וועלט־אָנשויונג? און וואָס פאַר אַ שייכות האָט אַ ריין טעכנאָלאָגישער נאָרמאַטיוו פון באַקן ברויט צו וועלט־אָנשויונג?

— זייער אַ גרויסע שייכות. דיינע פאָרשלאָגן זיינען אין קעגנזאַץ צו דער

ליניע פון אונדזער פּאַרטײ. דו האָסט הויכע בילדונג און דו לײענסט באַשטימט יעדן טאָג דעם צענטראַל־אָרגאַן פון אונדזער פּאַרטײ „פּראַװדאַ" און דו װײסט גאַנץ גוט די ליניע פֿון אונדזער פּאַרטײ. איך באַדויער זײער װאָס דו מאַכסט זיך ניט װיסנדיק.

װערבאַ האָט ניט געלאָזט מיך ענטפֿערן און פּלוצלינג געפֿרעגט:

— פֿאַר װאָס האָסטו ניט געשריבן אין דער אַנקעטע אַז דו ביסט אַ מיט־גליד פון אַ ציוניסטישער פּאַרטײ?

— איך בין ניט קײן מיטגליד פון קײן ציוניסטישער פּאַרטײ.

— איך בין זיכער אַז דו זאָגסט אַ ליגן. מילא. פֿאַר װאָס זשע האָסטו ניט געשריבן אין דײַן אַנקעטע אַז דו ביסט געװען אַ מיטגליד פֿון אַ ציוניסטישער פּאַרטײ?

— איך בין ניט געװען קײן מיטגליד פון קײן ציוניסטישער פּאַרטײ.

— דאָס איז אַ גװאַלדיקע חוצפּה. דו װײסט דאָך אױסגעצײכנט אַז מיר איז באַװוּסט, אַז דו ביסט אַפֿילו געװען דער סעקרעטאַר פון דער מינסקער אָרגאַ־ניזאַציע „יוגנט־פּועלי־צון".

— אָבער „יוגנט־פּועלי־ציון" איז געװען אַ יוגנט־פֿאַרבאַנד און ניט קײן פּאַרטײ. אין דער אַנקעטע איז די פֿראַגע געװען װעגן אָנגעהעריקײט צו פּאַר־טײען.

— אָבער די אידעאָלאָגיע פון דעם יוגנט־פֿאַרבאַנד איז דאָך די אידעאָלאָגיע פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטײ.

— אין דער אַנקעטע זײַנען ניטאָ קײן פֿראַגעס װעגן אידעאָלאָגיע.

װערבאַ האָט מיט גרויס אױפֿרעגונג אױסגעשריִען:

— מיר איז נמאס געװאָרן דײַן אױפֿפֿירונג. דאַרפֿסט װיסן, אַז עס װעט דיר ניט העלפֿן. איך װעל ניט דערלאָזן אַז אין מײַן סיסטעם — אין סיסטעם פון בעלקאָפּסאָיוז — זאָלן אַרבעטן מענטשן װעלכע פֿאַרמאַסקירן זײערע פּרצו־פים. איך װעל ניט דערלאָזן אַז אין מײַן סיסטעם זאָלן אַרבעטן מענטשן מיט אַ קאָנטער־רעװאָלוציאָנערן עבר און מיט זײער אַ צװײפֿלהאַפֿטער קעגנװאַרט...

דער מענטש מיט דער צײַטונג אין האַנט איז די גאַנצע צײַט געזעסן און געשװיגן. קײן שום סימן אַז ער אינטערעסירט זיך מיט דעם שמועס. איך האָב אָבער פֿאַרשטאַנען און איך בין געװען זיכער אַז ער איז פון „דאָרטן". איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דער שמועס װעלכן װערבאַ פֿירט מיט מיר אין זײַן קאַבינעט איז אַ שמועס אין נקוו"ד. איך בין געװען זיכער אַז דאָס איז מײַן ערשטע „אײדעלע" באַגעגעניש מיט נקוו"ד. איך האָב ניט געװוּסט לױט װעמענס איני־ציאַטיװ דער שמועס איז פֿאָרגעקומען. מסתמא איז װערבאַ געװען דער איניצי־אַטאָר. ער האָט געװאָלט דעמאָנסטרירן זײַן כּשרות און זײַן באָלשעװיסטישע װאַכזאַמקײט. פֿאַר מיר איז אָבער געװען קלאָר אַז דער שװאַרצער צעטל אין

וועלכן איך בין פאַרשריבן, איז אַרויסגענומען געוואָרן פון אַרכיוו. און מסתמא איז דאָס ניט די איינציקע, ניט די לעצטע באַגעגעניש מיט נקוו״ד. דערוויל דראָט מיר אַרבעטסלאָזיקייט. מסתמא וועט מען מיך שוין אַרויסוואַרפן פון דער אַרבעט.

אין מיין מוח האָבן געבושעוועט אָט די אַלע געדאַנקען און ניט דורכ־טראַכטנדיק און ניט אָפּוועגנדיק אַלץ ווי עס דאַרף צו זיין האָב איך באַשלאָסן צו ענטפערן מיט קאָנטר־אַטאַקע. איך האָב באַשטימט צו געבן ווערבאַן אַ שטאַרקן זעץ אין האַרץ אַריין, אַ קלאַפּ פון וועלכן אים וועט זיין שווער צו קומען צו זיך. און כאָטש איך האָב געפיבערט פון אויפרעגונג, האָב איך מאָביליזירט אַלע מיינע כּוחות, כּדי צו איינהאַלטן זיך און מיט אַ רויִקן, געלאַסענעם טאָן גע־זאָגט:

— כאַזיאַין — באַרין. דו קענסט טאָן אַלץ וואָס דו ווילסט. אָבער דערלויב מיר צום סוף פון אונדזער אינטימען שמועס „פּאָ דושאַם״ צו פרעגן ביי דיר: דו האָסט געשריבן אין דיינע אַנקעטעס אַז דו ביסט געווען אַ בונדאָוועץ?

מיין שטילע, געלאַסענע פראַגע האָט, ווי עס ווייזט אויס, אויפגעריסן ווי אַ באָמבע. ווערבאַ האָט זיך אויף אַזוינס ניט געריכט. זיינע באַקן זיינען געוואָרן ווייס און די אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט רציחה. ער האָט אַ שפּרונג געטאָן פון זיין שטול צום אַנדער זייט שרייבטיש ווו איך בין געזעסן און אַ ברום געטאָן:

— בונד? איך? אין מיינע אַנקעטעס? וואָס פאַר אַ שייכות האָב איך צום בונד?

איך האָב דערפילט, אַז מיר האָבן זיך געביטן מיט די ראָלן. מיין פראַגע האָט טאַקע דערגרייכט דעם ציל. איך האָב דערזען, אַז ווערבאַ האָט מער מורא פאַר מיר ווי איך פאַר אים. ער האָט מער וואָס אָנצוווערן. און איך האָב פאַר־געזעצט קאַלטבלוטיק:

— דו ווייסט דאָך זייער גוט אַז איך ווייס זייער גוט אַפילו אינטערעסאַנטע פּרטים פון דיין אַקטיווער טעטיקייט אין בונד...

ווערבאַ האָט אַ קוק געטאָן אין זייט פון דעם מענטשן מיט דער צייטונג, אומגעקערט זיך צו זיין שטול, פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס און איבערגערוקט צו מיר די אָפענע פּושקע „קאַזבעק״ און העפלעך געפרעגט:

— ווערסטו טרינקען נאָך אַ גלאָז טיי?

— ניין, אַ דאַנק. איך בין זאַט פון די אויסגעצייכנטע וווּרשט און האָלענ־דישע קעז, מיט וועלכע דו האָסט מיך מכבד געווען. אָבער אַ פּאַפּיראָס וועל איך נעמען מיט גרויס פאַרגעניגן.

— נו, איז גיי אַרבעט. איך מיין, אַז בליומקין האָט ריכטיק באַשטימט.

טראָג אַריין די נויטיקע קאָרעקטיוון אין פינף־יאָר־פּלאַן. אין גיכן וועסטו דאָך דאַרפן פאָרן קיין מאָסקווע מיט דעם פּלאַן.

— יאָ. איך פאַרענדיק שוין די הקדמה.

— זיי געזונט. גיב איבער אַ גרוס אַלעמען אין דער משפחה. יאָ, זאָג מאַשען זי זאָל אַריינגיין אין דער הויפּט־בוכהאַלטעריע פון בעלקאָפּסאָיוז צום חבר אַכ־רעמטשיק — ער וועט פאַר איר געפינען אַרבעט.

אין צוויי טעג אַרום איז געקומען צו אונדז צו גאַסט יונה ווערבאַ. ער האָט געבראַכט אַ גרויסע שאָקאָלאַד־באָנבאָניערע, וועלכע ער האָט געקענט קריגן נאָר אין דעם „פּאַרמאַכטן” געוועלב פאַר די פאַראַנטוואָרטלעכע פּאַרטיי־ און סאָוועטישע טוערס פון העכסטן ראַנג. ער האָט וואַרעם זיך צעקושט מיט מאַשען און פריינדלעך געדריקט מיין האַנט. מאַשע האָט געהאַוועט ביים צוגרייטן אַ וועלכן ניט איז כּיבוד. זי האָט אָנגעבראָטן בולבענע לאַטקעס און דערלאַנגט צום טיש. מען האָט געטרונקען טיי, געשמייכלט, געוויצלט זיך, דערמאָנט פאַר־שיידענע משפּחה־קוריאָזן. עס האָט זיך אָבער געפילט אַן אָנגעשטרענגטקייט, אַ ניט־היימישקייט אין אונדזערע רייד. מאַשע האָט ניט געקענט פאַרשטיין וואָס דאָ קומט פאָר. שוין מער ווי אַ יאָר איז יונה ניט געווען ביי אונדז. עס זיינען דורך אַזעלכע אָנגעשטרענגטע 20 מינוטן און יונה ווערבאַ האָט זיך אויפגעהויבן און געזאָגט:

— זייט געזונט. אַ גרויסן דאַנק. איך האָב שטאַרק הנאה געהאַט, מאַשינקאַ, פון דיינע אויסגעצייכנטע לאַטקעס. איך באַדויער, וואָס איך מוז אייך פאַרלאָזן. איך אייל צו דער אַרבעט. איך אַרבעט דאָך ביז שפּעט אין דער נאַכט. אַגב, אַהרון, פאַרגעס אונדזער היציקן שמועס. מיר האָבן ביידע אָנגערעדט אַ סך נאַרישקייטן. לאָמיר עס ביידע פאַרגעסן.

— נו, און דער מענטש מיט דער ציַיטונג? ער האָט דאָך באַשטימט אָפּגע־דרוקט אין זיין זכרון יעדן וואָרט פון אונדזער שמועס. דו האָסט דאָך אים צוליב דעם איינגעלאַדן.

— יענער מענטש איז טאַקע געווען פון דאָרטן. אָבער ער איז מיינער אַ גוטער חבר. ער האָט מיר פאַרזיכערט אַז ער האָט גאָרניט געהערט. איך גלייב אים.

— זאָג מיר, יונה, צוליב וואָס האָסטו באַדאַרפט דעם שמועס „פּאָ דושאַם”?

— וואַכזאַמקייט, באָלשעוויסטישע וואַכזאַמקייט. איך, אין מיין לאַגע, מוז גיין אין שפּאַן מיט דער צייט...

דאָס איז געווען מיין לעצטע באַגעגעניש מיט ווערבאַן. מיט 12 יאָר שפּע־טער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די באָלשעוויסטישע וואַכזאַמקייט האָט אים ניט געהאָלפן. אין צוויי מיט אַ האַלב יאָר נאָך דעם שמועס — אין האַרבסט 1937 — האָט מען ווערבאַן אַרעסטירט און אין זעלבן יאָר געשאָסן. מען האָט אים באַ־שולדיקט אין טראָצקיזם און אין שפּיאָנאַזש לטובת דייטשלאַנד...

# 2
# זיי זײַנען געקומען

דער עפּיזאָד מיט דעם פינף־יאָר־פּלאַן און דער שמועס מיט ווערבאַן זײַנען פֿאָרגעקומען סוף פֿעברואַר 1935. דריי חדשים האָט שוין געבושעוועט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד אַ ווילדע כוואַליע פֿון מאַסן־טעראָר. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 1טן דעצעמבער 1934, אין יענעם ווינטערדיקן פֿרימאָרגן איז דער קאָמוניסט ניקאָלאַיעוו אַריין אין קאַבינעט פֿון קיראָוו און אַרײַנגעשאָסן אין זײַן האַרץ פֿינף רעוואָלווער־קוילן...

סערגיי מיראָנאָוויטש קיראָוו איז געווען דער ערשטער סעקרעטאַר פֿון דער לענינגראַדער קאָמוניסטישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, אַ מיטגליד פֿון פּאָליט־ביוראָ פֿון דער קאָמפּאַרטיי אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, דער נאָענטסטער מיטאַרבעטער און פֿרײַנד פֿון סטאַלינען. דער שאָס פֿון 1טן דעצעמבער 1934 האָט געדינט ווי אַ סיגנאַל אָנצוהויבן די גוואַלטיקע טעראָר־אַקציע.

דאַן האָט מען, פֿאַרשטייט זיך, אין אַלע קאָמוניקאַציע־מיטלען — ראַדיאָ, פּרעסע, אויף אומצאָליקע מאַסן־פֿאַרזאַמלונגען און מיטינגען — געטראָמייטערט, אַז דעם טעראָר־אַקט האָט אָרגאַניזירט דער אַלוועלטלעכער אימפּעריאַליזם דורך די טייוולאָנישע הענט פֿון זײַנע טראָצקיסטישע אַגענטן. די פֿאָלקס־מאַסן האָבן ניט געוווּסט דעם אמת, אָבער זיי האָבן שטאַרק געצווייפֿלט אין די אַלע רוישיקע פּראָפּאַגאַנדע־דערקלערונגען. אין צוויי צענדליק יאָר אַרום האָט דער „ליבעראַ־לער" הערשער פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד ניקיטאַ כרושטשאָוו אַנטפּלעקט דעם אמת — דער אַטענטאַט אויף קיראָוון איז געווען אָרגאַניזירט דורך סטאַלינען...

אָבער דאַן? דאָס לאַנד איז געווען אויפֿגעטרייסלט. וואַכזאַמקייט! אין יע־דער ווינקל דאַרף מען זוכן פֿײַנד. פֿײַנד פֿון דער רעוואָלוציע. און די פֿײַנד דאַרף מען געפֿינען און פֿאַרניכטן. דער גרויסער „הומאַניסט" מאַקסים גאָרקי האָט פּראָקלאַמירט אַז אויב דער פֿײַנד גיט זיך ניט אונטער — דאַרף מען אים פֿאַרניכטן! אויף דעם איינעם שאָס אין האַרץ פֿון דער רעוואָלוציע וועט מען ענטפֿערן מיט טויזנטער שאָסן אין האַרץ פֿון דער קאָנטער־רעוואָלוציע! וואַכ־

זאַמקייט! דאָס באַדייט — בעסער שיסן 100 ניט שולדיקע איידער לאָזן לעבן איין שולדיקן! מען האָט באַגרינדעט די „טעאָריע" מיטן ווערטל, אַז מען האַקט וואַלד פליען שפענער. דאָס הייסט, אַז מען אַרעסטירט פאַרברעכערס מוזן אומ־פאַרמיידלעך אַרעסטירט ווערן אויך אומשולדיקע...

אין לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַקציע פון מאַסן־אַרעסטן. פאַרשטייט זיך, אַז אין דער ערשטער ריי האָט מען אַרעסטירט יענע אַלע וועלכע זיינען געווען אין די „שוואַרצע צעטלען" פון דער טשעקאַ־גע.פּע.או.־נקוו"ד, ד"ה יענע, וועלכע האָבן ווען ניט איז געהאַט אַ וועלכע ניט איז דירעקטע אָדער אומדי־רעקטע שייכות צו וועלכע ניט איז פּאָליטישע פּאַרטייען אָדער שטרעמונגען (טראָצקיסטן, בוכאַרינצעס, רעכטע און לינקע „אָפּנייגערס", סאָציאַל־דעמאָקראַטן, עסערן, ציוניסטן, בונדאָווצעס אאַז"וו). אָבער די אַקציע האָט זיך גאָר גיך פאַר־וואַנדלט אין אַ קאָלאָסאַלער מגיפה. מען האָט אַרעסטירט פאַרשיידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג אין אַלע שטעט, שטעטלעך, דערפער און ישובים פון דער גרויסער מדינה. מען האָט אַרעסטירט מענער און פרויען; זקנים און גאָר יונגע; אַרבעטערס און פויערים; אָנגעשטעלטע און אינזשינערן; שרייבערס און פּאָעטן; דאָקטוירים און אַרטיסטן; סאָלדאַטן און גענעראַלן; סטודענטן און פּראָפעסאָרן... אויף זייער לשון האָט עס געהייסן, אַז מען אַרעסטירט טעראָריסטן און דיווערסאַנטן; שפּיאָנען און שעדיקערס; קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַ־טאָרן און פּראָפּאַגאַנדיסטן... מען האָט אַרעסטירט מיליאָנען מענטשן.

די אויפגאַבע פון דער שוידערלעכער אַקציע איז באַשטאַנען ניט אין אי־זאָלירן אַ גוואַלדיקע צאָל מענטשן פון דער באַפעלקערונג, וועלכע זיינען לויט זייער מיינונג שעדלעך, אָדער וועלכע קענען זיין שעדלעך פאַר דער מדינה. ניין! זיי האָבן גוט געוווּסט אַז זיי וואַרפן אין די תפיסות אומשולדיקע מענטשן. זיי האָבן, קודם־כל, געשטעלט זיך די אויפגאַבע צו מאָביליזירן קנעכט וועלכע זאָלן אַרבעטן אומזיסט און וועלכע זאָלן אויספילן זייערע גראַנדיעזע פּלענער פון „סאָציאַליסטישער בויונג" (קאָלאָסאַלע קאַנאַלן און הידראָסטאַנציעס; גיגאַנטישע זאַוואָדן און פאַבריקן; באַהערשונג פון נייע אינדוסטריעלע ראַיאָנען אויפן ווייטן מיזרח, ווייטן צפון אאַז"וו).

ניט ווייניק וויכטיקער איז געווען די צווייטע אויפגאַבע — אַריינשפּריצן אין דער גאַנצער באַפעלקערונג דעם סם פון פחד; שאַפן אין דער מדינה אַ פּסיכאָז פון פחד. מענטשן דאַרפן ניט טראַכטן. מענטשן דאַרפן ניט רעדן. מענטשן דאַרפן אויספילן דאָס וואָס מען הייסט זיי. מענטשן דאַרפן זיין ראָבאָטן. פחד! דאָס איז דער וויכטיקסטער פאַקטאָר פון רעאַליזירן זייערע פּלענער. פחד! דאָס איז אַ וויכטיקער עלעמענט אין דער סיסטעם פון דער „סאָוועטישער דעמאָקראַטיע". און מען מוז זאָגן דעם אמת: דער ציל איז דערגרייכט געוואָרן מיט גרויס הצלחה. אויף דער באַפעלקערונג איז אָנגעפאַלן אַן אימה. מען האָט זיך געשראָקן איינער

פאַר דעם אַנדערן. עס זיינען געווען פּילצאָליקע פאַלן, ווען ניט נאָר באַקאַנטע און פריינד, נאָר נאָענטע קרובים פלעגן אויפהערן זיך צו באַגעגענען אויב ביי איינעם פון זיי, אין דער משפחה, האָט מען „גענומען". נאָך מער, עס זיינען געווען ניט זעלטענע פאַלן, ווען קינדער האָבן זיך עפנטלעך אָפּגעזאָגט פון זייערע עלטערן, ווייבער פון מענער, שוועסטער פון ברידער, וועלכע זיינען „צוגענומען" געוואָרן אין דער שרעקלעכער תקופה...

אין מינסק האָט זיך די מגפה פאַרשפּרייט אין באַזונדערס גרויסע מאַסשטאַבן. דאָס איז מסתמא דערפאַר וואָס די שטאָט איז געווען ניט ווייט פון דער פּויליש־ער גרענעץ און די „געפאַר" פון שפּיאָנאַזש, טעראָר, דיווערסיע און אַנדערע שרעקלעכע זאַכן זיינען געווען „וואַרשיינלעכער", לויט דער אייזערנער מאַרק־סיסטישער דיאַלעקטיק, ווי אין אַנדערע שטעט, וועלכע האָבן זיך געפונען אין טיפן רוסלאַנד. און אפשר איז דאָס געווען דערפאַר, וואָס ביי אונדז אין שטאָט האָבן מיר זוכה געווען צו האָבן באַזונדערע, וואַכזאַמערע טשעקיסטן — היטערס פון דער רעוואָלוציע...

יעדן טאָג האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז ביי נאַכט האָט מען עמעצן צוגע־נומען. מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, באַזונדערס אינטערעסירט און געשפּירט וואָס טוט זיך אויף דער „יידישער גאַס". די מינסקער טעגלעכע יידישע צייטונג „אָקטיאַבר" האָט כּמעט יעדן טאָג געדרוקט פּאָגראָם־אַרטיקלען אויף פאַרשיי־דענע אַמאָליקע ציוניסטישע, בונדיסטישע, רעליגיעזע און סתם „נאַציאָנאַליס־טישע" יידישע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן „פאַרמאַסקירט" זייער פאַרגאַנ־גענהייט און זיינען „אַריינגעדרונגען" אין וויכטיקע סאָוועטישע פּאָזיציעס און פאַרנומען זיך מיט קאָנטער־רעוואָלוציע פון אַלע מינים... דאָס האָט באַדייט, אַז די אַלע פּערזענלעכקייטן זיינען שוין אַרעסטירט.

אין פעברואַר האָט מען אַרעסטירט מיינע צוויי יוגנט־חברים — פריִער־דיקע מיטגלידער פון „השומר הצעיר". די לעצטע 10 יאָר האָבן זיי ניט געהאַט קיין שום אָרגאַניזאַציאָנעלער שייכות צו דער ציוניסטישער באַוועגונג און טעטי־קייט. מיין ברודער יענקל, וועלכער איז געווען טעטיק אין דער אומלעגאַלער גרופּע פון „החלוץ" אין מינסק, האָט מיר דערציילט, אַז פאַרן לעצטן חודש האָט מען אַרעסטירט 5 געוועזענע מיטגלידער פון „החלוץ" און דווקא יענע, וועלכע האָבן שוין עטלעכע יאָר ניט אָנטייל גענומען אין דער אומלעגאַלער טעטיקייט. מען האָט אַרעסטירט אין דער שטאָט מאָהילעוו צוויי נאָענטע חברים פון מיין ברודער הירשל וועלכע זיינען אין סוף פון די צוואַנציקער יאָרן געווען אין איינעם מיט מיין ברודער מיטגלידער פון צעירי־ציון. סוף יאַנואַר 1935 האָט מען אַרעסטירט אין מינסק צוויי פריִערדיקע מיטגלידער פון פּועלי־ציון, וועלכע האָבן אויפגעהערט צו זיין מיטגלידער אין דער פּאַרטיי אין יוני 1928, דאָס הייסט, ווען די אַזוי גערופענע לעגאַלע טעטיקייט פון פּועלי־ציון אין ראַטן־

פאַרבאַנד איז אָפיציעל פאַרבאָטן געוואָרן דורך די סאָוועטישע מאַכט־אָרגאַנען. אָבער דווקא אַלע 8 מיטגלידער פון אונדזער אונטערערדישער פועלי־ציון־גרופּע זיינען געווען אויף דער פריי.

אָנהויב מערץ האָבן מיר זיך געטראָפן אויף אַ באַגעגעניש און באַשטימט דערווייל אָפּצושטעלן אונדזערע אָרגאַניזירטע טרעפונגען, אויסצומיידן אַפילו צו־פעליקע באַגעגענישן. אין אַ צייט אַרום וועלן מיר נאָך אַ מאָל באַהאַנדלען די פראַגע. נאָר איין חבר אונדזערער — פורמאַן, אַן אַרבעטער אויף דער מינסקער שיך־פאַבריק — האָט היציק געפאָדערט פאָרצוזעצן אונדזער אַרבעט און פאַר־קערט — צו אַקטיוויזירן די אַרבעט. ער האָט געפאָדערט אַז אַנשטאָט איין מאָל אין צוויי וואָכן, ווי עס איז געווען ביז איצט, זאָל מען זיך צוזאַמענקלייבן איין מאָל אין וואָך. ער האָט אַפילו געפאָדערט צוגרייטן פלוגבלעטלעך אין וועלכע מיר זאָלן פּראָטעסטירן קעגן די מאַסן־אַרעסטן אין לאַנד... ס׳איז עפּעס געווען זייער מאָדנע. פורמאַן איז די גאַנצע צייט געווען זייער אַ פּאַסיווער און קיין מאָל ניט אַרויסגעוויזן אַזאַ „ברען״ אין אונדזער אַרבעט. מיר האָבן אָבער דייטלעך באַשטימט דערווייל איבערצורייסן אונדזער אַרבעט. מיר האָבן אויך געפּרוווט באַהאַנדלען די פראַגע צי ס׳איז צוועקמעסיק צייטווייליק אָפּצופאָרן פון מינסק. מיר זיינען געקומען צום אויספיר, אַז יעדער דאַרף באַזונדער באַשטימען וואָס ער זאָל טאָן.

איך בין געווען איבערגעצייגט אַז פריִער אָדער שפּעטער וועלן זיי קומען צו מיר. איך בין געווען זיכער אַז די רשימה אין וועלכע איך געפין זיך, איז שוין אַרויסגעשלעפּט פון אַרכיוו. עס איז נאָר אַ פראַגע פון צייט. און די צייט איז אָפּהענגיק פון גורל — ווען וועט אין דער גרויזאַמער לאָטעריי אַרויסגעצויגן ווערן מיין בילעט... אָבער וואָס קען מען טאָן? אַוועקפאָרן פון שטאָט? און אין אַן אַנדער שטאָט לעבן האַלב־לעגאַל, ניט אָפּמערקן דעם פּאַספּאָרט אין מיליציע און נישט אָנקומען אויף אַרבעט? איז וויפל צייט קען מען אַזוי לעבן? קיין געלט־רעזערוון האָבן מיר דאָך ניט. היינט אַוועק פון דער אַרבעט — און מאָרגן איז שוין ניטאָ קיין ברויט. און אַוועקגיין פון דער אַרבעט איז דאָך אויך ניט פּשוט. ניט אַזוי גרינג קען מען דאָך פון קאַדרען־אָפּטייל באַקומען דאָס אַרבעט־ביכעלע. און צי מען קען זיך בכלל באַהאַלטן פון נקווי״ד? אָט די אַלע פראַגעס האָבן גע־עקבערט דעם מוח. און קיין קלאָרן ענטפער האָט מען אויף זיי ניט געפונען. און חוץ אַלץ איז דאָך מאַשע שוואַנגער. ווי לאָזט מען זיך מיט איר צוזאַמען לייזן די שווערע פראַגעס?

מיר האָבן באַשטימט צו וואַרטן און פּאַסיוו אויפנעמען אונדזער גורל. מיר האָבן פאָרגעזעצט אונדזער גרוי טאָג־טעגלעך לעבן. איך בין געגאַנגען צו דער אַרבעט. אַגב, קיין מאָסקווע מיט דעם פּראָיעקט פון פינף־יאָר־פּלאַן בין איך ניט געפאָרן. בליומקין האָט געשיקט מיין שטעל־פאַרטרעטער. מען איז געשטאַנען

אין די לאַנגע רייען, כּדי באַקומען די שפּייז־פּראָדוקטן לויט די נאָרמעס. מיר האָבן אויסגעמיטן צו רעדן און טראַכטן וואָס עס דאַרף זיין און וואָס עס וועט זיין. איך האָב געטרוימט וועגן איין־איינציקער זאַך — אפשר וועט מען מאַשען ניט נעמען. זי איז קיין מאָל ניט געווען באַזונדערס אַקטיוו. זי איז בלויז נאָכגעגאַנגען מיר. מיר האָבן זיך געסטאַרעט צו זיין רויִק. די טעג זיינען טאַקע דורכגעגאַנגען פאַרהעלטנישמעסיק רויִק. אָבער די נעכט? די נעכט זיינען געווען שרעקלעך אָנ־געשטרענגטע. מיר האָבן געווינט אויפן ערשטן עטאַזש און די פענצטערס זיינען אַרויס צו דער גרויסער קאַרל־מאַרקס־גאַס. די ביינאַכטיקע שווערע טריט נעבן די פענצטערס, אָדער די טריט אין אונדזער קאָרידאָר פלעגן אַרויסרופן אַ ציטער־ניש. אָבער ס׳איז ניט געווען דער פּחד פון אַרעסטירט ווערן. צו דעם בין איך פּסיכאָלאָגיש מסתּמא געווען גרייט. ס׳איז געווען דער ציטער פון דערוואַרטונג. דאָס וואַרטעניש איז געוואָרן שרעקלעך.

לאַנג איז אָבער ניט אויסגעקומען צו וואַרטן. אין דער פּסח־נאַכט תּרצ״ה — דעם 21סטן אַפּריל 1935 — האָבן די שווערע פרעמדע טריט געפירט צו אונדזער וווינונג. אַרום 2 אַ זייגער ביי נאַכט האָבן מיר דערהערט דעם באַפעלע־רישן קלאַפּ אין טיר. זיי זיינען געקומען. איך בין געווען רויִק. ס׳איז אַפילו געווען אַ געוויסע דערלייכטערונג. מען דערציילט, אַז דער יידישער שרייבער דער נסתּר, ווען ער האָט דערהערט אָט די טריט אויף די טרעפּ צו זיין דירה, האָט אַרויס־געמורמלט: אַ דאַנק דעם אויבערשטן — זיי זיינען שוין געקומען אויך נאָך מיר... איך קען זייער גוט דאָס געפיל. עפּעס ענלעכס צו דעם האָב איך און מסתּמא זייער אַ סך אַנדערע מענטשן, איבערגעלעבט...

2 אַ זייגער ביי נאַכט... אַזוי פירט זיך אין יענעם לאַנד. דער אַרעסט דאַרף פאָרקומען שטיל און רויִק. קיינער פון די אַרומיקע זאָל זיך חלילה ניט דענער־ווירן... עס זיינען געקומען צוויי אַפיצירן פון נקוו״ד מיט דעם דוואָרניק. עס דאַרף זיין אַן עדות, אַז אַלץ איז לויטן געזעץ. און אַלץ איז טאַקע געווען לויטן געזעץ. מען האָט געוויזן אַן אָרדער פון שטאַט־פּראָקוראָר, וועלכער דערלויבט צו מאַכן אַ זוכונג ביי אונדז אין דירה און דערלויבט צו אַרעסטירן מיך מיט מאַשען.

— זי אויך? — האָב איך איבערגעפרעגט.

— יאָ. דאָרט אין אָרדער איז דאָך דייטלעך אָנגעשריבן.

— באַרויִק זיך — האָט געזאָגט מאַשע — מיר וועלן אין איינעם טראָגן אונדזער גורל.

די זוכונג האָט געדויערט ביי 2 שעה. מען האָט פּעדאַנטיש קאָנטראָלירט אַלע ביכער, העפטן, בריוו. זיי האָבן צוגענומען אַלע בענד פון גרעץ — די גע־שיכטע פון יידישן פאָלק, די ווערק פון פּלעכאַנאָוון. קיין איין בוך, אָדער זשור־נאַל, וועלכער האָט „געשמעקט” מיט ציוניזם, אָדער יידישע נאַציאָנאַלע פּראָבלע־מען בכלל, איז ביי אונדז שוין ניט געווען — מיר האָבן זיי באַצייטנס אַרויסגע־

נומען פון אונדזער ביבליאָטעק. (איך פאַרשטיי ניט פאַר וואָס מיר האָבן איבער־געלאָזט גרעצן. מסתּמא האָבן מיר געטראַכט אַז ער איז „אַלט־מאָדיש").

אַלץ איז דורך איידל. איין אָפּיציר איז געווען אַ ייד און האָט זיך דערלויבט פון צייט צו צייט וואַרפן איניקע ווערטער אין יידיש. דערנאָך האָבן זיי געהייסן גיין. איך בין צוגעגאַנגען זיך געזעגענען מיט מאַשעס עלטערן. איר טאַטע האָט געזאָגט מיט כּעס:

— איר האָט זיך דערשפּילט. אייך איז ווייניק געווען וואָס זיי האָבן צוגענומען פון מיר אויף אייביק מיין זון משהן...

— נחום, שיט ניט קיין זאַלץ אויף די ווונדן — האָט געזאָגט מאַשעס מאַמע. גייט, קינדער. זייט מונטער. היינט איז דאָך די פּסחדיקע סדר־נאַכט. וואָס קען מען העלפן. אַנשטאָט אליהו הנביא זיינען זיי געקומען...

עס איז טאַקע געווען אויסטערליש סימבאָליש. יציאת מצרים? עבדים היינו? עס איז דאָך ניט פּינקטלעך: ניט היינו. מיר זיינען דאָך אויך איצט קנעכט. און דער היינטצייטיקער פּרעה מיט די וואָנצעס האָט דאָך איבערגעשטיגן זיין אור־אַלטן קאָלעגע מיט דער מאָדערנער טעכניק פון הערשן איבער קנעכט...

4 אַ זייגער ביי נאַכט זיינען מיר, דריי אַרעסטירטע (איך, מיין ווייב מאַשע און דאָס 4־חדשימדיקע קינד אין איר בויך), אַרויס פון אונדזער דירה און אַוועק צו דער ווייטער אומבאַוווסטער צוקונפט. די שטאָט איז נאָך געשלאָפן. אָבער אין אַ סך דירות זיינען די „טרייע היטערס פון דער רעוואָלוציע" נאָך געווען פאַרנומען מיט זייער אַרבעט. פון דער ווייטנס האָבן זיך געהערט טויבע טריט. מסתּמא האָט מען געפירט נאָך קרבנות. איך בין געגאַנגען מיט מאַשען האַלטנדיק זיך פעסט פאַר די הענט און הינטער אונדז זיינען געגאַנגען די צוויי העפלעכע אָפּיצירן פון נקוו"ד. פון אונדזער דירה, אויף קאַרל־מאַרקס־גאַס, ביז דער געביידע פון נקוו"ד, ראָג וואָלאָדאַרסקע און אוריצקי־גאַס, איז געווען אַ מהלך ניט מער ווי פון 10 מינוט. מיר זיינען געווען רויק. פאַר דער קורצער צייט פון אונדזער „שפּאַציר" האָבן מיר באַוויזן צו טראַכטן וועגן דעם צי אויך אַנדערע חברים פון אונדזער גרופּע זיינען אַרעסטירט און דערביי צו אָפּרעדן זיך אַז מיר זאָלן ניט אונטער־געבן זיך און ניט מודה זיין אין די פאַבריצירטע, אָדער אַפילו ריכטיקע באַשול־דיקונגען...

עס האָבן זיך געעפנט פאַר אונדז די גרויסע, אייזערנע „שערי צדק" פון דער נקוו"ד־געביידע און מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין „אויפנעם־צימער". מען האָט מיך צוגעפירט צו אַ דיזשורנעם אין איין ווינקל פון גרויסן צימער און מאַשען צו אַ דיזשורנעם אין צווייטן ווינקל פון צימער. דער דיזשורנער האָט דורכקאָנ־טראָלירט געגנוי די „סחורה" וועלכע ער באַקומט און באַפוילן אַ סאָלדאַט מיך

אַוועקפירן. איך האָב זיך געלאָזט גיין צו מאַשען, אָבער דער סאָלדאַט האָט מיך פעסט אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און אָפּגעשטעלט.

— דערלויבט מיר צוגיין צו מיין ווייב צו געזעגענען זיך — האָב איך זיך געווענדט צום דיזשורנעם.

— דו האָסט געהאַט גענוג צייט אין דער היים צו געזעגענען זיך מיט איר. דאָ זיינען ניטאָ קיין מענער און ווייבער. דאָ זייט איר צוויי באַזונדערע אַרעס־טירטע און דערצו נאָך באַשולדיקטע לויט אַרטיקל „דיעלאָ". אַזעלכע אַרעסטירטע קענען רעדן צווישן זיך נאָר מיט דער דערלויבעניש פון סלעדאָוואַטעל.

איך האָב אויסגעשריִען:

— מאַשע, זיי געזונט. היט זיך און דאָס קינד. זייַ רויִק און מוטיק. איך קוש דיך...

זי האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר אַ טרייסל געטאָן מיט דער האַנט און געשמייכלט. איך האָב אָבער געפילט אַז דער שמייכל איז אָנגעפילט מיט טרערן...

און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פּילצאָליקע פּראָצעדורן וועלכע אַ נייער אַרעסטאַנט מוז דורכגיין.

קודם־כּל האָט מען צוגענומען ביי מיר דעם האַנטזייגער, די ברילן, דעם פּאַס פון די הויזן און די בענדלעך פון די שיך. מיינע פּראָטעסטן האָבן ניט געהאָלפן. איך האָב געבעטן רחמים מען זאָל כאָטש לאָזן די ברילן, ווייל איך בין זייער שטאַרק קורצזיכטיק און אָן ברילן קריג איך קאָפּדרייעניש. עס האָט גאָרניט גע־האָלפן. אינסטרוקציע!... שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זיי טוען עס צוליב „דערציִעריש־הומאַניסטישע צוועקן". דער זייגער איז אַן איבעריקע לוקסוס־זאַך. דער אַרעסטאַנט דאַרף ניט וויסן קיין צייט. עס איז ניט זיין זאַך צו טראַכטן וועגן צייט. מען זאָגט אים ווען און וואָס צו טאָן. מען רופט אים, ווען זיי דאַרפן רופן. ער עסט און טרינקט ווען זיי גיבן, ער שלאָפט ווען זיי הייסן... דער פּאַס און די בענדלעך פון די שיך דאַרפן ניט זיין ביים אַרעסטאַנט, כּדי ער זאָל, חלילה, זיך ניט הענגען. און די ברילן? מיט די גלעזלעך פון די ברילן קען דער אַרעס־טאַנט אויפשניידן אַ בלוט־אַרטעריע... זיינען זיי דאָך טאַקע הומאַניסטן פון העכסטן קלאַס וועלכע זאָרגן אַז דעם סאָוועטישן אַרעסטאַנט זאָל, חלילה, ניט טרעפן קיין שרעקלעכע זאַכן... מען דאַרף טראַכטן, אַז זיי האָבן געהאַט אַ גרויסן נסיון. עס זיינען מסתּמא געווען אַ סך פאַלן פון זעלבסטמאָרד אָדער פּרווון פון זעלבסט־מאָרד אין זייערע סאָציאַליסטישע תּפיסות...

און דערנאָך כּל מיני „סאַניטאַרע באַאַרבעטונגען", דעזינפעקציע פון די בגדים וכדומה. סוף־כּל־סוף האָט אַ באַגלייטער מיך געפירט צו מיין „וווינונג". ער איז געגאַנגען הינטער מיר מיט אַ רעוואָלווער, געווענדט צו מיין פּלייצע און קאָמאַנ־דעוועט: רעכטס, לינקס, פּאָרויס, מיט די טרעפּ אַראָפּ; ווידער רעכטס און לינקס איבער לאַנגע קאָרידאָרן און ווידער טרעפּ אַראָפּ; און דערנאָך עפּעס אַ שמאָלער,

אייזערנער לייטער, אַ צוגעפּעסטיקטער צום וואַנט, וועלכער פירט נאָך נידעריקער; און צום סוף אַ גרויסער שטיינערנער קאָרידאָר, אין עק פון וועלכן עס איז געזעסן דער דיזשורנער וועלכער נעמט אויף די נייע אַרעסטאַנטן. ער האָט אַ קוק געטאָן אין פּאַפּירל וואָס ער האָט באַקומען פון מיין באַגלייטער, צוגעפירט מיך צו איינער פון די גרויסע מאַסיווע, אייזערנע טירן אין דער שטיינערנער וואַנט פון קאָרידאָר, אַ קוק געטאָן אין דעם „וואָלטשאָק" (קוקאויגל) פון דער טיר, מיט אַ גוואַלדיקן גרויסן שליסל געעפנט די טיר און דערנאָך פאַרהאַקט זי הינטער מיר. עס איז געווען די קאַמער נומער 12 פון דעם באַוווסטן קעלער פון מינסקער בקוו"ד.

# 3
# אין שפּאַנונג פון וואַרטן

הייסט דאָס, איך בין „צו גאַסט" ביי דער נקוו"ד. און באַשטימט ניט אויף אַ קורצער צייט. זיי פאַרנעמען זיך ניט מיט קלייניקייטן. נקוו"ד. דאָס הייסט „נאַראָדני קאָמיסאַריאַט וונוטרעניך דיעל" (פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר אינערלעכע ענינים). פּשוטע, רויִקע, עכט בירגערלעכע ווערטער. אָבער אָט דער פּשוטער, רויִקער נאָמען רופט אַרויס אַ גרויליקן ציטער ביי יעדן בירגער פון דער גרויסער מדינה.

אין די ערשטע יאָרן פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע האָט מען זיי גערופן „טשעקאַ". בראש איז געשטאַנען דער „לעגענדאַרער" פעליקס דזשער־זשינסקי אָדער, ווי זיי האָבן אים גערופן, „דער אייזערנער פעליקס". אָבער דער אידעיִשער פירער און דער רוח־החיה זייערער איז געווען לענין. דאָס האָט ער „טעאָרעטיש באַגרינדעט", אַז אָן שום רחמנות, „מיט אייזן, פייער און בלוט" דאַרף מען „אָפּהיטן די רעוואָלוציע". און מיטן אייזן, פייער און בלוט איז אַריינגעשריבן געוואָרן אין דער געשיכטע פון דעם אומגליקלעכן רוסלאַנד די אַכזריותדיקע און רוצחישע מעשׂים פון די „היטערס פון דער רעוואָלוציע".

דערנאָך האָט מען דעם נאָמען געביטן. פון דעם נאָמען האָט געראונען בלוט. ער האָט אַרויסגערופן אַ גוואַלדיקע אימה צווישן דער גאַנצער באַפעלקערונג אין לאַנד (און דאָס איז פון זייער שטאַנדפּונקט דווקא געווען גוט...). אָבער עס האָט שוין, ווי עס ווייזט אויס, ניט געפּאַסט פאַר דער וועלט. האָט מען זיי אָנגערופן „גע.פּע.או.". אָבער דער אינהאַלט איז געבליבן דער זעלבער קאָמוניסטישער רוח־הקודש, וועלכן עס האָט אויפגענומען און פאַרפולקאָמט דער „גרויסער סטאַ־לין", האָט באַפליגלט די מעשׂים פון דער „גע.פּע.או.". „סלאַוונע טשעקיסטן" האָבן מיט אייזן, פייער און בלוט ווייטער „אָפּגעהיט די רעוואָלוציע"...

אין מיינע צייטן ווען זיי האָבן מיך „איינגעלאַדן צו זיך צו גאַסט" איז בראש פון די „סלאַוונע טשעקיסטן" געשטאַנען דער „אייזערנער קאָמיסאַר" יעזשאָוו, וועלכער האָט מיט שטעכיקע „יעזשאָווע הענטשקעס" דורכגעפירט די גוואַלדיקע טעראָר־אַקציע נאָך דעם שאָס פון 1טן דעצעמבער 1934...

עס האָט זיך פאַרקלאַפּט די שווערע אײַזערנע טיר פון דער קאַמער נומער 12. עס איז שוין געווען אַרום 7 אַ זייגער אין דער פרי. איך בין געשטאַנען נעבן דער טיר מיט מײַנע שאַרף־קורצזיכטיקע אויגן און אָנגעשטרענגט אַרײַנגעקוקט אין דער טיף פון דער גרויסער פירקאַנטיקער שטיינערנער גרוב. קיין פענצטער האָב איך ניט געזען. אין דער הויך אויפן פּאָטאָלאָק האָט געלויכטן אַ קליין עלעקטריש לעמפּל. איך האָב געזען, ווי אין אַ נעפּל, אַז מענטשן ליגן אויף נאַרעס, וועלכע זײַנען געווען לענגאויס בייביידע זייטן ווענט. איין מענטש האָט האַסטיק געמאָסטן די קאַמער הין און צוריק — פון טיר צו דער אַנדערער זייט. איך בין געשטאַנען אַזוי ווי אַ צעטומלטער און קאַמיש־הילפלאָזער. איך בין געשטאַנען און געהאַלטן מײַנע הויזן, וועלכע האָבן דווקא געוואָלט אַראָפּפאַלן (מיט אַ קורצער צײַט צוריק האָב איך לויט אַ פּראָטעקציע, ווי מען זאָגט אין רוסלאַנד „פּאָ בלאַטו", געקויפט אַ פּאָר הויזן און זיי זײַנען געווען ברייטלעך אויף מיר. אָבער מיטן פּאַסיק זענען זיי געווען בסדר).

— שעם זיך ניט, גיי אַרײַן צו אונדז. וואָס שטייסטו ווי אַ ניט געבעטענער גאַסט ביים טיר — האָב איך דערהערט אַ שטים פון די נאַרעס און די שטים האָט פאָרגעזעצט:

— האָסטו ניט געהערט דאָס שפּריכוואָרט: זיי ניט טרויעריק ווען דו גייסט אַרײַן אין טורמע און פריי זיך ניט ווען דו גייסט אַרויס פון דאָרט?... קום, סינאָק, קום צו מיר. איך בין צוגעגאַנגען צו דער נאַרע. עס איז דאָרט געזעסן אַן אַלטער מאַן מיט אַ לאַנגער באָרד, אַ זקן פון אַ יאָר 70, און בודק געווען זײַנע בגדים, געזוכט לײַז און געקוועטשט זיי.

— נעבן מיר איז דאָ אַן אָרט. ביי נאַכט האָט מען צוגענומען מײַן שכן. ניט אויף אַ דאַפּראָס. אין גאַנצן. מיר ווייסן ניט וווהין. זעץ זיך. דער אַלטיטשקער איז געווען אַ גלח פון אַ ווײַטן ווײַסרוסישן דאָרף. ער האָט די גאַנצע צײַט זיך האַר־ציק באַצויגן צו מיר. אַ מענטש מיט אַ גוטן פאָלקס־הומאָר. ער האָט זיך שפּעטער פאָרגעשטעלט:

— איך בין אַ טעראָריסט. איך הייס „טעראָריסט פּראָקאָפּאָוויטש". איך האָב זיך געקליבן הרגענען אײניקע פירערס פון אונדזער ווײַסרוסלאַנד. איך בין דאָך אַ ספּעציאַליסט אויף דעם. דו זעסט דאָך ווי איך פאַרניכט די לײַז...

מײַן קאַמער איז געווען אַ קעלער פון 8 טריט אין דער ברייט אויף 8 טריט אין דער לענג. אַ פירקאַנטיקע שטיינערנע גרוב, ניט ווייניקער ווי 4 מעטער די הויך. אין איין וואַנט, אין דער הויך ביים סופית, איז געווען אַ קלײנינקער פענצ־טערל מיט געדיכטע קראַטעס. דאָס פענצטערל איז געווען אויף איין פלאַך מיט דעם טראָטואַר פון דער וואָלאָדאַרסקע־גאַס. און ווען אַן אַרעסטאַנט שטעלט זיך אויף דער פּלייצע פון אַ צווייטן אַרעסטאַנט און פאַררייסט דעם קאָפּ אין דער הויך און קוקט אין פענצטערל, זעט ער שטיוול פון אַ סאָלדאַט, וועלכער טרעט

פּאַמעלעך הין און צוריק דאָרט אין דרויסן, אויף דער גאַס. אַלע מאָל שטיוול, הין און צוריק. קיין אַנדערע פּיס האָט מען ניט געקענט זען, ווייל אויף דעם טראָטואַר, נעבן דער געביידע פון דער נקוו״ד, האָט מען ניט דערלויבט צו גיין.

אין מיטן סופיט איז געווען אַ קליין עלעקטריש לעמפּל, אַן אַרומגעוויקלטער מיט דראָט, וואָס האָט געברענט די גאַנצע צייט. אָנצינדן און פאַרלעשן דאָס לעמפּל האָט געקענט נאָר דער שומר אין קאָרידאָר. דאָס לעמפּל איז געווען דער איינציקער מקור פון ליכט אין קאַמער, ווייל דאָס קליינע פענצטערל, דאָרט אין דער הויך, האָט קיין זונענשייַן ניט דורכגעלאָזט. דער „וואָלטשאָק״ — דאָס קוקאויגל אין טיר — איז אַלע מאָל געווען פאַרמאַכט, ווייל נאָר פון יענער זייט האָט דער שומר געקענט עס עפענען און פאַרמאַכן ווען ער האָט געוואָלט. נעבן דער טיר איז געשטאַנען די „פּאַראַשע״ — אַ גרויסע אייזערנע כּלי אין וועלכער די אַרעסטאַנטן האָבן טאָג און נאַכט געטאָן זייערע נאַטירלעכע באַדערפעניש. די פּאַראַשע פלעגט מען אַרויסשלעפּן בלויז צוויי מאָל אין מעת־לעת — 6 אין דער פרי און 10 ביי נאַכט.

ביי די צוויי זייטיקע ווענט זיינען געווען נאַרעס אויף וועלכע די אַרעסטאַנטן זיינען געזעסן, געשלאָפן, געגעסן. מער איז אין קאַמער גאָרניט געווען. ניט קיין טיש, ניט קיין בענקלעך, ניט קיין אַלמערלעך. גאָרניט. אייגנטלעך איז ניט געווען קיין נויט אין זיי. ביכער, זשורנאַלן, פּאַפּיר, בלייפעדערס זיינען געווען פאַרבאָטן. שלאָפן, זיצן און עסן קען מען אויף די נאַרעס. די פּוסטקייט פון קאַמער האָט געהאַט אַ מעלה: מען האָט געקענט „שפּאַצירן״ — גיין הין און צוריק אין דער שטיינערנער גרוב וויפל דאָס האַרץ גלוסט. נאָר שטיל, אָן טומל, דער שומר זאָל ניט הערן. אַזאַ „שפּאַציר״ מיט אַ גיכן טעמפּאָ — באַרויִקט אָפּט די נערוון...

די נאַרעס זיינען געווען אויסגערעכנט אויף 12 מאַן. איך בין געווען דער עלפטער. נאָר די „וואַקאַנסיע״ האָט לאַנג ניט געדויערט. גאָר גיך האָט מען אַריינגעזעצט צו אונדז נאָך 5 מאַן און ס׳איז אויסגעקומען צו ליגן איינער נעבן דעם אַנדערן.

אַלע זיינען געווען „פּאָליטישע״. עס זיינען ניט געווען צווישן אונדז קיין „ביטאָוויקעס״. גנבים, גזלנים, פאַרגוואַלדיקערס, רויבערס רופט מען אַן אין די סאָוועטישע טורמעס מיטן נאָמען „ביטאָוויקי״. דאָס הייסט שטייגערישע פאַרברעכערס. הרגענען אַ מענטשן איז אַ שטייגעריש פאַרברעכן. אַ רוצח איז ניט סאָציאַל געפערלעך פאַר דער געזעלשאַפט. מען דאַרף אים איזאָלירן און איבערדערציען זיין שטייגער, זיין פּסיכאָלאָגיע. „פּאָליטישע״ אָבער זיינען פאַרברעכערס וועלכע זיינען באַזונדער שטאַרק געפערלעך פאַר דער געזעלשאַפט און פאַר דער מדינה ווייל זייער פאַרברעכן איז געווענדט ניט קעגן אַ פּרט, נאָר קעגן דער גאַנצער געזעלשאַפט, קעגן די יסודות פון דער געזעלשאַפט...

אַזאַ קלאַסיפיקאַציע פון די פאַרברעכערס איז געווען נויטיק כּדי צו באַווייזן:

דעם „דערציִערישן" כאַראַקטער פון דעם סאָוועטישן שטראָף־סיסטעם — מען דערציט מיט ערלעכער אַרבעט גנבים און רוצחים און מען מאַכט פון זיי ערלעכע בויערס פון סאָציאַליזם...

דעם אַנטשיידענעם קאַמף מיט די „פיינט פון פאָלק" אין די אינטערעסן פון פאָלק.

פראַקטיש האָט די קלאַסיפיקאַציע באַדייט — צוטרוי צו די „ביטאָוויקעס", פאַרהעלטנישמעסיק בעסערע באַדינגונגען פאַר זיי אין די טורמעס און לאַגערן (פרייהייט פון באַוועגונג, אָפּשיקן און באַקומען בריוו און פעקלעך, באַגעגענישן מיט קרובים, באַנוצן זיך מיט צייטונגען און ביכער אד"גל) און שטרענגערע און ערגערע באַציִונג צו די „פּאָליטישע" אין אַלע געביטן פון אַרעסטאַנטישן לעבן.

אָבער ניט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן וואָס זיינען אַרויסגעדרונגען פון דעם נאָמען „פּאָליטישע", האָט די קלאַסיפיקאַציע געהאַט אויך איר פּאָזיטיווע באַדייטונג: מיר זיינען געווען איזאָלירט פון דער אונטערוועלט.

מיר זענען געווען אַ „משפּחה" פון קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן פון 16 מאָן. קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן פון פאַרשיידענע מינים: טעראָר, שעדיקעריי, שפּיאָנאַזש, דיווערסיע־אַקטן און אַנטי־סאָוועטישע אַגיטאַציע. עס איז געווען ביי אונדז, למשל, אַ 17־יאָריק דאָרפיש ייִנגל, וועלכער איז געווען באַשולדיקט אין געהערן צו דער פּאַרטיי „ס.ר." (אַגב, אין 1919 איז שוין קיין זכר ניט געבליבן פון דער פּאַרטיי). דאָס ייִנגל האָט קיין אַנונג ניט געהאַט וואָס אַזוינס עס איז פּאַרטיי בכלל און וואָס עס באַדייט דער וואָרט „עס.ער". דעם ייִנגלס טאַטע איז געווען אַ „קולאַק" און אין דער צייט פון דער קאָלעקטיוויזאַציע האָט מען אים אַרעסטירט און ער איז „נעלם" געוואָרן. נאָכן מאָרד איבער קיראָוון האָט מען אַרעסטירט דעם ייִנגלס עלטערן ברודער וועלכער איז געווען אַ שמיד אין קאָלכאָז. און עטוואָס שפּעטער האָט מען אַרעסטירט דאָס ייִנגל. זיצט ער שוין 2 חדשים. דער סלעדאָוואַטעל פּאָדערט ער זאָל אונטערשרייבן אַז ער איז געווען אַ מיטגליד אין איינעם מיט זיין עלטערן ברודער און נאָך אַ סך דאָרפישע מענטשן אין אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געווען אָנגעפירט דורך דער ס.ר.־פּאַרטיי. ער ווייס אָבער ניט וואָס דאָס באַדייט. ער האָט דערנאָך, פאַרשטייט זיך, אונטערגעשריבן...

אַלע זיינען מיר געווען אין דער סטאַדיע פון „פריִער אויספאָרשונג". דאָס איז זייער אַן איינפאַכע און פּשוטע סטאַדיע. דער פאָרשער וועלכער פירט די „דיעלאָ" פון דעם „פּאָליטישן" באַשולדיקטן גרייט אַליין צו אַלע מאַטעריאַלן פון דער „באַשולדיקונג". ער גרייט אַפילו צו די פּראָטאָקאָלן פון דער „אויספאָרשונג". אַלץ איז ביי אים פאַרטיק. דער עיקר פון דער „אויספאָרשונג" באַשטייט אין דעם וואָס דער באַשולדיקטער דאַרף אונטערשרייבן דעם פּראָטאָקאָל. דער באַשול־דיקטער דאַרף זיך מודה זיין אין אַלע פאַרברעכנס, אין אַלע מעשים, וועלכע מען אינקרימינירט אים. אַזאַ חתימה אויף דעם פּראָטאָקאָל איז גענוג, כדי צו פאַר־

ענדיקן די „פריִע אויספאָרשונג". לויט די יסודות פון סאָוועטישן קרימינעלן און פּראָצעסועלן קאָדעקס, איז אַזאַ חתימה אַ געצוונגענדיקער עדות־באַווייז, כּדי צו אַרגומענטירן דעם אורטייל...

איז וויפל דויערט די דאָזיקע אויספאָרשונג? דאָס איז אָפּהענגיק פון פאַר־שער און פון באַשולדיקטן. איז דער פאָרשער אַן „ענערגישער" און „פעיִקער" טשעקיסט, וועלכער קען „פּסיכאָלאָגיש" גיך „ווירקן" אויף דעם באַשולדיקטן — איז בסדר, גייט דאָס גאַנץ גיך. און אויב דער באַשולדיקטער איז ניט קיין „עקשן" און פאַרשטייט אַז עס איז אומזיניק זיך צו אָפּזאָגן, ווייל עס וועט אַלץ איינס ניט העלפן — איז אַוודאי גוט, ווערט די אויספאָרשונג גיך פאַרענדיקט.

און ווי באַלד ביי קיינעם אין קאַמער האָט זיך נאָך ניט פאַרענדיקט די פריִע אויספאָרשונג, האָט קיינער ניט באַקומען קיין שפּייז־פּעקלעך און ניט געהאַט קיין באַגעגענישן מיט קרובים. מיר זענען געווען אין פולשטענדיקער איזאָלאַציע פון דער אויסערלעכער וועלט און מען איז געזעסן נאָר אויף קאַזיאָנעם שפּייז. אין יענער תקופה ווען אין לאַנד האָט מען באַקומען שפּייז לויט באַשטימטע נאָרמעס, איז אין די טורמעס געווען גאָר ניט וואַזשנע... 400 גראַם שוואַרצע קאָרן־ברויט, פּייכט ווי ליים, 3 שיסעלעך „באַלאַנדע" (שיטערער סופּ) און 3 מאָל געזאָטענע וואַסער אָן צוקער.

נו, און דער רעזשים — אַ „געוויינלעכער": 6 אין דער פרי "פּאָדיאָם"; 15 מינוט כּדי אַרויסשלעפּן די „פּאַראַשע" און אַ וואַש טאָן דאָס פּנים; 7 אין דער פרי — עסן; 12 ביי טאָג — 15 מינוט שפּאַציר אין דעם אינערלעכן הויף פון נקוו"ד; 2 ביי טאָג — עסן; 7 אין אָוונט — עסן; 10 ביי נאַכט — שלאָפן. מען טאָר ניט אַרומגיין אין קאַמער.

אָבער די נעכט זיינען געווען אומרויִקע. די פאָרשערס „אַרבעטן" מיט זייערע אַרעסטאַנטן נאָר ביי נאַכט. איז שפּעט ביי נאַכט, בדרך כּלל פון 1 ביז 4, עפנט זיך און פאַרמאַכט זיך די גרויסע שווערע אייזערנע טיר — מען רופט צום „דאָפּראָס" און מען קומט צוריק פון דעם „דאָפּראָס"...

איך האָב זיך באַקאַנט מיט אַלע מיינע קאַמער־חברים. מען מיידט אויס צו רעדן געצוי וועגן דעם תוך פון די באַשולדיקונגען און וועגן דעם גאַנג פון די פאָרשונגען. ווי נאָר מען האָט מיך אַריינגעפירט אין קאַמער זיינען אַלע געווען נייגעריק צו וויסן וואָס פאַר אַ סאָרט „קאָנטר־רעוואָלוציאָנער" איך בין. מיין ענטפער איז געווען: איך ווייס ניט.

— באַאומרויִק זיך ניט. זיי וועלן דיר דערציילן. וועסט געצוי וויסן אַלע פּרטים פון דיינע פאַרברעכנס — האָט מען מיך „באַרויִקט"...

און איך האָב אָנגעהויבן וואַרטן. עס איז דאָך געווען וויכטיק צו וויסן, וואָס האָט דאָרט צוגעגרייט מיין פאָרשער. איך האָב געוווּסט אַז פון זייער שטאַנדפּונקט,

פון שטאַנדפונקט פון „סאָוועטישער וואַכזאַמקייט״, פון שטאַנדפונקט פון דער „קאָמוניסטישער דעמאָקראַטיע״ בין איך דאָך טאַקע אַרעסטירט געוואָרן בצדק. מען קען דאָך מיך ניט פאַרגלייכן מיט דעם 17־יאָריקן דאָרפישן יינגל, וועלכער ווייס ניט וואָס אַזוינס עס איז „ס.ר.״. איך ווייס דאָך זייער גוט וואָס אַזוינס עס איז ציוניזם. איך בין געווען זיכער, כמעט ווי איבערצייגט, אַז אַלע מיינע 15 קאַמער־חברים האָבן ניט קיין שום שייכות צו די באַשולדיקונגען, וועלכע מען אינקרימינירט קעגן זיי. זיי האָבן קיין שייכות ניט געהאַט ניט צום טעראָר, ניט צום שפּיאָנאַזש און ניט צו שעדיקעריי. און וואָס שייך אַנטי־סאָוועטישער אַגיטאַציע — איז אפשר האָט ווער ניט איז דערציילט נישט קיין געלונגענעם „פּאָליטישן״ אַנעקדאָט, אָדער אַן אַרבעטער האָט געזאָגט, אַז די נאָרמע איז צו גרויס, האָט מען אים באַשולדיקט אין אַגיטאַציע קעגן די סטאַכאַנאָווישע מעטאָדן פון אַרבעט... אָבער איך? איך בין דאָך טאַקע געווען 12 יאָר אַקטיוו אין דער ציוניסטישער טעטיקייט!...

איך האָב געוואַרט און געווען גרייט צו דער באַגעגעניש מיט מיין פאָרשער. עס זיינען ביי מיר ניט געווען קיין אילוזיעס אַז איך וועל זיך אַרויסדרייען. איך בין געווען זיכער אַז איך בין אַ „היגער״. די פראַגע איז נאָר אויף וויפל צייט? איך בין געווען נאַיִוו און געטראַכט אַז שוין אין ערשטן טאָג פון אַרעסט וועט מען מיך רופן. אָבער עס איז אויסגעקומען גיך זיך אויסצוניכטערן. עס זיינען אַדורך אַ סך טעג און נעכט ביז וואַנען איך האָב זיך באַקאַנט מיט מיין פאָרשער. און עס שלעפּן זיך די טעג און נעכט אויסערגעוויינלעך לאַנגזאַם. עס איז אַ שרעקלעכע אַנסופיקע פּוסטקייט... די מענטשן אין קאַמער זיינען גאַנץ סימפּאַטיש, אָבער עס האָט זיך ניט געשאַפן מיט קיינעם פון זיי קיין גייסטיקע, אָדער אינטעלעקטועלע נאָענטקייט און ס'זענען ניט געווען אויך קיין אמתע, פשוטע פריינדלעכע באַציִונגען. עס האָט מסתמא אויך געווירקט דאָס וואָס יעדערער איז געווען אַבסאָלוט פאַרשלאָסן. קיינער האָט ניט געעפנט זיין האַרץ און דאָס איז געווען געוויס אַ רעזולטאַט פון דער שרעקלעכער צייט. פּ ח ד! דער פחד האָט געהערשט ניט נאָר אין דרויסן, אויף דער פריי, נאָר אויך דאָ, הינטער די קראַטעס — אין דעם פּירקאַנטיקן קעלער־קבר פון נקוו״ד. מען האָט מורא געהאַט צו זאָגן אַן איבעריק וואָרט. צווישן 16 מאַן זענען דאָך געוויס פאַראַן „שמעקערס״. האָט מען מורא איינער פאַר דעם אַנדערן...

ביסטו איינער אַליין מיט זיך. איינער אַליין מיט דיינע געדאַנקען. און זיי יאָגן און יאָגן זיך אָן קיין שום סיסטעם. זכרונות פון עבר מישן זיך צונויף מיט חלומות וועגן דער צוקונפט. עס באַקומט זיך אַ חשבון־הנפש וועגן געוועזענעם, צוזאַמענגעפלאָכטן מיט דעם „מאי קא משמע לן״ וועגן דער צוקונפט.

די צווייטע נאַכט אין קעלער. די נאַכט שלעפּט זיך. ביין, די נאַכט האָט זיך אַזוי ווי אָפּגעשטעלט. עס איז ניטאָ קיין סוף. איך קען ניט איינשלאָפן. איך ליג

אויף דער נאַרע נעבן דעם אַלטן גוטמוטיקן גלח און פּלוצלינג איז מיר אַרויף אויפן זינען דער גלח פון מיין געבורט־שטעטעלע אוזליאַן — דער צורר היהודים. עס איז דער איינציקער גלח וועלכן איך האָב בכלל געקענט אין מיין לעבן — און בלויז אין מיינע קינדער־יאָרן. איך געדענק, אַז מיר, קליינע יידישע יינגלעך, פלעגן מורא האָבן אַפילו אַ קוק טאָן אין זייט פון זיין נחלה, וועלכע האָט זיך געפונען הינטערן שטעטל. דריי גרויסע הינט, ווי די וועלף, פלעגן זיך רייסן פון די קייטן און זיינען גרייט געווען אונדז איינצושלינגען...

מיין קליין שטעטעלע — 30 וויאָרסט פון מינסק. אַ טיפּיש שטעטעלע פון צאַרישן תחום־המושב. אַרום 100 יידישע משפחות. עטלעכע בעלי־מלאָכות און בעלי־עגלות און דאָס רוב קרעמערס און סוחרים פון אַלע מינים. עטלעכע פאַר־העלטנישמעסיקע גבירים און מיטלמעסיקע בעלי־בתים און אַ סך קבצנים... אַ יידיש שטעטעלע וואָס איז געבליבן אָן פּערספּעקטיוו ביים סאָוועטישן רעזשים און איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד אין דער צייט פון דער דייטשישער אינוואַזיע...

וואָסערע זכרונות האָבן זיך אַריינגעשניטן אין מיין זכּרון פון די 9 יאָר לעבן אין שטעטעלע? איך זוך גוטע, שיינע, וואַרעמע דערמאָנונגען און קען ניט געפינען.

האַרבסט פון יאָר 1914. אַ רעגן, אַ בלאָטע. קאָזאַקן אויף פערד רייסן זיך אַריין אין דער „הויפּטגאַס" פון שטעטל און ווי אַ שטורעם פליִען זיי דורך. מען קלייבט זיך צונויף אין שול און מיט געוויין בעט מען גאָט עס זאָל ניט זיין קיין פּאָגראָם... אַזוי האָט זיך איינגעקריצט אין מיין $4\frac{1}{2}$־יאָריקן זכּרון דער אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

עס זיינען געווען שווערע יאָרן — יאָרן פון דחקות און נויט. מען זאָגט אַז דער טאַטע איז אַ מאָל געווען אַ גביר. ער איז געווען אַ סוחר פון וואַלד און פון תבואה. נאָר אין אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער מיט אַ מאָל געוואָרן אַן אָרעמאַן: אויף די פּאַרזייטע פעלדער איז פאַרוויסט געוואָרן דאָס גערעטעניש פון קאָרן, גערשטן און האָבער, וואָס דער טאַטע האָט געהאַט גע־קויפט. מען האָט פאַרקויפט די גרויסע אייגענע שטוב אין שטעטל און איבער־געגאַנגען וווינען אין אַ קליינער, געדונגענער דירה...

איך געדענק ניט דעם חדר מיטן רביז. איך געדענק אָבער אַז איין מאָל — איך האָב שוין געלערנט דעם צווייטן „זמן" — בין איך מיט נאָך אַ יינגל ניט געגאַנגען אין חדר, נאָר פאַרשפּילט זיך, דערלאָפן ביז דעם נאָענטן דאָרף און איבערגעשראָקענע, נאַסע און פאַרשפּריצטע מיט בלאָטע, אומגעקערט זיך אַהיים. מיין מאַמע האָט שוין געוווסט אַז איך בין ניט געווען אין חדר, נאָר זי האָט ניט געשריִען. זי האָט מיר איבערצייגנדיק געזאָגט:

— אַ קליין קינד טאָר זיך ניט שפּילן נעבן דאָרף. שקצים קענען חלילה אָנפאַלן, צעקאַליעטשען און אַפילו הרגענען...

די פעווראַל־רעוואָלוציע פון 1917, וועלכע האָט געמאַכט אַ סוף צום צאַרישן רעזשים אין רוסלאַנד, האָט זיך ביי אונדז אין שטעטל אויסגעדריקט אין דעם וואָס מען האָט אַראָפּגעוואָרפן און צעקלאַפּט דעם שילד מיט דעם צאַרישן אָדלער וועלכער איז געהאַנגען אויף דער איינציקער קאַזיאָנער געביידע — דער פּאָסט...

איך געדענק די ברויזנדיקע חדשים נאָך דער רעוואָלוציע. דאָס שטעטל האָט זיך מסתּמא געפונען אונטער דעם איינפלוס פון דער שטאָט מינסק אין וועלכער ס'איז געווען אַ 50 טויזנטיקער יידישער ישוב. די ציוניסטישע פּאַרטייען האָבן אַנטוויקלט אין מינסק און אין דער גאַנצער געגנט אַ לעבהאַפטע טעטיקייט. מען האָט זיך געגרייט צו די דעמאָקראַטישע וואַלן פון די קהילות, וועלכע האָבן געדאַרפט דינען אַלס גרונט־קערנדלעך פון אַ יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין רוסלאַנד. מען האָט זיך אויך געגרייט צו די וואַלן צום אַלרוסלענדישן יידישן צוזאַמענפאָר, וועלכער האָט באַדאַרפט פאָרמולירן די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פון רוסישן יידנטום ביי דער אַלרוסלענדישער גרינדונג־פאַרזאַמלונג.

אין אונדזער שטעטעלע האָבן זיך געקערט וועלטן. וויפל יידן — אַזוי פיל פּאַרטייען. איך וויים ניט צי מיין טאַטע־מאַמע זיינען געווען ציוניסטן. איך וויים אָבער אַז זיי האָבן געהאַט גרויסן יראת־הכבוד פאַר דאָקטאָר הערצל. איך וויים, אַז מיין טאַטע איז געווען אַן אַקטיווער שקלים־קויפער. ער האָט מסתּמא געקליבן זיך שטימען פאַר דער מזרחי־פּאַרטיי. מיין עלטערער ברודער הירשל (דאַן 18 יאָר אַלט) איז געקומען אַהיים אין שטעטל פון דער לידער ישיבה און האָט געטענהט, אַז מען דאַרף שטימען פאַר די אַלגעמיינע ציוניסטן און מיין שוועסטער אסנה האָט אַגיטירט פאַר דעם „החלוץ״; דער ברודער נח ווידער איז געווען פאַר דער פּאַרטיי צעירי־ציון. איך געדענק, אַז איך — דאַן אַ $7\frac{1}{2}$־יאָריקער יינגל — האָב זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דעם פּאַרטייאישן קאַמף. איך בין, פאַרשטייט זיך, געווען פאַר צעירי־ציון — צוליב אַ פּשוטן אַרגומענט: צעירי־ציון באַדייט יונגע ציוניסטן און איך בין דאָך אַ יונגער... די אַטמאָספער האָב איך געפילט אויך ביי דעם פעטער אַרקע אין שטוב און אין אַלע משפחות מיט וועלכע מיר זיינען געווען נאָענט.

אין מיין קינדערישן זכרון האָט זיך איינגעקריצט די ברויזנדיקע תקופה — אַ תקופה, אָנגעזאַפּט מיט גרויסער יידישער האָפענונג און מיט דעם באַגריף ציוניזם. די פּראָבלעמען פון יידיש נויט און יידישער האָפענונג, וועלכע זיינען נאַטירלעך פאַרבונדן געוואָרן מיט דעם באַגריף ציוניזם, האָבן פון קינדווייז אָן אָרגאַניש זיך איינגעוואָרצלט אין מיין האַרץ און אין מיין נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין.

עטוואָס שפּעטער — אין יאָר 1918 — האָט געטראָפן אַ גרויסער אומגליק: באַנדיטן האָבן דערהרגעט דעם טאַטן. ער איז געפאָרן אין איינעם מיטן 16־יאָריקן

זון, נח, פונעם נאָענטן ישוב אַזעריטש אַהיים אין שטעטל. אין וואָגן האָט ער געהאַט ניט מער ווי איין זאַק מעל, געקויפט ביים מילנער אין אַזעריטש. ווייט פון שטעטל האָט אַ גוי אָפּגעשטעלט די פור און געהרגעט דעם טאַטן. ער האָט מסתמא געוואָלט ראַבעווען און ווי באַלד עס איז ניט געווען וואָס צו ראַבעווען, האָט ער פון גרויס אַנטוישונג געהרגעט דעם טאַטן...

נחן האָט דער באַנדיט געזאָגט:

— פיר דעם זשידאָק אַהיים אין שטעטל...

דער 16־יאָריקער נח האָט אַהיים געבראַכט דעם טויטן טאַטן און אין עלטער פון 17 יאָר איז ער געוואָרן איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן און אָנפירערס פון דער זעלבסטשוץ אין שטעטל. עס איז געווען די עפּאָכע פון בירגערקריג אין רוסלאַנד וואָס איז באַגלייט געווען מיט אַ גרויסער צאָל פּאָגראָמען אויף יידן. אין 1918 איז די הויפּט־אַרענע פון די יידישע פּאָגראָמען געווען אוקראַיִנע. און עטוואָס שפּעטער האָט די פּאָגראָמען־כוואַליע אַרומגעכאַפּט אויך ווייסרוסלאַנד. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן פריִער מיט איינצלנע באַנדיטישע אָנפאַלן אויף די וועגן און אין די וועלדער און אויך אָנפאַלן אויף באַזונדערע שטעטלעך. אונדזער שטעטל איז געווען אין שטענדיקן פּחד און די זעלבסטשוץ האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין יענעם פּעריאָד. נח איז אויך געוואָרן אַן אַקטיווער ציוניסט. איך האָב גע־ווּוסט אַז ער איז זייער אַקטיוו אין דער מאָסקווער אָרגאַניזאַציע „החלוץ”. אויך מיין ברודער יענקל איז געווען זייער אַקטיוו אין דער מינסקער אָרגאַניזאַציע „החלוץ”. און מיינע מחשבות האָבן זיך צעפּלאָנטערט, מיינע זכרונות האָבן זיך איבערגעריסן. און עס האָט אָנגעהויבן עקבערן די פראַגע: וואָס איז מיט נחן? און וואָס איז מיט יענקלען? אויך אונדזער עלטערער ברודער הירשל איז אין די צוואַנציקער יאָרן געווען אַן אַקטיווער „אַלגעמיינער ציוניסט”. איך האָב געוווּסט אַז די לעצטע 6־5 יאָר איז ער אָרגאַניזאַציאָנעל ניט פאַרבונדן מיט דער ציוניס־טישער טעטיקייט. אָבער האָט עס אַ באַדייטונג? מיין שוועסטער שפרה איז געווען אין „צעירי ציון” און מיין שוועסטער בתיה איז געווען אין יוגנט־פּועלי־ציון. אויך זיי ביידע זיינען די לעצטע יאָרן ניט טעטיק. זיי האָבן אַפילו אַ ביסל „פאַר־בעסערט” זייער „יחוס” — ביידע חתונה געהאַט פאַר מענער, מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וועלכע פאַרנעמען פאַרהעלטנישמעסיק פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס.

אָבער ווידער די זעלבע פראַגע: האָט עס אַ באַדייטונג? איז וואָס זשע טוט זיך מיט די אַלע פון מיין משפחה? זיינען זיי אין דער היים? אָדער אין אַזעלכע קעלערס ווי איך? איך האָב פאַרשטייט זיך קיין ענטפער ניט געקענט קריגן. איך בין געווען אין פולשטענדיקער איזאָלאַציע און זייער אַ לאַנגע צייט האָב איך וועגן זיי גאָרניט געוווּסט. ערשט אין אַ סך יאָרן אַרום האָב איך זיך דערוווּסט וועגן דער טראַגעדיע פון מיין משפחה. נאָר וועגן דעם שפּעטער.

איך האָב אָבער געדאַנקט גאָט, וואָס כאָטש אונדזער עלטערע שוועסטער אסנה האָט מיט 10 יאָר צוריק זוכה געווען אַוועקצופאָרן קיין ארץ־ישׂראל.

עס האָט אַ דונער געטאָן די טיר פון קאָמער. דאָס האָט מען געבראַכט צו פירן פון אַ דאָפּראָס אַ „טראָצקיסט" — אַן אינזשינער פון דער מינסקער עלעק־טראָ־סטאַנציע. עס איז געווען אַרום 5 אַ זייגער פאַר טאָג. כמעט אַלע אין קאָמער האָבן זיך אויפגעהויבן כּדי הערן די אינפאָרמאַציע וועגן דאָפּראָס, אויב ער וועט וועלן דערציילן. דער „טראָצקיסט" איז געווען אַן אויפגערודערטער און אויסגעזען ווי אַ שיכּורלעכער. ווי אַ געשלאָגענער הונט האָט ער שטילערהייט פאַרנומען זיין אָרט אויף די נאַרעס און ווען מען האָט עטלעכע מאָל אים געבעטן דערציילן ווי אַזוי דער דאָפּראָס איז אַדורך, האָט ער געזאָגט:

— איך האָב אַלץ אונטערגעשריבן. אַ סוף. איך בין פּטור געוואָרן. מער וועט מען שוין מיך ניט שלעפּן.

— וואָס האָסטו אונטערגעשריבן?

— איך האָב זיך מודה געווען אַז איך בין געווען אַ מיטגליד פון אַ טראָצקיס־טישער גרופּע, וועלכע האָט געהאַט צוויי צילן — אויפצורייסן די עלעקטראָ־סטאַנציע און צוגרייטן טעראָריסטישע אַקטן קעגן אייניקע פירערס פון דער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי אין ווייסרוסלאַנד. איך פּערזענלעך בין געווען פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר דער אַקציע פון אויפרייסן די עלעקטראָ־סטאַנציע...

— ווען האָסטו באַדאַרפט אויספילן די אַרבעט?

— וועגן דעם איז אין פּראָטאָקאָל ניט געזאָגט געוואָרן.

— דאָס איז אַלץ?

— ניין. איך האָב אויך אונטערגעשריבן אַ רשימה פון די מיטגלידער פון דער טראָצקיסטישער גרופּע. אַרום 18 מאַן. איך קען פון זיי ניט מער ווי 5־6 מאַן. אין דער רשימה איז אויך פאַראַן דער דירעקטאָר און דער הויפּט־אינזשינער פון דער עלעקטראָ־סטאַנציע. מסתּמא האָט מען זיי שוין גענומען.

— צוליב וואָס האָסטו עס געטאָן? ס'איז דאָך אַלץ ליגן.

— געוויס איז דאָס אַ ליגן. עס איז ניט געשטויגן און ניט געפלויגן. אָבער עס האָט געטראָפן אַ מאָדנע זאַך. די גאַנצע צייט האָב איך זיך דווקא געהאַלטן פעסט און דאָס מאָל האָבן זיי מיך איבערגעכיטרעוועט.

— וואָס האָבן זיי געטאָן מיט דיר?

האָט ער מיט אַ נעבעכדיקן שמייכל פאַרגעזעצט:

— די זאַך איז געווען אַזוי. זיי האָבן זיך דערוווּסט אַז איך האָב אַ גרויסע שוואַכקייט: איך האָב ליב פּרויען און בראָנפן. היינט ביי נאַכט, ווען מען האָט מיך געבראַכט צו דעם דאָפּראָס, האָט מיך דער סלעדאָוואַטעל באַגעגנט זייער

גוטמוטיק און העפלעך, פאַרגעלייגט אַ גוטן פּאַפּיראָס, געוויצלט זיך מיט מיר. אַ ביסל שפּעטער זײַנען אַרײַן אין צימער צוויי פרויען, זייער שיינע, האַלב נאַקעטע. דער סליעדאָוואַטעל האָט זיי אײַנגעלאַדן צום טיש. און דערנאָך האָט ער פלוצלינג באַקומען אַ רוף אין טעלעפאָן און זאָגנדיק אַז ער מוז אַרויסגיין אויף עטלעכע מינוט, איבערגעלאָזט מיך מיט די פרויען אין צימער. די פרויען האָבן אָנגעהויבן קאָקעטירן מיט מיר און איינע איז אַרויס און אומגעקערט זיך מיט אַ פלעשל בראָנפן, מיט אַ פלעשל קאָניאַק און זייער גוטע פאַרבייסנס. און מיר האָבן אָנגעהויבן הוליען. איך בין שוין געוועזן האַלב־שיכּור און געצויגן זיך צו איין פרוי. זי האָט שפּילנדיק די ראָל ווי אָט־אָט גיט זי זיך מיר אָפּ, מיר פלוצלינג געזאָגט:

— ביסט זייער אַ פײַנער און סימפּאַטישער מאַן. האָסט מיך ליב? יאָ? איז שרייב מיר עס אָן. נײַן, איך האָב שוין אָנגעגרייט אַ ליבע־בריוו. דו שרייב נאָר אונטער...

דער קאָפּ האָט זיך מיר געדרייט. איך האָב זייער געגלוסט צו איר.

— גוט, זאָג איך, גיב דײַן פּאַפּירל, וועל איך אונטערשרייבן. זי האָט געגעבן אַ פּאַפּיר און געוויזן מיט דעם פינגער ווו אונטערצושרייבן.

— אָבער לאָמיר פריִער אויסטרינקען נאָך אַ מאָל לחיים — האָב איך געזאָגט. איך האָב אויסגעטרונקען נאָך אַ גלאָז קאָניאַק, אונטערגעשריבן דאָס פּאַפּיר און זי אַרומגעכאַפּט און צוגעדריקט צו זיך. דאָ האָט זי זיך האַסטיק אויסגעדרייט און מיך אָפּגעשטופּט. דערנאָך זײַנען זיי ביידע צוגעגאַנגען צו מיר, אָנגעשפּיגן מיר אין פּנים, אויסגעזידלט מיט זאַפטיקע זידל־ווערטער און זײַנען אַרויס פון צימער...

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אָנגעהויבן כליפּען:

— וואָס האָב איך אָפּגעטאָן? ווי אַזוי האָב איך ניט פאַרשטאַנען, אַז דאָס זײַנען קורוועס? גאָט מײַנער, וואָס האָב איך געטאָן?

— נו, און וואָס איז ווייטער געווען?

— עס איז תּיכּף אַרײַן דער סליעדאָוואַטעל, האָט מיר געדאַנקט פאַר מײַן קלוגער אויפפירונג און מיך אָפּגעשיקט אין קאַמער...

ער איז געזעסן אויף די נאַרעס אַ צעבראָכענער, אַ דערנידעריקטער, אַ שול־דיקער און אָפּגעשמיסענער. אַלע האָבן געשוויגן. בלויז דער גלח האָט עפּעס גע־מורמלט צו זיך...

עס איז אַדורך נאָך אַ טאָג און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע נאַכט. וועט מען שוין הײַנט מיך אַרויסרופן? און עס ווילט זיך שוין שטאַרק מען זאָל אַרויס־רופן אַהין אויף דעם דריטן, פערטן, אָדער פינפטן עטאַזש, צו דעם דאָפּראָס, כּאילו דאָרט וועט ווערן גרינגער. עס דריקט שטאַרק די שווערע נאַכט, ווען אין

דער טויטער שטילקייט ביסטו אין גאַנצן מיט זיך אַליין און דו ווייסט ניט אויף וועלכער וועלט דו געפינסט זיך.

איך האָב פאַרגעזעצט מיין חשבון־הנפש. איך בין אין שטעטעלע. אָט איז די לוויה פון מיין טאַטן, וועלכער איז טראַגיש אומגעקומען אין עלטער פון 48 יאָר. איך געדענק אים כמעט ניט. עפּעס קליינלעכע עפּיזאָדן זיינען פאַרבליבן אין זיכּרון. איך לויף נאָך אים נאָך, ווען ער איז בודק חמץ ערב פּסח און ער איז צופרידן וואָס ער האָט געפונען עטלעכע ברעקלעך ברויט וועלכע ער האָט פריִער אַליין אַוועקגעלייגט אין באַשטימטע ערטער... ער טוט אָן דעם לאַנגן ווייסן קיטל און דעם טלית און בענטשט אַלע קינדער און מען גייט אַוועק צו כּל־נדרי. און אין דער פרי קום איך צו לויפן אין דעם חסידישן שטיבל און איך שטיי נעבן טאַטן און מיט אַ מאָל נעמט ער אונדז — זיינע קליינע קינדער — אונטער זיין טלית — מען טאָר ניט אַרויסקוקן פון דאָרט... ער איז געווען אַ הייסער קוידאַ־נאָווער חסיד, מיין טאַטע. מען זאָגט אַז מיין נאָמען איז נאָך איינעם פון דער קוידאַנאָווער דינאַסטיע...

דער טאַטע איז ניט געווען קיין למדן, נאָר ער האָט שרעקלעך געוואָלט, אַז זיינע קינדער זאָלן זיין געלערנטע, אַז יעדערער זאָל האָבן אַ בכּבודיקע פּראָפעסיע, ער זאָל דערגיין צו אַ גוטן תּכלית אין לעבן. מסתּמא האָט ער ניט שטאַרק גע־שאַצט זיין אייגענע פּראָפעסיע.

טאַטע, ליבער טאַטע, פאַר וואָס ביסטו טאַקע געווען אַ סוחר און דערצו נאָך אַ וואַזשנער וואַלד־סוחר און אַ תּבואה־סוחר? האָסטו ניט געקענט זיין אַ פּראָלע־טאַריער? ניט קיין שניידער, אָדער שוסטער, וועלכער אַרבעט אַליין און האָט נאָך דערצו ביי זיך אַ לערן־ייִנגל? ניין! דאָס איז דאָך אויך אַ קליינבירגערלעכער עלעמענט. האָסט ניט געקענט פאַרשטיין אַז דו האָסט איבערגעלאָזט דיינע קינדער אַ שלעכטע, אַ פרעמדע, אַ פיינטלעכע „סאָציאַלע אָפּשטאַמונג"? ווען די רוצחישע גויִישע קויל האָט דורכגעשניטן דיין האַרץ האָבן דיינע ליפּן מסתּמא אויסגע־שעפּטשעט „שמע ישׂראל..." דו האָסט געוואָלט ברענגען אַ זעקל מעל אַהיים אַז די מאַמע זאָל אויסבאַקן ברויט פאַר די קינדער אין יענעם ווילדן צעבושעוועטן יאָר...

ליבער טאַטע, תּהא נשמתך צרורה בצרור החיים!...

„סאָציאַלע אָפּשטאַמונג"! גאָט מיינער, וויפל צרות האָט עס געבראַכט אין אונדזער משפּחה. אין יעדער אַנקעטע דאַרף מען ענטפערן אויף דער פראַגע „סאָציאַלע אָפּשטאַמונג". איז וואָס שרייבן? שרייבן דעם אמת? וואַלד־סוחר? וועט מען דאָך באַשטימט ניט צונעמען אין הויכשול און ניט אין אַ טעכניקום און אַפילו ניט אין צווייטן קאָנצענטער פון דער מיטלשול. אין די צוואַנציקער און

דרייסיקער יאָרן איז דאָך געווען אַ קאַלאָסאַלע פּראָבלעם פאַר הונדערט טויזנטער ייִדן — „בורשוּאַזע" און „קליינבירגערלעכע" עלעמענטן, וועלכע האָבן אין איינעם מיט זייערע משפּחות געציילט דאָן צוויי דריטל פון דער ייִדישער באַפעל־קערונג אין רוסלאַנד און זיינען געבליבן אָן מקורות פון פּרנסה. עס זיינען געווען גרויסע מאַסן ייִדישע „לישענצעס" וועלכע מען האָט געיאָגט און געפּלאָגט און וועמענס קינדער מען האָט ניט אָנגענומען אין די לערן־אַנשטאַלטן, אַלס סאָציאַל־פרעמדע עלעמענטן...

האָט מען אין דער משפּחה באַשטימט אַז מען מוז אַ ביסל אָפּנאַרן די סאָציאַ־ליסטישע מדינה. מען האָט געענטפערט אויף דער פראַגע „סאָציאַלע אָפּשטאַמונג" מיט דעם וואָרט „קאַראָבייניק". דאָס הייסט זייער קליינער הענדלער וועלכער גייט איבער די דערפער און פאַרקויפט דאָרט קנעפּלעך, נאָדלען, צאַצקעס... דאָס איז אויך פאַרבונדן מיט האַנדל — איז אַ שטיקל אמת דאָך פאַראַן אין דעם ענטפער, אָבער מען האָט דערמיט פאַרבאָרגן דעם בורזשואַזן קלאַסן־כאַראַקטער וואָס איז פיינטלעך דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור...

דער ערשטער האָט געליטן אונדזער עלטערער ברודער הירשל וועלכער האָט זיך געלערנט אויף דעם מאַטעמאַטישן פאַקולטעט פון מינסקער אוניווערסיטעט. מען האָט דאָרט אויפגעדעקט דעם פאַרברעכן (איינער אַ שטעטלשער קאָמסאָמאָ־ליעץ האָט געמסרט) און אים אַרויסגעוואָרפן פון אוניווערסיטעט. אין אַ יאָר אַרום האָט זיך אים איינגעגעבן אַנצוקומען אויף דעם אונטער־אויג־פאַקולטעט פון פּעדאַ־גאָגישן אינסטיטוט און ענדיקן.

דערנאָך האָט מען געפּירט אַן אויספאָרשונג ביי מיין שוועסטער סאָניע. זי האָט אָנגעשריבן אין דער אַנקעטע ניט „קאַראָבייניק", נאָר „קליינער הענדלער". און זי האָט מען אויך אַרויסגעוואָרפן שוין פון ערשטן קורס אין אוניווערסיטעט. שפּעטער איז זי אָנגעקומען און געענדיקט דעם ייִדישן פּעדטעכניקום, אָבער די גאַנצע צייט געטרייסלט זיך — טאָמער וועט עמעצער ווידער זי מסרן.

ווען איך האָב אָנגעגעבן די מעלדונג אין כאַרקאָווער אינזשיניער־עקאָנאָמישן אינסטיטוט, האָב איך אויף דער פראַגע „סאָציאַלע אָפּשטאַמונג" געענטפערט: דעם טאַטן האָבן געהרגעט פּוילישע באַנדיטן אין יאָר 1918... עס איז ניט געווען קיין ענטפער אויף דער קאָנקרעטער פראַגע. נאָר מען האָט עס, ווי עס ווייזט אויס, אַראָפּגעשלונגען דורכן ביוראָקראַטישן אַפּאַראַט...

אין אַ יאָר אַרום נאָכן טראַגישן טויט פון אונדזער טאַטן איז געשטאָרבן די מאַמע. זי איז געווען אַלט 45 יאָר. אַ קראַנקע האָט מען זי געפּירט ווינטער אויף אַ שליטן 30 וויאָרסט פון שטעטל קיין מינסק, און דאָרט, אין ייִדישן שפּיטאָל, איז זי געשטאָרבן פון אַ לונגען־אָנצינדונג.

איך בין שוין אַלט געווען 9 יאָר. האָב איך שוין געקענט זאָגן: „מיר איז גוט — איך בין אַ יתום..." ווען אַ ייִנגל פלעגט אָנהייבן טשעפּען זיך צו מיר

און מיר פלעגן אָנהייבן רייסן זיך, האָבן ווייבער געשריִען: „לאָז אים אָפּ, ער איז דאָך, נעבעך, יוסף ראַזינס און מיכלעס. ער איז דאָך אַ יתום...

די טראַגעדיע אין אונדזער משפחה, דעם טאַטנס טראַגישער טויט האָט באַשטימט אַריינגעוואָרפן נאָך אַ שטיינדל אין יסוד פון מיין נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוווסטזיין און ציוניסטישער אידעאָלאָגיע.

אונדזער גרויסע משפחה (9 ברידער און שוועסטער — דער עלטסטער 20 יאָר און דער יִנגסטער 5 יאָר), ניט האָבנדיק קיין שום באָדן אונטער זיך, איז אַריינגעטראָטן אין שווערן קאַמף פאַר עקזיסטענץ. אין דעם שטעטעלע אוזליאַן זיינען ניט געווען קיין פערספעקטיוון צו בויען אונדזער לעבן און מיר זיינען אַריבערגעפאָרן אין דער גרויסער שטאָט מינסק.

עס זיינען שוין דורך 6 טעג און נעכט און מען רופט מיך ניט צום אויספאָרשער. איך דענערווויר זיך און מיין שכן — דער גלח — באַרויִקט מיך. ביי זיי איז אַזאַ סיסטעם. זיי האַלטן אַ געוויסע צייט אַז די מענטשן זאָלן זיך טאַקע דענערווירן. עס איז אויך אָפּהענגיק פון דעם פאָרשער. איינער רופט פריִער און אַ צווייטער — שפּעטער. דו זײַ רויִק — זיי איז אויף צו להכעיס...

מען האָט צוגענומען פון אונדזער קאַמער דעם „ליבהאָבער פון פרויען און בראָנפן" און דעם 17־יאָריקן „ס.ר.". מסתמא האָט מען זיי אַריבערגעפירט אין דער צענטראַלער טורמע. און מען האָט געבראַכט צוויי נייע. און דווקא צוויי יידן. עס איז געווען פונקט נאָך דעם ווי מיר האָבן אַרויסגעשלעפּט די פאַראַשע, אומגעקערט זיך פון אונדזער „אײַנוואַשן זיך" און געוואַרט אויף דער פאַרציע ברויט און דער אינדערפריִעדיקע באַלאַנדע.

איינער, אַ הויכער, ברייטפּלייציקער ייד מיט אַ שיינער פירקאַנטיקער באָרד איז אַריין רויִק, אַראָפּגענומען דעם מאַנטל און דעם הוט און באַלעבאַטיש אַ קוק געטאָן וועלכן אָרט ער קען פאַרנעמען אויף די נאַרעס. איך האָב באַמערקט אַז אויף זיין קאָפּ איז דאָ אַ יאַרמלקע. ער האָט אַוועקגעלייגט דעם מאַנטל מיט דעם הוט אויף דעם אָרט ווו עס איז פריִער געווען דאָס יִנגל און געזאָגט:

— עס וועט מיר אויסקומען צו פאַסטן צוויי טעג. ביי אונדז יידן איז נאָך צוויי טעג פּסח. קיין ברויט עס איך ניט. און באַלאַנדע עס איך אויך ניט — ס'איז דאָך ניט כּשר...

ער האָט זיך באַנוצט מיט דעם וואָרט „באַלאַנדע". הייסט עס, אַז דאָס וואָרט איז אים באַקאַנט. איז ער שוין מסתמא ניט דעם ערשטן מאָל צו גאַסט אין תּפיסה. די גאַנצע אויפפירונג זיינע האָט טאַקע באַוויזן אַז ער איז אַ געניטער מענטש אין קאַמער. איך בין צוגעגאַנגען נענטער צו דעם ייד, זיך שאַרף אָנגעקוקט אין אים מיט מיינע קורצזיכטיקע אויגן און געזען אַז ער איז מיר עטוואָס באַקאַנט, אָבער

כ׳האָב ניט געקענט זיך דערמאָנען ווער ער איז. האָב איך געזאָגט צו אים אויף יידיש:

— זייט מוחל, ר׳ ייד. מיר דאַכט, אַז איך קען אייך. דאָס הייסט איך האָב אייך עטלעכע מאָל געזען אין שטאָט.

— איז אַדרבא, דערמאָנט זיך, ווו האָט איר מיך געזען. איך געדענק ניט.

— מיר דאַכט, אַז איך האָב אייך געזען ביי ר׳ יצחקן.

— ביי וועלכן ר׳ יצחקן?

— ביי ר׳ יצחק קאָפּעליאָוויטש, אויף זאַמקאָווער־גאַס.

— וואָס האָט איר צו טאָן מיט ר׳ יצחק קאָפּעליאָוויטש?

— זיין זון איז מיינער אַ חבר. מען קען זאָגן זייער אַ נאָענטער חבר.

— בערל? דער אַפּיקורס? דער...?

ער האָט אָפּגעהאַקט און ניט פאַרגעזעצט. איך האָב פאַרשטאַנען וואָס ער וויל זאָגן: „דער ציוניסט".

— יאָ, בערל. אָבער וואָס איז וויכטיק? אַפּיקורס צי ניט אַפּיקורס? זאָגט מיר, ווייסט איר אפשר, וואָס הערט זיך ביי זיי?

— גייט, עסט אָפּ אייַער פּאָרציע. עס וועט נאָך זיין צייט. מיר וועלן זיך נאָך אָנרעדן. איין זאַך וויל איך אייך נאָר זאָגן. כאָטש ער איז אַ גרויסער אַפּיקורס, אָט דער בערל, אָדער ווי ער אַליין זאָגט, אַן אַטעיִסט, און האָט אָנגעטאָן אַ סך הארצווייטאָק זיין טאַטן, אָבער אַ גוטער און קלוגער בחור איז ער. און אויב ער איז אייַער אַ נאָענטער חבר, הייסט דאָס, אַז מיר וועלן זיך אַ סך אָנרעדן...

דער צווייטער נייער אַרעסטאַנט, אויך אַ ייד — אַ בן חמישים מסתמא — אַ נידעריקער, אַ דאַרער, מיט איינגעפאַלענע באַקן, אַ שטאַרק קורצזיכטיקער (מען האָט געזען אַז ערליידט פון דעם, וואָס עס פעלן אים די ברילן) איז, אַן אָנגעטאָנענער, אַרומגעלאָפן נערוועז איבערן קאַמער און הויך גערעדט מיט זיך אַליין:

— עס איז אַ טראַגישער טעות. איך וועל שרייבן דעם חבר סטאַלין. איך בין אַ מיטגליד פון פּאַרטיי פון יאָר 1918. איך בין אַ מיטגליד פון ראַיאָנעם פּאַרטיי־קאָמיטעט. איך וויל תיכף רעדן מיט דעם נאַטשאַלניק פון נקוו״ד אַליין. ער דאַרף מיך תיכף באַפרייען. איך וועל שרייבן דעם חבר סטאַלין...

צו אים איז צוגעגאַנגען איינער פון די אַרעסטאַנטן (אַלע מאָל זייער אַ שווייגנדיקער, כּמעט קיין מאָל ניט גערעדט וועגן וואָס מען באַשולדיקט אים. מיר האָבן געוווּסט, אַז ער איז געווען אַ ראַיאָנער פּאַרטיי־אַרבעטער. מסתמא האָט מען אים באַשולדיקט אין אַ וועלכן ניט איז „אָפּנויג"), האָט אים אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— קודם־כל פאַרנעם דאָס אָרט אויף די נאַרעס. מען קען ברענגען נאָך נייע און דאַן וועט דיר אויסקומען צו ליגן אויף דער פּאָדלאָגע. כּדי צו שרייבן דעם

חבר סטאַלין דאַרף מען האָבן פּאַפּיר און אַ בלײַפּעדער, אָדער אַ פּען מיט טינט. און דאָס איז ניטאָ ביי אונדז און מען וועט עס דיר ניט געבן.

— וואָס רעדסטו מיר וועגן די נאַרעס. איך וויל ניט די נאַרעס. מען האָט מיך אַהער געבראַכט על־פּי טעות.

— ווילסטו ניט די נאַרעס, איז לייג זיך נעבן דער פּאַראַשע. זי וועט דיך גיכער אויסניכטערן...

דער מענטש איז אַרומגעלאָפן הין און צוריק און דערנאָך אָנגעהויבן שטאַרק קלאַפּן אין טיר. דער דיזשורנער פון קאָרידאָר האָט געעפנט דעם קוקאויגל און געהייסן אויפהערן קלאַפּן. ווען ער האָט ווייטער געקלאַפּט האָט זיך געעפנט די טיר און דער דיזשורנער האָט אָנגענומען דעם מענטשן פאַר די פּאָלדן פון מאַנטל, אים שטאַרק אַ טרייסל געטאָן, אַריינגעדונערט אים עטלעכע זאַפטיקע רוסישע „ברכות" און געוואָרנט, אַז אויב ער וועט הערן נאָך איין קלאַפּ אין טיר, וועט ער אים אַריינוואַרפן אין קאַרצער.

דער מענטש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, אַרומגעכאַפּט דעם קאָפּ מיט די הענט און געזאָגט מיט אַ שטאַרקן קרעכץ אין יידיש:

— אוי, רבונו־של־עולם, וואָס טוט זיך דאָ?

דער גלח איז צוגעגאַנגען צו אים, געהאָלפן אים אויפשטיין, צוגעפירט צו דעם אָרט אויף די נאַרעס:

— לייג זיך, רו זיך אָפּ. איך וועל דיר ברענגען דיין פּאַרציע זופּ. און דיין פּאַרציע ברויט. באַרויִק זיך. יעדערער האָט זיין פּעקל. אָט זיצן דאָ חוץ דיר 15 מאַן. אַלע טראַכטן אַז זיי זיינען ניט שולדיק. אָבער „זיי" ווייסן דאָך מסתּמא בעסער...

אויף צו מאָרגנס איז דער „קאָמוניסט פון יאָר 1918" געקומען צו זיך און האָט פאַרשטאַנען אַז ער זיצט טאַקע אין קעלער פון נקווי"ד און דאָס איז מסתּמא ניט קיין שפּילעכל. ער האָט אָבער ווייטער געטענהט אַז גאָר גיך וועט מען אויפדעקן דעם טעות און ער וועט אַרויסגיין און ממשיך זיין פּראָדוקטיווע אַרבעט אויפן פּאַרטייאישן אידעאָלאָגיש־קולטורעלן פראָנט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ער איז געווען אַ פאַראַנטוואָרטלעכער טוער אין דעם סעקטאָר פאַר בילדונג אויף דער יידישער שפּראַך אין פּאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר בילדונג פון ווייסרוסלאַנד. ער האָט מיט גאווה דערציילט אַז ער האָט מיט גרויס דערפאָלג געפירט אַ קאַמף מיט די קלעריקאַלע חדרים אין מינסק וועלכע האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין די צוואַנציקער יאָרן. ער האָט דערציילט וועגן דעם גרויסן וווּקס פון דעם נעץ פון יידישע שולן אין ווייסרוסלאַנד בכלל און אין דער שטאָט מינסק בפרט און וועגן דעם ווי אַזוי ער גיט אַכטונג אַז אין די פּראָגראַמען פון די יידישע שולן זאָלן, חלילה, ניט ווערן דורכגעשמוגלט וואָסער עס איז נאַציאָנאַליסטישע אידעאָלאָגיעס.

— וואָס הייסט נאַציאָנאַליסטישע אידעאָלאָגיע? — האָב איך געפרעגט.

— דאָס הייסט, אַז די פּראָגראַמען, דער גאַנצער לערן־מאַטעריאַל, דאַרף זיין אַן אַלגעמיין סאָוועטישער, וועלכער איז באַשטעטיקט פאַר די רוסישע, אָדער ווייסרוסישע שולן, אָבער אין דער יידישער שפּראַך. קיין שום באַזונדערע נאַציאָנאַלע לימודים.

מאַך איך זיך ניט פאַרשטייענדיק און פרעג:

— אין די יידישע שולן לערנט מען דאָך מסתמא געשיכטע פון יידישן פאָלק. איז פון וועלכן אַלגעמיינעם סאָוועטישן פּראָגראַם זעצט מען עס איבער אויף יידיש?

— חס וחלילה. דאָס וואָלט טאַקע געהייסן קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער נאַציאָנאַליזם. קיין שום געשיכטע פון יידישן פאָלק. ס׳איז ניטאָ אַזאַ געשיכטע. מיר לערנען אויף דער יידישער שפּראַך די געשיכטע פון רוסלאַנד, די געשיכטע פון ווייסרוסלאַנד, די געשיכטע פון אונדזער פאַרטיי און די אַלגעמיינע געשיכטע.

— גיט מיר צו פאַרשטיין — זאָג איך צו אים — וואָס פאַר אַ תכלית איז דאָ אין אייַער יידישער שול? וואָס גיט עס דער יידישער יוגנט? ענדיקט אַ יידישער ייִנגל, אָדער אַ מיידל, די יידישע שול און דאַרף אָנקומען דערנאָך אין אַ הויכשול, אין וועלכער מען לערנט נאָר אויף רוסיש. אָדער נאָך דער מיטלשול גייט דער ייִנגל אַוועק אַרבעטן אין אַן אַנשטאַלט, אין וועלכן די שפּראַך איז בלויז רוסיש. איז וואָס גיט די יידישע שול דעם ייִנגל? מיט וואָס וועט די שול אים העלפן אין זיין צוקונפט? איז ניט בעסער, אַז ער זאָל באַהערשן בעסער פון קינדווייז־אָן די רוסישע שפּראַך?

— איר פאַרשטייט ניט די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פון אונדזער פאַרטיי. איך האָב דאָך ניט קיין מעגלעכקייט לייענען פאַר אייך דאָ לעקציעס וועגן דעם...

איך מיין אַז דער יעווסעק האָט געוווּסט גוט אַז דער וויכטיקסטער אַרגומענט וועלכער האָט באַשטימט די פּאָליטיק לגבי דעם שולוועזן אין דער יידישער שפּראַך, איז געווען דער פאַקט וואָס די איבערוועגנדיקע מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ראַטן־פאַרבאַנד האָט גערעדט יידיש און די סאָוועטישע מאַכט האָט איינגעפונען אַז די יידישע שפּראַך איז דאָס בעסטע מיטל צו סאָוועטיזירן די יידישע מאַסן. אין די ערטער, ווו רוסיש איז אַריינגעדרונגען אין תחום פון יידישן לעבן און ווו עס איז ניט געווען קיין נויטווענדיקייט אין דער יידישער שפּראַך, ווי אַ קאָמוניסטיש אַגיטאַציע־מיטל, האָט מען ניט אויפגעשטעלט קיין שולן אין דער יידישער שפּראַך. אַזוי, למשל, האָט מען אין מאָסקווע און לעניגראַד ווו עס האָבן זיך נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע געשאַפן זייער גרויסע יידישע ישובים, ניט אָרגאַניזירט קיין איין יידישע שול אַפילו. אין ווייסרוסלאַנד אָבער, מער ווי אין אַנדערע ערטער פון ראַטן־פאַרבאַנד, איז אַנטוויקלט געוואָרן אַ שולוועזן אויף דער יידישער שפּראַך. לויט די אָנגאָבן פון דער ציילונג

פון יאָר 1926 זיינען אויף 1000 יידן וועלכע האָבן אָנגעגעבן יידיש אַלס מוטער־שפּראַך, געווען אין ראַטן־פאַרבאַנד 62 תלמידים אין יידישע שולן; דערין: אין דער רוסישער פעדעראַציע — 20; אין אוקראַינע — 68 און אין ווייסרוסלאַנד — 77.

און אַ פאַקט איז אַז אין יאָר 1937 האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון ליקווידירן דאָס שולוועזן אין דער יידישער שפּראַך. אין עטלעכע יאָר אַרום האָט מען אין גאַנצן ליקווידירט דאָס יידישע שולוועזן אין איינעם מיט אַלע איבעריקע יידישע אינסטיטוציעס.

איך בין, פאַרשטייט זיך, ניט אַריין מיט דעם יעווסעק אין קיין וויכּוחים וועגן דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון „אונדזער פּאַרטיי". ער איז אַזוי פאַרנומען געווען מיט זיך אַז ער האָט אין גאַנצן זיך ניט אינטערעסירט וועד עס זיינען אַלע איבעריקע אַרעסטאַנטן אין קאַמער. ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער זיך געסטאַרעט צו באַווייזן און אונדז איבערצייגן אַז ער איז אַן איבערגעגעבענער און טרייער קאָמוניסט. איך ווייס ניט — אפשר איז דאָס געווען אַ מין טאַקטיק ביי אים. אפשר האָט ער געטראַכט, אַז אין קאַמער זיינען דאָ „שמעקערס" (אין וואָס מען האָט ניט געדאַרפט צווייפלען) און ער איז געקראָכן פון הויט, אַז די „אינפאָרמאַציע" וועגן אים זאָל זיין אַ גוטע, אַלנפאַלס ניט קיין דיסקרימינירנדיקע. אָבער ער האָט שוין אַ ביסל איבערגעבויגן דעם שטעקן. ער האָט איין מאָל דערציילט וועגן אַ פאַל וואָס האָט באַדאַרפט כאַראַקטעריזירן זיין אויסערגעוויינלעכע וואַכזאַמקייט:

— מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָב איך זיך דערוווּסט אַז דער לערער פון געשיכטע אין דער מוסטערהאַפטער יידישער שול האָט זיך פאַרנומען מיט ציוניסטישער אַגיטאַציע...

— ער האָט גערופן די תלמידים פאָרן קיין ארץ־ישׂראל? — האָט געפרעגט דער ייד מיט דער יאַרמלקע, וועלכער איז אויך געווען ביי דעם שמועס.

— נאָר דאָס האָט געפעלט! אויף דעם „אוראָק" פון אוראַלטער געשיכטע, ווען ער האָט דערציילט וועגן דער רוימישער אימפּעריע, האָט ער אין מיטן דעריבען אַריינגעוואָרפן ווערטלעך וועגן די חשמונאים, יהודה המכבי, חורבן בית־המקדש...

— דאָס זיינען דאָך היסטאָרישע פאַקטן וועלכע זיינען באַקאַנט נישט נאָר פון יידישע קוועלן — האָט ווידער געזאָגט דער ייד מיט דער יאַרמלקע.

— וואָס דרייט איר אַ קאָפּ וועגן היסטאָרישע פאַקטן. וועלכע היסטאָרישע פאַקטן? עס איז דאָ אַ לערנבוך פון אוראַלטער געשיכטע. אונדזערס אַ סאָוועטיש לערנבוך. און דאָרט איז דאָ אַ פּרק וועגן דער רוימישער אימפּעריע. קומט ער און טראַכט אויס אַ יהודה המכבי, אַ בית־המקדש... דאָס זיינען ציוניסטישע קלעריקאַלע קונצן...

— איז וואָס זשע האָט איר געטאָן?

— לויט מיין איניציאַטיוו איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע לערערס פון די יידישע שולן אין שטאָט, אויף וועלכער מען האָט באַהאַנדלט דעם פאַקט און מען האָט, פאַרשטייט זיך, איינשטימיק באַשלאָסן צו באַפרייען יענעם לערער פון דער אַרבעט...

דער פאַקט, אַליין און פאַר זיך, האָט מיך ניט אויפגעטרייסלט. עס איז געווען אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך. אַנדערש האָט גאָר ניט געקענט זיין. מיך האָט אָבער אויפגעטרייסלט דער ציניזם פון דעם יעווסעק וועלכער האָט אין קעלער פון דעם נקוו״ד זיך באַרימט דערמיט. איך האָב מיט אים מער ניט גערעדט. פשוט אויס־געמיטן צו דורכוואַרפן זיך מיט עטלעכע ווערטער אַפילו.

איך האָב אָנגעהויבן שפּאַצירן אין קאַמער 8 טריט הין און צוריק און גע־טראַכט וועגן דעם מסירות־נפש פון דעם לערער וועלכער האָט כאָטש מיט אַ רמז דערציילט יידישע קינדער וועגן די חשמונאים, יהודה המכבי און חורבן בית שני. עס איז געווען מסירות־נפש. ווייל דער לערער — אַ דערוואַקסענער מענטש — האָט געוווּסט אַז עס קען פּאַסירן מיט אים דאָס וואָס עס האָט טאַקע פּאַסירט. און וואָס האָט פּאַסירט? איך בין געווען זיכער, אַז אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דער פאַרזאַמלונג האָט מען אים גענומען און איצט איז ער מסתמא מיינער אַ שכן אין איינער פון די קאַמערן אין קעלער...

עס איז צוגעגאַנגען צו מיר דער ייד מיט דער יאַרמלקע און אָנגעהויבן שפּאַנען צוזאַמען מיט מיר.

— נו, וואָס זאָגט איר אויף דעם תכשיט? מיר האָבן אַ גרויסן זכות צו זיין אינאיינעם מיט אַזאַ צאַצקע.

— לאָמיר ניט רעדן וועגן דעם. זאָגט מיר אייַער נאָמען און דערציילט מיר וואָס ווייסט איר וועגן ר׳ יצחק קאָפּעלאָוויטש און זיין משפּחה. מיין נאָמען איז אַהרון.

— מיין נאָמען איז חיים און איך בין אַ שוחט. איך אַרבעט כמעט די גאַנצע צייט אינאיינעם מיט ר׳ יצחקן. וואָס הייסט איך אַרבעט? איך האָב געאַרבעט. איצט איז דאָך שוין די אַרבעט פאַרבאָטן. שחיטה — איז אַ קלעריקאַלע, אַנטי־סאָוועטישע פּראָפּעסיע...

— דאָס ווייס איך, ר׳ חיים. זאָגט מיר, וואָס הערט זיך ביי די קאָפּעלאָווי־טשעס?

— וועגן דעם וועל איך אייך שפּעטער דערציילן. לאָזט, איך וועל זיך שוין פאַרשטעלן ביזן סוף. אין דעם קעלער בין איך שוין דאָס דריטע מאָל. אין 1924 האָט מען מיך געהאַלטן ניט לאַנג — 6 טעג אין גאַנצן — און מען האָט גע־פּאָדערט ביי מיר גאָלד. אויפן זיבעטן טאָג בין איך געוואָרן קליגער און אויפ־געקליבן פאַר זיי וויפל איך האָב נאָר געקענט און זיך אָפּגעטשעפּעט פון זיי. אין

יאָר 1925 בין איך געזעסן דאָ צוויי חדשים — מען האָט געוואָלט מיך אַריינ־דרייען אין דעם אַזוי גערופענעם „שוחטים־טרעסט אין מינסק". איר געדענקט דעם פּראָצעס? ער איז געווען אַן עפּנטלעכער און האָט אויפגערודערט די גאַנצע שטאָט! ר' יצחק איז דאַן אויך געווען אַרעסטירט. ער איז אויך געזעסן אַרום צוויי חדשים. נאָר גאָט האָט געהאָלפן און מען האָט אונדז באַפרייט. אָבער דריי שוחטים, נעבעך, זיינען פאַראורטיילט געוואָרן אויף עטלעכע יאָר.

איך בין דאַן געווען אַ 15־יאָריקער יינגל, אָבער איך געדענק אַז דער אַזוי גערופענער „פּראָצעס פון שוחטים אין מינסק" האָט אַרויסגערופן אַ ביטערע אויפ־רעגונג צווישן דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין מינסק און אַפילו אַ כוואַליע פון שאַרפן פּראָטעסט פון די יידן אין דער וועלט. מיר איז עס געווען באַזונדער נאָענט, ווייל עס איז דעמאָלט געווען אַרעסטירט אויך ר' יצחק קאָפּע־ליאָוויטש — דער טאַטע פון מיין נאָענטן חבר בערל (אַגב, ער האָט זיך אין אונדזער אונטערערד גערופן קאָפּל און אַזוי איז ער פאַרבליבן ביי מיר די גאַנצע צייט. עד היום דערמאָן איך אים ווי קאָפּל).

דער „פּראָצעס פון שוחטים־טרעסט אין מינסק" האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אָנהויב פון אַן אָרגאַניזירטער אַקציע פון רדיפות קעגן דער יידישער רעליגיע. אין משך פון די 10־12 יאָר זיינען דורכגעפירט געוואָרן נאָך אַ ריי גרויסע פּראָ־צעסן אין מינסק. די מינסקער יעווסעקעס האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זייער אַקטיוויטעט אין דעם תחום. עס איז כדאי אין קורצן דערציילן וועגן דעם „שוחטים־פּראָצעס".

אין יאַנואַר 1925 זיינען אַרעסטירט געוואָרן אייניקע מינסקער שוחטים אונ־טער דער באַשולדיקונג אַז זיי האָבן דערמאָרדעט אַן אַרבעטער־קאָרעספּאָנדענט פון דער יידישער יעווסעקישער צייטונג „דער וועקער". דער מאָרד איז כאילו אויסגעפירט געוואָרן דערפאַר ווייל דער קאָרעספּאָנדענט האָט אָפּגעדרוקט אין „דער וועקער" אַ שאַרפן פאַמפלעט אין וועלכן ער האָט קריטיקירט די מינסקער כלי־קודש און איבערהויפּט די שוחטים. די צייטונג האָט אַפילו געמאָלדן, אַז מען האָט געפונען דעם גוף פון דערמאָרדעטן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ צעיושעטע קאַמפּאַניע קעגן דער יידישער רעליגיע בכלל. דערנאָך האָט מען אויפגעהערט רעדן וועגן דעם „מאָרד" און אין דעם „וועקער" איז געוואָרן אָפּגעדרוקט אַן אַנדער ווערסיע. אין שטאָט איז דאָ אַ שוחטים־טרעסט, וואָס האַלט אין זיינע הענט די גאַנצע שחיטה פון שטאָט און היט אָפּ אַ מאָנאָפּאָל־טאַקסע אויף דער שחיטה. און עס איז געקומען פון וויטעבסק קיין מינסק אַ יונגער שוחט און האָט אָנגעהויבן קאָנקורירן מיט דעם טרעסט: ער קוילעט פאַר אַ סך אַ ביליקערן אָפּצאָל און דעריבער האָט דער „פּרעזידיום פון שוחטים־טרעסט" באַשטימט צו דינגען אַ מענטש פון מינסקער אונטערוועלט און „אָפּלייגן אויף קאַלט" דעם יונגן וויטעבסקער שוחט... עס איז געווען זייער אַ פּרימיטיווע פּראָוואָקאַציע געשטיצט

אויף געדונגענע, דורך דער סאָוועטישער מיליציע, אונטערוועלט־מענטשן — „מוישקע המן" און „יענקעלע בלאָטער" וועלכע האָבן געדאַרפט זיין עדות...

דער „פּראָצעס פון שוחטים־טרעסט" איז פאָרגעקומען אין מינסקער קולטור־הויז (די געביידע פון דער מינסקער כאָר־שול) ביי דער אָנוועזנהייט פון איבער 3000 מאַן. געזעלשאַפטלעכע באַשולדיקערס זיינען געווען די אָנגעזעענסטע פירערס פון די יעווסעקן אין שטאָט: אַגורסקי, וואָלאָברינסקי און ראָזענהויז.

דריי שוחטים זיינען פאַראורטיילט געוואָרן צו פאַרהעלטנישמעסיק לייכטע שטראָפן. דער עיקר איז געווען צו געבן אַ קלאַפּ דער יידישער רעליגיע און צו דערנידעריקן זי.

— נו, איז ווילט איר וויסן וועגן ר' יצחק קאַפּעליאָוויטש? איך האָב זיך שוין לאַנג מיט אים ניט געזען. דעם לעצטן מאָל האָבן מיר זיך געטראָפן מיט אַ חודש צוריק, שבת אויפן גרויסן שולהויף. איר ווייסט דאָך, אַז די צייט איז ניט קיין וואַזשנע און ער איז געווען זייער באַזאָרגט. יידישע רעליגיע און קאָנטער־רעוואָלוציע זיינען דאָך לייַבלעכע שוועסטערס...

ער רעדט ווייטער:

— מיט אַ וואָך צוריק האָב איך באַגעגנט אין גאַס זלאַטען, ר' יצחקס ווייב. האָט זי מיר אָנגעזאָגט די בשורה: ר' יצחקן האָט מען צוגענומען.

— האָט איר אפשר עפּעס געהערט וועגן זיין זון?

— אָט דאָס איז דאָך די גאַנצע צרה. דעם זון האָט מען אויך גענומען.

— ווען? איר ווייסט אפשר ווען?

— איך ווייס ניט גענוי. אָבער איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ניט לאַנג, מיט 8־9 טעג צוריק.

הייסט דאָס, אַז קאַפּלען האָט מען צוגענומען אין דער זעלבער נאַכט וואָס מיך מיט מאַשען. און וואָס איז מיט די איבעריקע חברים? — האָט אַ בליץ געטאָן אַ מחשבה.

— איך וועל ניט פרעגן צי עס האָט אַ שייכות צו אייך. איר זייט דאָך נאָענטע חברים. פאַרשטיי איך אַליין אַליין. גאָט זאָל אייך העלפן...

קאַפּל. ער איז עלטער פון מיר מיט 2 יאָר. איך האָב זיך באַקאַנט מיט אים אין יאָר 1923. אין דעם יאָר בין איך — אַ 13־יאָריקער ייִנגל — געוואָרן אַ מיטגליד פון דער אונטערערדישער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע „השומר הצעיר". קאַפּל איז דאָרט געווען איינער פון די אָנפירערס. ער איז געווען זייער אַ פעיִקער, קלוגער, אינטערעסאַנטער און אינטעליגענטער יאַט. און ער איז געווען זייער אַ שיינער. עס איז געווען שווער צו „פאַרמעסטן" זיך מיט אים אויף דעם געביט

פון אויסנעמען ביי מיידלעך... ער האָט געהאַט אַ שווערן, עקשנותדיקן כאַראַק־טער, אַ כאַראַקטער וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט דיקטאַטאָרישקייט, מיט ווילן צו הערשן, צו אָנבינדן אַלעמען זיין מיינונג. ער איז אין דעם געווען ענלעך צו זיין טאַטן וועלכער איז אין שטוב געווען אַ דיקטאַטאָר, אַזוי אַז עס האָבן זיך אין זייער שטוב צוזאַמענגעשטויסן צוויי אייזערנע כאַראַקטערן, מען קען זאָגן צוויי דעספאָטישע כאַראַקטערן. דער ערשטער און וויכטיקסטער פראָטעסט פון קאָפּלען קעגן זיין טאַטן האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם וואָס ער איז אויפגעשטאַנען קעגן דעם שטרענגן רעליגיעזן רעזשים. קאָפּל איז געוואָרן אַ קעמפערישער אַטעיִסט. אַגב, דאָס איז געווען זייער מאָדיש אין ראַטן־פאַרבאַנד. קאָפּלס אַטעיִזם איז געווען אַ רעזולטאַט פון פּראָטעסט קעגן דעם טאַטן און פון להכעיס טאָן אים, און ניט קיין רעזולטאַט פון דערטראַכטער אידעאָלאָגיע...

איך האָב זיך באַקענט מיט קאָפּלען אויף אַזאַ אופן: איין מאָל אויף דעם „אוראָק״ פון געשיכטע אין 6טן קלאַס פון דער רוסישער 7־יאָריקער שול אין וועלכער איך האָב זיך געלערנט, איז פאָרגעקומען אַ שאַרפער ווערטער־צוזאַמענ־שטויס צווישן מיר מיט דעם לערער פון היסטאָריע. ער האָט דערציילט וועגן דער פּאַריזער קאָמונע פון יאָר 1871 און דערנאָך אויבערפלעכלעך געגעבן אַן איבער־זיכט פון פראַנקרייך אינעם סוף פון 19טן יאָרהונדערט און אָנהייב 20סטן יאָר־הונדערט, ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווען ער האָט געענדיקט, האָב איך געבעטן דערציילן וועגן דרייפוס־פּראָצעס.

— וועלכער דרייפוס־פּראָצעס? איך רעד דאָך וועגן דער געשיכטע פון פראַנקרייך.

— דער באַוווּסטער דרייפוס־פּראָצעס, וועלכער האָט געהאַלטן אין שפּאַנונג די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט.

— ער האָט אָבער קיין שייכות ניט צו דער טעמע פון מיין לעקציע.

— דער דרייפוס־פּראָצעס איז דאָך פאָרגעקומען אין יאָר 1894 אין פראַנק־רייך. ער האָט טאַקע אַריינגעשריבן אַ טרויעריקן קאַפּיטל אין דער יידישער גע־שיכטע, אָבער ער איז פאָרגעקומען אין פראַנקרייך. דער גרויסער פראַנצויזישער שרייבער עמיל זאָלאַ איז אַרויסגעטראָטן קעגן דעם דרייפוס־פּראָצעס.

— איך זע אַז דו ווייסט זייער גוט וועגן דעם. צוליב וואָס האָסטו מיר גע־שטעלט די פראַגע?

— איך האָב געוואָלט, אַז איר זאָלט דערציילן וועגן דעם צעיושעוועטן אַנטי־סעמיטיזם אין פראַנקרייך אין יענער צייט.

— דו לערנסט מיך וואָס צו דערציילן? אַנטיסעמיטיזם? עס אינטערעסירט מיך ניט...

— זייט איר מסתמא אַליין אַן אַנטיסעמיט.

— פּאַשאָל וואָן, מערזאַוועץ! דיין פוס זאָל ביי מיר דאָ אין קלאַס ניט זיין...

דער גאַנצער קלאַס אין וועלכן ס׳זענען געווען ניט ווייניקער פון 60% יידן, איז געזעסן אַן עלעקטריזירטער. איך בין אַרויס פון קלאַס. דערנאָך איז אַרויס דער לערער און אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען מיך אַרויסגערופן צום דירעקטאָר. דער דירעקטאָר האָט מיר געזאָגט אַז ער איז אויפגעטרייסלט פון מיין אויפפירונג.

— איצט גיי אַהיים און מאָרגן קום מיט דער מאַמען.

— איך האָב ניט קיין מאַמע.

— איז קום מיט דעם טאַטן. זאָל ער זיך אָפּרייסן פון זיין אַרבעט.

— איך האָב ניט קיין טאַטע.

— איז ביי וועמען ביסטו?

— איך לעב אין איינעם מיט מיינע עלטערע שוועסטערס און ברידער.

ער האָט דורכגעשטאָכן מיך מיט זיינע אויגן, אַ טראַכט געטאָן און געזאָגט:

— פאַר אַזאַ אויפפירונג האָב איך געדאַרפט דיך אַרויסטרייבן פון אונדזער סאָוועטישער שול. נאָר דאָס מאָל בין איך דיר מוחל. גיי אין קלאַס. איך וועל בעטן דעם לערער ער זאָל דיר אויך מוחל זיין...

איך האָב זיך אומגעקערט אין קלאַס. צום גליק איז דער לעצטער „אוראָק״ געווען פיזקולטור. דערנאָך איז געווען אַ גאַנצע דיסקוסיע. אַ סך זיינען געווען אויף מיין זייט. אָבער ניט ווייניק תלמידים האָבן געטאַדלט מיין אויפפירונג.

ווען איך בין אַוועק פון שול אַהיים, איז צו מיר צוגעגאַנגען מישע ביילין — אַ תלמיד פון מיין קלאַס — און געזאָגט:

— גייסט אַהיים? אויף וועלכער גאַס וווינסטו?

— טאַראַסקאָווסקע־געסל, נעבן דער טאָטערישער גאַס.

— גייען מיר דאָך אין איינעם. איך לעב אויף זאַסלאַווסקע־גאַס. גייען מיר אין איינעם. ס׳איז ניט ווייניקער ווי 25־30 מינוט גיין.— און מישע פרעגט:

— פון וואַנען ווייסטו דאָס אַזוי גוט וועגן דרייפוס־פּראָצעס?

— מיר האָט מיין ברודער ניט לאַנג וועגן דעם דערציילט. ער האָט מיר גע־געבן לייענען אַ ספּעציעלע בראָשור.

— וואָס זשע ווייזסטו אַרויס אַזאַ גרויסן אינטערעס צו דעם?

— ווייל איך בין אַ ייד.

— וואָס האָסטו נאָך געלייענט אין דער בראָשור?

— וועגן דאָקטאָר הערצל.

— און דאָקטאָר הערצל אינטערעסירט דיר אויך?

— מישקע, דו ביסט אַ סליעדאָוואַטעל פון גע.פּע.או.? וואָס גייט דיך אָן צי איך אינטערעסיר זיך מיט דאָקטאָר הערצל, צי ניט?

— אַרקע, ביסט אַ חברה־מאַן. ווילסט, וועל איך דיך באַקענען מיט גוטע

יאַטן, וועלכע אינטערעסירן זיך אויך מיט אַזעלכע פּראַגעס ווי דרייפוס־פּראָצעס און טעאָדאָר הערצל?

איך וויל.

— איז קום מאָרגן, 5 אין אָוונט, צו מיר אַהיים. איך וווין אויף ליאַכאָווקע...

— דו האָסט מיר געזאָגט, אַז דו וווינסט אויף זאַסלאַקווסקע־גאַס. ליאַכאָווקע איז דאָך אין דעם אַנדער עק שטאָט.

— איך האָב דיך אָפּגענאַרט. איך האָב פּשוט געוואָלט דורכרעדן זיך מיט דיר. וואַרט איך מאָרגן, 5 אין אָוונט.

ער האָט מיר געגעבן זיין גענויעם אַדרעס, אומגעקערט זיך און אַוועק.

איך בין געקומען צו מישען און דאָרט זיך באַקענט מיט קאָפּלען. ער האָט מיך ערנסט אויסגעפאָרשט פון פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן און אין צוויי טעג אַרום האָט מען מיך צוגענומען אין דער גרופּע „צופים" פון מינסקער אָרגאַניזאַציע „השומר הצעיר". עס איז געווען פייערלעך, מיט אַ שבועה, אַז איך וועל דינען דעם יידישן פאָלק און וועל אָפּהיטן אַלע מנהגים פון קאָנספּיראַציע און איך וועל קיין מאָל ניט פאַרראַטן מיינע חברים פון דער אָרגאַניזאַציע.

ווי באַוווּסט איז דער „השומר הצעיר" אַנטשטאַנען אין סאָוועטישן רוסלאַנד אַלס אַ זעלבסטשטענדיקע אָרגאַניזאַציע אין 1922. דעם גרונטקערן פון „השומר הצעיר" האָט געשאַפן די יידישע נאַציאָנאַלע ספּאָרטיווע אָרגאַניזאַציע „מכבי". אין „השומר הצעיר" זיינען געווען דריי אָפּטיילונגען לויטן עלטער פון זיינע מיט־גלידער: זאבונים — קינדער פון 8 ביז 12 יאָר; צופים (סקאַוטן) — פון 12 ביז 16 יאָר און שומרים — פון 16 ביז 20 יאָר.

די אידעיִשע פּראָגראַם פון „השומר הצעיר" האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מין סינטעז פון ציוניזם און סאָציאַליזם. די הויפּט־אויפגאַבע איז געווען — צו־גרייטן די יידישע יוגנט צום לעבן אין ארץ־ישראל, בויען דאָרט אַ יידישע סוווע־רענע מדינה, וועלכע וועט האָבן אַ געזעלשאַפט מיט סאָציאַלער גלייכקייט. דערי־בער איז נויטיק צו דערציִען די יידישע קינדער און יוגנט פיזיש און גייסטיק געזונטע, דערציִען מוטיקע, שטאַלצע זין און טעכטער פון יידישן פאָלק, מענטשן מיט אַ שטאַרקן ווילן און הויכער דיסציפּלין, גרייטע אויסצופילן זייער נאַציאָנאַלן חוב אין אַלע באַדינגונגען...

די פאָרמען פון אַרבעט זיינען געווען: גימנאַסטישע איבונגען, פוסגייערישע מאַרשן, זעלבסטבאַדינונג, דאָס לערנען די געשיכטע פון יידישן פאָלק, פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און פון ארץ־ישראל.

אונדזער מינסקער אָרגאַניזאַציע האָט זיך אויסגעפורעמט אין יאָר 1923 און אין די באַדינגונגען פון אומלעגאַלער, אונטערערדישער טעטיקייט, איז זי געווען פאַרהעלטנישמעסיק אַ גאַנץ באַדייטנדיקע. די גרופּע צופים האָט געציילט אַרום 20 מאַן און די גרופּע שומרים אַרום 15 מאַן. קיין קינדער ביז 12 יאָר זענען ניט

געווען. מיך האָט מען, פאַרשטייט זיך, אויפגענומען אין דער גרופּע צופים. איך בין דאָך דאַן אַלט געווען $13\frac{1}{2}$ יאָר.

ניט ווייניקער ווי איין מאָל אין וואָך פלעגן מיר זיך צוזאַמענקלייבן ערגעץ ווו הינטער דער שטאָט. קאָפּל איז געווען דער פאַראַנטוואָרטלעכער אין דער גרופּע צופים פאַר דער אָרגאַניזאַציאָנעלער זייט — קאָנספּיראַציע, ערטער פון באַגעגע־נישן, פוסגייערישע מאַרשן, דיסציפּלין אד״גל. דער אידעאָלאָגיש־טעאָרעטישער אָנפירער אין אונדזער גרופּע איז געווען סאַשע מייטין.

אַלע חברים האָבן ספּעציעל געלייענט אַ סך ליטעראַטור, אין וועלכער ס׳איז געווען באַלויכטן די קאָנספּיראַציע־מעטאָדן פון די אונטערערדישע באַוועגונגען אין צאַרישן רוסלאַנד. איך האָב שטענדיק געטראַכט, אַז מען שפּירט מיר נאָך און געווען איבערצייגט אַז איך פיר פאַר דער נאָז די „שפּיקן״ פון „גע.פּע.או.״ און פון דער גאַנצער מינסקער געהיימער מיליציע... ווען איך האָב באַדאַרפט קומען צו מיינעם אַ חבר, וועלכער האָט געוווינט ניט ווייט פון מיר, פלעג איך מאַכן אַ לאַנגזאַמען שפּאַציר איבער אַ סך איבעריקע גאַסן און אַ סך מאָל אַרומ־קוקן זיך צי איך שלעפּ ניט נאָך אַ „שמעקער״ נאָך זיך... די קינדערישע ראָמאַנ־טיק האָט זייער אימפּאָנירט. איז דען ניט ראָמאַנטיש, למשל, אַ פוסגייערישער מאַרש פון מינסק ביז דעם גרויסן וואַלד נעבן דער שטאָט לאָהויסק — אַ מאַרש פון 80 קילאָמעטער (40 אַהין און 40 צוריק), וועלכער האָט געדויערט 3 טעג (אַ טאָג און צוויי נעכט אין וואַלד און אַ טאָג צוריק)? און דאָרט אין וואַלד דאַרף מען שטיין אין קאַראַול סיי ביי טאָג און סיי ביי נאַכט. מען האָט גערעדט וועגן טרומפּעלדאָרן און וועגן ארץ־ישראל. און וויכּוחים, הייסע וויכּוחים וועגן וואָס עס דאַרף זיין דער עיקר אין אונדזער אַרבעט: סקאַוטיזם צי אידעאָלאָגישע עלע־מענטן? און וועלכע וויכּוחים זיינען ניט געווען? דעמאָקראַטיע און דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט; און ווי אַזוי קען מען אָרגאַניש צוזאַמענבינדן דעם ציוניזם (און אַלע זיינען געווען מסכּים, אַז ציוניזם, אַלס באַפרייַונגס־באַוועגונג פון יידישן פאָלק, איז דער עיקר אין אונדזערע שטרעבונגען) מיט סאָציאַליזם (און סאָציאַליזם האָט זיך ביי אונדז נאַטירלעך אַסאָציירט מיטן סאָוועטישן רעזשים)? און, ווי עס פּירט זיך, האָט יעדער געהאַט זיין באַזונדערע מיינונג און יעדערער האָט געטראַכט אַז ער איז גערעכט און מיט גרויס טעמפּעראַמענט „באַגרינדעט״ זיין מיינונג...

און צי דען איז ניט ראָמאַנטיש צוצוגרייטן פלוגבלעטלעך און וואַרפן זיי דער „יידישער יוגנט״? עס איז געווען אַ שרעקלעך שווערע אַרבעט. קיין שאַפּיראָ־גראַף אָדער העקטאָגראַף איז ניט געווען. האָט מען געשריבן די בלעטלעך מיט דער האַנט און פאַרמערט זיי אין הונדערטער עקזעמפּלאַרן דורך קאָפּיר־פּאַפּיר. דאָס גרייטן די פלוגבלעטלעך פאָדערט קאָנספּיראַציע; דאָס ברענגען זיי צום אָרט פון וואַרפן — קאָנספּיראַציע. נו, און דאָס וואַרפן? דאָס איז דאָך באַשטימט אַ

„הערא‌יש״ שטיקל אַרבעט... און געוואָרפן האָט מען זיי איבערהויפּט שבת אין די צענטראַלע בתי־כּנסת פֿון שטאָט אויף דעם גרויסן שולהויף. מען דאַרף זיך אַריינשמוגלען אין דעם צווייטן עטאַזש פֿון בית־הכּנסת — אין דער ווייבערשער אָפּטיילונג — און פֿון דאָרט, ניט לייגנדיק קיין אַכט וואָס די ווייבער שיקען און בורטשען, אַראָפּוואַרפן צום עולם אונטן ווי עס זיינען אויך געווען אַ סך יוגנט־לעכע...

יעדע וועכנטלעכע באַגעגעניש פֿלעגן מיר ענדיקן מיט אונדזער ליד „היה נכון למעשים טובים שומר צעיר...״ דער רעפריין פֿון דעם ליד איז געווען „היה נכון — תמיד נכון; היה נכון — היה תמיד נכון!...״

עס זיינען געווען אַ סך אפשר ניט ערנסטע קינדערישע מעשׂים. און מיר זיינען דאָך טאַקע געווען קינדער. אָבער אונדזער הצופים־גרופּע פֿון דער מינסקער אָרגאַניזאַציע „השומר הצעיר״ איז געווען אַ גוטע, צעמענטירטע גרופּע פֿון התלהבותדיקער ציוניסטישער יוגנט.

(אַגב, אַנאַליזירנדיק איצט, מיט 55 יאָר שפּעטער, די אַרבעט פֿון דער מינסקער אָרגאַניזאַציע „השומר הצעיר״, קום איך צום אויספֿיר אַז די אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ פֿאַקטאָר וואָס האָט טאַקע געהאַט אַ געוויסע ווירקונג אויף דער יידישער יוגנט אין שטאָט. מיר איז אויסגעקומען, צוליב אייניקע צוועקן, דורכקוקן די מינסקער יידישע יעווסעקישע טעגלעכע צייטונג פֿון דער צווייטער העלפֿט פֿון די צוואַנציקער יאָרן, האָב איך דאָרט געפֿונען [אין די יאָרן 1927 און 1928] „בריוו אין רעדאַקציע״, וועלכע האָבן אַנטהאַלטן מעלדונגען פֿון מיטגלידער פֿון „השומר הצעיר״ וועגן זייער אַרויסטרעטן פֿון דער אָרגאַניזאַציע, ווי פֿון אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע, נאַציאָנאַליסטישע אָד״גל און אַז נאָר די סאָוועטן־מאַכט קען לייזן די אַזוי גערופֿענע יידישע פֿראַגע, און אַז זיי רופֿן אַלע מיטגלידער פֿון דער אָרגאַניזאַציע נאָכטאָן זייער ביישפּיל... עס איז געווען באַוווּסט אַז אַזעלכע „בריוו״ זיינען געווען געשריבן און געחתמעט אונטער אַ גרויסן מאָראַלישן און אָפּט פֿיזישן דרוק פֿון דער „גע.פּע.או.״. דער פֿאַקט, וואָס די „גע.פּע.או.״ האָט זיך באַנוצט מיט אַזאַ מעטאָד אין איר קאַמף מיט דעם ציוניסטישן אונטערערד באַווייזט, אַז מיין אויספֿיר איז אַ ריכטיקער).

עס איז אָנגעקומען דער גרויסער „פּראָלעטאַרישער יום־טוב״ — דער ערשטער מאַי. איך בין שוין אין קעלער 9 טעג און 9 נעכט און איך ווייס נאָך ניט אויף וועלכער וועלט איך בין. איך ווייס, אַז איך בין מיט זיך אַליין — מיט מיינע געדאַנקען, אָנפֿליענדיקע זכרונות. אָבער איך בין רויִק. דער עיקר, ניטאָ קיין פּחד. עס וועט זיין וואָס עס מוז זיין. איך ווייס אַז איך קען מיר ניט העלפֿן, אַז איך קען ניט ווירקן אויף מיין גורל. איך האָב אָבער פֿעסט באַשטימט, אַז יעדער טאָג

האָט פאַרשטאַרקט מיין באַשטימונג — ניט אונטערגעבן זיך. אויסהאַלטן אין פאַר־שטייענדיקן קאַמף מיט דעם פאָרשער...

לכּבוד דעם ערשטן מאַי האָט מען אונדז געגעבן אין דער פרי און ביי טאָג קאַשע — אַ צוגאָב צו דער געוויינלעכער אַרעסטאַנטישער פּאָרציע. 12 אַ זייגער, נאָך דעם „שפּאַציר" (לכּבוד דעם יום־טוב — 25 מינוט אָנשטאָט 15 מינוט) איז געקומען אַ טשעקיסט אין קאַמער און אונדז קורץ „אויפגעקלערט" די באַדייטונג פון 1טן מאַי פאַרן אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט און געענדיקט מיט דעם אַז דאָס גרויסע סאָוועטישע פאָלק וועט אין גיכן פאַרענדיקן בויען דעם סאָציאַליזם און די „סלאַוונע טשעקיסטן", אונטער דער אָנפירונג פון חבר סטאַלין, וועלן אויסראָטן מיט פייער און אייזן די „פיינט פון פאָלק" פון אַלע שאַטירונגען...

4

# אין דער נעץ
# פון דער סאָוועטישער געזעצלעכקייט

— ראָזין נאַ דאָפּראָס !...

דאָס שטאַרקע סקריפּען פון דער אויפגעעפנטער שווערער אייזערנער טיר און דעם אויסגעשריי פון נאַדזיראַטעל האָב איך אויפגענומען מיט אַ געוויסער צו־פרידנקייט. עס האָט זיך געענדיקט דער צוויי־וואָכיקער געדיכטער נעפּל פון אומ־וויסן און וואַרטן. סוף־סוף וועט קלאָר ווערן ווו איך האַלט אין דער וועלט; אין וועלכער קאַטעגאָריע און ראַנג פון קאָנטר־רעוואָלוציע איך געפין זיך... איך בין אַראָפּגעשפרונגען פון די נאַרעס, גיך אַריינגערוקט די פיס אין די שיך און האַלטנ־דיק די אַראָפּפאַלנדיקע הויזן בין איך אַרויס אין קאָרידאָר.

— וויפל איז דער זייגער? — האָב איך געפרעגט דעם נאַדזיראַטעל, שטאַרק זשמורענדיק די אויגן אינעם גרויסן עלעקטרישן ליכט אין קאָרידאָר.

— האַלב דריי. נעם אים — האָט געזאָגט דער נאַדזיראַטעל צו אַ סאָלדאַט וועלכער איז געשטאַנען אין קאָרידאָר.

דער סאָלדאַט האָט מיך געבראַכט צו פירן צו דעם דריטן עטאַזש פון דער זעלבער געביידע. אַפילו מיט מיינע שטאַרק קורצזיכטיקע אויגן האָב איך גלייך דערזען דעם שמייכל אונטער די וואָנצעס אויפן פּאָרטרעט פון אַ מאַן וואָס האָט געקוקט אויף מיר פון דער וואַנט. דער פּאָרשער וועלכער איז געזעסן ביי אַ גרויסן שרייבטיש נעבן דער וואַנט, פון וועלכן עס האָט געשטראַלט דער רוח־הקודש פון דעם מענטש מיט די וואָנצעס, האָט געהייסן מיר זעצן זיך אויף אַ טאַבורעטקע, וואָס איז געשטאַנען גאַנץ ווייט פון זיין טיש.

איך האָב זיך ניט געזעצט. איך האָב אָנגעהויבן פּראָטעסטירן קעגן דער אומ־געזעצלעכקייט פון האַלטן מיך צוויי וואָכן אין קעלער...

— שרייט ניט און ערגערט זיך ניט — האָט ער רויִק געענטפערט — ערש־טנס, דאַרפט איר וויסן, אַז ביי אונדז דאָ שרייט מען ניט. צווייטנס, וויל איך אייך זאָגן, אַז איר זייט ביי מיר ניט קיין בן־יחיד. (ער האָט געזאָגט אין רוסיש: ווי או מעניאַ ניע בן־יחיד). דריטנס, זייט איר געזעסן צוויי וואָכן ביז דעם אַרויסרוף

צו מיר כּדי איר זאָלט קענען קומען צו זיך, אַרומטראַכטן זיך און פאַרשטיין אַז מען דאַרף זיך פירן ביי אונדז גוט. ווי איר זעט האָב איך מיט גרויס געדולד דערקלערט אייך אַלע סיבות.

— וואָס הייסט עס גוט זיך פירן ביי אייך?

— איר דאַרפט וויסן אַז מיר, טשעקיסטן, אַרעסטירן אַ מענטש נאָר דעמאָלט ווען אונדז איז דייטלעך קלאָר אין וואָס ער איז שולדיק. מיר האָבן געצוגן באַווייזן פון זיין שולד. נאָר ווי באַלד מיר זיינען אין אַ לאַנד פון סאָציאַליסטישער גע־רעכטיקייט איז נויטיק אַז דער באַשולדיקטער אַליין זאָל באַשטעטיקן זיין שולד. דער באַשולדיקטער דאַרף זיך מודה זיין אין זיינע פאַרברעכנס. דעמאָלט איז שוין די באַשולדיקונג פאָרמעל אין גאַנצן באַרעכטיקט און מען קען זי איבערגעבן צום געריכט כּדי צו באַקומען דעם פּסק־דין. און צווייטנס, דאָס מודה זיין פון באַשול־דיקטן האָט אַ וויכטיקע באַדייטונג פאַר אים אַליין. דאָס געריכט איבערצייגט זיך אַז דער באַשולדיקטער איז אָפנהאַרציק, איז זיך מודה אין אַלע זיינע זינד און האָט חרטה. דאָס געריכט נעמט עס אין אַכט און פאַרגרינגערט דעם אורטייל. גוט זיך פירן הייסט — ניט עקשנען זיך און זיך מודה זיין אין די אַלע פאַרברעכנס וועלכע מיר האָבן פעסטגעשטעלט. איר האָט פאַרשטאַנען?

— יאָ, איך האָב אייך זייער גוט פאַרשטאַנען. איך האָב צו אייך אַ בקשה: גיט מיר מיינע ברילן. איך זיך ווייט פון אייך און איך זע אַפילו ניט אייער פּנים. מיר דרייט זיך דער קאָפּ. איך לייד אויך פון דעם זייער אין קאַמער.

ער האָט אַרויסגענומען פון טישקעסטל פון זיין שרייבטיש עטלעכע פּאַפּירענע זעקעלעך און געעפנט איינעם פון זיי און געגעבן מיר די ברילן.

— מיט די ברילן וועט איר זיך נוצן נאָר אין דער צייט פון אונדזערע גע־שפּרעכן ביי מיר אין קאַבינעט.

— פאַר וואָס? וועמען שטערן מיינע ברילן? מיין קאָפּ־ווייטיק פון ניט טראָגן די ברילן זיינען נויטיק דער סאָציאַליסטישער געזעצלעכקייט?

— עס איז איבעריק צו רעדן וועגן דעם. מיר וועלן ניט דיסקוטירן. נאָר ביי מיר אין קאַבינעט וועט איר קענען באַנוצן די ברילן.

איך האָב אָנגעטאָן די ברילן און די אויגן האָבן זיך מיר געעפנט. קלאָר און דייטלעך האָב איך איצט דערזען דעם שמייכל אונטער די וואָנצעס פון דעם מאַן אויפן פּאָרטרעט וואָס הענגט אויף דער גרויסער וואַנט. איך האָב אויך דערזען דעם „סלאַווגעם טשעקיסט" וועלכער רעדט אַזוי געלאַסן מיט מיר. אַ דאַרער, מיט אַ בלאַסן, צאַרטן פּנים, אויף זיין נאָז אַלטמאָדישע פּענסנע און דורך זיי קוקט ער אַ פאַרזשמורעטער. אויך אַ זייער קורצזיכטיקער. ער האָט אַן אויסזען פון אַ ישיבה־בחור, ווי ער ווערט געשילדערט אין אונדזער קלאַסישער יידישער ליטע־ראַטור... ער איז מסתּמא דער מומחה אויף יידישע ענינים. און אפשר איז ער

אַ מאָל געווען אַ ציוניסט און איז דערנאָך פֿאַרכאַפּט געוואָרן דורך דעם עקסטאַז פֿון דער רעוואָלוציע? איך בין שטאַרק באַאיינדרוקט געוואָרן פֿון זיין פּנים.

— אַנטשולדיקט, אפשר קען איך וויסן אייער נאָמען? — האָב איך געפֿרעגט.

— מיך רופֿט מען איסאַק דאַווידאָוויטש מעלצער. איר פֿאַרשטייט דאָך אַז איך בין אַ ייד און איר דאַרפֿט וויסן אַז איך קלייב זיך גוט פֿונאַנדער אין אייערע ענינים. אָבער צו מיר האָט איר רעכט זיך צו ווענדן נאָר מיט די ווערטער: „גראַזשדאַנין סליעדאָוואַטעל". איר פֿאַרשטייט? ניט חבר פֿאָרשער, נאָר בירגער פֿאָרשער. צווישן אונדז מוז זיין אַ גרויסע דיסטאַנץ.

— איך פֿאַרשטיי, גראַזשדאַנין סליעדאָוואַטעל, ביי מיר איז פֿאַראַן נאָך אַ בקשה צו אייך, גראַזשדאַנין סליעדאָוואַטעל. דערלויבט מיר צו באַגעגענען זיך מיט מיין ווייב.

— דאָס איז אוממעגלעך. בשום־אופֿן ניט.

— זי איז דאָך דאָ נאָענט. מסתּמא אין דער געביידע, אָדער אין דער נייער טורמע „אַמעריקאַנקע", וועלכע געפֿינט זיך אין הויף. דערלויבט כאָטש עטלעכע מינוט ביי אייך אין קאַבינעט, אין אייער אָנוועזנהייט.

— עס איז אויסגעשלאָסן. איך וויל אייך וואָרענען אַז דער גורל פֿון אייער ווייב געפֿינט זיך אויך אין אייערע הענט. אויב ביי אונדז וועט אַלץ גיין גיך און גלאַט, דאָס הייסט, אויב איר וועט זיך ניט עקשנען און אונטערשרייבן אַלע אונ־דזערע פּראָטאָקאָלן וועלכע מיר וועלן אייך געבן — זאָג איך אייך צו, אַז אייער ווייב וועט קריגן זייער אַ לייכטע, ניט ערנסטע, אָדער אַפֿילו סימבאָלישע שטראָף. אָבער אויב ניט? איז, ווי מען זאָגט, פּעניאַיטיע נאַ סעביאַ...

— איך האָב פֿאַרשטאַנען, גראַזשדאַנין סליעדאָוואַטעל. איך האָב אַלץ פֿאַר־שטאַנען. ווי זאָגט מען עס אין רוסיש — יאַ וואַס ראַסקוסיל...

— נו גוט. מיר האָבן פֿאַרענדיקט מיט אַלע זייטיקע זאַכן און איצט צו דעם עיקר. איך וועל אייך פֿאָרלייענען דעם ערשטן פּראָטאָקאָל פֿון אונדזער פֿאָרשונג...

— איך האָב איבערגעריסן זיינע רייד.

— וועלכן פּראָטאָקאָל? עס איז דאָך קיין פֿאָרשונג נאָך ניט געווען. איר האָט דאָך נאָך קיין איין פֿראַגע ניט געשטעלט און איך האָב נאָך קיין איין ענטפֿער ניט געגעבן.

— מען דאַרף האָבן אַ סך געדולד צו אייך. עס טרעפֿט אָבער אַז עס פּלאַצט דאָס געדולד. איך זאָג נאָך אַ מאָל: איך וועל פֿאָרלייענען אַ פּראָטאָקאָל אין וועלכן עס זיינען פֿאַרפֿיקסירט פֿראַגעס און ענטפֿערס און דערנאָך וועל איך אייך געבן צו חתמענען און מיט דעם וועלן מיר היינט פֿאַרענדיקן. איר האָט פֿאַר־שטאַנען?

— יאָ. פֿאַרשטאַנען.

און מאַיאָר מעלצער האָט אָנגעהויבן לייענען די פֿראַגעס און די ענטפֿערס

פון דעם „ערשטן פּראָטאָקאָל". קורצע און דייטלעכע פראַגעס. קורצע און דייט־לעכע ענטפערס. איך געדענק עד היום דעם צוגעגרייטן דאָקומענט וועלכן איך האָב געדאַרפט אונטערשרייבן.

פראַגע: עס איז פעסטגעשטעלט אַז איר האָט געהערט צו אַ ציוניסטישער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע. זייט איר מודה אין דעם?

ענטפער: יאָ. איך בין מודה אַז איך בין געווען אַ מיטגליד פון אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

פראַגע: וויפל מענטשן זיינען געווען אין דער אָרגאַניזאַציע?

ענטפער: איך ווייס ניט גענוי. איך טראַכט, אַז אַרום 90־100 מאַן.

פראַגע: פאַר וואָס ווייסט איר ניט גענוי?

ענטפער: ווייל צוליב קאָנספּיראַטיווע צוועקן זיינען געווען 4 אָדער 5 גרופּעס. איך ווייס גענוי און קען פערזענלעך אַלעמען נאָר אין מיין גרופּע.

פראַגע: וויפל זיינען געווען אין אייער גרופּע?

ענטפער: 19 מאַן.

פראַגע: צי קענט איר גוט דעם אָנפירער פון דער אָרגאַניזאַציע? ווי איז זיין פאַמיליע־נאָמען, נאָמען און פאָטערס נאָמען?

ענטפער: יאָ, איך קען אים, אין משך פון די לעצטע 3 יאָר זייער גוט. זיין נאָמען איז קאַצענעלסאָן פנחס.

פראַגע: ווער איז געווען דער פאַראַנטוואָרטלעכער אין אייער גרופּע?

ענטפער: אין מיין גרופּע איז דער פאַראַנטוואָרטלעכער געווען איך — ראַזין אַראָן יאָסיפאָוויטש.

— נו, היינט וועט זיין גענוג. איר וועט חתמענען דעם פּראָטאָקאָל און גיין רוען אין קאַמער. מיר וועלן זיך באַגעגענען נאָך עטלעכע מאָל און אָפּמערקן באַזונדערע פּרטים פון אייער טעטיקייט און איבערהויפּט די פאַמיליע־נעמען און פּרטים וועגן די מיטגלידער פון אייער גרופּע.

— גראַזשדאַנין סליעדאָוואַטעל — האָב איך זיך געווענדט צו מעלצערן — ביז איך וועל חתמענען אָט דעם קליינעם פּראָטאָקאָל, קען איך ביי אייך עפּעס פרעגן?

— ביטע.

— זאָגט מיר, גראַזשדאַנין סליעדאָוואַטעל, איר האַלט, אַז איך בין אַ נאַר־מאַלער מענטש, אָדער אַן אידיאָט?

— וואָס פאַר אַ אידיאָטישע פראַגע שטעלט איר?

— ריכטיק. איר זייט גערעכט. ס'איז טאַקע געווען אַן אידיאָטישע פראַגע. ווייל איך בין זיכער, אַז איר מיינט דאָס איך בין אַן אידיאָט...

— וואָס פלאַפּלסטו, ראַזין? וואָס פטרסטו צייט? גיי שרייב אונטער דעם פּראָטאָקאָל.

— צייט איז ביי מיר פאַראַן, ברוך־השם, גענוג. ביי אייך דאָ זיצן אויפן בענקל איז ניט קיין גרויסער גליק, נאָר ניט ערגער ווי אין קאַמער.

— ראָזין, איך האָב אַ סך געדולד, אָבער איך האָב אייך שוין געוואָרנט, אַז דאָס געדולד קען ביי מיר פּלאַצן.

— זאָל ער פּלאַצן. מיך אינטערעסירט דאָס ניט.

— גייט, שרייבט אונטער דעם פּראָטאָקאָל.

— איך האַלט זיך דערוווייל פאַר אַ נאָרמאַלן מענטשן. אַ נאָרמאַלער מענטש קען ניט און וועט ניט אונטערשרייבן אַזאַ אידיאָטישן פּראָטאָקאָל.

— עס וועט אייך גאָרניט העלפן. מיר וועלן אייך צווינגען אונטערצושרייבן.

— און איך מיין, אַז אייך וועט גאָרניט העלפן. איר וועט, פאַרשטייט זיך, קענען טאָן וואָס איר ווילט. די מאַכט איז ביי אייך און די קראַפט איז ביי אייך. אָבער אונטערשרייבן וועל איך ניט.

— איך וויל נאָך אַ מאָל אייך דערמאָנען. אייער עקשנות וועט ברענגען גרויסן שאָדן אייער ווייב און אויך אייער קינד וואָס דאַרף קומען אויף דער וועלט. גיט אַ טראַכט וועגן דעם. און זייט ניט קיין העלד. מיר האָבן איינגעבראָכן גרעסערע העלדן פון אייך.

— דאָס ווייס איך, אַז ברעכן קענט איר. און וואָס שייך מיין ווייב און קינד דאַנק איך אייך פאַר אייער הומאַניזם און פאַר דער זאָרג לגבי זיי. אָבער איך וויל איר זאָלט געדענקען איין מאָל פאַר אַלעמאָל: איך וועל ניט אונטערשרייבן דעם פּראָטאָקאָל און אַנדערע ענלעכע פּראָטאָקאָלן. דאָס איז מיין לעצט וואָרט...

— איך רעקאָמענדיר דיר גוט אַ טראַכט צו טאָן און אַוועקלייגן די עקשנות, וועלכע קען ברענגען דיר און דיין ווייב זייער אַ גרויסן שאָדן...

עס איז טאַקע געווען וואָס צו טראַכטן. צוויי זייער וויכטיקע, פּילבאַרע און ווייטיקלעכע פּראָבלעמען. קודם־כּל די פראַגע וועגן מאַשען. זי שוואַנגערט. אין 3־4 חדשים אַרום דאַרף געבוירן ווערן דאָס קינד. אפשר? אפשר דאַרף איך גלייבן מעלצערן אַז אויב איך וועל התמענען זייער פּראָטאָקאָל וועט דער מצב פון מאַשען זיין אַ בעסערער? אויב עס זיינען דאָ אַפילו וועלכע ניט איז קליינע האָפענונגען, אַז עס וועט טאַקע זיין אַזוי, צי האָב איך די מאָראַלישע רעכט צו ריזיקירן מיט איר און מיטן קינד? די פראַגע האָט מיר געעקבערט דעם מוח און ניט געלאָזט רוען. איך האָב באַשטימט צו האַלטן אַן עצה מיט ר׳ חיימען. ער איז געווען דער איינציקער מענטש אין קאַמער וועלכן איך האָב געגלויבט. איך האָב אים דערציילט וועגן דעם ערשטן דאַפּראָס.

— שפּיי זיך אויס אויף זיי. מען טאָר זיי ניט גלייבן קיין איין וואָרט אַפילו. עס איז אַ באַנדע. איך קען זיי זייער גוט. איך בין זיכער, אַז דיין ווייב האָט דער מעלצער געזאָגט דאָס זעלביקע וואָס דיר. בשום־אופן ניט! וועסט שאָדן ברענגען

זיך און וועסט ניט נאָר ניט העלפן, נאָר אויך שאַדן ברענגען דיין ווייב מיט אַזעלכע אונטערשריפטן...

איך בין כמעט אַליין געווען איבערצייגט אין דעם, נאָר דער שמועס מיט ר׳ חיימען האָט פאַרשטאַרקט מיין מיינונג און איך האָב באַשטימט אַז דער אַרגו־מענט וועגן מאַשען און דעם קינד דאַרף אויף מיר ניט ווירקן. איך טאָר זיך ניט אונטערגעבן. ס׳איז אויך געווען אַ צווייטע פּראָבלעם — זייער אַ וויכטיקע פון מאָראַלישן שטאַנדפּונקט.

אין פּראָטאָקאָל איז געוואָרן אָנגערופן אַ מענטש מיטן נאָמען קאַצענעלסאָן, ווי דער „פירער פון דער ציוניסטישער, קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע אין מינסק״. איך האָב ניט קיין שום אַנונג וועגן אים. איך האָב קיין מאָל ניט געהערט אַפילו אין אונדזערע פּועלי־ציוניסטישע קרייזן דעם נאָמען. ניט אין מינסק און ניט אין אַנדערע ערטער. איז דאָך מעגלעך אַז דווקא מיין חתימה קען דינען ווי אַ סיבה פאַר דעם אַרעסט פון דעם מענטש, אָדער אויב ער איז שוין אַרעס־טירט — קען זי דינען דער באַשולדיקונג פון אַ מענטש וועלכן איך קען אַפילו ניט. קען איך טאָן אַזאַ שרעקלעכע זאַך?

אין פּראָטאָקאָל איז אָנגעשריבן אַז אין „מיין גרופּע״ זיינען געווען 19 מאַן. אין אונדזער פּועלי־ציוניסטישער גרופּע אין מינסק זיינען געווען נאָר 8 מאַן. הייסט דאָס, אַז 11 מאַן אין צעטל זיינען מענטשן וועלכע האָבן ניט קיין שייכות צו אונדזער גרופּע. קען דאָך זיין אַז דווקא מיין חתימה זאָל דינען ווי אַ סיבה צו זייער אַרעסט, אָדער, אויב אַ טייל פון זיי איז שוין אַרעסטירט — צו זייער באַשולדיקונג. האָב איך די מאָראַלישע רעכט צו טאָן אַזאַ שרעקלעכע זאַך?

(אין 10 יאָר אַרום האָב איך זיך טאַקע דערוווּסט, אַז אייניקע וועלכע זיינען געווען אין יענער רשימה פון די 19 מאַן, זיינען ניט אַרעסטירט געוואָרן. קען איך דאָך טראַכטן, אַז ווען איך וואָלט יאָ אונטערגעשריבן, וואָלט מען זיי וואַר־שיינלעך, יאָ אַרעסטירט. הייסט דאָס אַז איך האָב טאַקע געטאָן ריכטיק וואָס איך האָב ניט אונטערגעשריבן !...).

עס איז ניט גרינג אָנצונעמען אַ באַשלוס אין אַזעלכע פּראָגעס. איין זאַך איז לאָגיק און מאָראַל און אַ צווייטע זאַך איז דער מענטש מיט זיין ווילן צו לעבן, דער מענטש מיט זיינע שוואַכקייטן. איך האָב אָבער באַשלאָסן: איך וועל ניט אונטערשרייבן. איך האָב געצאָלט פאַר דעם באַשלוס אַ טייערן פּרייז (און ניט נאָר ביי מעלצערן אין מינסק, נאָר אויך שפּעטער), אָבער איך האָב קיין מאָל דערויף ניט חרטה געהאַט.

אין 3 טעג אַרום האָט מען מיך ווידער אין מיטן דער נאַכט געבראַכט צו פירן צו מעלצערן. ער האָט מיר גלייך געגעבן מייגע ברילן און געהייסן זיך זעצן אויף דער טאַבורעטקע.

— נו, האָסט שוין דורכגעטראַכט דיין לאַגע. איך האָף אַז פּאַר די דריי טעג ביסטו קליגער געוואָרן.

— איך מיין, אַז יאָ. אויף יעדן פאַל: ניט נאַרישער.

— וועסט אונטערשרייבן דעם ערשטן פּראָטאָקאָל?

— ניין.

— איך האָב זייער פיינט אָנצונעמען ספּעציעלע מיטלען, ווי עס טוען אַ סך פון מיינע חברים מיט גרויס דערפאָלג. איך האָב ליב צו איבערצייגן. איך וועל דיר איבערלייענען די רשימה פון די 19 מאַן אין דיין גרופּע פון דער אָרגאַניזאַ־ציע און איך וועל דיר זאָגן אַז אַלע 18, חוץ דיר, האָבן זיך שוין מודה געווען און אונטערגעשריבן אַזאַ פּראָטאָקאָל וועלכן איך האָב דיר פאָרגעלייענט. איז וואָס זשע ברעכסטו זיך אין אָפענע טירן?

— איז ניט גענוג, אויב 18 פון 19 האָבן אונטערגעשריבן? דאַרפסט האָבן 100 פּראָצענט על חטא? 95 איז ווייניק?

— יאָ, איך דאַרף האָבן 100 פּראָצענט. אָט אַזאַ סיסטעם פון אַרבעט איז ביי מיר. איז הער זיך צו. פאַרגעדענק גוט די נעמען...

— וואָס עפּעס דאַרף איך פאַרגעדענקען? לויט אייער פּראָטאָקאָל בין איך דאָך געווען זייער אָנפירער און געאַרבעט מיט זיי אַ סך צייט אין דער אָרגאַני־זאַציע. קען איך דאָך זיי בעסער פון אייך...

ער האָט ניט געלייגט קיין אַכט אויף מיין סאַרקאַסטישער באַמערקונג און איבערגעלייענט די רשימה פון די 19 מאַן. פון אונדזער גרופּע זיינען דאָרט גע־ווען 7 מאַן. פורמאַן האָט אין דער רשימה ניט פיגורירט. און פון די איבעריקע 12 מאַן האָב איך געקענט נאָר 3, וועלכע זיינען געווען ביי אונדז אין דער יוגנט־פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע ביז זומער פון יאָר 1928 און דערנאָך האָבן זיי ניט געהאַט קיין שייכות צו דער אונטערערדישער טעטיקייט. איינע פון די דריי איז געווען ראָזע אַקסעלראָד.

— וועסטו זאָגן אַז דו קענסט ניט די 19 מאַן?

— אייניקע פון זיי קען איך גוט. איך קען גוט מיין ווייב. איך קען גוט אויך בערל קאָפּעליאָוויטש, מישעביילין, ראָזע אַקסעלראָד. איך קען זיי פון די קינדער־יאָרן. און אַ סך פון זיי קען איך ניט. איך האָב אַפילו זייערע נעמען קיין מאָל ניט געהערט.

— דו אַרבעטסט דאָך אין איינעם מיט זיי שוין אַ צענדליק יאָר אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון מינסק.

— גראַזשדאַנין סליעדאָוואַטעל, זייט מיר מוחל, אָבער איך וויל זאָגן אַז איר זייט ניט קיין וואַזשנער טשעקיסט. איר האָט אויפגעבנייט דעם בגד מיט ווייסן פאָדעם. ווי אַזוי קען איך זיין מיט זיי אין איינעם אַ צענדליק יאָר אין אַ מינסקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע? אויב איר האָט נאָך מיר נאָכגעשפּירט, ווייסט איר

דאָך זייער גוט אַז אין האַרבסט פון יאָר 1926 בין איך אַוועקגעפאָרן פון מינסק, געאַרבעט און געלערנט אין אַנדערע שטעט, געענדיקט אין כאַרקאָוו אַן אינסטי־טוט און ערשט אין סוף פון יאָר 1933, ד״ה ניט מער, ווי מיט 1½ יאָר צוריק האָב איך זיך אומגעקערט קיין ווייסרוסלאַנד, געאַרבעט אַ יאָר אין האָמעל און סך־הכל בין איך אין מינסק אין גאַנצן אַ האַלב יאָר.

— דו האָסט געזאָגט אַז ראַזע אַקסעלראָדן קענסטו זייער גוט. איר האָט זיך געהאַלטן ווי פריינד ביז דעם טאָג פון דיין אַרעסט?

— יאָ. מיט רייזלען זענען מיר נאָענטע חברים און זייער גוטע פריינד פון די קינדער־יאָרן. איך קען מודה זיין אַז זי איז געווען מיין ערשטע קינדערשע ליבע. איר קענט דאָס פאַרשרייבן אין פּראָטאָקאָל. ליבע איז דאָך מסתמא אַ גוטע באַשטעטיקונג פון געמיינזאַמער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט...

— אַ שאַרף צינגל ביי דיר. אָבער איך האָב דאָס דווקא יאָ פאַרשריבן. נו, און ראַזעס משפּחה קענסטו אויך גוט?

— זייער גוט. איך בין געווען אַן אָפטער אַריינגייער צו זיי אין שטוב.

— און וואָס פאַר אַ באַציִונגען זיינען געווען צווישן דיר און זעליק אַקסעל־ראָד?

— קיין שום באַציִונגען. גוט־מאָרגן און אַ גוטן־טאָג.

— ווי אַזוי האָט ער זיך באַצויגן צו אייך — איך מיין צו דיר מיט ראָזען — ווען איר זייט געווען, ווי דו זאָגסט, אין די קינדערשע יאָרן, אין דער ציוניסטי־שער באַוועגונג? האָט ער סימפּאַטיזירט מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג?

— איך האָב דאָך שוין געזאָגט אַז חוץ באַגריסן ביים באַגעגענען זיך, זיינען ביי אונדז קיין באַציִונגען ניט געווען. ער איז אַ סך עלטער פון מיר, איך האָב באַקענט ראָזען אין עלטער פון 12 יאָר, ער איז דאַן שוין געווען אין עלטער פון 18 יאָר. וועלכע באַציִונגען האָבן געקענט זיין צווישן אונדז? ער איז אַ גרויסער יידישער פּאָעט — איז וואָס האָט ער געקענט האָבן געמיינזאַמס מיט מיר?

— נו גוט. לאָמיר דערווייל ניט רעדן וועגן דעם. אָבער זאָג מיר — ביסט כאָטש אַ מאָל געווען אַ ציוניסט?

— יאָ. פון 1925 ביז יוני 1928 בין איך געווען אַ מיטגליד פון דעם יידישן יוגנט־פאַרבאַנד „יוגנט־פּועלי־ציון".

— וואָס עפּעס שטרייכסטו אונטער פּינקטלעך ביז יוני 1928?

— ווייל אין יוני פון יאָר 1928 האָט די סאָוועטן־מאַכט פאַרבאָטן די טעטי־קייט פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין ראַטן־פאַרבאַנד און פון דאַן אָן פאַרנעם איך זיך ניט מיט קיין שום פּאָליטישער טעטיקייט בכלל.

— נו, און פון יוני 1928 ביזן טאָג פון אַרעסט האָסטו געהאַט אַ וועלכע ניט איז שייכות צו דער פּועלי־ציון־באַוועגונג? איך זאָג אַ וועלכע ניט איז. לאָמיר זאָגן כאָטש אַן אידעאָלאָגישע שייכות?

— איך האָב ניט געהאַט קיין שום אָרגאַניזאַציאָנעלע שייכות, ווייל די סאָוועטן־מאַכט האָט עס פאַרבאָטן. און וואָס הייסט אידעאָלאָגישע שייכות? איך פאַרשטיי דאָס ניט. יעדער מענטש האָט וועלכע ניט איז געדאַנקען, האָט אַ וועלטאַנשויונג. באַדייט דאָס אידעאָלאָגישע שייכות צו אַ וועלכע ניט איז פּאַרטיי? און וואָס פאַר אַ שייכות האָבן פערזענלעכע מיינונגען פון מענטשן צו דער נקוו״ד?

— זאָג מיר, פאַר וואָס האָסטו ניט אונטערגעשריבן דעם בריוו פון אַ גרופּע געוועזענע מיטגלידער פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין צענטראַל־קאָמיטעט פון אונדזער פּאַרטיי?

— איך ווייס ניט וועגן וואָס עס רעדט זיך.

— איך פרעג וועגן דעם דאָקומענט אין וועלכן עס ווערט אָפּגעשאַצט די פּראָגראַם פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אַלס בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישע, קאָנטררעוואָלוציאָנערע און אַנטי־סאָוועטישע.

— ערשטנס האָב איך דעם דאָקומענט ניט געזען און, צווייטנס, האַלט איך זיך ניט פאַר קיין עקספּערט וואָס קען מאַכן אַזעלכע ערנסטע אָפּשאַצונגען.

— וואָס הייסט — דו האָסט דעם דאָקומענט ניט געזען? אונדז איז דאָך באַוווּסט אַז מען האָט זיך געווענדט צו דיר און געבעטן אַז אויך דו זאָלסט געבן אויף אים דיין אונטערשריפט.

(מעלצער איז געווען גערעכט. מען האָט טאַקע געבעטן מיין אונטערשריפט. און עס איז געווען אַ גרויסער סקאַנדאַל. איך האָב די, וואָס האָבן ביי מיר דאָס געבעטן, אָנגערופן „פּאַררעטערס און פּראָוואָקאַטאָרן". דער דאָקומענט האָט דאַן ווען ער איז געווען אָפּגעדרוקט אַרויסגערופן אַ שווערע רעאַקציע אין אונדזערע אונטערערדישע קרייזן).

— איך איז אַלץ באַוווּסט. זיינען דאָך איבעריק די פראַגעס.

— איך וועל דיר געבן דעם דאָקומענט. לייען איבער און דערנאָך וועסטו מיר זאָגן דיין מיינונג.

און ער האָט אַרויסגענומען פון זיין טישקעסטל די מינסקער יידישע צייטונג „אָקטיאַבר" און זי איבערגעגעבן מיר.

— איך וועל זיך דערווייל אַ ביסל אָפּרוען. און דו לייען.

מעלצער גייט אַרויס פון צימער און אין דער זעלבער סעקונדע איז געקומען און זיך געשטעלט נעבן מיר אַ סאָלדאַט. דער דאָקומענט איז מיר געווען גוט באַוווּסט און מאַכנדיק אַן אָנשטעל פאַר דעם סאָלדאַט אַז איך לייען אים אויפמערקזאַם, האָב איך געטראַכט ווי אַזוי ווייטער זיך צו האַלטן מיט מעלצערן. אין אַ קורצע צייט אַרום איז מעלצער אַריין און דער סאָלדאַט איז אַרויס.

— נו, מיר וועלן פאָרזעצן. וואָס איז דיין מיינונג וועגן דעם זייער וויכטיקן דאָקומענט?

— איך וועל זאָגן דעם אמת. דער בריוו איז אָנגעפילט מיט טעאָרעטישע

פּאַרמולירונגען און מיט פּראָבלעמען אין וועלכע איך קלייב זיך פונאַנדער זייער שוואַך. דער אמת איז אַז איך בין איצט זייער ווייט פון אָט די אַלע פּראָבלעמען. זיי זיינען פאַר מיר ניט אַקטועל.

— אָבער זאָג מיר דייטלעך — ביסט אין תוך גענומען מסכּים מיט דער דאָזיקער אָפּשאַצונג פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג.

— זיי האָבן דאָך געמאַכט דעם אויספיר און געבעטן דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צו געבן זיי די מעגלעכקייט אַריינטרעטן אין די רייען פון דער פּאַרטיי. איך איז דאָך באַוווּסט אַז איך האָב ניט געבעטן מען זאָל מיך איינשליסן אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. איך בין געבליבן אַן אומפּאַרטייִישער.

— דו ביסט געבליבן אַ מיטגליד פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי און ניט קיין אומפּאַרטייִישער.

— דאָס איז אייער מיינונג. מיין ענטפער איז — איך בין אַן אומפּאַרטייִישער.

(אַרבעטנדיק דאָ, אין ירושלים, אין דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק, אויף אַ מאָנאָגראַפיע וועגן יידישן ישוב אין מינסק אין די יאָרן 1917—1941, האָב איך געלייענט די צייטונג „אָקטיאַבר" פון 26.5.1930, ווו דער אויבן דערמאָנטער דאָקומענט איז געווען אָפּגעדרוקט. איך ברענג בלויז איין אויסצוג פון דעם דאָקומענט וועלכער איז, לויט מיין מיינונג, זייער אַ כאַראַקטעריסטישער. אין 9טן פּאַראַגראַף פון דעם דאָזיקן דאָקומענט רעדט זיך וועגן דעם שרעקלעכן פּאָגראָם אין חברון און אַנדערע פּאָגראָמען אין ארץ־ישראל וואָס די אַראַבערס האָבן דורכגעפירט אין אויגוסט פון יאָר 1929. דאָס ווערט דאָרט פאָרמולירט אַזוי:

„קאַמף פאַר שאַפן אַ יידישן טעריטאָריאַלן צענטער אין פּאַלעסטינע פירט אומפאַרמיידלעך צו אַן איינהייטלעכן פראָנט מיטן נאַציאָנאַל־רעפאָרמיזם, וועלכער האָט זיך איצט געשטעלט אויפן וועג פון סאָציאַל־פאַשיזם. גיין מיט דעם דאָזיקן וועג באַטייט סוף־כּל־סוף נוצן ברענגען דער ציוניסטישער בורזשואַזיע און דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם. דאָס איז באַזונדערס קלאָר געוואָרן בעת די געשעענישן וואָס זיינען ניט לאַנג פאָרגעקומען אין פּאַלעסטינע. זייענדיק פאַרבלענדט פון די פאַלש־פאַרשטאַנענע נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, האָט די פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין פּאַלעסטינע ניט געקאָנט פאַרשטיין, אַז דער אַראַבישער אויפשטאַנד וועלכער איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך אַן ענגליש־ציוניסטישע פּראָוואָקאַציע, איז ניט געקוקט דערויף וואָס די פעאָדאַלן און גייסטלעכע האָבן אים געשטויסן אין דער ריכטונג פון אַ יידישן פּאָגראָם, שפּעטער פון דעסטוועגן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד. אָט דער אויפשטאַנד איז, אין תוך גענומען, געוואָרן אַן אַראַבישע אַנטי־אימפּעריאַליסטישע באַוועגונג און לויט זיין סאָציאַלן אינהאַלט הויפּטזאַכלעך אַ

פויערים־באַוועגונג. די פועלי־ציון האָבן עס ניט פאַרשטאַנען און אָנשטאָט צו גיין מיט די אַראַבישע אַרבעטערס, צו העלפן די אָפּגעשטאַנענע מאַסן צו באַפרייען זיך פון דער ווירקונג פון די רעאַקציאָנערע פעאָדאַלן און גייסטלעכע, אָנשטאָט צו שטויסן די גאַנצע באַוועגונג צום קאַמף קעגן דעם אימפּעריאַליזם און זיין ציוניסטישער אַגענטור אין פּאַלעסטינע — אָנשטאָט דעם איז זי צוגעשטאַנען צום העצן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון די אַראַבישע פּויערים־מאַסן, וואָס זיינען דערשטיקט געוואָרן פון די פאַר־אייניקטע כּוחות פון דער קאָלאָניאַלער אימפּעריאַליסטישער מיליטער־כּנופיה, מאַקדאָנאַלדס „אַרבעטער"־רעגירונג, ציוניסטישער בורזשואַזיע און אירע פאַשיסטישע אָטריאַדן אונטער זשאַבאָטינסקיס אָנפירונג...").

מעלצער האָט דאָס מאָל פאַרענדיקט דעם דאָפּראָס. ער האָט אָבער זייער קאַטעגאָריש געוואָרנט:

— איך בין איבערצייגט אַז דו ביסט געווען און געבליבן אַן אויסגעשפּראָ־כענער ציוניסט. איך האָב זיך איבערצייגט אַז אַלע אונדזערע באַשולדיקונגען קעגן דיר זיינען באַגרינדעטע. דעם ערשטן פּראָטאָקאָל, וועלכן איך האָב דיר פאָרגע־לייענט דאַרפסטו אונטערשרייבן און וועסט אונטערשרייבן. דאָס וועט זיין בעסער פאַר דיר און פאַר דיין ווייב. דאַרפסט וויסן, אַז ביי אונדז באָלשעוויקעס איז פאַראַן אַן אייזערנער פּרינציפּ: דער ציל באַרעכטיקט אַלע מיטלען. איך שטרייך אונטער: ביי אונדז זיינען אַלע מיטלען כּשר כּדי צו דערגרייכן אונדזער ציל. אונדזער ציל איז — אַנטשיידענער קאַמף מיט די פיינד פון פאָלק, מיט די פיינד פון אַלע שאַטירונגען און פון אַלע ראַנגען. און די אויפגאַבע פון אונדז, טשעקיסטן, איז צו אַנטדעקן אָט די פיינד. און דאָס מודה זיין זיך פון דעם פיינד אין זיינע מעשׂים איז אַ וויכטיקער עלעמענט אין אונדזער אַרבעט. דעריבער האָבן מיר די רעכט צו אָננעמען אַלע מיטלען, כּדי צו צווינגען דעם פיינד ער זאָל זיך מודה זיין אין אַלע באַשולדיקונגען וועלכע מען האָט אים בצדק אינקרימינירט. איך אַליין האָב פיינט עקסטרעמע מיטלען. אַזאַ שוואַכע נאַטור ביי מיר. איך האָב ליב צו איבערצייגן. אָבער צו אַלץ איז דאָ אַ גרענעץ. איך וואָרן דיך: דעם פּראָטאָ־קאָל פון ערשטן דאָפּראָס און די רשימה פון די אָנטיילנעמערס פון דיין קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער, ציוניסטישער גרופּע דאַרפסטו אונטערשרייבן. דערפיר ניט צו קיין עקסטרעמע מיטלען. איך וועל פון דעם ניט אָפּטרעטן. איך גיב דיר צייט צו טראַכטן. איך זאָג נאָך אַ מאָל — טראַכט אויך וועגן דעם גורל פון דיין ווייב און קינד.

ער האָט איבערגעלייענט זיין לעקציע וועגן די באָלשעוויסטישע פּרינציפּן און מעטאָדן, אַ קוועטש געטאָן די קנאָפּקע אין טיש, ניט פאַרגעסן צוצונעמען ביי מיר די ברילן און געהייסן אָפּפירן מיך אין קאַמער.

טראַכטן וועגן יאָ אונטערשרייבן אָדער ניט אונטערשרייבן האָב איך זיך ניט געקליבן. מיין באַשלוס איז געווען אַן אַנטשלאָסענער און קאַטעגאָרישער: ניט אונטערשרייבן.

אָבער מיך האָט ניט געלאָזט רוען דער געדאַנק וועגן רייזל אַקסעלראָד וועלכע פיגורירט אין דער רשימה פון די 19 און מעלצערס עטלעכע, כאילו זייטיקע פראַגעס וועגן רייזלס ברודער — דעם פּאָעט זעליג אַקסעלראָד.

רייזל אַקסעלראָד. זי האָט פון 10־יאָריקן עלטער געלערנט אין איינעם מיט מיין שוועסטער בתיה און מיט מאַשען אין איין און דער זעלבער זיבן־יאָריקער שול און אין איין און דעם זעלביקן קלאַס. זיי זיינען געווען די בעסטע חברטעס. און דערנאָך בין איך געוואָרן רייזלס בעסטער חבר. אַ געוויסע צייט האָט ביי אונדז געלויכטן אַן אמתע, ריינע קינדערשע ליבע. כמעט יעדן טאָג האָב איך זיך געטראָפן מיט רייזלען אין דער דירה פון אירע עלטערן, אין זייער קליינעם, אין דער ערד איינגעזונקענעם הילצערנעם שטיבל אויף דעם שמאָלן און קרומען יוריעווע־זאַוואָלאָנער געסל וואָס האָט זיך געפונען אין צענטער פון יידישן מינסק.

רייזלען האָב איך אַריינגעצויגן אין דער פּועלי־ציון־יוגנט. איך האָב געוווּסט אַז זי איז אַריין אין דער אָרגאַניזאַציע ניט צוליב אידעאָלאָגישע טעמים: ניט דערפאַר, וואָס זי האָט געהאַט אַ ציוניסטישע וועלט־אָנשויונג. פּשוט: זי איז געווען אין דעם קרייז פון חברים און איך האָב געהאַט אַ באַשטימטע השפּעה און אפשר האָט איר אימפּאָנירט דאָס גיין קעגן דעם אָפיציעלן שטראָם. רייזל איז אָבער אין דער אָרגאַניזאַציע געווען פּאַסיוו, ניט אַרויסגעוויזן קיין באַזונדער התלהבות, און ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָט זי אויפגעהערט איר אימשטיינס געזאָגט טעטיקייט אין דער יוגנט־פּועלי־ציון.

אין דער משפּחה אירער האָט קיינער ניט געהאַט קיין שייכות צום ציוניזם. אָבער דאָס איז געווען אַ שטוב, אַן אָנגעזאַפּטע מיט יידישער קולטור. רייזלס עלטערער ברודער מאיר איז געווען אַ מאָלער און זיין שפּעטערישע אַרבעט איז איבער הויפּט געווען געווידמעט דעם יידישן לעבן. ער האָט אילוסטרירט די ביכער פון שלום־עליכם און י. ל. פּרץ, די ביכער פון שמואל האַלקין, לייב קוויטקאָ און אַנדערע סאָוועטיש־יידישע פּאָעטן און שרייבערס. מאיר האָט קינסטלעריש אויסגעפורעמט פיל ספּעקטאַקלען אין די יידישע טעאַטערס פון ראַטןפאַרבאַנד. ער האָט גוט געקענט העברעיש און האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אויף דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור און געווען דורכגעדרונגען מיט ליבשאַפט צום יידישן פאָלק מיט זיינע ווערטן.

דער צווייטער ברודער זעליג איז געווען אַ טאַלאַנטפולער סאָוועט־יידישער פּאָעט. אין מיינע צייטן — אין דער צווייטער העלפט פון די 20ער יאָרן — ווען איך בין געווען אַ בן־בית ביי דער משפּחה אַקסלעראָד — איז דאָס שטיבל אויף

יוריעוויץ־זאַוואָלאָזשער גער געסל געווען דער צענטער פון דער יידישער פּאָעזיע אין מינסק. דאָרט האָב איך זיך באַקענט מיט זעליגס חבר — מיט דעם באַוווסטן יידישן דיכטער איזי כאַריק, מיט דעם יידישן דיכטער משה טייף און אַ ביסל שפּעטער אויך מיט דעם דיכטער און שרייבער משה קולבאַק. גאַנץ אָפּט האָב איך געהערט פון ערשטן מקור זעליגס און איזי כאַריקס לידער נאָך איידער זיי זיינען געוואָרן געדרוקט.

רייזל איז געווען מער אַריינגעטאָן אין דער ליטעראַריש־קינסטלערישער באַהעמע ווי אין די יידיש־נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען. רייזל האָט זיך געגרויסט מיט אירע טאַלאַנטפולע ברידער, אָבער זייער עצם שאַפונג, די יידישע מאָטיוון פון זייער שאַפונג, האָבן זי כמעט ווי ניט אינטערעסירט. איך האָב זי קיין מאָל ניט געזען לייענען קיין יידיש בוך, זי האָט אַ סך געלייענט, אָבער רוסישע ליטעראַטור.

איך האָב געטראַכט וועגן רייזלען נאָך דעם צווייטן דאָפּראָס און ניט געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס האָט מען זי אַריינגעשריבן אין דער רשימה פון מיין „גרופּע ציוניסטישע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן". איך האָב, איך ווייס ניט פאַר וואָס, אינטויטיוו געפילט און כמעט געווען זיכער, אַז רייזל איז ניט אַרעסטירט. איך בין געווען זיכער, אַז מיט איר אויפפירונג פאַר די לעצטע 7 יאָר (איך מיין — פון יאָר 1928) האָט זי ניט געקענט אַרויסרופן קיין חשד ביי וועמען ניט איז. איז פאַר וואָס זשע האָט מען זי אַריינגעשריבן אין דעם צעטל פון די „19 ציוניסטן"?

און נאָך מער מיסטעריעז איז געווען די פראַגע: פאַר וואָס האָט עפּעס מעלצער דערמאָנט זעליג אַקסעלראָדן? ס'איז דאָך ניט קיין צופעליקע פראַגע. זיי האָבן דאָך אין נקוו"ד אויסגעצייכנט געוווסט אַז זעליג אַקסעלראָד האָט ניט קיין שום שייכות צו מיר, צו אונדזער ציוניסטישער גרופּע. זיי האָבן געוווסט אַז איך בין געווען באַקאַנט מיט זעליגן צופעליק צוליב רייזלען. זיי האָבן געוווסט אַז זעליג פאַרנעמט זייער וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער יידישער ליטעראַטור און דרייט זיך נאָר אין יענע קרייזן צו וועלכע איך האָב ניט קיין שום שייכות. איך האָב דאָס ניט געקענט פאַרשטיין און ס'איז פאַר מיר געווען אַ מאָדנע, פאַרנעפּלטע רעטעניש. אָבער איך בין געווען זיכער אַז זיי זוכן אַ וועלכן ניט איז „שליסל" צו זעליגן. איך בין געווען זיכער, אַז זיי האָבן געעפנט, אָדער קלייבן זיך צו עפענען אַ „דיעלאָ זעליג אַקסעלראָד". זי וועט דערווייל ליגן אין אַרכיוו ביי דעם „ספּעציאַליסט" פון יידישע שרייבערס. אין דער דאָזיקער „דיעלאָ" וועט מען, ביי יעדער געלעגנהייט, אַריינלייגן אַ ביי פּאַפּירל, אַ מסירהלע, אַ „ניט געלונגענעם" אויסדרוק אין אַ ליד וואָס מען האָט ניט געוואָלט אָפּדרוקן...

אין אונטערשייד צו כמעט אַלע יידישע סאָוועטישע דיכטערס פון זיין תקופה, האָט זעליג אַקסעלראָד ניט אָפּגעשפּיגלט אין זיין שאַפונג די פּראָבלעמען פון רע־

וואָלוציע און דער אַזוי גערופענער סאָציאַליסטישער בויונג. ער האָט ניט אויס־געפילט קיין „סאָציאַלע באַשטעלונגען״. ער איז געווען אַן אייגנאַרטיקער און צאַרטער ליריקער. זיינע לידער, וועלכע מען האָט געליבט פאַר זייערע קינסט־לערישע אייגנשאַפטן, זיינען געווען שטאַרק קריטיקירט פון סאָציאַל־פּאָליטישן שטאַנדפּונקט דורך די פּאַרטייִש־ליטעראַרישע אויפזעערס. דאָס האָט גורם געווען דערצו אַז זיינע לידער זיינען זעלטן געדרוקט געוואָרן. ער איז ניט געווען קיין מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און ניט פאַרנומען קיין וויכטיקע גע־זעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס.

אין דער צווייטער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון דער ליקווידאַציע פון דער יידישער קולטור אין מינסק. דווקא אין מינסק האָט זיך אָנגעהויבן די פּלאַנירטע טאָטאַלע אויסראָטונג פון דער יידישער קולטור אין ראַטן־פאַרבאַנד. אין משך פון דריי יאָר — 1938—1935 — האָט מען ליקווידירט די יידישע אָפּטיילונג פון היסטאָרישן פאַקולטעט פון מינסקער אוני־ווערסיטעט און די קאַטעדרע פון יידישער ליטעראַטור און שפּראַך. מען האָט פאַרמאַכט דעם אינסטיטוט פון יידישער קולטור. מען האָט ליקווידירט דאָס שול־וועזן אין דער יידישער שפּראַך און פאַרמאַכט דעם יידישן אָפּטייל פון דער ווייס־רוסישער מלוכה־ביבליאָטעק און מען האָט אָנגעהויבן דעם פּראָצעס פון דירעקטע פיזישע פאַרפאָלגונגען און פאַרניכטונג פון יידישע שרייבערס און קולטור־טוערס. אין יאָר 1936 האָט מען אַרעסטירט און אומגעבראַכט דעם שרייבער זיסקינד לעוו. אין יאָר 1937 האָט מען אַרעסטירט די שרייבערס איזי כאַריק, משה קולבאַק, די ליטעראַטור־קריטיקערס דוניעץ און בראָנשטיין, דעם טאַלאַנטפולן אַרטיסט און רעזשיסער משה ראַפּאַלסקי, די קולטור־טוערס אָשעראָוויטש, וואָלאָברינסקי, ראָ־זענהויז און אַ סך אַנדערע. די מערהייט פון זיי איז דערמאָרדעט געוואָרן אין זעלבן יאָר 1937.

זעליק אַקסעלראָדן האָט דער גורל דערוייל געמיטן. אין 1939סטן און אין 1940סטן יאָר, נאָך דעם ווי אין רעזולטאַט פון דעם סאָוועטיש־דייטשישן אָפּמאַך זיינען די מיזרח־געביטן פון פּוילן אָנגעשלאָסן געוואָרן אין ראַטן־פאַרבאַנד, האָט זעליק אַקסעלראָד באַזוכט ביאַליסטאָק און ווילנע און אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינ־טערעס צו דעם צושטאַנד פון דער יידישער קולטור און ליטעראַטור אין די גע־ביטן. ער האָט אויך אַרויסגעוויזן אַ זייער וואַרעמע באַציִונג צו די יידישע שריי־בערס־פּליטים פון פּוילן. אין ווילנע האָט מען זעליקן אויפגענומען זייער וואַרעם און מיט גרויס כּבֿוד. מען האָט אים געמאַכט אַ גרויסאַרטיקן קבלת־פּנים. ער איז געווען זייער באַגייסטערט פון דעם יידישן גייסט, וועלכער הערשט אין שטאָט און ער האָט עס אָפן אַרויסגעזאָגט. אַזוי, למשל, האָט זעליק באַזוכט אַ קאָנצערט פון דעם באַוווּסטן וואַרשעווער חזן משה קוסעוויצקי און געבעטן ער זאָל זינגען „כּל נדרי״. אָדער גייענדיק שבת איבער די ווילנער גאַסן האָט ער אַרויסגעוויזן

זיין שׂמחה צוליב דעם וואָס די יידישע קראָמען זיינען פאַרמאַכט. אָט די „אַנטי־סאָוועטישע" שטימונגען האָבן מענטשן רעגיסטרירט...

זעליק אַקסעלראָד איז אויך באַגאַנגען אין ווילנע אַ גוואַלדיקן „פּאָליטישן פעלער". אין שטאָט איז דערשינען אַ יידישע צייטונג, „ווילנער עמעס", און די סאָוועטישע מאַכט האָט באַשטימט זי צו שליסן. זעליק איז געווען אויפגעטרייסלט פון דעם באַשלוס. ער האָט עפנטלעך פּראָטעסטירט קעגן דעם באַשלוס און אַפילו געוואָגט צו זאָגן אַז ער וועט אָנגעמען אַלע מיטלען, כּדי ניט צו דערלאָזן מען זאָל פאַרמאַכן די צייטונג... און דאָס איז אויך געוואָרן פאַרנאָטירט אין די בלאָקנאָטן פון די „שמעקערס" וועלכע האָבן באַגלייט זעליקן אין זיין נסיעה.

דעם 31סטן מאַי פון יאָר 1941 האָט מען אַקסעלראָדן אַרעסטירט. מען האָט אים באַשולדיקט אין יידישן נאַציאָנאַליזם און אַלס הויפּט־פאַקט פון באַשולדיקונג האָט טאַקע געדינט די אויפפירונג זיינע אין ווילנע בשעת דעם שליסן די יידישע צייטונג „ווילנער עמעס".

דעם 26סטן יוני 1941, צוויי טעג פאַר דער דייטשישער אינוואַזיע אין מינסק, איז דער יידישער פּאָעט זעליק אַקסעלראָד דערשאָסן געוואָרן אין הויף פון דער מינסקער טורמע.

— איצט וועל איך אייך שוין צעשפּאַלטן, איך וועל אייך כאַפּן, ווי מען זאָגט, ס'פּאָליטשנים, אַזוי ווי אַ גנב מיט דער גנבה אין דער האַנט — האָט געזאָגט מעלצער ווען מען האָט מיך געבראַכט צו דעם דריטן דאָפּראָס.

נעבן מעלצערס טיש איז געזעסן פורמאַן — דער זעלבער פורמאַן, וועלכער האָט אויף דער לעצטער באַגעגעניש פון אונדזער אונטערערדישער גרופּע אין אַנהייב מערץ, היציק געפאָדערט אַז מען זאָל פאַרשטאַרקן די אַרבעט און אַפילו פאַרשפּרייטן פלוגבלעטלעך, וועלכע פּראָטעסטירן קעגן דעם מאַסן־טעראָר אין לאַנד. ער איז רויִק געזעסן און געראויכערט אַ פּאַפּיראָס.

— קענט איר דעם מענטשן? ווי איז זיין פאַמיליע און נאָמען? ביי וועלכע אומשטענדן האָט איר זיך באַקענט מיט אים? — האָט מיך געפרעגט מעלצער.

— יאָ, איך קען אים. ער איז אייזיק פורמאַן. איך האָב זיך באַקענט מיט אים, דאַכט מיר, אין אָנהייב 1926 אין לאָקאַל פון פּועלי־ציון אין מינסק.

— וועלכע באַציִונגען זיינען געווען צווישן אייך? איך מיין פּערזענלעכע באַציִונגען — גוטע אָדער שלעכטע? האָט איר צו אים וועלכע ניט איז טענות, אָדער אַ וועלכן ניט איז כּעס?

— איך האָב ניט מיט פורמאַנען קיין שום באַציִונגען און איך האָב צו אים ניט קיין שום טענות און קיין שום כּעס.

— אויסגעצייכנט. און איצט, חבר פורמאַן, זאָגט, ווער איז דער אַרעסטירטער און וואָס קענט איר זאָגן וועגן אים?

— מען רופט אים ראַזין אַהרון. איך קען אים פון אָנהייב 1926. ניין יאָר בין איך מיט אים אין איין ציונסיטישער אָרגאַניזאַציע, דאָ, אין דער שטאָט מינסק. ביז יוני 1928 זיינען מיר געווען אין איינעם אין יוגנט־פועלי־ציון. ראָזין איז געווען דער סעקרעטאַר און דערנאָך ווען די ראַטנמאַכט האָט פונאַנדערגע־טריבן די פועלי־ציון־פּאַרטיי און פאַרבאָטן איר ווייטערדיקע עקסיסטענץ, זיינען מיר געווען די גאַנצע צייט, ביז זיין אַרעסט, אין אַן אונטערערדישער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע.

— וויפל מענטשן זיינען געווען אין דער אָרגאַניזאַציע?

— איך מיין אַז אַרום 100, אָבער צוליב קאָנספּיראַציע־צוועקן זיינען מיר געווען צעטיילט אויף גרופּעס. ראָזין האָט אָנגעפירט מיט אַ גרופּע פון 19 מאַן. אין דער גרופּע בין איך אויך געווען. חוץ ראָזינען מיט מיר זיינען אין דער גרופּע געווען פאָלגנדע חברים... — און ער האָט אויסגערופן די נעמען לויט דער רשימה פון מעלצערן.

— וואָס פאַר אַ ציל האָט געהאַט די אָרגאַניזאַציע?

— איבער הויפּט אַנטי־סאָוועטישע אַגיטאַציע, דיסקרעדיטאַציע פון אַלע מאָסמיטלען, וועלכע עס פירט דורך די ראַטנמאַכט לגבי די יידישע מאַסן; קאָנטאַקטן מיט אַנדערע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן אין לאַנד און זוכן אַלע מעגלעכקייטן, ווי אויך אויסנוצן יעדע געלעגנהייט צו שאַפן קאָנטאַקטן מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג אין פּאַלעסטינע און אין אויסלאַנד, איבער הויפּט אין אַמעריקע.

— איך מיין, אַז ס׳איז גענוג איבערצייגנדיק — זאָגט צו מיר מעלצער — אייער פריינד פורמאַן האָט דערציילט דאָס וואָס איר קענט ניט אָפּלייקענען.

— איך קלייב זיך ניט אָפּצולייקענען וואָס ניט איז פון פורמאַנס פּלוידעריי, אָדער ריכטיקער געזאָגט, פון דער פּלוידעריי וואָס איר האָט פאַר אים צוגע־גרייט. איך ענטפער קורץ און קלאָר: עס איז אַ גראָבער ליגן פון אָנהייב ביזן סוף!

— וואָס הייסט אַ ליגן? — האָט זיך אַריינגעמישט פורמאַן — ווערסט אפשר אָפּלייקענען, אַז סוף פעברואַר — ממש מיט צוויי חדשים צוריק — האָסטו אויף אונדזערס אַ באַגעגעניש דערציילט אַז דער פּאַרזיצער פון בעלקאָפּסאָיוז האָט דיך אַרויסגערופן אויף אַ זייער ניט באַקוועמען שמועס און אַז דאָס באַאומרויִקט דיך זייער און דו האָסט מורא אַז דאָס איז שוין אַן אָנהייב פון אַ דורכפאַל?

— איך קלייב זיך ניט אָפּלייקענען אַז איך האָב געהאַט אַ שמועס מיט דעם פּאַרזיצער פון בעלקאָפּסאָיוז. אָבער איך האָב מיט דיר קיין מאָל ניט גערעדט וועגן דעם, ווייל מער ווי אַכט יאָר האָב איך ניט אָנגעקוקט דיין פּרצוף. אויף מיין באַגעגעניש מיט ווערבען איז אויך געווען אַן אַגענט פון דער נקוו״ד. זיין פּנים

האָב איך ניט געזען. ער האָט זיך פאַרשטעלט מיט אַ צייטונג. מעגלעך, אַז דאָס ביסטו געווען און מעגלעך דיינער אַ חבר.

— דיין שמועס מיט ווערבען געפינט זיך אין דיין „דיעלאָ". נאָר ניט וועגן דעם רעדן מיר איצט. דו האָסט אַ גוואַלדיקע חוצפה אָפּצולייקענען פאַקטן וועלכע זיינען אָן שום ספק אמתע.

— גראַזשדאַנין סליעדאָוואַטעל, דערלויבט מיר שטעלן איין פראַגע פּורמאַנען.

— נאָר איין פראַגע.

— זאָג מיר, פּורמאַן, וויפל צייט פּינקטלעך בין איך מיט דיר אין איינעם אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע דאָ אין דער שטאָט מינסק ?

— איך האָב דאָך שוין געזאָגט זייער פּינקטלעך : פון אָנהייב יאָר 1926. איז מאַך דעם חשבון — 9 יאָר מיט עטלעכע חדשים.

— איך דאַנק אייך, חבר פּורמאַן — האָט זיך געאײַלט צו זאָגן מעלצער — שרייבט אונטער דעם פּראָטאָקאָל פון דער אויג־אויף־אויג־פאַרשונג און גייט געזונטערהייט.

פּורמאַן האָט אונטערגעשריבן און איז אַוועק.

— נו און איצט, ראָזין, שרייבט אונטער דעם פּראָטאָקאָל און איך וועל אייך שיקן זיך אָפּרוען.

— זייער גוט. גיט מיר פריִער איבערצולייענען וואָס דאָרט איז אָנגעשריבן.

— איך וועל אייך איבערלייענען און געבן אונטערצושרייבן.

— איך קען, ברוך־השם, לייענען. גיט מיר דעם פּראָטאָקאָל.

איך האָב איבערגעלייענט און געזאָגט :

— איך שרייב ניט אונטער.

— פאַר וואָס ? איר לייקנט אָפּ דאָס וואָס פּורמאַן האָט דאָ געזאָגט ?

— חס וחלילה. דאָס וואָס פּורמאַן האָט געזאָגט איז דאָ זייער פּינקטלעך פאַרשריבן. אָבער דאָ איז ניט פאַרשריבן דאָס וואָס איך האָב געזאָגט. איר האָט פאַרשריבן בלויז מיינע רייד אַז איך קען פּורמאַנען פון אָנהייב יאָר 1926 און אַז איך האָב צו אים ניט קיין טענות און קיין כּעס.

— פאַר אונדז איז טאַקע וויכטיק וואָס פּורמאַן האָט געזאָגט. דאָס וואָס איר טענהט ווייסן מיר דאָך.

— איך האָב אייך שוין איין מאָל געפרעגט : איר האַלט מיך פאַר אַן אידיאָט ? איר ווייסט דאָך אויסגעצייכנט, אַז איר אין איינעם מיט פּורמאַנען זיינען דורכגעפאַלן אויף דער „אָטשנער סטאַווקע", ווי איר רופט עס אָן. ווי אַזוי האָב איך געקענט זיין דאָ אין דער שטאָט מינסק, ווי פּורמאַן האָט דאָס צוויי מאָל באַשטעטיקט, אין איינעם מיט אים אין איין אָרגאַניזאַציע, ווען 7 יאָר פון די 9 בין איך אין מינסק בכלל ניט געווען. איר ווייסט דאָך זייער גוט, אַז איך האָב גע־

ווײַנט אין מאָסקווע; אַז איך האָב פיר יאָר געלערנט אין כאַרקאָוו! דעם פּראָטאָ־קאָל שרייב איך ניט אונטער!

— איר וועט יאָ אונטערשרייבן. אויב ניט איצט — איז אין אַ צייט אַרום. איך האָב גענוג צייט. נאָר איך וואָרן אײַך: די אונטערשריפט וועט אײַך קאָסטן טייערער.

— איך האָב אויך גענוג צייט. איך וועל ניט אונטערשרייבן.

אויף צו מאָרגנס האָט מען מיך ווידער געבראַכט צו מעלצערן. ווי נאָר ער האָט מיר געגעבן די ברילן האָב איך דערזען אַז נעבן זײַן טיש זיצט איסער לעווין.

איסער לעווין איז געווען מײַנער אַ גוטער חבר פון די קינדער־יאָרן. איך האָב געלערנט מיט אים אין איינעם אין דער 7־יאָריקער שול. ער איז דערצויגן געוואָרן אין אַ טראַדיציאָנעלער ייִדישער משפחה און געווען אָנגעזאַפּט מיט ייִדיש־קייט. אין די יוגנט־יאָרן האָב איך געמאַכט פּרוּוון אים אַרײַנצוציִען אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, נאָר עס איז מיר ניט געלונגען. און דאָס ניט צוליב אידעאָ־לאָגישע טעמים: זײַן חלום איז געווען — צו זײַן אַן אַרטיסט. פון קינדווייז אָן האָט ער ליב געהאַט די שוישפּילערײַ. ער איז אַלע מאָל געווען פאַרנומען אין פאַרשיידענע דראַמאַטישע קרייזן און צום סוף איז ער אויפגענומען געוואָרן אין דער טעאַטראַלער שול ביים מינסקער ייִדישן מלוכה־טעאַטער; דערנאָך געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער אַרטיסט אין דעם טעאַטער מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט דער טאַלאַנטפולער ייִדישער אַקטיאָר און רעזשיסער משה ראַפאַלסקי.

איך האָב מיט לעווינען קיין מאָל ניט גערעדט וועגן ספּעציעלע ייִדישע פּראָבלעמען, אָדער וועגן אַלגעמיינע פּאָליטישע פּראַגעס. די איינציקע טעמע פון אונדזערע געשפּרעכן איז געווען דער ייִדישער טעאַטער אין ראַטן־פאַרבאַנד וועל־כער האָט אין די צוואַנציקער יאָרן געהאַט גרויסע דערגרייכונגען. איך פּערזענ־לעך האָב זייער ליב געהאַט דעם מאָסקווער ייִדישן מלוכה־טעאַטער, וואָס אין זײַן שפּיץ זײַנען געשטאַנען די געניאַלע ייִדישע אַקטיאָרן שלמה מיכאָעלס און בנימין זוסקין. איך האָב גערעדט מיט איסערן וועגן דעם מינסקער ייִדישן טעאַטער און זײַן רעפּערטואַר. איך האָב אונטערגעשטראָכן אַז אין קעגנזאַץ צום מאָסקווער ייִדישן טעאַטער, וועלכער האָט פון זײַן אָנהייב געצויגן זײַן שעפערישע יניקה פון דער ייִדישער קלאַסיק (שלום־עליכם, מענדעלע מוכר ספרים, י. ל. פּרץ, גאָלד־פאַדען), האָט דער מינסקער ייִדישער טעאַטער אָנגעהויבן מיט אַ רעפּערטואַר פון אַ סאָוועטיש־פּאָליטישן אינהאַלט. איסער האָט מסכּים געווען מיט מיר אַז דאָס איז אַ רעזולטאַט פון דעם באַזונדערן שטאַרקן קאָנטראָל וואָס עס האָט אויפן טעאַטער די יעווסעקציע פון מינסק וועלכע האָט זיך, ווי באַוווּסט, אויסגעצייכנט מיט איר שאַרפער סאָוועטישער כּשרות.

איך געדענק אויך איין שמועס מיט לעווינען וועגן טעאַטער, וועלכן איך האָב פאַרוואַנדלט אין אַן ערנסטן און טיפן געשפּרעך וועגן דער יידן־פראַגע אין ראַטן־פאַרבאַנד. מיר האָבן גערעדט וועגן דעם ספּעקטאַקל „דער סטעפּ ברענט" לויט דעם שרייבער וועוויאָרקאַ, וואָס איז געווען געווידמעט דער יידישער ערד־איינ־אָרדענונג אין ראַטן־פאַרבאַנד. דער ספּעקטאַקל איז פון קינסטלערישן שטאַנד־פּונקט געווען זייער אַ שוואַכער. עס איז געווען אַ וואָלוועלע יעווסעקישע אַגיטאַ־ציע. און איסער האָט מיט דעם מסכּים געווען. אָבער איך האָב פאַרטיפערט דעם ענין און אָנגעהויבן קריטיקירן די פּאָליטיק פון פּראָדוקטיוויזאַציע און די אומ־זיניקייט פון דער ביראָבידזשאַנער אַוואַנטורע און נאַטירלעך געקומען צום ציו־ניזם... און איסער האָט די גאַנצע צייט געשוויגן און דערנאָך געזאָגט: אַן איי־זערנע לאָגיק ביי דיר!

אין אָנהייב 1934, ווען איך האָב געאַרבעט אין האָמעל, איז דער מינסקער יידישער טעאַטער געקומען אויף גאַסטראָלן. איסער מיט זיין פרוי מוסיע (אויך אַן אַרטיסטין פון דעם טעאַטער) האָבן געוווינט ביי מיר אין דירה אַ חודש (דאָס האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט איינצושפּאָרן די סומע געלט וועלכע זיי האָבן באַקומען פון טעאַטער, כּדי צו דינגען אַ צימער אין אַ האָטעל). די דירה מיינע איז געווען זייער אַ קליינע, נאָר איך מיט מיין ווייב מאַשע האָבן געטאָן ווי גוטע חברים און פריינד דאַרפן טאָן.

דאָס לעצטע מאָל האָב איך זיך באַגעגנט מיט איסערן צופעליק אין גאַס אַ חודש פאַר מיין אַרעסט. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף עטלעכע מינוט. און געזעגענענדיק זיך האָט ער מיר געזאָגט:

— זייַ פאָרזיכטיק, אַהרון, ס'איז זייער אַ שווערע צייט.

— וואָס עפּעס דאַרף איך זיין פאָרזיכטיק?

— אַלע דאַרפן מיר זיין פאָרזיכטיק...

און מיר זיינען זיך צעגאַנגען.

איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין. איסער לעווין? וואָס קען ער זאָגן? מילא, פורמאַן איז באַשטימט געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר. אָבער לעווין? ווי אַזוי איז די בקוו"ד דערקראָכן צו אים?

געדאַנקען האָבן געבליצט אין מיין מוח. עס האָט געדויערט ניט מער ווי אַ מינוט מסתמא, ווייל מעלצער האָט אָנגעהויבן רעדן.

נאָך די סטאַנדאַרטע פראַגעס ביי מיר און ביי לעווינען צי מיר זיינען באַקאַנט און צי מיר זיינען פריינד אד"גל האָט מעלצער זיך געווענדט צו לעווינען:

— וואָס קענט איר זאָגן וועגן דער וועלט־אַנשויונג פון ראָזינען?

איך האָב געזען איסערן אין פאַרשיידענע ראָלן אויף דער בינע וועלכע ער האָט אויסגעפירט ניט שלעכט. אויף יעדן פאַל האָט ער זיך אויף דער בינע

געהאַלטן פריי. דאָ האָב איך געזען, אַז אים איז שווער צו הערשן איבער זיך אַליין. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן צום טיש, ניט געקוקט אויף מיר און אויך ניט אויף מעלצערן און מיט אַ ציטערדיקן קול געזאָגט:

— איך משך פון 10 יאָר באַקאַנטשאַפט מיט ראַזינען איז מיר אויסגעקומען צו הערן פון אים אַנטי־סאָוועטישע, קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען בכלל און ציוניסטישע בפרט.

— קענט איר אפשר זאָגן מער גענוי. די לעצטע צייט, איך מיין די לעצטע יאָרן, איז אייך אויסגעקומען הערן אַזעלכע געדאַנקען?

— יאָ. פאַראַיאָרן האָב איך אין האָמעל, ווען מיין טעאַטער איז דאָרט געווען אויף גאַסטראָלן, געלעבט ביי אים אַ חודש צייט, איך מיין אין זיין דירה. און יעדן טאָג איז מיר אויסגעקומען צו הערן פון אים אַזעלכע דיבורים.

— ווי טראַכט איר, ראַזין איז אַ מיטגליד אין אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע?

— איך בין זיכער, אַז יאָ.

— פאַר וואָס טראַכט איר אַזוי? האָט איר וועלכע ניט איז פאַקטן וועלכע קענען באַשטעטיקן אייער טראַכטן?

— ערשטנס טראַכט איך אַזוי דערפאַר, וואָס ראַזין איז לויט זיין נאַטור זייער אַן אַקטיווער און טעטיקער מענטש. ער איז געווען אַ מיטגליד פון פועלי־ציון און איז זיכער פאַרבליבן אַ מיטגליד פון דער פאַרטיי. און צווייטנס, פאַראַיאָרן, אין האָמעל, האָט ער עטלעכע מאָל געפרוווט מיך ווערבירן אין זייער אָרגאַני־זאַציע.

— איך דאַנק אייך, חבר לעווין, שרייבט אונטער אייערע דערקלערונגען אָט דאָ, אין דעם פּראָטאָקאָל.

לעווין האָט גיך אונטערגעשריבן און זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול.

— גראַזשדאַנין סליעדאָוואַטעל — האָב איך זיך געווענדט צו מעלצערן — מיט דעם האָט איר פאַרענדיקט די „אָטשנאַיאַ סטאַווקאַ"? איך האָב די רעכט צו שטעלן אַ פראַגע לעווינען? צווישן וועמען קומט פאַר אָט די „אָטשנאַיאַ סטאַווקאַ" צווישן אייך מיט לעווינען, אָדער צווישן מיר מיט לעווינען?

— פאַר מיר איז גענוג אַז לעווין האָט אין דיין אָנוועזנהייט געגעבן דיין כאַראַקטעריסטיק און דו האָסט געשוויגן. מען זאָגט דאָך: „מאַלטשאַניע — זנאַק סאָגלאַסיאַ!" וואָס ווילסטו נאָך?

— איך וויל דורכוואָרפן זיך מיט עטלעכע ווערטער מיט מיין פריינד איסער לעווין. איך וויל אויך אַז איר זאָלט עס פאַרשרייבן אין פּראָטאָקאָל.

און איך האָב זיך געווענדט צו לעווינען:

— זאָג מיר, איסער, וואָס פאַר אַ טאָג־אָרדענונג איז געווען ביי דיר אין האָמעל ווען דו ביסט דאָרט געווען אויף די גאַסטראָלן מיט דיין טעאַטער?

— איך געדענק איצט ניט גענוי.

— גוט, איך וועל דיר דערמאָנען. דו געדענקסט אַז מיר פלעגן זיך זען יעדן טאָג, בדרך־כּלל, אַרום 6 אין אָוונט, איידער דו פלעגסט גיין אין טעאַטער, ביי אַ גלאָז טיי און יעדן זונטיק ווען איך האָב געהאַט מיין אָפּרו־טאָג, פלעגסטו עסן ביי מיר וואַרעמס?

— יאָ, דאָס איז ריכטיק.

— און אַלע מאָל, ביי דער גלאָז טיי יעדן אָוונט, און זונטיק ביי דעם וואַרעמס, פלעגסטו זיין אין איינעם מיט דיין ווייב — מיט מוסיען. ריכטיק?

— יאָ, ריכטיק.

— הייסט דאָס, אַז אַלע מיינע ציוניסטישע און אַנדערע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע דיבורים און מיינע פּרוּוון צו ווערבירן דיך אין מיין ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זיינען געווען אויך אין דער אַנוועזנהייט פון מוסיען?

לעווין האָט געשוויגן. איך האָב געפרעגט נאָך אַ מאָל די פראַגע, ער האָט געשוויגן.

דער אמת איז אַז דווקא אין האָמעל איז מיר ניט אויסגעקומען צו רעדן מיט לעווינען בכלל. און איך בין געווען זיכער, אַז לעווין איז געוואָרן מסתּמא אַ „פריי־וויליקער אַגענט" פון נקוו"ד און ער טוט דאָס וואָס זיי הייסן אים. אָבער מוסיע ווייסט ניט פון דעם.

און איך האָב זיך געווענדט צו מעלצערן:

— איך בעט אָרגאַניזירן אַ געמיינזאַמע באַגעגעניש צווישן מיר, לעווינען און אויך זיין ווייב מוסיע.

— לעווינס ווייב מוסיע קען אייך כּמעט ניט און עס האָט ניט קיין זין צו רעדן מיט איר. איר זייט פריי, חבר לעווין.

מעלצער האָט ניט פאַרגעלייגט אַפילו איך זאָל אונטערשרייבן דעם פּראָטאָקאָל און אָפּגעשיקט מיך אין קאַמער.

אין אויגוסט פון יאָר 1945, ד"ה כּמעט אין 10½ יאָר אַרום נאָך דער באַגעגעניש מיט איסער לעווין אין מינסקער נקוו"ד, נאָך כּמעט 6 יאָר אין טורמעס און לאַגערן און נאָך 4 יאָר זיין אויף די פראָנטן פון דער סאָוועטיש־דייטשישער מלחמה, בין איך אַ דעמאָביליזירטער פון דער סאָוועטישער אַרמיי געקומען פון ווין קיין מאָסקווע. דעם זעלביקן אָוונט בין איך געגאַנגען אין מאָסקווער יידישן טעאַטער זען די פאָרשטעלונג „פריילאַכס". נאָך דעם ערשטן אַקט, שפּאַצירנדיק אין פאָיע פון טעאַטער, האָב איך זיך באַגעגנט פּנים־אל־פּנים מיט איסער לעווין. ווידער אַן „אָטשנאַיאַ סטאַווקאַ"... ער איז געווען עפּעס אַ נעבעכדיקער, אין אַ זייער אָפּגעניצטן רעקל מיט אַ פאַרשמאָלצענעם שניפּסל. איך בין געווען אין מיינע מיליטערישע בגדים מיט אַן אָרדן און 5 מעדאַלן אויפן ברוסט.

איסער האָט זיך אָנגעהויבן נערוועז טרייסלען און עפּעס מורמלען מיט די

ליפּן. איך האָב אויפגעהויבן די האַנט, אַ פּאַטש געטאָן אים אין באַק און אַוועק. אַ קליינער טומל אין פּאַיע. איסער איז נעלם געוואָרן און איך בין אַוועק זען דעם צווייטן אַקט פון „פּריילאַכס״. מער האָב איך אים אין מיין לעבן ניט געזען.

שוין דאָ אין ארץ־ישׂראל האָב איך זיך אין יאָר 1970 באַגעגנט מיט אַן אַרטיסטין פון מינסקער יידישן טעאַטער. און, פאַרשטייט זיך, אַז מיר זיינען אין אונדזערע דערמאָנונגען דערגאַנגען צו איסערן. איך האָב איר דערציילט אין קורצן וועגן מיין באַגעגעניש מיט איסערן אין קאַבינעט פון מעלצערן אין מאַי 1935 און וועגן מיין לעצטער „באַגעגעניש״ מיט אים אין אויגוסט 1945 אין פּאַיע פון מאָסקווער יידישן טעאַטער. זי האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— איר האָט אים מיט דעם פּאַטש אין פּנים אָפּגעצאָלט, כאָטש עס איז אים געקומען אַ סך מער. פאַר אים איז געווען גענוג דער פּאַטש, ווייל אין יאָר 1945 איז ער שוין אַרומגעגאַנגען ווי אַ געשלאָגענער הונט, ווי אַ נבזה, אַן עלנטער, אָן חברים און פריינד. זיין ווייב מוסיע, זייער אַ שיינע און אינטערעסאַנטע פרוי, ווי איר געדענקט מסתּמא, האָט אים שוין אַוועקגעוואָרפן אין יאָר 1937, ווען מיר אַלע אין טעאַטער האָבן קלאָר געוווּסט אַז לעווין האָט אַן אָנטייל אין דעם אַרעסט פון אונדזער רעזשיסאָר משה ראַפּאַלסקי, וועלכער איז געווען פאַר דעם גאַנצן קאָלעקטיוו ניט נאָר אַ קינסטלערישער אָנפירער, ניט נאָר אַ לערער און טאַלאַנט־פולער מענטש, נאָר אַ האַרציק באַליבטער חבר און פריינד. איך קען ניט באַ־שולדיקן איסערן, וואָס זיי האָבן געשאָסן ראַפּאַלסקין. אָבער אַז איסער האָט גע־געבן „מאַטעריאַל״ איז אַ פאַקט. מיר האָבן שוין לעווינען אָנגעהויבן חושד זיין פון אָנהייב יאָר 1935 אַז ער איז זייערער אַ „שמעקער״. ניט קיין נאַטירלעכן אינטערעס האָט ער אַרויסגעוויזן צו די שמועסן צווישן די אַרטיסטן און מיר האָבן אויך אָנגעהויבן פילן, אַז ער רופט אַרויס פּאָליטישע שמועסן, ער פּראָוואָ־צירט זיי. חוץ ראַפּאַלסקין האָט מען אין 1937 צוגענומען פון טעאַטער נאָך 5 מאַן. זיי זיינען אַלע אויף איסערס געוויסן. קורץ, ס'איז אַ פאַקט אַז איסער לעווין איז געווען זייערס אַן אַגענט.

אונדז איז אויסגעקומען צו זיין מיט אים אַלע יאָרן אין טעאַטער ביז דעם אָנהייב פון דער מלחמה און אויך די 4 יאָר מלחמה אין עוואַקואַציע. מיר האָבן פון אים ניט געקענט פּטור ווערן. עס איז אונדז אויסגעקומען צו מאַכן זיך ניט וויסנדיק און שמייכלען און צו זיין קאָלעגעס מיט אים. ער האָט, פאַרשטייט זיך, געפילט, אַז מיר סטאַרען זיך צו דערווייטערן זיך פון אים. נאָר, איר ווייסט, ס'איז שרעקלעך צו זיין אין איין קאָלעקטיוו מיט אַזאַ נבזהדיקן מענטשן.

— נו, און וואָס איז מיט אים געוואָרן?

— נאָך דער מלחמה האָבן מיר זיך אומגעקערט קיין מינסק און שפּעטער האָט מען פאַרמאַכט אונדזער טעאַטער און יעדערער איז אַוועק בויען זיין לעבן אין אַן אַנדער אָרט. איסער איז געווען עפּעס אַן אָנפירער אין אַ ווייסרוסישן

דראַמאַטישן קרייז. און מיר דוכט אַז אין 1950 איז ער אַן עלנטער געשטאָרבן פון אַ ראַק.

מיינע דריַי וויזיטן ביי מעלצערן זיינען פאָרגעקומען אין משך פון 10 טעג. כ'האָב געהאַט דעם איינדרוק אַז מעלצער איַילט זיך צו פאַרענדיקן מיין ענין. נאָך דער לעצטער „אָטשנער סטאַווקע" מיט לעווינען זיינען אָבער דורך 3 וואָכן און מען שרייט מער ניט „ראַזין נאַ דאָפּראָס!". עפּעס מאָדנע פאַרדעכטיק איז דאָס געווען. איך האָב גערעדט וועגן דעם מיט ר' חיים דעם שוחט מיט וועלכן איך האָב זיך שטאַרק באַפריינדעט אין קאַמער. זייער אַ קלוגער ייד ר' חיים. אַ מענטש מיט אַ שאַרפן אַנאַליטישן מוח. עס האָבן זיך געביטן אַרעסטאַנטן אין קאַמער און סוף־כל־סוף האָט זיך אונדז איינגעגעבן צו ליגן איינער נעבן דעם אַנדערן.

— הער זיך איין, אַהרון, איך האָב אַ סך געטראַכט וועגן דיין ענין. איך בין זיכער אַז מעלצער איז נכשל געוואָרן מיט פאָרמאַגנען און לעווינען. ער האָט ניט דורכגעטראַכט ביזן סוף און איילנדיק צונויפגעשטוקעוועט די דיבורים פון אָט די צוויי מנוּוולים. דיין אַרגומענט אַז דו ביסט אַ סך יאָרן אַפילו ניט געווען אין מינסק איז זייער אַ שטאַרקער און מעלצער פאַרשטייט דאָס. און פון לעבינגראַד, כאַר־קאָוו — פון יענע נקוו"ד־אַמטן, ווו דו ביסט געווען די יאָרן האָט ער, ווי ס'ווייזט אויס, קיין מאַטעריאַלן ניט באַקומען. און מיט לעווינס פּלוידערײַ באַקומט זיך ביי אים אויך ניט גלאַט. בין איך זיכער אַז מעלצער גרייט דיר אַ סורפּריז. עפּעס אַזוינס, וואָס דיר וועט זיין שווער אַרויסצודרייען זיך. ער קען אַרויסקוועטשן אַ הודאה ביי דיין וויַיב, ביי ר' יצחקס זון — ביי קאַפּלען, ווי דו רופסט אים, און דיך צוקוועטשן צום וואַנט. איך ווייס ניט. אָבער אַ פאַקט איז אַז ער גרייט עפּעס און דעריבער לאָזט ער דיך דערווייל רוען...

ר' חיים האָט איבערגעריסן זיינע רייד, געלעגן שווייַגנדיק עטלעכע מינוט און דערנאָך געזאָגט:

— זאָלסט אָבער וויסן, אַהרון, אַז מעלצער וועט אָננעמען אַלע מיטלען, כדי דו זאָלסט אונטערשרייבן דעם ערשטן פּראָטאָקאָל. דאָס איז פאַר אים וויכטיקער פון אַלץ.

— איך וועל ניט אונטערשרייבן. איך האָב אים קאַטעגאָריש געזאָגט וועגן דעם.

— גאָט זאָל דיר העלפן. אָבער דאַרפסט וויסן, אַז זיי קענען זיך באַנוצן מיט פאַרשיידענע מיטלען. עס קען זיין שווער בייצושטיין דעם נסיון...

— איר מיינט וועגן פיזישע פּייניקונגען. איך ווייס אַז זיי זיינען גרויסע ספּע־ציאַליסטן אין דעם געביט.

— איך דאַרף דיר זאָגן אַז איך צווייפל צי מעלצער וועט זיך באַנוצן מיט

זייער האַרבע מיטלען לגבי דיר. שווערע פּייניקונגען באַנוצן זיי לגבי מער „וויכ־טיקערע" און „ערנסטערע" ענינים, ווי שפּיאָנאַזש, טעראָר, דיווערסיע... וואָס ביסטו? אַ צוציק, אַנטי־סאָוועטישע, ציוניסטישע אַגיטאַציע... מעלצער האָט באַ־דאַרפט אויספּילן זיין פּלאַן — האָט ער געכאַפּט אויך דיך, דיין ווייב, קאַפּלען און נאָך אַזעלכע. אויך איך געהער כמעט צו דער זעלבער קאַטעגאָריע. אָבער ער קען זיך באַנוצן מיט ניט אָנגענעמע, זייער ניט סימפּאַטישע מיטלען. אָט נעם מיך, למשל...

— וואָס, ר' חיים, זיי האָבן איך שוין עפּעס געטאָן?

— איך האָב דיך ניט געוואָלט ערגערן און ניט דערציילט ביז איצט. נאָר, ס'איז געקומען צו רייד, וועל איך דערציילן.

— זיי האָבן איך געשלאָגן?

— ניין, ערגער. טויזנט מאָל ערגער, ווי געשלאָגן...

ר' חיים האָט ווידער אַ ביסל געשוויגן און דערנאָך דערציילט:

— מיך באַשולדיקן זיי אין צוויי זאַכן. ראשית, אַז איך געהער צו דער אָנפי־רונג פון די אומלעגאַלע חדרים און ישיבות אין שטאָט. ס'הייסט אַז מיין אַרבעט באַשטייט אין דעם, וואָס איך זאַמל געלט פאַר אויסהאַלטן די חדרים און ישיבות. ווייל איך דיר זאָגן, דאָס איז לא היה ולא נברא. ניט געשטויגן ניט געפלויגן. איך ווייס, אַז עטלעכע חדרים זיינען נאָך פאַראַן אין שטאָט, אָבער איך האָב צו זיי קיין שום שייכות ניט. און ישיבות, בין איך זיכער, זיינען טאַקע שוין ניטאָ. איך האָב געקענט די פּרעכטיקע ישיבה אויף דער זאַמקאָווער־גאַס, ניט ווייט טאַקע פון ר' יצחק קאַפּעליאָוויטשעס דירה, די אַזוי גערופענע „שואבי מים ישיבה", אין וועלכער עס האָבן געלערנט אַרום 60־70 תלמידים און מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט הרב ר' יהושע האַראַדנער. אָבער די ישיבה האָבן זיי אין סוף 1930, אָדער אין אָנהייב 1931, ליקווידירט. מען האָט פון איר אַ תל געמאַכט. וואָלט איך אונטערגעשריבן, ווען די באַשולדיקונג איז נאָר לגבי מיר; כאַפּט זיי דער שוואַרץ יאָר. אָבער זיי פאָדערן, אַזוי ווי ביי דיר, אונטערצושרייבן אַ גאַנצע רשימה פון דער „אָנפירונג" — רבנים פון שטאָט און עטלעכע מענטשן, וועלכע איך קען אַפילו ניט. קען איך טאָן אַזאַ מין פּאַסקודנע זאַך? האָב איך זיך אָפּגע־זאָגט. איך וועל ניט חתמענען.

והשנית, באַשולדיקן זיי מיך, אַז איך געהער צו אַן אומלעגאַלער אָרגאַניזאַ־ציע פון מוהלים. אַן אָרגאַניזאַציע קען ביי זיי ניט זיין. און די אָרגאַניזאַציע פאַר־נעמט זיך מיט צווינגען ערלעכע, סאָוועטישע מענטשן מל צו זיין די קינדער, ד"ה מיר צווינגען דורכצופירן און פירן דורך אַן אַנטי־סאָוועטישן ריטואַל וועל־כער איז פאַרבאָטן ווייל פון מעדיצינישן שטאַנדפּונקט איז דער אַקט פון מילה אַ שעדלעכער פאַר די קינדער...

אין דער באַשולדיקונג איז אַ שטיקעלע אמת פאַראַן. איך בין טאַקע אַ מוהל

און ניט קיין שלעכטער מוהל. און ביי געהעריקע באַדינגונגען, ווען איך בין זיכער, אַז עס איז חס וחלילה ניט קיין פּראָוואָקאַציע, ברענג איך אַריין אין ברית פון אַברהם אָבינו יידישע קינדער. און עס טרעפט אַז איך נעם ניט אַפילו קיין געלט דערפאַר. אָבער אָרגאַניזאַציע? צווינגען? איז דאָך ווידער לא היה ולא נברא. איך האָב מסכים געווען אונטערצושרייבן אַז איך פאַרנעם זיך מיט אַזאַ „אַנטי־סאָוועטישער טעטיקייט”. אָבער דאָס איז פאַר זיי ווייניק. זיי פאָדערן איך זאָל חתמענען אַ רשימה פון מענטשן וואָס געהערן צו דער אָרגאַניזאַציע. האָב איך ווידער געזאָגט: ניין! פּונקט אַזאַ שפּיל ווי ביי דיר. ווען עס וואָלט זיך גערעדט נאָר וועגן דיר וואָלסטו דאָך אונטערגעשריבן!

— פאַרשטייט זיך. אָבער ר׳ חיים, וואָס האָבן זיי געטאָן מיט אייך?

— אויף דעם לעצטן דאָפּראָס, נאָך דער געוויינלעכער אַמפּעריי — יאָ אונטערשרייבן, ניט אונטערשרייבן — איז מיין סליעדאָוואַטעל (אויך אַ ייד — אַ יונגער יידישער בחור, וויינשטיין איז זיין פאַמיליע־נאָמען — ער הייבט ערשט אָן זיין בכבודיקע קאַריערע) אויפגעשטאַנען פון זיין שרייבטיש און צוגעלאָפן צו דער טאַבורעטקע אויף וועלכער איך בין געזעסן און אויסגעשריִען: איר היט דאָך אָפּ כשרות, איר עסט אין קאַמער נאָר ברויט מיט וואַסער, וועל איך אייך אָנקאָרמענען מיט אַ כשרן מאכל. און ער איז צוגעלאָפן צו זיין טיש, אָנגעקוועטשט אַ קנאָפּקע און דערנאָך עפּעס באַפוילן דעם אַריינגעקומענעם מיטאַרבעטער. באַלד זיינען אַריינגעקומען צוויי זשלאָבעס און געבראַכט ברויט און אַ טעלער מיט אַ שיסעלע. דער סליעדאָוואַטעל איז צו מיר צוגעגאַנגען און אויסגעשטרעקט מיט איין האַנט אַ טעלער, אויף וועלכן ס׳איז געווען ברויט און שטיקלעך חזיר און מיט דער צווייטער האַנט אַ שיסעלע מיט געדיכטן ווייסן חזיר־פעטס.

— נעם און בייס איבער. ווילסטו אַ שטיקל ברויט מיט חזיר און אויב דיר געפעלט בעסער חזיר־פעטס איז נעם דעם ברויט פון דער שיסעלע חזיר־פעטס.

— איך וועל ניט עסן.

— איז שרייב אונטער דעם פּראָטאָקאָל.

— איך וועל ניט אונטעשרייבן.

— איז נעם עסן.

— איך וועל ניט עסן.

האָט ער געגעבן אַ קאָמאַנדע די זשלאָבעס. איינער האָט אָנגענומען מיט איין האַנט די האָר פון מיין קאָפּ און מיט דער צווייטער האַנט מיין באָרד און פאַרריסן מיין קאָפּ. און דער צווייטער האָט מיט זיינע הענט געעפנט מיין מויל און דער סליעדאָוואַטעל האָט עטלעכע מאָל אויסגעשמירט מיינע ליפּן און ציין מיט דעם חזיר־פעטס...

ר׳ חיים איז אַנטשוויגן געוואָרן. אויך איך האָב געשוויגן. מיר איז געווען

שווער צו רעדן. שווער צו פרעגן. עס איז געוואָרן שווער צו אָטעמען. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ר׳ חיים ממשיך געווען:

— איך האָב זיך פאַרלוירן און ניט געוווסט וואָס צו טאָן. און דערנאָך האָב איך געכאַפּט מיין אייבערשטע העמדל און אָנגעהויבן רייניקן מיין מויל, די ליפּן און די ציין פון דער טומאה. איז ער צוגעלאָפן צו מיר און מיט אַ נאַגייַקע, ווי אַ מין אייזערנער קאַנטשיק, האָט ער געשמיסן איבער מיינע הענט און דערנאָך אויך אַ שניט געטאָן איבער דעם האַלדז. קוק זיך גוט איין, וועסטו זען אַ בלוי־רויטן סימן...

— נו, און ווייטער?

— וואָס ווייטער? איך האָב עטלעכע מאָל אויסגעשפּיגן און דערנאָך געזאָגט דעם סליעדאָוואַטעל: אָך און וויי צו דיינע יידישע עלטערן. אפשר דווקא גוטע יידן. אָבער דיין פאַמיליע האָט געדאַרפט זיין ניט וויינשטיין, נאָר מאַכנאָ, אָדער פּעטליורא, אָדער איך ווייס?... און אַ בראָווער טשעקיסט ביסטו... ער האָט מיך געבענטשט מיט זייער אַ געשמאַקער רוסישער קללה און געהייסן אָפּפירן אין קאַמער.

די נאַכט האָט זיך מוראדיק געשלעפּט. מיר זיינען ביידע ניט געשלאָפן. איך האָב געהערט ווי ר׳ חיים שפּייט אָפּט. ער האָט אַלץ זיך געסטאַרעט אויסצושפּייען די טומאה... און איך האָב געטראַכט, אַז די טומאה איז זייער שווער אויסצושפּייען. שוין 18 יאָר — אָנהייבנדיק פון 1917 — שפּייט די אומגליקלעכע רוסלאַנד מיט בלוט און קען די טומאה ניט אויסשפּייען...

מען האָט מיך געבראַכט צו פירן צום פערטן דאָפּראָס. 5 וואָכן האָב איך געוואַרט. און עס איז טאַקע געווען צוגעגרייט אַ „סורפּריז". מעלצער האָט מסתמא באַדאַרפט האָבן צייט, כדי צוצוגרייטן דעם „סורפּריז".

— איר ווייסט — האָט מעלצער אָנגעהויבן העפלעך — אין מיין קאָמפּלי־צירטער אַרבעט פון אַ פאָרשער אינטערעסירן מיך, חוץ פאַקטן וועלכע האָבן אַ דירעקטן שייכות צו דער באַשולדיקונג, אויך אייניקע פּרטים, וועלכע כאַראַקטע־ריזירן די פּסיכאָלאָגיע פון דעם באַשולדיקטן...

— איך האָב זיך שוין איבערצייגט, גראַזשדאַנין סליעדאָוואַטעל, אַז איר זייט אַ גוטער פּסיכאָלאָג.

— זאָגט מיר, אייך געפעלט ניט צו לעבן דאָ ביי אונדז אין לאַנד? אירווילט פאָרן קיין פאַלעסטינע?

— יאָ, איך האָב פון קינדווייז געטרוימט צו פאָרן קיין ארץ־ישׂראל און דאָרט צו לעבן.

— וואָס זשע האָט איר געטאָן, כדי צו פאַרווירקלעכן אייער טרוים?

— איך האָב געשריבן מײַן שװעסטער אסנה, װעלכע לעבט אין ארץ־ישׂראל פֿון יאָר 1925, זי זאָל מיר שיקן אַ סערטיפֿיקאַט. פּאַראַיאָרן, אין מערץ 1934, האָט מײַן שװעסטער געשיקט דעם סערטיפֿיקאַט פֿאַר מיר און פֿאַר מײַן װײַב, נאָר לײדער האָבן מיר אים ניט געקענט אױסנוצן און אָפּגעשיקט צוריק.

— ריכטיק. דאָ אין „דיעלאָ" איז דאָ אַ „ספּראַװאָטשקע" װעגן דעם. אָבער פֿאַר װאָס האָט איר אָפּגעשיקט צוריק דעם סערטיפֿיקאַט?

— װײַל מיר האָבן באַדאַרפֿט האָבן אַרום 250 ענגלישע פֿונט סטערלינג, כּדי אַרױסצופֿאָרן פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד קײן ארץ־ישׂראל און מיר האָבן דאָס געלט ניט געהאַט און עס זײַנען ניט געװען קײן פּערספּעקטיװן צו קריגן אַזאַ סומע געלט.

— נו, איז װאָס זשע האָט איר באַשטימט צו טאָן?

— איך האָב באַשטימט צו װאַרטן און צו האָפֿן אַז ס׳װעט אפשר אָנקומען אַ צײַט און איך װעל קענען פֿאַרװירקלעכן דעם טרױם.

— אָט דאָס איז שױן אַ ליגן. ביז דעם לעצטן ענטפֿער איז אַלץ געװען אמת און איצט האָט איר שױן אָנגעהױבן זאָגן ליגנס.

— װאָס, איר גלײבט מיר ניט, אַז איך האָף אַז װען ניט איז װעל איך זוכה זײַן צו קומען קײן ארץ־ישׂראל?

— איך גלײב. איך װײס, אַז איר זײַט דורכגעדרונגען מיטן ציוניסטישן גײסט. אָבער אַ ליגן איז דאָס, אַז איר האָט באַשטימט צו װאַרטן ביז װאַנען משיח װעט קומען. שױן אין דעם זעלביקן יאָר 1934, דאָס הײסט מיט אַ קאַרג יאָר צוריק, האָט איר געװאָלט אומלעגאַל, ניט געזעצלעך, גנבֿענען די גרענעץ, אַריבערגײן אין אַ פֿײַנטלעכער מדינה און פֿון דאָרט אַריבערקלײַבן זיך קײן פּאַלעסטינע...

— װאָס פּלױדערט איר, גראַזשדאַנין סליעדאָװאַטעל? דאָס איז בײַ אײַך אַ פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז?

— נײן. דאָס איז אַ פֿאַקט. און דאָ װעט אײַך שױן ניט געלינגען זיך אַרױס־צודרײען.

ער איז צוגעגאַנגען מיט אַ פּאַפּיר אין דער האַנט און האָט געפֿרעגט:

— אײַך איז באַקאַנט דער אונטערשריפֿט?

— יאָ, דאָס איז דער אונטערשריפֿט פֿון מײַן שװעסטער בתיה.

— נו, און דער כּתב־יד אין בײדע בױגנס פּאַפּיר איז דער כּתב־יד פֿון אײַער שװעסטער?

— יאָ. ס׳איז דער כּתב־יד פֿון מײַן שװעסטער בתיה.

— װעל איך איבערלײענען דעם װיכטיקן דאָקומענט. װעט איר הערן װאָס אײַער לײַבלעכע שװעסטער װעלכע איר האָט שטאַרק ליב, דערציילט אונדז װעגן אײַך.

און מעלצער האָט זיך אומגעקערט צו זײַן שרײַבטיש און אָנגעהױבן פּאַמע־לעך און דײַטלעך: אַ בריװ אין נקװ״ד. איך האַלט פֿאַר נױטיק צו דערצײלן װעגן

מיין ברודער ראַזין אַהרון... און עס ווערט דאָרט דערציילט אַז איך בין אַן איבער־געצייגטער ציוניסט; אַז לויט דער נאַטור בין איך אַן אַקטיווער מענטש און אַז איך אַרבעט מיט התלהבות אין אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; אַז אַ סך מאָל האָב איך געפּרווווט איר איינרעדן זי זאָל זיך אַנשליסן אין דער אַרבעט; אַז מיין ווייב מאַשע איז איר חברטע פון די קינדער־יאָרן און אַז מאַשע איז מיט מיר אין איי־נעם אין דער אָרגאַניזאַציע; אַז אויך מאַשע האָט אַ סך מאָל איר צוגערעדט אַנצושליסן זיך אין דער אַרבעט. און צום סוף ווערט דערציילט דער פאַקט אַז אין פרילינג 1934 איז זי, בתיה, געווען אין מינסק אויף אורלויב און איך בין געקומען פון האָמעל קיין מינסק זיך זען מיט איר און איר דערציילט וועגן דעם סערטיפי־קאַט, וואָס אסנה האָט געשיקט; אַז איך לייד זייער פון דעם וואָס עס איז מיר אויסגעקומען אָפּצושיקן דעם סערטיפיקאַט, כּדי ער זאָל ניט גיין לאיבוד, און אַז איך וויל פאָרן צו איר אין טאַדזשיקיסטאַן, אין דער שטאָט, וווּ זי אַרבעט אַלס לערערין, אין דער שטאָט, וועלכע געפינט זיך ניט ווייט פון דער אַפגאַניסטאַני־שער גרענעץ און דאָרט אין משך פון אַ געוויסער צייט זיך באַקענען מיט די אָרטיקע באַדינגונגען און פרווון אַריבערכאַפּן זיך קיין אַפגאַניסטאַן און פון דאָרט קיין ארץ־ישׂראל... און נאָך דעם ווי זי איז אַוועקגעפאָרן פון מינסק צוריק קיין טאַדזשיקיסטאַן, האָב איך איר געשריבן עטלעכע בריוו מיט רמזים וועגן אונדזער שמועס אין מינסק. און ווען זי מיט איר מאַן זיינען אַריבערגעפירט געוואָרן קיין מינסק, האָב איך, אין אָנהייב שוין פון דעם יאָר, זי געזידלט הלמאי זי האָט ניט געהאָלפן מיר רעאַליזירן דעם פּלאַן פון אַריבערצוגיין די גרענעץ קיין אַפגאַ־ניסטאַן...

מעלצער האָט געענדיקט לייענען, אויפגעשטאַנען פון זיין שטול, אַ טרייסל געטאָן מיט די פּאַפּירן און אַ ברום געטאָן:

— נו, געהערט? דאָס הייסט טרוימען און וואַרטן אויף משיחן? דאָ שמעקט שוין ניט נאָר מיט איינגעוואָרצלטן ציוניזם, נאָר מיט עפּעס אַנדערש. דו פאַר־שטייסט דאָך מסתּמא וואָס עס הייסט ביי אונדז אין לאַנד גנבֿענען די גרענעץ און אַריבערגיין צו אַ פיינטלעכער מדינה!?...

— איך גלייב אייך ניט. גיט מיר די פּאַפּירן, איך וויל זיי איבערלייענען מיט מיינע אויגן.

ער האָט געגעבן און איך האָב געלייענט דעם „בריוו אין נקוו״ד". איך האָב זיך איינגעקוקט אין יעדן וואָרט. יאָ, דאָס איז דער כּתב־יד פון מיין שוועס־טער. קיין צווייפל קען דאָ ניט זיין. מען באַמערקט נאָר, אַז ס'איז געשריבן מיט אַ ציטעריקער האַנט. בתיה, מיין שוועסטער, האָט עס מיט איר האַנט געשריבן. גאָט מיינער! וואָס קומט דאָ פאָר? זי הייבט אָן דעם „בריוו" מיט די ווערטער „איך האַלט פאַר נויטיק צו דערציילן וועגן מיין ברודער..." זי איז געקומען אין נקוו״ד מסרן אויף איר ברודער? מיין שוועסטער אין נקוו״ד? איך בין געוואָרן

פּאַרגליוווערט. וואָס פּאַר אַ פֿאַרשאָלטענע צייט איז דאָס? דערנאָך האָט אַ געדאַנק ווי דורכגעבליצט אין מיין מוח: ניין! עס קען ניט זיין. דאָס האָט בתיה ניט געשריבן. כאָטש אַלץ וואָס זי האָט געשריבן איז אמת. אַבסאָלוט אמת. אָבער מיין שוועסטער האָט דאָס ניט געשריבן. ווייל זי פֿאַרשטייט וואָס פֿאַר אַ געפֿאַר דאָס איז פֿאַר מיר. דאָס האָט געשריבן מעלצער מיט דער האַנט פֿון מיין שוועסטער. ער האָט זי געצוווּנגען. וואָס האָבן זיי געטאָן מיט איר? עס האָט דורכגעשניטן דעם מוח נאָך אַ געדאַנק. מעלצער אַליין האָט עס ניט געטאָן. מעלצער אַליין האָט ניט געקענט וויסן אַזעלכע פּרטים וועגן טאַדזשיקיסטאַן און בתיה האָט עס ניט דערציילט. איך בין זיכער אין דעם. דאָס האָט איר מאַן, דער קאָזאַק פֿון דאָן, דער שיכּור, דער אויסוווּרף אַלעקסאַנדער פּוטשקין. ער — די טראַגעדיע פֿון מיין שוועסטער, איר שרעקלעכער טעות און אומגליק אין לעבן — ער האָט עס פֿאַר־געלייגט און אין איינעם מיט מעלצערן צוגעגרייט דעם „דאָקומענט"...

איך האָב נאָך אַ מאָל געלייענט דעם בריוו און געפֿילט, אַז ער איז דורכגע־ווייקט מיט טרערן; אַז יעדעס וואָרט איז אַ שטיק פֿון דעם צעבראָכענעם האַרץ פֿון מיין שוועסטער...

— נו, איז וואָס זשע שווייגסטו? ס'איז ניטאָ וואָס צו זאָגן? איז שרייב אונ־טער, אַז אַלץ, וואָס דיין שוועסטער בתיה האָט אָנגעשריבן אין דעם בריוו איז ריכטיק, אַז דו ביסט זיך מודה אין דעם!

— איך האָב וואָס צו זאָגן און דו קענסט פֿאַרשרייבן וואָס איך זאָג. איך וועל חתמענען דאָס וואָס איך וועל דיר זאָגן. שרייב: איך בין זיך מודה אַז איך בין אַ ציוניסט. איך בין איבערצייגט, אַז דער ציוניזם איז די נאַציאָנאַלע באַפֿרייוּנג־באַוועגונג פֿון מיין פֿאָלק. איך האָב געוואָלט און וויל אַוועקפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל. דאָס איז געווען און דאָס איז געבליבן מיין גרעסטער טרוים אין לעבן. אָבער דאָס איז ניט קיין פֿאַרברעכן. אויב לויט די סאָוועטישע געזעצן איז עס גענוג כּדי צו באַשולדיקן אַ מענטשן און פֿאַראורטיילן אים — איז גיב איבער מיין הודאה צום געריכט. שרייב ווייטער: איך בין זיכער, אַז דו מיט מיין שוועסטערס מאַן אַלעק־סאַנדער פּוטשקין האָבן אָפּגעטאָן אַ נידערטרעכטיקע אַרבעט. איר האָט געצוווּנ־גען מיין שוועסטער אָנצושרייבן דעם „בריוו אין נקוו"ד". איר האָט געגעבן אַ קלאַפּ ניט מיר, נאָר דווקא איר, מיין שוועסטער בתיה. איר האָט איר געגעבן דעם קלאַפּ אין האַרץ. איך ווייס אַז זי ליידט פֿון דעם און וועט ליידן דאָס גאַנצע לעבן.

דאָס וועל איך אונטערשרייבן. און מער גאָרניט. איין פֿראַגע פּייניקט מיך: וואָס האָסטו געטאָן כּדי צו צווינגען מיין שוועסטער אָנצושרייבן אַזאַ פּאַסקודנע פּראָוואָקאַציע?

— מאָלטשאַט! פֿאַרמאַך דיין מויל, ציוניסטישער הונט... און אין דער מאַמען אַריין, און אין דעם טאַטנס־טאַטן אַריין, און אַלע זאַפּטיקע זידלערייען...

ס׳איז געווען שווער צו גלייבן אַז דער בלאַסער, דאַרער מעלצער מיט דעם פּנים פון אַ צאַרטן ישיבה־בחור האָט אַזאַ פּאַסקודנעם מויל...

מעלצער איז צוגעלאָפן צו מיר מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט און מיטן גאַנצן כּוח געגעבן מיט אים אַ זעץ אין מיינע ציין אַריין. איך בין אַראָפּגעפאַלן פון בענקל און באַקומען אַ שרעקלעכן זעץ אין קאָפּ. איך האָב אויסגעשפּיגן פון מויל אַ סך בלוט, אין איינעם מיט אַ צאָן...

אַ פאַרבלוטיקטן האָט מען מיך געבראַכט צו פירן צוריק אין קאַמער. עס איז געווען אַרום 4 אַ זייגער פאַר טאָג. כּמעט אַלע זענען געשלאָפן. ר׳ חיים איז אַראָפּגעקראָכן פון די נאַרעס, צוגעגאַנגען צו מיר, צוגעפירט נאָענט צום עלעק־טרישן לעמפּל און באַקוקט מיין פאַרבלוטיקטן פּנים און פאַרבלוטיקטן העמדל...

— גיי, אַהרון, לייג זיך צו. רו זיך אָפּ. עפּעס האָב איך געפילט, אַז היינט וועט עס גלאַט ניט דורכגיין. זיי האָבן שוין אָנגעהויבן זייער אַרבעט. נו, נישקשה. דו וועסט אויסהאַלטן. גאָט וועט דיר העלפן. גיי אויף דיין אָרט. ביי טאָג וועלן מיר זיך אָנרעדן. אפשר וועט זיך דיר איינגעבן צו כאַפּן אַ דרימל.

איך בין געלעגן אויף די נאַרעס און ניט געשלאָפן. איך האָב געפילט, אַז ר׳ חיים שלאָפט אויך ניט, נאָר ער מאַכט זיך שלאָפנדיק, כּדי ניט צו שטערן מיר. פון מויל האָט נאָך געבלוטיקט. אויסשווענקען דאָס מויל איז ניטאָ מיט וואָס — קיין וואַסער לאָזט מען ניט האַלטן אין קאַמער, מען גיט נאָר דריי מאָל אַ טאָג די הייסע, געזאָטענע וואַסער אין איינעם מיטן עסן. עס נאָיעט דער ווייטיק פון צאָן און עס טוט זייער ווי דער קאָפּ פון דעם שטאַרקן קלאַפּ וואָס איך האָב באַקומען פאַלנדיק פון דער טאַבורעטקע. אָבער ניט די ווייטיקן נעמען צו מיין רו. מיינע געדאַנקען, מיין האַרץ, איך אין גאַנצן בין איצט מיט מיין שוועסטער. איך פיל און מיר דאַכט אַז איך זע פּיזיש ווי זי ליגט איצט אין בעט און שלאָפט אויך ניט. אָדער זי זיצט נעבן בעטל פון איר קינד — איר איינציקן נחת אין לעבן און טראַכט וועגן מיר. זי קען זיך ניט מוחל זיין וואָס זי האָט געטאָן. איך פּרוּוו קאַלט, אָביעקטיוו, ווי נאָר מעגלעך, צו אַנאַליזירן דעם טראַגיש־שוידערלעכן פאַקט פון איר „בריוו אין נקוו״ד״ און איך קום צום אויספיר אַז עס איז זייער שווער זי צו באַשולדיקן... פאַרשטייט זיך, ווען זי וואָלט געהאַט אויסערגעוויינ־לעכע כּוחות...

ווען מיר זיינען געבליבן אָן טאַטע־מאַמע בין איך געווען אַלט 8־9 יאָר און זי 9־10 יאָר. מיר זיינען אין איינעם געוואַקסן אונטער דער השגחה פון אונדזערע עלטערע ברידער און שוועסטערס. מיר זיינען דאָך געווען די קליינע. מיין שוועס־טער אסנה דערציילט אַז דער מאַמעס לעצטע ווערטער פאַרן טויט זיינען געווען: „אַרעלע, באַסינקע — היט זיי אָפּ, זיי זיינען דאָך קליינינקע...״ מיר האָבן ביידע געהאַט איין קרייז פון חברים. מיר האָבן געלעבט מיט די זעלביקע חלומות,

טרוימען און אידעאַלן און די גאַנצע צייט זיינען מיר געווען אין איינעם. זי האָט זיך געטיילט מיט מיר מיט אַלע אירע מיידלשע סודות. און דערנאָך זיינען אונ־דזערע וועגן זיך פונאַנדערגעגאַנגען. איך בין געבליבן לערנען, כּדי צו ענדיקן דעם עקזאַמען אין כאַרקאָוו און זי האָט געענדיקט דעם אוניווער־סיטעט און אַוועקגעפאָרן אין ווייטן טאַדזשיקיסטאַן און געאַרבעט אַלס לערערין פון דער רוסישער שפּראַך און ליטעראַטור. זי איז אַוועקגעפאָרן אין אַזאַ ווייטע־ניש לויט איר אייגענעם פאַרלאַנג. זי האָט געהאַט אַ גרויסע אַנטוישונג און ווײ־טיק צוליב אַ ניט געלונגענער ליבע מיט אונדזער בשותּפותדיקן חבר פון דער באַוועגונג און זי האָט געוואָלט אַפילו געאָגראַפיש זיין פון אים וואָס ווייטער.

אַזוי זענען אונדזערע גייסטיקע וועגן זיך פונאַנדערגעגאַנגען. איך בין געווען אַריינגעטאָן אין אונדזער אונטערערדישער אַרבעט און זי האָט זיך פאַרנומען מיט בויען איר פּעדאַגאָגישע קאַריערע און דאָס פּערזענלעכע לעבן... זי האָט געהאַט גרויס דערפאָלג אַלס לערערין. דערנאָך האָט געטראָפן דאָס אומגליק. זי האָט זיך פאַרליבט אין אַ מאַן מיט איר גאַנצן יונגן, מיידלשן ברען און טעמפּעראַמענט. זי האָט זיך גיך אונטערגעגעבן דעם געפיל און ניט דערטראַכטנדיק אירע מעשׂים — מיט אים חתונה געהאַט. דער דאָזיקער מאַן איז געווען אַלעקסאַנדער פּוטשקין. שורע האָט זי אים גערופן. אַ גוי פון די קאָזאַקן אויפן טייך דאָן, געענדיקט נאָר 7 קלאַסן פאָלקסשול, אַ פּאַרטייִשער אַרבעטער. קיין ספּעציעלע פּראָפעסיע האָט ער ניט געהאַט. דאָרט אין דער קליינער טאַדזשיקישער שטאָט איז ער געווען דער סעקרעטאַר פון פּאַרטיי־קאָמיטעט. אַ שיינער יונג, אַ בראַווער, אַ הויכער...

אין ברען פון דער ליבע האָט בתיה געעפנט פאַר שורען איר האַרץ, דער־ציילט וועגן איר פאַרגאַנגענהייט, וועגן דער גאַנצער משפּחה און האָט אים אויפ־געקלערט וואָס עס איז אַזוינס ציוניזם. זי האָט זיך פאַר אים באַרימט אַז אירע ברידער און שוועסטערס זיינען אידעאַליסטן... זי האָט דערנאָך דערציילט אַז זי איז געווען אַזוי פאַרבלענדט, זי האָט אַזוי אָנגעווירן איר שׂכל, אַז זי האָט ניט פאַרשטאַנען אַז איר באַזיוויטעט גרענעצט מיט אומדערלאָזלעכער, אומפאַראַנט־וואָרטלעכער נאַרישקייט. זי האָט געטראַכט אַז איר געליבטער, כאָטש ער איז אַ קאָמוניסט, און אפשר דווקא דערפאַר, וואָס ער איז אַן איבערגעגעבענער קאָמו־ניסט, וועט פאַרשטיין די אידעאַלן פון יידישע מענטשן...

אָבער דער „האָניק־חודש" פון זייער ליבע האָט געדויערט ווייניקער אַפילו פון 30 טעג. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איר געליבטער איז אַ שיכּור און אַ נידערטרעכטיקער מענטש. כּל־זמן ער איז ניכטער — איז ער אַ פּשוטער מענטש, ווייט פון קולטור און אינטעליגענץ, אָבער — אַ מענטש. טרינקט ער אָבער אויס עטלעכע גלעזער בראָנפן — קאָכט זיך אין אים פונאַנדער די קאָזאַקישע יוכע און ער קערט וועלטן. ער קען אַריינפאָרן אין די ציין דער געליבטער פרוי, און שרייען זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ... און טרינקען בראָנפן האָט ער ליב.

מיין שוועסטער זעצט פאַר איר גורלדיקן טעות. זי גייט ניט אַוועק פון אים. זי האָט אים ליב און קלייבט זיך אים איבערצודערציִען. זי האָט אַ קינד פון אים. ליידט פון די אָפטע סקאַנדאַלן אין שטוב, אָבער זי בלייבט מיט אים. אין דער משפחה האָבן מיר ניט געוווּסט וועגן אָט די אַלע פּרטים פון איר פאַמיליע־לעבן. מיר האָבן זיך וועגן זיי ערשט דערוווּסט ווען זיי זיינען געקומען קיין מינסק. פּוטשקינען האָט מען נאָמינירט אַלס שטעלפאַרטרעטער פונעם פאָרזיצער פון מינסקער שטאָטראָט און אויך אַלס מיטגליד פון מינסקער שטאָטישן פאַרטיי־קאָמיטעט.

אויך אין מינסק האָט מיין שוועסטער ממשיך געווען צו לעבן אין גיהנום. פּוטשקין האָט זי געשלאָגן. בתּיה האָט געליטן און אויסגעמיטן רעדן וועגן דעם, געשעמט זיך צו דערציילן אונדז. אָבער איין מאָל איז זי געקומען צו לויפן צו מיר און וויינענדיק געשריגן: „אַרעלע, ראַטעווע מיך!...‟ עס ווייזט זיך אַרויס אַז פּוטשקין איז צוגעלאָפן אַ שיכּורער צום וויגעלע פון קינד און געשריִען: „איך וועל דערשטיקן דעם זשידאָווסקן מין...‟ אויך דעמאָלט איז מיין שוועסטער ניט אַוועק פון אים. זי האָט דערציילט אַז ער האָט געזאָגט אַז דאָס קינד וועט ער ניט אָפּגעבן. געבן אַן אָפיציעלן גט, וויל ער ניט. גיין מישפּטן זיך מיט אים קען זי ניט, ווייל זי איז איבערצייגט אַז דער פּסק־דין וועט זיין לטובת אים. ווייל אויף דעם מישפּט וועט ער זאָגן אַז ער קען ניט, אַלס קאָמוניסט און סאָוועטישער מענטש, איבערלאָזן זיין קינד אין די הענט פון אַנטי־סאָוועטישע, ציוניסטישע עלעמענטן. דאָס סאָוועטישע געריכט וועט זיין אויף זיין זייט. ער האָט געוואָרנט, אַז אויב זי וועט נאָר דערמאָנען, אַז זי גייט אַוועק פון אים, וועט ער נעמען דאָס קינד און עס אָפּפירן אין דער סטאַניצע צו זיין מאַמען. און זיין מאַמע ברענט, הלמאַי איר זון — דער קאָזאַק — האָט חתונה געהאַט מיט אַ זשידאָווקע. דאָס קינד איז מיין שוועסטערס איינציקער נחת, איינציקער גליק אין לעבן. אָן דעם קינד האָט איר לעבן קיין שום זין ניט. דעריבער מוז זי ליידן און זי ליידט פון דעם קאָזאַק...

איך ליג אין דעם שטיינערנעם קעלער און איך ווייס, אַז ערגעץ דאָ בשכנות ליגט אויך מיין ווייב מאַשע מיט דעם קינד, וואָס דאַרף אין גיכן געבוירן ווערן. און מיר ווייסן ניט, וואָס עס שטייט אונדז פאָר אין דער צוקונפט. דאָס הייסט, מיר ווייסן אַז גוט און פריילעך וועט ניט זיין. אָבער איך פאַרגלייך אונדזער לאַגע מיט דער לאַגע פון מיין שוועסטער וועלכע איז איצט אין איר פּרעכטיקער דירה און מיט אירע שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס איר מאַן באַקומט אַלס אַן אויסגעוויילטער מענטש אין אַ ספּעציעלן פאַרטיילער... יאָ, מיין שוועסטער לעבט טאַקע איבער אַ זייער גרויסע מענטשלעכע טראַגעדיע. און מיר? עס וועט זיין שלעכט, אָבער די טראַגעדיע איז פאָרט ניט אַזוי גרויס...

ווען ר׳ חיים האָט אויסגעהערט מיין דערציילונג וועגן דער דאָזיקער אויס־פאָרשונג האָט ער מיך איבערצייגט אַז מיין השערה, אַז פּוטשקין איז דער איני־ציאַטאָר און מיטאַרבעטער פון מעלצערן פון דעם „בריוו אין נקוו״ד״, איז אַ ריכ־טיקע. אַנדערש קען אַפילו ניט זיין. די איינציקע פראַגע איז געווען פון וואַנען האָט פּוטשקין געוווּסט וועגן מיין פּלאַן צו גנבענען די גרענעץ. די שוועסטער האָט אים ניט דערציילט וועגן דעם. אַגב, דעם לעצטן מאָל, פאַר דעם אַרעסט, ווען איך האָב זיך געזען מיט בתיהן, האָב איך זי געפרעגט צי שורע ווייס וועגן דעם. האָט זי מיר געזאָגט, אַז ער האָט געוווּסט בלויז אַז איך קלייב זיך צו קומען אויף עטלעכע חדשים צו גאַסט. ער האָט דאָס געוווּסט ווייל ער האָט גע־לייענט מיינע בריוו.

— דאָס איז גענוג. מעלצער האָט שוין צוגעגעבן אַל דאָס איבעריקע. דאָס מאָל האָט טאַקע מעלצער געטראָפן. אַז דו ווילסט פאָרן קיין ארץ־ישראל האָט דאָך מעלצער געוווּסט פון דעם סערטיפיקאַט וועלכן דו האָסט באַקומען פון דיין שוועסטער. דאָס איז תיכף אַריינגעשריבן געוואָרן אין דיין „דיעלאָ״.

— אָבער וואָס האָבן זיי געטאָן כדי צו צווינגען מיין שוועסטער זי זאָל מיט אירע אייגענע הענט אָנשרייבן אַזאַ בריוו?

— איך בין זיכער — האָט געטענהט ר׳ חיים — אַז דיין שוועסטער איז אַפילו ניט געווען ביי מעלצערן. מעלצער מיט פּוטשקינען האָבן צוגעגרייט דעם טעקסט און פּוטשקין האָט אין שטוב געצווונגען בתיהן אַז זי זאָל דעם טעקסט איבערשרייבן מיט איר האַנט. ווי אַזוי האָט ער זי געצווונגען? פּשוט: ער האָט זי ווידער געסטראַשעט מיטן קינד...

ר׳ חיים האָט דערנאָך לאַנג געשוויגן. אַרומגעשפּאַנט גיך איבער דער קאַמער און דערנאָך צוגעגאַנגען צו מיר און געזאָגט:

— דו ווייסט, אַהרון, איך האָב געטראַכט וועגן דיין טאַטע־מאַמע וואָס זיינען אַזוי יונג אומגעבראַכט געוואָרן. ווייל איז זיי וואָס זיי האָבן ניט דערלעבט צו זען אַזאַ אומגליק ביי זייער טאָכטער...

דער פינאַל פון דער „פּריִערדיקער אויספאָרשונג״ איז געווען אַ געוויינלעכער — אַזאַ וועלכער דאַרף זיין, ווען טשעקיסטן פאָרשן אַן עקשן וואָס זאָגט זיך אָפּ אונטערצושרייבן זייערע פּראָטאָקאָלן. אָבער איך מוז זיין אָביעקטיוו און זאָגן דעם אמת: מעלצער האָט זיך באַצויגן צו מיר מיט חסד. עס האָט געקענט זיין אַ סך ערגער. איך ווייס נישט צי דאָס איז געשען ווייל אין אים האָט זיך אויפגעהאַלטן אַ ווייטער סענטימענט פון אַ יידיש האַרץ, אָדער דאָס איז געשען דערפאַר ווייל מיין „דיעלאָ״ איז געווען זייער אַן איינפאַכע — קיין גרויסן טשעקיסטישן קאַפּי־טאַל האָט מען פון איר ניט געקענט מאַכן. ניט שפּיאָנאַזש, ניט טעראָר, ניט

דיווערסיע און אַפילו ניט עקאָנאָמישע קאָנטער־רעוואָלוציע (אַגב, איך פאַרשטיי ניט פאַר וואָס עס האָט ניט פיגורירט דער ענין מיט דעם פינף־יאָר־פּלאַן). אַנטי־סאָוועטישע אַגיטאַציע, קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע גרופּע... איך ווייס ניט די סיבה, נאָר קיין גרויסע טענות צו מעלצערן קען איך ניט האָבן.

6־5 טעג נאָך דעם, ווי ער האָט אַרויסגעהאַקט ביי מיר דעם צאָן, האָט מען מיך געבראַכט צו פירן צו מעלצערן. ער האָט מיר ניט געגעבן אַפילו די ברילן און נאָר געפרעגט:

— וועסטו אונטערשרייבן די פּראָטאָקאָלן?

— ניין. איך האָב דאָך געזאָגט וואָס איך בין גרייט אונטערצושרייבן.

— איך וואָרן דיך נאָך איין מאָל: שרייב אונטער. עס וועט זיין ערגער.

— איך וועל ניט אונטערשרייבן.

ער האָט אָנגעקוועטשט אויף דער קנאָפּקע און עס איז אַריין אַ יונגער אָפּי־ציר. מעלצער האָט באַפוילן:

— איך גיב אים איבער אין דיין רשות. דו וועסט זיך מטפל זיין אַזוי ווי איך האָב דיר פריִער געזאָגט. אָבער פּונקט אַזוי און ניט מער.

דאָס אָפּיצירל האָט מיר געהייסן גיין. אין קאָרידאָר איז געשטאַנען אַ סאָל־דאַט, וועלכער איז אויך מיטגעגאַנגען מיט מיר. מען האָט מיך געבראַכט צו פירן אין אַ קליין צימערל אויף דעם ערשטן עטאַזש. אין צימערל איז גאָרניט געווען. 4 ווענט, אָן פענצטערס, אַזוי ווי אַ קליינער שפּייכלערל, אָבער מיט עלעקטרישן ליכט וואָס פאַרבלענדט ממש די אויגן. דאָס אָפּיצירל האָט געזאָגט:

— דו וועסט שטיין ביי דער וואַנט. שטיין, ווי לויט דער קאָמאַנדע סמירנאָ. ניט אָפּטרעטן פון דעם אָרט, ניט רעכטס, ניט לינקס און ניט איינבייגן די קני און ניט אַראָפּלאָזן זיך. נעבן דיר וועט שטיין אַ סאָלדאַט. ער וועט דיך ניט טשעפּען אויב דו וועסט זיך פירן ווי איך האָב געזאָגט. אויב דו וועסט נאָר טאָן אַ טראָט, אָדער פּרוּוון בייטן די פּאָזיציע, אָדער פּרוּוון זיך זעצן אויף דער פּאָדלאָגע — וועסטו כאַפּן קלעפּ. אַזאַ באַפעל האָט דער סאָלדאַט. די סאָלדאַטן וועלן זיך בייטן און דו וועסט שטיין. וועסטו באַשליסן צו חתמענען די פּראָטאָקאָלן — זאָג וועגן דעם דעם סאָלדאַט און אַלץ וועט תיכף זיין גוט. איך וואָרן — ער האָט אַ באַפעל צו שלאָגן, אויב דו וועסט ניט אויספילן די תנאים פון דער „סטאָיקע"...

און ער איז אַרויס פון צימערל. און איך האָב אָנגעהויבן די „סטאָיקע". פון אָנהייב האָט מער פון אַלץ געשטערט דאָס עלעקטרישע שניידנדיקע ליכט. איך האָב זיך באַמיט צו האַלטן פאַרמאַכט די אויגן. עס איז דורך מסתמא אַ שעה צי מער און עס האָט מיר אָנגעהויבן פּשוט צו דרייען דער קאָפּ פון דעם שטיין „סמירנאָ". כ׳האָב ניט געפילט קיין ווייטיק אין די פיס, נאָר עפּעס זייער אַ מאָדנער אַלגעמיינער ווייטיק אין גאַנצן גוף. ניט טראַכטנדיק וועגן גאָרניט האָב

איך אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן זיך, אָבער אַ זעץ מיטן פּריקלאַד פון ביקס אין בויך האָט מיר דערמאָנט דעם באַפעל פון אָפיציר...

די סאָלדאַטן האָבן זיך געביטן און איך בין געשטאַנען. איך ווייס ניט גענוי וויפל. מסתמא 3־4 שעה. דערנאָך האָט מען מיך אָפּגעפירט אין קאַמער. אין עטלעכע שעה אַרום ווידער אַ געשריי: „ראַזין נאַ דאָפּראָס", און ווידער שטיי איך עטלעכע שעה אין דעם צימערל און דערנאָך — עטלעכע שעה אין קאַמער. און ווידער אַ געשריי: „ראַזין נאַ דאָפּראָס", און ווידער 3־4 שעה די „סטאָיקע"... דער אָפיצירל קומט דערביי אַלע מאָל אַריין און לייגט מיר פאָר חתמענען די פּראָטאָקאָלן. ווען איך זאָג: „ניעט", גייט ער אַוועק. די סאָלדאַטן בייטן זיך און איך שטיי... און אַזוי זיינען אַדורך 5 טעג און נעכט. איך געדענק ניט גענוי, נאָר איך מיין אַז פאַר דער צייט זיינען געווען אַרום 20 „סטאָיקעס". איך בין געשטאַנען אַרום און אַרום ניט ווייניקער פון 60 שעה...

מעלצערן האָב איך שוין מער ניט געזען. דאָס אָפיצירל האָט 20 מאָל מיך געפרעגט צי איך וועל אונטערשרייבן און איך האָב 20 מאָל געענטפערט „ניעט" און מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט די „פריִערדיקע אויספאָרשונג"...

די „סטאָיקע" איז געווען איינער פון די מעטאָדן פון פיזישן דרוק, כּדי אַרויסצוקריגן ביי דעם באַשולדיקטן דעם אונטערשריפט אויף די פאַבריצירטע פּראָטאָקאָלן. עס איז אַ שווערער און אַכזריותדיקער דרוק. דאָס איז אַ מין קאָמפּלעקס פון פיזישן און פּסיכישן טעראָר. עס איז ניט נאָר דער פיזישער ווייטיק פון שטיין אַ סך צייט אויף די פיס; עס איז אַ פּייניקעכער פּסיכישער צושטאַנד. נאָר דער אמת איז אַז איך האָב באַדאַרפט דאַנקען גאָט, וואָס מעלצער האָט זיך באַנוגנט נאָר מיט דעם „מעטאָד". אָנהערנדיק זיך פון די פּייניקונגען מיט וועלכע זיי האָבן זיך באַנוצט לגבי אַ סך מענטשן און נאָך מיין אייגענעם ביטערן נסיון מיט דריי יאָר שפּעטער, קען איך זאָגן, אַז מיין „פריִערדיקע אויספאָרשונג" אין יאָר 1935, איז געווען אַ שפּילעכל און אַז מעלצער איז, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פאָרשערס, פשוט געווען אַ „מלאך"... אַגב, אַ סך שפּעטער איז מיר געוואָרן באַוווּסט אַז אין יאָר 1938 האָט מען מעלצערן אַרעסטירט. זיין ווייטערדיקער גורל איז מיר ניט באַוווּסט. איך ווייס נאָר אַז מען האָט אים געזען אין איינעם פון די קאַצעטן פון „בעלאָמאָרלאַג". אין וואָס האָט מען אים באַשולדיקט ווייס איך ניט. אפשר אין „ליבעראַלער" באַציִונג צו „פּיינט פון פאָלק" און אפשר האָט מען „אַנטדעקט" אַ „קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן עבר", וועלכן ער האָט באַהאַלטן כּדי „אַריינצוקריכן" אין די קדשי־קדשים פון דעם סאָוועטישן רעזשים — אין די אָרגאַנען פון דער טשעקאַ, גע.פּע.או. און נקוו"ד...

# 5
# איך באַקעז זיך מיט מיין זון

אין דעם שטיינערנעם קעלער פון נקוו"ד בין איך געווען 3½ חדשים. מען האָט מיך אַריבערגעפירט אין דער מינסקער צענטראַלער טורמע. דאָס האָט שוין באַדייט אַז די „פריִערדיקע אויספאָרשונג" איז פאַרענדיקט. און איך בין פאַרשטייט זיך געווען צופרידן פון דעם. איך ווייס ניט וואָס מיר שטייט פאָר, אָבער איך ווייס אַז דער ערשטער עטאַפּ איז שוין פאַרביי. עס האָט מיך פאַרקלעמט ביים האַרצן ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט ר' חיימען, אַ גוטער ייִד. איך האָב זיך מיט אים זייער באַפריינדט. עס טרעפט זעלטן אין אַזעלכע באַדינגונגען...

דער ערשטער איינדרוק איז געווען אַז איך בין אַריינגעפאַלן אין אַן „אָפּרו־הויז". די קאַמער אויפן דריטן עטאַזש פון דער גרויסער געביידע — אַ גאַנץ גרויסער צימער מיט אַ גרויסן פענצטער (פאַרשטייט זיך מיט געדיכטע קראַטעס), ביי טאָג איז ליכטיק פון זונענשיין. מען גייט צו צום פענצטער און מען זעט דעם הויף, ווו אַרעסטאַנטן שפּאַצירן אין באַשטימטע שעהען. אין קאַמער איז פאַר יעדן אַרעסטאַנט פאַראַן אַן אייזערן בעטל. ניט צו פאַרגלייכן מיט דעם קעלער... און נאָך איין וויכטיקער מאָמענט — אַ האָפענונג צו האָבן „אַ זעונג" מיט אַ קרוב און באַקומען אַ שפּייזפּעקל — זאַכן וועגן וועלכע מען האָט אין קעלער ניט געקענט טרוימען. מען האָט מיר אָפּגעגעבן די ברילן, דעם פּאַסיק און די בענדלעך פון די שיך (דעם זייגער האָבן זיי „פאַרגעסן" אָפּצוגעבן). דער עיקר איז געווען די ברילן. עס האָבן זיך געעפנט די אויגן.

דער טאָג־אָרדענונג און רעזשים — דער זעלביקער, ווי אין קעלער. מען האָט אָבער דערלויבט יעדן טאָג אַ שפּאַציר אין הויף פון תפיסה — 15 מינוט. אין קעלער האָבן מיר קיין מאָל דעם הימל ניט געזען.

אין קאַמער זיינען געווען 17 „פּאָליטישע פאַרברעכערס". מען האָט מיך באַ־געגנט פריינדלעך. איך בין זייער גיך „געקומען צו זיך" און גיך אויפגענומען און באַהערשט דעם טאָג־טעגלעכן אַרעסטאַנטישן לעבנס־שטייגער.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די תקופה פון וואַרטן אויף דעם גזר־דין. עס איז

געווען קלאָר אַז דער גורל איז פּאַרויס באַשטימט און אַז איך וועל מיין „פּאַרציע״ באַקומען. די פראַגע איז נאָר געווען וויפל? 3־5־8 אָדער 10 יאָר? און אויך — וווהין? אין וועלכן לאַגער פון גרויסן גולאַג־אַרכיפּעלאַג וועט מען מיך אַרייַנוואַרפן. דאַרף מען זיך אַנקלייבן מיט געדולד און וואַרטן. קלאָר איז געווען אַז מיין „דיעלאָ״ געהערט ניט צו די, מיט וועלכע עס פאַרנעמט זיך דער העכסטער געריכט פון ראַטן־פאַרבאַנד, אָדער דער העכסטער געריכט פון ווייסרוסלאַנד, אָדער אַפילו דער מינסקער קאַנט־געריכט און אויך ניט צו אַזעלכע מיט וועלכע עס פאַרנעמען זיך מיליטערישע טריבונאַלן. מיין „דיעלאָ״ וועט מען אָפּשיקן אין דער אַזוי גערופענער „אָסאָבאָיע סאָוועשטשאַניע״ — באַזונדער באַראַטונג פון דער נקווּ״ד אין מאָסקווע, וועלכער באַשטימט דעם גזר־דין אַדמיניסטראַטיוו, אונטער די אויגן. מען שרייבט אָן אַ רעזאָלוציע און פאַרטיק... אָבער די „אָסאָבאָיע סאָוועשטשאַניע״ איז איבערגעלאָדן מיט אַרבעט, זיי אַרבעטן דאָרט נעבעך טאָג און נאַכט, זיי זיינען פאַרוואַרפן מיט צענדליקער טויזנטער „דיעלאָס״ — דאַרף מען וואַרטן מיט געדולד. עס איז ניטאָ וואָס צו איילן זיך. ווי זאָגט מען: דער סאָלדאַט שלאָפט און זיין „סלוזשבע״ גייט... דער אַרעסטאַנט זיצט און זיין „סראָק״ גייט דאָך אויך!... איז דאַרף מען פטרן נערוון און איילן זיך צו פאָרן אין לאַגער?...

די ערשטע, זייער וויכטיקע זאַך, מיט וועלכער איך האָב זיך פאַרנומען אין מיין נייער וווינונג, איז געווען דאָס אויסלערנען זיך די טורמע־שפּראַך פון איבער־קלאַפּן זיך דורך דער וואַנט מיט דער שכנותדיקער קאַמער. עס איז געווען זייער וויכטיק, ווייל אין וואַנט פון אונדזער קאַמער האָט זיך געגרענעצט מיט אַ פרויען־קאַמער און איך האָב געוואָלט זיך דערוויסן, אפשר האָט ווער ס׳איז פון די פרויען אין יענער קאַמער עפּעס אַ ידיעה וועגן מאַשען. עס קען דאָך טרעפן אַזאַ זאַך.

איך האָב גיך באַהערשט די פּרימיטיווע טעכניק פון דער „שפּראַך״. עס זיינען געווען „פּאָליטישע״ פרויען, נאָר קיין איינע פון זיי האָט ניט געוווּסט דעם נאָמען פון מיין פרוי. דאָס איז געווען די איינציקע דאגה וועלכע האָט מיך ניט געלאָזט רוען און האָט טאָג און נאַכט געטאָטשעט דאָס האַרץ און דעם מוח. וואָס איז מיט איר? לויט דעם חשבון דאַרף שוין דאָס קינד קומען אויף דער וועלט. ווי אַזוי איז דורך ביי איר די אויספאָרשונג? האָט זי זיך געהאַלטן? האָט זי געהאַט גע־נוג פיזישן און מאָראַלישן כוח אויסצוהאַלטן? און וואָס איז מיט דעם קינד? איז עס מיט איר אין איינעם אין תפיסה? איך האָב זיך געווענדט צום שעף פון טור־מע. דער ענטפער איז געווען: דער פאָרשער דערלויבט ניט צו געבן אינפאָרמאַ־ציע. אין קעלער האָט מעלצער קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט צו רעדן וועגן דעם. איך האָב געפּרוּווט אָנצובינדן אַ וועלכן ניט איז קאָנטאַקט דורך אייניקע אַרעס־טאַנטן פון מיין קאַמער וועלכע האָבן באַקומען דערלויבענישן אויף באַגעגענישן מיט זייערע פרויען. איך האָב ניט מצליח געווען. איך האָב גאָרניט זיך געקענט

דערוויסן. געבן מיר אַ באַגעגעניש מיט וועמען ניט איז פון מיין משפחה אין מינסק, האָט מען מיר קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. כאָטש לויט דעם „געזעץ" האָב איך שוין געהאַט דאָס רעכט דערצו. דער ענטפער איז געווען — דער סליעדאַ־וואַטעל מעלצער דערלויבט ניט.

און פּלוצלינג האָט געטראָפן אַ נס: עס האָט מיך אַטאַקירט אַ מאָגן־קראַנ־קייט. אַ הויכע טעמפּעראַטור, שרעקלעכע בויך־ווייטיקן און אומאויפהערלעכע לויפעניש צו דער פּאַראַשע. איך האָב אויפגעהערט צו עסן דעם ברויט מיט דער באַלאַנדע, נאָר געטרונקען די געזאָטענע וואַסער. דער טורמע־פעלדשער איז גע־קומען אויפן דריטן טאָג, געגעבן עטלעכע טאַבלעטקעס און אַוועק, זאָגנדיק: דער שוואַרץ יאָר וועט דיך ניט נעמען... די לאַגע האָט זיך ניט פאַרבעסערט. פאַר־קערט. איך בין כּמעט די גאַנצע צייט געזעסן אויף דער פּאַראַשע, די קאַמער האָט אָנגעהויבן פּראָטעסטירן, פאָדערן מען זאָל מיך צונעמען אין טורמע־שפּיטאָל. מען קען דאָך זיך אָנשטעקן. עס איז דאָך אוממעגלעך צו זיין מיט מיר אין קאַמער. מען האָט ניט רעאַגירט. האָט די קאַמער געמאָלדן אַ הונגער־שטרייק. עס האָט געדויערט 30 שעה און מען האָט מיך אַריבערגעפירט אין טורמע־שפּיטאָל וועל־כער האָט זיך געפונען אויף דעם צווייטן עטאַזש פון דער זעלביקער געביידע.

אין דעם שפּיטאָל האָב איך באַקומען אַ גיכע און גאַנץ גוטע באַהאַנדלונג. איך בין געקומען צו זיך. די טעמפּעראַטור איז געפאַלן, די ווייטיקן זיינען פאַרביי און איך האָב אָנגעהויבן געזונט צו ווערן.

דער רעזשים אין שפּיטאָל איז געווען פיל לייכטער ווי אין דער טורמע־קאַמער. די צימערן אין שפּיטאָל זיינען ביי טאָג געווען אָפן און מען האָט גע־קענט אַריינקוקן אין זיי און אַפילו פאַרזיכטיק זיך אַריינכאַפּן אויף אַ מינוט אין אַ צווייטן צימער. איך האָב זיך טאַקע איין מאָל אַריינגעכאַפּט אין דער פרויען־פּאַלאַטע מיט דער האָפענונג אפשר וועל איך דאָרט געפינען מיין ווייב מיטן קינד...

דער פענצטער פונעם צימער אין וועלכן איך בין געווען איז אַרויס צו דער שטאָטגאַס און דורך די קראַטן האָט מען גאַנץ גוט געקענט זען די מענטשן וועל־כע גייען דאָרט פאַרביי. אָט די פענצטערס טאַקע האָבן פאַר מיר געשפּילט אַ באַזונדער וויכטיקע ראָל — דורך זיי האָב איך זיך באַקאַנט מיט מיין זון...

והמעשה שהיה כך היה. אין שפּיטאָל האָט זיך מיט מיר פאַרנומען אַ דאָקטער — אַ פרוי. און איר באַציִונג צו מיר איז געווען אַ גוטע, אַן איבערגעגעבענע, ניט קיין קאַזיאָנע און אַפילו אַ האַרציקע. איך האָב געפילט אַז זי איז אַ מענטש מיט אַ גוט האַרץ. נאָך שווערע טראַכטענישן און וואַקלענישן האָב איך באַשטימט אַז מען קען איר פאַרטרויען מיין סוד, ס'הייסט: דערציילן וועגן מיין פרוי און זי בעטן, אַז אויב נאָר ס'איז מעגלעך, זאָל זי זיך דערוויסן וועגן איר צושטאַנד.

ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָב איך עס טאַקע געטאָן. זי האָט מיך אויסגע־הערט שטיל און רויִק און אָן איבעריקע פראַגעס פאַרשריבן דעם אַדרעס פון מיין ווייבס שוועסטער (וועלכע איז אויך געווען אַ דאָקטערין) און צוגעזאָגט מיט דעם זיך צו פאַרנעמען. אין צוויי טעג אַרום האָט מען מיך אַרויסגערופן צו איר. זי האָט פאַרמאַכט די טיר און שטילערהייט דערציילט: דעם 23סטן אויגוסט האָט מען מיין ווייב אַריבערגעפירט פון נקוו״ד אין שטאַטישן שפיטאָל. דעם 24סטן אויגוסט איז געבוירן געוואָרן אַ ייִנגעלע. אַלץ איז נאָרמאַל. דעם זון האָט מען געגעבן דעם נאָמען יוסף (דעם נאָמען פון מיין טאַטן). מיין ווייב האָט באַקומען אַ דערלויבעניש צו זיין אַ חודש ביי זיך אין שטוב (אונטער אַ שריפטלעכער התחייבות ניט אַרויסצופאָרן פון שטאָט). היינט, 4־5 אַ זייגער נאָך מיטאָג, וועט מיין ווייב, מיטן קינד אויף די הענט און מיט איר שוועסטער פרידאַ, פאַרביי־שפּאַצירן אין גאַס נעבן דער טורמע...

איך האָב זיך צוגעדריקט צו די קראַטן פון פענצטער פון מיין שפיטאָל־צימער און סוף־סוף זיי דערזען. זיי האָבן שפּאַצירט הין און צוריק און געקוקט אין דער ריכטונג פון דער טורמע. דעם זון האָב איך ניט געזען. איך האָב געזען מיין ווייב מיט עפּעס איינגעוויקלטס אויף די הענט. אָבער מיר האָט געדאַכט אַז איך זע אים יאָ: ער שמייכלט — ער איז צופרידן, וואָס ער איז פון דעסטוועגן געבוירן געוואָרן אויף דער פריי און ניט אין נקוו״ד־קעלער...

מאַשע און פריידל האָבן אַ טרייסל געטאָן מיט די הענט אין דער לופטן, אַזוי ווי מען געזעגנט זיך און זיי זיינען אַוועק. זיי האָבן מיך, פאַרשטייט זיך, ניט געזען. אָבער מיר האָט זיך געדאַכט אַז זיי זעען מיך, זעען מיין שמייכל און מיינע טרערן און הערן אַפילו מיינע ברכות וועלכע איך האָב געשעפּטשעט.

איך וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסן די רוסישע פרוי — די דאָקטערין מיט איר גוט, מענטשלעך האַרץ. איך האָב געוואָלט איר זאָגן כאָטש איין וואָרט — אַ דאַנק! וואָס קען נאָך אַן אַרעסטאַנט טאָן? נאָר אַפילו דאָס וואָרט האָט זיך מיר ניט איינגעגעבן איר צו זאָגן. מער האָט זי מיך ניט גערופן — איך בין שוין געווען געזונט, און זי האָט פאַראָרדנט מיך אָפּצושיקן צוריק אין מיין קאַמער. איך האָב זי מער קיין מאָל אין מיין לעבן ניט געזען.

אין קאַמער האָט מען איינגעאָרדנט אַ „באַנקעט״ לכּבוד מיין זון. מען האָט געטרונקען „לחיים״ און פאַרביסן מיט אַ שוואַרצן סוכאַר און אַ שטיקעלע טרו־קענע ווורשט וואָס איינער פון די קאַמער־חברים האָט געגעבן פון זיינס אַ שפּייז־פּעקל. ווען מען האָט פאַרענדיקט די „סעודה״ האָבן מיר שטילערהייט געזונגען די באַוווּסטע אַרעסטאַנטישע ליד „סיזשו זאַ רעשאָטקאָי״... עס איז געווען אַ גע־הויבענע שטימונג. און פּלוצלינג פרעגט איינער — אַן אַלטער אַדוואָקאַט:

— ווי זשע רופט מען דיין זון?

— יוסף.

— און ווי רופט מען דיך?

— אַהרון.

— הייסט עס, דיין זון רופט מען פּאָ נאָשעמו יאָסיף אַראָנאָוויטש?

— ריכטיק. מיין זון רופט מען יאָסיף אַראָנאָוויטש.

— איז ווי האָסטו געקענט דערלויבן אַז דיין זון זאָל מען רופן יאָסיף אַראָ־נאָוויטש?

— פאַר וואָס ניט? מיין טאַטע האָט געהייסן יוסף. ביי אונדז יידן איז דאָ אַ מינהג, אַז מען גיט אַ נאָמען נאָך דעם טאַטן.

— דו האָסט אַ טעמפּן קאָפּ און אַ שלעכטע שמיעה. צי דען הערסטו ניט ווי עס קלינגט... יאָסיף אַראָנאָוויטש... עס איז דאָך פּונקט ווי יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש. קענסטו דערלויבן, אַז דער נאָמען פון דיין זון זאָל קלינגען ענלעך צו דעם פּאַס־קודנעם נאָמען פון דעם אַלמעכטיקן גאָט? ערלעכע מענטשן וועלן דאָך צוליב דעם נאָמען אַליין אָפּקערן זיך פון דיין זון... און מען האָט אָנגעהויבן דערציילן אַנטי־סטאַלינישע וויצן. מיט אַ מאָל האָבן זיך אַלע אָפּגעהאַלטן. מען האָט זיך געפּילט אַזוי ווי שולדיקע קינדער, וועלכע האָבן אָנגעשטיפט ניט גוט. מען האָט דערפילט, אַז מען האָט איבערגעכאַפּט די מאָס. ווער ווייס? אפשר איז דאָ אין קאַמער אַ „שמעקער"? און וועגט האָבן דאָך אויך אויערן... און מען האָט זיך שטיל פונאַנ־דערגאַנגען און ביז דעם „שפּאַציר" האָט מען צווישן זיך ניט גערעדט אַפילו...

און ביי מיר איז אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן. אין דער מינוט האָב איך ניט געטראַכט, וואָס מאַשע איז דאָך ניט באַפרייט. וואָס וועט זיין מיט איר? אָבער דאָך, אין דער מינוט, בין איך געווען אין אַ דערהויבענער שטימונג. איך האָב זיי געזען אויף דער פריי...

# 6
# חשבון־הנפש

לויט די דעמאָלטיקע כּללים האָב איך געהאַט דאָס רעכט איין מאָל אין חודש צו באַגעגענען זיך מיט איינעם פון דער משפּחה אין משך פון 20 מינוט און באַקומען איין מאָל אין חודש אַ שפּייז־פּעקל. איך בין געזעסן אין דער מינסקער צענטראַלער טורמע דריי חדשים און ניט באַקומען שפּייז־פּעקלעך און אויך ניט געהאַט קיין באַגעגענישן מיט קרובים. דאָס האָט מיך ניט געלאָזט רוען: וואָס האָט געטראָפן? האָט מען נאָך עמעצן אַרעסטירט אין מיין משפּחה? עס קען דאָך ניט זיין אַז זיי זאָלן מיך פאַרגעסן! אָדער האָט דער פּחד זיי באַהערשט? מיך האָט אויך געפּייניקט אַזאַ געדאַנק: אַלע אין מיין משפּחה זיינען דאָך געווען „פאַרפּאַטשקעט" מיט אַ ציוניסטישן עבר, איז דאָך טאַקע אַ סכּנה צו גיין און בעטן ביים סליעדאָוואַטעל פון נקוו"ד אַ דערלויבעניש צו אַ באַגעגעניש מיט מיר. (געבן אַ דערלויבעניש זיך צו זען מיט אַן אַרעסטירטן וועלכער האָט נאָך ניט באַקומען דעם פּסק־דין, קען נאָר דער סליעדאָוואַטעל...). אָבער ניין! דעם געדאַנק האָב איך אָפּגעוואָרפן...

האָט געדריקט די איינזאַמקייט, די איזאָלירטקייט פון אַלץ און אַלעמען. און עס האָט געדריקט די פראַגע — וואָס קומט דאָ פאָר? וואָס איז מיט מאַשען? זי האָט דאָך געהאַט אַ דערלויבעניש צו זיין אין שטוב איין חודש נאָכן האָבן דאָס קינד. און וואָס איז מיט דעם קליינעם זון? האָט מען אים צוגענומען אין איינעם מיט זיין מאַמען?

עס האָבן זיך געשלעפּט לאַנגע טעג און נעכט, איינע און די זעלביקע, פּיינ־לעכע מיט זייער פּינצטערער פּוסטקייט, ווען דו ווערסט איינגעשלאָסן אין זיך אַליין. און כאַראַקטעריסטיש איז וואָס דווקא די אומבאַוווסטע צוקונפט, וועלכע וואָלט דיך, נאַטירלעך, געדאַרפט האַלטן אין שפּאַנונג: — וויפל וועט מען דיר געבן? וווהין וועט מען דיך שיקן? וואָס דערוואַרט דיך? — אָט די אַלע פראַגעס האָבן מיך ווייניקער באַאומרויִקט. זיי זיינען ניט געווען די דאָמינאַנטע. מען האָט, פאַרשטייט זיך, גערעדט וועגן דעם אין קאַמער, אָבער ביי זיך טיף אין האַרצן

האָט מען צו זיי געפּילט אַ מין גלייכגילטיקייט. ס'איז מסתמא דערפאַר ווייל עס האָט זיך געשאַפן אַ מין אַפּאַטיע צו דעם אַלעם וואָס עס קומט פאָר. אין אַ לאַנד ווו דאָס הויפּט־געזעץ איז אומגעזעצלעכקייט, ווו הפקרות געוועלטיקט אַלס מלוכה־סיסטעם, ווו דאָס מענטשלעכע לעבן האָט קיין שום באַדייטונג ניט — אין אַט אַזאַ לאַנד ווערט דער מענטש אָן זיין גלויבן בכלל. איז וואָס זיינען שוין וויכטיק די אַלע טראַכטעניש און קלערעניש? אַפילו ווען די „אָסאָבאָיע סאָוועשטשאַניע" וועט דיר געבן נאָר 3 יאָר — קען מען דען זיין זיכער אַז אין 3 יאָר אַרום וועסטו זיין אַ פרייער מענטש?

אַזוי זיינען דורכגעגאַנגען לאַנגע, פּינצטערע נעכט אין חשבון־הנפש. איך בין אַלט געווען 25 יאָר. איז וואָס האָב איך דערגרייכט פאַר די 25 יאָר? פּאַקטיש וואָלט מיין סך־הכל געדאַרפט זיין אַ גוטער: איך האָב אַליין געקלעטערט און מיט אייגענע כּוחות, ממש אָן קיין שום הילף, דערגרייכט צו אַ מעמד אין לעבן.

מיינע ברידער און שוועסטערס האָבן מיך אויסגעהאַלטן ביז איך האָב פאַר־ענדיקט די 7־יאָריקע שול. מיין ברודער יענקל האָט מיר איינגערעדט אַנצוקומען אין אַ פּראָפעטעכנישע שול און לערנען דאָרט סטאָלעריי. אין דער פּראָפעטעכני־שער שול האָט מען געגעבן אַ קליינע סטיפּענדיע. סטאָלעריי, האָט ער געזאָגט, איז אַן איידל פאַך. בין איך אָנגעקומען אין דער שול, אָבער איך בין דאָרט גע־ווען ניט מער ווי עטלעכע וואָכן. דער אינסטרוקטאָר פון סטאָלער־צעך האָט מיר געמאָלדן אַז איך האָב ניט קיין שום טאַלאַנט צו דער אַרבעט. ער האָט געטענהט אַז פאַר די עטלעכע וואָכן האָב איך זיך ניט אויסגעלערנט אַפילו ריכטיק צו האַלטן אַן אינסטרומענט אין האַנט. עס איז אַרויסגעוואָרפענע צייט. און ער איז מסתמא געווען גערעכט... איך האָב פאַרלאָזט די פּראָפעטעכנישע שול און געוואָרן אַ „שוואַרצער אַרבעטער" אין אַן אַבאָיען־פאַבריק. געראַמט, געשלעפּט, צוגע־טראָגן, אָפּגעטראָגן. צו דעם האָב איך געהאַט „טאַלאַנט"... און דערנאָך האָט מיך דער גורל פאַרוואָרפן קיין מאָסקווע און איך האָב געאַרבעט אַלס לערן־יינגל און דערנאָך אַלס דרוקער אין אַ דרוקעריי. אָבער סיי אין מינסק, סיי אין מאָסקווע, האָב איך ביי טאָג געאַרבעט און ביי נאַכט געלערנט אין די אָוונט־שולן. דערנאָך האָב איך איבערגעוואַנדערט קיין לענינגראַד און דאָרט שוין געלערנט ביי טאָג און געאַרבעט אין די אָוונטן. שפּעטער האָב איך געלערנט אין כאַרקאָווער איינ־זשינער־עקאָנאָמישן אינסטיטוט און געאַרבעט פאַרשיידענע אַרבעטן, כּדי זיך אויס־צוהאַלטן. געענדיקט דעם אינסטיטוט און געוואָרן אַ סאָוועטישער עקאָנאָמיסט... וואָס מער האָב איך געקענט דערגרייכן? האָב איך טאַקע ניט קיין טענות צו זיך אַליין.

דערנאָך מאַך איך מיין אַנדערן חשבון־הנפש: דעם אינערלעכן, דעם גייסטיקן, דעם עיקרדיקן: איך בין שוין 12 יאָר אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. די ערש־טע 3־4 יאָר זיינען געווען קינדערשע, אָנגעזאַפּטע מער מיט געפיל און מיט דער

טראַדיציע פון דער נאַציאָנאַלער אַטמאָספער וואָס האָט געהערשט ביי אונדז אין שטוב. אָבער די וויטערדיקע 8־9 יאָר פון מיין זיין אין דער באַוועגונג, זיינען געווען יאָרן פון פולשטענדיקן אידעאָלאָגישן באַוווסטזיין. בין איך געגאַנגען אויף אַ ריכטיקן וועג? איך האָב געשטעלט זיך די פראַגע ניט דערפאַר, ווייל דער וועג האָט מיך געבראַכט אין קעלער פון נקוו״ד און וועט מיך ברענגען אויף לאַנגע יאָרן (וואָר ווייסט וויפל) אין די סאָוועטישע „אויסבעסערונג אַרבעטס־לאַגערן״. די פראַגע „צי דער וועג איז געווען אַ ריכטיקער?״ האָט זיך פאַר מיר געשטעלט אין די לאַנגע פינצטערע טורמע־נעכט נאָר דערפאַר, ווייל אין די לעצטע פאַר יאָר האָבן מיר אַלע געפילט אַז די ציוניסטישע באַוועגונג אין ראַטן־פאַרבאַנד איז אין אַ צושטאַנד פון גסיסה, אַז זי שטאַרבט שוין אָפּ. פאַר וואָס? איז דאָס נאָר אַ רעזולטאַט פון דעם טעראָר פון סאָוועטישן רעזשים? און אפשר זיינען פאַראַן אַנדערע, אינערלעכע פאַקטאָרן? און באַזונדערס שאַרף איז געשטאַנען פאַר מיר די פראַגע צי די באַוועגונג, צו וועלכער איך האָב געהערט — די פּועלי־ציון־באַוועגונג אין ראַטן־פאַרבאַנד — איז געגאַנגען אויף אַ ריכטיקן וועג? 10 יאָר בין איך געווען אין דער באַוועגונג, 10 יאָר בין איך מיט לייַב און לעבן געווען איבערגעגעבן דער פאַרטיי, און די אַלע 10 יאָר זיינען ביי מיר געווען צווייפלען און וואַקלענישן און פון יאָר צו יאָר זיינען זיי בולטער און רייפער געוואָרן וואָס נוגע דער פראָגראַם און דעם אידעיִשן וועג פון דער באַוועגונג...

איך גיי דורך די לאַנגע נעכט מיין 10־יאָריקן וועג, טראַכט נאָך טראַכט. אַנאַליזיר אים און געפין אַז די צווייפלען און וואַקלענישן האָבן אַ ממשות... זיי זיינען באַרעכטיקט...

אין סוף פון יאָר 1925 איז אין אונדזער מינסקער אָרגאַניזאַציע פון „השומר הצעיר״ פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג און איך מיט נאָך 8 יינגלעך און מיידלעך זיינען אַרויס פון דער אָרגאַניזאַציע און האָבן געשאַפן דעם יסוד פון דער מינסקער אָרגאַניזאַציע פון „יוגנט־פּועלי־ציון״. פון „השומר הצעיר״ בין איך אַרויס דערפאַר ווייל דאָרט האָט דאָמינירט דער עלעמענט פון סקאָוטיזם. אין די קינדערשע יאָרן האָט עס פאַרכאַפּט און באַפרידיקט. אָבער גלייכצייטיק מיט דעם פּראָצעס פון דערוואַקסן ווערן איז אויך אויסגעוואַקסן אין באַוווסטזיין דער געדאַנק וועגן דער נויטווענדיקייט אין פּראָגראַמאַטישער, אידעאָלאָגישער טעטיקייט. עס זיינען געווען אין שטאָט אַ סך ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, ווי „יוגנט־צ.ס.״, „החלוץ הצעיר״, יידישער סאָציאַליסטישער יוגנט־פאַרבאַנד. אָבער כ׳ווייס ניט פאַר וואָס, נאָר איך האָב זיי געהאַלטן פאַר „קליינבירגערלעכע״ אָרגאַניזאַציעס... אפשר איז דאָס געווען דערפאַר, וואָס זיי זיינען איבער הויפּט באַשטאַנען פון לערן־יוגנט און איך בין דאָך שוין געווען אַ „פּראָלעטאַריער״...

אין „יוגנט־פועלי־ציון" בין איך אַריינגעטראָטן ניט אין רעזולטאַט פון זיין איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון דעם פּראָגראַם און דעם וועג פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין רוסלאַנד. עס איז מסתמא געווען אַן אימפּולסיוו געפיל וואָס האָט מיך פאַרכאַפּט און באַגייסטערט אין דער נייער עפּאָכע וועלכע איז געבוירן געוואָרן אין רעזולטאַט פון דער „גרויסער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע". די רעוואָלוציע האָט דאָך געטרומייטערט וועגן די ליכטיקע אידעאַלן פון קאָמוניזם און וועגן דעם אַלמענטשלעכן גליק, וואָס האָט באַציבערט און געצויגן צו זיך. פון דער צווייטער זייט האָט די „גרויסע אָקטיאַבער־רעוואָלוציע" אויך פאַרכאַפּט מיט דעם וואָס זי האָט דאָך געבראַכט אַ געוויסע „גאולה" די יידישע מאַסן פון רוסלאַנד, וועלכע זי האָט באַפרייט פון דעם פאַרשאָלטענעם צאַרישן רעזשים מיט זיין שרעקלעכן אַנטיסעמיטיזם, פּאָגראָמען, דיסקרימינאַציע, תחום המושב, פּראָצענט־נאָרמע אד"גל. די רעוואָלוציע האָט געבראַכט נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג, אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך, ליטעראַטור, קונסט, טעאַטער; אַנטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַלער אַדמיניסטראַטיווער מלוכה־פאַרוואַלטונג — יידישע ראַטן, יידישע מיליציע־באַצירקן, אַפילו יידישע ראַיאָנען; אינטענסיווע פּראָדוקטיוויזאַציע, ערד־איינאָרדענונג...

איך האָב פאַרשטאַנען און געווען איבערצייגט, אַז דאָס אַלץ לייזט ניט אין תוך די יידן־פראַגע; אַז צו דעם איז בויטיק אַן אייגן לאַנד און דווקא ארץ־ישראל און דעריבער איז בויטיק די ציוניסטישע באַוועגונג. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון רוסלאַנד, די סאָוועטישע מאַכט אָנערקענט דאָס טאַקע ניט, אָבער אין תוך גענומען איז די „גרויסע אָקטיאַבער־רעוואָלוציע" אַ פּראָגרעסיווע דערשיינונג אויך פון יידישן נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט...

הייסט דאָס אַז דער סינטעז פון קאָמוניזם און ציוניזם — דאָס, וואָס עס האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך די פּועלי־ציון־באַוועגונג אין רוסלאַנד אין איר נאָך־רעוואָלוציע פּעריאָד — איז אַ ריכטיקער... פאַר אַ 15־יאָריקן יינגל איז אַזאַ פּראָגראַם געווען גענוג, כדי זיך אַריינצוואַרפן מיט זיין גאַנצן ברען און התלהבות אין דער אַרבעט...

איך האָב דאַן ניט פאַרשטאַנען דעם כאַראַקטער פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און אויך ניט ריכטיק אָפּגעשאַצט די פּועלי־ציון־באַוועגונג אין רוסלאַנד נאָך דער רעוואָלוציע. אָבער די יאָרן גייען, די אויגן עפענען זיך, פראַגעס שטעלן זיך און צווייפלען און וואַקלענישן וואַקסן...

די פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין רוסלאַנד האָט זיך אָנגערופן נאָך דער רעוואָלוציע „יידישע קאָמוניסטישע אַרבעטער פּאַרטיי (פּועלי־ציון)". דער פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט אויף דער צווייטער אַלרוסלענדישער אויסעראָרדנטלעכער קאָנפערענץ פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי „פּועלי־ציון", וועלכע איז פאָרגעקומען אין מינסק אין יאַנואַר 1919.

די קאָנפערענץ האָט באַהאַנדלט די פּראָבלעמען פון דער פּועלי־ציוניסטישער באַוועגונג, די טעאָרעטישע גרונט־הנחות און דער טאַקטישער ליניע פון דער פּאַרטיי אין דעם נייעם פּעריאָד — אין פּעריאָד פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. און כאַראַקטעריסטיש אַז אין דער אַלגעמיינער פראַגע פון אָפּשאַצן אָט דעם „נייעם פּעריאָד" אין רוסלאַנד און אין דער גאַנצער וועלט זיינען ניט געווען קיין שום חילוקי־דעות. אַלע דעלעגאַטן האָבן זיך געהאַלטן ביי דעם געדאַנק אַז די אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז אַ פּאָזיטיווער עטאַפּ פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין דער גאַנצער וועלט און אַז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און די ראַטנמאַכט זיינען די ריכטיקע, היסטאָריש באַרעכטיקטע, פאָרמען פון אָפּהיטן די דערגרייכונגען פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע... שאַרפע חילוקי־דעות זיינען געווען אין דער פראַגע פון געוויסע דעמאָקראַטישע רעכט. די רעכטע „פּאַרטייִשע פראַקציע" האָט געפאָדערט אַז אין רוסלאַנד דאַרף איינגעפירט ווערן פרייהייט פון וואָרט, פּרעסע און אָרגאַניזאַציע פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און די ליבקע קאָמוניסטישע פראַקציע האָט אין די דאָזיקע פראַגעס מסכים געווען מיט דער פּאָליטיק פון דער רוסישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אין תחום פון די יידישע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען האָט די קאָנפערענץ אונטערגעשטראָכן, אַז אין דער עפּאָכע פון גרויסע סאָציאַלע צוזאַמענשטויסן פאַרשאַרפט זיך נאָך מער דאָס עמיגראַציע־פּראָבלעם און עס ווערט נויטיקער און מעגלעכער דער טעריטאָריאַלער צענטער אין פּאַלעסטינע און דעריבער איז די פּאַלעסטינע־טעטיקייט אַן אַקטועלע. די קאָנפערענץ האָט באַשטימט צונויפצורופן אַן אַלוועלטלעכן יידישן אַרבעטער־צוזאַמענפאָר און שאַפן אַן אַלוועלטלעכן יידישן אַרבעטער־פאַרבאַנד וואָס זאָל קעמפן פאַר די נאַציאָנאַלע רעכט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין אַלע לענדער, רעגולירן די יידישע וואַנדערונג און שאַפן אַ יידישן טעריטאָריאַלן צענטער אין פּאַלעסטינע. די קאָנפערענץ האָט אויך פאָרמולירט דאָס פּראָבלעם וועגן נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פון יידישן פאָלק אין רוסלאַנד.

די אַזוי גערופענע „קאָמוניסטישע פראַקציע" האָט אין גיכן זיך אָפּגעזאָגט אויך פון די יידישע נאַציאָנאַלע גרונט־פּרינציפּן און אַרייַנגעגאַנגען זיך אין די רייען פון דער רוסלענדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און די אַזוי גערופענע „פּאַרטייִשע פראַקציע" האָט זיך פאַרוואַנדלט אין דער יידישער קאָמוניסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי (פּועלי־ציון).

דער יוגנט־פאַרבאַנד האָט זיך אָנגערופן „יידישער קאָמוניסטישער אַרבעטער יוגנט־פאַרבאַנד (יוגנט פּועלי־ציון)" און איז פאַרשטייט זיך געווען אונטער דער אידעאָלאָגישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער אָנפירונג פון דער א.ק.א.פּ. „פּועלי־ציון".

די פּועלי־ציון־באַוועגונג אין רוסלאַנד איז קיין מאָל ניט געווען קיין מאַסן־באַוועגונג. נאָך דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד — אין פעברואַר

1917 — ווען די ציוניסטישע באַוועגונג אין לאַנד האָט שטאַרק אַקטיוויזירט איר אַרבעט און געווען אין צושטאַנד פון גרויסן וווּקס (די אַזוי גערופענע אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן געציילט 150 טויזנט חברים, די צעירי־ציון — 40 טויזנט) האָבן די פּועלי־ציון געציילט נאָר אַרום 5 טויזנט חברים. איך ווייס ניט גענוי וויפל עס האָט געציילט די פּאַרטיי אין די צוואַנציקער יאָרן, נאָר איך בין זיכער אַז אין איר באַשטאַנד זיינען געווען ניט מער ווי הונדערטער חברים. צו טויזנטער איז עס ניט דערגאַנגען.

עס איז שווער צו פאַרשטיין, פאַר וואָס די פּירערס פון דער רוסלענדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און דער סאָוועטישער רעגירונג, וועלכע האָבן שוין אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע אויף אַן אַכזריותדיקן אופן צעשמעטערט אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין רוסלאַנד און אויסגעראָטן זיי פיזיש מיטן וואָרצל, האָבן יאָ דערלויבט די לעגאַלע עקסיסטענץ פון דער פּועלי־ציון? אָבער עס איז אַ פאַקט: ביז זומער 1928 איז די קאָמוניסטישע פּועלי־ציון־פּאַרטיי און פאַר־שטייט זיך דער קאָמוניסטישער יוגנט־פּועלי־ציון־פאַרבאַנד, געווען דערלויבט לויט דעם סאָוועטישן געזעץ. עס זיינען געווען אַלע פאָרמעלע אַטריבוטן פון לעגאַלער טעטיקייט: צענטראַלע קאָמיטעטן אין מאָסקווע און אָרטיקע קאָמיטעטן אין שטעט מיט גרויסע יידישע ישובים; אַ קלוב אין מאָסקווע און לאָקאַלן אויף די ערטער; אַ זשורנאַל „יעווריעיסקאַיאַ פּראָלעטאַרסקאַיאַ מיסל" אין דער רוסי־שער שפּראַך (שפּעטער איז ער דערשינען אין יידיש אונטערן נאָמען „יידישער פּראָלעטאַרישער געדאַנק"). אַלץ איז געווען פאַרהעלטנישמעסיק און באַגרענעצט. דער זשורנאַל פלעגט ליגן אַ סך צייט אין צענזור און דערשיינען זייער זעלטן (פאַר 8 יאָר זיינען דערשינען נאָר 15 נומערן) און פאַרשיידענע מאַטעריאַלן פלעגן ניט דערלויבט ווערן צו דערשיינען. די לאָקאַלן אין פאַרשיידענע שטעט פלעגט מען אָפּט שליסן צוליב כלערליי אויסגעטראַכטע סיבות. און עס זיינען געווען אַפילו פאַלן ווען מען האָט אַרעסטירט טוערס פון דער באַוועגונג. אָבער דאָך האָט ביז 1928 עקסיסטירט אַ לעגאַלע באַוועגונג.

די פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין ראַטן־פאַרבאַנד, שטרעבנדיק מיט אַלע כוחות און מעגלעכקייטן איינצוהאַלטן איר לעגאַלע עקסיסטענץ, האָט שטאַרק אָפּגעהיט די קאָמוניסטיש־סאָוועטישע כשרות; האָט אויסגעמיטן וועלכע ניט איז קריטיק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און דער סאָוועטן־מאַכט, אַפילו אין ספּעציפישע יידישע פּראָבלעמען; דעמאָנסטרירט די טריישאַפט צום קאָמוניסטישן אינטער־נאַציאָנאַל און צו דער אידעע פון דער אַלוועלטלעכער סאָציאַלער רעוואָלוציע און געקעמפט מיט אַלע מעגלעכע מיטלען צו ווערן אויפגענומען אַלס יידישע סעקציע אין דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל...

(אַן אינטערעסאַנטן פאַקט, וואָס כאַראַקטעריזירט די אויבן דערמאָנטע ליניע פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין ראַטן־פאַרבאַנד, דערציילט דוד בן־גוריון אין זיין

בוך „זכרונות״. אין יאָר 1923 איז בן־גוריון געקומען קיין מאָסקווע אַלס פאָר־שטייער פון דער הסתדרות, כּדי צו אָרגאַניזירן אַן ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן אויף דער מאָסקווער צווישן־פעלקערלעכער לאַנדווירטשאַפטלעכער אויסשטעלונג. די ארץ־ישׂראל־דעלעגאַציע האָט אויפגעהאַנגען אין דעם פּאַוויליאָן צוויי פאָנען: אַ רויטע מיט אַן אויפשריפט „הסתדרות העובדים העברים הכּללית בארץ־ישׂראל״ און די צווייטע — אַ ווייס־בלויע מיט אַן אויפשריפט „ארץ־ישׂראל״. פאָרשטייערס פון צ״ק פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי האָבן געפאָדערט אָראָפּצונעמען די ווייס־בלויע פאָן, מאָטיווירנדיק עס דערמיט אַז דאָס קען שאַטן דעם פּאַוויליאָן גופא און אויך דער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין ראַטן־פאַרבאַנד, ווייל די יעווסעקציע וועט זיין אויפגערעגט. ווען די ווייס־בלויע נאַציאָנאַלע פאָן איז געבליבן הענגען איבערן פּאַוויליאָן, האָבן די פאָרשטייערס פון צ״ק פון פּועלי־ציון געמאָלדן, אַז זיי וועלן ניט אָנטייל נעמען אין דער אַרבעט פון פּאַוויליאָן).

אויף דער רויטער פאָן פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין ראַטן־פאַרבאַנד איז געווען אויפגעשריבן די לאָזונג „פּראָלעטאַריער פון אַלע נאַציעס פאַראייניקט זיך״, אין אונטערשייד פון דער אַלגעמיינער מאַרקסיסטישער לאָזונג „פּראָלעטאַ־ריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך״. מיט דעם איז אונטערגעשטראָכן גע־וואָרן די רעכט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט וואָס האָט ניט קיין אייגן לאַנד, צו געהערן צו דער משפּחה פון אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט...

איך געדענק, אַז צו דער נאַציאָנאַלער ווייס־בלויער פאָן האָט מען זיך באַ־צויגן ניט נאָר נעגאַטיוו, נאָר ממש פיינטלעך. די ווייס־בלויע פאָן האָט באַטייט אַ סימבאָל פון אַלגעמיינעם, בורזשואַזן ציוניזם, מיט וועלכן מען דאַרף פירן אַן אַנטשיידענעם קלאַסנקאַמף... ס'איז אויך ניט דערלאָזבאַר געווען צו רעדן וועגן ד״ר הערצל ווי וועגן דעם גרינדער און פאָטער פון פּאָליטישן ציוניזם... און ממש „חילול השם״ איז געווען צו זינגען די „התקווה״. איך בין אין דער היים געוווינט געווען צו הערן זייער אָפט מיט התרוממות די ווערטער „עוד לא אבדה תקוותנו... לשוב לארץ אבותינו...״ איז פאַר וואָס זשע זיינען די ווערטער, וועלכע דריקן אויס דעם טיפסטן נאַציאָנאַלן געפיל פון יידישן פאָלק, פּונקט אַזוי, ווי די הייליקע ווערטער „לשנה הבא בירושלים״, פאַר וואָס זיינען די ווערטער פּסול? פאַר וואָס?

איך בין געלעגן אין דער אַרעסטאַנטישער קאַמער און די געדאַנקען האָבן מיר ניט געגעבן קיין רו. איך האָב זיך דערמאָנט אַז שוין אין אָנהייב פון מיין טעטיקייט, אַלס סעקרעטאַר פון דער מינסקער אָרגאַניזאַציע פון „יוגנט־פּועלי־ציון״, האָב איך געהאַט אַ הייסע דיסקוסיע מיט פישערן — דעם „פירער״ פון דער מינסקער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע — וועגן דער פראַגע פון אונדזערע „הימנען״. פאַר וואָס זינגען מיר, ביי יעדער געלעגנהייט, נאָר דעם „אינטערנאַ־ציאָנאַל״?

— מיר זיינען אַ טייל פון אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט, אַ טייל פון דער אַלוועלטלעכער קאָמוניסטישער באַוועגונג און דער „אינטערנאַציאָנאַל" איז דער הימן פון פּראָלעטאַריאַט — האָט געענטפערט פישער וועלכער איז אויך געווען אַ מיטגליד פון צ"ק.

— ריכטיק, אָבער מיר דאַרפן אויך אויסדריקן אונדזערע ספּעציפישע, נאַציאָנאַלע אידעען אין פּאַרטייִשן הימן.

— האָבן מיר דאָך אונדזער פּאַרטיי־שבועה, די באַוווסטע פּועלי־ציוניסטישע שבועה.

— וועגן דער „פּאַרטיי־שבועה" איז ביי מיר אַ גרויסער ספק. צי אַנטהאַלט דען די „שבועה" אַ וועלכן ניט איז רמז פון ציוניזם? זי איז אָנגעזאָפּט בלויז מיט אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער פּראַזעאָלאָגיע:

מיר הייבן באַגײַסטערט די הענט און מיר שווערן
אַ שבועה, וואָס הילכט איבער הימל און ערד.
ביי אַלץ, וואָס מיר ליבן, וואָס הייליק מיר ערן,
בײַם האַמער און אַקער, בײַם בלאַנקענדן שווערד.

הימל און ערד וועלן אונדז הערן,
עדות די ליכטיקע שטערן,
אַ שבועה פון בלוט און פון טרערן.
מיר שווערן, מיר שווערן, מיר שווערן.

בײַ אונדזער געשיכטע, וואָס איז אָנגעשריבן
מיט אונדזערע טרערן, מיט אונדזערן בלוט,
בײַ אונדזערע פאָנען, וואָס ווערן געטריבן
פון קאַמף און פון שטורעם און וועקן דעם מוט.

הימל און ערד...

מיר שווערן צערײַסן די קייטן אויף שטיקער
פון אונדזערע געבונדענע וווּנדיקע הענט;
אונטערצורײַסן דעם יאָך פון די דריקער
צעשטערן די מעכטיקע פינצטערע ווענט.

הימל און ערד...

— אַן אויסגעצייכנטער הימן — האָט אויסגעשריִען פישער.

— אָבער די „שבועה" קען דאָך דינען אַלס הימן אויך פון בונדיסטן, אָדער פּאָלקיסטן און אַפילו ניט־יידישע נאַציאָנאַליסטן. זי שפּיגלט דאָך ניט אָפּ אונ־דזערע ציוניסטישע אידעאַלן.

— וואָס, דו ביסט קעגן דעם רעוואָלוציאָנערן, קעמפערישן אינהאַלט פון דעם הימן?

— ניין, איך בין ניט קעגן. פאַרקערט. אָבער ניט אין דעם איז די פראַגע. איך געדענק, אַז מיין ברודער הירשל האָט געהאַט אַ חבר — אַ פּועלי־ציוניסט — און האָט שטענדיק מיט אים דיסקוטירט. מיין ברודער איז געווען אַן אַלגע־מיינער ציוניסט און האָט געטענהט צו זיין חבר אַז דער פּועלי־ציוניזם שטרייכט אונטער אין זיין פּראָגראַם די קלאַסן־פּראָבלעמען אַ סך מער, ווי די נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען...

האָט דער פּועלי־ציוניסט געטענהט אַז ס'איז ניט ריכטיק און אַלס איינעם פון די באַווייזן האָט ער געבראַכט די פּועלי־ציוניסטישע „שבועה", אין וועלכער עס זענען אונטערגעשטראָכן דווקא די נאַציאָנאַלע עלעמענטן:

מיר הייבן די הענט קעגן מיזרח און שווערן,
ביים דער אַרבעטער־פאָן, ביים דער אייגענער ערד.

און מען האָט געשווירן ניט צו לייגן דעם געווער ביז מען וועט ניט אויסקעמפן אַ פריי לעבן אין דעם אייגענעם לאַנד. איז פאַר וואָס זשע, חבר פישער, האָט מען אַרויסגעוואָרפן אַלע נאַציאָנאַלע עלעמענטן, פון דער פּועלי־ציוניסטישער שבועה?

— דו ווייסט דאָך, חבר ראָזין, דאָס גלייכוואָרט: נייע צייטן — נייע לידער...

איך האָב ביי מיין עלטערן פּאַרטייִישן פירער קיין ענטפער ניט באַקומען. אין מיין 16־יאָריקן מוח האָט געעקבערט די פראַגע: איז דאָס נאָר אַ צופּאַסונג צו די נייע צייטן, אַזוי צו זאָגן אַ טאַקטישער עלעמענט, אָדער אַן ענדערונג אין תוך פון דעם פּראָגראַם?

און איך געדענק, אַז פון דעם ערשטן טאָג פון מיין אַקטיווער טעטיקייט אין יוגנט־פּועלי־ציון, ווי אויך עטלעכע יאָר נאָך אַנאַנד האָט מיך ממש דענערווירט דער הימן פון יוגנט־פּועלי־ציון, וועלכער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שיין התלהבותדיק יוגנט־ליד, אָנגעפּילט מיט הילכיקער, אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנע־רער פראַזעאָלאָגיע, אָבער האָט ניט געהאַט אין זיך קיין איין וואָרט, קיין איין רמז אַפילו, וואָס האָט אַ שייכות צו ציון.

בלאָנדזשע מער ניט אין דער פינצטער,
וואַנדער מער ניט אין דער נאַכט —
פריַי און מונטער, פאָרויס ברודער,
ליכט און וויסן איז דיַין מאַכט.

אהרן ראַזין

לאָז ניט צווייפלען דיך באַהערשן,
טויט דעם יאוש אין דײַן ברוסט —
פרײַ און מונטער, פאָרויס ברודער,
ס׳וועט דער קאַמף ניט זײַן אומזיסט.

ס׳וועט אַ העלע זון נאָך שײַנען
און באַשטראַלן גלײַך די ערד,
נאָר ביז דאַן זײַ מוטיק, ברודער,
ניט פאַרלאָז פון האַנט דײַן שווערד.

מעג דער וועג זײַן פול מיט שטיינער —
יוגנט, שרעק ניט פאַר דער רוט!
פאַר דער פרײַהייט מוז מען קעמפן
ביז דעם לעצטן טראָפן בלוט.

בין איך געלעגן אין דער טורמע פון אַ לאַנד, ווו די „פרייהייט" איז שוין געוואָרן אויסגעקעמפט און עס איז געוואָרן דערגרייכט די פרייהייט פאַר וועלכער ניט בלויז טראָפנס, נאָר גאַנצע טייכן בלוט זיינען פאַרגאָסן געוואָרן. בין איך געלעגן און געטראַכט, מאַכנדיק מיין חשבון־הנפש: איך האָב מסתמא דאָך גע־בלאָנדזשעט אין דער פינצטער. גאָר ניט אַזוי ליכטיק און קלאָר איז דער וועג מיט וועלכן איך בין געגאַנגען, בכל־אופן — די ערשטע דריי יאָר מיינע אין דער פועלי־ציון־באַוועגונג — די ערשטע, אַזוי גערופענע לעגאַלע, דערלויבטע דורך דער סאָוועטן־מאַכט, דורך דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, דורך דער גע־בענטשטער סאָציאַלער רעוואָלוציע — די ערשטע דריי יאָר ווען איך בין געווען אַזוי אַקטיוו טעטיק אין דעם יוגנט־פועלי־ציון־פאַרבאַנד.

האָט אַזוי געמוזט זיין? איז אפשר די צופּאַסונג צו דער צייט, צו די באַדינ־גונגען, צום הערשנדיקן רעזשים, דאָס מה־יפית לגבי דעם רעזשים, דאָס מותר זיין אויף אייניקע פּרינציפּן, אפשר איז דאָס געווען באַרעכטיקט? אפשר האָב איך פשוט ניט פאַרשטאַנען די סיטואַציע און ניט פאַרשטאַנען אויך די נויטיקע טאַק־טיק אין דער סיטואַציע? אָבער צי מעג מען, כדי אָפּצוהיטן די לעגאַלע עקסיס־טענץ, מותר זיין אויף דעם עיקר? צוליב וואָס איז בכלל נויטיק די עקסיסטענץ פון דער פּאַרטיי פועלי־ציון אויב דער עיקר פון ציוניסטישן געדאַנק — ציון — געפינט זיך ניט אין האַרץ פון איר טעטיקייט? די יידישע קאָמוניסטישע אַרבע־טער־פּאַרטיי (פועלי־ציון) אין ראַטן־פאַרבאַנד האָט דאָך ניט געשטעלט אין שפּיץ פון איר פּראָגראַם און טעטיקייט דאָס ארץ־ישׂראל־פּראָבלעם. מען האָט אין אַלע טעאָרעטישע און פּראָפּאַגאַנדיסטישע מאַטעריאַלן אונטערגעשטראָכן אַז אין דעם

יידישן לעבן אין ראַטן־פאַרבאַנד ווירקן דריי פאַקטאָרן: פּראָדוקטיוויזאַציע, אויטאָנאָמיזירונג און פּאַלעסטיניזם און דאָס דאַרפן זיין די יידישע „נאַציאָנאַל־פּראָלעטאַרישע פאָדערונגען״.

מען האָט וואַרעם און אַקטיוו באַגריסט און געשטיצט אַלע מאָסמיטלען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און דער סאָוועטישער רעגירונג אין די געביטן פון „פּראָדוקטיוויזאַציע און אויטאָנאָמיזירונג״, וועלכע זיינען דורכגעפירט געוואָרן דורך דער יעווסעקציע מיט ספּעציפישע יעווסעקישע מעטאָדן. מען האָט באַגריסט, למשל, די אַנטוויקלונג פון דער שול־נעץ אויף דער יידישער שפּראַך, אָבער ניט געוואַגט צו קריטיקירן דעם אינהאַלט פון די לערן־פּראָגראַמען. מען האָט ניט געוואַגט אַרויסזאָגן אַ מיינונג, אַז עס איז נויטיק צו לערנען אין די שולן די יידישע געשיכטע, זאָל אַפילו זיין אין אַ יעווסעקישן נוסח... די פּועלי־ציון־פּאַרטיי האָט אַפילו ניט אַרויסגעזאָגט איר נעגאַטיווע מיינונג צו דעם אומגעלומפּערטן פּלאַן פון דער יידישער אויטאָנאָמיע אין ביראָבידזשאַן... מען האָט געקליבן נחת און געהאַלטן פאַר אַ וויכטיקער נאַציאָנאַלער דערגרייכונג, וואָס אין דער שטאָט זשיטאָמיר, אָדער בערדיטשעוו האָט מען געעפנט אַ יידישן מיליציע־באַצירק און אַ יידישן פאָלקס־געריכט. ממש אַ היסטאָרישע געשעעניש: דער מיליציאָנער האָט געכאַפּט דעם יידישן גנב און אָנגעשריבן דעם פּראָטאָקאָל אויף אין יידיש, און דאָס געריכט האָט דעם גנב אָפּגעמישפּט צו דריי יאָר תפיסה און דעם פּסק־דין אָנגעשריבן אויך אין יידיש...

דער „פּראָלעטאַרישער פּאַלעסטיניזם״ איז געוואָרן אַ מאָדנער, ניט־לעבעדיקער, קינסטלעכער באַגריף, וועלכער האָט זיך מעכאַניש אַריינגעפּאַסט אין דעם אַלגעמיינעם יעווסעקישן בגד.

מיר האָט זיך אויך געשטעלט אַ „פאָרמעלע״ פראַגע: פאַר וואָס רעדן מיר וועגן פּאַלעסטיניזם? פאַר וואָס רעדן מיר ניט וועגן ארץ־ישׂראל? פּשוט — ארץ־ישׂראל. זאָל זיין — מען דאַרף בויען דאָרט סאָציאַליזם, קאָמוניזם, זאָל זיין סאָציאַלע רעוואָלוציע, זאָל זיין סאָוועטן־מאַכט, אָבער ארץ־ישׂראל, ציון! אָבער ניין. ארץ־ישׂראל, ציון שמעקט מיט בורזשואַזן ציוניזם. פּאַלעסטיניזם איז אייגנער פון די „מאָסמיטלען״ צו לייזן די יידן־פראַגע אין ראַטן־פאַרבאַנד. עס איז דאָ אַ לאָזונג פּראָדוקטיוויזאַציע און אַ לאָזונג אויטאָנאָמיזירונג און אויך אַ לאָזונג פּאַלעסטיניזם. ארץ־ישׂראל, ציון — דאָס זיינען ניט מאַרקסיסטישע באַגריפן וועלכע פּאַסן זיך ניט אַריין אין דער תקופה פון סאָציאַלער רעוואָלוציע און דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט...

אַן אינטערעסאַנטע פּסיכאָלאָגישע דערשיינונג: אָט די אַלע ערנסטע פּראַגעס האָב איך ניט איין מאָל געשטעלט זיך אַליין, און אַ סך פון מיינע חברים; אויך פאַר די עלטערע און דערפאַרענע אָנפירערס פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין ראַטן־פאַרבאַנד. איך האָב אַ סך מאָל דיסקוטירט וועגן די פּראָבלע־

מען און קיין מאָל האָב איך אַזוי קלאָר, דייטלעך און רייף ניט געקראָגן קיין ענטפער אויף זיי, ווי דאָ אין דער מינסקער תפיסה־קאַמער, זייענדיק אין די לאַנגע, פינצטערע נעכט מיט זיך אַליין, מיט די אייגענע געדאַנקען... מיר איז אין דער תפיסה־קאַמער געוואָרן קלאָר, אַז איך בין אַ ציוניסט, אין פולן קלאַסישן זין פון וואָרט, אַז ניט „פּאַלעסטיניזם", ווי אַ „מאַסמיטל", נאָר ארץ־ישראל אין פולן ציוניסטישן און היסטאָרישן זין פון וואָרט — דאָס איז דער אינהאַלט און טרוים פון מיין לעבן. און דאָס איז גילטיק אין אַלע תקופות און אויך אין דער תקופה פון „סאָציאַלער רעוואָלוציע און דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט"...

אין מינסק, וועלכע איז געווען אַן עיר־ואם בישראל, אַ שטאָט, אין וועלכער (לויט דער ציילונג פון 1926 יאָר) די יידישע באַפעלקערונג האָט געציילט 54 טויזנט נפשות, אָדער 41% פון דער גאַנצער באַפעלקערונג; אַ שטאָט, אין וועלכער אין אָנהויב פון די 20־קער יאָרן האָט געברויזט זייער אַ גרויסע ציוניסטישע באַוועגונג מיט אַ גרויסע השפעה אויף דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן (אַזוי, למשל, איז אין 1920, אין דעם ראַט פון דער יידישער קהילה פון שטאָט, פון 71 ראַטמענער געווען 29 ציוניסטן און, אַגב, קיין איין פועלי־ציוניסט); אַ שטאָט וואָס אין דער צווייטער העלפט פון די 20־ער יאָרן, ווען די ציוניסטישע באַוועגונג איז געוואָרן אַכזריותדיק גערודפט און זי האָט געאַרבעט אין שווערע אונטערערדישע באַדינגונגען, זענען נאָך געווען אַרום 500 טעטיקע מיטגלידער פון פאַרשיידענע ציוניסטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס (איינשליסנדיק דעם לינקן און רעכטן החלוץ). אין דער שטאָט איז אָבער אין די יאָרן 1925—1928 געווען אין דער פועלי־ציון־פּאַרטיי, אין איינעם מיט דעם פאַרבאַנד יוגנט־פועלי־ציון, ניט מער ווי 20 מיטגלידער און אַזוי גערופענע סימפּאַטיקער.

איך געדענק, אַז עס האָט זיך גערעכנט פאַר אַ גרויסן אויפטו ווען מיר האָט זיך איינגעגעבן אין יאָר 1926 צו ווערבירן איין יינגל, אָבער אַ „פּראָלעטאַריער" — אַ לערן־יינגל אין אַ שלאָסעריי פון אַ יידישן קוסטאַר...

עס איז געווען אַ לאָקאַל — איין געדונגענער צימער — אין וועלכן עס האָבן זיך געקענט אויפקלייבן מאַקסימום 30—40 מאַן. אָבער זעלטן האָבן מיר געהאַט אַזאַ „עולם". איך געדענק, אַז אין אָנהויב 1926 האָבן מיר צוגעגרייט און דורכגעפירט אַ „געזעלשאַפטלעכן משפט" איבער אַ יוגנט־פועלי־ציוניסט. דער „באַשולדיקטער" בין איך געווען. און דער לאָקאַל איז געווען געפּאַקט. ניט ווייניקער פון 40 מאַן. דער „פּראָקוראָר" איז געווען קאַפּל. ער האָט געהאַלטן אַ גלענצנדיקע יעווסעקישע רעדע און איך האָב זיך „אָפּגעזאָגט" פון אַ פאַרטיידיקער; איך האָב אַליין געהאַלטן די דרשה און דווקא זיך כמעט ניט באַנוצט מיט דער אַלגעמיינער קאָמוניסטישער פראַזעאָלאָגיע און אויך ניט

גערעדט וועגן פראָדוקטיוויזאַציע פון דער יידישער יוגנט אין ראַטן־פאַרבאַנד, נאָר טאַקע איבער הויפּט וועגן די ציוניסטישע מאָמענטן, וועגן ארץ־ישׂראל... מיט אַ מאָל איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע מהומה. פון די 40 מאַן זיינען מסתּמא געווען ניט ווייניקער פון 15 אונטערגעשיקטע און ס'איז געוואָרן אַ גרויסער טומל וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ געשלעג. דער אָוונט איז אַראָפּ־געריסן געוואָרן...

אין די טעג פון די סאָוועטישע יום־טובים (ערשטער מאַי, יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע) פלעגן מיר אַרויסגיין 12־15 מאַן אונטער אונדזער רוי־טער פאָן מיט דער לאָזונג „פראָלעטאַריער פון אַלע נאַציעס פאַראייניקט זיך" און מיט קליינע טראַנספּאַראַנטן „זאָל לעבן די אָקטאָבער־רעוואָלוציע", „זאָל לעבן דער ראַטן־פאַרבאַנד", „זאָל לעבן דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל" אדג"ל. קיין איין ספּעציפיש־נאַציאָנאַלע לאָזונג... אונדזער גרופּע פלעגט אויסזען לעכערלעך־נעבעכדיק אין אַלגעמיינעם שטראָם פון די גוואַלדיקע סאָוועטישע דעמאָנסטראַציעס. לעכערלעך נאָר דערפאַר, ווייל די גרופּקע איז געווען זייער אַ קליינינקע. און איך צווייפל צי פון די „מאַסן" (חוץ די ספּעציעלע „שמע־קערס") האָט עמיצער געלייגט אַכט אויף אונדזער „ספּעציפישקייט"...

די פּערזענלעכקייט פון נחום פישער, וועלכער איז ביז דעם סוף פון יאָר 1925 געווען דער אָנפירער פון דער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע אין מינסק (ער איז אויך געווען מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון יוגנט פּועלי־ציון) פאַרדינט אַ באַשטימטע אויפמערקזאַמקייט. ער איז געווען אַ יונגער־מאַן פון עטלעכע און דריי־סיק יאָר, אַן ענערגישער, טעמפּעראַמענטפולער, פעאיקער און געבילדעטער מענטש. ער האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די אָנגעזעענע טוער פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין ראַטן־פאַרבאַנד אין יענער צייט. אָבער פּלוצלינג אַרעסטירט מען אים. קיין מינסק איז געקומען אַ פאָרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון פּועלי־ציון. ער האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די געהע־ריקע סאָוועטישע אָרגאַנען און עס האָט גאָרניט געהאָלפן. פישערן האָט מען אַרויסגעשיקט קיין קאַזאַכסטאַן און פון דאָרט, אין אַ קורצער צייט אַרום, איז אים געלונגען אַוועקצופאָרן קיין ארץ־ישׂראל. אָבער ס'איז דורך ניט מער ווי אַ יאָר און פישער האָט זיך אומגעקערט קיין ראַטן־פאַרבאַנד, געקומען קיין מינסק און געוואָרן אַ פאַרביסענער קעמפער קעגן ציוניזם בכלל און דער פּועלי־ציון־באַוועגונג בפרט...

(זייענדיק שוין דאָ אין ישׂראל, האָב איך זיך דערוווּסט אייניקע אינטערע־סאַנטע פּרטים וועגן פישערן. יואל בוקאָוויצקי, אַ לאַנג־יאָריקער מיטגליד פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין רוסלאַנד און אין ארץ־ישׂראל, האָט מיר דער־ציילט, אַז נחום פישער האָט קומענדיק קיין ארץ־ישׂראל געלעבט 8 חדשים ביי אים אין דער דירה, אין תּל־אביב, פינסקער־גאַס 25. פישער האָט אין לאַנד

ניט געאַרבעט, נאָר האָט דאָך געלעבט זייער גוט. ער האָט געהאַט עפּעס אומ־פאַרשטענדלעכע פּרנסה־קוואַלן. ער האָט זיך פאַרנומען מיט אַקטיווער פּאָלי־טישער טעטיקייט און איז אַרויסגעטראָטן אַלס הייסער פּאַרטיידיקער פון די אינטערעסן פון די „אונטערדריקטע אַראַבישע פעלאַכן", וועלכע זיינען, לויט זיין מיינונג, דער איינציקער רעוואָלוציאָנערער כּוח אין לאַנד און אין גאַנצן באָענטן מיזרח. פישער האָט באַרעכטיקט די אָנפאַלן פון די אַראַבער אויף די יידישע ישובים און האָט געזען אין זיי אַ פּראָגרעסיוון אויסדרוק פון קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם. פישערן האָט מען אויסגעשלאָסן פון דער ארץ־ישראל־דיקער פּועלי־ציון־פּאַרטיי. אַ קורצע צייט האָט ער אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל און ס'איז ניט געווען קלאָר ווער עס האָט פינאַנסירט די אויסגאַבע. דערנאָך איז פישער אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד...

שווער צו זאָגן פּינקטלעך, וואָס דאָן איז פאָרגעקומען. וואַרשיינלעכער פון אַלץ איז, אַז פישער איז געווען אַ סאָוועטישער אַגענט און דער גאַנצער ספּעק־טאַקל מיט דעם אַרעסט, אַרויסשיקונג, אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל, אויפפירונג דאָרט און אומקער קיין רוסלאַנד, איז געווען אינסצעניזירט און רעזשיסירט פון דער ג.פ.או. און אפשר? ווער וייס, אפשר איז דאָס אַלץ געווען אַ קאָנסעק־ווענטער, לאָגישער פּראָצעס פון זיין „פּאַלעסטיניזם"־קאָנצעפּציע ?...).

אין סעפּטעמבער 1926 בין איך, אַלס דעלעגאַט פון דער מינסקער אָרגאַ־ניזאַציע, געקומען קיין מאָסקווע אָנטייל צו נעמען אין דער אַרבעט פון דער 3טער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ פון דעם יידישן קאָמוניסטישן אַרבעטער־יוגנט־פאַרבאַנד „יוגנט פּועלי־ציון". די קאָנפערענץ האָט געדויערט 8 טעג. פאַר מיר איז עס געווען אַ גרויסע איבערלעבונג. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן בין איך בכלל אַרויסגעפאָרן אין דער „גרויסער וועלט". און עס איז טאַקע אַ גרוי־סער כּבוד צו זיין אַ דעלעגאַט אויף אַזאַ קאָנפערענץ און דערביי האָט זיך מיר אויך געוואָלט קלאָר מאַכן געוויסע אידעאָלאָגישע פּראָגעס.

די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין דער קליינער געביידע פון דעם באָראָ־כאָוו־קלוב אויף דעם ניי־פּסקאָווער געסל פון וואַרוואַרקע־ראַיאָן אין דער אַלטער סוחרישער מאָסקווע. דער קליינער זאַל פון קלוב איז געווען דעקאָרירט מיט גרינס און מיט רויטס; מיט דריי גרויסע לאָזונגען: „זאָל לעבן דער קאָמוניס־טישער יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל"; „זאָל לעבן דער אַלוועלטלעכער יידישער קאָמור־ניסטישער אַרבעטער־יוגנט־פאַרבאַנד (יוגנט־פּועלי־ציון)"; „זאָל לעבן די אַל־פאַרבאַנדישע קאָנפערענץ פון אַ. ק. פּ." (יוגנט־פּועלי־ציון). עס האָבן אָנטייל גענומען 40 דעלעגאַטן פון מאָסקווע, קיעוו, לענינגראַד, אָדעס, וויטעבסק, כאַר־קאָוו, ראָסטאָוו, דאָנבאַס, מינסק... ס'זענען אָנגעקומען באַגריסונגען; ס'זענען געווען שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן און געזאַנג פון אינטערנאַציאָנאַל... „בלאָנדזשע מער ניט אין דער פינצטער"... און ווידער באַגריסונגען, אַפּלאָדיסמענטן און

געזאַנג פון דער „פּאַרטיי־שבועה"... די פייערלעכע עפענונג האָט זיך פאַרענ־דיקט אין אַ געהויבענער שטימונג ווידער מיט דעם געזאַנג פון אינטערנאַ־ציאָנאַל...

דער סדר־היום איז געווען אָנגעלאָדן מיט אַזעלכע פראַגן ווי: די אַלוועלט־לעכע קאָמוניסטישע יוגנט־באַוועגונגען, אונדזערע נאַציאָנאַל־פּראָלעטאַרישע פּאָ־דערונגען; היינטיקע פּראָבלעמען פון פּאַלעסטינע־אַרבעט; אונדזער באַציִונג צו אַנדערע יוגנט־גרופּירונגען אויף דער יידישער גאַס; אויפגאַבן און מעטאָדן פון פּאָליט־דערציִונג און פיל אַנדערע.

ווען איך וואָלט דאַן געווען עלטער פון 16½ יאָר און געהאַט די נויטיקע דערפאַרונג אין אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים, וואָלט איך מסתּמא שוין אין אָנהויב פון דער קאָנפערענץ געפירט אַן עקשנותדיקן וויכוח, כּדי צו ענדערן דעם עצם סדר־היום פון דער קאָנפערענץ. אָבער איך האָב מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט געהערט און בין אַפילו געווען פאַרכאַפּט פון דער אויסערגעוויינלעכער פראַזעאָ־לאָגיע — הילכיקער און רוישיקער — וועלכע איז מסתּמא בכלל כאַראַקטע־ריסטיש פאַר דער עפּאָכע פון „סאָציאַלער רעוואָלוציע און קאָמוניסטישער בויונג"...

איך ליג אין מיין פינצטערער טורמע־קאַמער מיט אַן איראָנישן שמייכל אויף מיינע ליפּן און הער די טעמפּעראַמענטפולע, היציקע דרשות פון דער טריבונע אין באָראָכאָוו־קלוב מיט 9 יאָר צוריק:

— מיר קעמפן אויף די אידעאָלאָגישע באַריקאַדן און שמידן אויס אַן אייזערנע קאָהאָרטע פון יידישער קאָמוניסטישער יוגנט...

— אונדזער אַרבעט און קאַמף איז אַ טייל פון אונדזער אינטער־נאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער טעטיקייט...

— יעדע פראַגע מיט וועלכער ס׳ווייטיקט דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־קלאַס איז אויך פאַר אונדז אָנגעווייטיקט...

— מיר האָבן די יידישע פּראָלעטאַרישע פראַגע שטענדיק אַרויס־גערוקט פאַרן אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט. נאָך מער דאַרפן מיר עס טאָן היינט צוליבן אַלגעמיינעם אָנגריף פון קאַפּיטאַל...

— מיר פאַראורטיילן דעם ווייסן טעראָר פון דער אַלוועלטלעכער רעאַקציע קעגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג...

— עס וואַקסן די פּערספּעקטיוון צו ווערן דער איינציקער פאַר־שטייער פון די יידישע יוגנט־מאַסן, אַלס יידישע סעקציע אין קאָ־מוניסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל.

— די פּראָדוקטיוויזאַציע און אויטאָנאָמיזאַציע פונעם יידישן לעבן אין ראַטן־פאַרבאַנד גרייט צו אַ קראַך פון דער האַלב־אַסימילאַ־טאָרישער פּערספּעקטיוולאָזער אידעאָלאָגיע און שאַפט דעם בויטיקן באָדן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם פּועלי־ציוניסטישן געדאַנק אין די גרויסע יידישע אַרבעטער־מאַסן...

— די פראַגע וועגן הילף און שטיצע דער פּאַלעסטינער יוגנט איז אַ קאַרדינאַלע און ברענענדיקע.

— די פּאָליטישע, פּראָפעסיאָנעלע און עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון פּראָלעטאַרישן פּאַלעסטיניזם זיינען אַקטועלע...

— אונדזער פאַרבאַנד איז דער געזונטער טייל פון יידישן פּראָלע־טאַרישן אָרגאַניזם. אַלע איבעריקע יוגנט־גרופּירונגען אויף דער יידישער גאַס זיינען מכות, געשווירן און פוילע פלייש, וואָס עסט אויף די יידישע פּראָלעטאַרישע יוגנט...

— קאַמף מיט קליינבירגערלעכן שמאָלקעפּלדיקן פּראַקטיציזם — אַרויסגיין אויפן ברייטן שליאַך פון פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער פּראַקטיק...

(די געבראַכטע פראַזן זיינען ניט אויסגעטראַכטע לתפארת המליצה. עס זיינען ציטאַטן פון דעם זשורנאַל „דער יידישער פּראָלעטאַרישער געדאַנק" נומ׳ 46־48 פון מערץ 1927).

איך בין געווען אַן „עקסטרעם רעכטער" אויף דער קאָנפערענץ און אין אַ מינדערהייט. מיין אַרויסטרעטונג איז ניט געווען קיין פּראָגראַמאַטיש־דורכ־געטראַכטע מיט אַ באַגרינדעטער אַרגומענטאַציע. זי איז גיכער געווען עקספּ־רעסיוו, אָנגעפילט מיט מטושטשדיקע געדאַנקען און מיט האַרץ־קלאַפּעניש. איך האָב געפרעגט: פאַר וואָס רעדן מיר ניט וועגן ציוניזם ווי אַ נאַציאָנאַלע באַפריי־אונגס־באַוועגונג פון יידישן פאָלק? פאַרוואָס מיידן מיר אויס בכלל דעם באַגריף „יידיש פאָלק"? פאַרוואָס שטרייכן מיר שטענדיק אונטער נאָר דאָס אַז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט, חוץ זיינע אַלגעמיינע אינטערנאַציאָנאַלע אינ־

טערעסן, אויך ספּעציפישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן? וואָס הייסט עס: ספּעציפישע? צי דען איז דער נאַציאָנאַלער מאָמענט ניט דער עיקר ביי דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס אין גלות? פאַר וואָס רעדן מיר וועגן פּאַלעסטיניזם, ווי וועגן איינעם פון די מאָסמיטלען, ווי וועגן איינעם פון די פאַקטאָרן, וועלכע ווירקן אויף דעם פּראָצעס פון געזונטער אַנטוויקלונג פון יידישן אַרבעטער־קלאַס? איז בויען ארץ־ישׂראל, ווי דאָס לאַנד פון גאַנצן יידישן פאָלק, ווו דער יידישער אַרבעטער־קלאַס, און זיין פּאַרטיי פועלי־ציון, וועט קעמפן פאַר סאָציאַלן צדק, פאַר קאָמוניזם — איז דאָס נאָר איינע פון די מאָסמיטלען און ניט דער עיקר פון אונדזער פּראָגראַם? און פאַרוואָס האָבן מיר אַ פיינטלעכע באַציאונג צו אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען און ציוניסטישע יוגנט־גרופּירונגען? שטייען דען פאַר אין ראַטן־פאַרבאַנד דעמאָקראַטישע וואַלן צו אַ יידישער נאַציאָנאַלער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, צו אַן אויטאָנאָמיע, וועגן וועלכער מיר טרוימען און מיר פירן אַ פאַרוואַל־קאַמפּאַניע? אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען און יוגנט־גרופּירונגען, חוץ דעם לינקן החלוץ, געפינען זיך אין אונטערערד, דאַרפן מיר העלפן דער ג. פּ. או. קעמפן מיט זיי? און פאַרוואָס אַרבעטן מיר ניט מיט דעם החלוץ? איז דאָס אַ קליינבירגערלעכע אָרגאַניזאַציע? זיי פאַרנעמען זיך מיט פּראַקטישער, זייער פּראָדוקטיווער אַרבעט פון הכשרה און אָרגאַניזירן עמיגראַציע פון יידן קיין ארץ־ישׂראל, איז דאָס שעדלעך פאַר דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס און דער יידישער פּראָלעטאַרישער יוגנט? איך האָב דערציילט אַז ביי אונדז אין מינסקער ראַיאָן איז דאָ אַ גרויסער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלעקטיוו, אין וועלכן ס'אַרבעטן אַרום 50 חלוצים און עטלעכע פון זיי זיינען שוין אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישׂראל. — איז דאָס פוילער „קליינבירגערלעכער פּראַקטיציזם"? איז דאָס ניט וויכטיקער פון אונדזערע אַבסטראַקטע דעקלאַראַציעס וועגן „פּראָלעטאַרישן פּאַלעסטיניזם"?...

די קאָנפערענץ האָט זיך געענדיקט מיט גרויסער פייערלעכקייט. ווידער אינטערנאַציאָנאַל און „בלאָנדזשע מער ניט אין דער פינצטער..." און אין אָוונט איז געווען אַ פייערלעכער באַנקעט אין וועלכן עס האָבן אָנטייל גענומען עטלעכע אַרטיסטן פון מאָסקווער יידישן טעאַטער.

אין דעם זעלבן אָוונט האָט מען מיר איבערגעגעבן אַז איך זאָל זיך ניט איילן צוריקפאָרן קיין מינסק — מיט מיר וויל ריידן דער חבר שלמה קיווין.

אין יענער צייט זיינען געשטאַנען בראש פון דער פועלי־ציון־פּאַרטיי אין ראַטן־פאַרבאַנד צוויי אָנגעזעענע אויטאָריטעטע פיגורן: שלמה קיווין און זעליג ברייטער. ברייטער איז געווען, ווי מיר דוכט, אַן אָרטאָדאָקסישער אָנהענגער פון דעם פּראָגראַם וואָס איז פאָרמולירט געוואָרן אין דער „פּאַרטיייִשער פּראַקציע" אויף דער מינסקער קאָנפערענץ. שלמה קיווין, האָט מען געפילט, איז אַ סך „רעכטער" פון דער אָפיציעלער ליניע.

קיווין האָט געהאַט מיט מיר זייער אַ האַרציקן שמועס. ער האָט זיך אינטע־רעסירט מיט מיין משפּחה, געווען אויפגעטרייסלט פון דער טראַגעדיע מיט מיין טאַטן און מאַמען, אַרויסגעוויזן אַ סימפּאַטיע צו דעם וואָס מיינע ברידער און שוועסטער געהערן דווקא צו „קליינבירגערלעכע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס", אויסגעפרעגט וועגן מיין פּערזענלעכן לעבן: אַרבעט, לימודים. און צום סוף האָט ער מיר פאָרגעלייגט אַריבערצופאָרן קיין מאָסקווע. איך וועל אַרבעטן אין דער פּאַרטייִשער דרוקעריי אַלס לערן־ייִנגל און אויסלערנען דאָס פאַך פון אַ דרוקער, וועל לערנען אין אַן אָוונט־שול, לעבן אין אַ צימער וואָס דינט אַלס צוזאַמענוווינונג אין באַראַכאָוו־קלוב און זיין אַ מיטגליד דערוויל פון דער מאָסקווער אָרגאַניזאַציע „יוגנט פּועלי־ציון" און שפּעטער פון דער מאָסקווער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע...

איך האָב דעם פּלאַן אויפגענומען מיט פרייד און אינגיכן אַריבערגעפאָרן קיין מאָסקווע.

די פּועלי־ציוניסטישע דרוקעריי „מאַלאַט" (האַמער) האָט זיך געפונען אין אַ קעלער פון מאָסקווער פּאָליטעכנישן מוזיי. דאָרט האָבן געאַרבעט אַרום 30 מאַן, צווישן זיי — אַ באַדייטנדיקע צאָל רוסישע אַרבעטער. מיטגלידער פון פּועלי־ציון זיינען געווען אַרום 5־6 מאַן. עס איז געווען, אייגנטלעך, אַ האַנ־דלס־אונטערנעמונג. חוץ דעם זשורנאַל „דער יידישער פּראָלעטאַרישער געדאַנק" וועלכער איז דערשינען זייער זעלטן, זיינען דאָרט כּמעט קיין שום פּאַרטייִשע מאַטעריאַלן ניט געדרוקט געוואָרן. מען האָט אויסגעפילט פּאַרשיידענע קליינע זייטיקע באַשטעלונגען און עס האָט געדינט ווי אַ מקור צו פינאַנסירן די פּאַרטיי־אַרבעט. די זעלבע פונקציע האָט אויך אויסגעפילט די בוך־האַנדלונג „מאַלאַט".

אַ האַלב יאָר בין איך געווען אַ לערן־ייִנגל, און באַקומען 30 רובל אַ חודש. דאָס באַדייט: אין דער פרי — אַ פראַנצויזישע בולקע — 7 קאָפּיקעס, און 50 גראַם ווורשט — 8 קאָפּיקעס; ביי טאָג — אַ „האַלבער וואַרעמס" אין אַ פּאָלקס־קיך — 35 קאָפּיקעס; און פאַרנאַכט — דאָס זעלבע, וואָס אינדערפרי. דאָס הייסט 65 קאָפּיקעס אַ טאָג אויף עסן, 20 רובל אַ חודש. זיינען געבליבן 10 רובל — אויף וועג ניט איז אַריינצוגיין אין קינאָ און פאַרריכטן אַ שוך און דער עיקר — אויף וואַשן די וועש אין אַ ביליקער כינעזישער וועשעריי. און דערנאָך בין איך געוואָרן אַ דרוקער. האָב איך באַקומען 40 רובל און אין אַ האַלב יאָר אַרום 50 רובל. האָב איך געלעבט, ווי אַ „גראַף"... איך האָב געקענט אָפּשפּאָרן געלט און איין מאָל אין יאָר פאָרן קיין מינסק אויף אורלויב.

איך בין געווען זייער אַקטיוו אין דער מאָסקווער אָרגאַניזאַציע יוגנט פּועלי־ציון און געלערנט זיך אין אַן אָוונט־שול...

אין עלטער פון 18 יאָר בין איך געוואָרן אַ מיטגליד פון דער אַ.ק.אַ.פּ. „פּועלי־ציון".

יוני 1928. עס איז אַ חודש וועלכער פאַרנעמט אַ ספּעציעלן, באַזונדערס וויכ־טיקן אָרט אין מיין חשבון־הנפש און איך בין זיכער אַז אויך אין דעם חשבון־הנפש פון אַ סך מיינע חברים און באַשטימט אויך אין חשבון־הנפש פון די פירער פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין ראַטן־פאַרבאַנד און אין דער גאַנצער וועלט.

אין דער נאַכט פון 28סטן יוני 1928 האָט די ג. פּ. או., לויט דער פאַראָר־דענונג פון דער סאָוועטישער רעגירונג, דורכגעפירט אינעם גאַנצן ראַטן־פאַר־באַנד אַן אַקציע צו ליקווידירן די פּועלי־ציון־באַוועגונג, אַלס אַן אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפט אין לאַנד וואָס איז אָפיציעל פאַרבאָטן געוואָרן איר ווייטערדיקע עקזיסטענץ. עס איז געווען זייער אַן איינפאַכע און גרינגע אָפּעראַציע. ס׳איז פאָרגעקומען דאָס וואָס ס׳איז געווען אומפאַרמיידלעך. ס׳איז שווער צו פאַרשטיין פאַרוואָס דאָס איז פאָרגעקומען דווקא אין 1928סטן יאָר און ניט אין יאָר 1926 אָדער אין 1922סטן יאָר.

דעם 28סטן יוני 1928 איז געקומען דער סוף צו דער גרויסער אילוזיע. און איך מיין אַז מען דאַרף זיין דערפאַר דאַנקבאַר דער סאָוועטן־מאַכט, ווייל אין איינעם מיט דעם וואָס אין דער נאַכט האָט די סאָוועטישע רעגירונג צעשמע־טערט די נעבעכדיקע עקזיסטענץ פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין ראַטן־פאַרבאַנד, איז אויך צעשמעטערט געוואָרן אַ געפערלעכע אילוזיע... ס׳איז צעשמעטערט געוואָרן די פאַלשע קאָנצעפּציע וועגן דעם כאַראַקטער פון דער „עפּאָכע פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און סאָציאַלער רעוואָלוציע", וועגן דעם כאַראַקטער פון סאָוועטישן רעזשים בכלל און זיין באַציִונג צו דער יידן־פראַגע און ציוניסטישער באַוועגונג בפרט...

די פירער פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין ראַטן־פאַרבאַנד האָבן גע־טראַכט אַז די פאַרפאָלגונגען פון די ציוניסטן און ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס זיינען נאָר אַ רעזולטאַט פון דער העצע פון דער יעווסעקציע, וועלכע דריקט אָבער ניט אויס די פּאָליטיק פון דער סאָוועטן־מאַכט. זיי האָבן געטראַכט אַז דער סאָוועטישער רעזשים, אין זיין תוך גענומען, קען ניט זיין קעגן דער ציוניס־טישער באַוועגונג און האָבן דעריבער געלעבט מיט אילוזיעס אַז עס איז מעגלעך אין לעגאַלע באַדינגונגען, מיט לעגאַלע געזעצלעכע מעגלעכקייטן צו אַנטוויקלען אַ ציוניסטישע אַרבעט און צו דערגרייכן פּרוכטבאַרע רעזולטאַטן...

(אַזאַ מיינונג איז געווען אויך ביי אַ ריי פירערס פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער באַוועגונג. אַזוי, למשל, האָט בן־גוריון אין יאָר 1923 געשריבן: „דער קעגנשטאַנד פון סאָוועטישער רוסלאַנד צו אונדזער אַרבעט און באַוועגונג איז ניט פאַרבונדן מיט דעם עצם מהות פון דער סאָוועטישער סיסטעם און דרינגט ניט אַרויף פון די מלוכישע אינטערעסן פון סאָוועט־רוסלאַנד... די יעווו־סעקציע איז ניט רוסלאַנד. מיט דער יעווסעקציע איז ביי אונדז ניטאָ קיין

אַלגעמיינע שפּראַך, און עס איז אויך ניט נויטיק. די יונגע רוסלאַנד איז ניט אַזאַ... און אויב דער ציוניזם קען ניט מיט יאוש מוותר זיין אויפן רוסישן יידנטום קען ער אויך ניט און טאָר ניט פאַרנאַכלעסיקן די אויפקלערונג אין די קרייזן פון דער רוסישער מאַכט... ניט גרינג וועט זיין צו איבערבייטן די באַציִונג פון רוסלאַנד צו דער ציוניסטישער אַרבעט, אָבער די זאַך איז ניט קיין אוממעגלעכע און מען מוז עס טאָן מיט אַלע מעגלעכקייטן..." און ווייטער, רעדנדיק וועגן החלוץ, שטרייכט אונטער בן־גוריון: „דער החלוץ אין רוסלאַנד דאַרף זיין פאַראייניקט און אַלע דאַרפן אַרבעטן אין די ראַמען פון לעגאַלן החלוץ...").

עס זיינען דורך עטלעכע וואָכן פון שרעקלעכער פאַרלוירנקייט. וואָס וועט זיין? איז עס דער סוף פון אונדזער באַוועגונג? אָדער מיר וועלן אַרונטערגייען אין אונטערערד? איז מען גרייט צו דעם? די פראַגעס האָבן מיר הייס דיסקו־טירט און באַהאַנדלט אין קרייז פון נאָענטע חברים, אָבער קיין קלאָרן ענטפער ניט געהאַט.

ביי מיר פערזענלעך זיינען דערשינען אַ ריי וויכטיקע טאָג־טעגלעכע פּראָ־בלעמען. איך בין אַרויסגעשליידערט געוואָרן פון אַ נאָרמאַלן לעבן. בין געבליבן אַרבעטלאָז (די דרוקעריי איז געשלאָסן געוואָרן). איך בין געבליבן אַפילו אָן אַ ווינקל צו וווינען (דער באַראַכאָוו־קלוב איז אויך געשלאָסן געוואָרן). נאַטיר־לעכער פון אַלץ איז געווען צוריק צו פאָרן קיין מינסק — דאָרט האָבן געלעבט מיינע ברידער און שוועסטער און ס'וועט מיר לייכטער זיין אייינאָרדענען זיך. אָבער צי איז מינסק פּאַסיק פאַר מיר אויב עס וועט זיין נויטיק צו אַרבעטן אין די באַדינגונגען פון אונטערערד? נאָך אַ ישוב־הדעת מיט מיינע נאָענטע מאָס־קווער חברים, האָב איך באַשטימט אַז איך דאַרף זיך באַגעגענען מיט שלמה קיווין און באַקומען זיין עצה און זיינע אָנווייזונגען.

מיר זיינען געזעסן עטלעכע שעה אין דעם קליינעם אַרבעט־צימערל פון קיווינס דירה. ער האָט מיך באַגעגנט זייער וואַרעם און האַרציק.

— איך בין זייער צופרידן וואָס איר זייט געקומען צו מיר. איר געדענקט, אַז מיט קאַרגע צוויי יאָר צוריק האָב איך אייך פאַרגעלייגט אַריבערצופאָרן פון מינסק קיין מאָסקווע. פּאַלקאָוויטש האָט מיר גענוי דערציילט וועגן אייער אַרויס־טרעטונג אויף דער קאָנפערענץ פון יוגנט־פועלי־ציון, וועגן די פילצאָליקע צווייפלען און מיינונגען וועלכע איר האָט אַרויסגעבראַכט אויף דער טריבונע און איך בין געווען צופרידן פון דעם. און איצט זייט איר דאָך שוין אויסגע־וואַקסן. צוויי יאָר אין אייער עלטער האָט אַ גרויסע באַדייטונג.

— וואָס וועט ווייטער זיין, חבר קיווין?

— זייט איר זייער אויפגעטרייסלט פון דעם וואָס איז פאָרגעקומען דעם 28סטן יוני?

— פאַרקערט. איך האָב די גאַנצע צייט ניט פאַרשטאַנען און פאַרשטיי ניט עד היום פאַר וואָס די סאָוועטישע רעגירונג האָט דערלויבט די לעגאַלע עקזיס־טענץ פון פועלי־ציון אין ראַטן־פאַרבאַנד ביז דעם 28סטן יוני פון יאָר 1928? פאַר וואָס האָבן זיי געוואַרט גאַנצע 10 יאָר? עס איז דאָך באַוווּסט אַז דאָס איז אין אַ פולער סתירה מיט זייער קאָנצעפּציע פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס באַדייט, לויט זייער דיאַלעקטיק, דיקטאַטור פון איין פאַרטיי. זיי האָבן דאָך שוין גלייך נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, אָנגעהויבן צעשמעטערן און אין אַ קורצער צייט טאַקע צעשמעטערט, פאַרניכטעט און אויסגעריסן מיטן וואָרצל יעדן שפּור פון די פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען אין רוסלאַנד. פאַר וואָס האָבן זיי דאָך דערלויבט די עקזיסטענץ פון פועלי־ציון?

— עס איז טאַקע אַ האַרבע פראַגע און עס איז ניט פּשוט צו געבן אַ קלאָרן און דייטלעכן ענטפער. דווקא דאָס איז געווען איינע פון די וויכטיקע פאַקטאָרן וועלכע האָבן גורם געווען דעם וווּקס פון דער גרויסער, פאַטאַלער אילוזיע, מיט וועלכער מיר האָבן געלעבט די 10 יאָר. איך מיין אָבער, אַז איצט ווען מיר האָבן זיך אויסגעניכטערט פון אונדזערע אילוזיעס, איז דער ענטפער אַ פּשוטער. איר זייט גערעכט אַז דער גרונטשטיין פון זייער אידעאָלאָגיע און פון זייער רעזשים איז דיקטאַטור פון איין פאַרטיי. זיי האָבן צעשמעטערט אַלע פאַרטייען און אַפילו פיזיש פאַרניכטעט זייערע אָנפירערס און אָנגעזעענע פּער־זענלעכקייטן, וועלכע האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ ממשותדיקע געפאַר פאַר דעם סאָוועטישן רעזשים. זיי הייבן איצט אָן צו צעשמעטערן און וועלן גאַנץ גיך צעשמעטערן אַפילו זייערע אינערלעכע אָפּאָזיציעס אין זייער פאַרטיי גופא. ניט לאַנג האָבן זיי אַרויסגעשיקט טראָצקין אין גלות, קיין קאַזאַכאַסטאַן און איך בין זיכער אַז זיי וועלן אים גאָר גיך אין גאַנצן באַזייטיקן, ווייל אַזאַ פּערזענ־לעכקייט ווי טראָצקי איז אַ דירעקטע געפאַר פאַר דעם הערשנדיקן רעזשים. טראָצקי מיט זיינע אָנהענגערס קענען פּשוט פאַרכאַפּן די מאַכט. אָבער וואָס קען טאָן אַ קליינע גרופּע פועלי־ציוניסטן אין לאַנד? זיי וועלן דען גיין פאַרכאַפּן די מאַכט? זיי שטעלן דען מיט זיך פאַר אַ וואָסער עס איז געפאַר פאַר דעם רעזשים? האָבן זיי טאַקע געמאַכט אַ זשעסט פאַר דער גאַנצער וועלט און באַוויזן זייער „דעמאָקראַטיע", זייער זאָרג פאַר אַלע פעלקער און אונטערדריקטע. דער צאַרישער רעזשים האָט באַזונדערס גערודפט דאָס יידישע פאָלק און זיי האָבן עס באַפרייט. זיי פּראָדוקטיוויזירן די יידישע מאַסן, זיי גיבן די מעגלעכקייט די יידישע מאַסן צו לערנען זייערע קינדער אין שולן אויף מאַמע־לשון און זיי דערלויבן אַפילו די עקזיסטענץ פון אַ יידישער פאַרטיי!... וואָס קען זיין בעסער און שענער? און וואָס האָט דאָס געקענט זיי שטערן? די יידישע פאַרטיי האָט

באַגריסט און מיטן גאַנצן האַרץ געשטיצט אַלע מאָסמיטלען פון דער סאָוועטישער רעגירונג לגבי די יידישע מאַסן... האָבן זיי זיך דעריבער אַ געוויסע צייט געשפּילט אין „דעמאָקראַטיע״. ס׳איז מסתמא פּאָליטיש געווען נוצלעך פאַר זיי. איצט איז אָנגעקומען די צייט און זיי האָבן באַשטימט אַז ס׳איז שוין ניט נויטיק מער פאַרצוזעצן די שפּיל...

— הייסט דאָס, אַז דער ברוטאַלער אַקט פון דער סאָוועטישער רעגירונג לגבי אונדזער באַוועגונג האָט אייך ניט איבערגעראַשט?

— פאַרשטייט זיך אַז ניט. איך האָב דערויף שוין געוואַרט עטלעכע שיינע יאָר. די גאַנצע צרה באַשטייט אין דעם וואָס גלייך פון אָנהויב, גלייך נאָך דער רעוואָלוציע, האָבן מיר ניט פאַרשטאַנען וואָס עס קומט פאָר אין רוסלאַנד. אין איינעם מיט דעם אַלגעמיינעם שטראָם פון התלהבות פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, בין איך אויך איינגעשלונגען געוואָרן פון די כוואַליעס און ניט פאַרשטאַנען דעם כאַראַקטער און דעם עצם מהות פון דער רעוואָלוציע, ניט פאַרשטאַנען דעם תוך פון דעם נייעם סאָוועטישן רעזשים פון דער אַזוי גערופענער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט; ניט פאַרשטאַנען אַז עס איז געשאַפן געוואָרן אַ טאָטאַליטאַרער רעזשים וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויסע געפאַר פאַר רוסלאַנד בכלל און פאַר דעם יידישן פאָלק און דער ציוניסטישער באַוועגונג בפרט. די גרויסע אילוזיע איז באַשטאַנען אין דעם וואָס מיר האָבן געטראַכט אַז דווקא אין די באַדינגונגען פון דער אַזוי גערופענער לעגאַלער עקזיסטענץ פון אַ קאָמוניסטישער פועלי־ציון־באַוועגונג, וועט מען קענען עפּעס דערגרייכן. מיר האָבן געהאָפט אַז עס וועט זיך איינגעבן אַריינצוטרעטן אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און מיט זיין הילף, אין צווישנפעלקערלעכע מאַסשטאַבן, קעמפן פאַר די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון יידישן פאָלק. מיר האָבן פאַרגעסן, אָדער ניט געוואָלט געדענקען אַז לעניו האָט אַלע מאָל געטענהט, אַז עס זיינען ניטאָ קיין שום ספּעציפישע אינטערעסן און פּראָבלעמען פון יידישן פאָלק בכלל און פון יידישן פּראָלעטאַריאַט בפרט. מיר האָבן פאַרגעסן אַז זייער „טעאָרעטיקער״ פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע, סטאַלין, האָט „פעסטגעשטעלט״ אַז יידן זיינען אַן „אויסגעטראַכט, פּאַפּירן־פאָלק״, און מען טאָר זיך ניט רעכענען מיט אים. מיט דער זעלבער אילוזיע זיינען געווען אויך פאַרסמט די פירער פון דער פועלי־ציון־באַוועגונג אין דער גאַנצער וועלט. איך וועל אייך דערציילן איין פאַקט:

זומער 1920 איז אין ווין פאָרגעקומען די 5טע קאָנפערענץ פון דער פועלי־ציון־באַוועגונג. איך האָב געהאַט דעם כבוד צו זיין אויף דער קאָנפערענץ אין באַשטאַנד פון דער רוסלענדישער דעלעגאַציע. איר קענט זיך ניט פאָרשטעלן מיט וואָס פאַר אַ באַגייסטערונג מען האָט אונדז אויפגענומען. דער פאָרזיצער פון דער קאָנפערענץ האָט אונטערגעשטראָכן אַז מיר זיינען געקומען פון אַ וווּנדערלעך לאַנד און אַז מיר האָבן געבראַכט מיט זיך די פריידיקע בשורה פון

דער גרויסער באַפרייונג פון יידישן פאָלק אין רוסלאַנד און דעם וואָרעמען גרוס פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע... מען האָט מסכים געווען מיט אונדזערע באַשלוסן אויף דער מינסקער קאָנפערענץ. אַ סך דעלעגאַציעס האָבן אויך אויפגענומען פּאָזיטיוו אונדזער פּאָזיציע לגבי דער וויכטיקייט פון אויפגענומען ווערן אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל... אונדזער „קאָמוניסטישע קאָפּדרייעניש" האָט באַקומען אויף דער ווינער קאָנפערענץ אַ פולשטענדיקע „באַרעכטיקונג" אויך מצד דער אַלוועלטלעכער פּועלי־ציון־באַוועגונג...

— אָבער מיר זיינען דאָך איצט איזאָלירט. מיר האָבן דאָך קיין שום קאָנטאַקטן מיט דער אַלוועלטלעכער פּועלי־ציון־באַוועגונג און מיר קעמפן דאָך שאַרף קעגן דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער באַוועגונג. איז דאָס געווען אַ ריכטיקע פּאָליטיק? — האָב איך געפרעגט קיווינען.

— צום באַדויערן זיינען מיר — די רוסלענדישע דעלעגאַציע אויף דער ווינער קאָנפערענץ — באַגאַנגען אַ גרויסן טעות, וועלכער איז אייגנטלעך געווען קאָנסעקווענט אין איינקלאַנג מיט אונדזער נייער אידעאָלאָגישער קאָנצעפּציע, אָבער וועלכן מען קען בשום אופן ניט באַרעכטיקן. מיר זיינען געווען די איינציקע אויף דער קאָנפערענץ וועלכע האָבן געפאָדערט קאַטעגאָריש ניט אָנטייל נעמען אין דעם ציוניסטישן קאָנגרעס און אין דעם קרן־הקיימת. מיר האָבן געטענהט אַז דער ציוניסטישער קאָנגרעס איז אַ בורזשואַזער אָרגאַן, וואָס וויל הערשן אויף די יידישע מאַסן און דער קרן־הקיימת איז אַ געלטמיטל פון דער ציוניסטישער בורזשואַזיע כּדי צו עקספּלאָאַטירן און פאַרשקלאַפן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט... אַן אומגעלומפּערטע פּראַזעאָלאָגיע וועלכע איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער אומגעלומפּערטער צייט...

קיווין האָט זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ פאַר מיר. איך האָב געפילט די שרעקלעכע יסורים פון דעם דאַזיקן מענטשן, יסורים פון גוואַלדיקער אַנטוישונג אינעם אייגענעם וועג. איך בין געזעסן אַ פאַרכאַפּטער פון זיינע רייד וועלכע האָבן אויסגעזען ווי אַ מין ווידוי; רייד וועלכע זיינען געווען זייער נאָענט צו מיינע טראַכטענישן, צו מיין ציוניסטישער וועלט־אַנשויונג און האָבן גערעדט צו מיין האַרצן.

און איך האָב געשטעלט קיווינען אַ פראַגע וועלכע האָט כּאילו ניט געהאַט קיין דירעקטע שייכות צו אונדזער שמועס:

— וואָסערע זיינען געווען באָראָכאָווס שטימונגען אין דער לעצטער צייט פאַר זיין טויט?

— אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט באָראָכאָוו דורכגעמאַכט אַן אָנגעזעענע ענדערונג אין זיין שטעלונג צו פאַרשיידענע פראַגעס פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַ טייל דאָגמאַטישע מאַרקסיסטישע פאָרמולעס. די שטרעבונג פון יידישן פאָלק צו שיבת־ציון איז

דורך באַראַכאָוון אָנערקענט געוואָרן ווי אַ פּאָזיטיווער היסטאָרישער פּראָצעס אָן שום פאַרבינדונג מיט דעם וואָס ארץ־ישׂראל דאַרף דינען אַלס באַזע פאַר דער שאַפונג פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. אָנשטאָט דעם טעזיס פון „סטיכישע עמיג־ראַציע, ווי אַן אומפאַרמיידלעכער פּראָצעס״, האָט באַראַכאָוו גערעדט וועגן חלו־צישער עליה, ווי וועגן אַ נויטווענדיקייט. באַראַכאָוו האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם באַגריף „פּאַלעסטינע״ און אויפגענומען דעם באַגריף „ארץ־ישׂראל״. ער האָט ענערגיש געקעמפט פאַר דער אַריינטרעטונג פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער הסתדרות און פאַר דעם אַקטיוון אָנטיילנעמען אין די ציוניסטישע קאָנגרעסן.

קיווין איז געזעסן און געשוויגן, נערוועז פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און דער־נאָך געזאָגט:

— איך בין צופרידן וואָס איר האָט געשטעלט די פראַגע. אויף דעם וועג פון באַראַכאָוון דאַרפן מיר ווייטער גיין.

— הייסט דאָס, חבר קיווין, אַז איר טראַכט אַז מען דאַרף פאָרזעצן אונדזער אַרבעט אין אונטערערדישע באַדינגונגען?

— יאָ, אָן שום ספק. לײדער זײנען מיר טעכניש שלעכט צוגעגרייט דערצו. מען דאַרף אָבער אָנהייבן בויען אַלץ פון דאָס ניי. די וויכטיקסטע אויפגאַבע אונדזערע דאַרף איצט זיין — אָפּהיטן אונדזערע באַגרענעצטע פּראָפעסיאָנעלע קאַדרען, וועלכע זאָלן בלב ונפש זיין איבערגעגעבן דעם ציוניסטיש־סאָציאַ־ליסטישן געדאַנק. עס דאַרפן אָנקומען און וועלן אָנקומען צייטן, ווען אָט די קאַדרען וועלן האָבן אַ פעלד פאַר אַרבעט צווישן ברייטערע יידישע מאַסן. די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע האָט ניט געלייזט און קען ניט לייזן די יידן־פראַגע און דעריבער וועט דער ציוניסטישער געדאַנק אין ראַטן־פאַרבאַנד קיין מאָל ניט אָפּשטאַרבן. מיר וועלן זיך אפשר געפינען אַ לענגערע צייט אין ד׳ אמות פון איינגעשלאָסנקייט אין זיך, אָבער דאָס איז אַן אומפאַרמיידלעכער עטאַפּ. איך בין זיכער אַז איר וועט זיין איינער פון די קאַדרען.

קיווין האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט וועגן מיינע פּערזענלעכע ענינים און מיר געגעבן אַן עצה אַוועקצופאָרן פון מאָסקווע, אָבער ניט פאָרן קיין מינסק. בעסער איינאָרדענען זיך אין אַ גאָר נייעם אָרט.

— איך מיין, אַז איר דאַרפט פאָרן קיין לענינגראַד. אָנקומען דאָרט אין אַ הויכשול. מאָרגן אין אָוונט גייט אַריין צו זעליג ברייטער — ער וועט אייך געבן אַ רעקאָמענדאַציע־בריוול צו אונדזערן אַ חבר אין לענינגראַד, וועלכער וועט אייך קענען קאָנקרעט העלפן אין דער ערנסטער פראַגע פון אַ צימער און אויך מיט אַרבעט, כאָטש אין דער ערשטער צייט.

— איך קלייב זיך פאָרן אין אורלויב קיין מינסק.

זייער גוט. איר וועט דערציילן וועגן אונדזער שמועס דעם חבר טיטענסקי.

זאָל ער אָפּקלייבן ניט מער פון 6—8 איבערגעגעבענע מענטשן פאַר דער אונטער־ערד־גרופּע. איידער איר וועט אָפּפאָרן פון מאָסקווע גייט אַריין צו וויסבורדן — ער פאַרנעמט זיך מיט דער קאָנספּיראַציע־טעכניק.

מיר האָבן זיך צעקושט און זיך אויף אייביק געזעגנט. מער האָב איך קיווינען ניט געזען. סוף יאָר 1938 האָב איך זיך באַגעגנט אין בעלאָמאָרלאַג מיט אַ מאָס־קווער פועלי־ציוניסט וועלכער האָט מיר דערציילט אַז קיווין איז אומגעקומען אין מאָסקווער נקוו״ד אין יאָר 1937.

זעליג ברייטער האָט זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון שטאַרקער דעפּרעסיע און ער איז געווען זייער פאַרלוירן.

— איר פאַרשטייט — האָט ער געזאָגט — עס זיינען שוין דורך עטלעכע וואָכן וואָס מען האָט ברוטאַל פאַרבאָטן אונדזער עקזיסטענץ און איך קען דאָס נאָך אַלץ ניט באַנעמען ווי עס דאַרף צו זיין. איך קען דאָס פּשוט ניט באַגרייפן.

— איר טראַכט, חבר ברייטער, אַז דאָס וואָס איז געווען דעם 28סטן יוני איז ניט געווען אומפאַרמיידלעך?

— פאַר וואָס האָט עס באַדאַרפט זיין אומפאַרמיידלעך? האָבן מיר דאָך עקזיסטירט איבער 10 יאָר אינעם סאָוועטישן רעזשים.

— דאָס איז שוין אַן אַנדערע פראַגע. מסתּמא דאַרף מען אויספאָרשן די סיבות פאַר וואָס זיי האָבן דערלויבט אונדז צו עקזיסטירן 10 יאָר און זיי האָבן אונדז ניט פונאַנדערגעטריבן מיט 8 אָדער 9 יאָר צוריק. מיר דאַכט אַז דווקא די דאָזיקע 10־יאָריקע עקזיסטענץ איז אַן אומפאַרמיידלעכע דערשיינונג, ווייל ס׳איז אין סתּירה מיט זייער טעאָריע פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, סאָוועטישער דעמאָקראַטיע אאַז״וו.

— איר פאַרשטייט ניט ריכטיק די טעאָריע פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַ־ריאַט.

— די פראַגע איז דאָך ניט אין דעם ווי איך פאַרשטיי, אָדער ווי איר ווילט פאַרשטיין. די פראַגע איז ווי זיי פאַרשטייען און טייטשן די טעאָריע און ווי אַזוי זיי פירן זי דורך אין דער פּראַקטיק.

צווישן אונדז האָט זיך אַנטוויקלט אַ וויכּוח.. איך האָב געשטעלט די זעלבע פראַגעס אויף וועלכע איך האָב ניט באַקומען קיין ענטפער אויף דער יוגנט פועלי־ציון־קאָנפערענץ און וועלכע זיינען, לויט מיין מיינונג, געוואָרן איצט אַקטועלער ווי פריער. ווען איך האָב גערעדט וועגן דעם כאַראַקטער און דעם מהות פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, האָט זעליק אַן אויפגערעגטער געזאָגט:

— איר לייקנט אָפּ אַז די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט באַפרייט דאָס יידישע

פאָלק אין רוסלאַנד פון דעם צאַרישן רעזשים מיט זיינע פּאָגראָמען, רדיפות און פאַרשיידענע באַגרענעצונגען?

— שוין די צייטווייליקע רעגירונג אין רוסלאַנד וועלכע איז אַנטשטאַנען נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע, האָט אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן דעקרעט וועלכער האָט געזיכערט די יידן אין רוסלאַנד אַלע בירגערלעכע רעכט און אָפּגעשאַפט אַלע צאַרישע באַגרענעצונגען.

און אונדזער וויכוח האָט זיך פאַרטיפט. איך האָב זיך איבערגעצייגט אַז ברייטער איז געטריי די פּרינציפּן וועלכע זיינען געווען פאָרמולירט דורך דער אַזוי גערופענער „פאַרטייִשער פראַקציע" אויף דער פועלי־ציון־קאָנפערענץ פון יאָר 1919 אין מינסק.

דעם אמת זאָגנדיק האָב איך זיך געפילט אין אַ מאָדנער לאַגע: איך — אַן 18־יאָריקער בחור, ניט האָבנדיק די נויטיקע פּאָליטישע דערפאַרונג, באַזירנדיק זיך איבער הויפּט אויף אייגענער לאָגיק, אינטויִציע און געפילן — לאָז זיך אַריין אין שאַרפע וויכוחים מיט זעליג ברייטער וועלכער איז אין דער פועלי־ציון־באַוועגונג אין רוסלאַנד געווען טעטיק איבערהויפּט אין אידעאָלאָגיש־טעאָרעטישן תחום. אָבער יוגנט־טעמפּעראַמענט האָט מסתמא זיין באַזונדערע לאָגיק און איך האָב זיך ניט אונטערגעגעבן. און רעדנדיק וועגן פּאַלעסטיניזם פרעג איך ביי ברייטערן:

— מיין שוועסטער איז מיט דריי יאָר צוריק — אין יאָר 1925 — אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישׂראל לויט אַ סערטיפיקאַט פון החלוץ. איז די טעטיקייט פון החלוץ, וועלכער אָרגאַניזירט אַ סך הונדערטער אַזעלכע סערטיפיקאַטן יעדן יאָר, ניט וויכטיקער פון אונדזער לאָזונג „פּאַלעסטיניזם", וועלכער דאַרף דינען ווי איינער פון די מאַסמיטלען צו לייזן די יידישע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען?

— איר שטעלט ניט ריכטיק די פראַגע. מיר זיינען אַ פּאָליטישע פּאַרטיי פון יידישן אַרבעטער־קלאַס, וועלכע שטעלט פעסט, אַז אין דער עפּאָכע פון גרויסע סאָציאַלע צוזאַמענשטויסן (און מיר לעבן אין אַזאַ עפּאָכע), פאַרשאַרפט זיך נאָך מער דאָס עמיגראַציע־פּראָבלעם און עס ווערט נויטיקער און מעגלעכער דער טעריטאָריאַלער צענטער אין פּאַלעסטינע. און דעריבער איז די פּאַלעסטינע־טעטיקייט אַן אַקטועלע. און דאָס וואָס עס טוט דער החלוץ, אָט די הונדערטער סערטיפיקאַטן, דאָס איז ענגער פּראַקטיציזם.

— אָבער דאָס איז דאָך דווקא קאָנקרעטע ארץ־ישׂראל־טעטיקייט. דאָס יאָר — הונדערטער סערטיפיקאַטן, און אין אַ יאָר אַרום אפשר — טויזנטער סערטיפיקאַטן. וואָס הייסט פּראַקטיציזם? דאַרף מען ניט אָרגאַניזירן דעם עמיגראַציע־פּראָצעס? אונדזער פּאַרטיי דאַרף זיך ניט פאַרנעמען מיט דער, לויט מיין מיינונג, וויכטיקסטער אַרבעט — מיט דער ארץ־ישׂראל־טעטיקייט?

— מיר דאַרפן זיך מיט דעם פאַרנעמען אין אַלגעמיינעם אַספּעקט. מיר

קעמפן צו ווערן איינגעשלאָסן אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און אין צווישנפעלקערלעכן מאָסשטאַב קעמפן מיר אויך פאַר די ספּעציפישע אינטע־רעסן פון יידישן פּראָלעטאַריאַט.

אונדזער שמועס האָט זיך פאַרצויגן. זעליג האָט מיר געגעבן אַ קאָמפּלי־מענט פאַר מיין עַקשנותדיקייט און קעמפערישקייט. און צום סוף איז געקומען מיין נאַטירלעכע פראַגע:

— וואָס ווייטער, חבר ברייטער? וואָס דאַרפן מיר איצט טאָן?

— עס איז אַ שווערע פראַגע. איך האָב נאָך אַליין ניט געפונען קיין ענד־גילטיקן ענטפער. די פּועלי־ציון־טעטיקייט איז דער אינהאַלט פון מיין לעבן. איך בין זיכער, אַז די טעטיקייט דאַרף ווערן פאָרגעזעצט אין ראַטן־פאַרבאַנד — אין אַ לאַנד, ווו עס לעבן כּמעט 3 מיליאָן יידן. איר ווייסט, אַז קיווין איז ביי דער מיינונג אַז מען מוז זיך תּיכּף אָרגאַניזירן אין דער אונטערערד, מיט דעם ציל אָפּצוהיטן דעם מינימום פון פּאַרטייִשע קאַדרען. אין דער מיינונג איז דאָ זייער אַ סך לאָגיק. אָבער פון דער אַנדער זייט זיינען פאַראַן ספקות: די אונטערערדישע אַרבעט פירט אומפאַרמיידלעך צום אַנטאַגאָניזם מיט דער הערשנדיקער מאַכט וועלכע האָט אונדז אַריינגעטריבן אין דעם אונטערערד. און מיר געפינען זיך דאָך ניט אין דער צאַרישער רוסלאַנד, נאָר אין דער סאָווע־טישער. דער סאָוועטישער רעזשים איז אַ רעזשים פון סאָציאַלן צדק. זיינע פּרינציפּן זיינען פאַר אונדז טייער. איר פאַרשטייט? עס איז ניט אַזוי פּשוט צו געבן אַן ענטפער.

— אָבער אויב איך האָב פאַר זיך יאָ געפונען דעם ענטפער — איך האַלט אַז מען מוז איבערגיין אין אונטערערד און חבר קיווין האַלט אַז איך דאַרף פאָרן קיין לענינגראַד און איר קענט מיר העלפן אין דעם — זייט איר גרייט מיר צו העלפן?

— יאָ. באַשטימט. איך וועל אייך העלפן. און איך בענטש אייך. איך גלייב, איך בין זיכער אַז איר וועט זיין נוצלעך אין דער אונטערערד. איך האָב אייך דערציילט וועגן מיינע צווייפלען ווייל איך מיין אַז איר דאַרפט וויסן וועגן זיי. אָבער דאָס האָט ניט קיין שייכות צו אייער באַשטימונג.

ברייטער האָט מיר געגעבן אַ בריוול און אייניקע אַדרעסן און פאַרזיכערט אַז די חברים וועלן מיר העלפן אין אַלע נויטיקע ענינים כּדי איך זאָל זיך קענען איינאָרדענען אין לענינגראַד.

מער האָב איך זעליג ברייטערן ניט געזען און איך האָב ניט געהערט וועגן זיין ווייטערדיקן גורל. איך בין זיכער אַז ער איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך דעם „רעשים פון סאָציאַלן צדק"...

די עצה פון קיווינען צו פאָרן קיין לענינגראַד האָב איך אויפגענומען ווי אַ

סאָלדאַט נעמט אויף אַ שלאַכטבאַפעל פון זיין קאָמאַנדיר. כאָטש איך בין שוין אַריבערגעוואַקסן דעם הצופים־עלטער, מיט זיין ספּעציפישער בייגונג צו ראָמאַנ־טישקייט, האָט מסתּמא דער עלעמענט פון ראָמאַנטישקייט דאָך געשפּילט אַ וועלכע ניט איז ראָל אין מיין תּיכּפדיקער הסכּמה צו פאָרן קיין לענינגראַד און דאָרט אָנהייבן בויען דאָס לעבן פון דאָס ניי. איך האָב עס אויפגענומען, ווי אַ שליחות וואָס שטייט העכער פון אַלע איבעריקע פּערזענלעכע ענינים און פּראָ־בלעמען. אָבער איך האָב זיך מיט די פּערזענלעכע פּראָבלעמען צוזאַמענגעשטויסן גלייך ווי איך בין געקומען צו פאָרן קיין מינסק.

מיינע ברידער און שוועסטער האָבן אויפגענומען פּאָזיטיוו מיין באַשטימונג אַריבערצופאָרן קיין לענינגראַד. איך בין געווען אַ זעלבסטשטענדיקער און אומ־אָפּהענגיקער מענטש און זיי זיינען געווען זיכער אַז איך וועל זיך איינאָרדענען דאָרט ניט ערגער ווי אין מינסק. זיי האָבן אַפילו געטראַכט אַז אין לענינגראַד וועט מיר זיין אַ סך גרינגער אָנצוקומען אין אַ הויכשול און דער עיקר, איך וועל ניט דאַרפן מורא האָבן אַזוי ווי אין מינסק אַז מען וועט אויפדעקן די „פּעל־שונג״ אין מיין סאָציאַלער אָפּשטאַמונג.

וואָס וועט אָבער זיין מיט מאַשען? איך האָב געפילט אַז מאַשע וועט זיין קעגן דעם פּלאַן. עס זיינען דורך עטלעכע טעג און איך האָב זיך ניט דערוועגט צו דערציילן איר וועגן מיין באַשלוס. די לעצטע צוויי יאָר, בעת איך האָב גע־לעבט אין מאָסקווע, איז צווישן אונדז אַנגעגאַנגען אַ כּסדרדיקער בריוו־אויסטויש — זייער אַן אָפטער און אינהאַלטסרייכער. פון מאָסקווע קיין מינסק און פון מינסק קיין מאָסקווע זיינען געלאָפן בריוו אָנגעפּולטע מיט אויסדרוקן פון ריינער יוגנט־ליבע, מיט ליכטיקע חלומות וועגן אַ געמיינזאַמער צוקונפט... און ווען איך האָב איר דערציילט אַז איך האָב פאַרלאָזט מאָסקווע, האָט זי באַגייסטערט אויס־געשריען:

— איך בין פּשוט גליקלעך. סוף־סוף וועלן מיר שוין זיין אין איינעם. זי האָט אָנגעהויבן בויען פּלענער וועגן מיין אָנקומען לערנען אין מינסקער אוני־ווערסיטעט. זי איז געווען זיכער אַז איך וועל באַקומען אַ סטיפּענדיע און זי האָט געבויט פאַרשיידענע פּלענער אויף דער צוקונפט...

אויך ביי מיר איז געווען דאָס זעלביקע געפיל. איך האָב ליב מאַשען און ס׳איז מיר שווער זיך צו צעשיידן מיט איר אויף יאָרן. איך פאָר דאָך קיין לענינ־גראַד אויף אַ לאַנגער צייט. וועל איך קענען זי אַריבערציען צו זיך קיין לענינ־גראַד? אָבער דעם באַשלוס אַריבערצופאָרן קיין לענינגראַד האָב איך שוין ניט געקענט בייטן. נאָך די באַגעגענישן מיט קיווינען און ברייטערן האָב איך ניט געקענט און ניט געוואָלט זיך דערלויבן צו טאָן אַזאַ זאַך. איך מוז פאָרן קיין לענינגראַד. איך האָב דעריבער דערציילט מאַשען אַלץ און נישט באַהאַלטן פון איר גאָרנישט.

— איך ווייס — האָט מאַשע געזאָגט — אַז די ציוניסטישע טעטיקייט איז דער אינהאַלט פון דיין לעבן און איך וויל דיך ניט באַשולדיקן. איך פיל אַז דו האָסט מיך ליב. און איך פיל אויך אַז דו מוזסט אויספילן דיין חוב און פאָרן קיין לענינגראַד. און אפשר איז דאָס טאַקע בעסער אויב דו האָסט טאַקע באַשטימט צו אַרבעטן אין דער אונטערערד? איך וויל דיך ניט אָפּרעדן פון דעם. אָבער מיר וועט זיין זייער שווער. און איך וויל דיר זאָגן דעם אמת: איך בין ניט באַגייסטערט פון אונטערערדישער אַרבעט. ניט ווייל איך האָב מורא. גלויב מיר, נאָר עס ציט מיך ניט אַזוי שטאַרק. עס פאַרכאַפּט מיך ניט אַזוי שטאַרק, ווי דיך...

און מיר האָבן באַשטימט צווישן זיך אַז זי וועט דערווייל ניט אַריין אין דער מינסקער אונטערערדישער גרופּע. אויב עס וועט זיך איינגעבן, וועט זי אַריבערפאָרן קיין לענינגראַד און דאָרט וועלן מיר באַשליסן צי זי וועט יאָ אָנטייל נעמען אין אונטערערדישער אַרבעט, אָדער נישט...

רייזל אָקסעלראָד, מיין שוועסטער בתיה און נאָך עטלעכע חברים זיינען אויך ניט איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער מינסקער פּועלי־ציוניסטישער אונטערערדישער גרופּע. זי איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון 6—7 מאַן.

עס זיינען דורך די 10 טעג פון מיין זיין אין מינסק, 10 טעג אָנגעפילט מיט גליק און צער, מיט פרייד און ווייטיק, מיט פאָרוואורפן און איבערבעטענישן — מיט דעם אַלעם וואָס באַגלייט תמיד די ערשטע ליבע־איבערלעבענישן פון 18־יאָריקע יוגנטלעכע. דערנאָך בין איך אַוועקגעפאָרן קיין לענינגראַד. קיין מינסק האָב איך זיך אומגעקערט ערשט אין 5 יאָר אַרום. דורך די 5 יאָר בין איך דריי מאָל געווען אין מינסק און מאַשע איז ביי מיר געווען איין מאָל אין לענינגראַד און איין מאָל אין כאַרקאָוו. אָבער אין אונדזער ליבע איז עס געווען אַ תקופה פון גרויסע שפּאַנונגען און קאָמפּליצירונגען.

איך שפּאַן אין דער תפיסה־קאַמער הין און צוריק — פון דער טיר צו דער וואַנט און פון דער וואַנט צו דער טיר — אַהין און צוריק און וויל אָפּטרייבן פון זיך דעם געדאַנק און קען ניט. דער געדאַנק לויפט נאָך מיר, יאָגט מיך און פרעגט: וואָס ווייטער? האָסט נאָר וואָס אָנגעהויבן בויען דיין משפחה־לעבן און זיי האָבן עס אַכזריותדיק צעשטערט. אויף וויפל צייט צעשיידט מען אונדז? וואָס דערוואַרט דיך אין דער צוקונפט? איך ווייס ניט וואָס עס קומט פאָר אַרום מיר. מען דערלויבט מיר ניט קיין באַגעגעניש מיט וועמען ניט איז פון מיין משפחה. איך בין אין גאַנצן איזאָלירט. איך שפּאַן אין דער קאַמער הין און צוריק, אָנגעפילט מיט כעס און קינאה צו... מיינע מיטקאַמערניקעס. די מערהייט פון זיי האָבן שוין געהאַט זעונגען מיט קרובים און באַקומען שפּייז־פּעקלעך און איך ניט. איז

וואָס בין איך אין כּעס אויף זיי? וואָס זיינען זיי שולדיק? איך האָב געזעצן מיט אַ חודש צוריק, דורך די פענצטער־קראַטעס פון טורמע־שפּיטאָל, מאַשען מיט עפּעס איינגעוויקלט אויף די הענט. אָבער ווען וועל איך זי באַגעגענען אויג אויף אויג? און ווען וועל איך שוין זען מיין זון?...

אַ דאַנק גאָט! עס האָט אַ דונער געטאָן די טיר פון קאַמער. איך האָב געמוזט אויפהערן צו שפּאַנען. מען האָט געבראַכט אַ „נייעקען" — און איך בין געקומען צו זיך, באַרויִקט זיך און אַריין אין „געוויינלעכן" טורמע־לעבן...

דער נייער אַרעסטאַנט איז געווען אַ ייד פון אַ יאָר 45־50. די ערשטע צוויי טעג איז ער געווען שווייגנדיק, אַזוי ווי ער וואָלט זיך צוגעקוקט צו דעם לעבן אין קאַמער פון דער זייט. אויף דעם דריטן טאָג איז ער צוגעגאַנגען צו מיר און געזאָגט אין יידיש:

— איר ווייסט? ביי אונדז אין קאַמער זיינען דאָ אַ סך זשלאָבעס. עס איז ניטאָ מיט וועמען דורכצורעדן זיך. מען קען דאָך פון זינען אַראָפּגיין.

— וואָס עפּעס זשלאָבעס? עס זיינען דאָ אינטעליגענטע מענטשן. אָבער יעדער איז פאַרנומען מיט זיך אַליין, מיט זיינע פּראָבלעמען און דאגות.

— איך האָב זיך ניט פּינקטלעך אויסגעדריקט, איך האָב געמיינט צו זאָגן, אַז אויף מאַמע־לשון רעדט זיך ביי מיר גאָר אַנדערש. ס'איז מיר גרינגער אויס־צורעדן דאָס האַרץ.

— מיין מאַמע־לשון איז אויך יידיש, אָבער די האַרץ האָב איך שוין אויס־גערעדט פאַר מיין סליעדאָוואַטעל אין רוסיש, כאָטש דאָס מאַמע־לשון פון דעם סליעדאָוואַטעל איז אויך יידיש.

— ס'איז ניט קיין סוד צו וויסן אין וואָס באַשולדיקט מען איך?

— אין ציוניסטישער טעטיקייט.

— אָר־האָ! אין ציוניסטישער טעטיקייט? זייט איר דאָך מיינער אַ פאַרבי־סענער פיינט... וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר? איר פאַרשטייט ניט? איך בין אַ סך יאָרן געווען אַן אַקטיווער מיטגליד פון בונד.

— נו, איז היינט זיינען מיר שוין ניט קיין פאַרביסענע פיינט. היינט זיינען מיר, אויב ניט קיין ברידער, איז שוועסטער־קינדער — יידישע נאַציאָנאַליסטן, אַנטי־סאָוועטישע עלעמענטן, קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן...

— יאָ, איר זייט גערעכט. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן בין איך מסכּים מיט דער מיינונג פון אַ ציוניסט...

אַזוי האָבן מיר זיך געוויצלט און גיך באַפריינדעט.

נאָך דער אָוונט־באַלאַנדע איז מיין „פאַרביסענער פיינט" צוגעגאַנגען צו מיין בעטל און האָט אָנגעהויבן שטילערהייט דערציילן, אויסרעדן זיין האַרץ, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט:

— איר ווייסט, אין דער מינסקער צענטראַלער תּפיסה בין איך געזעסן מיט

29 יאָר צוריק — אין 1906 — 5 טעג. זשאַנדאַרמען האָבן צעטריבן די ערשט־מאַיִקע־דעמאָנסטראַציע און אַ סך פון אונדזערע חברים פון „בונד" האָט מען גע־כאַפּט און אַריינגעוואָרפן אין דער תּפֿיסה. אָבער אין 5 טעג אַרום האָט מען אונדז באַפרייט. 15 יאָר בין איך געווען טעטיק אין דער מינסקער אָרגאַניזאַציע פון בונד — פון 1906 ביז 1921. אויב אייך איז באַקאַנט די געשיכטע פון „בונד", ווייסט איר אַז אין מאַרץ פון 1921סטן יאָר איז אין מינסק פאָרגעקומען די אַל־רוסלענדישע אויסעראָרדנטלעכע קאָנפערענץ פון „בונד", אויף וועלכער מיר האָבן דעקלאַרירט אונדזער זעלבסטליקווידאַציע און דאָס אַריינגיין אין דער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי. איך האָב עס אויפגענומען מיט באַגייסטערונג און אָנגעהויבן אַקטיוו אַרבעטן אויף דעם יידישן קולטורפראָנט.

— הייסט דאָס אַז איר האָט געקענט רעאַליזירן אין דער פּראַקטיק די הויפּט־פּרינציפּן פון „בונד" — בויען אַ יידישע קולטורעלע אויטאָנאָמיע אין רוסלאַנד.

— יאָ, דאָס איז טאַקע געווען מיין חלום. איך דאַרף אייך זאָגן אַז איך האָב זייער ליב די יידישע שפּראַך און די יידישע ליטעראַטור. ערשטנס בין איך געבוירן געוואָרן אין שטעטל קאָפּוליע, דאָרט ווו עס איז געבוירן געוואָרן אונ־דזער גרויסער מענדעלע מוכר ספרים, און צווייטנס איז מיין טאַטע געווען אַ מלמד — האָט זיך אַ וויצל געטאָן דער נייער אַרעסטאַנט וואָס זיין נאָמען איז געווען פינקלשטיין.

— איר זאָגט אַז דאָס איז געווען אייער חלום. פאַרוואָס געווען? מיר דוכט, אַז עס רעאַליזירן זיך אין ראַטן־פאַרבאַנד די גרונט־פּרינציפּן פון בונד, אפשר ניט אין אַזאַ אָרגאַניזאַציאָנעלער ראַם, ווי איר האָט געוואָלט, אָבער ס'איז דאָך אַ פאַקט אַז די יידישע שפּראַך, די יידישע קולטור אַנטוויקלט זיך אין גרויסע מאָסשטאַבן. נו, און די סאָציאַלע און קלאַסן־פּראָבלעמען פון יידישן פּראָלעטאַ־ריאַט, פאַר וועלכע עס האָט אַזוי מוטיק געקעמפט דער בונד זיינען דאָך פול־שטענדיק געלייזט...

— איך פיל אין אייערע רייד אַן איראָניע. אָבער צום גרויס באַדויערן וויל איך זאָגן אַז עס איז דאָ אַן אָרט פאַר אַזאַ איראָניע...

— איך קלייב זיך ניט פירן מיט אייך קיין דיסקוסיע וועגן ציוניזם און בונדיזם. אָבער איך פיל אין אייערע רייד אַן אַנטוישונג וואָס נוגע אייער טעטי־קייט אויפן יידישן קולטור־פראָנט, ווי איר האָט זיך אויסגעדריקט. מעג איך וויסן וואָס איר מיינט?

— איך וועל אייך קורץ דערציילן. איך האָב געאַרבעט אין דעם יידישן סעק־טאָר ביי דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון ווייסרוסלאַנד. דאָס איז געווען די ער־שטע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציע אין ראַטן־פאַרבאַנד. שפּעטער איז אויפגע־שטעלט געוואָרן אַזאַ אינסטיטוציע אויך אין קיעוו. אין 1932סטן יאָר האָט זיך דער סעקטאָר פאַרוואַנדלט אין אַן אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור. דער יידי־

שער וויסנשאַפטלעך־אויספאָרשערישער צענטער אין מינסק האָט זיך פאַרנומען מיט פיר עיקרדיקע געביטן: שפּראַך, ליטעראַטור, געשיכטע און עקאָנאָמיק. מאַ־כנדיק אַ קורצן סך־הכּל פון דער טעטיקייט פון דעם ווײַטיקן וויסנשאַפטלעך־אויספאָרשערישן צענטער קען איך זאָגן, אַז עס זײַנען געווען צוויי עטאַפּן: דער ערשטער 1924—1929, וועלכער קען כאַראַקטעריזירט ווערן מיט זײַן פּרוכט־באַרער אַרבעט און שאַפערישן אויפשטײַג; און דער צווייטער — 1930—1935 — איז אַ פּעריאָד פון בהדרגהדיקער ירידה. איצט גוססט אונדזער אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור.

— אין וואָס דריקט זיך עס אויס?

— אין אַלץ. עס איז געווען אַן אינהאַלטסרײַכער יערלעכער זשורנאַל, „צײַט־שריפט", אין 1931סטן יאָר האָט מען אויפגעהערט אַרויסגעבן אים. מען האָט אויפגעהערט אַרויסלאָזן דעם וויסנשאַפטלעכן ביולעטין, „אויפן וויסנשאַפטלעכן פראָנט" און אַ לינגוויסטישע זאַמלונג. עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ גרויסע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט פון צוגרייטן אַן אַקאַדעמישן יידישן ווערטער־בוך און שפּראַך־אַטלאַס. אָבער שוין אין יאָר 1932 האָט זיך באַוויזן אַ שאַרפע קריטיק אויף די ביידע טעטיקייטן. מען האָט זיי כאַראַקטעריזירט ווי קאָנטער־רעוואָלו־ציאָנערן נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטיזם, ווי יידישיזם א. א. וו. און מען האָט די אַרבעט אָפּגעשטעלט. מען האָט דורכגעפירט אַ גרויסע צוגרייטונגס־אַרבעט, כּדי אַרויס־געבן אַ יידישן ליטעראַרישן לעקסיקאָן און מען האָט די אַרבעט אָפּגעשטעלט. מען האָט אָפּגעשטעלט די אַרבעט פון פאָרשן דעם יידישן פאָלקלאָר. מען האָט שוין אין יאָר 1930 ראַדיקאַל געענדערט די ריכטונג פון דער היסטאָרישער פאָר־שונגס־אַרבעט. מען האָט זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט די אַזוי גערופענע אַק־טועלע פּראָבלעמען פון דער נייער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע. מען האָט, למשל, אַרויסגעלאָזן אַ בוך „פאַשיזירטער יידישיזם און זײַן וויסנשאַפט", וועלכער האָט אַנטהאַלטן אַ שאַרפע קריטיק אויף דער יידישער וויסנשאַפט אין דער וועלט; מען האָט פּובליקירט אַ בוך „די יידישע בורזשואַזיע אין יאָר 1905"; מען האָט געשריבן אַרבעטן וועגן דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער ראָל פון דער יידישער בורזשואַזיע אין דער רעוואָלוציע פון יאָר 1917, אָדער וועגן דער ראָל פון דער יידישער נעפּמאַנישער בורזשואַזיע אין ווײַסרוסלאַנד אאַז"וו. איר פאַרשטייט, אַנשטאָט פאָרשונג פון דער יידישע געשיכטע, גייט מען שוין גוטע עטלעכע יאָר מיט דעם וועג פון אויסמײַדן די דאָזיקע פאָרשונג און פאַרקערט, מען פאַבּרי־צירט פאַלשע היסטאָרישע דאָקומענטן... עס איז שוין דערגאַנגען צו דעם אַז דער אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור האָט שוין אויפגעהערט צו עקזיסטירן. נאָר ווי באַלד עס איז נאָך ניטאָ דערווײַל קיין אָפיציעלע פאַראָרדענונג פון צ"ק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צו ליקווידירן דעם אינסטיטוט, דאַרף מען זיך דאָך מיט עפּעס פאַרנעמען, איז אין דעם פּלאַן פון דער שפּראַך־סעקציע פון

אינסטיטוט, למשל, פאַראַן אַזעלכע טעמעס ווי קריטיק פון רעכטן אָפּאָרטוניזם, קאַמף קעגן רעליגיע, קריטיק פון נאַציאָנאַלע וועלט־אַנשויונגען אאַז״וו. און חוץ דעם אַלעם, וואָס איך האָב איך דערציילט, האָט מען פּשוט אָנגעהויבן באַזייטיקן פון דער אַרבעט אָנגעזעענע געלערנטע פון אינסטיטוט, וועלכע „פאַרשטייען ניט די אַקטועלע פּראָבלעמען פון אינסטיטוט״. איך בין זיכער, אַז דער פּעריאָד פון גסיסה פון אינסטיטוט וועט זיך אין גיכן ענדיקן און ער וועט ווערן ליקווידירט.

— איך מיין אַז מען טאָר ניט פאַראַלגעמיינערן — האָב איך געזאָגט צו פינקלשטיינען — אפשר איז דער מצב אין אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור אַ ספּעציפישע דערשיינונג, וועלכע כאַראַקטעריזירט ניט דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור אין ראַטן־פאַרבאַנד.

— ניין. צום גרויסן באַדויערן זע איך אין דעם אַ טראַגישן סימפּטאָם לגבי דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פּראָבלעמען. און טראַגישער פון אַלץ איז דאָס וואָס עס זיינען שוין פאַראַן אַ סך נייע סימפּטאָמען פון באַגרענעצן די אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור בכלל. עס זיינען דאָ שוין באַגרענעצונגען אין דעם יידישן שול־וועזן, אין דער פאַרלאַג־אַרבעט, אין דער ביבליאָטעק־אַרבעט. איך האָב מורא אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּעריאָד פון בהדרגהדיקער ליקווידאַציע פון דער יידישער קולטור אין לאַנד...

פינקלשטיין האָט אָפּגעהאַקט, אויפגעשטאַנען פון מיין בעטל און אָנגעהויבן גיך שפּאַנען הין און צוריק אין קאַמער. דערנאָך איז ער ווידער צוגעגאַנגען צו מיר און געזאָגט:

— איר ווייסט, איך האָב זיך צעבאַלבעט און איבערגעכאַפּט די מאָס. עס קען זיין אַז ביי מיר האָבן זיך אַרויסגערופן ניט דורכגעטראַכטע ווערטער. לאָמיר פאַרגעסן וועגן דעם. מיר וועלן רעדן וועגן פריילעכע ענינים.

— אויב איר פאַרלאַנגט, האָב איך שוין פאַרגעסן אַלץ וואָס מיר האָבן גע־רעדט. אָבער זייט רויִק, אין דעם זין קענט איר האָבן צוטרוי צו אַ ציוניסט. גוט, מיר וועלן רעדן וועגן פריילעכע זאַכן. מיר קומט אַ מזל טוב.

— מזל טוב! פון גאַנצן האַרצן זאָג איך אייך מזל טוב! דערציילט זשע וואָס איז אייער שׂמחה?

איך האָב דערציילט פינקלשטיינען וועגן מאַשען און וועגן דעם געבוירן ווערן פון מיין זון, אויך וועגן דעם ווי אַזוי איך האָב זיי געזען דורך די קראַ־טעס, ווי אויך דאָס אַז איך ווייס גאָרניט וועגן זייער ווייטערדיקן גורל...

— און מען האָט אייך ניט געגעבן קיין באַגעגעניש כאָטש אויף אַ האַלבער שעה?

— ניין, מיין פאַרשער, מעלצער, דערלויבט מיר ניט קיין באַגעגענישן מיט די קרובים און אויך ניט קיין שפּייז־פּעקלעך.

— שרעקלעך. עפּעס אַ מאָדנע גרויליקע צייט. עס איז שווער צו פאַרשטיין וואָס עס קומט פאָר?

— לאָמיר ניט רעדן וועגן דער גרויליקער צייט. דאָס איז באַשטימט איבער־ריק. איך פאַרשטיי, אַז אייער געפינען זיך אין דעם „אָפּרו־הויז" איז פאַרבונדן מיט דעם אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור?

— יאָ, באַשטימט. איך האָב אָפּט גערעדט וועגן דער לאַגע אין אינסטיטוט מיט דעם פריערדיקן דירעקטאָר — אַשעראָוויטשן און אויך מיט דעם איצטיקן דירעקטאָר — אַגורסקין. איך האָב אַלעמאָל באַקומען פון זיי אַן ענטפער אַז ניט די פּראָפעסאָרן, אָדער וויסנשאַפטלעכע אַרבעטער וועלן באַשטימען די ליניע פון אינסטיטוט. די פּאַרטיי באַשטימט. דער אינסטיטוט אַרבעט לויט די אָנווייזונגען פון צ. ק. פון פּאַרטיי. מילא, האָט זיך עס געשלעפּט. מיט 4 חדשים צוריק איז געווען אַן אַלגעמיינע פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג פון אינסטיטוט אויף וועלכער ס'איז געווען אַן אינסטרוקטאָר פון ראַיקאָם. מען האָט באַהאַנדלט דעם באַריכט פון דירעקטאָר וועגן דער אַרבעט פון אינסטיטוט אין יאָר 1934. איך בין אַרויס־געטראָטן מיט אַן אומרו און זאָרג פאַר דעם קיום פון אינסטיטוט און דער עיקר, מיט אַן אומרו און זאָרג פאַר דער יידישער קולטור אין ראַטן־פאַרבאַנד.

— און איר האָט גערעדט אַזוי ווי איר האָט מיר דערציילט?

— נאָך אַ סך שאַרפער. איך האָב מיינע רייד אילוסטרירט מיט א סך פאַקטן. איך האָב זיך פאַרגעסן אויף וואָסער וועלט איך בין און אַרויסגערעדט אַלץ וואָס האָט זיך אָנגעקליבן ביי מיר פאַר עטלעכע יאָר. איר שטעלט זיך ניט פאָר וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען. אַלע האָבן שטאַרק געטאַדלט מיין אַרויסטרעטונג ווי אַן אַנטיפּאַרטייִשע. מיט אַ שאַרפער רעדע איז אַרויסגעטראָטן דער פאַרוואַלטער פון דער עקאָנאָמיש־דעמאָגראַפישער סעקציע ראָזענהויז...

— זיין נאָמען איז ליימע? ליימע ראָזענהויז?

— יאָ. ליימע ראָזענהויז. איר קענט אים?

— ניין, פּערזענלעך קען איך אים ניט. דאָס הייסט, איך האָב אים געזען און געהערט אויף פאַרזאַמלונגען און מיטינגען. נאָר איך ווייס אַז ער איז געווען אַ פּועלי־ציוניסט און אַז אויף דער קאָנפערענץ פון פועלי־ציון אין 1919טן יאָר, וואָס איז פאָרגעקומען ביי אונדז דאָ אין מינסק, איז ער געווען בראש פון דער אַזוי גערופענער קאָמוניסטישער פראַקציע און דערנאָך, אין 1920, אָדער אין יאָר 1921, איז ער אַריין אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

— יאָ, ליימע ראָזענהויז. און דווקא ער האָט געבויט זיין גאַנצע פּראָקוראָ־רישע רעדע אויף מיין בונדישן עבר און האָט געענדיקט מיט דעם אַז מען מוז אויסרייסן מיטן וואָרצל די שעדיקערישע בונדישע, ציוניסטישע און אַנדערע נאַ־ציאָנאַליסטישע איינפלוסן אין אונדזער אינסטיטוט...

— און מען האָט אייך אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי?

— יאָ, אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג האָט מען מיך אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי. אין עטלעכע טעג אַרום האָט עס דער ראַיקאָם באַשטעטיקט און אין אַ וואָך אַרום האָט מען מיך אַרעסטירט.

—ווו זייט איר געזעסן? אין קעלער, צי אין דער אַמעריקאַנקע?

— אין דער אַמעריקאַנקע.

— אייער סליעדאָוואַטעל איז געווען מעלצער? מיינער איז געווען מעלצער. מיר דוכט אַז ער איז ביי זיי דער ספּעציאַליסט פון יידישע ענינים.

— ניין, ניט מעלצער. מיינער איז געווען אַ יונגער שייגעץ, אַן אוקראַאינער, ניקיטענקאָ. ער האָט מיר די גאַנצע צייט דערמאָנט, אַז לענין און סטאַלין האָבן אַנטשיידן געקעמפט מיטן בונד און דעריבער איז ניט נויטיק אַפילו באַזונדערע באַווייזן אַז איך בין אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער. אָבער וועגן דער אַזוי גערופענער „פריערדיקער אויספאָרשונג” ווילט זיך מיר ניט רעדן. און עס איז ניט נויטיק. וואָס איז די נפקא מינה ווי אַזוי און וואָס? איך האָב סוף־כל־סוף אַלץ אונטער־געשריבן. עס איז טראַגיש און נאַריש. אָבער אַזוי איז עס.

— איך פאַרשטיי אייך. מען דאַרף טאַקע ניט רעדן וועגן דעם.

— מיר האָבן זיך היינט אָנגערעדט. הלוואי זאָל זיך איינגעבן צו שלאָפן די גאַנצע נאַכט. אַ גוטע נאַכט, אהרון.

— אַ גוטע נאַכט, יחזקאל.

און איך בין די נאַכט ווידער שלעכט געשלאָפן. איך ווייס ניט פאַר וואָס. אַ סך מענטשן ביי אונדז אין קאַמער שלאָפן אויסגעצייכנט און ביי מיר גייען דורך די נעכט אַזוי, ווי זיי וואָלטן געווען אַנסופיקע. זיי שלעפן זיך און שלעפן זיך אין אַ פינצטערער, שטילער פּוסטקייט. דער ענין מיט יחזקאלן האָט מיך באַזונדערס ניט אויפגעטרייסלט. אַ געוויינלעכע דערשיינונג. איך האָב אָבער דער־פילט עפּעס אַ באַזונדערע נאָענטקייט צו דעם מענטשן און איך בין געווען צו־פרידן וואָס דער גורל האָט אונדז צוזאַמענגעפירט. אין טורמע האָט עס אַ באַזונ־דערע באַדייטונג. איך האָב געפילט אינטואיטיוו אַז ביי אים האָבן זיך אָנגעהויבן צווייפלען אין זיין לאַנג־יאָריקן בונדישן „אני מאמין” און ס׳וועט זיין אינטערע־סאַנט צו רעדן מיט אים וועגן דעם. ליימע ראָזענהויז איז געקראָכן פון הויט צו באַווייזן זיין כשרות. איך האָב זיך דערמאָנט וועגן יונה ווערבאַ. פּונקט די זעלבע דערשיינונג. איך בין געווען זיכער אַז ליימע ראָזענהויז וועט האָבן דעם זעלבן סוף, וואָס יונה ווערבאַ. עס וועלן ניט העלפן די פּראָקוראָרישע רעדעס און די באָלשעוויסטישע וואַכזאַמקייט. איך בין געווען זיכער אַז ליימע ראָזענהויז וועט איינגיכן זיין אין דער זעלבער לאַגע ווי איך און יחזקאל, אָדער אין אַ סך אַן ערגערער לאַגע. נאָר דאָך האָט יחזקאלס דערציילונג איבערגעלאָזט אַ ביטערן טעם. ליימע ראָזענהויז, אַן אָנגעזעענע פיגור אין דער פּועלי־ציוניסטישער באַ־וועגונג, אַן אינטעלעקטואַל, אַזוי צו זאָגן, אַ „קעמפער פאַר אידייען”... ער האָט

דורכגעמאַכט אַ זייער גיכן גלגול פון ציוניזם צו קאָמוניזם. נו, מילא! אין יענער ווילדער תקופה איז עס געשען ביי אַ סך מענטשן. אָבער אַז ער זאָל פאַלן אַזוי נידעריק און באַגראָבן אַ מענטשן, אַן אומשולדיקן, ערלעכן מענטשן, נאָר דער־פאַר ווייל דערמיט וועט ער אפשר ראַטעווען זיין אייגענע פעל? אַז אָך און ווי צו ליימע ראָזענהויז און צו דער גאַנצער געזעלשאַפט, אין וועלכער עס איז אומ־פאַרמיידלעך אַז ס'זאָלן געשאַפן ווערן אַזעלכע „גבורה־מעשׂים" פון אַזעלכע פיל־צאָליקע ליימעס...

איך בין ממשיך מיין חשבון־הנפש. איך בין אָפּגעפאָרן קיין לענינגראַד און עס האָט זיך אָנגעהויבן די תקופה פון מיין אונטערערדישער פּועלי־ציוניסטישער טעטיקייט. זי האָט געדויערט 7 יאָר. איין יאָר אין לענינגראַד, 4 יאָר אין כאַר־קאָוו און צוויי יאָר אין מינסק. אונטערערדישע אַרבעט? דעם אמת זאָגנדיק, איז עס פאַרמולירט פּאַטעטיש. עס זיינען ניט געווען קיין שום אונטערערדישע אַקציעס קעגן דעם רעזשים, עס איז ניט געווען קיין „סאַמאַאיזדאַט" און מען האָט ניט אַרויסגעלאָזן קיין אונטערערדישע ליטעראַטור; מען האָט אַפילו קיין איין מאָל ניט אַרויסגעלאָזן כאָטש אַ פלוג־בלעטל; די „יידישע מאַסן", וועגן וועלכע מיר האָבן גערעדט צווישן זיך, האָבן ניט געוווּסט פון אונדזער עקזיס־טענץ; מיר האָבן פאַר די 7 יאָר ניט געפּרוּווט אפילו צו פאַרבירן אין אונדזערע רייען כאָטש איין נייעם מיטגליד... וואָס זשע האָבן מיר געטאָן? אין וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אונדזער „אונטערערדישע" טעטיקייט? איך וואָלט עס אָנגע־רופן מיט צוויי ווערטער: ציוניסטישע זעלבסטבילדונג...

אין באַשטאַנד פון אונדזערע, אַזוי גערופענע, אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען 6־8־10 מאַן (אַלנפאַלס, אַזוי איז מיר באַוווּסט לויט די אָרגאַני־זאַציעס אין לענינגראַד, כאַרקאָוו און מינסק אין וועלכע איך בין געווען טעטיק. מיר פערזענלעך, זיינען אויך באַוווּסט „אָרגאַניזאַציעס", אין וועלכע עס זיינען געווען נאָר 3־4 מאַן — אין די שטעט סטאַלינאָ, לוגאַנסק, אַרטיאָמאָווסק — וועלכע איך האָב באַזוכט אַלס שליח פון כאַרקאָוו). די קליינע גרופּעס חברים פלעגן זיך צונויפקלייבן 1־2 מאָל אין חודש און זיך פאַרנעמען מיט פאַרשיידענע שמועסן און וויכּוחים וועלכע זיינען, אַליין און פאַר זיך, געווען זייער אינטע־רעסאַנטע און נוצלעכע. זיי האָבן געהאַט צוויי עיקרדיקע ריכטונגען: ציוניסטי־שער געדאַנק און אַנאַליז פון די פּראָצעסן וועלכע קומען פאָר אין לעבן פון יידישן פאָלק אין ראַטן־פאַרבאַנד. מיר האָבן געזאַמלט און אַנאַליזירט אַלע מעג־לעכע סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן וועגן בּיראָבּידזשאַן, ערדאייינאָרדענונג, קולטור־בויונג א. א. וו. דאָס איז געווען אַ פּרוכטבאַרע אַרבעט. עס האָט געהאָלפן שלייפן

און סטאַביליזירן אונדזער ציוניסטישע אידעאָלאָגיע און זיך לגמרי אויסניכטערן פון דער פּראָזעאָלאָגיע וועלכע איז אַנטשטאַנען און האָט זיך אַנטוויקלט אַלס פּראָדוקט פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און דעם נייעם רעזשים אין רוסלאַנד.

מען דאַרף אויך זאָגן דעם אמת אַז אונדזערע טרעפונגען זיינען ניט געווען קיין בטלנישע. עס האָט זיך געפאָדערט אַ סך צייט און אָנשטרענגונג כּדי זיך צוגרייטן צו אונדזערע שמועסן. קריגן מאַטעריאַל וועגן דער נויטיקער טעמע איז ניט געווען אַזוי פּשוט. אין ראַטן־פאַרבאַנד קען מען ניט אַריין אין אַ ביבליאָטעק און אויפזוכן דעם נויטיקן מאַטעריאַל. עס איז אויסגעשלאָסן, למשל, צו געפינען וועלכע ניט איז ציוניסטישע ליטעראַטור. איך דערמאָן זיך אַזאַ עפּיזאָד: איך האָב באַקומען אַן אויפגאַבע צוצוגרייטן אַ פאָרטראַג געווידמעט דעם 15טן יאָר־טאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. איך האָב געקלערט וועגן דעם ווי צו בויען דעם פאָרטראַג און האָב באַשטימט אים אָנצורופן: „15טער יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע״; ס׳איז, פאַרשטייט זיך, ניטאָ קיין שום געמיינזאַמס צווישן די צוויי היסטאָרישע געשעענישן, חוץ דעם עלעמענט פון צייט. די באַלפור־דעקלאַראַציע איז דערשינען דעם 2טן נאָ־וועמבער 1917 און די אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז פאָרגעקומען דעם 7טן נאָוועמ־בער 1917. צו מיין רעפעראַט האָב איך געוואָלט האָבן דעם פּינקטלעכן טעקסט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. דאָס איז געווען אין יאָר 1932 אין כאַרקאָוו. איך בין שוין געווען אַ סטודענט פון דעם דריטן קורס פון כאַרקאָווער איגזשי־נער־עקאָנאָמישן אינסטיטוט. כאַרקאָוו איז זייער אַ גרויסע שטאָט, מיט אַ סך גרויסע ביבליאָטעקן, מיט וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישע צענטערן, מיט היסטאָ־רישע אַרכיוון, אין וועלכע עס זיינען זיכער פאַראַן די ציימונגען און זשורנאַלן פון גאַנץ רוסלאַנד. אָבער קיין צוטריט צו זיי קען מען ניט קריגן. אונדזערע חברים האָבן געזוכט פאַרשיידענע פּראָטעקציעס און עס האָט זיך ניט איינגעגעבן. סוף־כּל־סוף איז מיר אַרויף דער געדאַנק אַז מיין עלטערער ברודער הירשל האָט אַ פריינד וועלכער אַרבעט אין מינסקער אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור. איך האָב אָנגעשריבן אַ בריוו צו הירשלען און אין אַ צייט אַרום האָב איך באַקומען אין הירשלס אַ בריוו די עטלעכע שורות פון דער באַלפור־דעקלאַ־ראַציע. הירשלס פריינד האָט עס איבערגעשריבן פון דער טעגלעכער ציימונג „דער ייד״ וואָס איז דערשינען אין מינסק אין די יאָרן 1917—1918, אַלס אָרגאַן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ווייסרוסלאַנד און האָט זיך געפונען אין אַרכיוו פון אינסטיטוט...

אַגב, איך דערמאָן זיך אַז אין יאָר 1927 ווען איך האָב געלעבט אין מאָסקווע, האָב איך אין אונדזער יוגנט־פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט דאַן געאַרבעט אין לעגאַלע באַדינגונגען, געערעדט וועגן דעם אַז ס׳איז נויטיק אָפּצומערקן דעם 10טן יאָרטאָג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. מען דאַרף בעטן אַ מיטגליד פון

צענטראַל־קאָמיטעט אַז ער זאָל אונדז לייענען אַ פּאָרטראַג וועגן דער היסטאָ־רישער באַדייטונג פֿאַרן יידישן פֿאָלק. איך האָב דאַן געקראָגן אַן ענטפֿער, אַז די באַלפֿור־דעקלאַראַציע איז אַ דיפּלאָמאַטישער קונץ פֿון ענגלישן אימפּעריאַליזם און האָט קיין שום באַדייטונג פֿאַרן יידישן אַרבעטער־קלאַס...

דאָס מאָל, אין יאָר 1932, אין אומלעגאַלע באַדינגונגען, האָט מיין פּאָרטראַג אַרויסגערופֿן אַ הייסן וויכּוח. ניט אַלע האָבן מסכּים געווען מיט מיין מיינונג אַז די באַלפֿור־דעקלאַראַציע באַדייט אַז דאָס יידישע פֿאָלק איז געוואָרן אין דער וועלט אַ פּאָליטישער פֿאַקטאָר מיט וועלכן מען דאַרף זיך רעכענען; אַז אין צווישנפֿעלקערלעכע באַציִונגען נעמט מען שוין אין אַכט דאָס יידישע פֿאָלק; אַז אַזאַ גרויסמאַכט ווי ענגלאַנד אָנערקענט די עקזיסטענץ פֿון יידישן פֿאָלק און איז זיך מתחייב צו העלפֿן אויפֿשטעלן אַ נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישׂראל און דאָס אַליין איז אַ היסטאָרישע געשעעניש פֿון גרויס וויכטיקייט, און דעריבער האָב איך געמאַכט דעם אויספֿיר אַז די באַלפֿור־דעקלאַראַציע האָט פֿאַר דעם יידישן פֿאָלק אַ היסטאָרישע נאַציאָנאַלע באַדייטונג וואָס האָט ניט און ס׳קען ניט האָבן די אָקטאָבער־רעוואָלוציע. עס זיינען געווען וויכּוחים וועגן דער אָפּשאַצונג פֿון דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע און פֿון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, נאָר וויכטיק איז דאָס, וואָס קיין איין חבר האָט ניט געוואַגט צו רעדן אַזוי ווי די מערהייט האָט גערעדט אין 1927סטן יאָר, ד. ה. אין די באַדינגונגען פֿון לעגאַלער עקזיסטענץ.

איך דערמאָן זיך נאָך איין אינטערעסאַנטן וויכּוח. איך האָב צוגעגרייט אַ פּאָרטראַג אויף דער טעמע „קאַרל מאַרקס און די יידן־פֿראַגע". דער פּאָרטראַג איז געווען געבויט אויף דעם אַנאַליז פֿון מאַרקס מאמר „צו דער יידן־פֿראַגע", וועלכן ער האָט פּובליקירט אין אָנהויב פֿון די פֿערציקער יאָרן פֿון ניינצנטן יאָרהונדערט. ווי באַוווּסט, האָט מאַרקס געפֿילט אַ האַס צום יידישן פֿאָלק. ניט אומזיסט זאָגט אַ יידיש גלייכוואָרט „אַ משומד איז ערגער פֿון אַ גוי". און דער קומענדיקער אידעאָלאָג פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, דער שעפֿער פֿון דער נייער, גרויסער לערע וואָס הייסט: מאַרקסיזם, האָט אָנגעשריבן אַ נידערטרעכ־טיקן פּאַסקוויל אויף דעם יידישן פֿאָלק. ער שרייבט דאָרט אַז דער פּראַקטישער יסוד פֿון יידנטום איז עגאָיִזם; אַז דער קולט פֿון יידן איז געשעפֿטמאַכעריי; אַז דער גאָט פֿון יידן איז געלט. אַ וועקסל — איז דער רעאַלער גאָט ביי יידן; די סכּנה פֿאַר דער געזעלשאַפֿט באַשטייט אין דעם וואָס דער יידישער גאָט איז גע־וואָרן דער וועלט־גאָט. די אויסגעטראַכטע יידישע נאַציאָנאַליטעט — איז די נאַציאָנאַליטעט פֿון סוחרים און געלטמענטשן. און וויבאַלד די עמאַנציפּאַציע פֿאַר דער עפּאָכע באַשטייט אין עמאַנציפּאַציע פֿון געשעפֿטמאַכעריי און געלט, איז די וויכטיקע אויפֿגאַבע פֿון דער געזעלשאַפֿט עמאַנציפּירן זיך פֿונעם פּראַקטישן, רע־אַלן יידנטום. אין אַזאַ געזעלשאַפֿטלעכער אָרדנונג, ווו קיין געשעפֿטמאַכעריי וועט נישט מעגלעך זיין, וואָלטן אויך יידן נישט מעגלעך געווען. דער אויספֿיר איז

אַ קלאָרער: געזעלשאַפטלעך עמאַנציפּירן יידן — דאָס הייסט עמאַנציפּירן די געזעלשאַפט פון יידן...

אייניקע חברים האָבן געטענהט, אַז דאָס זיינען געווען די יוגנט־זינד פון מאַרקסן ווען ער איז נאָך געווען אין געפאַנגעניש פון דער לינק־העגעליאַנישער וועלט־אַנשויונג און דאָס איז ניט די מיינונג פון מאַרקסן — דעם שעפער פון דער טעאָריע פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. אָבער מאַרקס האָט קיינמאָל ניט חרטה געהאַט אויף די „יוגנט־זינד" זיינע און קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט זיך פון זיין ווילדן אַנטיסעמיטיזם וועלכן ער האָט עפנטלעך אויסגעדריקט אין עלטער פון 25 יאָר...

איך דערצייל וועגן דער דיסקוסיע אונדזערער אין דער פועלי־ציוניסטישער גרופּע אין כאַרקאָוו, כּדי צו באַווייזן, אַז מען האָט זיך אויסגעניכטערט פון דער בלינדער „רעוואָלוציאָנערער" פּראַזעאָלאָגיע וועלכע האָט געהערשט אין פּעריאָד פון דער לעגאַלער עקזיסטענץ. דעמאָלט האָט מען זיך געקענט פאַרשטעלן אַ וואָס מער עס איז קריטישן צוגאַנג צו דעם „גאָט" אַליין — צו מאַרקסן? אַזוי ווי דער בעל־שם־טוב איז געווען ביי חסידים און דער ווילנער גאון ביי מתנגדים, אַזוי איז מאַרקס געווען ביי אונדז...

אונדזערע אונטערערדישע באַגעגענישן, מיטן אויסהערן פאַרשיידענע אָפּהאַנ־דלונגען און דורכגעפירטע וויכּוחים, האָבן געהאָלפן שאַפן אַ קריטישן, אַנאַליטישן צוגאַנג צו געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען, וואָס איז געווען באַזונדער וויכטיק אין דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט אין וועלכער עס האָט געהערשט די אַטמאָ־ספער פון אומקריטישן אויפנעמען די דאָקטרינעס פון דער קאָמוניסטישער פּאַר־טיי ; אַ ווירקלעכקייט אין וועלכער מען טאָר נישט טראַכטן...

און אַזוי זיינען דורך ביי אונדז יאָרן. מיר האָבן געהיט די קליינינקע פּאַר־טיי־קערנדלעך פאַר דער צוקונפט. פאַר וועלכער צוקונפט? ווען דאַרף זי אָנ־קומען אָט די צוקונפט? קיינער האָט ניט געקענט געבן קיין ענטפער. איך וואָלט אַפילו געזאָגט אַז קיינער האָט ניט געזוכט דעם ענטפער. אונדז האָט מסתּמא באַ־וויגן די אינערציע. און ניט געקוקט אויף אַ באַשטימטער סכּנה, און אפשר טאַקע צוליב דער סכּנה, האָבן מיר פאָרגעזעצט אונדזער אַזוי גערופענע אונטער־ערדישע אַרבעט. אויפהערן? ניין — דאָס וועט הייסן קאַפּיטולאַציע און פּחד און מיר האָבן בשום־אופן ניט געקענט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק פון קאַפּי־טולאַציע און פּחד...

אָבער דער אמת איז אַז מיר האָבן זיך געפונען אין צושטאַנד פון גסיסה. די אַרבעט האָט פאַרלוירן איר אימפּולס, איר נויטיקן מהות און איז אייגנטלעך געוואָרן אויסגעוועפּט. דערנאָך איז געקומען די נקוו״ד, געגעבן דעם לעצטן קלאַפּ און אויס... אין די יאָרן 1935—1937 איז ענדגילטיק ליקווידירט געוואָרן די אָר־גאַניזירטע ציוניסטישע באַוועגונג אין ראַטן־פאַרבאַנד. און וואָס שייך דער יידישער

קאָמוניסטישער אַרבעטער פּאַרטיי „פּועלי־ציון" אין ראַטן־פאַרבאַנד, מיין איך, אַז דער אָביעקטיווער אַנאַליז פון פּראָגראַם און טאַקטישן וועג פון דער פּאַרטיי אין משך פון 9 יאָר (1919—1928) באַווייזט, אַז אַלס אייגנאַרטיקע ציוניסטישע שטרע־מונג אין דער אַלגעמיינער ציוניסטישע באַוועגונג, איז די פּאַרטיי געשטאָרבן אין דעם זעלבן מאָמענט ווען זי איז געבוירן געוואָרן — אין יאַנואַר 1919, אויף דער צווייטער אַלרוסישער אויסעראָרדנטלעכער קאָנפערענץ פון פּועלי־ציון, וועלכע איז פאָרגעקומען אין מינסק — ווייל דעם אמתן ציוניסטישן אינהאַלט האָט מען שוין אין מאָמענט פון דער גרינדונג פאַרביטן אויף אַן אילוזאָרישן, אַבסטראַקטן „פּאַלעסטיניזים, אַלס איינער פון די מאַסמיטלען פון לייזן דאָס יידן־פּראָבלעם"... האָט טאַקע די פּאַרטיי געלעבט די 9 יאָר פון איר לעגאַלער עק־זיסטענץ אין ראַטן־פאַרבאַנד מיט אַן אילוזאָרישן פּאַלעסטיניזם, מיט דער שטרע־בונג צוצופּאַסן זיך מיט אַלע כוחות צו דעם סאָוועטישן רעזשים, מיט דעם חלום אויפגענומען צו ווערן אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און מיט דער האָפע־נונג, אַז דאָס וועט ברענגען די ישועה דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט... אַזאַ קאָנ־צעפּציע האָט אָבער גאָרניט קיין געמיינזאַמס מיטן ציוניזם...

און אונדזערע גרופּעס וועלכע האָבן נאָך דער ליקווידאַציע פון דער לעגאַ־לער עקזיסטענץ פון דער פּאַרטיי פאָרגעזעצט די אַרבעט אין אונטערערדישע באַ־דינגונגען, האָבן אייגנטלעך מיט זיך פאָרגעשטעלט עפּעס שוין גאָר אַנדערש פון יענער קאָמוניסטישער פּועלי־ציון...

איך שטעל זיך אַליין די פראַגע: וואָס איז דער סך־הכל פון דיין חשבון־הנפש? ביסטו געגאַנגען מיט אַ ריכטיקן וועג? האָסטו אפשר חרטה? איך ענט־פער זיך אַליין: קיין חרטה האָב איך ניט. פון קינדווייז בין איך אַ ציוניסט און בין געבליבן אַ ציוניסט. אין עלטער פון 13 יאָר בין איך אַריין אין אַ ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע און איך גרויס זיך דערמיט. צי דער וועג איז געווען אַ ריכ־טיקער? מסתמא ניין. ווען איך וואָלט אין יאָר 1925 געהאַט דאָס וויסן און דעם באַוווסטזיי̆ן וועלכן איך האָב איצט, אין יאָר 1935, וואָלט איך אין יוגנט־פּועלי־ציון, און דערנאָך אין קאָמוניסטישן פּועלי־ציון, ניט אַריינגעטראָטן. אָבער וויכ־טיק איז, וואָס איך האָב געגלייבט אַז איך גיי אויף אַ ריכטיקן ציוניסטישן וועג. דער רצון איז געווען אַ גוטער. נו, און ווייטער? דערווייל בין איך ביי „זיי" אין די לאַפּעס. ווי לאַנג וועלן זיי מיך האַלטן? 3, 5, 10 יאָר? אָבער אויב איך וועל זיך ווען ניט איז אַרויסרייסן פון זייערע לאַפּעס, וועט דער איינציקער ציל אין מיין לעבן זיין — אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישראל. דאָס העברעיִשע גלייכוואָרט זאָגט: *מה שיעשה הזמן — לא יעשה השכל*... וועל איך וואַרטן אויף דער צייט.

מיט דער האָפענונג אַז איך וועל סוף־סוף לעבן אין ארץ־ישראל וועט גרינגער זיין איבערצוטראָגן דאָס אַלץ וואָס שטייט מיר פאָר אין דער צוקונפט. איך ווייס אַז עס וועט זייער שווער זיין צו דערקלעטערן צו דעם ציל, אָבער עוד לא אָבדה תקוותנו...

# 7
# ווידוי פון מיין פריינד יחזקאל

יחזקאל האָט זיך געפילט שלעכט, ער האָט שטאַרק געהוסט און שוין עטלעכע מאָל האָט ער געשפּיגן מיט בלוט. שוין עטלעכע יאָר, ווי די לונגען זיינען ביי אים ניט אין אָרדענונג און דאָ אין תּפיסה האָט זיך די קרענק מסתּמא פאַרער־גערט. די מערסטע צייט איז יחזקאל געווען פאַרטאָן אין זיך, אַ פאַרטראַכטער און פאַרזאָרגטער. איך האָב געפילט, אַז ער פירט אַן אינערלעכן קאַמף מיט זיך אַליין. ער פלעגט גאַנצע טעג ליגן אויף זיין בעטל, און פּלוצלינג אַראָפּגיין און נעמען שפּאַנען אַהין און צוריק איבער דער קאַמער... אָבער כּמעט יעדן אָוונט, נאָך דער „פּראָווערקע" פון די אַרעסטאַנטן, ווען אין קאַמער הערשט שוין אַ באַזונדערס דריקנדיקע שטילקייט און מען פילט שאַרפער די איינזאַמקייט און אָפּגעריסנקייט פון דער לעבעדיקער וועלט, פלעגן מירביידע שטילערהייט זיך זעצן אויף אַ בעטל, אָדער אַרומשפּאַנען איבער דער קאַמער און שעפּטשענדיק רעדן צווישן זיך פון האַרץ צו האַרץ. מיר האָבן זיך שטאַרק צוגעבונדן איינער צום אַנדערן און עס האָט געהערשט ביי אונדז אַן אמתע פריינדשאַפט וואָס האָט געשאַפן צווישן אונדז אַן אַטמאָספער פון אומבאַגרענעצטן צוטרוי פון איינעם צום צווייטן — אַ זאַך וואָס איז אַ זעלטנקייט אין די סאָוועטישע טורמעס און לאַגערן.

— דו ווייסט, אַהרון, האָט מיר איין מאָל יחזקאל געזאָגט — איך גיי פּשוט פון זינען אַראָפּ. איך קען ניט פאַרשטיין וואָס עס קומט פאָר. איך רעד ניט וועגן דעם וואָס מען האָט מיך אַרעסטירט, אָדער מען האָט אַרעסטירט אַ סך אַנדערע אומשולדיקע מענטשן, כאָטש דאָס איז אויך אַ פראַגע אויף וועלכער מען דאַרף זוכן אַן ענטפער. איך רעד וועגן גרונט־פּרינציפּן. מיר דאַכט זיך, אַז די גאַנצע געביידע וואָס איך האָב אויסגעבויט מיט מיין באַוווסטזיין און גלויבן, וואָס איך האָב געווינט אין איר 29 יאָר — 15 יאָר אין בונד און 14 יאָר אין דער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי — אָט דער גאַנצער בנין האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען און איך פיל אַז ער פאַלט, ווייל דער יסוד זיינער איז פאַרפוילט. דאָס איז פּשוט שרעקלעך.

— וואָס הייסט די געביידע וואַקלט זיך? דו ביסט כּופר בעיקר? דו גלייבסט ניט אין סאָציאַליזם?

— ניין! אין סאָציאַליזם גלייב איך און זייער שטאַרק. אָן צווייפל. איך צווייפל אָבער זייער שטאַרק צי דאָס וואָס עס טוט זיך ביי אונדז אין לאַנד פירט צום סאָציאַליזם?

— ביסט ניט מסכּים מיט די מעטאָדן מיט וועלכע מען בויט דעם סאָציאַ־ליזם?

— די פראַגע איז ניט נאָר אין די מעטאָדן, כאָטש זיי שטעלן מיט זיך פאָר — אַליין און פאַר זיך — אויך זייער אַ וויכטיקדיק פּראָבלעם. די פראַגע איז צי די ברוטאַל־פּסולע מעטאָדן פירן צו דעם נויטיקן ציל — צי מיר בויען טאַקע דעם סאָציאַליזם?

— דו ווילסט וויסן מיין מיינונג וועגן דעם?

— ניין, קודם־כּל ווילט זיך מיר פונאַנדערקלייבן מיט זיך אַליין. און די פראַגע איז ניט נאָר מיט דעם סאָציאַליזם ביי אונדז אין לאַנד. מיך לאָזט ניט רוען נאָך איין וויכטיקע פּראָבלעם — דאָס יידן־פּראָבלעם.

— דאָס פאַרשטיי איך שוין נישט — דו ביסט 15 יאָר געווען אין בונד און געקעמפט פאַר אַ יידישער קולטורעלער אויטאָנאָמיע. די פּרינציפּן פון דער אויטאָנאָמיע זיינען כּמעט פאַרווירקלעכט געוואָרן אין ראַטן־פאַרבאַנד, זאָל זיין ניט אין אַזאַ אָרגאַניזאַציאָנעלער ראַם ווי איר האָט געטראַכט. איז וואָס פאַר אַ יידן־פּראָבלעם לאָזט דיך ניט רוען?

— איך ווייס ניט. איך בין געוואָרן אַן אַפּיקורס. די בונדישע אידעאָלאָגיע האָט זיך ביי מיר אויך אויסגעוועפּט. פאַר די יאָרן וואָס איך האָב געאַרבעט אין עקאָנאָמישן אָפּטייל פון מינסקער אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו זען סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן וועלכע זיינען ניט גע־דרוקט געוואָרן. מיר פלעגן באַאַרבעטן די סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן און פּובלי־קירן נאָר אַזעלכע וועלכע האָבן באַשטעטיקט די פּאַרטיייִשע ליניע. איך האָב זיך אָבער איבערצייגט, אַז עס איז ניט אַזוי פּויגלדיק מיט דער פּראָדוקטיווי־זאַציע, מיט דער ערד־איינאָרדענונג, מיט ביראָבידזשאַן און אויך מיט אַלע קול־טורעלע מאָסמיטלען מיט וועלכע מיר באַרימען זיך אַזוי. דער פּראָפעסיאָנעלער צוזאַמענשטעל פון יידישן אַרבעטער־קלאַס האָט זיך ניט געביטן. די באַהויפּטונג פון אונדזער סטאַטיסטיק אַז שוין אין דער ערשטער תקופה פון סאָוועטישן רעזשים איז פאָרגעקומען אַ פּראָצעס פון ניוועלירונג פון דער אַזוי גערופענער ספּעציפישקייט אין דעם פּראָפעסיאָנעלן צוזאַמענשטעל, איז ניט קיין ריכטיקער. פאַרקערט, דער אָנטייל פון יידן אין די אַזוי גערופענע ספּעציפישע יידישע פּראָ־פעסיעס — שניידערס, שוסטערס א״אַ — איז געוואַקסן. כאַראַקטעריסטיש איז וואָס אויך די יידישע יוגנט שטראָמט דווקא אין די ספּעציפיש יידישע צווייגן

פון פּראָדוקציע. אין ווייסרוסלאַנד, למשל, באַטרעפט די יידישע אַרבעטער־יוגנט אין שניידער־פאַך 85% פון דער אַלגעמיינער צאָל אַרבעטער־יוגנט. אין שוסטער־פאַך — אַרום 80% און ביי די לעדער־אַרבעטערס — אַרום 90% פון דער אַל־געמיינער צאָל יוגנטלעכע אַרבעטערס. עד היום איז ניטאָ קיין יידישע יוגנט ביי דער אַרבעט אויף דער אייזנבאַן. זייער ווייניק יוגנטלעכע יידישע אַרבעטערס ווערן אָנגענומען אין די נייע גרויסע זאַוואָדן, וועלכע ווערן אויפגעשטעלט אין מינסק און ווייסרוסלאַנד בכלל. דער פּלאַן פון יידישער ערד־איינאָרדענונג איז דורכגעפאַלן.

זייט דעם אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן, נאָך דער אַקציע פון קאָלעקטי־וויזאַציע, פאַלן זיך פונאַנדער די יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע איינהייטן און ישובים. וועגן ביראָבידזשאַן איז דאָך זיכער ניטאָ וואָס צו רעדן — פון דאָרט לויפן יידן אַוועק מער, ווי סע קומען אַהין. און, חוץ לזה, איז דער אַנטיסעמי־טיזם פאַרבליבן ווי אַן ערנסטע דערשיינונג אין לאַנד. אונדזער טעאָריע אַז אַנטי־סעמיטיזם איז בלויז אַ פּראָדוקט פון צאַרישן רעזשים איז ניט קיין ריכטיקע. עס זיינען שוין אַדורך 18 יאָר נאָך דער גרויסער סאָציאַלער רעוואָלוציע און דער אַנטיסעמיטיזם לעבט. הייסט דאָס אַז די וואָרצלען פון אַנטיסעמיטיזם שטעקן ניט אין דעם צאַרישן רעזשים.

— צו וועלכע אויספירן ביסטו דערגאַנגען?

— איך ווייס ניט. איך האָב נאָך ניט קיין קלאָרן ענטפער. אָבער קלאָר איז מיר בלי שום ספק אַז מיינע פריערדיקע איבערצייגונגען זיינען געווען ניט קיין ריכטיקע. איך האָב אַ סך געטראַכט וועגן דעם וואָס עס זיינען די וואָרצלען פון אַנטיסעמיטיזם אין ראַטן־פאַרבאַנד וועלכער ווערט שטאַרקער און שטאַרקער? ווי אַזוי קען דאָס געמאָלט זיין אַז אין לאַנד פון סאָציאַליזם זאָל בליִען דער אַנטיסעמיטיזם. עס זיינען ניטאָ קיין פּאָגראָמען אָבער עס איז דאָ אַנטיסעמיטיזם. ס'איז דאָך אַ פאַקט. וואָס זיינען די סיבות?

— זייער אַן אינטערעסאַנטע פראַגע. וואָס זשע טראַכסטו וועגן דעם?

— איך האָב ניט לאַנג, מיט עטלעכע חדשים פאַר מיין אַרעסט, געגומען אין אונדזער אינסטיטוט־ביבליאָטעק, די בראָשור פון בער באָראָכאָוו „קלאַסן־אינטע־רעסן און די נאַציאָנאַלע פראַגע"...

איך האָב אים איבערגעריסן און געפרעגט:

— וואָס איז עפּעס אַרויף אויף דיין געדאַנק צו נעמען די בראָשור פון באָראָכאָוון?

— ווייל אין אונדזער בונדישן עקשנותדיקן קאַמף מיטן ציוניזם האָבן מיר ספּעציעל געקעמפט מיט דעם סאָציאַליסטישן פליגל פון ציוניזם — מיט דער פּועלי־ציוניסטישער באַוועגונג. און איך געדענק אַז איך האָב אַ מאָל געלייענט אָט די בראָשור פון באָראָכאָוון.

— נו, איז וואָס זשע האָסטו איצט געפונען אין דער בראָשור?

— דאָרט זיינען דאָ זייער אָריגינעלע און אינטערעסאַנטע געדאַנקען. באָראָ־כאָווס קאָנצעפּציע וועגן נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ גיט, דאַכט מיר, אַן ענטפער אויף אַ סך פראַגעס. באָראָכאָוו האַלט, אַז דער אינהאַלט פון נאַציאָנאַלע קאָנ־פליקטן איז די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ, וועלכע באַגרענעצט שטאַרק די מעגלעכ־קייט פון פערזענלעכער קאָנקורענץ. דער ייד, צום ביישפּיל, וואָלט געקענט פריי קאָנקורירן מיטן רוס, נאָר שטיצנדיק זיך אויף זיין כּוח ווי אַ מערהייט אין לאַנד, קען דער רוס פּאַראַליזירן די קאָנקורענץ פון יעדן איינצלנעם ייד. אין דער קאָנקורענץ וועלכע איז דער תּוך פון נאַציאָנאַלן קאָנפליקט, זיגט דער שטאַר־קערער — די הערשנדיקע נאַציע. די יידן זיינען אין רוסלאַנד דער שוואַכער און אונטערדריקטער צד, ווייל זיי האָבן ניט קיין טעריטאָריע וואָס איז דער וויכ־טיקסטער פּאָזיטיווער יסוד פאַר אַ נאָרמאַלן נאַציאָנאַלן לעבן פון אַ פאָלק.

— וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס צו אַנטיסעמיטיזם?

— זייער אַ גרויסע שייכות. אַנטיסעמיטיזם איז דער אויסדרוק פון נאַציאָ־נאַלן קאָנפליקט. איך וועל דיר געבן אַ ביישפּיל. איך פאַרנעם זיך מיט סטאַ־טיסטיק, וועל איך דיר ברענגען עטלעכע אינטערעסאַנטע ציפערן.

די סאָציאַלע סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג ביי אונדז אין ראַטן־פאַרבאַנד אונטערשיידט זיך שטאַרק פון דער סטרוקטור פון דער ניט־יידישער באַפעלקערונג. אָט, למשל, פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע יידן זענען 37 פּראָצענט באַאַמטע און אָנגעשטעלטע, דאַקעגן פון ניט־יידן — נאָר 7%; אין די ליבע־ראַלע פּראָפעסיעס — באַטרעפן יידן 13% און ניט־יידן בלויז 4%; לאַנד־ווירטשאַפטלעך באַשעפטיקטע — יידן 5% און ניט־יידן 63%. ווען די יידן וואָלטן געווען צעשפּרייט איבער דער גאַנצער גרויסער מדינה וואָלט אַזאַ גרויסע דיס־פּראָפּאָרציע ניט אַרויסגערופן קיין נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ, ווייל די אַבסאָלוטע צאָל פון די 50% באַאַמטע, אָנגעשטעלטע און אין ליבעראַלע פּראָפעסיעס באַ־טרעפט בערך 700 טויזנט יידן און די 11% ניט־יידן באַטרעפן בערך 12 מיליאָן מאַן. נאָר ווי באַלד די יידן זיינען קאָנצענטרירט אין ניט קיין סך גרויסע שטעט, באַקומט זיך גאָר אַן אַנדער בילד. אַזוי, למשל, אין די זעקס גרויסע שטעט פון ראַטן־פאַרבאַנד — מאָסקווע, לענינגראַד, אָדעס, קיִעוו, כאַרקאָוו און דניעפּראָ־פּעטראָווסק — ווו עס לעבט ביי אַ העלפט פון דער יידישער באַפעלקערונג פון לאַנד — זיינען אַלס באַאַמטע, אָנגעשטעלטע און אין ליבעראַלע פּראָפעסיעס פאַר־נומען אַרום 350 טויזנט יידן און אַרום 800 טויזנט ניט־יידן. אַזאַ פּראָפּאָרץ איז גוואַלדיק בולט און רופט אַרויס די אַזוי גערופענע נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ און אַלס רעזולטאַט פון איר — דעם אַנטיסעמיטיזם.

— איך פיל, יחזקאל, אַז דו ביסט געוואָרן אַן אָנהענגער פון באָראָכאָוון.

— דאָס קען איך דערווייל ניט זאָגן, אָבער ס׳איז דאָ וועגן וואָס צו טראַכטן.

איך בין אָבער זיכער אַז די פראַגע פון טעריטאָריע פאַרן יידישן פאָלק איז זייער אַ וויכטיקע.

— איז דאָך דורך דער ראַטנמאַכט דעקלאַרירט געוואָרן ביראָבידזשאַן ווי אַ יידישע אויטאָנאָמע געגנט.

— איך רעד דאָך מיט דיר ערנסט. ס'איז פּשוט ניט שיין פון דיין זייט צו פּראָווען קאַטאָוועס.

— הייסט דאָס, אַז דו נעמסט אויף דעם גרונד־פּרינציפּ פון ציוניזם?

— מעגלעך. בכל־אופן וואָלט איך היינט אין בונד ניט אַריין און אויך ניט אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

— די נקוו"ד האָט קיין טעות ניט געמאַכט. זי האָט איזאָלירט פון דער סאָוועטישער געזעלשאַפט אַ מענטשן מיט געפערלעכע געדאַנקען.

— יאָ, ביסט גערעכט. צום גרויסן באַדויערן לעבן מיר אין אַזאַ לאַנד, אין אַזאַ רעזשים, ביי וועלכן עס איז פאַרבאָטן צו האָבן געדאַנקען בכלל...

און מיר זיינען ביידע מיט אונדזערע פאַרבאָטענע געדאַנקען אַוועק צו די נאַרעס כּדי צו פּרווון איינשלאָפן.

אָנהויב אָקטאָבער. עס שמעקט שוין שטאַרק מיט האַרבסט. דער טעגלעכער קורצער „שפּאַציר" אין טורמע־הויף קומט פאַר אונטער אַ רעגנדל, אָבער עס איז דווקא אָנגענעם — מען פילט זיך עפּעס נענטער פאַרבונדן מיט דער לעבע־דיקער נאַטור. אין קאַמער, צווישן די 4 שטיינערנע ווענט און אייזערנע קראַטעס, איז מען אָפּגעריסן ניט נאָר פון מענטשן נאָר אויך פון גאָטס גרויסער וועלט. שוין צוויי חדשים ווי איך בין דאָ אין טורמע און קיין שום סימן פון אורטייל. אין קעלער בין איך געזעסן 3 און אַ האַלב חדשים, האָב איך שוין בסך־הכּל $5\frac{1}{2}$ חדשים „סטאַזש" פון אַן אַרעסטאַנט. מענטשן אין קאַמער טענהן אַז מען דאַרף זיך ניט דענערווירן צוליב דעם וואָס מען ווייס ניט דעם פּסק־דין. ווירקן אויף דעם עצם פּסק־דין קענען מיר דאָך ניט. די „אָסאָבאָיע סאָוועשטשאַניע" וועט שוין באַשטימען. און איילן זיך אין לאַגער אַריין איז אויך ניט כּדאַי. דאָ אין תּפיסה איז רויִקער. און ווי זאָגט מען: דער סאָלדאַט שלאָפט און זיין סלוזשבע גייט... דאָס זיצן אין טורמע וועט דאָך פאַררעכנט ווערן...

עס האָט אַ דונער געטאָן די טיר און דער דיזשורנער נאַדזיראַטעל האָט אויסגעשריִען: — פינקעלשטיין! — יחזקאל איז צוגעלאָפן צום טיר.

— מיט די זאַכן?

— ניין, אַ זעונג מיט דעם ווייב.

יחזקאל האָט זיך אומגעקערט צו זיין בעטל נעמען דעם רעקל און איך האָב אים אַריינגעשעפּטשעט ער זאָל ניט פאַרגעסן איבערגעבן זיין ווייב מיינע עטלעכע

אַדרעסן און בעטן אַז זי זאָל זיי באַזוכן און זיך דערוויסן וואָס עס הערט זיך אין מיין משפחה...

יחזקאל איז אַוועק. איך בין געווען צופרידן פאַר אים. און גלייכצייטיק האָט טיף אין האַרצן געטאָטשעט אַ געפיל פון קינאה. אָבער דאָס געפיל איז גיך פאַר־שוווּנדן. עס האָט באַהערשט דאָס געפיל פון אומרו און זאָרג. וואָס טוט זיך מיט מאַשען און מיטן זון? און פאַר וואָס דערלויבן זיי מיר ניט קיין זעוּנג און קיין שפּייזפּעקל? עס איז פּשוט שווער צו פאַרשטיין. אָבער וואָס קען מען טאָן? ווער קען געבן אַן עצה?...

יחזקאל האָט זיך אומגעקערט. 30 מינוט האָט געדויערט די זעוּנג. זיין טאָכ־טער האָט מען ניט דערלויבט צו קומען צו דער זעוּנג — אָדער דאָס וויב, אָדער די טאָכטער. יחזקאל איז געווען אויפגעטראָגן און דערצאָרנט. ער האָט מיר איבערגעגעבן אַ קליינעם שפּייז־פּעקעלע און געזאָגט: — נעם, אַהרון, בייס אי־בער. דאָרט זיינען דאָ סוכאַרקעס, אַ שטיקל חזיר און אַ ביסל צוקער. איך וועל זיך צולייגן אַ ביסל אָפּרוען...

איך האָב אַוועקגעלייגט דאָס שפּייז־פּעקעלע ביי אים צוקאָפּנס. וואָס האָט געטראָפן מיט יחזקאלען? עס האָט ניט געלאָזט רוען.

יחזקאל איז געלעגן עטלעכע מינוט, אויפגעשטאַנען, אָנגעהויבן שפּאַנען אי־בערן קאַמער.

— וואָס איז געשען? וואָס ביסטו אַזוי צעטראָגן? מען האָט גענומען עמעצן פון דיין משפחה?

— מען האָט אַרעסטירט מיין ווייבס ברודער. מיט אַ וואָך צוריק האָט מען אַרויסגעוואָרפן מיין ווייב פון דער אַרבעט. זי איז געווען אַ לערערין פון גע־שיכטע. איר ענין איז איצט אין ראַיקאָם פון דער פּאַרטיי און איך בין זיכער אַז מען וועט זי אויך אַרויסוואַרפן פון פּאַרטיי. נאָר דאָס איז ניט אַזוי שרעקלעך. אויב מען וועט זי ניט אַרעסטירן וועט זי מיט דער צייט אויפזוכן אַ וועלכע ניט איז אַרבעט. איך האָב אָבער שטאַרק מורא אַז מען קען אויך זי אַרעסטירן.

— אין וואָס האָט מען זי באַשולדיקט אויף דער לערער־פאַרזאַמלונג?

— אין דעם וואָס זי האָט ניט געמאָלדן אַז איך און איר ברודער זיינען אַרעסטירט.

— וואָס טראַכסטו איז די סיבה פונעם אַרעסט פון דיין ווייבס ברודער?

— איך מיין אַז טראָצקיזם. ער איז אַ מיטגליד פון דער קאָמפּאַרטיי פון 1918טן יאָר. געווען אַ פּשוטער לעדער־אַרבעטער, געענדיקט דעם ראַבפאַק און דערנאָך אַ העכערע שול פאַר פּראָפ. פאַראייניקטע אַרבעטער. דערנאָך איז ער 6 אָדער 7 יאָר געווען דער פאָרזיצער פון פאַבריק־קאָמיטעט פון דער שוך־פאַב־ריק אויפן נאָמען פון קאַגאַנאָוויטש. אין דער קאָמפּאַניע פאַר דער קאָלעקטי־ווּיזאַציע איז ער מאָבילייזירט געוואָרן און איינגעשלאָסן אין אַ בריגאַדע צו העלפן

דורכפירן די קאָלעקטיוויזאַציע. ער האָט אָנטייל גענומען אין דער אַרבעט אין אייך דאָרף און האָט זיך אומגעקערט פון דאָרט אין גאַנצן אַ צעבראָכענער. און ווען מען האָט אים געהייסן פאַרזעצן די אַרבעט מיט דער בריגאַדע אין אַנדערע דערפער האָט ער זיך אָפּגעזאָגט. מען האָט אים באַשולדיקט אין טראָצקיזם, אַרויסגעוואָרפן פון פאַרטיי און אַראָפּגענומען פון דער אַרבעט אַלס פאָרזיצער פון פאַבקאָם. און נאָך דעם האָט ער געאַרבעט אַלס שוואַרצער אַרבעטער. ער איז געווען אַן ערלעכער קאָמוניסט, בלב־ונפש איבערגעגעבן דער סאָוועטנמאַכט. אַגב, קיין מאָל ניט געהאַט קיין שייכות צו וועלכע ניט איז ספּעציפישע יידישע ענינים. קאָלעקטיוויזאַציע — אַ שיין וואָרט. גאָט מיינער, מיט וויפל בלוט און פייניקונגען פון מיליאָנען מענטשן איז אַריינגעשריבן געוואָרן דאָס וואָרט אין דער געשיכטע פון רוסלאַנד! דו שטעלסט זיך פאָר? האָסט ווען עס איז געהערט וועגן דעם?

— איך האָב געהעו'ט און איך ווייס. איך וועל דיר דערציילן, יחזקאל, וועגן אַ טראַגעדיע פון איין מענטשן וואָס זיין געוויסן איז געווען אַזאַ ווי ביי דיין וויבס ברודער. איך בין געווען דאַן אַ סטודענט פון כאַרקאָווער אינזשינער־עקאָנאָמישן אינסטיטוט און געלעבט אין אַ צוזאַמענוווינונג, אין באַוווסטן סטודענטישן שטעטל פון כאַרקאָוו־טאָלקאַטשאָווקאַ. אין צימער ביי אונדז איז געווען אַן אוקראַיִנער פון אַ דאָרף לעבן דער שטאָט סומי. ער איז אַלס יונג ייִנגל אַוועק פון דאָרף אין דער גרויסער שטאָט כאַרקאָוו, געווען אַן אַרבעטער, צוגענומען אַן עקזאַמענעס. ער איז געווען, נאַטירלעך, אַ מיטגליד פון דער פאַרטיי. און מען האָט אים אויך מאָביליזירט דורכצופירן די קאָלעקטיוויזאַציע. און ער איז אויך געקומען פון דאָרט אַ צעבראָכענער. און מען האָט אים אויך געהייסן פאָרן אין אַ צווייטן דאָרף... אין דער פרי, ווען מיר האָבן זיך געקליבן צו גיין אין אינ־סטיטוט, איז ער געבליבן אין בעט — איך פיל זיך ניט גוט — האָט ער אונדז געזאָגט — איך וועל אַ ביסל ליגן. און ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט פון אינ־סטיטוט אין צוזאַמענוווינונג האָבן מיר אים געפונען אַ טויטן אין בעט. נעבן בעט האָט זיך געוואַלגערט אַ רעוואָלווער און אויפן טיש האָבן מיר געפונען זיינס אַ בריוול. ער האָט דאָרט געשריבן אַז ער נעמט זיך דאָס לעבן ווייל ער קען ניט פאָרן דורכפירן די קאָלעקטיוויזאַציע אין דאָרף ווו עס לעבן זיינע על־טערן און אַנדערע קרובים...

— און דערנאָך ווען מען האָט שוין פאַרענדיקט די קאָלעקטיוויזאַציע, דער־גרייכט דעם ציפער 100%, נאָך דעם ווי מען האָט אומגעבראַכט הונדערטער־טויזנטער אומשולדיקע מענטשן, און מיליאָנען „קולאַקעס" אין איינעם מיט זייערע פרויען און קינדער אַרויסגעטריבן אין די ווייטע קאַנטן אומקומען פון הונגער און קעלט, נאָך דעם אַלעם, איז דערשינען דער באַוווסטער אַרטיקל פון סטאַלינען „קאָפּשווינדל פון דערפאָלגן", אין וועלכן ער באַשולדיקט אייניקע פאַרטיי־טוערס

אַז זיי האָבן דערלאָזט אייניקע איבערבייגן אין דער אַרבעט און וועלכע האָבן אין אייניקע ערטער ניט אָפּגעהיט אין דער פולער מאָס די סאָוועטישע געזעצ־לעכקייט... קען מען איבערטראָגן אַזאַ צביעות?! — האָט אויסגעשריִען יחזקאל, און ער האָט פאָרגעזעצט:

— לאָז, רייס מיך ניט איבער. איך וויל ענדיקן מיין געדאַנק. און דער עיקר איז ניט אין דעם, וואָס מען האָט דורכגעפירט מיט אַ שרעקלעכער אַכזריות די קאָלעקטיוויזאַציע. זיי האַלטן דאָך, אַז דער ציל באַרעכטיקט די מיטלען. מילא, איך וויל ניט דיסקוטירן מיט אַזאַ שרעקלעכע לאָזונג. אָבער דער עיקר באַשטייט אין דעם וואָס דער ציל איז ניט דערגרייכט געוואָרן. וואָס פאַר אַ ציל האָט קאָלעקטיוויזאַציע? סאָציאַליזם אין דער לאַנדווירטשאַפט? איז דאָך דאָס ניט געשטויגן און ניט געפלויגן. וועלכער סאָציאַליזם? מען האָט דאָך מיט דער קאָ־לעקטיוויזאַציע רויִנירט די לאַנדווירטשאַפט אין רוסלאַנד, פשוט רויִנירט. רוס־לאַנד האָט ניט קיין ברויט, האָט ניט קיין מילך, האָט ניט קיין לאַנדווירטשאַפט־לעכע פראָדוקטן. וועגן וועלכן סאָציאַליזם רעדט מען? איך האָב שוין ניט קיין כוח צו טראַכטן וועגן דעם.

— ווּעסטו שרייבן דעם דאָקטאָראַט וועגן סאָציאַליזם אין רוסלאַנד נאָך דעם, ווען דו וועסט זיך אומקערן פון לאַגער, אין 5, אָדער 10 יאָר אַרום — האָב איך זיך אַ וויצל געטאָן.

— אויב עס וועט זיך איינגעבן אומצוקערן. אַגב, אַהרון, איך האָב איבערגעגעבן מיין ווייב דיינע אַדרעסן און זי וועט נאָך היינט גיין באַזוכן דיין משפחה. אויב עס וועט זיין נאָך אַ זעונג מיט איר, וועט זי דערציילן וואָס עס הערט זיך דאָרט ביי אייך. און אפשר וועט מען זיי דאָך דערלויבן אַ זעונג מיט דיר.

— איך וויל האָפן. אפשר? אַ גוטע נאַכט, יחזקאל.

— אַ גוטע נאַכט.

8

# אַריינגעכאַפּט אַ „מציאה"

אין אַ קאַלטן, רעגנדיקן אָקטאָבער־פרימאָרגן האָט מען מיר געמאָלדן דעם הינטערוויגיקן פּסק־דין פון דער „באַזונדערער באַראַטונג" ביי דער נקוו"ד: — פּאַר אַנטייל נעמען אין אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע — 3 יאָר לאַגער פון שטרענגן רעזשים. קורץ און קלאָר. 3 יאָר. איך האָב ניט געגלויבט מיינע אויערן און איבערגעפרעגט:

— וויפל? 3 יאָר?

— וואָס זשע האָסטו געמיינט, 3 חדשים? שרייב אונטער אַז דו ווייסט דעם פּסק־דין.

איך האָב אונטערגעשריבן אַ צעטומלטער פון דער אומדערוואַרטקייט. 3 יאָר! עס איז דאָך ממש אַ ווילדע מציאה! די אַרעסטאַנטן רופן אָן אַזאַ פּסק־דין „דעטסקי סראָק". אין אַ פרייער איבערזעצונג הייסט דאָס „קינדערשפּיל". 3 יאָר, דאָס הייסט 1095 טעג און נעכט. 177 שוין אָפּגעזעסן. איז געבליבן סך־הכל 918 טעג און נעכט. בהחלט ניט אַזוי שרעקלעך... אָבער וואָס איז געשען? ווי אַזוי בין איך דאָס אָפּגעקומען מיט אַזאַ „קינדערשפּיל"? אפשר האָט געהאָט אַ באַדייטונג דאָס וואָס איך האָב עקשנותדיק ניט אונטערגעשריבן זייערע צוגעגרייטע פּראָטאָקאָלן? און אפשר האָט ביי מיין סליעדאָוואַטעל — ביים ייד מעלצער — אַ בליק געטאָן עפּעס אַ ברעקל פון יידישן געפיל און ביים געבן זיין מיינונג און רעקאָמענדאַציע צו דער „באַזונדערער באַראַטונג", האָט ער אָנגעשריבן אָנשטאָט „5", אָדער „10", דעם ציפער „3"? און אפשר האָט דאָרט, אין מאָסקווע, דער טשעקיסט וואָס האָט געלייענט מיין „דיעלע", זיך געאיילט אויף אַ ליבעבאַגעגעניש און אין אַ גוטער שטימונג אָנגעשריבן די רעזאָלוציע „טרי גאָדאַ"? ווער ווייס — ס'איז דאָך אַ לאָטעריי, נו, האָב איך אַרויסגעצויגן אַ גוטן בילעט...

דעם זעלבן טאָג האָט מען געמאָלדן די פּסקי־דין פון נאָך 5 מענטשן אין אונדזער קאַמער: 5, 8, 10 יאָר. יחזקאל האָט באַקומען 8 יאָר. און אויך די זעלבע פאָרמולירונג „פּאַר אַנטייל נעמען אין אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע"... און ביי אים איז אויך געווען די צושריפט „שטרענגער רעזשים". איז שוין אַלץ געווען קלאָר. ס'איז נאָך געבליבן די פראַגע: וווּהין? אין וועלכן לאַגער וועט מען שיקן? אין אַלע עקן פון דער גרויסער מדינה זיינען דאָ פיל־

צאַליקע לאַגערן. מיר האָבן אויך ניט געוווּסט וואָס עס באַדייט „שטרענגער רע־זשים”. איז דאָך ווידער די זעלבע לאָטעריע... און מיר האָבן אָנגעהויבן וואַרטן אויף דעם אָפּשיקן אונדז אין לאַגער, אויף דעם אַזוי גערופענעם עטאַפּ.

יחזקאלס שטימונג איז געווען זייער אַ שווערע און דערדריקנדיקע. איך האָב זיך געפילט עפּעס אַזוי ווי שולדיק פאַר אים. איך בין אַלט 25 יאָר און האָב באַקומען נאָר 3 יאָר און ער איז שוין אַלט אַרום 50 יאָר און האָט באַקומען 8 יאָר. דערצו זענען נאָך זיינע לונגען ניט אין אָרדענונג. און איך האָב געפּרוווט אים אַרויסנעמען פון זיין שלעכטער שטימונג. ניט גלויבנדיק אַליין אין מיינע ווערטער, האָב איך אים געזאָגט:

— דו ווייסט, יחזקאל, די צייטן בייטן זיך. אָט די שווערע, פינצטערע צייט אין וועלכער מיר לעבן איצט, נאָך דער רציחה איבער קיראָווען, קען אין גיכן דורכגיין. איצט קומט פאַר אין לאַנד אַ מין מגיפה. אָבער זי מוז זיך דאָך ענ־דיקן. איך מיין אַז אין אַ קורצער צייט אַרום וועט מען קענען אָנקלאָגן די אור־טיילן און מען וועט זיי איבערקוקן. מיר דאַרפן האָפן אַז אין גיכן וועלן מיר זיך באַגעגענען אין מינסק אין גוטע באַדינגונגען.

— הלוואי, פון דיין מויל אין גאָטס אויערן. אָבער דעם אמת זאָגנדיק גלייב איך ניט אין דעם. וואָרום וואָס? ביז דעם מאָרד איבער קיראָווען איז ביי אונדז געווען אַ גרינגע און ליכטיקע צייט? שוין 18 יאָר, פון דעם ערשטן טאָג פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע ציט זיך די שווערע פינצטערע צייט און פון טאָג צו טאָג ווערט ביי אונדז פינצטערער. אַ גרויסן דאַנק דיר וואָס דו ווילסט מיך דערמונטערן. איך ווייס דאָך אַז דו ביסט ביי דער זעלביקער מיינונג וואָס איך. אָבער מען דאַרף זיך טאַקע שטאַרקן. מען דאַרף לעבן מיט האָפענונג. איך וועל זיין צופרידן אויב מיר וועלן זיין אין איין לאַגער.

— איך אויך, יחזקאל. אָבער דאָס איז דאָך ניט אָפּהענגיק פון אונדז. לאָמיר האָפן.

און אַזוי ווי אין קינאָ לויפט איין קאַדר נאָך דעם צווייטן, איין סיטואַציע ווערט פאַרביטן מיט אַ צווייטער, אַזוי איז עס אויך פאָרגעקומען ביי אונדז אין קאַמער. עס האָט זיך געעפנט די טיר און דער נאַדזיראַטעל האָט אויסגעשריִען:

— ראַזין און פינקעלשטיין, אויפקלייבן זיך מיט די זאַכן!...

מיר האָבן ביידע אויפגענומען דעם באַפעל מיט שׂמחה. מען רופט אונדז אין איינעם צום עטאַפּ. מיר וועלן פאָרן אין איינעם אין איין לאַגער. קלייבן זיך איז ניט געווען וואָס. וועלכע זאַכן? חוץ די מלבושים אויף זיך האָב איך גענומען דעם מאַנטל וועלכער האָט זיך שוין פאַרוואַנדלט אין אַן אָפּגעריבענער שמאַטע, ווייל אַ האַלב יאָר בין איך געשלאָפן אויף אים. דאָס זעלבע איז געווען ביי יחזקאלען. מיר האָבן זיך גיך געזעגנט מיט אַלע חברים פון קאַמער און אַריינ־געטראָטן אין דער נייער סטאַדיע פון אונדזער אַרעסטאַנטישן לעבן.

אַ גוואַלדיק גרויסע קאַמער אין קעלער פון דער טורמע. ווי עס האָט זיך נאָר פאַרקלאַפּט הינטער אונדז די טיר, האָט אַ גרופּע פון 5—6 מאַן אונדז אַרומ־גערינגלט און פאַרשאָטן מיט פראַגעס אויף אַן אונטערוועלט־שפּראַך: ווער? פון וואַנען? פון וועלכער טורמע? וועלכער פונקט פון קרימינעלן קאָדעקס? וויפל יאָר? צו יחזקאלען האָט מען זיך באַצויגן, מער־ווייניקער, מיט כּבוד — 8 יאָר, אָבער צו מיר — מיט אַן איראָנישן געלעכטער — קאָנטריק און נאָר 3 יאָר... זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען ווי אַזוי איך, אַזאַ נישטיקער „פרייער", אַזאַ כּניאַק מיט 3 יאָר בין אַריינגעפאַלן אין דעם עטאַפּ וועלכער באַשטייט פון פאַרברעכערס מיט 10־יאָריקע אורטיילן מינימום... זיי האָבן לסוף אונדז אַרומגעטאַפּט פון אַלע זייטן, געזוכט מסתּמא געלט און זייענדיק געוווען זייער אַנטוישט וואָס זיי האָבן ביי אונדז גאָרניט געפונען... דעם ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך זיך צונויפגעטראָפן אויג אויף אויג מיט דער פּראָפעסיאָנעלער אונטערוועלט.

די קאַמער האָט געברויזט. עס זענען געווען מסתּמא ניט ווייניקער פון 200 אַרעסטאַנטן און אפשר מער. מענער און פרויען אין איינעם. ניט קיין בעטן און ניט קיין נאַרעס. אַ גוואַלדיק גרויסער צימער, אָן שום מעבל, אַן אָנגעפילטער מיט מענטשן. צענדליקער גרופּעס זיצן אויף די פּאָדלאָגעס און שניידן זיך אין קאָרטן. אַ טומל, אַ געפילדער, אַ פרויען־קוויטשעריי. זאַפטיקע רוסישע ברכות און קללות האָבן געדונערט מיט אַזעלכע אויסגעטאָקטע ניואַנסן, וואָס דער גרעס־טער ספּעציאַליסט פון רוסישן פאָלקלאָר האָט דאָס זיך ניט געקענט פאָרשטעלן. די פרויען זיינען ניט אָפּגעשטאַנען פון די מענער. אין די ווינקלעך האָבן זיך געקייקלט מענער און פרויען און געהירזשעט און געקוויטשעט פון הנאה... איך און יחזקאל זיינען געשטאַנען פאַרלוירענע און געזוכט „אייגענע" מענטשן — פּאָליטישע, קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן — און מיר האָבן זיי געפונען. אין איין ווינקל האָט זיך געטוליעט, איינער נעבן דעם אַנדערן, אַ גרופּע אַרעסטאַנטן, וועלכע האָבן זיך אויסגעטיילט פון אַלעמען מיט זייער דערשראָקענעם שווייגן און מיט זייער פאַרלאָרנקייט. דאָס זיינען געווען פּאָליטישע — 12 מענער און 3 פרויען. זיינען מיר שוין געווען 14 מענער און 3 פרויען אין אַ ים פון הונדערטער קרי־מינעלע פאַרברעכערס — רוצחים, גנבים, פאַרגוואַלדיקערס. אין איינעם מיט מיר און יחזקאלען איז אין דער גרופּע געווען אַ האַלבער מניין יידן: אַ שעדיקער (געוואָלט „אונטעררייסן" אַן עלעקטראָ־סטאַנציע); אַ שפּיאָן (געהאַט אַ פאַרבינדונג מיט פּוילן); אַ טראָצקיסט, אַ בונדאָוועץ און אַ ציוניסט. אַ פיינער בוקעט!...

אַלע פון די פּאָליטישע האָבן באַקומען די אורטיילן מיט דעם „שטרענגן רעזשים". חוץ מיר, האָט נאָר איינער געהאַט 3 יאָר; אַלע איבעריקע — פון 5 ביז 15 יאָר. צווישן די קרימינעלע זיינען געווען אַ סך רעצידיוויסטן. קיין גרינגע קרימינעלע פאַרברעכערס ווי קעשענע־גנבים זיינען ניט געווען. מיר האָבן פאַר־שטאַנען אַז מען גרייט אַלעמען צו שיקן אין אַ שווערן לאַגער.

דעם זעלבן טאָג, אין אָוונט, האָט מען מיר געגעבן אַ זעוּנג מיט פריידלען. 30 מינוט. אין קאַנצעלאַריע פון טורמע. דער נאַדזיראַטעל איז, ווי עס ווייזט אויס, געווען אַ גוטער מענטש, און געלאָזט אונדז זיצן איינעם נעבן דעם אַנדערן און רעדן.

— וואָס הערט זיך ביי מאַשען? ווי פילט זיך דער קליינינקער יינגעלע?

— דעם 24סטן סעפּטעמבער, ד"ה פּונקט אין אַ חודש אַרום, נאָך דעם גע־בוירן דאָס קינד, איז מען געקומען פון נקוו"ד, געמאָלדן דעם פּסק־דין פון דער „באַזונדערע באַראַטונג" — 3 יאָר אַריוסשיקן קיין טשימקענט. אין דעם זעלבן טאָג האָט מען זי צוגענומען אין איינעם מיטן קינד און מיט אַ באַגלייטער אָפּ־געשיקט אין אַ פּאַסאַזשיר־באַן קיין טשימקענט.

— ווו איז טשימקענט? איך האָב ניט געהערט פון אַזאַ שטאָט.

— ס'איז אין קאַזאַכסטאַן, אַרום 100 קילאָמעטער פון אַלמאַ־אַטאַ. זי האָט גענומען מיט זיך נאָר בגדים און אויך 300 רובל. דיין ברודער הערשל איז גע־קומען פון מאָליעוו און געבראַכט דאָס געלט. ביז וואַנען זי וועט געפינען אַר־בעט וועט זי האָבן די מעגלעכקייט עטלעכע חדשים צו לעבן. איך האָב געהאַט פון איר איין בריוו. זי האָט זיך איינגעאָרדנט אין אַ צימער מיט נאָך צוויי אַרויס־געשיקטע פרויען. זי שרייבט אַז דאָס צימער איז גענוג גוט פאַר דריי פרויען און דריי קינדער.

— מער ווייסטו גאָרניט?

— וואָס קען איך וויסן? ס'איז דאָך ערשט פאַרביי וויניקער פון אַ חודש. איך האָף צו באַקומען פון איר בריוו. איך ווייס נאָר אַז איין מאָל אין חודש דאַרף זי זיך מעלדן אין מיליציע. יאָסיק איז אַ געזונט יינגעלע. אין אַ וואָך אַרום וועט ער שוין אַלט זיין 2 חדשים. אויב זי וועט זיך ניט איינאָרדענען אויף אַרבעט וועלן מיר איר העלפן מיט געלט. דיין ברודער הערשל האָט געזאָגט אַז ער וועט יעדן חודש איר שיקן געלט. הערשל איז זייער פאַרזאָרגט און פאַרצאָרנט פון דעם וואָס עס האָט זיך ניט איינגעגעבן מל זיין יאָסיקן. ער האָט שוין געהאַט געפונען אַ מוהל, אָבער ווען יענער האָט זיך דערוווּסט אַז דו ביסט אין טורמע און מאַשע איז אויך געווען אין טורמע, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו קומען. דאָך האָט מען דעם ברית געדאַרפט מאַכן, שטילערהייט, אומלעגאַל. איך האָב הערשלען באַרויִקט און באַרויִק דיך אויך: ווען זיי וועלן זיך אומקערן אַהיים און אויב דו וועסט שוין צוריקקומען, וועט מען דעמאָלט מאַכן דעם ברית. איך האָב דאָ באַ־קאַנטע דאָקטוירים. עס וועט ניט זיין קיין פּראָבלעם. זאָל דאָס שוין זיין די לעצטע דאגה.

— וואָס הערט זיך אין מיין משפּחה?

— בתיה איז געווען ביי מיר עטלעכע מאָל. זי קומט צו גיין און וויינט, און וויינט. זי האָט געבראַכט פאַר דיר טרוקענעם ווורשט און חזיר. איך פאַרשטיי

ניט וואָס עס קומט פאַר מיט איר. זי האָט נאָר געזאָגט אַז איר מאַן לאָזט זי ניט גיין בעטן קיין באַגעגעניש מיט דיר. איך ווייס אַז הערשל האָט געבעטן אַ דער־לויבעניש אויף אַ זעונג מיט דיר און מעלצער האָט אים אָפּגעזאָגט. איך האָב אויך אַ סך מאָל געבעטן און מען האָט מיר מיט עטלעכע טעג צוריק דערלויבט נאָר די היינטיקע באַגעגעניש.

— און וואָס הערט זיך ביי מיין ברודער יענקל? מען האָט אים אַרעסטירט?

— ניין. דאָס ווייס איך אויף זיכער. הערשל וואָלט מיר דערציילט. הערשל האָט מיר איין מאָל געזאָגט, אַז יענקל האָט תיכּף נאָך דיין אַרעסט פאַרלאָזט מינסק און דרייט זיך אַרום אין פאַרשיידענע דערפער און אַרבעט דאָרט ווי אַ מוליער. מער ווייס איך גאָרניט.

פריידל האָט מיר דערציילט אַז מיט דער דאָקטאָרין פון טורמע־שפּיטאָל האָט זי זיך איין מאָל באַגעגנט אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון מינסקער דאָק־טוירים.

די צייט גייט. דער נאַדזיראַטעל האָט געזאָגט אַז די זעאונג דאַרף זיך ענדיקן אין עטלעכע מינוט אַרום. פריידל האָט מיר איבערגעגעבן אַ שפּייזפּעקל, וואַרעמע וועש און 200 רובל. איך האָב דאָס געלט ניט געוואָלט נעמען. וואָס וועל איך דערמיט טאָן אין לאַגער? נאָר זי האָט זיך פאַרעקשנט. אפשר וועל איך קענען אין לאַגער זיך עפּעס קויפן. איך האָב אַריינגערוקט דאָס געלט אין די שיך און מיר האָבן זיך געזעגנט...

עס האָט זיך נאָך ניט באַוויזן צו פאַרהאַקן הינטער מיר די טיר פון דער גרויסער עטאַפּ־קאַמער ווי דאָס שפּייזפּעקל אינאיינעם מיט דער וועש איז נעלם געוואָרן כּהרף־עין. איך האָב אַפילו ניט באַמערקט ווי אַזוי און ווער עס האָט עס אַרויסגעכאַפּט פון מיינע הענט. מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ בין איך צוגעגאַנגען צו מיין גרופּע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. איך האָב יחזקאלען דערציילט וועגן מיין באַ־געגעניש מיט פריידלען. ער האָט זיך אין איינעם מיט מיר געפרייט, וואָס מאַשע האָט באַקומען ניט לאַגער, נאָר „פרייע אַרויסשיקונג". ער האָט מיר געזאָגט מיט אַ וויטיקדיקער איראָניע:

— קענסט זיך, אהרון, גרויסן. דיין זון איז פונעם ערשטן טאָג פון זיין גע־בוירן אַ „פּאָליטישער". ער קען זיך פאַרשרייבן אַלס מיטגליד פון דער געזעל־שאַפט פון „פּאָליטישע קאַטאָרזשניקעס". ס'איז דאָך דאָ ביי אונדז אין לאַנד אַזאַ בכּבודיקע געזעלשאַפט...

— מען דאַרף ניט רעדן וועגן דעם אין דער אָנוועזנהייט פון הונדערטער מענטשן. מיר וועלן זיך נאָך אָנרעדן.

און ווען איך האָב דערציילט יחזקאלען וועגן די דאגות פון מיין ברודער הערשל, האָט ער מיר געזאָגט:

— ביי דיין ברודער הערשל, פאַרשטיי איך, איז די פראַגע וועגן דער ברית־מילה פון דיין זונעלע — אַ פראַגע פון לעבן. איך האָב קיין מאָל אין מיין לעבן ניט געגלויבט אין גאָט, געווען אַ קעמפערישער אַטעיִסט און מסתמא פאַרבליבן אַזאַ. אָבער איך ווייס ניט מיט וואָס צו דערקלערן מיין איבערצייגונג אַז מען דאַרף מַל זיין דיין זון. זאָל ער זיין אַ ייד מיט דעם היסטאָרישן, פיל טויזנט־יאָריקן נאַציאָנאַלן צייכן. דו הערסט, אַהרון? אויב הערשלען וועט זיך ניט איינ־געבן דורכצופירן די אָפּעראַציע, זאָלסטו עס טאָן, אומקערנדיק זיך פון לאַגער.

— איך בין זייער צופרידן, יחזקאל, פון דיינע האַרציקע רייד. זיי זיינען מיר זייער נאָענט. איך בין אויך ניט קיין גלויביקער, נאָר איך בין קיין מאָל ניט געווען קיין אַטעיִסט און באַשטימט ניט קיין קעמפערישער. איך פיל כּבוד צו דער אמונה פון דעם גלויביקן. איך בין זיכער אַז מיין ברודער הערשל וועט גע־פינען די מעגלעכקייט דורכצופירן די ברית־מילה פון מיין זון. זיין נאָמען איז יוסף. ס'איז אַ נאָמען נאָך מיין טאַטן ז״ל, וועלכער איז געווען אַ הייסער קאָי־דאַנאָווער חסיד. קען דאָס אייניקל פון מיין טאַטע זיין ניט קיין געמַלטער?...

עס איז צוגעגאַנגען צו מיר אַ הויכער זשלאָב, געגעבן מיר אַ שטיקל ברויט מיט ווורשט:

— עס, מיין ניט, אַז מיר זיינען רויבערס. ס'איז געשמאַקע ווורשט. מיר האָבן זיך פונאַנדערגעלאַכט. אַ טשעקאַווע „מאָראַל" ביי דער אונטערוועלט. זיי לעבן לויט זייערע געזעצן...

איינע פון אונדזערע „פּאָליטישע" פרויען האָט גענומען מיין מאַנטל כּדי אים צו פאַרריכטן, פאַרנייען די צעריסענע ערטער. אומבאַמערקטערהייט האָט זי אין דער פּאָלע איינגענייט די 200 רובל. מיר זיינען געווען זיכער אַז קיינער האָט עס ניט געזען.

לכּבוד דעם פאַרשטייענדיקן עטאַפּ האָבן מיר באַקומען אַ זאַטן אָונטברויט — 300 גראַם ברויט און אַ גרויסע פּאָרציע באַלאַנדע וואָס איז דאָס מאָל געווען געדיכט (מיט קאַרטאָפל) און געשמאַק. שוין אַ האַלב יאָר האָב איך ניט געגעסן אַזאַ געשמאַקן מאַכל... ס'איז שוין מסתּמא שפּעט. אין קאַמער הודיעט. די קאָרטן־שפּילערס וואַרפן זיך איבער מיט זייערע זאַפטיקע קללות. אין אַנדערע ווינקלען שלאָפט מען און מיר, די גרופּע פּאָליטישע — 17 מאַן, 14 מענער און דריי פרויען — האָבן זיך געלייגט אויף דער פּאָדלאָגע, צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן און שטיל געלעגן, יעדער באַזונדער מיט זיינע מחשבות...

אין מיטן דער נאַכט האָבן זיך אַריינגעריסן אין קאַמער אַ סך טורמע־נאַד־זיראַטעלעס, סאָלדאַטן און אויך אייניקע ציווילע מענטשן. מיט גרויס רעש האָבן זיי אָנגעהויבן אונדז גרייטן צום עטאַפּ. קודם־כּל — סאַניטאַרע באַאַרבעטונג: שערן, גאָלן, דעזינפעקציע פון די זאַכן. גרויסע גרופּעס פון נאַקעטע מענטשן האָט מען געטריבן ווי אַ סטאַדע חיות אין אַ באָד. און דערנאָך זיינען זיי ברוי־

טאָל אונטערזוכט געוואָרן אין אינטימסטע ערטער פון קערפּער. אויך די בגדים ווערן גרינטלעך אונטערזוכט. ווען דער אַרעסטאַנט טוט צוריק אָן זיינע שמאַטעס, פירט מען אים אַריין אין אַן אַנדערן צימער ווו עס געפינט זיך אַן אָפיצער מיט עטלעכע סאָלדאַטן. דער אָפיציר קאָנטראָלירט זייער שטרענג יעדן אַרעסטאַנט מיט זיין „דיעלאָ" און פון דעם מאָמענט געהערט שוין דער אַרעסטאַנט ניט צו דער טורמע, נאָר צו דער ספּעציעלער קאָמאַנדע וועלכע וועט אים פירן אין לאַגער.

איך און יחזקאל האָבן זיך געהאַלטן איינער נעבן דעם אַנדערן. מיר האָבן באַשטימט זיך צו באַמיִען אַז מיר זאָלן אַריינפאַלן אין איין וואַגאָן.

אַרום 5 אַ זייגער פאַר טאָג איז דער עטאַפּ אַרויס פון דער מינסקער צענ־טראַלער טורמע. מיר זיינען געווען אַרום 300 אַרעסטאַנטן, ביי אַ דרייסיק סאָל־דאַטן מיט ביקסן אין די אויסגעשטרעקטע הענט, גרייטע צום שיסן, עטלעכע צענדליק הינט, גרויסע און בייזע, ווי וועלף, 5 אָפיצירן און דער נאַטשאַלניק פון עטאַפּ. אויפן הויף פון טורמע האָבן מיר זיך צעשטעלט אין שטרענגע שורות — צו 3 מאַן אין אַ שורה — און באַקומען דעם באַפעל: די הענט פאַרלייגט אויף הינטן; ניט רעדן צווישן זיך; קוקן דעם פאָדערשטן אין פּלייצע; אַ קער אָן אַ זייט — באַדייט אַ פּרווו צו אַנטלויפן — און מען וועט שיסן אָן קיין שום וואָ־רענונג...

איך בין געגאַנגען איבער די גוט־באַקאַנטע מינסקער גאַסן — אָט איז דער אַמאָליקער לאָקאַל פון פועלי־ציון; ניט ווייט לינקס איז דער שול־הויף, ווו איך האָב מיט יאָרן צוריק געוואָרפן די פלוגבלעטלעך פון השומר־הצעיר. איך בין פאַרביי דער דירה פון מיין שוועסטער שפרה און אָט איז אויך די דירה פון מאַשעס עלטערן. האַרבסט, נעפּלדיק, קאַלט און עטוואָס רעגנדיק. אין שטאָט איז שטיל. מענטשן שלאָפן נאָך מסתּמא. אָבער אַ סך פון זיי הערן אונדזערע טריט. מסתּמא האָבן שפרה און פריידל אויך געהערט מיינע טריט. אַ סך פון די אויף דער פריי טראַכטן מסתּמא אַז אין גיכן קענען זיי אויך זיין אין אונדזער מצב.

אויף דער מינסקער אייזנבאַן־לאַסט־סטאַנציע האָט שוין געוואַרט דער עשאַ־לאָן וועלכער איז באַשטאַנען פון 6 סטאָליפּינישע און 3 פּאַסאַזשיר־וואַגאָנען. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען אין צאַרישן רוסלאַנד צוליב דעם גרויסן מאַנגל אין טראַנספּאָרט, אַריינגעפּאַקט אין אַ סטאָליפּינישן וואַגאָן 40 סאָלדאַטן, אָדער 8 פערד. אין דער רוסישער ליטעראַטור איז דאָס געווען אַ בולטערביישפּיל פון דעם ווי דער צאַרישער רעזשים באַציט זיך מיט אַכזריות צום פאָלק. אין אונדזער וואַגאָן האָט מען אַריינגעשטופּט 52 אַרעסטאַנטן. אין וואַגאָן זיינען איןביידע זייטן געווען 2־שטאָקיקע נאַרעס און אויף יעדער נאַרע

— 13 אַרעסטאַנטן. אין מיטן פון וואַגאָן איז געשטאַנען אַן אייזערנע אייוועלע. ביי דער וואַנט איז געווען אין דער פּאָדלאָגע אַ קליין לאָך וואָס האָט געדינט אַלס אָרט צו דערליידיקן די נאַטירלעכע באַדערפענישן...

צום גליק בין איך מיט יחזקאלען אַריינגעפאַלן אין איין וואַגאָן. פאַרנעמען אַן אָרט האָט מען געקענט נאָר לויט דער אָנווייזונג פון סטאַראָסטע וועלכער איז געווען נאָמינירט דורך דעם נאַטשאַלניק פון קאַראַול. דאָס איז געווען איינער אַ פאַרשוין מיטן נאָמען פעדאָרטשיק — אַ זשלאָב פון אַ יאָר 35, אַ רויבער, וועל־כער איז געמשפּט געוואָרן שוין דעם צווייטן מאָל און געהאַט איצט אַן אורטייל פון 12 יאָר. ער האָט זיך באַרימט אַז דער לעצטער עניך זיינער האָט זיך געענ־דיקט מיט אַ „נאַסן" רעזולטאַט, ד"ה — מיט בלוט. ער וויס ניט צי דער מענטש איז געשטאָרבן — ער האָט אים שטאַרק פאַרוואונדעט... דער סטאַראָסטע איז דער אַדמיניסטראַטאָר פון וואַגאָן און האָט די פולמאַכטן פון דעם נאַטשאַלניק פון קאַראַול. פעדאָרטשיק האָט באַשטימט יעדן אַרעסטאַנט זיין אָרט אויף די נאַרעס. 5 פּאָליטישע, וועלכע זיינען אַריינגעפאַלן אין וואַגאָן זיינען צעטיילט געוואָרן אין פאַרשיידענע ערטער, אָבער אַלע פּאָליטישע האָט פעדאָרטשיק אַוועקגעלייגט אויף די אונטערשטע נאַרעס, וויל דאָרט איז קעלטער ווי אויף די אייבערשטע. און חוץ דעם ווען מען שלאָפט ניט טאָפּטשען זיך אַלע אונטן. אויף די אויבערשטע נאַרעס זיינען געווען 26 מיוחסים, לויט דער קלאַסיפיקאַציע פון דעם סטאַראָסטע. איך און יחזקאל האָבן עטלעכע מאָל געבעטן ביי פעדאָרטשיקן ער זאָל אונדז לייגן איינעם נעבן אַנדערן — מיר זיינען שוועסטערקינדער און ער האָט עס דערלויבט. שפּעטער איז געקומען אַן אָפיציר און אונדז דערקלערט ווי אַזוי מען דאַרף זיך פירן אין וועג. ער האָט אויסגערעכנט וואָס מען טאָר ניט טאָן — אַ גאַנץ גרויסע רשימה; האָט איינער פון אַ ווינקל אויסגעשריִען: — וואָס מעג מען יאָ טאָן?

— מאָלטשאַט. איבעררייסן די רייד פון אַן אָפיציר טאָר מען אויך ניט. אייער רעכט איז נאָר צו הערן און אויספירן. איך וואָרן אַז פאַר שטערן די דיסציפּלין אין וועג וועט מען באַקומען אַ גרויסע שטראָף. אין עשאַלאָן איז דאָ אַ קאַרצער־וואַגאָן, איך רעקאָמענדיר ניט אַריינצופאַלן אַהין.

— דערלויבט עפּעס פרעגן, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק — האָט איינער אויס־געשריִען.

— פרעג.

— וווהין פירט מען אונדז? אין וועלכן לאַגער?

— וווהין מען דאַרף. איר וועט קומען אַהין — וועט מען אייך זאָגן ווי מען רופט דעם לאַגער.

עטאַפּ. די רוסישע ליטעראַטור פון 19טן יאָרהונדערט האָט געגעבן אַ סך בילדער פון די אַרעסטאַנטישע עטאַפּן אין די צאַרישע צייטן. עס זיינען געווען לידער וועלכע האָבן מיט אומעט און צער געזונגען ווי אַזוי מען יאָגט דעם אַרעסטאַנט אויף קאַטאָרגע. ס'איז באַוווּסט דאָס האַרציקע ליד „נאַשעוואָ טאָוואַ־רישטשאַ נאַ קאַטאָרגו וועזוט". עס רופט זיך אָן „עטאַפּ" מסתמא דערפאַר ווייל אַ מאָל פלעגט מען די אַרעסטאַנטן טרייבן צו פוס קיין סיביר עטאַפּנווייז — פון איין איבערשיקונגס־פּונקט צום צווייטן. אין סאָוועטישן רוסלאַנד איז דער עטאַפּ מאָדערניזירט. מען טרייבט ניט צו פוס. די אַרומיקע באַפעלקערונג דאַרף ניט וויסן אַז עס זיינען פאַראַן זייער אַ סך אַרעסטאַנטן און די פּאָעטן און די קאָמפּאָזיטאָרן שרייבן מער ניט קיין לידער וועלכע קענען אַרויסרופן אַ מיטגעפיל צום אַרעסטאַנט. מען פּאַקט אַריין צו 50—60 אַרעסטאַנטן אין אַ לאַסטוואַגאָן און מען פירט זיי מיט אַ באַן און אַז מען דאַרף, האַלט מען די באַן אויף הינטערשטע וועגן, ווייט פון וואָקזאַל, אַז קיינער זאָל ניט וויסן און ניט דערשמעקן, וואָס פאַר אַ „סחורה" עס געפינט זיך אין דער באַן. דער „עטאַפּ" איז זייער אַ פיינלעכער אין אַרעסטאַנטישן לעבן. עס איז זייער שווער אַ קולטורעלן מענטשן צוגעוויינען זיך צו טאָן זיינע נאַטירלעכע באַדערפענישן אין דער אַנוועזנהייט פון 50 מאַן. מען געוויינט זיך אָבער צו. ס'איז דען דאָ אַ ברירה? שמוץ, לייז, שטיקנדיקע לופט, שרעקלעכער עיפּוש און פולשטענדיקע הערשאַפט פון דער קרימינעלער אונטערוועלט...

און די באַן יאָגט, יאָגט. וווּהין יאָגט זי? זי דאַרף ערגעץ אָנקומען. וווּהין דאַרף זי אָנקומען?

איך ליג מיט יחזקאלען אויף די נאַרעס. אַ סך זיצן אין מיטן וואַגאָן און שפּילן אין קאָרטן. ביי נאַכט וועט אונדז אויסקומען צו ליגן אויף איין זייט, ווייל פאַר 13 מאַן איז אַנדערש ווי ליגנדיק אויף אַ זייט קיין אָרט נישטאָ.

— וואָס זשע טראַכסטו, יחזקאל, וווּהין פירט מען אונדז?

— ניט קיין קרים. לויט דעם צושטאַנד פון מיינע לונגען דאַרף איך האָבן אָדער יאַלטע, אָדער יעווּפּאַטאָריע. מיר פאָרן מסתמא אין דער ריכטונג פון צפון.

— ווער ווייס? עס קען זיין אַז אין ריכטונג פון מיזרח. לויט דעם טומל פון די וואַגאָן־רעדער און לויטן פייפן פון לאָקאָמאָטיוו איז שווער צו וויסן די ריכטונג. אָבער איינס איז קלאָר: מיר פאָרן אין אי. ט. ל. — איספּראַוויטעלנאָ־טרודאָוואָי לאַגער. מיט אַרבעט וועלן זיי פאַרריכטן אונדזער קאַליע געוואָרענע מענטשלעכע סובסטאַנץ. זיי וועלן פאַרריכטן אַלץ: דעם גוף, די נשמה, דעם מוח..

— ריכטיק. זייער ציל איז אַ „הומאַניסטישער" אָבער דו ווייסט, אַהרון, איך צווייפל צי דורך דיינע נאָך פאַרבליבענע 2½ יאָר, וועט זיך זיי איינגעבן צו פאַרריכטן דיין „סובסטאַנץ"...

— איך מיין, אַז מען קען זיך אויף זיי פאַרלאָזן. מיר פאָרן דאָך ניט אין

אַ פּשוטן אי. ט. ל. מיר פֿאָרן אין אַן אי. ט. ל. מיט שטרענגן רעזשים. דאָרט איז מסתּמא דער פּראָצעס פֿון „פֿאַרריכטן" און „איבערדערציִען" אַ ספּעציעלער, אַ פֿאַרגיכערטער...

און מיט אַ מאָל האָב איך דערהערט אַ באַפֿעלערישן געשריי:

— אָטשקאָסטי קאָנטריק (באַברילטער קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, הייסט עס), קאָ מניע: פֿעדאָרטשוק רופֿט צו זיך.

איך און יחזקאל זיינען צוגעגאַנגען צום סטאַראָסטע פֿון וואַגאָן.

— דיך האָב איך ניט גערופֿן — האָט געזאָגט פֿעדאָרטשוק צו יחזקאלען.

— ריכטיק. אָבער דו ביסט דאָך ניט קיין סליעדאָוואַטעל. דו ביסט אַ סטאַ־ראָסטע, אַ לייטישער מענטש. און דער קאָנטריק איז מיין שוועסטערקינד.

— לאַדנאָ. קיין סודות זיינען ביי מיר ניטאָ. וועל איך זאָגן אָפֿן. ביי דיר אין מאַנטל האָסטו באַהאַלטן געלט. דו זעסט דאָך אַז איך ווייס. איז גיב אָפּ. פֿאַרשטייסט דאָך אַז אויב דו וועסט ניט אָפּגעבן אַליין — וועט מען אָפּנעמען. איינס־צוויי און פֿאַרטיק. וועסט אָפּגעבן אַליין מיט גוטן, באַקומסטו מיין וואָרט אַז דו וועסט פֿאָרן דעם גאַנצן עטאַפּ ווי אַ פֿריץ. קיינער וועט דיך און דיין שוועסטערקינד מיטן פֿינגער ניט אָנרירן. און די פּאַיקע ברויט וועסטו באַקומען אין גאַנצן. פֿאַרשטייסט?

— גיב אָפּ — האָט געזאָגט יחזקאל אין יידיש — מיר האָבן נישט גענוג כּוחות צו קעמפֿן מיט זיי. מיר זיינען אין וואַגאָן 5 און זיי 47. גיב אָפּ.

— וואָס טאַראַטאָרעט איר דאָרט אויף אייער שפּראַך? איך וואַרט אויף אַן ענטפֿער.

איך בין אַוועק צו די נאַרעס, גענומען דעם מאַנטל, געבראַכט פֿעדאָרטשוקן און באַוויזן אים דאָס אָרט ווו עס זיינען געווען פֿאַרנייט די 200 רובל. ער האָט אויפֿגעריסן און אַרויסגענומען דאָס געלט, פֿאַרוויקלט אין אַ טיכעלע.

— מאָלאָדיעץ. אויב עמעצער וועט פּרווון דיך טשעפּען, זאָלסטו מיר תּיכּף זאָגן. איך וועל אים דעם קאָפּ אַראָפּנעמען. און ער האָט באַוויזן מיט זיינע הענט ווי אַזוי ער וועט אַראָפּדרייען דעם קאָפּ ביי יענעם מענטשן.

— איך פֿאַרשטיי ניט — האָט געזאָגט יחזקאל — פֿאַר וואָס אַזאַ רשעות, אַזאַ אַכזריותדיקע באַציִונג צו אַ מענטש? זיי ווייסן דאָך, די היטערס פֿון דער רעוואָלוציע, אונדזערע סלאַוונע טשעקיסטן, אַז די אונטערוועלט־מענטשן, די גזלנים און רויבערס איזדיעקעווען זיך איבער אונדז, פֿאַר וואָס דערלאָזן זיי דאָס?

— עס איז אַן עלעמענט פֿון זייער דערציִונג־סיסטעם — האָב איך געענט־פֿערט. מען טוט עס מיט אַ באַשטימטער כּוונה. ס'איז ניט צופֿעליק, וואָס זיי האָבן אַזוי פֿונאַנדערגעטיילט די אַרעסטאַנטן אין די וואַגאָנעס. זיי ווילן ביי דיר ניט נאָר אָפּנעמען די פֿרייהייט, נאָר אויך צעשטערן, צעטרעטן דיין פֿרייען ווילן, דיין פּערזענלעכקייט. איז פֿעדאָרטשוק ביי זיי אַ גוטער באַהעלפֿער.

און די תּפיסה אויף די רעדער פאַרט. די באַן לויפט, לויפט. וווהין לויפט זי? זי וועט ערגעץ אָנקומען. וווהין וועט זי אָנקומען?

אין קעלער פון נקוו״ד און אין מינסקער צענטראַלער טורמע האָט מען גע־קענט שפּאַנען 3 טריט אַהין און 8 טריט צוריק און זיך דערביי זיין אַליין, מיט די אייגענע מחשבות. און דאָ, אין דער תּפיסה אויף די רעדער, מוז מען זיין די גאַנצע צייט אויף די הוילע ברעטער פון דער נאַרע. ס׳איז ניטאָ ווו צו שפּאַנען. אין מיטן וואַגאָן זיצן גרופּעסווייז די יחסנים און שפּילן אין קאָרטן. ס׳איז שווער צו פאַרשטיין ווי אַזוי עס זיינען ביי זיי פאַרבליבן נאָך אַלע שטרענגע אונטער־זוכן די קאָרטן. אָבער ס׳איז אַ פאַקט. דאָס קאָרטנשפּיל ברענגט אָפט צו בלוט־פאַרגיסונג. דער פאַרשפּילער האָט שוין ניט מיט וואָס צו צאָלן — ער האָט פאַר־שפּילט אַלץ — באַקומט ער מכּות־רצח. דער סטאַראָסטע מישט זיך ניט אַריין אין דעם. און ווען עס קומט די רעוויזיע — כּדי צו ציילן יעדן אָוונט די אַרעס־טאַנטן — וועט דער צעקאַליעטשעטער אַרעסטאַנט קיין פּיפּס ניט געבן... פון די נאַרעס גייען מיר אַראָפּ נאָר נעמען די פּאָרציע ברויט אויפן טאָג און דאָס שיסעלע באַלאַנדע צוויי מאָל אין טאָג (מיט דעם עשאַלאָן פאָרט אַ פעלדקיך, וועלכע באַזאָרגט די אַרעסטאַנטן מיט וואַרעמער באַלאַנדע). און פון די נאַרעס לויפן מיר נאָר צו דעם לעכל אין דער פּאָדלאָגע טאָן די נאַטירלעכע באַדער־פעענישן...

אָבער מען ווערט צוגעוווינט צו אַזאַ אַרט לעבן אויך. עס גייען אַזוי דורך טעג און נעכט. וויפל טעג און נעכט פאָרן מיר? שוין מסתּמא 10, אָדער 11. און מיר האָבן נאָך איינמאָל ניט געוואַשן זיך. וואַסער איז אַ יקר־המציאות. אַז מען ברענגט אַן עמער וואַסער — באַקומען אַ ביסל וואַסער, לויט דער פאַראָרדענונג פון פעדאָרטשוקן, נאָר די יחסנים. וועגן אונדז, פּאָליטישע, קאָנטריקעס איז אַפילו קיין רייד ניט.

אָפט שטייט מען לאַנג אויף אַן אָרט. דערנאָך פילט מען ווי דער לאָקאָמאָטיוו מאַנעווורירט, שלעפּט די וואַגאָנען פון איין ליניע צו אַן אַנדערע. מען פילט אַז מען טשעפּעט צו צום עשאַלאָן נאָך וואַגאָנען — די באַן איז געוואָרן לענגער. דער לאָקאָמאָטיוו סאָפּעט שווערער. ווו געפינען מיר זיך? מיר פילן אַז מען פאָרט צום צפון. עס ווערט פון טאָג צו טאָג קאַלטער. אין איינעם מיט דער באַ־לאַנדע וואַרפט מען אַריין אין וואַגאָן אַ קופּקעלע האָלץ. נאַס האָלץ. עס רויכערט שטאַרק פון דעם אייזערנעם אויוועלע. עס גיט ניט כּמעט קיין וואַרעמקייט. די לופט שטיקט נאָך מער, דער עיפּוש־ריח מישט זיך אויס מיטן רויך...

יחזקאל האָט אָנגעהויבן שטאַרק הוסטן. עס באַווייזט זיך ביי אים אָפּטער בלוט פון האַלדז. ניטאָ מיט וועמען צו רעדן. ניטאָ ביי וועמען צו בעטן הילף.

און די באַן יאָגט, יאָגט. מיר זיינען שוין אין וועג אַרום 25 טעג. ס׳איז שרעקלעך קאַלט.

און מיט אַ מאָל איז געוואָרן שטיל. די רעדער דרייען זיך ניט, דער לאָקאָ־מאָטיוו סאָפּעט ניט. שטיל. מיר ווייסן ניט ווו מיר זיינען. נאָר מיר פילן אַז מיר געפינען זיך ניט אויף קיין אייזנבאַן־סטאַציע. מיר שטייען אין אַ פוסטן אָרט. אַ טויט־שטילע פוסטקייט. אַפילו פעדאָרטשוק האָט זיך אָנגעהויבן דענערווירן. די קאָרטנשפיל האָט אויפגעהערט. אַלע זיינען אָנגעשטרענגט. מען פילט אַז מיר זיינען שוין אָנגעקומען. ווהין?

די טיר פון וואַגאָן האָט זיך געעפנט און עס דערהערט זיך די קאָמאַנדע:

— אַרויסגיין איינציקווייז!

# 9
# בעלאַמאַר־באַלט־קאַמבינאַט

אַ רחבות פון שניי. אַן אָנסופיקער שנייִקער שטח, אַ שיטער־באַזעצטער מיט קליינינקע ביימעלעך. טונדרע. די שנייִקע ווייסקייט פאַרבלענדט די אויגן. דער פראָסט ברענט און שניידט ווי מיט אַ מעסער. עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם. איך שטיי מיט יחזקאלען, צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן. ס'איז אַ גליק, מסתמא, וואָס ס'איז ניטאָ קיין ווינט. ס'איז גרויליק שטיל. מען הערט ניט קיין איין וואָרט. אַזוי, ווי ביי אַלעמען וואָלט מיט אַ מאָל אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון. די שרעקלעכע קעלט וואָס ברענט ווי פייער האָט אונדז פאַרגליווערט. אַזוי איז דורך אַ לאַנגע צייט. וויפל צייט? מיר האָבן דערהערט אַ פייפעריי און סאָפּעריי פון לאָקאָמאָטיוו און דאָס ספּעציפישע קלאַפּן פון די רעדער — דער עשאַלאָן איז אָפּגעפאָרן. זייער אַ לאַנגער עשאַלאָן, ניט ווייניקער ווי 30־35 וואַגאָנען. פון מינסק זיינען אַרויס 6 סטאָליפּינישע וואַגאָנען. מען האָט אַ סך צוגעגעבן אין וועג. הייסט דאָס אַז מען האָט געבראַכט ניט ווייניקער פון 1,500 אַרעסטאַנטן...

דערנאָך האָט געדויערט אַ סך צייט ביז וואַנען דער נאַטשאַלניק פון עשאַלאָן האָט איבערגעגעבן זיין „סחורה" — יעדן אַרעסטאַנט מיט זיין „דיעלאָ" — דעם נאַטשאַלניק פון לאַגער־קאָנוואָי. און סוף־כּל־סוף, אויסגעשטעלטע צו 4 מאַן אין אַ ריי, אין באַגלייטונג פון אַ גרויסער צאָל סאָלדאַטן מיט הינט, האָבן מיר מאַר־שירט אין לאַגער אַריין. ווו איז דער לאַגער? ניטאָ קיין סימן. מען מאַרשירט. דער פעסטער שניי סקריפּעט אונטער די טריט. דער פראָסט שניידט, די סאָל־דאַטן שרייען ווען עמעצער פון די אַרעסטאַנטן פאַלט גייענדיק. די הינט צערייסן זיך אַזש פון בייזן געביל. מיר מאַרשירן. אויסגעשרייען פון די באַגלייטער־אָפיצירן: מאָלטשאַט, ניע ראַזגאָוואַריוואַט, סטריעליאַט בודיעם...

ווו איז דער לאַגער? מיר קוקן אויס אויף דעם לאַגער ווי אויף אַ ישועה. ניטאָ קיין לאַגער. מיר מאַרשירן. עס פאַלט צו דער אָוונט. דער פראָסט ווערט שטאַרקער. שווער זיך משער צו זיין וויפל גראַד פראָסט עס איז. אין מאָסקווע, לענינגראַד זיינען די פרעסט דערגאַנגען צו אַרום 30 מינוס. אָבער יענע פרעסט זיינען אַ געלעכטער אַנטקעגן דעם פראָסט אין טונדרע. אפשר ברענט עס אַזוי דער פראָסט ווייל איך בין זייער לייכט אָנגעטאָן? איך ווייס ניט. מיר דוכט זיך אַז ס'איז מער פון 40 מינוס... מיר גייען אַריין אין אַ גרויס שנייִק פעלד וואָס

איז אַרומגעצאַמט מיט צווײ רײען שטעך־דראָט. אין פיר ווינקלען פון דעם גרויסן פעלד שטײען הויכע הילצערנע טורמעס און אויף זײ שטײען סאָלדאַטן. און ווײט־ווײט, אין סוף פון פעלד, נעבן דעם שטעכלדראָט, אײן קלײנע הילצערנע שטי־בעלע... און אַרײנגעגאַנגען אין פעלד אַרײן איז מען דורך אַ קלײנער דורכ־גאַנגס־בודקע... אַ קאָמאַנדע:

— פונאַנדערגײן זיך פון די רײען!

— דערלויבט זיך ווענדן, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק — האָט אײנער געזאָגט מיט אַ הילכיקן באַס.

— וואָס פאַרלאַנגסטו?

— אפשר איז כּדאַי צו גײן אין לאַגער אַרײן און ניט אָפּרוען דאָ? עס גײט די נאַכט, בעסער קומען פריִער אין לאַגער.

— אָט דאָ איז אײער לאַגער. ס'איז ניטאָ וווּהין צו גײן. שטײט ניט, ווי שעפּסן. נעבן דער דורכגאַנגס־בודקע ליגן לאָפּעטעס מיט קירקעס. גײט, נעמט זײ און גראָבט זיך אײן אין דעם שנײ, וועט אײך זײן וואַרעמער ווי אין פרײען פעלד. ניט אַרומדרײען זיך. נאָענט צו דער שטעכדראָט ניט צוגײן — מען וועט שיסן אָן וואָרענונג. מאָרגן פרי וועלן קומען די אָנפירערס פון לאַגער און מען וועט אײך איבערגעבן וואָס ווײטער צו טאָן. מאָרגן פרי וועט מען אײך ברענגען עסן...

דער נאַטשאַלניק פון קאָנוואָי האָט פונאַנדערגעשטעלט די קאַראַול־פּאָסטנס און איז אַוועק מיט די אָפיצירן אין דעם שטיבעלע.

יחזקאל איז געשטאַנען אַזוי ווי אַ פאַרפרוירענער. איך האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס עס קומט פאָר מיט אים. איך האָב אים אַ טרײסל געטאָן:

— יחזקאל, קום, מיר וועלן עפּעס טאָן. מען דאַרף דאָך ווי ניט איז דורכ־קריכן די נאַכט. אפשר וועט זײן בעסער זיך דווקא צו באַוועגן און ניט אַרײנ־קריכן אין אַ געצעלט פון שנײ. זע, אַ סך מענטשן דרײען זיך אַרום. איך ווײס אויך ניט ווי אַזוי מאַכט מען עס אַזאַ געצעלט.

— רבונו־של־עולם, וואָס קומט דאָ פאָר? — האָט שטילערהײט כריפּענדיק געזאָגט יחזקאל. ווי אַזוי האָבן זײ געקענט דערגײן צו אַזאַ אַכזריות? צו חיות באַציט מען דאָך זיך בעסער!

— יחזקאל, טו מיר אַ טובה, הער אויף צו זײן משוגע. וואָס טראַכסטו וועגן „זײ"? דו זוכסט בײ זײ צדק? לאָז זײ אָפּ. שיק זײ צו אַל די שוואַרצע יאָר. זײ זײנען ניט בעסער און אפשר טאַקע אַ סך ערגער פון צאַרישן רעזשים. און די הײליקע טשעקיסטן זײנען ניט בעסער און אפשר אַ סך ערגער פון די צאַרישע זשאַנדאַרמען וואָס האָבן דיך געשמיסן מיט די נאַגאַיקעס אויף דער דעמאָנסטראַ־ציע אין יאָר 1906. לאָמיר טראַכטן ווי אַזוי דורכגײן די נאַכט און ניט פאַר־פרוירן ווערן.

— ביסט גערעכט. מיר וועלן זיך שטילערהייט טאָפּטשען דאָ. אָבער אין צענטער פון פעלד, ווייט פון די שטעכלדראָטן. זיי קענען שיסן. מיר וועלן אָבער ניט רעדן. מיר איז שווער צו אָטעמען. די לונגען מיינע קענען זיך ניט צופּאַסן צו דער קעלט.

און מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט אַ גאַנצע נאַכט, געטאָפּטשעט מיט די פיס, באַוועגט מיט די הענט, עטוואָס אונטערגעשטופּט איינער דעם אַנדערן, געריבן די אויערן, דעם נאָז און די באַקן. און די נאַכט שלעפּט זיך און שלעפּט זיך. דער פראָסט ברענט. הונדערטער מענטשן טאָפּטשען אַזוי ווי מיר שטילערהייט. מען האָט אויסגעמיטן צו רעדן, כּדי ניט אַריינצואָטעמען געפרוירענע לופט. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די טריט און פון צייט צו צייט האָבן די קאַראַולפּאָסטנס געשריגן מען זאָל זיך ניט דערנענטערן צו די דראָטן...

די נאַכט איז אַדורך. די צייט טוט דאָס איריקע. אין פרימאָרגן איז געוואָרן עטוואָס וואַרעמער ווי ביי נאַכט. איז אונדז שוין געוואָרן אַ ביסל גרינגער אויפן האַרצן. דערנאָך זיינען געקומען צו פאָרן צוויי פעלדקיכן. מען האָט געבראַכט קיפּיאַטאָק און הייסע באַלאַנדע. מען האָט געגעבן יעדערן אַ קאַטיעלאָק מיט אַ הילצערנעם לעפל און אַ פּאָרציע ברויט. אַ גרויסע פּאָרציע, מסתּמא אַרום 400 גראַם. דאָס ברויט איז געווען עטוואָס פאַרפרוירן, אָבער מיר האָבן עס אַריינגעלייגט אין דער באַלאַנדע און אין איינעם אויפגעגעסן. פּשוט מחיה נפשות. און דערנאָך האָט מען געטרונקען דעם קיפּיאַטאָק, אָן צוקער אָבער עס איז געווען געשמאַק, עס האָט געהאַט אַ ווונדערלעכן טעם...

דאָס שנייִקע פעלד, אַרומגעצאַמט מיט שטעכלדראָט האָט געהודיעט ווי אַ מוראַשניק. מענטשן זיינען געלאָפן אַ ביסל פריילעכער. עס האָבן זיך אָנגעהויבן גרופּירן און קלאַסיפיצירן אַרעסטאַנטן. די ערשטע השערה איז געווען אַז די „פּאָליטישע" האָבן די מערהייט און אַזוי האָט זיך טאַקע שפּעטער אַרויסגעוויזן. עס זיינען געווען אין לאַגער אַרום 900 „פּאָליטישע" און ביי 600 קרימינעלע. דאָס האָט פאַר אונדז געהאַט אַ וויכטיקע באַדייטונג. מיר וועלן שוין ניט לאָזן הערשן איבער זיך, ווי אין דער עטאַפּ־קאַמער און אין וואַגאָן.

אַ ביסל שפּעטער איז געקומען דער נאַטשאַלניק פון לאַגער מיט זיינע באַהעלפער. אונדז איז געוואָרן קלאָר אַז מיר געפינען זיך אין מאָנטשע־טונדראַ. געאָגראַפיש זיינען מיר מעבר דעם פּאָלאַרקרייז. אַדמיניסטראַטיוו געהערט אונדזער מאָנטשע־טונדראָווסקער לאַגער צו ב.ב.ק. דאָס זיינען די ראשי־תּיבֿות פון „בעלאָמאָרסקאָ־באַלטייסקי־קאָמבינאַט", וואָס זיין צענטער געפינט זיך אין דער שטאָט מעדוועזשעגאָרסק. אונדזער אויפגאַבע איז געווען אויפצובויען דאָ אַ לאַגער. געאָלאָגן האָבן געפונען אין דעם ראַיאָן גרויסע אוצרות פון ניקל און דאָ וועט זיך אַנטוויקלען אַ גרויסע ניקל־אינדוסטריע. אין דעם ראַיאָן וועט מען אויך אויפשטעלן אַ נייע שטאָט — מאָנטשעגאָרסק. דער נאַטשאַלניק האָט אויך

דערציילט אַז אין דעם פינף־יאָר־פּלאַן איז שוין פאַרשריבן דער סכום ניקל וואָס מיר דאַרפן אַרויסקריגן פון דעם אָרט. הייסט דאָס אַז מיר זייַנען די פּיאָנערן. מיר האָבן דעם זכות און דעם כּבוד צו גרייטן דאָס דערפאָלגרייכע אויספילן דעם פינף־יאָר־פּלאַן פון דער ניקל־אינדוסטריע אין וועלכער אונדזער סאָציאַליסטיש פאָטערלאַנד נויטיקט זיך שטאַרק. דער נאַטשאַלניק האָט אונדז אויך דערציילט וועגן דער וווּנדערלעכער היסטאָריש־וויכטיקער געשיכטע פון ב. ב. ק. וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן אויפבויען דעם גראַנדיעזן קאַנאַל פון באַלטישן ים ביז דעם ווייסן ים. דער גרויסער פּראָלעטאַרישער שרייבער מאַקסים גאָרקי האָט, אין איינעם מיט אַ גרויסער בריגאַדע פון 36 סאָוועטישע שרייבערס געשטעלט אַ גרויסן ליטעראַרישן דענקמאָל דער גראַנדיעזער בויונג פון קאַנאַל. אין דער גוואַלדיקער אונטערנעמונג האָבן זיך דערצויגן און איבערגעבויט זייער לעבן הונדערטער־טויזנטער פאַרברעכערס וואָס זייַנען געוואָרן ערלעכע סאָוועטישע בירגערס און בויערס פון סאָציאַליזם... דער נאַטשאַלניק האָט גערעדט מיט פּאַ־טאָס. די בלויע עפּאָלעטן האָבן געגלאַנצט אויף דעם שיינעם פוטער, און אויף זיין הויכער באַראַשקאָווער קוטשמע האָט געפינקלט אין פראָסט דער פינף־שפּי־ציקער שטערן...

און דערנאָך האָט ער באַפעלעריש געזאָגט:

— דאָ איז אַ לאַגער פון שטרענגן רעזשים. איך האָב קיין צייט ניט צו רעדן געגנוי וועגן דעם. מען וועט אייך שפּעטער דערציילן וואָס איר מעגט טאָן. אָבער איך וואָרן אייך אַז דער עיקר איז דיסציפּלין. און דער עיקר איז אַרבעט. פאַר יעדער קליינער עבירה וועט איר קריגן די גרעסטע שטראָף. באַלד וועט מען אייך ברענגען וואַרעמע זאַכן. זייט וויסן אַז דאָ איז זייער אַ קאַלטער קאַנט. היינט האָבן מיר מינוס 36 גראַד. אין עטלעכע וואָכן אַרום קען דאָ דערגיין ביז מינוס 45. אין יאַנואַר־פעברואַר קען דערגיין ביז מינוס 60 גראַד. איר דאַרפט אין משך פון עטלעכע וואָכן אויפבויען פאַר אייך באַראַקן. ניט ווייט פון דאַנען — 3־2 קילאָמעטער — איז דאָ אַ גרויסער, געדיכטער וואַלד. דאָרט וועט איר שניידן קלעצער. דערווייל, דערווייל וועט איר בויען צייטווייליקע באַראַקן פאַר אייך, אָן פונדאַמענטן, כּדי איר זאָלט קענען אַריבערגיין אַהין וווינען. אויף דער ערד, ריכטיקער אויף דעם פעסטן שניי, וועט איר אָנלייגן צווייגלעך פון בוימער און מיר וועלן אַריינשטעלן אייזערנע אויוועלעך און דערנאָך וועלן בריגאַדעס פון טעסלערס בויען אַ שטענדיקן לאַגער. די גרעסטע טייל אַרעסטאַנטן וועלן אַרבעטן אין וואַלד. אין אונדזער לאַגער דאַרף אויך זיין אַ פאַרצווייגטע וואַלד־אינדוסטריע. מיר האָבן אויף דעם געביט אויך אַ גרויסן פּלאַן. און דערווייל — די עטלעכע וואָכן — ביז וואַנען עס וועלן פאַרטיק ווערן די באַראַקן, דאַרפט איר מאַכן געצעלטן פון צווייגעלעך און שניי. מען קען זיך אויך אַריינגראָבן אין שניי און אונטערבעטן מיט סכך. ווי איר זעט איז אַלץ אָפּהענגיק פון אייך אַליין. וואָס

גיכער איר וועט אויפבויען די באַראַקן — וועט זיין בעסער פאַר אייך. איר וועט זיך צעטיילן אויף בריגאַדעס. דעם בריגאַדיר וועלן מיר שוין נאָמינירן... און איצט, צו דער אַרבעט. מען וועט אייך פירן גרייטן די צווייגן און סכך — כּדי איר זאָלט היינט שוין קענען שלאָפן בעסער...

דער נאַטשאַלניק מיט זיינע אַדיוטאַנטן זיינען אַוועק. דער לאַגער האָט גע־רוישט. מען טאַנצט פון איין פוס אויף דעם אַנדערן, מען קלאַפּט זיך מיט די הענט די אַקסלען, אַזוי ווי די בעלי־עגלות טוען און מען וואַרט אויף די וואַרעמע זאַכן.

— נו — זאָג איך צו יחזקאלען — אַ ווילער נאַטשאַלניק. ער האָט אונדז געגעבן צו פאַרשטיין אונדזער גרויסן זכות און כּבוד וואָס דער גורל האָט אונדז צוגעטיילט דערמיט וואָס ער האָט אונדז געבראַכט אין ב. ב. ק.

— ווי האָט ער געזאָגט זיינען די ראשי־תיבות פון ב. ב. ק.? — האָט יחזקאל געפרעגט תּמעוואַטע.

— בעלאָמאָרסקי־באַלטייסקי קאָמבינאַט.

— ניט ריכטיק. די ראשי־תיבות פון ב. ב. ק. זיינען: באַנדע באַרבאַרישע קנעכטשאַפט! אַז אַך און ווי צום גרויסן פּראָלעטאַרישן שרייבער מאַקסים גאָרקי און זיינע 36 מיטהעלפערס וועלכע האָבן אַרויסגעלאָזט דעם „ליטעראַרישן דענק־מאָל" וועגן דעם ווייס־ימיש־באַלטישן קאַנאַל. ער איז דאָך אויפגעבויט געוואָרן אויף די ביינער פון הונדערטער־טויזנטער מענטשן. דער גרויסער „הומאַניסט" גאָרקי לויבט באַרבאַרישע קנעכטשאַפט...

— וואונדערבאַר, יחזקאל. ווי אַזוי האָסטו אַזוי גיך און פּינקטלעך דעשיפ־רירט די ראשי־תיבות פון ב. ב. ק.? ווען דער נאַטשאַלניק האָט מיט פּאַטאָס גערעדט, האָט זיך ביי מיר אין מוח געדרייט די פראַגע ווי אַזוי ריכטיק צו דע־שיפרירן דעם ב. ב. ק. דאָס וואָרט באַנדע איז גלייך געקומען, אָבער די איבע־ריקע האָב איך ניט געפונען. איך זע אַז מען האָט געבראַכט בגדים. קום גיך נעמען.

מיר האָבן באַקומען וואַטאָווע הויזן, אַ קורצע וואַטאָווע פופייקע און אַ גרע־סערן וואַטאָוון בושלאַט, אַ היטל מיט אויערן און גרויסע שיך מיט צוויי פּאָר שמאַטעס, כּדי צו פאַרוויקלען די פיס. מען האָט צוגעזאָגט, אין אַ צייט אַרום, צו געבן וואָליקעס. מען האָט אויך געגעבן גרויסע וואַטאָווע הענטשקעס מיט איין פינגער. ס'איז געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן, אָבער דאָס פּנים האָט ממש גע־ברענט פון פראָסט. מען האָט צוגעזאָגט ברענגען אַ שמירעכץ אויסצושמירן דאָס פּנים און באַזונדערס די נאָז...

ביז דעם אָוונט האָב איך אין איינעם מיט יחזקאלען אויפגעשטעלט אונדזער געצעלט פון צווייגן באַדעקטע מיט פּלאַסטן פון שניי. און אינעווייניק האָבן מיר באַדעקט דעם שניי מיט סכך. מיר האָבן אין אָוונט באַקומען וואַרעמע באַלאַנדע,

אַ שטיקל שוואַרץ ברויט ווי שמוציקער ליים און „קיפּיאַטאָק״. און מיר זיינען ביידע אַריינגעקראָכן אין אונדזער „וווינונג״. דער באַפעל איז געווען: ביז מאָרגן 5 אין דער פרי — ביז דעם סיגנאַל פון אויפשטיין — ניט אַרויסקריכן פון די נאַרעס. מען וועט שיסן...

מיר זיינען געלעגן, אָנגעטועטע אין די אַרעסטאַנטישע וואַרעמע בגדים, דעם אייגענעם פּידזשאַקל אונטערן קאָפּ און מיט דעם אייגענעם מאַנטל זיך צוגע־דעקט, אָבער עס איז געווען שרעקלעך קאַלט. ס׳איז געגאַנגען אַ נאַכט מסתמא ניט ווייניקער ווי 40 גראַדוס צעלסיוס מינוס. מיר האָבן זיך צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן. אַ טויטע, אַ פינצטערע שטילקייט. פון צייט צו צייט הערט מען דאָס בילן פון די קאָנוואָי־הינט און ווען ניט ווען — אַ שאָס. האָט עמעצער גע־פּרוווט אַרויסקריכן פון דער זאָנע? וווהין וועט ער גיין אין דער גוואַלדיקער, אָנסופיקער שנייִקער טונדרע?

יחזקאל האָט זיך מיט אַ מאָל שרעקלעך פונאַנדערגעהוסט און האָט זיך קאָנווולסיוו באַוועגט. ער האָט אָפּגעדרייט זיין קאָפּ, ווי ער וואָלט ניט געוואָלט אָטעמען אין מיין זייט. ער האָט זיך אַ ביסל באַרויקט און אָנגעהויבן שטיל רעדן:

— איך מוז דיר זאָגן, אהרון, דעם אמת. ביי מיר האָט זיך אָנגעהויבן דער אַזוי גערופענער גיך־פּליסנדיקער טובערקולאָז־פּראָצעס. שוין די לעצטע עטלעכע טעג אין עטאַפּ איז מיר געגאַנגען אַ סך בלוט פון האַלדז. איך האָב זיך געסטאַ־רעט עס צו באַהאַלטן פון דיר. דאָ האָט זיך עס נאָך מער פאַרשטאַרקט. איך פיל אַז עס קומט אָן דער סוף...

— יחזקאל, וואָס זשע האָסטו געשוויגן? מען האָט דאָך באַדאַרפט ווענדן זיך צו דער נאַטשאַלסטוואָ. אפשר איז דאָ ביי זיי אַ שפּיטאָל? אפשר וואָלטן זיי דיך אָפּגעשיקט אין אַ שוין איינגעאָרדנטן לאַגער ווו מען ליידט ניט אַזוי פון דער שרעקלעכער קעלט.

— ניין, אַהרון, ס׳איז איבעריק. ב. ב. ק. פאַרבלייבט ב. ב. ק. — פון באַל־טישן ים ביז דעם ווייסן ים. מער קאַלט, ווייניקער קאַלט — דאָס איז ניט וויכ־טיק. דער דאָקטער אין מינסק האָט מיר געזאָגט אַז איך דאַרף לעבן כאָטש אַ יאָר־צוויי אין קרים, אין יאַלטע, אָדער יעווּפּאַטאָריע. מיר האָבן זיך געקליבן מיט מיין ווייב זומער פאָרן קיין קרים און פּרווון זיך דאָרט איינאָרדענען. נו, האָט מען מיך אַרעסטירט און איך האָב באַקומען 8 יאָר. איך פיל אַז איך וועל דאָ ניט אויסהאַלטן קיין 8 וואָכן. ס׳איז אַ פאַקט. מען דאַרף קוקן אויף דעם מיט אָפענע אויגן.

— יחזקאל, וואָס רעדסטו נאַרישקייטן? יעדער קרענק קען מען היילן און מען דאַרף היילן. מאָרגן וועל איך גיין צום נאַטשאַלניק און פּרווון רעדן וועגן דעם.

— צו וועלכן נאַטשאַלניק וועסטו גיין? עס וועט ניט זיין קיין נאַטשאַלניק.

מאָרגן וועט מען אָרגאַניזירן בריגאַדעס און גיין שניידן קלעצער. זיי רופן דאָס אָן ליעסאָפּאָוואַל. מען וועט דאַרפן זעגן די גרויסעביימער, אָפּרייניקן פון די צווייגן און דערנאָך צעזעגן אויף נויטיקע קלעצער און שלעפּן אין דער זאָנע, כּדי צו בויען די באַראַקן. מאָרגן וועט זיך אָנהויבן דאָס „נאָרמאַלע" לעבן אין לאַגער. מען וועט דאַרפן 12, אָדער 14 שעה אין טאָג האָרעווען אַזוי אַז מען זאָל פאַרגעסן וועגן די 40, אָדער 50 גראַדוס קעלט. וועלכער נאַטשאַלניק? ווער וועט דיך וועלן אויסהערן? דו מאַכסט זיך נאַיִוו און ווילסט מיך מיט דעם באַרויִקן?

איך האָב געשוויגן. איך האָב ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן אים. איך האָב שוין אָבער געוווּסט אַז ער איז גערעכט. מאָרגן וועלן קאָמאַנדעווען די נאָמינירטע דיעסאָטניקעס און בריגאַדירן — קרימינעלע פאַרברעכער. מאָרגן וועלן קאָמאַנדעווען די אַזוי גערופענע נאַריאַדטשיקעס — די וועלכע טרייבן אַרויס צו דער אַרבעט און מיט זיי איז דאָך ניטאָ וועגן וואָס צו רעדן.

יחזקאל האָט זיך ווידער פאַרהוסט און דערנאָך געזאָגט. — ס'איז פינצטער און דו זעסט גאָרניט. אָבער די שמאַטקע וועלכע איך האַלט אין האַנט איז רויט פון בלוט. די קרענק יאָגט. און אפשר איז דאָס בעסער. אַ מענטש האָט אַליין ניט דעם כּוח צו נעמען און ענדיקן. וואָס איז אָבער די לאָגיק און וואָס איז דער שׂכל פון לעבן נאָך אַ יאָר, נאָך צוויי? העלפן זיי אויספילן זייער פינף־יאָר פּלאַן? איך ווייס אַז איך וועל שוין מיין ווייב, מיין טאָכטער און מיין טאַטן ניט זען און זיי וועלן אַפילו ניט וויסן ווו מיין קבר איז. דו ווייסט, אהרון, איך פיל זיך זייער שולדיק פאַר מיין טאַטן. איך האָב אים אָנגעטאָן אַ סך עגמת־נפש. ער איז געווען אַ פּשוטער שטעטלשער מלמד, אָבער אַ ייִד — אַ משׂכּיל. איך האָב פאַר־לאָזט די שטוב און אַוועק בויען אַ נייע וועלט... זאָג מיר, אהרון, וואָס איז דער ציל אין דיין לעבן. לאָמיר זאָגן אַז מאָרגן באַפרייט מען דיך און דו ביסט ווידער מיט דיין ווייב און קינד — וואָס איז דיין גרעסטער פאַרלאַנג? דיין טרוים?

— פאָרן קיין ארץ־ישׂראל. איך טרוים וועגן דעם, יחזקאל, פון קינדערוויז אָן. ווען מיין שוועסטער איז מיט 10 יאָר צוריק געפאָרן קיין ארץ־ישׂראל, בין איך — אַ 15־יאָריקער ייִנגל — נאָכגעלאָפן נאָך דער באַן וואָס איז געגאַנגען פון מינסק קיין אָדעס און וויינענדיק געשריִען — אסנה, פאַרוואָס נעמסטו מיך ניט מיט? כּמעט מיט צוויי יאָר צוריק האָט די שוועסטער מיר געשיקט אַ סערטי־פיקאַט און איך האָב ניט געהאַט קיין געלט — פּשוט ניט געהאַט קיין געלט — און איך בין געבליבן מיט מיין טרוים. שפּעטער האָב איך געבויט פאַנטאַסטישע, נארישע, ניט רעאַלע פּלענער צו גנבענען די גרענעץ און פאָרן קיין ארץ־ישׂראל... ביי דער ערשטער מעגלעכקייט וועל איך עס טאָן. איך וויל האָפן, אַז סוף־כּל־סוף וועט מיין חלום מקוים ווערן און איך וועל זיין אין ארץ־ישׂראל.

— איך בין דיך מקנא, אהרון. דו האָסט אַ קאָנקרעטן, רעאַלן פאַרלאַנג. ס׳איז אים מסתּמא שווער צו פאַרווירקלעכן, אָבער ס׳איז דאָ וועגן וואָס צו טרוימען. ביי מיר איז אַ פוסטקייט. איך האָב צעריסן מיט דעם היים, מיט דעם טאַטן (די מאַמע מיינע איז יונג געשטאָרבן) און איך בין אַוועק בויען אַ נייע וועלט. איך בין געווען אַריינגעטאָן אין דער דאָזיקער בויונג בלב ונפש. נו, און וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט? מיין טראַגעדיע באַשטייט אין דעם וואָס איך האָב זיך אַנטוישט אין מיין אייגענעם וועג וועלכן איך האָב אויסגעקליבן. דער וועג מיינער איז געווען ניט קיין ריכטיקער. איך מיין אַז ווען איך וואָלט געגאַנגען אין דעם וועג אין וועלכן מיין טאַטע האָט געוואָלט אַז איך זאָל גיין, וואָלט ביי מיר אַזאַ פוסטקייט ניט געווען...

איך האָב געשוויגן. דעם ווידוי וואָס יחזקאל האָט אָנגעהויבן אין קאַמער פון מינסקער תּפיסה, האָט ער פאָרגעזעצט אין דער פינצטערער, ברענענדיק־פראָס־טיקער נאַכט, אין דעם שנייִיקן געצעלט, אין דער ווייטער מאַנטשע־טונדרע פון ב. ב. ק.... און ער האָט זיך געאיילט אַלץ אַרויסצוזאָגן, אַזוי ווי ער וואָלט געפילט אַז ער וועט פאַרשפּעטיקן, ניט באַווייזן צו ענדיקן דעם ווידוי...

— איך האָב צו דיר אַ בקשה. אין $2\frac{1}{2}$ יאָר אַרום וועסטו באַפרייט ווערן. וועסט זיין אין מינסק. גיי אַריין צו מיין ווייב דבורה. מען רופט זי דאָרט דאָראַ באַטאַנאָוונאַ און באַגעגן זיך אויך מיט מיין טאָכטער, מאַיאַ — איז איר נאָמען. לכבוד דעם ערשטן מאַי איז דער נאָמען. איך לאָך איצט מיט אַ ווייטאָק אין האַרץ פון דעם אידיאָטיזם מיינעם, פון דעם אידיאָטישן נאָמען וועלכן איך האָב געגעבן מיין טאָכטער. מיין מאַמעס נאָמען איז געווען רבקה. אַ שיינער, האַרציקער יידישער נאָמען. רבקה האָט מיר ניט געפּאַסט. מאַיאַ האָבן מיר אָנגערופן די טאָכטער... און דערצייל מיין ווייב און מיין טאָכטער וועגן אונדזערע געשפּרעכן און וועגן מיינע לעצטע טעג. שלאָג מיך ניט איבער. און אויב דו וועסט קענען, כאַפּ זיך אויך אַריין אין דעם שטעטעלע קאָפּוליע צו מיין טאַטן. אויב ער וועט נאָך לעבן — בעט אים צו זאָגן קדיש נאָך מיר. זאָג אים, אַז איך, יחזקאל פינקעלשטיין, בין אַוועק אויף יענער וועלט ווי אַ ייד...

מיר האָט עפּעס צוגיפגעקוועטשט דעם האַלדז און איך האָב ניט געקענט רעדן. איך האָב זיך צוגעדריקט צו יחזקאלען, אַרומגענומען אים און געשוויגן. ניט געשלאָפן די גאַנצע נאַכט. מיר האָט זיך געדוכט אַז ער האָט יאָ איינגע־דרימלט.

עטלעכע שטאַרקע, הילכיקע קלעפּ פון אייזן אויף אייזן האָבן געגעבן דעם סיגנאַל „פּאָדיאָם" — אויפשטיין און אָנהויבן דעם אַרעסטאַנטישן לעבן אין ב. ב. ק...

אַלס בריגאַדיר אין אונדזער בריגאַדע איז נאָמינירט געוואָרן אַ הויכער, שיינער יונגאַטש אין עלטער פון 23־24 יאָר. לויט זיין פּנים, וועלכער איז געווען

אַ גוטמוטיקער און שמייכלענדיקער, האָט ער אויסגעזען ווי אַן אינטעליגענטער מענטש און „פּאָליטישער״ אַרעסטאַנט. ווען מיר זיינען געקומען אין וואַלד צו דעם אָרט פון דער אַרבעט, האָט ער זיך פאַרגעשטעלט און געהאַלטן אַ קורצן אַריינפיר־וואָרט:

— מיך רופט מען קאָזאַטשאָק. דאָס מאָל זיץ איך פאַר באַרויבן אַ יוועליר־קראָם וואָס האָט זיך, צום באַדויערן, פאַרענדיקט טראַגיש — מיט דעם טויט פון אַ מילטאָן. איך האָב באַקומען 15 יאָר. דעם ערשטן מאָל בין איך געזעסן 1½ יאָר פאַר אַ קליינער קעשענע־גנבה. דעם ערשטן מאָל האָב איך אויך געאַרבעט אין וואַלד און ווייס גוט די מלאכה. איר זייט אַלע פּאָליטישע. מיר, קרימינעלע, האָבן, בדרך כלל, פיינט פּאָליטישע, אָבער איך פערזענלעך, האָב דווקא צו אייך כבוד. איצט איז ניט די צייט און ניט דאָס אָרט צו רעדן וועגן דעם. די אַרבעט אין וואַלד איז זייער אַ שווערע. די נאָרמעס זיינען זייער גרויסע, אָבער מע דאַרף זיך סטאַרען מיט אַלע כּוחות אויסצופילן זיי, ווייל אויב ניט וועט מען אָוועקזעצן די בריגאַדע אויף אַ שטאַרק פאַרקירצטער נאָרמע פון ברויט און באַלאַנדע, ניט רעדנדיק שוין וועגן דעם וואָס מען וועט ניט געבן קיין איין גראַם צוקער און קיין איין גראַם מאַכאָרקע צום רויכערן. אין די הינטישע באַדינגונגען פון אונדזער לאַגער מיט דער שרעקלעכער קעלט וועלן מיר זיך פאַרוואַנדלען אין משך פון איין וואָך אין דאָכאָדיאַגעס און מיר וועלן אָנהויבן אויסציען די פיס און אַרויסבלאָזן די נשמות. אונדזערע קערפּערס וועט מען אַרויסוואַרפן אין טונדרע... איר האָט פאַרשטאַנען? איך בין ניט פון ק. וו. טש. איר ווייסט וואָס הייסט ק. וו. טש.? קולטורנאָ־וואָספּיטאַטעלנאַיאַ טשאַסט — זיי גיבן אונדז קול־טור און דערציונג, אַזאַ יאָר זאָלן זיי האָבן... איך אַגיטיר אייך ניט פאַר בויען דעם סאָציאַליזם — איך האָב אים, אָט דעם סאָציאַליזם אין... איך האָב אייך געזאָגט דעם אמת פון גאַנצן האַרצן, איך מיין די טובה פון דער בריגאַדע און פון יעדן איינעם.

די רייד פון קאָזאַטשאָק זיינען באַגלייט געוואָרן מיט זאַפטיקע רוסישע „פאָלקלאָר״־אויסדרוקן וועלכע מען האָט באַדאַרפט אַרויפבריינגען אויף דעם פּאַפּיר נאָר איך שעם זיך... קאָזאַטשאָק האָט אונדז אויך געגעבן אייניקע טעכ־נישע אָנווייזונגען ווי אַזוי מען דאַרף פריִער אָביסל איינהאַקן מיט דער האַק אין בוים און דערנאָך ערשט נעמען זעגן; ווי אַזוי היטן זיך אַז דער בוים זאָל ניט פאַלן אויף דיר און דיך צעקאַליעטשען אָדער הרגענען אויף טויט; וווהין מען דאַרף שלעפּן די צווייגן נאָכן אָפּרייניקן דעם בוים און וווהין — אַוועק־שלעפּן דעם בוים. אין וואַלד זיינען געווען אָנגעגרייט זעגן און העק. ער האָט געהייסן צעטיילן זיך אויף פּאָרלעך און אָנהויבן די אַרבעט. קאָזאַטשאָק האָט אויך געוואָרנט אַז מען טאָר ניט אָפּגיין פון דעם אָרט פון אַרבעט. אַרום און

אַרום זיינען דאָ קאָנוואָי־סאָלדאַטן מיט הינט און זיי וועלן שיסן אָן קיין שום וואָרענונג...

איך בין צוגעגאַנגען צו קאָזאַטשאָקן:

— איך האָב צו דיר, זעמליאַק, אַ בקשה.

— וואָס עפּעס זעמליאַק? פון וואַנען ביסטו?

— איך בין פון מינסק. איך פיל לויט דיין אויסרייד אַז דו ביסט פון ווייס־רוסלאַנד. ביסט אַ ווייסרוס.

— ריכטיק. איך בין אַ ווייסרוס. איך בין געבוירן געוואָרן און כ׳האָב גע־לעבט אין רודענסק.

— זיינען מיר דאָך זייער נאָענטע זעמליאַקעס. רודענסק איז דאָך אַ דאָרף און אַן אייזנבאַן־סטאַנציע 12 קילאָמעטער פון מינסק.

— איך בין שוין דאָרט 5 יאָר ניט געווען. וואָס פאַרלאַנגסטו?

— מיין חבר פינקעלשטיין איז שוין ניט קיין יונגער מאַן. ער האַלט שוין ביי די פופציקער. ביי אים איז אַן אָפענער פּראָצעס פון טובערקולאָז. ער שפּייט מיט בלוט. ער איז שוין אַ דאָכאָדיאַגע און וועט ניט קענען אַרבעטן מיט דער זעג און האַק. מען דאַרף אים העלפן.

— אַ בראַנד אין זייערע געדערים אַריין! וואָס טוען זיי מיט אַ מענטשן? צוליב וואָס האָבן זיי אים געשלעפּט אַהער? אָבער וואָס קען מען אים העלפן? ביי אונדז אין לאַגער איז ניטאָ אַפילו קיין לעקפּאָם (קיין געהילף־פעלדשער). ס׳איז ניטאָ מיט וועמען צו רעדן אַפילו.

— איך מיין וועגן דער אַרבעט. גיב אים גרינגע אַרבעט.

— דאָס איז אין מיינע הענט. איך וועל דיין חבר אַוועקזעצן נעבן דעם שייטער, ווו מען דאַרף ברענען די צווייגן, דעם סכך. עס וועט אים זיין וואַרע־מער און ס׳איז די גרינגסטע אַרבעט.

— אַ דאַנק, קאָזאַטשאָק.

— דאַנק מיר ניט. איך בין דאָך אַ מענטש און ניט קיין טשעקיסט. ווען מיר וועלן זיך אומקערן פון וואַלד, באַווייז מיר אייער הינטישע נאָרע. איך וויל זיך מיט דיר אַדורכרעדן, ווי זעמליאַקעס.

מיט יחזקאלען איז געווען ניט גוט אויך ביי דעם שייטער — עס האָט אים געשטיקט דער רויך. די צווייגן זיינען דאָך ניט קיין טרוקענע און פלאַמען ניט, נאָר זיי גיבן אַ גיפטיקן רויך. ער איז אַרומגעלאָפן אַרום דעם שייטער זוכן אַ פּאַסיקן אָרט ווו ס׳איז ווייניקער רויך, נאָר די גאַנצע צייט האָט ער שטאַרק געהוסט. קאָזאַטשאָק האָט עס באַמערקט און געהייסן אים נאָר טראָגן די צוויי־געלעך און וואַרפן ניט ווייט פון שייטער. עס האָט פּשוט אונדז געוווּנדערט די פילבאַרע מענטשלעכע באַציִונג פון קאָזאַטשאָקן צו יחזקאלען.

מיין נאַפּאַרניק איז געווען אַ רוס, אַ יונגער מאַן פון אַ יאָר דרייסיק, אַן אַרבעטער פון לענינגראַד. שוין פון די ערשטע מינוטן פון אונדזער צוזאַמען־אַרבעט האָט ער אָנגעהויבן בורטשען אַז איך האַלט שלעכט די זעג אין האַנט; אַז מיט מיר וועט ער ניט קענען אויספילן די נאָרמע ביים זעגן; אַז איך שלעפּ ווייניקער צווייגן פון אים...

— ערגער זיך ניט — האָב איך אים געפּרוווט באַרויִקן — ס'איז דאָך דער ערשטער טאָג. אין משך פון עטלעכע טעג וועל איך באַהערשן די טעכניק פון אַרבעט. ס'איז דאָך ניט קיין גרויסע תורה.

— איר, יידן, זייט ניט געוווינט צו אַרבעטן. איר האָט ליב צו האַלטן די פּען אין דער האַנט. אַרבעטן, ווי אייזלען, דאַרפן מיר.

— אַלע יידן אין לענינגראַד אַרבעטן נאָר מיט דער פּען אין האַנט און אַלע רוסן אין לענינגראַד אַרבעטן פיזיש, ווי אייזלען?

— איך ווייס ניט וועגן אַלע. איך ווייס, אַז ביי אונדז אין צעך איז דער נאָרמיראָוושטשיק אַ ייד, דער פּלאַנאָוויק אַ ייד און דער בוכהאַלטער אַ ייד.

— נו, און אַרבעטער יידן זיינען געווען ביי אייך אין צעך? און דער נאַ־טשאַלניק פון צעך, און די מייסטערס פון צעך און דער דירעקטאָר פון אייער גאַנצער פאַבריק און דער הויפּט־אינזשינער און אַלע נאַטשאַלניקעס פון די אָפּ־טיילונגען און אַנדערע אינזשינערן, טעכניקערס און אָנגעשטעלטע, אַלע זיינען זיי ביי אייך יידן?

— פאַררייד מיר ניט די ציינער. צוליב אייך יידן זיינען אַלע אומגליקן אין לאַנד. צוליב אייך האָב איך אַריינגעכאַפּט 10 יאָר און פויל דאָ אין מאָנטשע־טונדראַ.

— צוליב יידן האָסטו אַריינגעכאַפּט 10 יאָר.

— באַשטימט. איך האָב געזאָגט אויף אַ פאַרזאַמלונג אין צעך אַז די נאָר־מעס זיינען גרויסע און דער אַרבעטס־לוין אַ קליינער. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען מיך אַרעסטירט און באַשולדיקט אין דעם אַז איך בין קעגן דער סטאַכאַנאָווישער באַוועגונג.

— איז וואָס פאַר אַ שייכות האָבן יידן צו דעם?

— ווער האָט איינגעשטעלט די נאָרמעס, אויב ניט דער ייד, דער נאָרמי־ראָוושטשיק?

— און דער סליעדאָוואַטעל אין נקוו"ד איז אויך געווען אַ ייד?

— ניין. ער איז דווקא געווען אַן אונדזעריקער, אַ רוסישער.

— איז פאַרוואָס זשע האָסטו אים ניט געגעבן צו פאַרשטיין אַז דער נאָר־מיראָוושטשיק איז שולדיק?

— דאָרט אין נקוו"ד איז שוין שפּעט צו געבן צו פאַרשטיין. דו ווייסט

וואָס עס טוט זיך ביי אונדז אין שטאָט? האַלב לענינגראַד האָט מען אַרעסטירט נאָך דעם שאָס אין קיראָווען.

— אָבער אין קיראָווען האָט דאָך געשאָסן אַ רוס, ניקאָלאַיעוו און ניט קיין ייד.

— אָבער אייערע יידן האָבן דאָך געדונגען ניקאָלאַיעוון צו שיסן קיראָווען.

— פון וואַנען ווייסטו אַז דווקא יידן האָבן געדונגען ניקאָלאַיעוון.

— ס'איז דאָך באַוווסט אַז טראָצקיסטן האָבן עס געטאָן. טראָצקי איז אַ ייד און אַלע זיינע טראָצקיסטן זיינען יידן.

איך האָב באַשלאָסן אַז עס ניט כדאי מיט אים צו פירן קיין וויכוחים און ס'איז ניט אַנגענעם מיט אים צו אַרבעטן.

— היינט וועלן מיר שוין ווי ניט איז ענדיקן און מאָרגן וועל איך בעטן ביים בריגאַדיר ער זאָל אונדז צעשיידן. דו ביסט גערעכט. וועסט געפינען אַ דייניקן און איך אַ מייניקן — האָב איך געזאָגט מיין שותף.

נאָך 12 שעה אַרבעט ווען מען האָט אויסגעראַנזשירט די גרויסע קאָלאָנע צו גיין אין לאַגער אַריין, נאָך דעם ווי מען האָט צוויי מאָל אונדז איבערגעציילט, האָב איך שוין דעם גרויסן פראָסט ניט געפילט. מיינע הענט און פיס און דער עיקר, די פלייצעס זיינען געווען ווי פאַרשטיינערטע. איך האָב ניט געוווסט וואָס עס טוט מיר וויי. איך בין געגאַנגען ווייל דער באַוווסטזיין האָט אונטערגעזאָגט: גיי, שטעל זיך ניט אָפּ, מען וועט שיסן אין דיר. אַזוי האָב איך זיך דערשלעפּט צו דער דורכגאַנגס־בודקע און דאָרט האָט מען אונדז נאָך געהאַלטן אַ לאַנגע צייט און יעדן אַרעסטאַנט באַזוכט. סוף־כל־סוף האָט אונדזער סכך־שנייקער געצעלט אויסגעזען אין מיינע אויגן ווי אַ היים.

אין אָוונט, אַ שעה בערך פאַרן „אָטבאָי", איז קאַזאַטשאָק אַריינגעקראָכן אין אונדזער הינטישער בודקע. יחזקאל איז געלעגן, שווער געאָטעמט און מיר האָט זיך געדוכט אַז ער דרעמלט. צו נאַכט איז דער פראָסט געוואָרן שטאַרקער און דערגרייכט צו מינוס 40. איך האָב איינגעדעקט יחזקאלען אויך מיט מיין אַלטן מאַנטל.

— ס'איז שלעכט — האָב איך געזאָגט קאָזאַטשאָקן — מיין חבר ווערט עס ערגער פון טאָג צו טאָג. איך ווייס פשוט ניט וואָס קען מען טאָן.

— דער אָנפירער פון דער אַרבעט אין וואַלד, דאָס הייסט דער הויפּט אינ־ספּעקטאָר איז אַ פריי־געדונגענער. איך וועל פּרווון דורך דעם דעסיאַטניק באַ־געגענען זיך מיט דעם אָנפירער און בעטן אים ער זאָל דערציילן דעם נאַטשאַל־ניק פון לאַגער וועגן דעם מצב פון דיין חבר. אפשר וועט מען אים צונעמען פון אונדזער לאַגער און איבערפירן אין אַן אָרט ווו עס איז דאָ אַ שפּיטאָל, אָדער כאָטש אַ דאָקטער. ב. ב. ק. איז גרויס און אַזעלכע ערטער זיינען ביי זיי פאַראַן. אָבער איך גלויב ניט אין דעם. דער נאַטשאַלניק וועט גאָרניט טאָן. טאָג־טעגלעך שטאַרבן אַרעסטאַנטן. זיי רופן דאָס אָן „אָטכאָד", ד. ה. אָפּפאַל. אַזוי ווי צווייגע־

לעך זיינען אָפּפאַל פון די קלעצער וועלכע מיר גרייטן, אַזוי זיינען אויך די אַרעסטאַנטן וואָס האַלטן ניט אויס און פייפן אַרויס זייערע נשמות...

— אָבער פּרווו, קאַזאַטשאָק, מען דאַרף זיך סטאַרען ראַטעווען מיין חבר.

— גוט. איך וועל מאָרגן בעטן דעם דעסיאַטניק ער זאָל מיך צופירן צום אָנפירער פון דער אַרבעט. זאָג מיר, וואָס הערט זיך אין אונדזערע קאַנטן? ביסט שוין לאַנג פון מינסק?

— כמעט 7 חדשים. מען האָט מיך אַרעסטירט דעם 21סטן אַפּריל.

— וויפל האָסטו באַקומען?

— 3 יאָר.

— האָסט אַ ווילדן מזל. מילא, דאָס איז ניט וויכטיק. איך וויל דיר עפּעס דערציילן. נעכטן האָב איך אייך געזאָגט אַז אין מיין בלוט איז פאַראַן עפּעס פון דער פּאָליטיק. ס׳איז ריכטיק. איך בין גיכער אַ פּאָליטישער ווי אַ קרימי־נעלער. דאָס הייסט, איך בין געוואָרן אַ קרימינעלער אויף אַ פּאָליטישן באָדן. ביי אונדז אין רודענסק האָבן מיר געהאַט אַ מיטלמעסיקע, אָבער גוטע ווירט־שאַפט. עטלעכע דיעסיאַטין ערד, צוויי פערד, 3 בהמות, אַרום 30 חזירים. דער טאַטע, דריי זין און צוויי טעכטער האָבן מיט זייער שוויס און מי געפירט די ווירטשאַפט. קיין איין געדונגענער איז ביי אונדז ניט געווען. איז אָנגעקומען דער אומגליק — די קאָלעקטיוויזאַציע. דער פאָרזיצער פון דאָרף־סאָוועט האָט אונדז פאַרשריבן ווי קולאַקעס און מען האָט איינס־צוויי חרוב געמאַכט אונדזער גאַנצע האָרעוואַניע, אָפּגענומען אַלץ — די פערד, בהמות, חזירים, הינער, דעם טויטן אינווענטאַר און אַרויסגעטריבן מיט אַן עטאַפּ אין די סטאָליפּינישע וואַגאָנעס די גאַנצע משפחה אונדזערע אין קראַסנאָיאַרסקן קאַנט. איך בין דאַן אַלט געווען 18 יאָר. מיר האָבן זיך געוואַלגערט דאָרט אין הונגער, נויט און קעלט. ביז איך בין אַנטלאָפן. עד היום ווייס איך ניט וואָס עס טוט זיך מיט מיין משפחה. די מאַמע האָט געוויס ניט אויסגעהאַלטן. איך בין אַנטלאָפן, ניט דערציילנדיק וועגן דעם קיינעם פון דער משפחה בין איך נעלם געוואָרן. מיט וועגן און אומוועגן בין איך געקומען קיין דניעפּראָפּעטראָווסק. איך האָב געוואָלט אָנקומען אויף אַ וועלכן ניט איז זאַוואָד. אין דניעפּראָפּעטראָווסק זיינען פאַראַן אַ סך זאַוואָדן. קום איך אין קאַדרען־אָפּטייל — איז די ערשטע פראַגע: פּאַספּאָרט. איך האָב ניט. זאָג איך — כ׳האָב פאַרלאָרן. זאָגט מען מיר: גיי אין מיליציע און מאַך פריער אַ פּאַספּאָרט און דערנאָך קום צו אונדז. וואָס טוט מען? איך האָב זיך אַרומגעדרייט אָן געלט, גענעכטיקט אַ נאַכט אויפן וואָקזאַל, אַ נאַכט אין אַ סקווער. איך האָב זיך געשעמט צו בעטן נדבות. אַזוי ביז איך האָב זיך צונויפגעשמעקט מיט עטלעכע דראָבנע קעשענע־גנבים. מען גנבעט 3־5 רובל, מען קויפט עסן און מען לעבט דורך דעם טאָג. 5־6 טעג איז מיר געגאַנגען ניט שלעכט און דערנאָך זיינען מיר „פאַרשאָטן געוואָרן״. מען האָט מיר אַריינגעהאַקט 2 יאָר

לאַגער און געבראַכט טאַקע אין דעם ב. ב. ק. אָבער אין אַ גוטן אָרט — אין לאַגער, וועלכער איז געווען אין זייער הויפּט־שטאָט, אין מעדוועזשעגאָרסק. ס׳איז אַ סך נענטער צום דרום פון דער ב. ב. ק.־אימפּעריע. איך האָב באַ־שטימט ערלעך אָפּצוזיצן, אַרויסגיין, ווי אַ מענטש, איינאָרדענען זיך, אַרבעטן און דערנאָך אַנהויבן טראַכטן וועגן דער משפחה וועלכע פוילט דאָרט אין ווייטן קראַסנאָיאַרסקער קאַנט. איך האָב געאַרבעט אין וואַלד און מיט מיין גאַנצן יונגן, דאָרפישן כוח האָב איך געגעבן אמתע 120־130 פּראָצענט פון דער נאָרמע. איך האָב דאָרט אַוועקגעלייגט מיין געזונט, אַבי גיכער אַרויסצוגיין. איך האָב זיך געהאַלטן ווייט פון די בלאַטניקעס, ניט צוזאַמענגעבונדן מיין גורל מיט זיי. אָנ־שטאָט 2 יאָר בין איך געזעסן קאַרגע $1\frac{1}{2}$ יאָר. מען האָט מיך באַפרייט און גע־געבן אַ ספּראַווקע וועגן דער באַפרייונג. איך בעט אַ פּאַספּאָרט. ענטפערן זיי אַז אין מיין דיעלאָ איז ניטאָ דער אַלטער פּאַספּאָרט. גיי אין מיליציע און אויף דעם סמך פון דער ספּראַווקע וועט מען דיר געבן אַ פּאַספּאָרט. אין מעדוועז־זשעגאָרסקער מיליציע האָט מען מיר קיין פּאַספּאָרט ניט געגעבן. מען האָט גע־זאָגט: פאָר אַהיים און דאָרט וועט מען דיר געבן דעם פּאַספּאָרט. וווהין קען איך פאָרן? אין קראַסנאָיאַרסקער קאַנט גיט מען ניט קיין פּאַספּאָרטן די אַרויס־געשיקטע קולאַקעס. פאָרן אין רודענסק? פאָרן אין מינסק? ס׳איז דאָך אַ נאַ־רישקייט. זיי וועלן דאָך מיך גלייך אָפּשיקן צוריק מיט אַן עטאַפּ אין קראַסנאָ־יאַרסקער קאַנט. וווהין זשע פאָרן? בין איך אַוועק אין קאַנצעלאַריע פון לאַגער און געבעטן געבן מיר אַן אייזנבאַן־בילעט קיין טאַשקענט. איך האָב באַשטימט אַוועקצופאָרן אין די וואַרעמע קאַנטן — אין אוזבעקיסטאַן, און דאָרט זען ווו איך האַלט אין דער וועלט. טאַשקענט איז אַ גרויסע שטאָט, דאָרט לעבן מער רוסישע מענטשן ווי אוזבעקן. איך האָב געפּרוווט דאָרט אָפּנאַרן די מיליציע און באַקומען אַ פּאַספּאָרט. איך האָב געטענהט אַז איך בין געווען מיט אַן אַל־טער מאַמע און זי איז געשטאָרבן. שטעלט מען גלייך די פראַגע: ווו האָסטו געוווינט? דאַרפסט זיין פאַרשריבן אין דעם שטוב־בוך... און איך האָב ניט גע־האַט קיין ברירה. איך האָב געמוזט אָנהויבן עפּעס טאָן, פאַרנעמען זיך מיט אַזאַ אַרבעט אין וועלכער מען מוז נישט אָנקומען צו דער אָפּטיילונג פון קאַדרען, און מען בעט ניט ביים אָנגעצונומען ווערן דעם פּאַספּאָרט און מען זוכט דאָרט ניט קיין „פּראָפּיסקע״. איך האָב זיך פאַרבונדן מיט דער אונטערוועלט. אין טאַשקענט זיינען זיי פאַראַן פון אַלע סאָרטן און אַלע פּראָפעסיעס. אָבער איך האָב באַשטימט ניט פאַרנעמען זיך מיט קיין גניבות ביי פּריוואַטע מענטשן. איך האָב צו זיי גאָרניט און איך טאָר זיי ניט באַאומרויִקן. אויב גנבענען, אויב ראַ־בעווען — איז ביי דער מדינה. די נשמה פון זיי!... און אויב שוין יאָ גנבענען און ראַבעווען איז אַזעלכע זאַכן פון וועלכע מען קען מאַכן אַ לעבן. איין אָפּע־ראַציע דורכגעפירט — און לעב ווי אַ גראַף עטלעכע חדשים. בקיצור. איך האָב

זיך צוזאַמענגערעדט מיט צוויי יאַטן, מיט צוויי שותפים. איינער איז געווען גריצקאָ — אַן אוקראַיִנער, אַ געזונטער זשלאָב, מיט איין זעץ פון דער האַנט קען ער אַוועקלייגן אויף קאַלט אַ מענטש; און דער צווייטער איז געווען יאַשקע — אַ וואַש בראַט, אַ יעווורייטשיק. דווקא אַן איידעלער יאַט, מיט גאָלדענע הענט. ער איז געווען אַ ספּעציאַליסט צו עפענען קאַסעס. מיר האָבן באַשטימט צו פאַר־נעמען זיך מיט יוּוועליר־מאַגאַזינען. דאָרט זיינען פאַראַן זייגערס, פינגערלעך און פאַרשיידענע גאָלדענע תכשיטים. ביי דער צווייטער אָפּעראַציע האָבן מיר זיך פאַרשאָטן. אונדז האָבן געכאַפּט צוויי מילטאָנען, ממש שוין נאָך דער אַרבעט, אַרויסגייענדיק פון קראָם. איך האָב געהאַט אַ גרויסע פּינקע און מיר האָט זיך איינגעגעבן אַריינצושטעכן דעם שאַרפן שפּיז אין האַרץ פון איין מיליציאָנער און אַנטלויפן. אין דריי טעג אַרום האָט מען מיך אַרעסטירט. איך האָב געטאָן אַ גרויסן פעלער דערמיט וואָס איך בין ניט אַוועקגעפאָרן פון טאַשקענט. אויף דער פאָרשונג האָב איך אַלץ אָפּגעלייקנט, געמאַכט זיך ניט וויסנדיק. אָבער גריצקאָ האָט מיך פאַרקויפט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז גריצקאָ האָט זיי געגעבן אַלע אַדרעסן, אַלע מאַלינעס, ווו נאָר איך האָב געקענט זיין. מען האָט מיך צוגענומען ביינאַכט אין דער דירה פון צוויי קורוועס. און אויף אַן אָטש־נער סטאַווקע האָט גריצקאָ דערציילט אַלע פּרטים פון אונדזער געמיינזאַמער אַרבעט. אויך אויף דעם משפּט האָט ער געטאָן דאָס זעלבע. וועסט פרעגן: און יאַשקע? ווי אַזוי האָט זיך יאַשקע געהאַלטן? ער האָט אָנערקענט אַז ער איז שולדיק און געטענהט, אַז נאָר מיט גריצקאָ האָט ער געאַרבעט. ער, יאַשקע, איז געווען דער ספּעציאַליסט און גריצקאָ איז געווען זיין טעכנישער באַהעלפער. קאָזאַטשאָקן קען ער ניט און ווייס ניט. ער זעט קאָזאַטשאָקן דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן דאָ אויף דעם משפּט. און ווער האָט שטאַרק פאַרוווּנדעט דעם מי־ליציאָנער? יאַשקע טענהט אַז ער ווייסט ניט. ער פאַרנעמט זיך ניט מיט רציחה. זיין אַרבעט איז אַן איידעלע: עפענען דעם שטאָלענעם אַלמער און נעמען דאָס גאָלד. אפשר האָט דעם מיליציאָנער פאַרוווּנדעט אַ דורכגייענדיקער כוליגאַן. אַ סך מענטשן האָבן ניט ליב קיין מיליציאָנערן... גריצקאָ האָט באַקומען 5 יאָר. מען האָט גענומען אין אַכט זיין אָפנהערציקע אויפפירונג אויף דער פאָרשונג און אויף דעם משפּט. יאַשקען האָט מען געגעבן 10 יאָר. מען האָט אים ניט געוואָלט מוחל זיין דאָס פאַלשע עדות־זאָגן. איך האָב באַקומען 15 יאָר מיט שטרענגן רעזשים. די איינציקע זאַך, וואָס איך טרוים איצט — איז צו באַגע־גענען זיך מיט גריצקאָ. איך וואָלט שוין אים געמאַכט דעם אמתן משפּט. יאַשקען וועל איך ניט פאַרגעסן דאָס גאַנצע לעבן — אַ גאָלדענער מענטש. אַ מענטש ניט נאָר מיט גאָלדענע הענט, נאָר אויך מיט אַ גאָלדענער נשמה...

איך בין געזעסן אין אונדזער סכך־שנייִקן געצעלט אַן אויפגעטרייסלטער פון קאָזאַטשאָקס דערציילונג. איך האָב געזען פאַר זיך ניט קיין רויבער, ניט

קיין רוצח, נאָר אַ גוטן, ערלעכן מענטש, וועלכן מען האָט אַכזריותדיק געצווונ־
גען צו פאַרוואַנדלען זיך אין אַ רויבער און רוצח. און אַזוי, ווי לייענדיק מיינע
געדאַנקען, האָט זיך יחזקאל מיטאַמאָל אויפגעהויבן פון זיין געלעגער און גע־
זאָגט:

— איך בין ניט געשלאָפן. איך האָב געהערט, פריינד קאָזאַטשאָק, דיין
גאַנצע דערציילונג. ווען איך וואָלט געהאַט כוחות, מעגלעכקייטן און טאַלאַנט,
וואָלט איך אָנגעשריבן אַ בוך וועגן דיינע פינף יאָר לעבן, אָנהויבנדיק פון דעם
קאָלעקטיוויזאַציע־טאָג און ענדיקנדיק מיט דער איצטיקער מינוט, ווען מיר זיצן
אין דער הינטישער נאָרע, אין דער ווייסער מאַנטשע־טונדרע פון דעם אַלמעכ־
טיקן ב. ב. ק. און דאָס וואָלט געווען אַ באַשולדיקונגס־אַקט קעגן דעם אוממענטש־
לעכן, מערדערישן, סאָוועטישן רעזשים. איך ווייס אַז איך טאָר ניט אַזוי רעדן,
אַז עס איז אַפילו דאָ אין דער שנייִקער טונדרע געפערלעך אַזוי צו רעדן, ווייל
דער שניי האָט דאָ מסתמא אויך אויערן. אָבער איך האָב ניט מורא. ערשטנס,
דערפאַר ווייל איך גלויב מיין פריינד אַהרון און איך גלויב אויך דיר, מיין פריינד
קאָזאַטשאָק. און צווייטנס, אויף יענער וועלט וועט מען מיך ניט משפטן פאַר
אַנטי־סאָוועטישער אַגיטאַציע...

עס האָבן זיך דערהערט די שטאָלענע קלאַנגען — דער סיגנאַל אַז מען טאָר
שוין ניט אַרויסגיין אין זאָנע, מען מוז פאַרבלייבן ביז 5 אין דער פרי אין די
באַראַקעס.

— איך וועל שוין איבערזיצן דאָ ביי אייך די נאַכט — האָט געזאָגט קאָ־
זאַטשאָק. אויב איך וועל לויפן צו זיך — קענען זיי שיסן. ביי אונדז איז דאָך
שטרענגער רעזשים. זאַלבעדריט איז ענג, אָבער וואַרעמער. דער פראָסט איז
שטאַרק — געוויס מער פון 40 גראַד. און דו רעד ניט וועגן יענער וועלט. ס'איז
נאָך דערווייל צו פרי צו רעדן וועגן דעם. שטאַרק זיך און האַלט זיך אַליין אין
די הענט. ס'איז דאָ ניטאָ אויף וועמען צו פאַרלאָזן זיך. וועגן דער אַרבעט
אין וואַלד דאַגה ניט. די פולע, 100־פּראָצענטיקע פּאַיקע ברויט וועסטו באַ־
קומען. איר ווילט ניט שלאָפן? אויב ניט, ווילט זיך מיר נאָך עפּעס אייך זאָגן.
איר ווייסט, די מענטשן אין לאַגער — אומגליקלעכע אַרעסטאַנטן וועלכע דאַרפן
זיין פילבאַר צו יענעמס ליידן — זיינען פונקט ווי וועלף איינער צו דעם אַנ־
דערן. עס איז זעלטן דאָ פאַראַן אמתע פריינדשאַפט. איך פאַרשטיי ניט פאַרוואָס.
דעם ערשטן מאָל האָב איך אויסגערעדט מיין האַרץ. און פאַר וועמען? פאַר
ניט אונדזערע, דווקא פאַר יידן. איך פאַרשטיי ניט פאַרוואָס, נאָר מען האָט
פיינט יידן. איך ווייס ניט די סיבות, נאָר עס איז אַ פאַקט. אַלץ וויל מען אַרויפ־
וואַרפן אויף יידן. און איך האָב זיך איבערצייגט, אַז פונקט פאַרקערט. יידן קען
מען גלויבן. איך האָב שוין אייך דערציילט וועגן יאַשקען. איז דאָך אַ פאַקט אַז
יאַשקע, דער ייד, האָט מיך געוואָלט ראַטעווען און גריצקאָ האָט מיך פאַרקויפט.

פּאַרקויפט מיט אַלע פּאַטראָכעס. איך וויל אייך דערציילן נאָך וועגן איין ייד. ווען מען איז געקומען צו אונדז, אין יענעם פאַרשאָלטענעם פאַרטאָג, מאַכן די קאָלעקטיוויזאַציע, ד. ה. פאַרשרייבן דעם גאַנצן דאָרף אין קאָלכאָז און אַלע אַזוי גערופענע קולאַקעס אַרויסטרייבן פון דאָרף און אָפּשיקן מיט די ווייבער און קינדער אין ווייטן סיביר, אָפּנעמענדיק ביי זיי דאָס גאַנצע האָב און גוטס, זיינען אין דער בריגאַדע וועלכע איז געקומען צו אונדז אין רודענסק פון מינסק, געווען 3 מענטשן און צווישן זיי איין יעוורייטשיק, אַ בלייכער, דאַרער בחור, ווייזט אויס ניט קיין גיבור אין געזונט, נאָר אויך מיט אַ רעוואָלווער. זיי זיינען געקומען צו אונדז אין כאַטע ביי 4־5 אַ זייגער פאַרטאָג מיט דעם פאָרזיצער פון סעלסאָוועט. דער עלטסטער פון דער בריגאַדע האָט געפרעגט מיין טאַטן: ווילסט זיך פאַרשרייבן אין קאָלכאָז? האָט זיך אַריינגעמישט דער פּאָרזיצער פון סעלסאָוועט: וואָס פרעגסטו ביי אָט דעם בלוט־זויגער, ביי דעם קולאַק. אויב ער וועט אַריינקריכן אין קאָלכאָז וועט ער אים צעשטערן. עס זיינען דאָ 5 משפחות אַזעלכע אין דאָרף. איך האָב דאָך אייך שוין געגעבן דעם צעטל. דער עלטסטער פון בריגאַדע פרעגטביים טאַטן: וויפל סקאָט האָסטו? וואָס פאַר אַ אינווענטאַר? דער טאַטע האָט געזאָגט דעם אמת. האָט דער בריגאַדיר געהייסן: אַלעמען אויפקלייבן זיך אין משך פון אַ שעה אין וועג אַריין; און דעם טאַטן האָט ער באַפוילן עפענען אַלע שטאַלן ווייל מען דאַרף אַרויספירן די פערד און די בהמות. דער טאַטע האָט געזאָגט: איך וועל מיינע פערד און בהמות ניט אָפּגעבן. איך האָב זיי אויסגעהאָדעוועט ווי מיינע קינדער. איך וועל זיי ניט געבן. קום, מיר גייען אויפברעכן די שלעסער, האָט געזאָגט דער בריגאַדיר. דער טאַטע און מיר, די זין, זיינען אַרויסגעלאָפן אין הויף. דער טאַטע האָט געכאַפּט אַ גרויסן דראָנג און געשריען: איך וועל קיינעם ניט צולאָזן צו דער קאָניושניע. מען האָט עטלעכע מינוט געשריען, געאַמפּערט זיך און צום סוף האָט דער על־טסטער פון בריגאַדע, וועלכער איז געקומען פון מינסק — מסתמא פון נקווו״ד — אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער, אָנגעצילט אים אין דעם טאַטן, און גע־זאָגט: גיי אַוועק פון שטאַל, איך וועל דיך שיסן ווי אַ הונט. שיס, האָט דער טאַטע געזאָגט. איך וועל מיינע פערד ניט אָפּגעבן. איך וועל ציילן ביז דריי און שיסן, האָט געשריִען דער גזלן. איינס, צוויי... און מיט אַ מאָל איז צוגעלאָפן דער יעוורייטשיק וועלכער איז געשטאַנען די גאַנצע צייט און געשוויגן, קיין איין וואָרט ניט געזאָגט, פאַרשטעלט דעם טאַטן מיט דעם אייגענעם גוף און אויס־געשריִען צו זיין עלטסטן: חבר יאַקובאָווסקי, נעם צו דעם רעוואָלווער, איך וועל ניט לאָזן הרגענען אַ מענטשן. די פּאַרטיי האָט באַפוילן אַרויסצוטרייבן די קולאַקעס און אָפּנעמען ביי זיי אַלץ, אָבער ניט הרגענען. איך וועל ניט לאָזן הרגענען. דער עלטסטער האָט זיך צעיושעט און אַרויסגעשריִען: גיי אַוועק אין אַ זייט, זשידאָווסקער הונט; דו פאַרטיידיקסט קולאַקעס. איך וועל זיך מיט דיר

אויסרעכענען שפּעטער אין נקוו"ד; און דערווייל גיי אַן אַ זייט. איך וועל ניט גיין, האָט געשריען דער יעווריייטשיק. שיס אין מיר. איך וועל ניט לאָזן הרגענען אַ מענטש. דער ענקאַוועדיסט האָט אויסגעשאָסן עטלעכע מאָל אין דער הויך, אַריינגעלייגט דעם רעוואָלווער אין קאָבורע אַריין, צוגעגאַנגען צום ייד און אויס־געברומט: אין משך פון איין האַלבע שעה זאָלן די פערד און די בהמות פון דעם קולאַק זיין אין די קאָלכאָזנע שטאַלן. אויב ניט, איז פּיענאַי נאַ סעביאַ...

דער יעווריייטשיק האָט גענומען דעם טאַטן פאַרן אָרעם און געזאָגט: קום אַריין אין כאַטע, באַרויִק זיך, איך וועל דיר אַלץ אויפקלערן. און ער האָט גע־געבן דעם טאַטן צו פאַרשטיין אַז עס וועט גאָרניט העלפן, אַז נעבן דאָרף שטייען סאָלדאַטן מיט געווער. דו וועסט ניט קענען קעמפן מיט אַ ווזוואָד סאָלדאַטן. די סאָלדאַטן ווייסן ניט קיין קונצן. זיי וועלן באַקומען אַ באַפעל צו שיסן, וועלן זיי אים אויספירן. וועסט דיינע פערד און בהמות מיט זיך אין סיביר ניט קענען נעמען. אין אַ שעה אַרום דאַרפט איר אַלע זיין אויף די לאַסט־מאַשינען וועלכע וואַרטן נעבן דאָרף. גרייט צו פעקלעך מיט זאַכן און גייט. אַזאַ איז דער גורל און מען קען גאָרניט העלפן. נעם זיך אַן, דאָברי טשעלאָוועק, מיט שׂכל און כּוח און פיר אויס דעם באַפעל. עס זיינען שוין געווען אַ סך אומזיסטע קרבנות. דו ווילסט, אַז דיין ווייב זאָל בלייבן אַן אַלמנה און דיינע קינדער יתומים? גלויב מיר — וועסט דיין האָב און גוטס ניט קענען ראַטעווען. אויב ניט היינט, וועט מען עס מאָרגן צונעמען...

דער יעווריייטשיק האָט גערעדט און מען האָט געפילט אַז דאָס האַרץ זיינס צעררייסט זיך פון צער. אַ גוטער מענטש. ער האָט געראַטעוועט אונדזער טאַטן. יענער גזלן האָט געברענט. מיר האָבן אַלע געזען אַז ער דראָט ניט אומזיסט; אַז ער וועט זאָגן „דריי" און שיסן דעם טאַטן אין האַרץ אַריין... דער טאַטע האָט זיך צערעוועט ווי אַ קינד, אָפּגעגעבן דעם יעווריייטשיק די שליסלען און געזאָגט צו דער מאַמען און צו אונדז: קומט, מאַזשע באָג נאַם פּאָמאָזשע... און אין עטלעכע שעה אַרום האָט מען אונדז געבראַכט צו דער מינסקער טאָוואַרנער סטאַנציע און דערנאָך, אין איינעם מיט אַ סך אַזעלכע ווי מיר, אַוועקגעשיקט דעם עשאַלאָן אין קראַסנאַיאַרסקער קאַנט. מיר זיינען געפאָרן אַהין אַרום 20 טעג, פונקט ווי אַן עשאַלאָן מיט אַרעסטאַנטן קיין ב. ב. ק....

קאָזאַטשאָק איז אַנטשוויגן געוואָרן, געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און דערנאָך געזאָגט:

— איך ווייס ניט וואָס מען האָט געטאָן מיט דעם יעווריייטשיק. מסתּמא פוילט ער איצט ערגעץ אין אַ לאַגער. אָך, נעמען איצט אַ האַלבן ליטער בראָנפן און מיט איין אָטעם אויסטרינקען, וואָלט אפשר גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן...

די צייט טוט דאָס איריקע. ווידער דער סיגנאַל — אויפשטיין. ווידער, ווי חיות, ניט קיין געוואַשענע, גלייך געלאָפן נעמען די פּאַיקע ברויט און די באַ־לאַדע. אויפגעגעסן אַ העלפט ברויט און די אַנדערע העלפט אַוועקגעלייגט אונ־טער דעם אַלטן מאַנטל אין דעם געצעלט און ווידער אויסגעשטעלט זיך ביי דער דורכגאַנגס בודקע און דורכגעגאַנגען דאָס באַזוכן (וואָס זוכט מען? שווער צו פאַרשטיין. ווען מען גייט פון דער אַרבעט זוכט מען, כּדי ניט אַריינלאָזן אין לאַגער קיין האַק, אָדער קיין אַנדער אינסטרומענט. אָבער אַז מען גייט פון לאַגער אין וואַלד — וואָס זוכט מען? ווער ווייס זיי — מען זוכט). און ווידער מאַרשירן מיר אין וואַלד, ווידער 12 שעה אַרבעט ביז מען פילט ניט די אברים פון קער־פּער. און ווידער דער מאַרש פון וואַלד. און ווידער די באַלאַנדע מיט דעם צווייטן שטיקל ברויט און ווידער אין דער נאָרע אַן אַנגעטאָנענער, אָבער זיך טרייסלענדיקער פון קעלט ביז דעם קומענדיקן סיגנאַל 5 אין דער פרי...

מיט יחזקאלען ווערט עס ערגער און ערגער. קוים וואָס ער שלעפּט די פיס. צי מען האָט דערציילט דער נאַטשאַלסטווע, צי ניט — מען ווייס ניט. בכל אופן איז קיינער ניט געקומען און קיינער האָט זיך ניט אינטערעסירט. און אין עט־לעכע טעג אַרום — מסתּמא אויף דעם 10טן טאָג פון אונדזער זיין אין מאַנטשע טונדרע, — האָבן מיר יחזקאלען געטראָגן פון וואַלד אויף די הענט. ער האָט ניט געגעסן זיין ברויט און באַלאַנדע. איך האָב אים געגאָסן אין מויל וואַרעמע וואַסער... אים איז געוואָרן קאַלט. איך האָב אים אַרומגענומען און צוגעדעקט מיט מיין קערפּער און מסתּמא אַזוי איינגעדרעמלט. און עטוואָס שפּעטער האָב איך זיך אויפגעכאַפּט און דערפילט אַז איך ליג אויף אַ טויטן גוף... איך האָב אים אַ גלעט געטאָן איבערן שטערן — קאַלט ווי דער פראָסט אין טונדרע. כ׳האָב אויפגעהויבן זיין האַנט און זי איז אַראָפּגעפאַלן אין סכך אַריין. יחזקאל איז אַוועק פון בב״ק אין אַן אַנדער וועלט. אפשר פּאַסט דאָ טאַקע דער פּסוק: ברוך דיין אמת... איך האָב זיך דערמאָנט זיין בקשה וועגן זיין טאַטן און וועגן קדיש. איך בין געלעגן נעבן יחזקאלען און געשעפּטשעט: יתגדל ויתקדש שמיה רבה... יתגדל ויתקדש שמיה רבה... מער האָב איך קיין ווערטער פון קדיש ניט געוווסט. פון קינדווייז האָב איך נאָר געדענקט די פיר ווערטער...

5 אַ זייגער אינדערפרי: דער סיגנאַל — אויפשטיין. איך בין אַרויסגעלאָפן פון שנייִיקן געצעלט, געפונען קאַזאַטשאָקן און אים דערציילט וועגן יחזקאלען.

— צאַרסטוואָ יעמו נעבעסנאָיע. האָט ער געזאָגט.

— אָבער, קאַזאַטשאָק, זאָג וואָס טוט מען? מען דאַרף דאָך אים ברענגען צו קבורה.

— וואָס רעדסטו נאַרישקייטן, אַהרון. וואָס פאַר אַ קבורה? מען דאַרף לויפן

עסן די באַלאַנדע און גייען צו דער דורכגאַנגס־בודקע. זיי וועלן אַרויסוואַרפן דיין פריינד אין טונדרע. ער איז ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער. זיי רופן אַן דעם טויט: נאַטירלעכער אָפּפאַל... שריי ניט, ערגער זיך ניט. צעשייד זיך מיט דיין פריינד אין האַרצן און גאַר...

אָבער איך האָב זיך ניט צעשיידט מיט יחזקאלען אין מיין האַרצן. ער איז דאָרט פאַרבליבן אויף אייביק...

דאָס נייע יאָר 1936 האָבן מיר באַגעגנט אין די אויסגעבויטע באַראַקן. 300 אַרעסטאַנטן האָט מען אַריינגעשטופּט אין אַ באַראַק און וועלכן עס איז געווען זייער ענג — ליגן האָט מען געקענט נאָר אויף אַ זייט. כדי איבערצודרייען זיך אויף דער אַנדערער זייט, האָט מען באַדאַרפט פריִער זיך זעצן, און דערנאָך זיך לייגן. די ענגשאַפט האָט אָבער געהאַט אַ מעלה — ס׳איז געווען וואַרעמער. די באַראַקן זענען געבויט געוואָרן גיך, אויף „טאַנדעט״ — עס זיינען אַפילו געווען שפּאַלטן צווישן די בערווענעס. אין מיטן באַראַק זיינען געווען צוויי אייזערנע אויוועלעך, אָבער זיי האָבן שרעקלעך געראויכערט פון דעם נאַסן האָלץ. עס זיינען געשטאַנען אויך לאַנגע טישן מיט בענקלעך נעבן זיי. אין איין ווינקל צוויי פעסער מיט וואַסער און אין אַ צווייטן ווינקל צוויי פעסער — פּאַראַשעס. פון 10 אין אָוונט ביז 5 אינדערפרי זיינען די באַראַקן געווען פאַרשפּאַרט.

דאָס יאָר 1936 האָט אונדז באַגעגנט מיט אַ פראָסט פון מינוס 58 גראַדוס צעלסיוס. מינוס 58 גראַד! עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אָבער עס איז אַ פאַקט. 5 אין דער פרי איז געקומען אין באַראַק דער נאַריאַדטשיק און געמאָלדן אָפיציעל: היינט איז מינוס 58 גראַד און דער נאַטשאַלניק פון וואַכער (מיליטערישע קאָנוואָי־שמירה) גיט ניט קיין קאָנוואָי צו באַגלייטן די אַרעסטאַנטן אין וואַלד... אפשר איז דאָס געווען דערפאַר וואָס זיי האָבן באַשטימט צו הוליען דעם טאָג פון דעם נייעם יאָר. דעם 2טן יאַנואַר האָט מען אונדז אַרויסגעפירט אין וואַלד און מיר זיינען דווקא געווען צופרידן ווייל אין וואַלד איז דער ווינט קלענער און מען דערלויבט אָנצוצינדן שייטערן.

מען האָט אויך אויסגעבויט אַ קאָנטאָר און אַ קיך. די באַלאַנדע האָט מען שוין געקאָכט אין לאַגער גופא און ניט געבראַכט מיט באַוועגלעכע פעלד־קיכן. דאָס איז אויך געווען אַ מעלה — די באַלאַנדע איז געווען הייס און זי האָט געוואַרעמט די נשמה...

מען ווערט צוגעוווינט. איך האָב זיך אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט, געהאָרעוועט, ווי אַן אייזל. איך מיין אַז דאָס שפּריכוואָרט פּאַסט ניט. אַן אייזל איז אָפּטמאָל אַן עקשן — ער שטעלט זיך אָפּ אינמיטן גאַנג און פאַרטיק... דער אַרעסטאַנט קען ניט זיין קיין עקשן, ווייל דער „פאַרטיק״ איז זייער אַ פּאַסקודנער

— מען באַקומט ניט קיין עסן און מע ווערט אַ „דאָכאָדיאַגע" — אַ קאַנדידאַט אויף יענער וועלט... איך האָב זיך צוגעוווינט אויך צו דעם שטייגער. וואָס קען מען העלפן? שוין איבער דריי חדשים ווי איך האָב זיך ניט אויסגעטאָן. די גאַנצע צייט אין די זאַכן וועלכע פאַרוואַנדלען זיך אין שמוציקע שמאַטעס. איך בין געשלאָפן אַפילו אין די שיך און ניט געגאָלט זיך. דער גרעסטער טרוים מיינער איז געווען — אַ באָד און אַ ריין פּאָרל וועש. די הענט און דאָס פּנים האָבן מיר אָנגעהויבן וואַשן נאָר אין באַראַק. דאָס הייסט אַז פון דעם אַרויס־גיין פון מינסקער טורמע מיט דעם עטאַפּ ביז דעם באַראַק, האָבן מיר ניט גע־האַט קיין וואַסער אויף די הענט אַפילו.

אין מיטן יאַנואַר איז געקומען אין באַראַק אַ פאָרשטייער פון ק. וו. טש. קולטור־דערציִונגס אָפּטייל — און פאָרגעלייגט אַז ווער עס וויל אַ שטיקל פּאַ־פּיר, אַ קאָנווערט און אַ בליי־פעדער, קען עס קריגן כּדי אָנצושרייבן אין זיין אָנוועזנהייט אַ בריוו און אים איבערגעבן צו אָפּשיקן. אין בריוו טאָר מען ניט שרייבן וועגן דער אַרבעט און רעזשים אין לאַגער. איין בריוו נאָר און איין אַדרעס. איך האָב גיך אָנגעשריבן פריידלען אַ קורצן בריוו און געבעטן מיר מודיע זיין וואָס הערט זיך מיט מאַשען און מיט דעם קליינעם יוסיקן. איך האָב די רעכט צו באַקומען איין בריוו אין 3 חדשים און איין פּעקל — 5 קילאָ־גראַם — אין 6 חדשים... דעם בלייפעדער האָט ער צוריק גענומען.

— דערלויבט, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק, פרעגן ביי אייך — האָב איך זיך געווענדט צו דעם סערזשאַנטל.

— וואָס ווילסטו?

— מיר זיינען זייער פאַרשמוציקט און פאַרלייזיקט. אפשר קען מען באַקומען אַ פרישע פּאָרל וועש און אָרגאַניזירן ווי ניט איז דאָס אויסוואַשן זיך מיט זייף און וואַרעמע וואַסער?

אַלע האָבן מיך הילכיק אונטערהאַלטן. מען האָט געשריען אַז ס'איז שוין אוממעגלעך. מען דאַרף אַרומוואַשן זיך און דעזינפיצירן די זאַכן.

דער סערזשאַנטל האָט אַ געשריי געטאָן — מאָלטשאַט. ער וויל ניט הערן קיין אָרגאַניזירטע פּראָטעסטן. און דערנאָך האָט ער געמאָלדן אַז מען ענדיקט בויען אַ באָד און אַ דעזינפעקציע־קאַמער. עס איז אָפּהענגיק פון די אַרעסטאַנטן — וואָס גיכער זיי וועלן ענדיקן, אַלץ גיכער וועלן מיר זיך קענען אויסבאָדן. מיט די לייז דאַרף מען דערווייל קעמפן מיט די אייגענע כּוחות — מען קען אַראָפּנעמען דאָס העמד און די גאַטקעס און אַרויסוואַרפן זיי אויף אַ קורצער צייט אויפן פראָסט; מען קען אויך זיי האַלטן נעבן דעם אויוועלע עטלעכע מינוט. און דערנאָך האָט ער צוגעגעבן:

— איר דאַרפט דאָך פאַרשטיין אַז סוף־כּל־סוף האָט מען אייך געשיקט ניט אויף אַ קוראָרט, נאָר אין אַ לאַגער פון שטרענגן רעזשים...

דער אויסבוי פון לאַגער איז געגאַנגען צום סוף. חוץ אונדזערע 5 צייט־ווייליקע באַראַקן האָט מען אויסגעבויט אַ גאַנץ שטעטל. עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען עטאַפּן מיט נייע אַרעסטאַנטן — אַלע פּאָליטישע מיט אורטיילן פון מינימום 15 יאָר ביז 25 יאָר. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז מיר האָבן אויסגעבויט אַ לאַגער פון ספּעציעלן רעזשים, ניט שטרענגן, נאָר מיט אַ האַרבערן ראַנג — ספּעציעלער רעזשים. אַרעסטאַנטן וועלכע וועלן דאַרפן אַרבעטן אין די שאַכטעס און אַרויסנעמען דעם ניקל, אין וועלכן עס האָט זיך זייער גענויטיקט די אינטענסיווע סאָציאַליסטישע בויונג פון ראַטן־פאַרבאַנד...

אין חודש אַפּריל יאָר 1936, האָט מען אָפּגעקליבן פון מאַנטשע־טונדרע אַן עטאַפּ פון אַרעסטאַנטן מיט קליינע אורטיילן 3־5־8 יאָר — און מיר זיינען געבראַכט געוואָרן אין די טיפעניש פון די וועלדער פון דער קאַרעלאָ־פינישער רעפּובליק. מיר זיינען אָנגעקומען אין דער אַזוי גערופענער באַטשאַלאָווער אָפּטיילונג פון ב. ב. ק.

אַלץ אין לעבן איז פאַרהעלטנישמעסיק. אין פאַרגלייך מיט מאַנטשע־טונדרע איז דער באַטשאַלאָווער לאַגער געווען אַ גן־עדן. ערשטנס איז ער געווען געאָגראַפיש דרומדיקער און עס האָבן דאָרט ניט געברענט אַזעלכע שוידערלעכע פרעסט ווי אין מאַנטשע־טונדרע. די אָרטיקע אַרעסטאַנטן האָבן דערציילט, אַז אין יאַנואַר־פעברואַר, ווען אין מאַנטשע־טונדרע איז דער פראָסט דערגאַנגען ביז מינוס 60 גראַד, איז אין באַטשאַלאָווער לאַגער געווען אַרום 45 גראַד. איצט — אין העלפט אַפּריל — ווען מען האָט אונדז געבראַכט פון מאַנטשע־טונדרע ווו עס איז געווען ביי 30 גראַד, איז דאָ אין באַטשאַלאָווע געווען מינוס 20 גראַד. דאָס איז אַ קאָלאָסאַלער אונטערשייד. צווייטנס איז דער לאַגער אין באַטשאַלאָווע געווען פונדאַמענטאַל אָרגאַניזירט. ס'איז געווען אַ באָד. מען האָט אונדז אָפּגעגאָלט, מיר האָבן געקרעכצט פון הנאה ווען מיר האָבן זיך געוואַשן אין באָד, באַטש מיט זייף איז געווען שווערלעך... מיר האָבן באַקומען אַ קלייבינק שטיקעלע פּאָר 5 מאַן. די זאַכן האָט מען דעזינפיצירט און מען האָט אונדז געגעבן פרישע לייוונטענע וועש, ווי אויך צוויי פּאָר נייע פּאָרטיאַנקעס. ס'איז ניט קיין קלייניקייט. אין אַ באַראַק פון דער זעלבער גרויס ווי אין מאַנטשע־טונדרע זיינען מיר געווען בלויז 220 מאַן (אין מאַנטשע־טונדרע — 300). איז טאַקע געווען דאָ אַ סך גערוימער. מען האָט געקענט ליגן אויך אויף דער פּלייצע און צווישן איין אַרעסטאַנט און אַ צווייטן איז געווען אַ מרחק פון עטלעכע סענטימעטער — מען האָט זיך ניט באַדאַרפט רייבן איינער אין דעם אַנדערן...

אָבער אויך דער באַטשאַלאָווער לאַגער איז געווען אַ לאַגער פון שטרענגן רעזשים מיט אַלע זיינע טשעקיסטישע אייגנשאַפטן און אַכזריותדיקער האַרב־

קייט. עס האָבן שרעקלעך געמאַטערט די באַזוכענישן. זיי זיינען געמאַכט געוואָרן ניט נאָר ווען מען איז אַרויס אין וואַלד צו דער אַרבעט און ווען מען איז צוריק געקומען פון דער אַרבעט, נאָר אויך אין לאַגער גופא. פּלוצלינג קומט מען אין באַראַק און מען טרייבט אַרויס אין דרויסן, און מען זוכט אין באַראַק. דערנאָך לאָזט מען איינציקווייז אַריין אין באַראַק און מען הייסט זיך אויסטאָן און דאַן — אַ שטרענגע זוכעניש ביי דעם אַרעסטאַנט. וואָס זוכט מען? שווער צו פאַר־שטיין. שטרענגער רעזשים! אין מאָנטשע־טונדרע זיינען מיר געווען הונדערטער קילאָמעטערס ווייט פון דער וועלט און דאָ זיינען מיר, ווי עס ווייזט אויס, ניט ווייט פון דער קאַרעלישער באַפעלקערונג. זוכט מען. מען לאָזט ניט אָפּרוען. אַפילו אין די זונטיקדיקע אָפּרו־טעג — זוכונגען...

דער לאַגער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גרויסע וואַלדפאַבריק. אויב אין מאָנטשע־טונדרע האָבן מיר געגרייט וואַלד־מאַטעריאַלן פאַר אָרטיקן געברויך, פאַר דער בויונג פון לאַגער גופא, האָט מען אין באָטשאַלאָווער לאַגער געגרייט וואַלד־פּראָדוקציע פאַרן גאַנצן ראַטן־פאַרבאַנד. און אַפילו אויף עקספּאָרט. וואַלד־פּראָדוקציע פון פאַרשיידענע מינים: פאַר שיף־בויונג, פאַר אייזנבאַן־שפּאַלן, בוי־מאַטעריאַל פון פאַרשיידענע סאָרטן און אויך אָפּפאַל־האָלץ אויף באַהייצונג. די וואַלד־פּראָדוקציע האָבן מיר געגרייט אין וואַלד, אַרויסגעשלעפּט זי פון וואַלד צו די געהעריקע טראַנספּאָרט־וועגן און פון דאָרט האָבן שוין אַנדערע אַרעס־טאַנטן זי געפירט מיט פערד אָדער מיט טראַקטאָרן צו פילצאָליקע אָזיערעס און טייכן, כדי מיטן וואַסער צו טרייבן דאָס געהילץ (פאַרשטייט זיך נאָר אין זומער־סעזאָן), אין פאַרשיידענע פונקטן פון לאַנד. דער לאַגער האָט ווי יעדע סאָוועטישע אונטערנעמונג געהאַט אַ פּלאַן, אַ פּלאַן מיט אַלע נויטיקע עלעמענטן, איינשלי־סנדיק אַפילו דעם זעלבסטקאָסט און די פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבעט. און דעם פּלאַן האָט מען געדאַרפט אויספירן. און אויספירן דעם פּלאַן דאַרף מען אַריבער די 100 פּראָצענט. וואָרום אַזוי ווי אין גאַנצן לאַנד, אַזוי דאַרף אויך דער ב.ב.ק. און יעדער לאַגער־פונקט זיינער, אויספילן דעם פינף־יאָר־פּלאַן אין 4 יאָר. פון דעם איז אָפּהענגיק די קאַריערע פון דער נאַטשאַלסטווע פון לאַגער. ווערט דער פּלאַן גוט אויסגעפילט — שפּרייזט דער קאַפּיטאַן צום טיטל מאַיאָר און דער מאַיאָר — צום טיטל פּאָלקאָווניק, און דער פּאָלקאָווניק — צום טיטל פון גענע־ראַל... מען קריכט צו אַ העכערן מעמד אויף דער לעבעדיקער לייטער פון הונ־דערטער טויזנטער קנעכט. די גראַנדיעזע סאָציאַליסטישע בויונג אין לאַנד פאַ־דערט קאָלאָסאַלע קוואַנטומס פון וואַלד־מאַטעריאַלן. און דער ב.ב.ק., און זיינע אָנפירערס־טשעקיסטן, פילן אויס זייער גרויסן חוב, פילן אויס דעם באַפעל פון דער פאַרטיי און רעגירונג און גיבן די נויטיקע קוואַנטומס פון די וואַלד־מאַטע־

ריאַלן וועלכע זיינען אָנגעזאַפּט מיט שווייס און בלוט פון מיליאָנען קנעכט און אַפּילו מיט דעם לעצטן אָטעם פון הונדערטער און טויזנטער געפּאַלענע און פאַר־וואַלגערטע אין די טונדרעס און טאַיגעס פון דער ב. ב. ק.־אימפּעריע.

פאַראַן דאָ לרוב פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. פאַרשיידענע מענטשן, פאַרשיידענע טיפּן, פאַרשיידענע כאַראַקטערן. אין לאַגער הערשט אַן אַטמאָספער פון פרעמד־קייט, פון חשד און פּחד, פון איינגעשלאָסנקייט אין זיך אַליין. יעדער טראָגט זיך מיט זיין פּעקל. מען מיידט אויס צו באַקענען זיך נענטער, צו באַפריינדן זיך, צו עפענען דאָס האַרץ. אַלץ איז פאַרשלאָסן. אַזוי ווי יעדער אַרעסטאַנט וואָלט פאַרשטיקט אי זיך אַליין, אי זיין נשמה, אין אַ ספּעציעלער זאָנע. עס איז ווייניק די זאָנע פון לאַגער, מיט דער עלעקטריזירטער שטעכדראָט אַרום איר, מיט די אומצאָליקע שומרים און הינט; ס'איז ווייניק, וואָס פון 10 אין אָוונט ביז 5 אין דער פרי זיינען די 220 אַרעסטאַנטן אין באַראַק פאַרשפּאַרט; ס'איז ווייניק וואָס די בריגאַדע אין וואַלד איז אַרומגערינגלט מיט שומרים און הינט — צו דעם אַלעם האָט יעדער איינער זיך אַליין איינגעשלאָסן אין זיך. יעדער ווייסט אַז אין באַראַק און אין דער בריגאַדע זיינען דאָ „שמעקערס", מאָבילי־זירטע דורך דער „דריטער אָפּטיילונג" וועלכע אינפאָרמירן וועגן יעדן וואָרט. קען מען דאָך באַקומען אַ נייע „דיעלאָ" אין לאַגער. עס קען דאָך הייסן אַז מען פירט אַנטי־סאָוועטישע טעטיקייט אין לאַגער. און אויף דעם סמך קען מען קריגן אַ נייעם „סראָק"... און ווער וויל דאָס? האָט מען דעריבער אויסגעמיטן צו רעדן אַפילו וועגן דער „דיעלאָ" מיט וועלכער ביסט געקומען אין לאַגער. אַלע ווייסן אַז די „דיעלאָ" איז קאָנטער־רעוואָלוציע. טאָ וואָס איז די נפקא־מינה, וואָס פאַר אַ קאָנטער־רעוואָלוציע? בעסער ניט רעדן און ניט קריטיקירן די „אָסאָבאָיע סאָוועש־טשאַניע", אָדער דאָס געריכט, די סאָוועטישע געזעצלעכקייט... די דאָזיקע פאַר־זיכטיקייט איז ניט געווען קיין רעזולטאַט פון קרענקלעכן דמיון ביים אַרעסטאַנט. די פאָרזיכטיקייט, דער פּחד איז געווען באַזירט אויף פילצאָליקע פאַקטן וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין לאַגער. אויפן סמך פון די אינפאָרמאַציעס פון די „שמע־קערס" האָט די „דריטע אָפּטיילונג" „גענייט" נייע „דיעלעס" און אַרעסטאַנטן האָבן באַקומען „דאָוועסקעס" — „דאָבאַווקעס" — צו די געבראַכטע אין לאַגער 5, 8, אָדער 10 יאָר, האָבן זיי צוגעקריגן פרישע אויסגעבאַקענע, נייע 3, 5, און 8 יאָר...

די דריטע אָפּטיילונג איז אַלע מאָל אין דער לופט, נעבן יעדן טריט דיינעם. דו זעסט זי ניט, דו ווייסט ניט ווו זי געפינט זיך, אָבער זי איז אַלע מאָל נעבן דיר. דו פילסט זי אַלע מאָל — ביים האָרעווען אין וואַלד, ביים זשליאָקען די באַלאַנדע, ביים מאַרשירן צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט, ביים זיצן און

טריקענען די פּאַרטיאַנקעס נעבן דעם אייזערנעם אייוועלע אוןביים ליגן אויף די נאַרעס... די דריטע אָפּטיילונג איז די אימה וועלכע איז אַלע מאָל אַרום דיר...

עס גייען דורך די טעג, פון פינצטער ביז פינצטער, אין אוממענטשלעכער האַרעוואַניע אין וואַלד און די נעכט אין שטינקענדיקן און שטיקנדיקן באַראַק. טעג פון שווייס און בלוט. נעכט פון טעמפּער מידקייט, זאָרג וועגן אויסטריקענען די פּאַרטיאַנקעס און פאַרגיכטן די לייז, וועלכע שטערן צו שלאָפן... די קרימינעלע, די אונטערוועלט־לייט זייען אַריינגעטאָן אין קאָרטנשפּיל. עס איז וואָס אַן אמת פאַרווערט לויט דער אינסטרוקציע, נאָר די אַדמיניסטראַציע קוקט דערויף מיט פאַרמאַכטע אויגן. מען וויל ניט דערצערענען דער אונטערוועלט. זיי קענען זיך בונטעווען און בכלל ניט אַרבעטן. די „פּאָליטישע" האָבן אָבער מורא צו פאַר־נעמען זיך מיט קאָרטנשפּיל. עס איז קודם־כל אוממעגלעך צו קריגן פּאַפּיר, אָדער קאַרטאָן כדי צו מאַכן די קאָרטן און טאָמער וועט מען חס־וחלילה כאַפּן עמעצן אין פּאָליטישן באַראַק ביים שפּילן אין קאָרטן — איז ער פאַרזיכערט מיט קאַר־צער. איז טאַקע נישטאָ אין אונדזער באַראַק ניט קיין בוך, ניט קיין צייטונג, ניט קיין שטיקל פּאַפּיר און בלייפעדער און אַפילו ניט קיין חברישער שמועס צווישן זיך.

די לאַגער־אַדמיניסטראַציע זאָרגט פון דעסטוועגן פאַר דער גייסטיקער דער־ציונג פון אַרעסטאַנטן. עס איז דאָ ק. וו. טש. — אַ קולטור־דערציִערישע אָפּטיי־לונג. זי פירט די אַזוי גערופענע „פּאָליט־שעה". יעדן זונטיק — אין אָפּרוטאָג — קומט אין באַראַק אַן אינסטרוקטאָר פון ק. וו. טש. און לייענט רעדעס פון חבר סטאַלין, קאַפּיטלען פון „קורצן קורס" פון דער געשיכטע פון דער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי און פאַרשיידענע אינפאָרמאַציעס וואָס דערציילן וועגן דער זיגרייכער סאָציאַליסטישער בויונג און וועגן דעם קאַמף מיט די פיינט פון פאָלק... עס אילוסטרירט די מסירות־נפשדיקע אַרבעט פון די „אָרגאַנען" מיט פאַרשיי־דענעביישפּילן און ער קען ענדיקן זיין אויפקלערונג בזה הלשון:

— אָט אין דעם באַראַק געפינען זיך איצט 220 קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן פון אַלע מינים. ווען אונדזערע אָרגאַנען וואָלטן ניט געווען וואַך און זיי באַצייטנס ניט געכאַפּט און ניט איבערגעריסן זייער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט, וויפל שאָדן וואָלטן זיי געבראַכט אונדזער לאַנד און דער סאָציאַליסטישער בוי־ונג? זאָג איך ריכטיק?

— טאַק טאָטשנאָ, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק — ענטפערן אַ סך מיילער. אויך דער וואָס שרייט ניט „טאַק טאָטשנאָ", באַוועגט מיט די ליפּן כדי מען זאָל מיינען אַז ער שרייט אויך... לעכערלעך? יאָ! טרויעריק? מער טרויעריק, ווי לעכער־לעך! אָבער ס'איז אַ פאַקט. איך דערצייל ניט קיין אַנעקדאָטן. איך דערצייל פאַקטן. דאָס איז די תקופה פון דער צווייטער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן...

אין דער צווייטער העלפט פון 1937סטן יאָר האָט אין דער פּאָליטישער דערציִונג פון די אַרעסטאַנטן פאַרנומען אַ באַזונדער אָרט דאָס שטודירן די „סטאַלינישע קאָנסטיטוציע״ — די שפּאָגל־נייע קאָלאָסאַלע דערגרייכונג פון דער סאָוועטישער דעמאָקראַטיע — די געניאַלע שאַפונג פון חבר סטאַלין...

זונטיק. אַן אָפּרו־טאָג. מען האָט אויפגעגעסן 300 גראַם שוואַרץ, ליימיק ברויט, אַ שיטערן זופּ פון פערלגרויפּן, עטלעכע פאַרפרוירענע, זיסע קאַרטאָפל און אַ קאָפּ, מיט זייער גרויסע אויגן, פון אַ פאַרפרוירענעם ים־פיש, מען האָט אויסגעטרונקען אַ שיסעלע קיפּיאַטאָק און אויסגערויכערט מיט גרויס הנאה אַ „ציגן־פיסל״־מאַכאָרקע און מען ליגט אויף די נאַרעס. עס דאַרף זיין אַ „פּאָליט־שעה״. עס קומט אַריין אין באַראַק אַ לייטענאַנט — דער שטעל־פאַרטרעטער פון דעם נאַטשאַלניק פון ק. וו. טש. דער דניעוואַלניער שרייט אויס: „וונימאַניע!״ — און אַלע שטעלן זיך אויף די פיס. די פון די אונטערשטע נאַרעס כאַפּן זיך אַראָפּ אויף דער פּאָדלאָגע און די אויף די אייבערשטע נאַרעס שטעלן זיך אויף די פיס, אָבער זיי האַלטן איינגעבויגן די קעפּ, ווייל דער סופיט לאָזט ניט אַז מען זאָל שטיין אויסגעגלייכט. דערנאָך קומט די קאָמאַנדע: „וואָלנאָ״ — און מען זעצט זיך יעדער אויף זיין אָרט. דער לייטענאַנט הייבט אָן רעדן הויך, מיט פּאַטאָס, וועגן דער פרייהייט פון וואָרט, פרייהייט פון פּרעסע אין ראַטן־פאַר־באַנד, וואָס אין אונטערשייד פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, ווערט זי ביי אונדז אין לאַנד גאַראַנטירט דעם גאַנצן פאָלק. ביי אונדז, זאָגט ער, געהערן די גאַסן דעם פאָלק; די דרוקערייען געהערן דעם פאָלק; די קאָמוניסטישע פּאַרטיי — די איינציקע וואָס פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון די אַרבעטנדיקע — גיט אַרויס טויזנטער צייטונגען און ביכער פאַרן פאָלק... דער לייטענאַנט האָט זיך פאַרכלינעט מיט זיין פּאַטאָס און וויל מסתמא אַ ביסל זיך אָפּרוען און ער שרייט אויס: „זאָל לעבן דער חבר סטאַלין — דער שאַפער פון דער סטאַלינישער קאָנ־סטיטוציע! הורא!״... אַלע שטעלן זיך אויף די נאַרעס, מען שרייט „הורא!״ און מען אַפּלאָדירט. דער לייטענאַנט אַפּלאָדירט אויך און אַלע קוקן ווען ער וועט אויפהערן דאָס אַפּלאָדירן. אָבער ער אַפּלאָדירט ווייטער און אויך אַלע אַפּלאָ־דירן ווייטער. הורא האָט מען שוין אויפגעהערט צו שרייען, אָבער מען אַפּלאָ־דירט, ווייל דער לייטענאַנט האָט נאָך ניט אויפגעהערט צו אַפּלאָדירן. סוף־כּל־סוף האָט ער אויפגעהערט צו אַפּלאָדירן און געזאָגט „סאַדיטעס״ — ער האָט דערלויבט זיך צו זעצן... מיר זעצן זיך — אָבער מיין שכן אויף די נאַרעס קלאַפּט נאָך פאַמעלעך מיט זיינע הענט, הערט ניט אויף צו אַפּלאָדירן.

דער לייטענאַנט האָט אָנגעהויבן ווייטער רעדן און דער שכן פּאַטשט נאָך מיט זיינע הענט, אַלע מאָל שוואַכער און שוואַכער ביז ער הערט אויף... אין אַ שטיקל צייט אַרום — ווידער אַן אויסגעשריי: „זאָל לעבן דער חבר סטאַלין — דער גרויסער פאָטער פון אַלע פעלקער!״... און ווידער דאָס זעלבע — אַלע

אַפּלאָדירן ביז דער לייטענאַנט לאָזט אַראָפּ זיינע הענט און זאָגט „סאַדיטעס״ און דער שכן מיינער פּאַטשט נאָך אַלץ אַ ביסל צו מיט זיינע הענט...

די „פּאָליט־שעה״ האָט זיך געענדיקט. אַלע 220 אַרעסטאַנטן האָבן אין האַרצן געווונטשן דעם לייטענאַנט און די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע די געשמאַקע רו־סישע ברכות באַגלייט מיט באַקאַנטע „אין דער מאַמען אַריין״. דערנאָך האָט יע־דער זיך פאַרנומען מיט זיך אַליין. מען דאַרף דאָך אָפּרוען. מאָרגן 5 אין דער פרי הייבט זיך ווידער אָן אַ וואָך פון קנעכטישער אַרבעט.

מיך האָט פאַראינטערעסירט די אויפפירונג פון מיין שכן אויף די נאַרעס. פאַר וואָס האָט ער ניט אויפגעהערט צו אַפּלאָדירן אין איינעם מיט אַלע? איך האָב באַמערקט אַז די הענט קלאַפּן ביי אים מעכאַניש, דאָס פּאַטשעריי אין די הענט איז ביי אים עפּעס אַ מין רעפלעקס. איך האָב זיך ניט איינגעהאַלטן און געפרעגט:

— זאָגט מיר, איוואַן פּראָקאָפּיעוויטש, פאַר וואָס האָט איר אַפּלאָדירט שוין אויך נאָך דעם ווי דער לייטענאַנט און אַלע אין באַראַק האָבן אויפגעהערט אַפּ־לאָדירן?

— איר מיינט, אַז אַ סך מענטשן האָבן דאָס באַמערקט?

— וואָס הייסט אַ סך? אַלע וועלכע זיינען געווען נאָענט צו אייך האָבן עס געזען, אָדער געהערט. מיר דאַכט אַז אַפילו דער לייטענאַנט האָט עס באַמערקט און אַ שמייכל געטאָן.

— איך וועל אייך זאָגן אויפריכטיק: עס אַפּלאָדירט זיך ביי מיר אויטאָמאַ־טיש, ניט ווילנדיק. איר ווייסט פאַר וואָס? ווייל איך האָב געכאַפּט 8 יאָר פאַר אויפהערן אַפּלאָדירן איידער מען האָט געמעגט אויפהערן.

— איך פאַרשטיי ניט. וואָס, ס׳איז דען דאָ אַ באַשטימטע נאָרמע וויפל מען דאַרף אַפּלאָדירן?

— איך וועל אייך דערציילן, כאָטש ביי אונדז אין באַראַק איז ניט אָנגענומען צו רעדן וועגן די ענינים. איך בין פון זשיטאָמיר, איר ווייסט מסתמא פון אַזאַ שטאָט אין אוקראַינע. איך בין געווען די לעצטע 5 יאָר דירעקטאָר פון אַ גרוי־סער ציגל־פאַבריק. ביי אונדז אין זשיטאָמיר איז דאָס געווען אַ וויכטיקע אינ־דוסטריע. איך בין אויך געווען אַ מיטגליד פון ראַיקאָם פון דער פאַרטיי. אין סוף 1936 איז ביי אונדז געווען אַ פאַרזאַמלונג פון ראַיאָנעם פאַרטיי־אַקטיוו. ווי געוויינלעך בין איך געווען אין פּרעזידיום פון דער פאַרזאַמלונג. דער סעקרע־טאַר פון ראַיקאָם האָט געהאַלטן אַ פּאָרטראַג און פאַרשטייט זיך געענדיקט מיט עטלעכע לאָזונגען און דער לעצטער איז געווען: „זאָל לעבן דער חבר סטאַלין״. אַלע האָבן זיך ווי געוויינלעך, אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן שטורמיש אַפּלאָדירן. איך בין געשטאַנען נעבן דעם סעקרעטאַר פון ראַיקאָם וועלכער איז ביי אונדז געווען אַ נייער (ערשט עטלעכע חדשים), ווייל דעם אַלטן סעקרעטאַר האָט מען

אַרעסטירט. הכּלל, מען אַפּלאַדירט שוין מסתּמא 3־4 מינוט. עס דאַרף שוין גע־וויינלעך בעמען אַ סוף. איך זע ווי דער סעקרעטאַר קוקט אויף אַלעמען אין פּרע־זידיום און אין זאַל אַריין. אַלע קוקן אויף אים און זעצן פאָר צו אַפּלאַדירן און דער סעקרעטאַר אַפּלאַדירט ווייטער. ס'איז אָנגענומען, בדרך־כּלל, אַז דער עלצ־טער, לויטן פּאַרטייִשן ראַנג, דאַרף אויפהערן דער ערשטער. דאָס איז אַזוי צו זאָגן אַ ניט געשריבן געזעץ. אָבער דער סעקרעטאַר הערט ניט אויף. און די צייט גייט. איך בין דער עלצטער לויטן סטאַזש אין ראַיקאָם פון פּאַרטיי; מען אַפּלאַדירט שוין ניט ווייניקער פון 5 מינוט. האָב איך גענומען אויף זיך די אחריות און אויפגעהערט פּאַטשן און זיך געזעצט. דער סעקרעטאַר פון ראַיקאָם האָט תּיכף אויך אויפגעהערט פּאַטשן און נאָך אים דער גאַנצער זאַל. דער ערשטער, נאָך דעם סעקרעטאַר, בין איך אַרויסגעטראָטן.

מיר איז די לעצטע חדשים עפּעס נישט גאָר וואַזשנע געגאַנגען מיטן פּלאַן — האָט ער פאַרגעזעצט — מיר האָבן ניט אויסגעפילט אונדזער פאַרפליכטונג אויסצופילן דעם פּלאַן אויף 120 פּראָצענט. מען האָט געמאַכט 100־105 פּראָצענט און איך האָב פאַרזיכערט דעם פּאַרטיי־אַקטיוו אַז מיר וועלן אָניאָגן און מיט כּבוד אויספילן דעם פינף־יאָר־פּלאַן אין 4 יאָר... 3 אַ זייגער ביי נאַכט האָט מען מיך אַרעסטירט. אויף דעם ערשטן „דאָפּראָס" האָט מען מיך באַשולדיקט אין אַנטי־סאָוועטישער טעטיקייט — איך האָב, הייסט עס, באַוווּסטזיניק ניט מאָביליזירט דעם קאָלעקטיוו צו געבן די נויטיקע צאָל ציגל אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג... און שוין ביים אָפּשיקן אין דער קאַמער האָט מיר דער סליעדאָוואַטעל געזאָגט: „מען דאַרף וויסן ווען אויפצוהערן אַפּלאַדירן דעם חבר סטאַלין..." איך בין זיכער אַז די עיקרדיקע סיבה פון מיין אַרעסט איז די מעשׂה מיט די אַפּלאָדיסמענטן אויף דעם פּאַרטיי־אַקטיוו. פאַרשטייט זיך דאָך אַז דאָס פּאַטשן מיט די הענט איז ביי מיר טאַקע געוואָרן ווי אַ רעפלעקס. טאָ וואָס אַרט מיר אויב איך וועל פּאַטשן נאָך אַ ביסל? דערפאַר דאַכט מיר, קען מען מיך שוין ניט באַשולדיקן. עס לוינט צוליב דעם פאַקט כאַפּן נאָך אַ סראָק?...

אין אָקטאָבער פון יאָר 1937, ד"ה ווען עס זיינען שוין אַדורך 2½ יאָר פון מיין אַרעסטאַנטישן לעבן און עס איז פאַרבליבן בלויז איין האַלב יאָר ביז דער באַפרייונג, האָט מען מיך פּלוצלינג איבערגעפירט אין אַן אַנדער לאַגער, וועלכער האָט זיך אויך געפונען אין קאַרעליע און געהערט דעם ב. ב. ק. עס איז געווען אַ לאַגער פון אַלגעמיינעם רעזשים, ד"ה, מיט אַ לייכטערן רעזשים פון מאַנטשע־טונדרע און באַטשאַלאָוואַ. די עיקרדיקע אויפגאַבע פון דעם לאַגער איז געווען צו בויען אַן אייזנבאַן־ליניע וואָס זאָל פאַראייניקן די הויפּט־מאַגיסטראַל לעניג־

גראַד—מורמאַנסק מיט דער פינלענדישער גרענעץ. שפּעטער, אין צוויי יאָר אַרום, איז די אייזנבאַן־ליניע אויסגענוצט געוואָרן בעת דעם אָנפאַל פון ראַטן־פאַר־באַנד אויף פינלאַנד. די דאָזיקע ליניע איז מסתּמא געווען ספּעציעל פּלאַנירט צוליב מיליטערישע צוועקן. אין לאַגער זיינען געווען אַרעסטאַנטן מיט קליינע שטראָף־טערמינען, כּמעט אַזעלכע וואָס ס׳איז זיי פאַרבליבן ניט מער ווי איין יאָר. דאָס איז מסתּמא דערפאַר, וואָס מען האָט באַדאַרפט אַרבעטן אויף אַ טראַסע פון איבער 60 קילאָמעטערס, און אין אַזעלכע באַדינגונגען איז שווער דאָס היטן די אַרעסטאַנטן, האָט מען צוזאַמענגעקליבן אַזעלכע וואָס זיי לוינט שוין ניט צו אַנטלויפן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דרייען אַ ווונדערלעכע קינעמאַטאָגראַפישע לענטע. נאָך 10 טעג פון אַלגעמיינער אַרבעט (ביים אַריבערפירן ערד אין אַ טאַטשקע פון איין אָרט צום אַנדערן) האָט מען מיך אַרויסגערופן צום שעף פון אָפּטייל פאַר פּלאַנירונג, עקאָנאָמישן אַנאַליז און סטאַטיסטיק פון דער בויונג, וועלכער איז געווען אַ פריי־געדונגענער. נאָך אַ קורצן שמועס בין איך נאָמינירט געוואָרן אַלס עקאָנאָמיסט אין דעם אָפּטייל. אין צוויי וואָכן אַרום בין איך שוין געווען אויף דעם פּאָסטן פון אַן עלטערן עקאָנאָמיסט. און אין דריי וואָכן אַרום — עס איז שווער זיך צו פאָרשטעלן, אָבער אַ פאַקט — בין איך נאָמינירט געוואָרן אַלס צייטווייליקער אויספּילער פון די פליכטן פון שעף פון דעם אָפּטייל פאַר פּלאַנירונג, עקאָנאָמישן אַנאַליז און סטאַטיסטיק פון דער אייזנבאַן־בויונג... מיר איז דערנאָך געוואָרן באַוווּסט אַז דער פריי־געדונגענער איז אַרעסטירט.

איך האָב זיך פאַרוואַנדלט אין אַ „פּרידוראָק" פון העכסטן ראַנג. ס׳איז דער־גאַנגען דערצו אַז מען האָט מיך באַפרייט פון קאָנוואָי — איך האָב געהאַט די רעכט צו גיין פריי, אָן היטערס אין דעם תּחום פון דער אייזנבאַן־בויונג. פאַר־שטייט זיך אַז איך האָב שוין ניט געלעבט אין באַראַק, נאָר אין אַ קליינינקער שטיבעלע, אין איינעם מיט דעם הויפּט־בוכהאַלטער פון דער בויונג וועלכער האָט שוין געדאַרפט אין גיכן פאַרענדיקן זיין 10־יאָריקן שטראָף־טערמין פאַרן צונעמען אַ גרויסע סומע געלט.

די ווונדערלעכע קינעמאַטאָגראַפישע לענטע דרייט זיך מיט אַ שווינדלדיקער גיכקייט. יאַנואַר 1938. עס זיינען פאַרבליבן בלויז 3 חדשים ביז דער באַפרייונג. איך אַרבעט 16 שעה אַ טאָג אין מיין אָפּטייל. אונטער מיין אָנפירונג אַרבעטן 12 מאַן. די אָנפירונג פון אָפּטייל פאַר פּלאַנירונג און סטאַטיסטיק פון ב. ב. ק. איז, דאַכט זיך, צופרידן פון מיין אַרבעט. איך טרוים וועגן באַגעגענען זיך מיט מיין זון. וועגן מאַשען ווייס איך גאָרניט. איך האָב געהאַט עטלעכע בריוו פון פריידלען און זי האָט גאָרניט געשריבן וועגן איר. איך האָב פאַרשטאַנען אַז ס׳איז ניט אומזיסט. מסתּמא האָט עפּעס געטראָפן, אָבער איך האָב ניט קיים שום אַנונג וואָס. איך ווייס אַז מיין זון וועלכער איז שוין אַלט 2 יאָר מיט 5 חדשים,

איז ביי פריידלען. איך זיץ אין מיין אַרבעט־צימער אין דער קאָנטאָר פון דער בויונג און באַקום אַ טעלעפאָן:

— דער שעף פון דריטן אָפּטייל פון לאַגער, קאַפּיטאַן סאַוועליעוו, בעט אַריינגיין.

— קאַפּיטאַן סאַוועליעוו? דריטער אָפּטייל? גאָט מיינער, וואָס קומט דאָ פאָר? וואָס קען האָבן צו מיר און צו מיין אַרבעט דער דריטער אָפּטייל? איך צווינג זיך אַליין צו נעמען זיך אין די הענט. מען טאָר ניט זיין צעטומלט. מען דאַרף זיין רויִק. איך בין געקומען צום קאַפּיטאַן סאַוועליעוו. ער האָט פאַרמאַכט הינטער מיר די טיר אין זיין גרויסן קאַבינעט, פריינדלעך באַוויזן מיט דער האַנט אויף אַ שטול נעבן זיין שרייבטיש און העפלעך געפרעגט:

— נו, ס'איז גרינגער צו אַרבעטן אין קאָנטאָר מיט אַ פען און פאַפּיר, איידער אין וואַלד מיט אַ זעג און אַ האַק, אָדער אויף דער אייזנבאַן־טראַסע מיט אַ טאַטשקע? גרינגער צו שרייבן, איידער שלעפּן קלעצער, אָדער ערד?

— באַשטימט גרינגער, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק.

— דו ווייסט, אַז כּדי איבערצופירן דיך פון דער אַלגעמיינער אַרבעט אויף דער אַרבעט אין קאָנטאָר, האָב איך באַדאַרפט געבן מיין סאַנקציע?

— פון וואַנען קען איך וויסן אייערע געזעצן אין לאַגער?

— איז זיי וויסן אַז איך האָב דערלויבט איבערצופירן דיך אין קאָנטאָר.

— אַ גרויסן דאַנק, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק.

— וויפל איז דיר געבליבן צו זיצן?

— 3 חדשים.

— איך האָף אַז אונדזער לאַגער האָט אַוועקגעשטעלט דיין מוח אויף אַ ריכטיקן אָרט און דו האָסט פאַרשטאַנען אַז מען דאַרף ערלעך דינען אונדזער סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד.

איך בין געזעסן און געשוויגן. ס'איז ניט געווען קיין פראַגע און איך האָב ניט באַדאַרפט געבן אַן ענטפער.

— איז וואָס זשע שוויגסטו? דו דאַרפסט דערוווייזן אַז דו קלייבסט זיך צו דינען ערלעך.

— איך אַרבעט ערלעך, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק, און וועל אַרבעטן ערלעך. איך וויל זאָגן אַז איך האָב די גאַנצע צייט, אויך ביז דעם אַרעסט, געאַרבעט ערלעך.

— דאָס איז ניט גענוג. איך האָב ניט געזאָגט אַרבעטן ערלעך, נאָר דינען ערלעך. דו פאַרשטייסט?

— איך פאַרשטיי ניט. יעדער מענטש אויף זיין אַרבעט דאַרף אויספילן זיינע פונקציעס ערלעך. דאָס הייסט אויך דינען ערלעך.

— ניט פּינקטלעך. דינען ערלעך — הייסט העלפן אונדז קעמפן מיט די

װעלכע שטערן אונדז בױען דעם סאָציאַליזם, העלפֿן אונדז קעמפֿן מיט אַלע שונאים פֿון פֿאָלק.

איך האָב, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, זיך אָנגעשטױסן אין דער כּװנה פֿון סאָ־װעליעװון. ער װערבירט אַ „שמעקער". דער באַשלוס איז בײַ מיר געװען אַ גײ־כער און ענדגילטיקער. נאָר ניט אונטערגעבן זיך. נאָר האַלטן זיך שטאַרק. מאַכן זיך תּמעװאַטע אַזױ לאַנג װי עס װעט זײַן מעגלעך, און װען עס װעט דערגײן צום אָפֿענעם צוזאַמענשטױס, זאָגן דעם ענדגילטיקן „נײן". זאָל זײַן װאָס עס װעט זײַן. איך האָב דערװײַל פֿאַרגעזעצט רויִק:

— ריכטיק, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק. איך האָב דאָך געזאָגט און איך מײן אַז ס'איז זײער ריכטיק. יעדער מענטש דאַרף אױף זײַן פּאָסטן אַרבעטן ערלעך און מיט דעם װעט ער העלפֿן בױען דעם סאָציאַליזם. אַ שוסטער דאַרף נײען גוטע שיך, אַ שאַכטיאָר דאַרף באַקומען שטײנקױלן, אַ דאָקטער דאַרף הײלן קראַנקע, אַן אָנגעשטעלטער אין קאָנטאָר דאַרף פּינקטלעך אױספֿילן זײַנע פֿליכטן און אַלע אין אײנעם בױען דעם סאָציאַליזם.

— דו װײסט װאָס עס באַדײַט די דריטע אָפּטײלונג? — האָט מיט אַ שטרענגן טאָן געפֿרעגט סאַװעליעװ.

— באַשטימט, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק. די דריטע אָפּטײלונג איז נקוו"ד אין לאַגער גופֿא.

— ריכטיק. װײסטו דאָך מסתּמא אױך, אַז אױב די דריטע אָפּטײלונג באַ־פֿעלט, מוז דער באַפֿעל װערן אױסגעפֿילט פּינקטלעך.

איך האָב געשװיגן. סאַװעליעװ האָט פֿאַרגעזעצט מיט אַ שטילער שטים, שנײַדנדיק יעדעס װאָרט באַזונדער:

— אין אונדזער לאַגער זײַנען דאָ זײער אַ סך אַרעסטאַנטן, געמישפּטע פֿאַר קאָנטער־רעװאָלוציאָנערער טעטיקײט. אונדזער אױפֿגאַבע איז — װיסן װאָס עס טוט זיך בײַ יעדן אין זײַן מוח און האַרץ. ס'איז װײניק צו װיסן אַז דער קאָנטער־רעװאָלוציאָנער שלעפּט גוט זײַן טאַטשקע מיט ערד, אָדער האַקט גוט מיט דער קירקע די פֿאַרפֿרױרענע ערד. ס'איז אױך װײניק צו װיסן אַז אין באַראַק שװײַגט ער און טרעט ניט אַרױס קעגן אונדזער סאָװעטישער מאַכט. מיר, טשעקיסטן, דאַרפֿן װיסן װאָס עס טוט זיך בײַ אים אינעװײניק. װאָס טראַכט ער? איך לײג דיר פֿאָר צו װערן אונדזער אינפֿאָרמאַטאָר — איבערגעבן אונדז װעגן די שטי־מונגען פֿון אַזעלכע אַרעסטאַנטן. און דאָס װעט באַדײַטן דינען ערלעך דעם סאָ־ציאַליסטישן פֿאָטערלאַנד.

— לױט מײַן פֿאַך בין איך אַ עקאָנאָמיסט. איך האָב געענדיקט אַן אינזשי־נער־עקאָנאָמישן אינסטיטוט און װי איך האָב אײַך שױן געזאָגט אַרבעט איך און װעל אַרבעטן ערלעך לױט מײַן פֿאַך און מײַנע מעגלעכקײטן.

— כּדי צו זײַן בײַ אונדז אַן אינפֿאָרמאַטאָר דאַרף מען ניט האָבן קײן ספּע־

ציעלע בילדונג. מען דאַרף פּשוט האָבן אַ סמיקאַלקע — האָט זיך פונאַנדערגע־שמייכלט סאַוועליעוו. דו האָסט די רעכט צו אַרייַנגיין און אַרויסגיין פון דער לאַגער־זאָנע אָן קאָנוואָי. ביי דיר אין אָפּטייל אַרבעטן 8 מאַן פאַרמישפּטע פאַר קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. קומסטו צו גיין אין אָוונט, אַזוי ווי צו גאַסט, צו איינעם פון דיינע חברים און דו פאַרפירסט אַ וועלכן ניט איז פּאָליטישן שמועס. זיי זיצן און שווייגן. דו הייבסט אָן אָנגרייפן דעם סאָוועטישן רעזשים און פאַמעלעך וויקלט זיך פונאַנדער אַ שמועס. דו פאַרגעדענקסט דאַן וואָס יעדער האָט געזאָגט און אינפאָרמירסט אונדז. דו זיצסט אין דיין קאָנטאָר און שרייבסט אַ פּאַפּיר. ווער קען דאָס טראַכטן, אַז דו שרייבסט אונדז די אינפאָר־מאַציע? און די טעכניק ווי אַזוי אונדז איבערגעבן וועל איך דיר דערציילן... איין אָוונט אין איין באַראַק, דעם צווייטן אָוונט אין אַ צווייטן באַראַק. דיינע אַר־בעטערס לעבן ניט אין איין באַראַק. איך האָב דאָס שוין פאַרזיכערט — האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט סאַוועליעוו.

איך בין געזעסן און מיך האָט געטרייסלט אַזוי ווי אין קדחת. איך בין געוועזן אין כּעס אויף זיך אַליין, וואָס איך האָב ניט דעם כּוח, דעם אינערלעכן מוט און כּוח, אויפצושטיין פון שטול, צוגיין צו סאַוועליעוון און אַרויסשפּייען דעם גאַנצן האַס און עקל אין זיין פּרצוף אַריין, אַרויסגיין פון צימער און אַ טראַסק געבן מיט דער טיר... איך בין געזעסן אַ פאַרלוירענער, אַ צעקלאַפּטער, אַ דערנידעריקטער פון דעם אַליין וואָס ער האָט זיך דערלויבט פאַרצולייגן מיר צו ווערן אַ מלשין, אַ פּראָוואָקאַטאָר... איך האָב געשוויגן און דערהערט סאַווע־ליעווס שטילן קול:

— הייסט דאָס אַז דיין שווייגן איז אַ סימן פון הסכּמה. שוין וועסטו ביי מיר אונטערשרייבן אַ התחייבות. עס זיינען נויטיק איניקע פאָרמאַליטעטן. אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג...

איך האָב זיך אויפגעהויבן פון שטול און קלאָר און דייטלעך, אָפּהאַקנדיק יעדן וואָרט, געזאָגט:

— איך וועל קיין שום התחייבותן ניט אונטערשרייבן.

— ס'איז אַ נאַרישקייט — האָט שמייכלענדיק געזאָגט סאַוועליעוו — ס'איז פּשוט ביי אונדז אַזאַ פאָרמאַליטעט. דיין פּאַפּירל מיט דער חתימה וועט ליגן ביי מיר.

— די פראַגע איז ניט אין דער חתימה. איך וועל קיין מלשין און פּראָוואָ־קאַטאָר ניט זיין. איר הערט, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק, איר האָט געהאַט אַ גרויסן טעות. איר האָט מיך ניט באַדאַרפט איינלאַדן צו זיך. און איך זאָג אייך נאָך אַ מאָל — ניין. און עס וועט גאָרניט העלפן. ניין!

— וואָס? וואָס האָסטו געזאָגט? דו דערוועגסט זיך אָפּצוזאָגן פון אויספירן

מײַן באַפעל? דו װײסט אַז דו שפּילסט זיך מיט פײַער? דו װײסט װאָס איך קען מיט דיר מאַכן דאָ אין לאַגער?

— איך װײס אױסגעצײכנט. איך װײס װאָס עס באַדײַט די דריטע אָפּטײלונג און איך זאָג אײַך נאָך אַ מאָל: נײן.

סאָװעליעװ האָט זיך אױפגעהױבן פון זײַן שטול, צוגעגאַנגען צום װינקל פון זײַן קאַבינעט װוּ עס איז געשטאַנען דער שטאָלענער אַלמער, געעפנט אים און אַרױסגענומען אַ פּאַפּקע, אַ מיש געטאָן פּאַפּירן און געפרעגט:

— װי רופט מען דײַן װײַב?

— מאַשע.

— זי הײסט לױט די דאָקומענטן, מאַריאַ נאַומאָװנאַ?

— יאָ. מאַריא נאַומאָװנאַ.

— און װוּ איז זי?

— איך װײס ניט.

— איך װײס אַז דײַן מאַשענקאַ װעט פױלן אין קאָלימאַ און דו װעסט פױלן אין ב. ב. ק. ...

הײסט דאָס אַז מאַשע איז ניט אין פאַרשיקונג אין קאַזאַכסטאַן, ניט אין דער שטאָט טשימקענט, נאָר אין אַ לאַגער, אין קאָלימאַ. הײסט דאָס אַז מאַשען האָט מען אין טשימקענט אַרעסטירט און אַװעקגעשיקט קײן קאָלימאַ... גאָט מײַ־נער, װאָס טוען זײ? עס האָט זיך געדרײט בײַ מיר אין קאָפּ און איך הער, װי אַזױ פון דער װײַטן שרײַט אײנער, ער כריפּעט, אָבער ער שטײט נעבן מיר און טרײסלט מיט אַ רעװאָלװער אין האַנט און איך זע בלױז די בלױע קאַנטן אױף זײַנע עפּאָלעטן, די גזלנישע אױגן און דעם רעװאָלװער אין האַנט און איך הער אָפּגעריסענע װערטער — קאָלימאַ, סװאָלאָטשי, זשידאָװסקאַיאַ אָרגאַ־ניזאַציאַ, איר װעט בײַ מיר צעפױלט װערן אין לאַגער...

איך האָב דערפילט דעם קאַלטן מעטאַל אױף דעם שלײף פון מײַן קאָפּ. איך בין ניכטער געװאָרן און געהערט סאָװעליעװס װערטער:

— איך האָב דיך געקענט דערשיסן װי אַ הונט. גלױב מיר אַז דאָס איז געװען זײער לײַכט צו טאָן. דײַן גליק װאָס איך האָב זיך גענומען אין די הענט און אײַנגעהאַלטן זיך. און איך זאָג דיר צום לעצטן מאָל — שרײַב אונטער די התחייבות, אַרבעט פאַר אונדז און דיר װעט זײַן גוט און דײַב װײַב װעט זײַן בעסער. שרײַב אונטער.

— נײן. מען קען גײן, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק?

דעם זעלבן אָװנט איז געקומען אַ סאָלדאַט אין שטיבעלע װוּ איך האָב זיך געפונען אין אײנעם מיט דעם הױפּט־בוכהאַלטער פון דער בױונג און מיר באַ־פױלן צו קלײַבן זיך „מיט די זאַכן”. ער האָט מיך אַװעקגעפירט אין דער זאָנע פון לאַגער. איך בין געװאָרן אױס „פּרידוראָק”, אױס פּריניץ. איך האָב זיך װידער

פאַרוואַנדלט אין אַ געוויינלעכן אַרעסטאַנט. די כּישופדיקע קינעמאַטאָגראַפישע לענטע האָט זיך געדרייט נאָר 3 חדשים. אויף מאָרגן 5 אַ זייגער אינדערפרי — דער מעטאַלענער סיגנאַל „פּאָדיאָם” — אויפשטיין, גיך כאַפּן די באַלאַנדע, גיך צו דער דורכגאַנגס־בודקע און צו דער טאַטשקע — פירן ערד און בויען אַן אייזנבאַן־ליניע פון דער מאַגיסטראַל לענינגראַד־מורמאַנסק צו דער פינלענדישער גרענעץ...

## 10

# די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע אין דערווירקלעכקייט

לויט דעם פּסק־דין פֿון דער באַזונדערער באַראַטונג ביים נקוו״ד דאַרף איך באַפֿרייט ווערן דעם 22סטן אַפּריל 1938. דאָס הייסט — אין דריי חדשים אַרום. אין 86 טעג אַרום דאַרף אָנקומען דער טאָג פֿון מיין גאולה. אָבער פֿאַרוואָס איז אַזוי שווער אויפֿן האַרצן? איך בין שוין דורכגעגאַנגען אין דעם גיהינום 1009 טעג און נעכט און עס איז געבליבן איינגאַנצן 86 טעג און נעכט. איז דאָך שוין פֿאַרבליבן ממש אַ קלייניקייט... אָבער די טעג און נעכט ציען זיך און שלעפּן זיך אַזוי לאַנג ווי דאָס יידישע גלות. בייטאָג איז נאָך ווי עס איז — דער טאָג גייט דורך אין שרעקלעכער האַרעוואַניע. דער געזאַלצענער שווייס ווערט פֿאַר־פֿרוירן אויפֿן פּנים. די טאַטשקעס, מיט גליבעס פֿאַרפֿרוירענע, פֿאַרשטיינערטע ערד, ווערן איינגעהאַלטן אין די הענט מיט אוממענטשלעכער אָנשטרענגונג. די פֿיס באַוועגן זיך ווי הילצערנע קלעצער. אָבער די פֿיזישע שפּאַנונג פֿאַרטויבט די מחשבות. דער איינציקער טרוים — פֿאַרענדיקן דעם טאָג, אויסלאָקן די באַ־לאַנדע און אַרויפֿקריכן אויף דער נאַרע אויסגלייכן דעם קערפּער. אָבער די נאַכט? די נאַכט לאָזט ניט רוען. דער קאַפּיטאַן סאַוועליעוו יאָגט זיך נאָך דיר און שרייט, כריפּענדיק: קאָלימאַ... זי וועט צעפּוילט ווערן דאָרט... ב. ב. ק.... וועסט פֿון מיר אַזוי גרינג ניט פּטור ווערן...

די צייט טוט ס׳איריקע. די צייט רוקט זיך פֿון דעסטוועגן. שוין 40 טעג און נעכט פֿאַרבליבן. שוין 25 טעג. שוין 14 טעג. אין גאַנצן אין צוויי וואָכן אַרום ווער איך באַפֿרייט. ווער איך טאַקע באַפֿרייט? קען מען זיין זיכער? און קאַפּי־טאַן סאַוועליעוו?... איך פֿיר מיט זיך אַליין אַ גרויסן אינערלעכן וויכוח. אַזוי ווי עס וואָלטן זיך צונויפֿגעשטויסן דער יצר־טוב מיט דעם יצר־הרע. דער יצר־טוב טענהט: זיי רויִק, מיט אַ יאָר צוריק, בלויז מיט אַ יאָר צוריק, איז מיט גרויס פּאָמפּע און פֿייערלעכקייט צעטרומייטערט געוואָרן אויף דער גאַנצער וועלט די נייע קאָנסטיטוציע, די אַזוי גערופֿענע סטאַלינישע קאָנסטיטוציע אין ראַטן־פֿאַר־באַנד. ס׳איז אַ וויכטיקער דאָקומענט. עס קען ניט זיין אַז זיי וועלן ניט אָפּהיטן דעם מינימום פֿון געזעצלעכקייט. זיי מוזן באַפֿרייען אַ מענטשן לויט דעם טערמין פֿון זייער אייגענעם פּסק־דין... און דער יצר־הרע לאַכט: מינימום פֿון געזעצ־לעכקייט? נאַרישקייטן! ווייסטו ניט פֿון פֿאַלן ווען מען האָט אין לאַגער געגעבן

„דאָבאַוועקס" צום פּסק־דין? טענהט דער יצר־טוב: ריכטיק, עס זיינען געווען אַזעלכע פֿאַלן, נאָר דו ווייסט דאָך אַז אַזעלכע אַרעסטאַנטן האָט מען צוגענומען מיט אַן עטאַפּ 1½־2 חדשים פֿאַרן ענדיקן דעם „סראָק" און דיך טשעפּעט מען ניט. עס זיינען דאָך געבליבן בלויז 6 טעג און דו אַרבעטסט רויִק. נעם זיך אין די הענט, קלעם זיך ניט... לאַכט דער יצר־הרע: דו זוכסט לאָגיק? ביי זיי איז ניטאָ קיין לאָגיק. דאַרפֿסט געדענקען דעם נאָמען סאַוועליעוו. זיי ניט קיין נאַר. סאַוועליעוו וועט דיר מוחל זיין וואָס דו האָסט זיך אָפּגעזאָגט צו זיין אַן אינ־פֿאָרמאַטאָר? דו האָסט שוין פֿאַרגעסן ווי ער האָט געפּאַכעט מיט דעם רעוואָל־ווער אין האַנט און זיינע אויגן האָבן געשפּריצט מיט רציחה? טענהט דער יצר־טוב: באַרויִק זיך. סאַוועליעוו איז נאָר דער שעף פֿון דריטן אָפּטייל דאָ אין לאַ־גער. דאָ קען ער טאָן מיט דעם אַרעסטאַנט וואָס ער וויל. אָבער געבן אַ „דאָ־באַוועקע" צום „סראָק" קען סאַוועליעוו ניט.. לאַכט דער יצר־הרע: וועסט מיך געדענקען, קאָלימאַ, ב. ב. ק., דיין ווייב וועט פֿוילן אין קאָלימאַ...

20 אַפּריל. איבערמאָרגן איז דער טאָג פֿון מיין גאולה. מען טשעפּעט מיך ניט. איך פֿיל אַז דער יצר־טוב איז געווען. דער יצר־הרע איז אַנטשוויגן געוואָרן. קאַפּיטאַן סאַוועליעוו האָט מיך אויפֿגעהערט צו רודפֿן אין מיין דמיון. איך גיי אַ מונטערער צו דער אייזנבאַן־טראַסע. די טאַטשקעס זיינען גרינגער אין מיינע הענט און דער שווייס איז שוין ניט אַזוי געזאַלצן. דער 21סטער אַפּריל איז זונטיק — אַ רו־טאָג. און ס׳איז אַ גוטער סימן — מען מאַכט אַפֿילו ניט קיין זוכונג אין באַראַק. מען לאָזט אונדז אָפּרוען. קיין נאָענטע פֿריינט זיינען ניטאָ. נאָר דאָך, מענטשן אינטערעסירן זיך. מען באַהאַנדלט מיין גורל. די מערהייט קומט צום אויספֿיר אַז אויב מען האָט מיך ביז איצט ניט געטשעפּעט, איז עס אַ גוטער סימן. אוי, ווי עס שלעפּט זיך דער זונטיק. ווען וועט ער זיך שוין ענ־דיקן דער זונטיק?... איך ליג ביי נאַכט און פּרוּוו זיך פֿאָרשטעלן די באַגעגעניש מיט דעם קליינינקן זון. איך וועל קומען קיין מינסק מסתּמא דעם 25סטן, אָדער דעם 26סטן אַפּריל. מען דאַרף האָבן צוויי בייטעניש פֿון די באַנען — אין לע־נינגראַד און אין בריאַנסק. ער איז שוין אַלט 2 יאָר מיט 8 חדשים. שוין אַ גרויסער ייִנגעלע...

22 אַפּריל. 5 אינדערפֿרי. דאָס טראַדיציאָנעלע קלאַפּן איבער דעם אייזן — דער סיגנאַל אויפֿצושטיין פֿון שלאָף, עסן און גיין צו דער אַרבעט. דער באַראַק הודיעט. 220 מאַן שטופּן זיך, איילן זיך, בורטשען און זידלען זיך... און איך? איך הער אַן אויסגעשריי: ראַזין, ראַזין, אין דיינע געדערעם אַריין... עס שרייט דער נאַריאַדטשיק — דער וואָס קומט טרייבן די וועלכע האָבן עטוואָס פֿאַרשפּע־טיקט מיט דעם אויפֿשטיין, אָדער סתּם געפֿוילט זיך, אָדער די וועלכע זאָגן, אַז זיי זיינען קראַנק... איך שטיי נעבן דעם נאַריאַדטשיק. איך פֿאַרשטיי אַז ער האָט געבראַכט עפּעס אַ בשׂורה.

— צו דער אַרבעט ניט גיין. 8 אַ זייגער זיין אין קאָנטאָר און באַקומען די באַפרייאונגס־פּאַפּירן...

באַקומען די באַפרייאונגס־פּאַפּירן? איך האָב ניט קיין טעות? אַזוי האָט ער געזאָגט? אפשר איז דאָס נאָר אַ חלום? איך האָב אים אָנגענומען פאַר דעם בוש־לאַט און אַ טרייסל געטאָן:

— וואָס האָסטו געזאָגט?

— דו ביסט שוין טויב געוואָרן? וואָס לופּעסטו אויף מיר דיינע אויגן? היינט 8 אינדערפרי דאַרפסטו זיין אין קאָנטאָר פון לאַגער און באַקומען די באַ־פרייאונגס־דאָקומענטן.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס?

— וואָס זשע מיינסטו, איך האָב אויסגעטראַכט? שבת אין אָוונט, ווען מען האָט געמאַכט דעם נאַריאַד אויף מאַנטיק, האָב איך באַקומען אַזאַ באַפעל פון דעם אינספּעקטאָר פון דער צווייטער אָפּטיילונג — ער האָט געהייסן דיר דאָס איבערגעבן נאָר היינט אינדערפרי.

מענטשן זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. דער באַראַק איז געוואָרן ליידיק. דער דניעוואַלנע — אַן אַלטער מענטש, שוין איבער די זעכציק מסתמא, אַרעס־טירט פאַר „רעליגיעזער קאָנטר־רעוואָלוציע", אַ רוס פון רוסלאַנד ביי דער וואָל־גע — איז צוגעגאַנגען צו מיר און געזאָגט:

— איך בענטש דיך, זונעלע, איך ווינטש דיר אַל דאָס גוטס, מיר איז נאָך פאַרבליבן איבער 6 יאָר. איך וועל שוין ניט דערלעבן צו זען מיין משפחה. מען טאָר ניט רעדן. גאָט וועט זיי באַשטראָפן פאַר זייערע מעשׂים... גיי, נעם דאָס ברויט און עס די באַלאַנדע. ביז זיי וועלן דיך באַפרייען וועט שוין זיין 9 אַ זייגער און דערנאָך וועסטו דאַרפן גיין צו פוס אַרום 10־12 קילאָמעטער צו דער אייזנבאַן־ליניע און וועסט דאַרפן וואַרטן אויפן באַן. וועסט זיין הונגעריק אַ גאַנצן טאָג.

איך האָב זיך צעזעגנט מיט דעם דניעוואַלנע און בין אַוועק צו דער קאָנטאָר. מיר האָט זיך געדוכט אַז וואָס פריִער איך וועל זיין אין קאָנטאָר, וועל איך זיך גיכער באַפרייען... ס'איז געווען אַ שיינענדיקער, פראָסטיקער טאָג. מסתמא אַרום מינוס 20־25 גראַדוס. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס. אָבער ס'איז וואַרעם אויפן האַרצן. אַ ריינער, בלויער הימל האָט פריינטלעך געשיינט און מיר ווי געווונקען אַז באַלד, אין עטלעכע שעה אַרום, וועל איך שוין זיין אויף יענער זייט זאָנע, אויסער די עלעקטריזירטע שטעכל־דראָטן. איך וועל זיין אויף דער פריי. איך וועל קענען גיין וווהין איך וויל און טאָן וואָס איך וויל. דו הערסט, יוסעפקע, קליינינקער זונעלע מיינער? מאַקסימום אין 2 שעה אַרום גיי איך אַרויס פון לאַגער. עטלעכע שעה וועל איך גיין צו פוס צו דער נאָענטער אייזנבאַן־סטאַנ־ציע. איך וועל זיך מסתמא אַריינכאַפּן אין אַ קאַרעלישן דערפל און אַ גוטע פרוי וועט מיר געבן עפּעס צו עסן און צו טרינקען און דערנאָך וועט אויסקומען

וואַרטן אויף דער באַן קיין לענינגראַד. אין לענינגראַד וועל איך מסתמא זיין מאָרגן בייטאָג. פאַרנאַכט וועל איך אַרויספאָרן פון לענינגראַד אין דער ריכטונג קיין מינסק. עס וועט אויסקומען אַראָפּגיין אויף דער קנופּ־סטאַנציע בריאַנסק און דערנאָך וועט שוין אַ באַן מיך ברענגען קיין מינסק. פון וואָקזאַל לויף איך גלייך צו דיר, מיין יינגעלע, איך וועל זיין ביי דיר דאָנערשטיק, דעם 25סטן אַפּריל, און אפשר וועט דאָס זיין פרייטיק דעם 26סטן אַפּריל. איך וועל דאָך ניט קומען צו פאָרן מיט די עקספּרעסן. כ׳האָב ניט קיין געלט, דעם בילעט וועט מען מיר געבן אין דעם דריטן קלאַס פון אַ פּשוטן פּאַסאַזשיר־באַן. דו האָסט געוואַרט, זונעלע, אויף דיין טאַטן אַרום 1000 טעג, וועסטו וואַרטן נאָך 3־4 טעג... אָבער איצט וועל איך שוין זיין מיט דיר שטענדיק...

מען האָט געעפנט די קאָנטאָר. שוין 8 אַ זייגער. עס קומען אָן די אַרעס־טאַנטן־פרידורקעס, וועלכע אַרבעטן אין קאָנטאָר. און דערנאָך הייבן זיך אָן צוזאמענקלייבן איינציקוויז די פריי־געדונגענע. דער נאַטשאַלניק פון לאַגער איז נאָך ניט געקומען. איך וואַרט אַ קורצע צייט, גיי אַריין אין קאָנטאָר און פרעג ווו מען באַקומט די באַפרייאונגס־דאָקומענטן. מען באַווייזט מיר דעם צימער אין וועלכן עס אַרבעט דער אינספּעקטאָר פון דער צווייטער אָפּטיילונג. איך קלאַפּ אָן אין דער טיר.

— אַריין.

— צו וועמען דאַרף איך זיך ווענדן כּדי צו באַקומען די באַפרייאונגס־דאָקו־מענטן?

— פון וואַנען ווייסטו, וואָס דו ביסט שוין באַפרייט?

— איך בין אַרעסטירט געווען דעם 21סטן אַפּריל 1935 און געמישפּט דורך דער באַזונדער־באַראַטונג ביי דער נקוו״ד אויף 3 יאָר. היינט איז דער 22סטער אַפּריל 1938. דער נאַריאַדטשיק האָט היינט 5 אַ זייגער אינדערפרי געמאָלדן אַז איך דאַרף קומען 8 אינדערפרי אין קאָנטאָר פון לאַגער און נעמען די דאָקו־מענטן.

— ווי איז דיין פאַמיליע־נאָמען, פאָטערס נאָמען, יאָר פון געבוירן?

איך האָב געגעבן פּרטים. ער האָט אַריינגעקוקט אין זיינע פּאַפּירן און גע־זאָגט:

— מיט דער באַפרייונג פון פּאָליטישע אַרעסטאַנטן פאַרנעמט זיך, בדרך־כּלל, דער נאַטשאַלניק פון לאַגער. ביי מיר זיינען ניטאָ דיינע דאָקומענטן. גיי און וואַרט נעבן דער קאָנטאָר. דער נאַטשאַלניק וועט דיך אַרויסרופן.

איך וואַרט נעבן דער קאָנטאָר. די צייט שלעפּט זיך שרעקלעך, דער נאַ־טשאַלניק איז נאָך ניטאָ. סוף־כּל־סוף איז ער געקומען. איך וואַרט מען זאָל מיך אַרויסרופן. די צייט גייט און קיינער רופט מיך ניט. איך גיי ווידער אַריין אין

קאָנטאָר. איך פרעג ווו איז דער צימער פון נאַטשאַלניק. מען ענטפערט אַז צום נאַטשאַלניק קען מען ניט סתּם אַריינגיין. ער וועט אַרויסרופן.

— אָבער איך דאַרף באַקומען די באַפרייאונגס־דאָקומענטן. לאָזט מיך אַריינ־גיין צום נאַטשאַלניק.

— ביסט טאַקע אַ גרויסער יחסן, אָבער צום נאַטשאַלניק קען מען ניט אַריינגיין. ער וועט דיך אַרויסרופן.

איך האָב געפּרוּווט גיין און זוכן די אויפשריפטן, כּדי געפינען דעם קאַבי־נעט פון נאַטשאַלניק. האָט מען מיך אַרויסגעשטויסן אין דרויסן, באַגלייטנדיק מיט קללות...

די צייט גייט. וויפל איז דער זייגער? איך האָב קיין אַנונג ניט. דער לאַגער איז פּוסט. איך זע די שטעכל־דראָטן און די שומרים מיט די ביקסן אויף די באַשניעס אין די 4 ווינקעלעך פון דער זאָנע. ס'איז קאַלט. ס'איז שרעקלעך קאַלט. פריער האָט מיך געוואַרעמט דאָס געפיל פון פרייהייט, דער טרוים וועגן נאָענ־טער פרייהייט, דער שײַנענדיקער בלויער הימל. וווהין איז עס אַלץ אַהינגעקומען? דער הימל איז גאָר אַ וואָלקנדיקער. קאַלט. איך טאָפּטשע זיך נעבן דער קאָנצעלאַריע. איך האָב אָנגעהויבן פילן דעם הונגער. איך האָב דאָך אינדערפרי גאָרניט געגעסן. אָבער, רבונו־של־עולם, וואָס קומט דאָ פאָר? פאַרוואָס רופן זיי מיך ניט און גיבן מיר ניט די פּאַפּירן? מסתּמא איז דער נאַטשאַלניק פאַרנומען מיט אַ וויכטיקן ענין. אפשר זידלט אים דורכן טעלעפאָן אַ העכערער נאַטשאַל־ניק, ליגן אים ניט אין קאָפּ מײַנע באַפרייאונגס־דאָקומענטן. אַ גרויסע זאַך. וועט מען באַפרייען מיט עטלעכע שעה שפּעטער... און די צייט גייט. ס'איז שוין שפּעט. זיכער שוין אַרום 11־12 אַ זייגער. איך לויף אַריין אין קאָנטאָר, און שריי אויפן קול: לאָזט מיך אַריין צום נאַטשאַלניק, גיט מיר מײַנע באַפרייאונגס־דאָקומענטן... איך זע ווי עס עפנט זיך אַ טיר פון אַ צימער אַנטקעגן מיר, און דער נאַטשאַלניק באַווייזט זיך אויף דעם שוועל פון דעם צימער. ער שטייט פאַר מיר אין זײַן שײַנענדיקן מונדיר, די בלויע קאַנטן אויף זײַנע עפּאָלעטן שײַנען און די גאָלדענע קנעפּ אויף דעם מונדיר בלישטשען; ער זאָגט באַפעלעריש:

— וואַרפט אים אַרויס פון דאַנען. וואָס שרייט ער דאָ?

איך הער, ווי איינער פון די אָנגעשטעלטע זאָגט אים:

— גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק, ער וואַרט אויף זײַנע באַפרייאונגס־דאָקומענטן.

— זאָל ער וואַרטן אין דרויסן. איך וועל אַרויסרופן ווען איך וועל געפינען פאַר נויטיק.

מען האָט מיך אַרויסגעוואָרפן אין דרויסן. איך האָב נאָך ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. איך בין פשוט געבליבן אָן כּוחות. איך האָב אַפילו אויפגע־הערט צו טראַכטן. איך האָב ניט געוווּסט וועגן וואָס צו טראַכטן. איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דעם שניי בײַ דער טיר פון דער קאַנצעלאַריע. ס'איז מיר

געווען זייער קאַלט. איך ווייס ניט פאַר וואָס — אַזוי קאַלט. צי פון דעם 25-20-גראַדוסדיקן פראָסט, צי פון דער גוואַלדיקער נערוועזער שפּאַנונג. אַ צאָן אויף אַ צאָן פאַלט ניט. עס טרייסלט פון קאַלטן קדחת. איך בין געזעסן אַ צעבראָכענער, אַ פאַרשטיינערטער...

ס'איז צוגעקומען צו מיר אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס אין דער האַנט און מיט אַ גרויסן געשטעמפּלטן פּאַקעט אין די פאַלדן פון זיין פּעלץ. ער האָט געפרעגט מיין פאַמיליע און מיין נאָמען און דערנאָך געגעבן אַ קאָמאַנדע: אויפשטיין, מאַרש! איך האָב עס אויפגענומען מיט עפּעס אַ מאָדנער אַפּאַטיע, גלייכגילטיקייט. ווי עס ווייזט אויס, איז אין די לאַנגע שעהען פון האָפענונג און יאוש פאַרגעקומען אין מיר אַ קריזיס, אַזוי ווי נאָך אַ שווערער קרענק... איך האָב פאַרשטאַנען. איך בין ניכטער געוואָרן... איך בין געבליבן אין די לאַפּעס פון דער נקוו"ד, אין די לאַפּעס פון ב. ב. ק. דער גרויסער געשטעמפּלטער פּאַקעט אין די פאַלדן פון דעם פּעלץ ביי דעם קאָנוואָי-סאָלדאַט, אַנטהאַלט די סודותדיקע פּאַפּירן פון דריטן אָפּטייל. דער פּאַקעט אַנטהאַלט די ווירקלעכע פּרינציפּן פון דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע...

דער קאָנוואָי-סאָלדאַט האָט מיך געפירט צו פוס עטלעכע שעה, דערנאָך אויף אַ שליטן, און דערנאָך אין אַ פּאַסאַזשיר-באַן, שפּעט ביי נאַכט האָט ער מיך אַרויסגעפירט אויף דער אייזנבאַן-סטאַנציע מעדוועזשעגאָרסק — דאָס איז די הויפּטשטאָט פון דער ב.ב.ק.-אימפּעריע. און דערנאָך האָט ער מיך געפירט איבער די שטילע געסלעך פון דער שטאָט. ס'איז געווען שפּעט ביי נאַכט. ער האָט מיך געבראַכט צו פירן און איבערגעגעבן דעם דיזשורנעם פון דער צענטראַלער טורמע, אָדער ווי מען רופט עס, צענטראַלער איזאָליאַטאָר פון ב. ב. ק.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַלץ פון דאָס ניי. די דורכגעגאַנגענע 1095 טעג מיט 1095 נעכט — זיינען געווען נאָר אַ הקדמה, אַן אַריינפיר. דער עיקר שטייט מיר ערשט פאָר. צו וועמען קען מען האָבן טענות? צו דער נקוו"ד? חס-וחלילה. נקוו"ד פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון דער רעוואָלוציע, די אינטערעסן פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. נקוו"ד אַרבעט אונטער דער אָנפירונג פון אייזערנעם נאַרקאָם יעזשאָוו. אויף די „פּאָליט-שעהן" האָט מען אונדז דערציילט, אַז דער סלאַוונער טשעקיסט יעזשאָוו, אונטער דער דירעקטער אָנפירונג פון חבר סטאַלין, וואַרצלט אויס מיט אייזן און פייער אַלע פיינט פון פאָלק.. אָבער ווו איז די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע, וועלכע פאַרזיכערט אויסערגעוויינלעכע געזעצלעכקייט און די רעכט פון יעדן בירגער אין לאַנד? האָט מען דאָך אויך דערקלערט אונדז אויף די „פּאָליט-שעהן" אין לאַגער, אַז די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע פאַרזיכערט די געזעצלעכקייט און די רעכט פון די בירגער און די

אינטערעסן פון דעם פאָלק, אָבער ניט פון די פיינט פון פאָלק... זיינען זיי דאָך מסתּמא גערעכט. וואָס זשע ווילסטו? ביסט געווען 12 יאָר אין דער ציוניסטישער באַוועגונג? יאָ, געווען. ווילסטו פאַר 12 יאָר אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אָפּקומען נאָר מיט 3 יאָר ב. ב. ק.? ס'איז דאָך ממש אַ געלעכטער!... זיינען זיי דאָך ווידער גערעכט. אָבער פאַר וואָס האָבן זיי גלייך, פון אָנהויב, ניט אַרייג־געבראָקט מיט דער פולער מאָס 8, 10, 15 יאָר? צוליב וואָס האָבן זיי באַדאַרפט די גאַנצע שפּיל? שווער צו פאַרשטיין. ס'איז מסתּמא געווען דאָס באַפעל פון דער צייט. ס'איז זייער דיאַלעקטיק. צייטן בייטן זיך. זיי זיינען ניט קיין דאָג־מאַטיקערס. וואָס מיט דריי יאָר צוריק איז געווען גוט — איז היינט שלעכט. יעדער נייער עטאַפּ פון סאָציאַליסטישער בויונג פאָדערט דאָס זייניקע...

עס איז געווען די שרעקלעכע תקופה פון יאָרן 1937—1938, ווען די טעראָר־כוואַליע האָט באַהערשט דאָס לאַנד מיט אַ נייער, פאַרשטאַרקטער קראַפט. אין יאָר 1937 איז פאָרגעקומען דער באַוווסטער פּראָצעס פון דעם אַזוי גערופענעם „אַנטיסאָוועטישן טראָצקיסטישן צענטער". די אָנגעזעענע פירערס פון דער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי און דער סאָוועטישער מדינה פּיאַטאַקאָוו, סאָקאָלניקאָוו, ראַ־דעק, ליפשיץ, מוראַלאָוו און אַנדערע האָט מען געשאָסן. מען האָט אויך געשאָסן טויזנטער אַנדערע. און מיליאָנען האָט מען אַרעסטירט, געפּייניקט ביי די אויס־פאָרשונגען און אַרויסגעשיקט פוילן אין פּילצאַליקע לאַגערן.

אין מאַרץ 1938 איז פאָרגעקומען אין מאָסקווע דער פּראָצעס איבער דעם „רעכט־טראָצקיסטישן בלאָק". די אָנגעזעענע פירערס פון ראַטן־פאַרבאַנד בוכאַ־רין, ריקאָוו, ראַקאָווסקי, יאַגאָדאַ, ראָזענהאָלץ און אַנדערע האָט מען דערשאָסן. מען האָט אויך אומגעבראַכט טויזנטער אַנדערע. און ווידער זיינען מיליאָנען אַרעסטירט געוואָרן אויף לאַנגע יאָרן אין די פּילצאַליקע לאַגערן. עס איז געווען די תקופה ווען די פּייניקונגען בעת די אויספאָרשונגען זיינען געווען שוידער־לעכע און איך האָב עס גוט געוווסט. אין באַטשאַלאָווער לאַגער זיינען אין יאָר 1937 אָנגעקומען הונדערטער נייע פון דעם נייעם „סעזאָן"... איך האָב באַ־דאַרפט זיין גרייט דערצו. איך האָב דאָך געוווסט, אַז עס וועט ווידער זיין אַ „פּריִערדיקע אויספאָרשונג". און דאָס וועט זיין אין דעם דריטן אָפּטייל פון ב.ב.ק. איך האָב עס פאַרשטאַנען שוין אין דער ערשטער מינוט ווען איך האָב באַקומען דעם ערשטן „ברוך־הבא" — דער דיזשורנער פון מעדוועזשעגאָרסקן צענטראַלן איזאָלאַטאָר האָט מיך איבערגענומען ביים קאָנוואָי־סאָלדאַט, געהייסן אויסטאָן זיך, און אַ באָרוועסן, אין די אונטערשטע וועש, מיך אַריינגעשליידערט אין קאַרצער...

וואָס איז אַזוינס קאַרצער אין צענטראַלן איזאָלאַטאָר פון ב. ב. ק.? אַ פינצ־טערער, שטיינערנער קעמערל, קאַרגע דריי טריט אויף דריי טריט, אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע — וואַסער, מסתּמא אַ סאַנטימעטער וואַסער. און אין

גאַנצן קעמערל איז ליידיק. ניט קיין בעטל, ניט קיין בענקל, גאָרניט. ווילסטו — שטיי אין וואַסער אַ באָרוועסער. ווילסטו — זיץ אין וואַסער, אָדער לייג זיך אין וואַסער אין די אונטערשטע וועש... טו וואָס דו ווילסט. פינצטער. אין גאַנצן פינצטער. איך בין ניט געשטאַנען, ניט געזעסן און ניט געלעגן. איך בין געגאַנגען. קאָרגע דריי טריט אַהין און דערנאָך דריי טריט צוריק. דאָס וואַסער שפריצט אונטער די פיס. עס איז אַ גליק וואָס עס זיינען ניטאָ קיין מייז. קאַלט? יאָ, קאַלטלעך, אָבער ניט קעלטער ווי אין מאָנטשע־טונדרע. איך בין ברוך־השם, געוווינט דערצו...

עס האָט זיך געעפנט די טיר. דער דיזשורנער האָט געגעבן אַ שטיקל ברויט און אַ קענדל הייס וואַסער. דאָס ברויט האָב איך אַראָפּגעשלונגען מסתּמא ניט צעקייענדיק. און דאָס הייסע וואַסער? אַ מחיה. געשמאַק. עס צעגייט זיך איבער אַלע גלידער... און אין אַ צייט אַרום — ווידער אַזאַ פּאָרציע ברויט מיט אַ קענדל וואַרעם וואַסער. און דערנאָך — אַ דריטן מאָל דאָס זעלבע. וויפל שעה בין איך געווען אין דעם קאַרצער? איך ווייס ניט גענוי. לויט די פּאָרציעס ברויט מיט וואַסער — מסתּמא 25־30 שעה.

מען האָט מיר אָפּגעגעבן די זאַכן, אַריינגעוואָרפן אין דעם באַוווסטן אויטאָ־מאָביל וועלכער הייסט „שוואַרצער וואָראָן" און מען האָט מיך געבראַכט צו פירן אין דריטן אָפּטייל פון ב. ב. ק.

ווען דער סאָלדאַט האָט מיך צוגעפירט צו אַ צימער אויף דעם דריטן עטאַזש פון דער געביידע, האָב איך באַמערקט אויף דער טיר אַ קליין קופּערן שילדל מיט דער אויפשריפט „פּאָלקאָווניק וויקטאָראָוו". הייסט דאָס, אַז איך בין אַ וואַזשנער פויגל. אַ פּאָלקאָווניק וועט פירן די אויספאָרשונגען. אַיין קלייניקייט. אַ פּאָלקאָווניק. כּמעט אַ גענעראַל...

צום גרויסן וווּנדער מיינעם, האָט מען מיך געבראַכט צו וויקטאָראָוון אין דער פרי. ניט אין מיטן נאַכט ווי איך בין געווען געוווינט אין נקוו"ד אין מינסק. די זון האָט אַריינגעשיינט אין דעם גרויסן קאַבינעט און באַלויכטן סטאַלינען וועלכער האָט פאַרנומען די גאַנצע וואַנט. די בלויע קאַנטן אויף די פּאָגאָנעס ביי וויקטאָראָוון האָבן געלויכטן, די גאָלדענע קנעפּ אויף זיין שפּאָגל־נייעם מונ־דיר האָבן געבלישטשעט. די שוואַרצע שטיוועלעך האָבן געשפּיגלט און וויק־טאָראָוו אַליין האָט אויסגעזען סאָליד און אויסגעצאַכאַליעט ווי עס דאַרף זיין אַ פּאָלקאָווניק. אין מיטן פון גרויסן קאַבינעט איז געשטאַנען אַ קליינע, פּשוטע טאַבורעטקע, וועלכע האָט קאַליע געמאַכט דעם פייערלעכן אויסזען פון קאַבינעט. וויקטאָראָוו האָט מיט אַ ווונק מיר געהייסן זיך זעצן אויף דער טאַבורעטקעלע. איך האָב כּאילו ניט פאַרשטאַנען דעם ווונק און אָנגעהויבן פּראָטעסטירן. וואָס קומט דאָ פאַר? לויט דעם געזעץ דאַרף איך זיין אַ פרייער בירגער. מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָט מען מיך אַרעסטירט?

— דו ווייסט ווו דו געפינסט זיך?

— יאָ. איך ווייס זייער גוט. אין דריטן אָפּטייל פון ב. ב. ק.

— ריכטיק. אין דריטן אָפּטייל שטעלט מען ניט קיין פראַגעס. דאָ שטעל איך פראַגעס. דיין רעכט איז בלויז צו ענטפערן אויף מיינע פראַגעס. איך דערמאָן דיר נאָך אַ מאָל. דו ביסט אין דריטן אָפּטייל. איך האָב דיך געהאַלטן אין אונדזער קוראַרט־צימער 30 שעה, כּדי דו זאָלסט וויסן מיט וועמען דו האָסט צו טאָן.

— בין איך אַ רעכטלאָזער בירגער? איך האָב ניט קיינע רעכט? אונדזער נייע, סטאַלינישע קאָנסטיטוציע פאַרזיכערט מיינע פולע רעכט פון אַ סאָוועטישן בירגער. איך פּראָטעסטיר קאַטעגאָריש קעגן דער הפקרות. איך פאָדער תיכּף מיך באַפרייען.

— פאַרמאַך דיין פּאַסקודנעם ציוניסטישן מויל. אויב ניט, וועל איך אים פאַרמאַכן און אַלע דיינע הינטישע ציין וועלן אַרויספליִען...

וויקטאָראָוו האָט גענומען אויף זיין טיש אַ פּאַפּקע מיט פּאַפּירן און טרייס־לענדיק איר אין דער לופטן, געשריִען:

— דו וועסט דאָ רעדן וועגן דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע? דו טאָרסט ניט אַרויסרעדן פון דיין הינטישן מויל דעם הייליקן נאָמען פון חבר סטאַלין. דו מיינסט, אַז איך ווייס ניט ווער דו ביסט און וואָס פאַר אַ משפּחהלע עס איז ביי דיר? דיין ווייבעלע איז אין קאָלימאַ. דיינע ברידער — אַלע ציוניסטישע אַגענטן פון אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם — זיינען אויך ביי אונדז אין די הענט. אַ זשידאָווסקע משפּחהלע. אַלע ביז איינעם האָבן געקעמפט קעגן דער ראַטן־מאַכט. פון קינדוויַיז אָן. איך וועל דיר באַווייזן אַ קאָנסטיטוציע. זי וועט ביי דיר קריכן פון אַלע דיינע הינטישע אֵברים...

איך בין געזעסן אַ פאַרשטיינערטער אין אַ שאָק. אַלע מיינע ברידער אין זייערע הענט־ נח — זיכער. ער איז געווען שטאַרק אַקטיוו אין דער מאָסקווער אָרגאַניזאַציע „החלוץ". יענקל — אויך. ער איז געווען זייער טעטיק אין דער מינסקער אָרגאַניזאַציע „החלוץ" — אָבער דער עלטערער ברודער הערשל? ער איז געווען טעטיק אין דער מינסקער אָרגאַניזאַציע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן נאָר ביזן יאָר 1931. דערנאָך האָט ער אויפגעהערט צו זיין אַקטיוו. ער האָט חתונה געהאַט און איז אַריבערגעפאָרן פון מינסק קיין מאָליעוו און געאַרבעט דאָרט אַלס לערער פון מאַטעמאַטיק. ער האָט אָבער געהאַט אַ גרויסן פּגם. ער־שטנס איז ער אויסגעשלאָסן געוואָרן פון מינסקער אוניווערסיטעט איבער זיין „סאָציאַלער אָפּשטאַמונג" און, צווייטנס, האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון אַ יחוסדיקן רב... אין מיין קאָפּ בליצן דורך די מחשבות. הערשל איז פיזיש זייער אַ שוואַכער — ער וועט ניט אויסהאַלטן די פּייניקונגען בעת דער אויס־פאָרשונג. (איך האָב דאָן ניט געקענט זיך פאָרשטעלן אַז דווקא אונדזער נח, וועלכער האָט זיך גערעכנט פאַר אַ געזונטן און שטאַרקן אין אונדזער משפּחה,

דווקא נח איז פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט אין 1937 אין דער באַוווסטער מאָסקווער לוביאַנקע)... און דער יינגסטער ברודער פיניע? צי דען האָט מען אים אויך געכאַפּט? ער האָט בכלל כמעט ניט געהאַט קיין שום שייכות צו דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער האָט נאָר סימפּאַטיזירט מיט די ציוניסטן. אָרגאַני־זאַציאָנעל האָט ער קיין מאָל צו זיי קיין שייכות ניט געהאַט... נו, און מאַשע? דאָס איז דאָך שוין ניט געווען קיין נייעס פאַר מיר. עס האָט נאָר ווידער גע־עקבערט דער געדאַנק — וויפל יאָר האָט מען איר אַריינגעבראַקט?...

איך האָב געשוויגן. גאָרניט געענטפערש וויקטאָראָוון. איך האָב אויפגעהערט פּראָטעסטירן. אָבער איך האָב דערהערט דעם אויסגעשריי פון פאָלקאָווניק:

— דו האָסט פאַרשטאַנען?

— יאָ, איך האָב פאַרשטאַנען, גראַזשדאַנין פאָלקאָווניק. איך האָב 10 יאָר געלערנט אין מיטלשול און 4 יאָר אין הויכשול. דערנאָך בין איך שוין דורכ־געגאַנגען אַ דריי־יאָריקן קורס אין נקוו״ד און איצט הייב איך אָן, ווי עס ווייזט אויס, אַ נייעם, העכערן קורס ביי אייך. איך פאַרשטיי אַלץ זייער גוט. איך בין שוין געלערנט.

— בין איך צופרידן וואָס דו פאַרשטייסט. איצט איז אַלץ אָפּהענגיק פון דיר. וועסטו זיך פירן ווי עס דאַרף צו זיין, וועט דער קורס ביי אונדז, ווי דו זאָגסט, זיין אַ גרינגער. מיר וועלן גיך ענדיקן אונדזער אַרבעט און דער מאַטעריאַל וועט איבערגיין אין דער אָפּטיילונג פון העכסטן געריכט ביים ב.ב.ק. דער העכ־סטער געריכט פון ראַטן־פאַרבאַנד האָט דאָ ביי אונדז זיין פיליאַל. וועט זיין אַ משפּט און דו וועסט באַקומען דאָס וואָס עס קומט דיר. מיר, פאַרשטייט זיך, גיבן אונדזער רעקאָמענדאַציע. וועסטו זיך פירן, ווי עס דאַרף צו זיין, ניט עקש־נען זיך, וועט פאַר דיר זיין גרינגער אויך ביים געריכט. זיי רעכענען זיך מיט דעם ווען דער באַשולדיקטער דערציילט אַלץ אָפנהערציק און האָט חרטה אויף זיינע מעשים. דאָס האָסטו פאַרשטאַנען?

— יאָ. איך האָב אַלץ פאַרשטאַנען. נאָר איך וויל אייך זאָגן פאָרויס, אַז איך וועל זיך פירן פּונקט אַזוי ווי איך האָב זיך געפירט מיט דריי יאָר צוריק, ביי דער אויספאָרשונג אין מינסקער נקוו״ד. לויט מיין מיינונג איז מיין אויפפירונג געווען דאָרט זייער אַ ריכטיקע, ווי עס דאַרף צו זיין.

— איך ווייס, ווי דו האָסט זיך געפירט דאָרט. דיין „דיעלאָ" איז דאָ ביי מיר. דו האָסט ניט אונטערגעשריבן קיין איין פּ ר אָ ט אָ ק אָ ל! דו האָסט זיך ניט מודה געווען אין קיין איין פּונקט פון דער באַשולדיקונג. אָבער איך וויל דיך וואָרענען: איך בין ניט מעלצער. מיין פאַמיליע איז װ י ק ט אָ ר אָ װ! פאָלקאָוו־ניק וויקטאָראָוו. דו הערסט? איך האָב איינגעבראָכן ניט נאָר אַזעלכע העלדן ווי דו. דו פאַרשטייסט? וועסט ביי מיר אַלץ אונטערשרייבן. דו פאַרשטייסט? אַלץ. אַלע פּראָטאָקאָלן. און איצט וועל איך דיך אָפּשיקן אין קאַמער. דאָרט וועט מען

דיר דערצײלן, װי אַזױ מען שרײַבט אונטער בײַ מיר. גיב דאָרט גוט אַ טראַכט.

װיקטאָראָװ האָט אַ קװעטש געטאָן אַ קנאָפּקע אין טיש. ס׳איז געקומען אַ סאָלדאַט און אָפּגעפירט מיך אין דעם „שװאַרצן װאָראָן" צוריק אין צענטראַלן איזאָלאַטאָר. מען האָט מיך אַרײַנגעװאָרפן אין אַן אַלגעמײנער קאַמער אין װעל־כער עס זײַנען געװען 26 אַרעסטירטע.

אין קאַמער איז געװען שרעקלעך ענג. קײן אָרט אויף די נאַרעס איז ניט געװען. אַ סך האָבן זיך געװאַלגערט אויף דער פּאָדלאָגע אין זײערע שמאַטעס, אין די שיך און בושלאַטן. פֿאַרשײדענע מענטשן. אַלע פּאָליטישע און אַלע שױן פֿאַרעגדיקט די תקופה פֿון זיצן לױטן ערשטן פּסק־דין. אַלע װאַרטן אויף „דאָ־באַװוקעס". בײַ װעמען עס האָט זיך שױן געענדיקט די „פֿריִערדיקע אױספֿאָר־שונג" און בײַ װעמען נאָך ניט. פֿאַרמוטשעטע, צעבראָכענע מענטשן. מען מײַדט אױס צו רעדן. נאָר עטלעכע יונגען, געזונטע, פֿרישע, דרײען זיך אַרום און רעדן. דערצײלן אָפֿנהערציק װעגן זײערע קאָנטער־רעװאָלוציאָנערע מעשׂים, שעלטן אויף רעכטס און אויף לינקס די סאָװעטן־מאַכט, די קאָמוניסטישע פּאַרטײ, סטאַ־לינען, נאָר גיבן אַן עצה ניט אײַנצושפּאַרן זיך אויף די אױספֿאָרשונגען און אַלץ דערצײלן. מיט דעם קען מען אָפּהיטן דאָס לעבן. מען זעט גלײַך אַז דאָס זײַנען „שמעקערס", אינפֿאָרמאַטאָרן פֿון דריטן אָפּטײל און זײער ניט קײן קװאַליפֿי־צירטע. מען זעט אַז זײ סטאַרען זיך שטאַרק... אָבער מענטשן רעדן ניט מיט זײ, רעאַגירן ניט...

איך בין געװען אין קעלער פֿון מינסקער נקװ״ד, געװען אין דער מינסקער צענטראַלער טורמע. דער קעלער אין פֿאַרגלײַך מיט דער טורמע איז געװען ממש אַ גיהנום. אָבער אין פֿאַרגלײַך מיט דער קאַמער אין צענטראַלן איזאָלאַטאָר פֿון ב. ב. ק. האָט דער מינסקער קעלער אױסגעזען װי אַ גן־עדן...

דאָס מאָל איז די „פֿאָרשונג" געגאַנגען גיך. אין צװײ טעג אַרום האָט מען מיך געבראַכט צו װיקטאָראָװן. און װידער אין דער פֿרי. דאָס איז געװען אין קעגנזאַץ צו די טראַדיציעס פֿון טשעקאַ — נקװ״ד. פּאָלקאָװניק װיקטאָראָװ היט מסתּמא שטאַרק זײַן געזונט. ער װיל ניט אַרבעטן שפּעט אין דער נאַכט. ער איז זיכער אַז ער װעט אַלץ דערגרײכן אין אַ נאָרמאַלן אַרבעטס־טאָג...

איך האָב זיך געזעצט אויף דער טאַבורעטקע אין מיטן פֿון גרױסן קאַבינעט. װיקטאָראָװ איז געזעסן בײַ זײַן גרױסן שרײַבטיש. די טאַבורעטקע איז געװען ניט װײַניקער, װי 3־2½ מעטער פֿון דעם טיש. װיקטאָראָװ האָט געמישט פּאַפּירן און געװען אַרײַנגעטאָן אין לײענען זײ. איך זיץ אויף דער טאַבורעטקע און הינטער מיר, בײַ דער צװײטער װאַנט, אַ סאָלדאַט. װען איך זיץ און האַלט גלײַך דעם קאָפּ — זע איך װיקטאָראָװס אײַנגעבױגענעם קאָפּ איבער די פּאַפּירן און הינטער אים דעם מונדיר פֿון סטאַלינען. הײב איך עטװאָס אויף מײַן קאָפּ — זע איך סטאַלינען אין זײַן גאַנצער גדלות... ער שמײכלט אין די װאָנצעס און

באַרוויקט: שרעק זיך ניט! דיך באַהיט מיין קאָנסטיטוציע! די איינציקע אין דער וועלט.

וויקטאָראָוו איז שטאַרק פאַרנומען. ער לייענט זייער וויכטיקע דאָקומענטן. עס לויפן מינוטן. אין צימער הערשט אַ טויטע שטילקייט. דער סאָלדאַט שטייט פון הינטן און גיט זיך ניט קיין ריר. אַלץ איז קונציק אויסגעמושטרעוועט. סטאַלין שווייגט, וויקטאָראָוו שווייגט, דער סאָלדאַט שווייגט. און איך מוז דאָך אויך שווייגן. צו וועמען קען איך דאָ רעדן?

וויקטאָראָוו האָט פאַרמאַכט די פאַפּקע פאַפּירן, פאַררויכערט אַ גרויסן פּאַפּיראָס מיט אַ לאַנגן מונדשטוק, עטלעכע מאָל מיט הנאה זיך פאַרצויגן און געזאָגט:

— וועלן מיר, הייסט עס, אָנהייבן. מעלצער, — דיין פאַרשער אין מינסק מיט דריי יאָר צוריק, אייערער, אַ יעווריטשיק, — איז אַרעסטירט, ווי אַ פייגט פון פאַלק. ער איז אַריינגעקראָכן אין אונדזערע אָרגאַנען און געשעדיקט דאָרט. איך בין אים ניט מקנא. מיט אַזעלכע טיפּן ענדיקן מיר גיך. די באַזונדערע באַראַטונג ביי דער נקוו"ד האָט דיך פאַראורטיילט אויף דריי יאָר לויט דער רעקאָמענדאַציע פון דעם מעלצער. דער טשעקיסט פון דער באַזונדער־באַראַטונג, וועלכער האָט אָנגעשריבן די רעזאָלוציע „דריי יאָר", האָט אויך באַקומען דאָס זייניקע. איך האָב מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט איבערגעלייענט דעם גאַנצן מאַטעריאַל. איז דאָס טאַקע ניט לעכערלעך! דריי יאָר פאַר דיין לאַנגיאָריקער, קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער, ציוניסטישער טעטיקייט? דאָס איז ערשטנס. וועסט ביי מיר אונטערשרייבן די פּראָטאָקאָלן אין וועלכע עס ווערט כאַראַקטעריזירט די אַרבעט פון אייער אָרגאַניזאַציע און דער עיקר, די רשימות פון די אָנטיילנעמער פון אייער אָרגאַניזאַציע. און ניט נאָר פון מינסקער אָרגאַניזאַציע. אונדז איז באַוווּסט אַז דו האָסט אויך אין כאַרקאָוו אַקטיוו געאַרבעט אין דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן דאָ די רשימה פון אַלע אייערע חברים. דו וועסט דאַרפן נאָר אונטערשרייבן. חוץ דעם איז אונדז באַוווּסט, אַז דו האָסט זיך פאַרנומען מיט אַנטיסאָוועטישער ציוניסטישער אַגיטאַציע אין לאַגער. מיר האָבן פאַקטן. וועסטו אויך אונטערשרייבן דעם דאָזיקן פּראָטאָקאָל. איז בעסער מיט גוטן. וועסטו אונטערשרייבן — וועל איך דיך אַריבערפירן אין אַ גוטער קאַמער און וועסט דאָרט וואַרטן אויף דעם משפּט. וועסט אויף דעם משפּט אַרויסזאָגן דיין חרטה, וועט מען דיך ניט שטרענג באַשטראָפן און איך וועל דיך שיקן אין אַ גוטן לאַגער אויף אַ גרינגער אַרבעט. האָסט פאַרשטאַנען אַלץ, וואָס איך האָב גערעדט?

— יאָ, איך האָב אַלץ פאַרשטאַנען. אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען.

— וועל איך דיר איבערלייענען דעם ערשטן פּראָטאָקאָל. ער איז געווידמעט דער כאַרקאָווער תקופה פון דיין טעטיקייט.

און וויקטאָראָוו לייענט פּראַגעס און ענטפערס. זיינע פּראַגעס און מיינע ענטפערס. איך, פאַרשטייט זיך, ענטפער אויף אַלע פּראַגעס אַזוי ווי מען דאַרף. און דערנאָך לייענט ער אַ ביילאַגע צום פּראָטאָקאָל — אַ רשימה פון חברים פון דער פּועלי־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין קראָקעוו. אַרום 30 מאַן. פון זיי 2־3 באַקאַנטע פאַמיליעס. די איבעריקע פאַמיליע־נעמען הער איך צום ערשטן מאָל. איין פאַמיליע איז מיר יאָ געווען באַקאַנט — אַ פאַמיליע פון אַ ייד — פּראָפעסאָר אין קראָקאָווער אינזשינער־עקאָנאָמישן אינסטיטוט ביי וועלכן איך האָב זיך געלערנט, נאָר וועלכער האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין שייכות צו פּועלי־ציון.

— האָסט געהערט וואָס איך האָב איבערגעלייענט?

— יאָ. געהערט.

— איז גיי צום טיש און שרייב אונטער.

— ניין. דאָס ניט. איך וועל ניט אונטערשרייבן.

— וואָס האָסטו געזאָגט?

— איך וועל ניט אונטערשרייבן.

וויקטאָראָוו האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט. ער האָט רויִק אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער פון דער קאַבורע און אַוועקגעלייגט אויפן טיש. דערנאָך האָט ער געעפנט דעם טישקעסטל און אַרויסגענומען גרויסע, לעדערנע שוואַרצע הענטשקעס און זיי אָנגעטאָן. אַלץ שטיל, רויִק, שווייגנדיק. און דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן פּאַמעלעך, זייער פּאַמעלעך שפּאַנען פון זיין טיש צו מיר, צו מיין טאַבורעטקע און רויִק פרעגנדיק: וועסטו טאַקע ניט אונטערשרייבן? האַ? וועסט ניט אונטערשרייבן? און אפשר וועסטו דאָך אונטערשרייבן? ער איז צוגעקומען נאָענט צו מיר. איך האָב געפּרוווט אויפשטיין פון דער טאַבורעטקע. האָט ער אַ רעווע געטאָן: זיצן! ער האָט אַריינגעברומט אין מיינע אויערן, אַזוי ווי ער וואָלט מיר זאָגן אַ סוד:

— גיי, שרייב אונטער. איך זאָג צום לעצטן מאָל.

— איך וועל ניט אונטערשרייבן.

וויקטאָראָוו האָט אָפּגעטראָטן אַ טראָט, אויפגעהויבן זיין רעכטע האַנט אין דער שוואַרצער הענטשקע און געגעבן אַ קנאַק מיר אין די ציין אַריין. איך בין האַסטיק געפאַלן און באַקומען אַ שרעקלעכן זעץ אין קאָפּ. אַ שרעקלעכער ווייטאָק אין פאַטיליצע. מער גאָרניט. דערנאָך האָב איך דערפילט אַז מיין מויל איז פול מיט אַ זויערער פליסיקייט, מיט בלוט. איך האָב עס אויסגעשפּיגן אויף זיך אַליין. איך בין געווען פאַרגאָסן מיט בלוט. דער סאָלדאַט האָט מיך אויפגעהויבן און אַוועקגעזעצט אויף דער טאַבורעטקע. דאָס מויל בלוטיקט שרעקלעך. ס'איז פול מיט בלוט. איך קען עס ניט אויסשפּייען. אין קאָפּ רוישט שרעקלעך און אין דער רעכטער זייט פון די ציין נאָיעט אַ שטאַרקער ווייטיק. וויקטאָראָוו האָט אויפ־

געהויבן צוויי ציין מיינע, און ווי אַ ציין־דאָקטער נאָך אַ געלונגענער אָפּעראַציע, האָט ער מיר זיי אײדל געגעבן:

— דאָס איז די ערשטע וואָרענונג צוליב דיין עקשנות.

איך בין געלעגן אַ צונויפגעדרייטער ניט ווייט פון דער פּאַראַשע. אַ טעמפּער ווייטיק אין גאַנצן גוף. דער קאָפּ הודיעט. איך בין ניט מסוגל צו טראַכטן. נאָר איין מחשבה עקבערט די גאַנצע צייט דעם מוח — דאָס האָט זיך ערשט אָנגעהויבן. ס׳איז נאָר אַ הקדמה. ס׳איז די פּרעלודיע. דער קאָנצערט שטייט נאָך פאָר. די מויל איז פול מיט פליסיקייט און ס׳איז ניטאָ וווהין אויסצושפּייען. נעבן מיר ליגן מענטשן. רייבן זיך ממש איינער אין אַנדערן. איך שלינג אַראָפּ די שפּייעכץ מיט דעם בלוט. דאָס מויל ווערט ווידער פול. פון וואַנען נעמט זיך אַזויפיל פליסיקייט אין מויל? וווהין אויסשפּייען? איך פאַל אויף אַ המצאה. איך נעם אַראָפּ אַ שוך פון פוס, רייס אָפּ אַ שטיקל שמאַטע, און שפּיי אין דער שמאַטע אַריין. איך בין צופרידן פון דער המצאה מיינער. איך שמייכל אַ צופרידענער...

די מענטשן אין קאַמער זיינען גלייכגילטיק. קיינער רעאַגירט ניט. יעדער איז פאַרנומען מיט זיינע צרות, מיט זיינע מחשבות. יעדער איז פאַרנומען מיט עפּעס. איינער קעמפּט פאַרביסן מיט זיינע לייז; דער צווייטער לויפט אָפּט צו דער פּאַראַשע — עפּעס איז ניט אין אָרדענונג מיט זיין מאָגן — ער איילט אַן אַנדערן, ער זאָל גיכער באַפרייען די פּאַראַשע; אַ דריטער שרייט און זידלט זיך — ס׳איז אים נעלם געוואָרן פון זיין צוקאָפּנס אַ שטיקל ברויט פון דער טעג־לעכער נאָרמע; אַ פערטער זיצט אויף דער נאַרע און זידלט און שילט דערצו מיט אַלע געשמאַקע ספּעציפיש־רוסישע ברכות. ער ווייסט מסתמא וועמען ער מיינט...

26 אַרעסטאַנטן, צוזאַמענגעטריבן אין איין קליינעם, שטיינערנעם, פאַרשפּאַרטן, פון אַלע זייטן פאַרצאַמטן שטעלכל, אַזוי ווי חזירים אין אַן אָפּגעשטאַנענעם קאָלכאָז...

אין אָוונט איז געוואָרן עטוואָס פרייער. מען האָט מיט אַ מאָל צוגענומען פון קאַמער 5 מענטשן. ס׳איז צוגעגאַנגען צו מיר איינער און געזאָגט:

— קומט גיכער. נעבן מיר האָט זיך באַפרייט אַן אָרט אויף די נאַרעס. שפּעטער, אָדער מאָרגן אין דער פרי, וועט מען אַריינוואַרפן נייע מענטשן אין קאַמער. קומט, דאָרט נעבן מיר איז בעסער צו ליגן ווי דאָ נעבן דער פּאַראַשע.

ער איז געווען גערעכט: ס׳איז געווען ניט צו פאַרגלייכן. איך האָב גיך פאַרכאַפּט דעם באַפרייטן אָרט. דער מענטש האָט אויסגענוצט דעם טומל און די באַוועגונג ווען מען האָט צוגענומען די 5 אַרעסטאַנטן און מיך אַרויפגעשטופּט אויף דעם בעסערן אָרט.

— מיך רופט מען אַראָן איסאַקאָוויטש. מיין פאַמיליע איז ראָזענשטיין. אין דער היים האָט מען מיך גערופן אַרקאַשקע — האָט זיך מיין שכן אויף די נאַרעס פאָרגעשטעלט.

— אַ גרויסן דאַנק אייך — האָב איך געענטפערט. מיך רופט מען אַראָן יאָסיפאָוויטש און מיין פאַמיליע איז ראָזין. כמעט די זעלבע נעמען ביי אונדז. איך בין זיכער אַז מיר זיינען ביידע יידן — האָב איך זיך אַ ווייצל געטאָן.

— דאָס האָב איך גלייך פאַרשטאַנען, ווי נאָר מען האָט אייך געבראַכט צו פירן אין קאַמער. איך האָב די גאַנצע צייט געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט צו זיין מיט אייך שכנים אין אונדזער האָטעל.

— עס זיינען דאָ אין קאַמער פאַראַן נאָך עטלעכע יידן? איך האָב נאָך ניט באַוויזן אַרומקוקן זיך און באַקענען אַלע מענטשן.

— איך בין שוין דאָ אַן אַלטער איינוווינער — שוין $1\frac{1}{2}$ חדשים. עס זיינען געוועזן פאַר דער צייט אַרום 5־6 יידן, האָט מען זיי שוין צוגענומען. איצט זיינען דאָ אין קאַמער 2 עלטערע יידן, זייער שווייגנדיקע. איך האָב געפּרוווט רעדן מיט זיי, אָבער זיי מיידן אויס. אפשר וועט זיך אייך איינגעבן זיך צו באַקענען מיט זיי.

— זאָגט מיר, אַראָן איסאַקאָוויטש, וואָס עפּעס זוכט איר באַזונדערע באַקאַנטשאַפט מיט יידן? וואָס עפּעס האָט איר דווקא מיך אַריינגעשלעפּט צו זיך אין שכנות אויף דער נאַרע?

— איך ווייס? ס׳איז פּשוט היימישער. יעדער מענטש זוכט דאָך באַקוועמ־לעכקייטן אין לעבן. אין אונדזערע באַדינגונגען איז עס דאָך באַזונדערס וויכטיק. אַז מען לעבט אין אַ בשותפותדיקער דירה, האָט די פראַגע ווער עס איז דער שכן זייער אַ גרויסע באַדייטונג. עס ווילט זיך האָבן אַ גוטן שכן. איך האָב צו אייך אַ פראַגע, אָבער איך וויל מיר זאָלן רעדן אָפנהערציק.

— ביטע. פאַרוואָס ניט. וואָס קען שאַטן אָפנהערציקייט. איך האַלט אויך אַז שכנים דאַרפן זיין אין גוטע באַציִונגען.

— אייער פאָרשער איז פאָלקאָווניק וויקטאָראָוו?

— יאָ. פון וואַנען האָט איר זיך אַזוי ריכטיק אָנגעשטויסן אויף דעם?

— וויקטאָראָוו איז דאָ — אין דריטן אָפּטייל — אַ ספּעציאַליסט אויף יידי־שע ענינים. כמעט אַלע יידן וועלכע זיינען געוועזן דאָ אין קאַמער, זיינען אויס־געפאָרשט געוואָרן דורך וויקטאָראָוון.

— וואָס הייסט יידישע ענינים?

— איך מיין אַז איר ווייסט אַליין זייער גוט. מיר האָבן דאָך באַשטימט צו זיין אָפנהערציק. אָבער איך האָב אַן איינדרוק אַז וויקטאָראָוו פאָרשט פּערזענלעך ניט נאָר אַזעלכע וואָס זיינען באַשולדיקט אין ציוניסטישער, בונדיסטישער, אָדער סתם יידישער נאַציאָנאַליסטישער טעטיקייט, ווי למשל, יידישע רעליגיעזע טע־טיקייט. וויקטאָראָוו פאָרשט אַלע יידן און סטאַרעט זיך יעדן ייִדן צוציִען אַ ספּע־

ציפּיש־יידישן עניין. ער דאַרף דאָך מסתּמא אויספּילן זיין פּלאַן. און, בכלל, איז ער אַ גוואַלדיקער אַנטיסעמיט.

— און די צוויי עלטערע יידן וועלכע איר האָט אָנגערופן שוויגנדיקע, גייען אויך דורך וויקטאָראָווס הענט?

— יאָ. זיי זיינען שוין דאָ מער ווי צוויי חדשים. מסתּמא האָט זיך שוין פאַרענדיקט די אויספאָרשונג און זיי וואַרטן אויף אַ משפּט. שוין אַ חודש צייט ווי מען שלעפּט זיי ניט צו וויקטאָראָוון.

— און אייער אויספאָרשונג האָט זיך שוין פאַרענדיקט?

— איך מיין אַז יאָ. איך בין ביי וויקטאָראָוון געווען אין גאַנצן 4 מאָל. ביי דעם לעצטן „דאָפּראָס" האָב איך אַלץ אונטערגעשריבן. איך האָב באַשטימט אַז עס לוינט ניט עקשנען זיך.

— ער האָט שטאַרק געפּייניקט?

— אַזוי זיך — מיטלמעסיק. ביי דער ערשטער באַגעגעניש זיינען געווען נאָר דראָונגען און וואָרענישן. ביי דער צווייטער איז געווען פּונקט ווי ביי אייך. ער האָט מיר אַרויסגעקנאַקט מיט זיין שוואַרצער הענטשקע דריי ציינער. וואָס קוקט איר אויף מיר אַזוי? איך האָב דאָך געזען אַז איר שפּייט די גאַנצע צייט מיט בלוט. דעם דריטן מאָל... מילא, וואָס איז דער אונטערשייד. דעם פערטן מאָל האָב איך אַלץ אונטערגעשריבן. אַלץ איינס קען מען דאָך ניט אַרויס פון זייערע הענט. איך רעקאָמענדיר אייך טאָן דאָס זעלביקע. עס לוינט ניט פּטרן דאָס געזונט. וויקטאָראָוו האָט דאָך הנאה ווען ער פּייניקט. איז זאָל ער גיין צו אַלע שוואַרצע יאָר. אויב ס'איז דאָ אַ גאָט, וועט ער אים אָפּצאָלן. מיר קענען דאָך דערווייל גאָרניט טאָן.

— איך מיין פּונקט פאַרקערט, אַראָן איסאַקאָוויטש. וויקטאָראָוו וועט האָבן אַ גרויסע סאַטיספאַקציע ווען ער וועט דערגרייכן זיין ציל, ווען דער אומגליקלעכער קרבן זיינער גיט זיך אים אונטער. און צווייטנס, וואָס הייסט דאָס אונטערשרייבן? איר שרייבט דאָך אונטער ניט נאָר אויף זיך. זיי גיבן דאָך רשימות פון מענטשן וועלכע זיינען אויך געווען אין דער אויסגעטראַכטער אָרגאַניזאַציע. אפשר זיינען אייניקע פון זיי נאָך אויף דער פרייהייט און אייער אונטערשריפט וועט העלפן דער נקוו"ד אין אירע נידערטרעכטיקע מעשׂים. איך האָב גאָרניט אונטערגעשריבן מיט דריי יאָר צוריק, ביים אַרעסט און איך קלייב זיך ניט אונטערשרייבן אויך איצט. זאָל זיין וואָס עס וועט זיין. איך וויל זיין שטאַרקער פון וויקטאָראָוון, כאָטש ביי אים איז אַלץ פאַראַן — די מאַכט, דער כּוח, דער אַזוי גערופענער געזעץ, די שוואַרצע הענטשקע און אַלע איבעריקע מכשירים פון פּייניקונגען... ביי וויקטאָראָוון איז דאָ איין ציל — אויספּילן דעם פּלאַן ווי איר האָט זייער ריכטיק באַמערקט, קריכן אויף דעם לייטער פון קאַריערע, ווערן אַ

גענעראַל, אַרויסקריכן פון מעדוועזשעגאָרסק און אַריינקריכן אין מאָסקווע, אָדער
כאָטש אין אַ לענינגראַד, אָדער מינסק. און ביי מיר איז אויך דאָ דער ציל —
בלייבן אַ מענטש. אַ מענטש מיט זיינע אידעאַלן און מיט זיין אמונה; אַ מענטש
מיט זיין מאָראַל און מיט זיין געוויסן. ניין, איך וועל ניט אונטערשרייבן.

— איר זייט מסתמא גערעכט, אַראָן יאָסיפאָוויטש. יאָ, איר זייט גערעכט.
איך האָב קיינמאָל ניט געטראַכט ביז דעם סוף. איך ווינטש אייך כוח און מוט
אויסצוהאַלטן. איך בין זיכער אַז איר וועט אויסהאַלטן.

מיר האָבן זיך באַפריינדעט. ראָזענשטיין איז געבוירן געוואָרן אין פּעטראָ־
גראַד. זיין טאַטע איז געווען אַן אָנגעזעענער אַדוואָקאַט און געהאַט „פּראַוואָזשי־
טעלסטוואָ" אין פּעטראָגראַד. זיין טאַטע איז געווען אַ הייסער ציוניסט. אין יאָר
1923 האָט מען אים אַרעסטירט, אַרויסגעשיקט קיין קאַזאַכסטאַן און דערנאָך,
אין עטלעכע חדשים אַרום, האָט זיך אים איינגעגעבן מיט דער הילף פון פּעש־
קאָווא — מאַקסים גאָרקיס ווייב — אַרויספאָרן קיין ארץ־ישׂראל. דער עלטערער
ברודער — אַן אינזשינער — איז אויך געווען אַ ציוניסט און אַרעסטירט גע־
וואָרן שוין אין דעצעמבער פון 1934סטן יאָר. צוויי וואָכן נאָך דעם שאָס אין
קיראָוון. און אַראָן איסאַקאָוויטש האָט דערציילט וועגן זיך:

— איך בין קיינמאָל ניט געווען אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. איך האָב
געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט פון לענינגראַדער אוניווערסיטעט, געאַרבעט
אַלס אַדוואָקאַט אין דער לענינגראַדער אַדוואָקאַטן־קאָלעגיע. און ספּעציאַליזירט
זיך אין קרימינעלן משפּט. איך האָב, פאַרשטייט זיך, ניט געהאַט קיין „פּאָלי־
טישע" קליענטן. אויף אַזעלכע פּראָצעסן זיינען ניטאָ קיין אַדוואָקאַטן. נאָך דעם
שאָס אין קיראָוון איז ביי אונדז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אין דער
אַדוואָקאַטן־קאָלעגיע און דער נאַטשאַלניק פון קאַדרען־אָפּטייל האָט געמאָלדן,
אַז אויב ביי וועמען ניט איז אין דער משפּחה וועט מען עמעצן אַרעסטירן, דאַרף
ער תּיכּף מעלדן וועגן דעם אין קאַדרען־אָפּטייל. ווען מען האָט אַרעסטירט מיין
ברודער האָב איך דערציילט וועגן דעם. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מיר אַרויס־
גערופן דער נאַטשאַלניק פון קאַדרען־אָפּטייל און געפרעגט די סיבות פון אַרעסט
פון מיין ברודער. איך האָב געענטפערט אַז איך ווייס ניט און אַז איך מיין אַז
מיין ברודער איז אומשולדיק, אַז עס איז געשען אַ טעות און אינגיכן וועט מען
אים באַפרייען. עס איז געווען אַן אָנגעשטרענגטער שמועס. דער קאַדראָוויניק
האָט געטענהט אַז אונדזערע נקוו"ד אָרגאַנען קענען ניט מאַכן קיין טעות. איך
האָב געטענהט ס׳מייניקע. עס זייגען דורך 2 חדשים זייער אָנגעשטרענגטע. אין
לענינגראַד האָט מען יעדע נאַכט אַרעסטירט הונדערטער מענטשן. מען האָט
אַרעסטירט אַ סך מענטשן וועלכע פלעגן אַריינגיין מיט אַ סך יאָרן צוריק צו מיין
טאַטן און אין די לעצטע יאָרן צו מיין ברודער. אָנהויב פעברואַר פון 1935סטן
יאָר האָט מיך ווידער אַרויסגערופן דער נאַטשאַלניק פון קאַדרען־אָפּטייל און אין

דער אָנוועזנהייט פון אַ פרעמדן מענטש געפרעגט וועגן מיין ברודער. איך האָב געענטפערט אַז איך ווייס ניט, ער איז נאָך ניט באַפרייט.

— דיין ברודער איז געווען אַ ציוניסטישער אַגענט פון אַמעריקאַנער אימ־פּעריאַליזם און איז פאַרמשפט געוואָרן אויף 10 יאָר, און דו טענהסט אַז דו ווייסט גאָרניט. און ווו איז דיין טאַטע?

— מיין טאַטע איז אין פּאַלעסטינע — האָב איך געענטפערט.

— שרייב אונדז אָן אַ בריוו אַז דו טאַדלסט די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע טע־טיקייט פון דיין ברודער.

— איך וועל אַזאַ בריוו ניט שרייבן. איך בין זיכער אַז מיין ברודער איז ניט קיין קאָנטער־רעוואָלוציאָנער. איך בין זיכער, אַז ס׳איז געשען אַ טעות. אַלס אַדוואָקאַט ווייס איך אַז עס קענען טרעפן אַזעלכע טעותן.

אין דער זעלבער נאַכט האָט מען מיך אַרעסטירט, האָט פאַרגעזעצט אַראָן זיין דערציילונג. מען האָט מיך באַשולדיקט אין אַנטיסאָוועטישער אַגיטאַציע וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין רעדן שלעכטס אויף דער נקוו״ד און די „אָסאָבאָיע סאָוועשטשאַניע״ האָט מיר געגעבן 3 יאָר.

— און וואָס האָט געפאָדערט פון אייך וויקטאָראָוו? אין וואָס האָט ער אייך באַשולדיקט?

— ער האָט געטענהט אַז די „אָסאָבאָיע סאָוועשטשאַניע״ האָט געמאַכט אַ טעות. אַז ס׳איז פעסטגעשטעלט דאָס איך בין אויך געווען אַ מיטגליד פון אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און איך האָב זיך פאַרנומען אין לאַגער מיט אַנטי־סאָוועטישער אַגיטאַציע.

— און איר האָט זיך מודה געווען אין דעם?

— יאָ. איך האָב אַלץ אונטערגעשריבן. דעם אמת זאָגנדיק, פאַרדריסט מיך וואָס איך ווייס גאָרניט וועגן ציוניזם. איך האָב נאָר געהערט אַ מאָל עפּעס פון מיין טאַטן, נאָר איך האָב זיך ניט אינטערעסירט דערמיט.

— מיר וועלן איצט ניט רעדן וועגן דעם — האָב איך געענטפערט ראָזענ־שטיינען — זאָגט מיר, אַראָן איסאַקאָוויטש, פאַר וואָס קריכן זיי אַרויס פון די כלים, כדי צו באַקומען אַן אונטערשריפט פון באַשולדיקטן. איר זייט דאָך אַן אַדוואָקאַט. איר פאַרשטייט מער אין דעם. ס׳איז דאָך ביי זיי אַלץ הפקר. געזעץ איז ניט געזעץ. זיי טוען וואָס זיי ווילן. צוליב וואָס דאַרפן זיי די חתימה? זיי פּייניקן דאָך מענטשן נאָר כדי צו באַקומען די חתימה.

— ס׳איז גאַנץ פשוט. לויט דעם סאָוועטישן פּראָצעס־קאָדעקס איז דאָס מודה זיין פון דעם באַשולדיקטן אַז ער איז באַגאַנגען דעם פאַרברעכן אַ גענוגנדער מאָטיוו אַרויסצוטראָגן קעגן אים דעם פסק־דין. מיט וואָס פאַר אַ מיטלען דאָס מודה זיין איז דערגרייכט געוואָרן — איז ניט וויכטיק. און וויבאַלד די סאָוועטישע געזעצלעכקייט פּרעטענדירט צו זיין אַווירקלעכע, יושרדיקע געזעצלעכ־

קייט, אין קעגנזאַץ צו דער פאַלשער קאַפּיטאַליסטישער געזעצלעכקייט, דאַרף מען האָבן דעם אונטערשריפט פון באַשולדיקטן. אַט, למשל, זיינען געווען די פּראָצעסן קעגן בוכאַרינען, ריקאָוון און אַלע איבעריקע פירער פון דער פּאַרטיי און מדינה. עס זיינען געווען אָפענע פּראָצעסן, די גאַנצע וועלט זאָל זען און הערן. וואָס זשע קען זיין בעסער פון דעם וואָס בוכאַרין מעלדעט אָפן און קאַטעגאָריש אַז ער איז זיך מודה אין אַלע באַשולדיקונגען? און וואָס איז שייך די פייניקונגען, קען איך אייך זאָגן, וואָס איך ווייס פון זייער ערנסטע מקורות, אַז די פּאָליטביוראָ און סטאַלין אַליין האָבן פונאַנדערגעשיקט סודותדיקע דירעקטיוון וואָס רעקאָמענדירן און דערלויבן צו באַנוצן פיזישע מיטלען כּדי צו ווירקן אויף דעם באַשולדיקטן אַז ער זאָל זיך מודה זיין און מיט דעם העלפן אויפדעקן אַלע פאַרברעכנס. עס זיינען דערלויבט פייניקונגען נאָר לגבי פיינט פון פאָלק. לגבי גנבים, גזלנים און אַלע אַנדערע קרימינעלע פאַרברעכערס זיינען די פייניקונגען קאַטעגאָריש פאַרבאָטן.

וועגן דעם אַז עס זיינען געווען דירעקטיוון פון סטאַלינען פּערזענלעך אַז מען דאַרף פייניקן, כּדי צו באַקומען די נויטיקע אונטערשריפטן אויף די אויספאַרשונגס־מאַטעריאַלן, איז מיר געווען באַוווּסט פון מיטאַרבעטערס פון נקווד״ד און אָרגאַנען פון פּראָקוראַטור וועלכע זיינען אַנגעקומען אין די יאָרן 1937־1938 אין די לאַגערן אַלס קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן. שוין נאָכן שאָס אין קיראָוון זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן אַזעלכע דירעקטיוון. אין יאָר 1937 זיינען זיי איבערגעחזרט געוואָרן מיט דער פאָדערונג צו פאַרשטאַרקן די פייניקונגען — מיט פיינט פון פאָלק דאַרף מען זיך ניט צאַצקען.

אפשר וועט ווען ניט איז אָנקומען אַ צייט און היסטאָריקערס וועלן האָבן אַ צוטריט צו די דאָקומענטן פון פּאָליט־ביוראָ, פון טשעקאָ — ג. פּ. או., נקווד״ד — ק. ג. ב., און אויך דער שענדלעכער דאָקומענט — אַ דאָקומענט, וואָס האָט גורם געווען אינקוויזיציע־שוידער איבער מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן — וועט דערזען די שיין.

איך האָב געוווּסט אַז איך וועל די אינקוויזיציע דאַרפן דורכגיין ביז דעם סוף. איך האָב זיך געשטאַרקט פּסיכאָלאָגיש זיך אַליין צוצוגרייטן צו דעם כּדי אויסצוהאַלטן און ניט אונטערגעבן זיך. איך האָב אויסגעהאַלטן! מיין ברודער נח ז״ל האָט ניט אויסגעהאַלטן. דאָרט, אין מאָסקווע, אויף דער לוביאַנקע, איז מיין ברודער נח געפאַלן אונטער זייערע הענט אין יאָר 1937. איך האָב אויסגעהאַלטן. מסתּמא דאָרט, אין צענטער, זיינען די וויקטאָראָוס געווען בעסער אויסגעמושטירט ווי אַזוי אויסצופילן די דירעקטיוון פון חבר סטאַלין.

וואָס האָבן זיי געטאָן מיט מיר? ווי אַזוי האָבן זיי געפייניקט? זיינען וויכטיק די דעטאַלן? זיי האָבן „געאַרבעט" זאַלבעדריט: פּאָלקאָווניק וויקטאָראָוו,

לייטענאַנט פּראָקאָפּענקאָ און סערזשאַנט סאַבוראָוו. דאָס האָט מסתּמא סימבאָ־ליזירט זייער לאָזונג װעגן „דרוזשבאַ נאַראָדאָוו" — פריינדשאַפט פון פעלקער — אַ רוס, אַן אוקראַינער און אַ קאַזאַך האָבן זיך איזדיעקעוועט איבער אַ זשיד־ליאַק...

אין משך פון איין חודש האָט מען מיך געפּירט צו זיי 7 מאָל. װען איך וואָלט געהאַט גענוג קינסטלערישן כּוח, וואָלט איך באַשריבן ניט װי זיי האַקן אַרויס ציין, אָדער שמייסן מיט אַ ספּעציעלן קאַנטשיק, אָנגעפּילט מיט בליי, איבער די פינגער פון די הענט און די פיס, אָדער האַקן פּשוט אָפּ לונג און לעבער און טאַפּען מיט די פיס אין בויך, אָדער שטעכן מיט נאָדלען, אָדער פּאַרלעשן אויף דיין גוף ברענענדיקע פּאַפּיראָסן, אָדער... ניין, איך וואָלט בעסער באַשריבן זייער הנאה, וואָס זיי האָבן און דריקן אויס ביים אויספירן די פּייניקונגען, זייער עקסטאַז, זייער התלהבות...

דעם לעצטן — דעם זיבעטן „דאָפּראָס" — האָבן זיי דורכגעפירט ניט אין קאַבינעט, נאָר אויף אַ קליינעם הויפל ביי דער געבײַדע פון דריטן אָפּטייל. ס'איז געװען אַ נהויב יוני. אַ ליכטיקער טאָג. די צפונדיקע זון האָט געשײַנט. דער קאָנוואָי־סאָלדאַט האָט מיך געבראַכט אויפן הויף. און דערנאָך איז געקומען פּאָל־קאָווניק וויקטאָראָוו אין דעם גאַנצן שײַן פון זיין מונדיר מיט די בלויע קאַנטן און מיט די שעוורעווע, שפּיגל־בלישטשענדיקע שטיוועלעך. מיט אים זיינען גע־קומען זיינע מיטהעלפער — לייטענאַנט פּראָקאָפּענקאָ און סערזשאַנט סאַבוראָוו.

— שטעל זיך דאָ, אין מיטן — האָט באַפוילן וויקטאָראָוו.

רעכטס פון מיר האָט זיך געשטעלט פּראָקאָפּענקאָ, און לינקס — סאַבוראָוו.

— האָסט זיך אפשר באַטראַכט? וועסט אפשר אונטערשרייבן די פּראָטאָ־קאָלן פון דער אויספאָרשונג?

— ניין.

— וועלן מיר זיך היינט מיט דיר געזעגענען, זשידאָווסקע פּאַדלע. מיר ווילן ניט מער אָנקוקן דיין ציוניסטישע מאָרדע. דער העכסטער געריכט וועט שוין זאָגן זיין לעצט וואָרט. פּראָקאָפּענקאָ און סאַבוראָוו, איר קענט זיך צעקושן מיט אייער פריינד...

האָבן זיי אָנגעהויבן וואַרפן מיך איינער צום אַנדערן מיט אַ זעץ אין האַרץ, אין קאָפּ, אין פּלייצע, אין בויך. איך פאַל אויף דער ערד — הויבן זיי מיך אויף און זעצן פאָר. און דערנאָך האָט וויקטאָראָוו געגעבן אַ קאָמאַנדע אויפצוהערן און אַוועקצוואַרפן מיך אויף אַ קופּע מיסט אין ווינקל פון הויף.

איך בין געלעגן אויף דער קופּע מיסט. אָבער איך בין געווען ביים פולן באַוווסטזיין. אין אַלע פריִערדיקע „דאָפּראָסן" פלעגן זיי מיך פּייניקן ביזן אָנווערן דאָס באַוווסטזיין. דאַן פלעגט מען מיך אָפּגיסן מיט וואַסער און אָפּשיקן מיט דעם „שוואַרצן וואָראָן" אין טורמע. דאָס מאָל האָט וויקטאָראָוו באַפוילן אויפ־

צוהערן שלאָגן כּדי איך זאָל האָבן א קלאָרן באַוווסטזיין און זען וואָס עס טוט זיך. וויקטאָראָוו איז צוגעגאַנגען צו מיר און געזאָגט רויִק און געלאַסן:

— איך האָב היינט געטרונקען אַ סך בראָנפן און קאָניאַק; איך האָב אויך געטרונקען קאַפע און טיי. דו האָסט דאָך שוין לאַנג ניט געזען אַזעלכע געטראַנ־קען. וועל איך איצט געבן דיר אָט די געטראַנקען.

און ער שפּיליעט רויִק פונאַנאַנדער זיינע גאַבאַרדינאָווע הויזן און גיסט מיך אָפּ מיט אַ שטראָם... ער טוט עס אויף מיר, אויף מיין קאָפּ, אויף מיין פּנים...

וויקטאָראָוו הירזשעט פון געלעכטער. און פּראָקאָפּענקאָ חנפט זיך צו אים:

— ביי אייך איז אַן אויסגעצייכנטער שטראָם, חבר פּאָלקאָווניק.

— נו, פּראָקאָפּענקאָ, באַווייז דיין שטראָם.

און פּראָקאָפּענקאָ דעמאָנסטרירט מיט פאַרגעניגן זיין שטראָם און איז צו־פרידן וואָס ער איז ניט אָפּגעשטאַנען פון זיין גרויסאַרטיקן נאַטשאַלניק און וואָס אים האָט זיך איינגעגעבן צו באַנעצן מיך פון אַלע זייטן.

וויקטאָראָוו האָט ניט געוואָלט באַליידיקן דעם סערזשאַנט און אים געהייסן טאָן דאָס זעלבע...

און אַזוי האָט זיך געענדיקט די אַזוי גערופענע „פּריִערדיקע אויספאָרשונג" אין דעם דריטן אָפּטייל פון ב. ב. ק.

העכסטער געריכט. די העכסטע אינסטאַנץ אין לאַנד, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר דעם צדק און די גערעכטיקייט. עס האָט, ווייזט אויס, ניט געפּאַסט פאַרצושטעלן פאַר דעם סאָציאַליסטישן בית הדין העליון די שמוציקע, פאַר־לייזיקטע אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן שוין 5 חדשים ניט געוואַשן דאָס פּנים און די הענט; פאַרשטעלן זיי אין צעפוילטע און פאַרבלוטיקטע בגדים וואָס קענען עדות זאָגן אויף די מעטאָדן פון „אויספאָרשונגען". האָט מען אונדז געפירט אין אַ רוסישער „שוואַרצער באָד", אָפּגעגאָלט און אָפּגעשאָרן, געגעבן גענוצטע, נאָר גאַנצע און ריינע, דעזינפעקצירטע, אַרעסטאַנטישע בגדים און געבראַכט אונדז ענלעכע אויף מענטשן, צו פירן אויף דער זיצונג פון דער אַרויספאָר־סעסיע פון העכסטן געריכט.

6 אַרעסטאַנטן זיינען מיר געווען. פון מיין קאַמער איך און ראָזענשטיין. 6 אַרעסטאַנטן. דאָס הייסט, אַז אין איין טאָג וועלן זיי דורכלאָזן דורך דעם צדק־קאַנווייער 6 מאָן. אַרבעט איז דאָ אין ב. ב. ק. אַ סך. דאַרפן די שופטים אַרבעטן שלאָגלעריש. די שופטים דאַרפן דאָך אויך אָנטייל נעמען אין סאָציאַליסטישער פאַרמעסטונג און אויספילן זייער פּלאַן...

מיר זיינען געזעסן אין אַ גרויסן צימער נעבן דעם משפּט־צימער. 6 אַרעס־טאַנטן און 6 קאָנוואָי־סאָלדאַטן. ס׳איז מיט אונדז אויך געווען סטאָלין וועלכער האָט אונדז געמוטיקט פון דער וואַנט. דעם ערשטן מאָל פאַר דריי און אַ האַלב

יאָר האָב איך געזעסן אַ זייגער. אַ גרויסער וואַנט־זייגער איז געהאָנגען אויף אַ וואַנט אין צימער. 9 אין דער פֿרי האָט דאָס געריכט אָנגעהויבן אַרבעטן. דער ערשטער איז געווען ראָזענשטיין. זיין משפּט האָט געדויערט 40 מינוט. 9.45 האָט מען שוין אַרויסגערופֿן צום משפּט אַ צווייטן אַרעסטאַנט.

— איך האָב געכאַפּט אַ מציאה — האָט אַ צופֿרידענער געזאָגט אַראָן איי־סאַקאָוויטש. אין גאַנצן 3 יאָר לאַגער פֿון שטרענגן רעזשים, און אויך 3 יאָר פֿאַרלירן די בירגער־רעכט. דו שטעלסט זיך פֿאָר? אין גאַנצן 3 יאָר לאַגער. איך זיץ שוין אַ האַלב יאָר, ד"ה אַז האַלב יאָר פֿון נייעם „סראָק" בין איך שוין אָפּגעזעסן. איז געבליבן נאָך $2\frac{1}{2}$ יאָר. און בירגער־רעכט? וועלכע בירגער־רעכט זיינען פֿאַראַן, כּדי מען זאָל זיי קענען אָפּנעמען?...

— זאָג מיר, אַרקאַשע, ווי אַזוי קומט דאָס פֿאָר דער משפּט? ס'איז דאָך פֿונדעסטוועגן אַ העכסטער געריכט.

— וועסט אינגיכן זען דעם ספּעקטאַקל מיט דיינע אייגענע אויגן.

דער צווייטער משפּט האָט געדויערט 90 מינוט. דער אַרעסטאַנט איז אַרויס פֿון דאָרט אַ צעבראָכענער, אַן אויפֿגעטרייסלטער. ער האָט באַקומען נייע 10 יאָר.

דער דריטער משפּט האָט געדויערט 50 מינוט. דער אַרעסטאַנט האָט באַקו־מען נייע 5 יאָר. און דערנאָך האָט מען געמאָלדן אַן איבעררייס. די שופֿטים האָבן זיך אָנגעהאַרעוועט. מען דאַרף אָפּרוען און איבערבייסן...

2 אַ זייגער ביי טאָג האָט מען מיך אַריינגעפֿירט אויף מיין ספּעקטאַקל. דער פֿאָרזיצער פֿון געריכט מיט צוויי שופֿטים, דער סעקרעטאַר פֿון געריכט און דער פּראָקוראָר פֿון ב. ב. ק. זיינען געזעסן אויף אַ פּאָדיום אונטער דעם גרויסן פּאָר־טרעט פֿון סטאַלינען. קיין פֿאַרטיידיקער איז ניט געווען. איך מיט מיין קאָנוואָי־סאָלדאַט זיינען געשטאַנען עלנט אין אַ גרויסן צימער.

סטאַנדאַרטע פֿראַגעס פֿון פֿאָרזיצער: פֿאַמיליע־נאָמען, פֿאָטערס נאָמען, יאָר פֿון געבוירן, אָרט פֿון געבוירן, נאַציאָנאַליטעט, פּאַרטייִישע אָנגעהעריקייט ביז דעם אַרעסט. ווען איך האָב געענטפֿערט אויף דער לעצטער פֿראַגע — אומפּאַר־טייִישער, האָט דער פֿאָרזיצער געזאָגט מיט כּעס:

— פֿאַר וואָס לייקנט איר? דאָ, אין די דאָקומענטן, איז קלאָר און דייטלעך פֿאַרשריבן אַז איר זייט געווען אַ מיטגליד פֿון אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער, ציוני־סטישער פּאַרטיי.

— דאָרט, ביי אייך אין די דאָקומענטן, איז ניט ריכטיק פֿאַרשריבן.

— הייסט דאָס, אַז מען קען פֿעסטשטעלן אַז איר פּראַוועט רכילות אויף די אָרגאַנען פֿון נקווו"ד?

— פֿאַרקערט. איך פּראַווע ניט קיין רכילות. איך זאָג דעם ריכטיקן אמת. דאָרט, ביי אייך אין די דאָקומענטן, זיינען אַ סך זאַכן ניט ריכטיק פֿאַרשריבן.

און דערנאָך האָט מען זיך אַרום 10 מינוט פֿאַרנומען מיט מיין משפּחה. ווו

איז מיין ווייב? און ווו זיינען מיינע ברידער? און ווער איז געווען מיין טאַטע? און ווען איך האָב געענטפערט אַז מיין טאַטן האָבן דערמאָרדעט באַנדיטן, האָט דער פּראָקוראָר אויסגעשריִען מיט פּאַטאָס:

— ער זאָגט ווידער אַ ליגן. זיין טאַטן האָבן מיר שוין דערשאָסן, אַלס קלאַס־פיינט, אין יאָר 1918. זיי זיינען אַן אויסגעשפּראָכענע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע משפּחה. זיין ברודער האָבן מיר אַרעסטירט אַלס שעדיקער, אין יאָר 1929 און אַוועקגעשיקט אויף יענער וועלט; זיין ווייב איז אין קאָלימאַ; זיינע ברידער זיינען אויך ציוניסטן און זיינען שוין אין אונדזערע הענט...

מיין טאַטן האָבן דאָך טאַקע דערמאָרדעט באַנדיטן אין וואַלד און ניט די באָלשעוויקעס. און דער פּראָקוראָר פון ב. ב. ק. האָט מיט גאַווה דעקלאַמירט אַז דווקא די באָלשעוויקעס האָבן אים געשאָסן. אָט דער פּראָקוראָר — דער פאָר־שטייער פון סאָוועטישן געזעץ — איז געווען גרייט צו נעמען אויף זיך אַן איבע־ריקע רציחה אַבי צו פאַרשוואַרצן מיין יחוס. ער האָט זיך באַרימט מיט דעם אַז זיי האָבן אומגעבראַכט מאַשעס ברודער שוין אין יאָר 1929. דער סאָוועטישער פּראָקוראָר באַרימט זיך מיט דער צאָל רציחות...

דער סעקרעטאַר פון געריכט האָט איבערגעלייענט דעם באַשולדיקונגס־אַקט. דאָרט איז כאַראַקטעריזירט געוואָרן מיין ציוניסטישע טעטיקייט פון יאָר 1923 ביזן יאָר 1935. ס'איז געווען אונטערגעשטראָכן אַז מעלצער — מיין פאָרשער פון נקוו"ד אין מינסק — האָט פאַרטושט מיין קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע טעטי־קייט און דעריבער האָט די באַזונדער־באַראַטונג פון נקוו"ד מיר געגעבן אַ קליי־נע שטראָף — נאָר 3 יאָר. דאָס איז געווען דער ערשטער פּרק פון דעם באַשול־דיקונגס־אַקט. דער צווייטער פּרק איז געווען געווידמעט מיין אַנטיסאָוועטישער טעטיקייט אין לאַגער וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין סיסטעמאַטישער אַנטי־סאָוועטישער אַגיטאַציע בכלל און ציוניסטישער אַגיטאַציע בפרט. דאָס ווערט פולקום באַשטעטיקט דורך די עדות־באַווייזן. אין סוף פון באַשולדיקונגס־אַקט ווער איך כאַראַקטעריזירט אַלס געפערלעכער פאַרברעכער, ווייל איך וויל זיך עקשנותדיק ניט מודה זיין אין די חטאים און האָב ניט קיין חרטה אויף די אַלע זיבד מיינע, דערצו נאָך פיר איך זיך חוצפּהדיק אויף די אויספאָרשונגען — איך זאָג זיך אָפּ פון אונטערשרייבן די פּראָטאָקאָלן.

עס איז געקומען די טראַדיציאָנעלע פראַגע פון פאָרזיצער, צי איך בין זיך מודה אין אַלע באַשולדיקונגען. ער האָט געקראָגן ווי אַן ענטפער מיין קורצן „ניין".

דער פאָרזיצער פון געריכט האָט געמאָלדן, אַז וויבאַלד ס'איז איצט טעכניש אוממעגלעך צו פאָרשן מיין ציוניסטישע טעטיקייט אין אַ ריי שטעט פון ר'אָטן־פאַרבאַנד אין משך פון 12 יאָר, וועט זיך דאָס געריכט ניט פאַרנעמען מיט דעם ערשטן טייל פון באַשולדיקונגס־אַקט. דער בית־הדין זעט איין אַז די באַזונדערע באַראַטונג האָט געמאַכט אַ טעות, פאַראורטיילנדיק מיך אויף אַזאַ קורצן טערמין,

אָבער, צום באַדויערן, קען זיך דאָס געריכט ניט אומקערן צו דעם ענין. דאָס געריכט וועט זיך פאַרנעמען נאָר מיט דעם צווייטן טייל פון באַשולדיקונגס־אַקט — מיט דער אַנטיסאָוועטישער אַגיטאַציע אין לאַגער. און כּדי ניט פּטרן קיין צייט לייגט ער פאָר אַריינצופירן דעם עדות פּינסקי.

פּינסקי? ווער איז דאָס פּינסקי? איך געדענק ניט קיין אַרעסטאַנט פּינסקי. ניט אין מאַנטשע־טונדרע, ניט אין באַטשאַלאָווע, ניט אויף דער אייזנבאַן־בויונג, האָב איך זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט אַ פּינסקי. גאָט מיינער, ווער איז דאָס פּינ־סקי? און פאַרוואָס האָט וויקטאָראָוו ניט דערמאָנט דעם פּינסקי?

פון אַ זייטיקער טיר פירט מען אַריין אַן אַרעסטאַנט אין באַגלייטונג פון אַ קאָנוואָי־סאָלדאַט. אַ הויכער און דאַרער יידישער בחור אין עלטער פון 19־20 יאָר. איך קוק זיך איין אין אים, עפּעס אַ קענטלעך פּנים, אָבער איך געדענק אים ניט. איך בין זיכער אַז איך האָב מיט אים קיינמאָל ניט גערעדט.

— דער עדות איז אין אייער רשות חבר פּראָקוראָר — האָט געזאָגט דער פאָרזיצער.

און צווישן דעם פּראָקוראָר און פּינסקין קומט פאָר אַ קורצער דיאַלאָג:

— פּינסקי, איר קענט דעם באַשולדיקטן?

— יאָ, איך קען אים, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק.

— ווי רופט מען אים?

— רויזמאַן, אָדער ראָזמאַן.

— איר ווילט זאָגן, אַז מען רופט אים ראָזין.

— יאָ, איך האָב טאַקע געמיינט זאָגן ראָזין.

— פון וואַנען קענט איר אים?

— מיר זיינען געווען אין איינעם אין באַטשאַלאָווער לאַגער און אויף דער אייזנבאַן־בויונג.

— איר זייט געווען מיט אים אין איין באַראַק?

— ניין. ער איז צווישן די קאָנטריקעס. איך בין אַ ביטאָוויק. איך בין, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק, ניט קיין קאָנטריק. איך בין אַ קעשענע־גנב.

— פון וואַנען קענט איר אים?

— איך אַרבעט אַלס פאַבריקמאַכער און איך האָב אים איין מאָל אין חודש געגאָלט. אויף דער אייזנבאַן־בויונג איז ער געווען עפּעס אַ נאַטשאַלניק און איך האָב אים געגאָלט אָפטער.

— וואָס קענט איר זאָגן וועגן זיין אַנטי־סאָוועטישער אַגיטאַציע אין לאַגער?

— איך ווייס אַז ער איז אַ קאָנטריק. ווען איך פלעג קומען צו זיי אין באַ־ראַק גאָלן, פלעג איך אַלע מאָל הערן זייערע וויכּוחים. דער רויזמאַן פלעגט אַלעמען איבערשרייען מיט זיינע רייד קעגן דער ראַטן־מאַכט.

— פּינסקי, אין פּראָטאָקאָל פון פאָלקאָוויק וויקטאָראָוו זיינען פאַרשריבן

אייערע ווערטער. איר האָט געזאָגט אַז דער באַשולדיקטער ראָזין האָט אייך עט־לעכע מאָל געזאָגט אַז אין ראַטן־פאַרבאַנד פירט מען לגבי דער יידישער באַפעל־קערונג אַ פּאָליטיק פון דיסקרימינאַציע. איר האָט אויך דערציילט וויקטאָראָוון, אַז דער באַשולדיקטער ראָזין האָט אַ סך מאָל, ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, געטענהט אַז דאָס אָרט פון יידן איז אין פּאַלעסטינע. איר באַשטעטיקט אייערע דערקלערונגען, וועלכע איר האָט געחתמעט ביי דעם פּאָלקאָווניק וויקטאָראָוו?

— יאָ, באַשטימט, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק. איך האָב דאָס געהערט און אַזוי איז פאַרשריבן ביי דעם גראַזשדאַנין פּאָלקאָווניק.

איך בעט ביי דעם פּאָרזיצער אַ דערלויבעניש שטעלן פּינסקין צוויי פראַגעס. ער דערלויבט.

— פּינסקי, זאָגט ביטע, וואָס איז דאָס אַזוינס דיסקרימינאַציע? דער פּאָר־זיצער גיט אַ קלינג מיט זיין גלעקל און באַמערקט אַז דאָ קומט ניט פאָר קיין עקזאַמען פון פּינסקין און פּינסקי איז ניט מחויב צו ענטפערן אויף דער פראַגע.

איך שטעל די צווייטע פראַגע:

— פּינסקי, זאָגט מיר, ווו געפינט זיך פּאַלעסטינע? אין אַמעריקע, צי אין פראַנקרייך?

— הערט אויף מיט אייערע חוצפהדיקע פראַגעס — האָט אויסגעשריִען דער פּאָרזיצער. פירט אַרויס דעם עדות פּינסקי. פירט אַריין דעם עדות ראָמאַנאָוו.

ראָמאַנאָוו? ראָמאַנאָוון קען איך. אויך אַ „ביטאָוויק". געווען אַ סטודענט פון אַן עקאָנאָמישן אינסטיטוט אין דער שטאָט וואָראָניעזש. האָט זיך פאַרחברט מיט דער אונטערוועלט און אָנטייל גענומען מיט אַן אָרגאַניזירטער גרופּע אין באַראַבע־ווען אַ געשעפט. ער איז פאַרמשפט געוואָרן אויף 5 יאָר. געאַרבעט אין איינעם מיט מיר אַלס עקאָנאָמיסט אויף דער אייזנבאַן־בויונג און אַ קורצע צייט אונטער מיין אָנפירונג. אַ ווילער בחור, אַ סימפּאַטישער. עס זיינען געווען צווישן אונדז חברישע באַציִונגען. אָבער פאַר וואָס האָט וויקטאָראָוו ניט דערמאָנט וועגן ראָמאַ־נאָוון?...

דער דיאַלאָג צווישן פּראָקוראָר מיט ראָמאַנאָוון.

— קענט איר דעם באַשולדיקטן?

— יאָ, ער איז ראָזין אַראָן יאָסיפאָוויטש.

— פון וואַנען קענט איר אים?

— איך האָב געאַרבעט מיט אים אין איינעם אין דער אָפּטיילונג פאַר פּלאַ־נירונג, עקאָנאָמישן אַנאַליז און סטאַטיסטיק אויף דער אייזנבאַן־בויונג. אַ קורצע צייט איז ער געווען מיין נאַטשאַלניק.

— געלעבט מיט אייך אין איין באַראַק?

— ניין.

— גערעדט מיט אים אָפט?

— באַשטימט, די גאַנצע צייט, יעדן טאָג אויף דער אַרבעט.
— וואָס קענט איר זאָגן וועגן ראַזינען?
— אַ גוטער עקאָנאָמיסט און אַ גוטער מענטש. ער האָט מיר אַ סך געהאָלפן אין דער אַרבעט.
— איך מיין, וואָס ווייסט איר וועגן זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען?
— מיר האָבן אויף דער אַרבעט ניט גערעדט וועגן פּאָליטיק.
— אָבער איר האָט עדות געזאָגט פאַרן פּאָלקאָווניק וויקטאָראָוו וועגן דער אַנטי־סאָוועטישער אַגיטאַציע פון ראַזינען אין לאַגער. ס'איז אייער אונטערשריפט אויפן פּראָטאָקאָל?
— יאָ, ס'איז מיין אונטערשריפט.
— איר באַשטעטיקט דאָ, אויף דעם געריכט אַז איר האָט אונטערגעשריבן דעם פּראָטאָקאָל ביים פּאָלקאָווניק וויקטאָראָוו?
— יאָ. איך באַשטעטיק.
— איך האָב געענדיקט מיינע פראַגעס — האָט געמאָלדן דער פּראָקוראָר.
— פירט אַרויס דעם עדות ראָמאַנאָוו — באַפעלט דער פאָרזיצער פון געריכט.

דער פּראָקוראָר האָט אין אַ זייער קורצער רעדע כאַראַקטעריזירט מיך אַלס אויסגעשפּראָכענעם, פאַרביסענעם קאָנטר־רעוואָלוציאָנער און געמאָלדן אַז מיין קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט אין לאַגער איז דייטלעך פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך דעם עדות־זאָגן פון פינסקין און ראָמאַנאָוון. ער באַשולדיקט מיך לויט דעם פונקט 58/10 פון קרימינעלן קאָדעקס פון ר.ס.פ.ס.ר. און פאָדערט אַ פסק־דין פון 8 יאָר לאַגער פון שטרענגן רעזשים.

דער פאָרזיצער פון געריכט האָט זיך איבערגעשעפּטשעט מיט די שופטים. איבערגעבויגן זיך צו איינעם און דערנאָך צו דעם אַנדערן, אַ שאָקל געטאָן מיט זיין קאָפּ, אַז ער איז מסכּים. אַלץ איז געווען קלאָר. זיי האָבן אָנגענומען אייגשטימיק דעם אורטייל. דער פאָרזיצער האָט געמאָלדן:

— פאַר קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אין לאַגער ב. ב. ק., אין משך פון אַ לאַנגער צייט, וואָס ער האָט זיך קאָנקרעט אויסגעדריקט אין אַנטיסאָוועטישער אַגיטאַציע בכלל און ציוניסטישער אַגיטאַציע בפרט, אַ פאַרברעכן לויט דעם פונקט 58/10 פון קרימינעלן קאָדעקס פון ר. ס. פ. ס. ר. — 5 יאָר אַרבעט אין לאַגער פון שטרענגן רעזשים און דערנאָך 5 יאָר אָפּנעמען די בירגער־רעכט.

דאָס סאָוועטישע געזעץ האָט אָפּגעהאַלטן נאָך איין נצחון. ס'איז אויך געווען אַ נצחון פון דער נייער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע...

14טע פודאָזשער אָפּטיילונג פון ב. ב. ק., פאַר מיר אַ נייער אַרעסטאַנטישער ישוב אין דער גרויסער ב. ב. ק.־אימפּעריע. וואַלד און וואַסער. וואַסער און

וואַלד. גרויסע שטחים פון הויכע וואַלד־געדיכטעניש און אָנצאָליקע אָזיערעס. אַ גרויסער לאַגער־פונקט, אַרום 3000 אַרעסטאַנטן, פון זיי נאָר ביי 500 „ביטאָ־וויקעס". די 2500 קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן זיינען פאַרנומען אין דער וואַלד־אינ־דוסטריע און די מערהייט „ביטאָוויקעס" — אין דעם באַדינונגס־סעקטאָר. פון שטייגערישן שטאַנדפונקט איז דער לאַגער־פונקט געווען דער בעסטער פון די דריי פּריִערדיקע, אין וועלכע איך בין געווען. ס'איז דאָרט געווען אַ גרויסע און גאַנץ גוטע באָד, ס'איז געווען אַ מעדיצינישער פונקט מיט אַ דאָקטער און שוועס־טער וואָס האָט געאַרבעט יעדן טאָג. ביי דעם „פונקט" זיינען אַפילו געווען 5 בעטלעך אויף האָספּיטאַליזאַציע; ס'איז געווען אַ קלוב וועלכער האָט איבער־הויפּט באַדינט די „ביטאָוויקעס", אָבער אין ערשטן מאַי און אינעם יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט מען אויך פאַר די „פּאָליטישע" באַוויזן קינאָ־פילמען... ציימונגען, ביכער, פּאַפּיר און שרייב־געצייג — דאָס איז אויך פאַר אונדז אין דעם דאָזיקן לאַגער־פונקט געווען פאַרבאָטן. בריוו האָט מען געמעגט שרייבן נאָר איין מאָל אין חודש אין דער אָנוועזנהייט פון פאָרשטייער פון דער קולטור־דערציִערישער אָפּטיילונג. חוץ דעם איז אונדזער לאַגער־פונקט געווען אַ יחוסדיקער. — ער האָט זוכה געווען צו באַקומען דאָס ערשטע אָרט אין דער סאָציאַליסטישער פאַרמעסטונג אין ב. ב. ק. — ער האָט אויסגעפילט דעם פּלאַן פון יאָר 1937 אויף 116%. אין אַלע באַראַקן זיינען געהאָנגען פּלאַקאַטן וועגן דער היסטאָרישער געשעעניש. אָבער, דעם אמת געזאָגט, האָבן די אַרעסטאַנטן אויך געגנאָסן פון דעם: מען האָט אַלעמען געגעבן וואָליקעס אויף ווינטער.

איך און מיין פריינד אַרקאַשע ראָזענשטיין, וועלכער איז געקומען מיט מיר אין איינעם מיטן עטאַפּ, זיינען אויפגענומען געוואָרן מיט אַ געוויסן רעספּעקט ביי די „ביטאָוויקעס". זיי האָבן אונדז אָנגערופן: „זאַיאַדליע קאָנטריקי סאָ ווטאָ־רים סראָקאָם" (פאַרביסענע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן מיט דעם צווייטן שטראָף־טערמין). איך בין שוין געוואָרן אויס דריי־יאָריקער שנעק. 8 יאָר פּלוס 5 יאָר — ס'איז שוין עפּעס ערנסטער. אָבער די פּאָליטישע וועלכע זיינען איבערהויפּט געווען פון דער „מאָביליזאַציע־תּקופה" 1937־1938, האָבן אונדז אויפגענומען מיט אַ געוויסער שפּאַנונג: זיי האָבן געמאַכט אַ ריכטיקן אויספיר — מען קען ניט זיין זיכער צי מען וועט קענען גיין אַהיים ווען דער טערמין פון פּסק־דין וועט זיך ענדיקן... צווישן די פּאָליטישע זיינען געווען אַ סך פּאַרטייִישע און פּראָ־פאַראייניקטע טוערס פון פאַרשיידענע ראַנגען, טוערס פון סאָוועטישן אַפּאַראַט, אָפיצירן און גענעראַלן און אויך מיטאַרבעטערס פון נקווּ"ד, וועלכע מען האָט באַ־שולדיקט און באַשטראָפט פאַר „ליבעראַלער באַציִונג" צו קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן אין די יאָרן 1935־1936. איך האָב געזוכט מעלצערן, אָבער אים ניט געפונען. אפשר איז ער אין קאָלימאַ אין איינעם מיט מיין ווייב? אָבער מקנא זיין די ענקאָוועדיסטן האָט מען ניט באַדאַרפט. זיי האָבן זיך געפילט זייער שלעכט אין

לאַגער. די פּאָליטישע האָבן זיך באַציוגן צו זיי מיט אַ געפיל פון האַס און גרינגשעצונג און מען האָט זיי פּשוט אויסגעמיטן. די „ביטאָוויקעס" האָבן ביי דער ערשטער געלעגנהייט זיי געגעבן קלעפּ...

קיין שווערקייטן פון „קליטה" זיינען ניט געווען. איך און אַרקאַשע האָבן דאָך שוין געהאַט סטאַזש און נסיון און מיר האָבן זיך תיכּף איינגעשלאָסן אין דעם טאָג־טעגלעכן אַרעסטאַנטישן לעבן. אין אונדזער וואַלד־בריגאַדע האָבן מיר זיך באַפריינדעט מיט נאָך צוויי מענטשן און ס'איז צווישן אונדז געשאַפן גע־וואָרן אַן ענגער, אמת פריינדלעכער, איבערגעגעבענער אַרעסטאַנטן־קרייז.

איינער פון קרייז איז געווען אַ יידיש יינגל פון מאָסקווע, 18 יאָר אַלט. אַן איידעלער, מיט אַ צאַרטן, בלייכן פּנים, א קורצזיכטיקער — אין ברילן. א פיזיש שוואַכער. אויספּילן די נאָרמע איז פאַר אים געווען אוממעגלעך. ער איז דווקא געווען גרייט צו האָרעווען ביז דעם לעצטן ביסל כּוח. ער האָט פּסיכאָלאָגיש שרעקלעך געליטן פון דעם וואָס ער שטייט אָפּ פון זיינע אחים לצרה. אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. ער האָט ניט געהאַט קיין כּוח און די נאָרמע איז פאַר אים געווען ניט צו דערגרייכן. אָבער אויספּילן זי מוז מען ווייל אויב ניט וועט מען נישט געבן די פּאָרציע ברויט מיט דעם מינימאַלן עסן און ער וועט אין אַ קור־צער צייט ווערן אַ „דאָכאָדיאַגע". אין אַ קורצער צייט אַרום ציט ער אויס די פיס... האָבן מיר דעם בחורל — רוביקן — גענומען אונטער אונדזער שוץ, דער־רעדט זיך מיט דעם בריגאַדיר, אַז מיר אַלע וועלן אים העלפן כּדי מען זאָל אים פאַרשרייבן ניט ווייניקער ווי 100% פון דער נאָרמע וואָס ער האָט געדאַרפט מאַכן. רוביק איז אַרעסטירט געוואָרן אין עלטער פון 17 יאָר, אַלס תלמיד פון 10טן קלאַס פון מיטל־שול. זיין טאַטע איז אַן אַרבעטער פון אַ שוך־פאַבריק, די מאַמע — אַן אַרבעטאָרן אויף אַ פּאַפּיראָסן־פאַבריק. ער איז אַ בן־יחיד און די עלטערן האָבן געטרוימט אַז ער וועט אויסשטודירן אויף אַ דאָקטער. אַן אַלטער חלום פון יידישע טאַטע־מאַמע. זיי האָבן געלעבט אין איין צימער אין א שות־פותדיקער דירה, אין טשערקיזאָווע — כּמעט אַ יידישער ראַיאָן אין מאָסקווע. און רוביק האָט ליב געהאַט אַ יידיש מיידל, אויך 17 יאָר אַלט — זי איז געווען אין איין קלאַס מיט רוביקן. שוין דריי יאָר ציט זיך זייער יוגנטלעכע ליבע. רוביק האָט באַקומען פון דער באַזונדער־באַראַטונג ביי דער נקוו"ד 5 יאָר. ק. ר. ט. — קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט. רוביק טענהט אַז ער ווייסט ניט פאַר וואָס.

— אייך גלויב איך. אייך וואָלט איך דערציילט דעם גאַנצן אמת, אָבער איך ווייס טאַקע ניט פאַר וואָס מען האָט מיר געגעבן די 5 יאָר.

— אָבער אין וואָס האָט מען דיך באַשולדיקט אויף דער אויספאָרשונג אין נקוו"ד ?

— אין דעם אַז איך בין געווען אַ מיטגליד פון אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער תלמידים־אָרגאַניזאַציע אין אונדזער מיטל־שול.

— האָט מען אַרעסטירט דיין חברטע, גאַלאָטשקען?

— איך ווייס ניט.

— האָט מען אַרעסטירט אַנדערע תלמידים פון דיין קלאַס?

— איך ווייס ניט. איך האָב אונטערגעשריבן אויף לוביאַנקע אַ רשימה פון אָנטיילנעמער פון דער תלמידים־אָרגאַניזאַציע און אין דער רשימה זיינען געווען אויך עטלעכע פון אונדזער קלאַס.

— מען האָט דיך שטאַרק געשלאָגן?

— צוויי מאָל. און דערנאָך האָב איך אונטערגעשריבן.

— האָט מען אפשר פריִער אַרעסטירט עמעצן אין דער משפחה פון דיין חברטע?

— יאָ. מיט דריי חדשים פאַר מיין אַרעסט האָט מען אַרעסטירט יאַשקען — גאַלאָטשקעס ברודער.

— און ווער איז יאַשקע? וואָס איז זיין פּראָפעסיע?

— יאַשקע איז געווען אַ סטודענט פון טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט. ער איז שוין געווען אויף דעם פערטן קורס. דאָרט האָט מען אַרעסטירט אַ סך סטודענטן און אויך פּראָפעסאָרן.

דאָס איז די געשיכטע פון דער „קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט" פון רוביקן. די גאַנצע צייט אין פּודאָזשער לאַגער איז רוביק געווען מיט אונדז אין איינעם.

דער צווייטער פריינד אונדזערער איז געווען אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיעוויטש גלאַדישעוו. אַ טיפּישער פאָרשטייער פון דער רוסישער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ. אַ נאַפט־אינזשינער. אַ סך יאָרן געאַרבעט ביי די נאַפט־קוואַלן אין באַקו. די לעצטע צען יאָר — ווי אַ נאַפט־ספּעציאַליסט, אין מאָסקווע, אין גאָס־פּלאַן. אין די סטודענטישע יאָרן איז ער געווען אַ מיטגליד פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. גלאַדישעוו איז געווען אַ פּלימעניק פון דעם אָנגעזעענעם קאָמוניטישן און סאָוועטישן טוער וואַלעריאַן קויבישעוו, וועלכער איז אַ לאַנגע צייט געווען דער פאָרזיצער פון גאָספּלאַן. אין די באַוווסטע דרייסיקער יאָרן איז וואַלעריאַן קויבישעוו פּסול געוואָרן. אין יאָר 1933 האָט אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיעוויטש באַזוכט פראַנקרייך ווי אַ מיטגליד פון אַ סאָוועטישערווירטשאַפטלעכער דעלעגאַציע.

גלאַדישעוון האָט געמישפּט דאָס העכסטע געריכט און מען האָט אים פאַר „ווירטשאַפטלעכער שעדיקעריי און שפּיאָנאַזש", פאַראורטיילט אויף 15 יאָר לאַגער פון שטרענגן רעזשים.

— איך האָב צו זיי קיין טענות ניט — זאָגט אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיעוויטש

גאַנץ ערנסט — אין פאַרגלייך צו אַנדערע מענטשן האָבן זיי זיך באַצויגן צו מיר לייטזעליק. אויב רוביק האָט באַקומען 5 יאָר, האָב איך באַדאַרפט באַקומען מיני־מום 25 יאָר. ערשטנס — אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט; צווייטנס — באַזוכט פראַנק־רייך, דריטנס — אַ פּלימעניק פון קויבישעוון. איך האָב צו זיי קיין טענות ניט. אָבער, צום באַדויערן, וועל איך מיין חוב דער סאָוועטישער מדינה ניט קענען אָפּצאָלן. איך בין איצט אַלט 55 יאָר. 15 יאָר וועל איך דאָך ניט אויסהאַלטן. אָבער אין דעם בין איך שוין ניט שולדיק...

און אַזוי האָבן זיך לויטן ווילן פון גורל אין דער ווייטער, קאַלטער טאַיגע צוזאַמענגעטראָפן און באַפריינדעט 4 פאַרשיידענע מענטשן. און די פריינדשאַפט האָט געהאַט אַ וויכטיקע באַדייטונג פאַר יעדן פון אונדז. זי האָט געהאָלפן לעבן און האָפן; זי האָט געהאָלפן אָפּהיטן דעם דמות פון אַ מענטשן; זי האָט עטוואָס גייסטיק־אינטעלעקטועל באַרייכערט דאָס קנעכטישע לעבן פון אַן אַרעסטאַנט אין סאָוועטישן „אויסבעסערונג־אַרבעטס־לאַגער". ווייל אין יענע שרעקלעכע יאָרן איז דער שוידער פון אַרעסטאַנט באַשטאַנען ניט נאָר אין דעם וואָס ער דאַרף האָרע־ווען עבודת־פרך 12 שעה אין טאָג און אין איינעם מיטן גיין צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט — 14 שעה אין טאָג; ניט נאָר אין דעם וואָס גייענדיק אין קאָלאָנע דאַרף ער זיך היטן ניט צו מאַכן קיין איבעריקן טראָט לינקס, אָדער רעכטס ווייל ער קען דערשאָסן ווערן; אויך ניט נאָר אין דעם וואָס ער איז שטענ־דיק האַלב־הונגעריק און אים איז שטענדיק קאַלט; ניט נאָר אין דעם, וואָס ער איז שטענדיק אונטער דעם דרוק פון הפקרות און אוממענטשלעכער באַציִונג; ניט נאָר אין דעם וואָס ער איז לחלוטין אָפּגעריסן פון דער ברייטער וועלט; און אויך ניט נאָר אין דעם, וואָס ער לעבט תמיד אין שמוץ, שווייס און עיפּוש... דער שוידער פון אַרעסטאַנט איז אויך באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט זיך געפונען אין דער אַטמאָספער פון שטענדיקן פּחד — פּחד אויסצורעדן אַן איבעריק וואָרט, פּחד אַרויסצוזאָגן אַ געדאַנק, פּחד פאַרן דריטן אָפּטייל. זיינען דעריבער מענטשן פאַרשלאָסן אין זיך אַליין און מען מיידט אויס צו רעדן איינער מיט דעם אַנדערן. מען הייבט אָפּילו אָן פיינט צו האָבן איינער דעם אַנדערן. מען קריגט זיך צוליב אַן אָראָפּגעפאַלענעם ברעקל ברויט, אָדער צוליב אַ גראַם מאַכאָרקע... ביז מען פאַרוואַנדלט זיך אין שמוציקע ראַבאָטן און דאָס איז, אייגנטלעך, דער „דערציִונגס־ציל" פון דעם סאָוועטישן לאַגער־סיסטעם.

ראובן פעלדמאַן (מיר האָבן אים גערופן רוביק) האָט ניט געקענט קיין יידיש און האָט קיין אַנונג ניט געהאַט וועגן דער יידישער געשיכטע, יידישער קולטור, יידישן מהות בכלל. ער האָט געוווּסט אַז ער איז אַ ייד וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דער גרויליקסטער תקופה פון די פּעטליורא־פּאָגראָמען אין אַ קליין יידיש

שטעטל אויף אוקראַיִנע, ווו זיין זיידע, באָבע, פעטערס און מומעס זיינען אומגע־
קומען. ער האָט געוווּסט אַז זיינע עלטערן זיינען ניצול געוואָרן און דער גורל
האָט זיי פאַרוואָרפן קיין מאָסקווע. זיין מאַמע צינדט פרייטיק פאַר נאַכט אָן ליכט.
זיין טאַטע, דער שניידער, גייט שבת דאַוונען (אין אַ פריוואַטער שטוב קלייבט
זיך צונויף אַ מנין. פון טשערקיזאָווע ביז צום גרויסן בית־הכּנסת אין מאָסקווע
איז אַ ווייטער מהלך), אָבער טאַטע־מאַמע רעדן מיט דעם בן־יחיד רוסיש, אַ
קליינשטעטלדיקן, צעקאַליעטשעטן רוסיש מיט אַן אוקראַיִנישן דיאַלעקט. זיי ווילן
זייער אויג אין קאָפּ אַריינפירן אין דער גרויסער וועלט. זיי ווילן אַז זייער איינ־
ציקער טרייסט זאָל זיין אַ דאָקטער.

רוביק רעדט דווקא אַ שיינעם מאָסקווער רוסיש. ער האָט זייער ליב די רוסישע
ליטעראַטור, דעקלאַמירט אויף אויסנווייניק פּושקינען און סערגיי יעסענינען; האָט
געפירט אַ ליטעראַרישן טאָגבוך; אָנגעשריבן עטלעכע לידער, געווידמעט זיין גע־
ליבטער, גאַלאָטשקען (די נקוו״ד האָט ביי דער רעוויזיע, אין דער נאַכט פון אַרעסט,
אַלץ צוגענומען); ער וויל זיין אַ ליטעראַטור־פאָרשער. ער וויל ניט זיין קיין
דאָקטער, נאָר דווקא אַ ליטעראַטור־פאָרשער. מיט זיין גאַנצן 18־יאָריקן טעמפּע־
ראַמענט, רעדט ער צו אונדז מיט התלהבות וועגן דער רוסישער קלאַסישער
ליטעראַטור, וועגן דער רוסישער סאָוועטישער ליטעראַטור און ער איז אונדז זייער
דאַנקבאַר וואָס מיר הערן אים אויס אויפמערקזאַם.

איין מאָל האָב איך געפרעגט ביי רוביקן:

— האָסט וועגן ניט איז, אַלס ליטעראַטור־פאָרשער, געשטעלט פאַר זיך אַזאַ
מין ספּעציפישע פראַגע: פאַר וואָס זיינען אַ סך גרויסע רוסישע שרייבערס —
קלאַסיקערס פון דער רוסישער ליטעראַטור — אַנטיסעמיטן?

— ניין. קיין מאָל האָט ביי מיר זיך ניט דערוועקט אַזאַ מין פראַגע.

— פאַר וואָס? אַנטיסעמיטיזם איז ניט קיין וויכטיקע טעמע פאַר אַ ליטעראַ־
טור־פאָרשער?

— איך האָב פּשוט ניט געלייגט אַכט און זיך ניט אינטערעסירט מיט אַזאַ
אַספּעקט אין דער ליטעראַטור.

— וואָס הייסט ניט געלייגט קיין אַכט? געדענקסטו דאָס באַוווּסטע ווערק
„טאַראַס בולבאַ" פון דעם גרויסן רוסישן שרייבער ניקאָלאַי וואַסיליעוויטש גאָגאָל?

— פאַרשטייט זיך. איך קען דאָס ווערק זייער גוט.

— נו, און דער זשיד יענקל אין דעם ווערק? ער איז דאָך אַ בולטע אַנטי־
סעמיטישע קאַריקאַטור, אַ באַשעפעניש אָן קיין שום מענטשלעכן כּבוד, אָן
אַכזריותדיקער עקספּלאָאַטאַטאָר פון פּויערים, אַ מנוול, וואָס שטרעבט נאָר אָפּצו־
נאַרן, רייך צו ווערן און איז גרייט צוליב דעם אויף אַלץ. אָט דער זשיד יענקל
פאַלט אַ קרבן פון דער באַרעכטיקטער אויפרעגונג פון פאָלק. ביי גאָגאָלן איז דאָך
דאָס יידישע בלוט — ניט קיין בלוט; די יידישע ליידן — ניט קיין ליידן. גע־

דענקסטו ניט, אַז ווען אַפילו גאָגאָל גיט אַ רעאַליסטיש בילד פון אַ יידישן פּאָ־גראָם, אַ בילד ווי קאָזאַקן וואַרפן יידן אין טייך אַריין, מאַכט ער בולט דעם, אַזוי צו זאָגן, „קינסטלעריש־קאָמישן" עלעמענט פון דער מערדעריי: עס טאָרטשען אַרויס מאָגערע פיס פון דערטרונקענע...

עס האָט זיך אַריינגעמישט אין געשפּרעך גלאַדישעוו:

— אַראָן יאָסיפאָוויטש, איר זייט גערעכט בנוגע גאָגאָלן. אָבער ער שטעלט מיט זיך ניט פאָר די גאַנצע רוסישע ליטעראַטור. מיר האָבן אין דעם לעצטן יאָרהונדערט אַ קאָלאָסאַלע פּראָגרעסיווע, ליבעראַלע רוסישע ליטעראַטור.

— ריכטיק, אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיעוויטש. אָבער די קאָלאָסאַלע פּראָגרעסיווע און ליבעראַלע ליטעראַטור האָט זיך פאַרנומען מיט די אַלגעמיינע סאָציאַלע און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען פון רוסלאַנד, פון רוסישן פאָלק. האָט דער גרויסער פּראָגרעסיווער און ליבעראַלער רוסישער שרייבער טורגעניעוו ניט אָנגעשריבן אַ דערציילונג „זשיד", אין וועלכער ער גיט אַ נידערטרעכטיקן טיפּ, וואָס זיין סוף איז די תּליה?

— דאָס איז געווען איינע פון זיינע ערשטע דערציילונגען — האָט געזאָגט גלאַדישעוו — אין אַלע איבעריקע ווערק זיינע זיינען קיין יידן כּמעט ניטאָ.

— אָבער איר ווייסט מסתּמא, אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיעוויטש, אַז אין יאָר 1881, צוויי יאָר פאַר זיין טויט, האָט טורגעניעוו זיך אָפּגעזאָגט צו טאַדלען די פּאָגראָמען קעגן יידן אונטער דעם אויסרייד אַז ער איז ניט קיין פּובליציסט און דעריבער וועט זיין שרייבן ניט ווירקן. און וואָס וועט איר זאָגן, אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיע־וויטש, וועגן דעם גרויסן גיגאַנט — לעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי?

— אַראָן יאָסיפאָוויטש, איר ווילט זאָגן אַז טאָלסטאָי איז געווען אַן אַנטי־סעמיט?

— ניין, איך וויל ניט זאָגן דאָס ער איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער אַנטי־סעמיט. אָבער ביי אַזאַ עטישע פּערזענלעכקייט ווי טאָלסטאָי האָט מען געקענט פאָדערן אַז ער זאָל זיך אַרויסזאָגן קעגן אַנטיסעמיטיזם. און טאָלסטאָי איז געווען אין גאַנצן גלייכגילטיק צום אַנטיסעמיטיזם און צו רדיפות אויף יידן. אַפילו נאָך דעם באַוווּסטן קישענעווער פּאָגראָם האָט ער זיך אָפּגעהאַלטן פון אַרויסזאָגן אַ קלאָרע און שאַרפע מיינונג וועגן דעם פּאָגראָם, ווען יידישע אינטעלעקטואַלן און פאַרשיידענע רוסישע ליבעראַלן האָבן עס ביי אים געפאָדערט. ער האָט זיך אַרויס־געדרייט פון שטיצן דעם רוף צו העלפן די קרבנות פון פּאָגראָם. און אין פאַרשיי־דענע בריוו זיינע ווייזט ער אַרויס אַנטיפּאַטיע און אַפילו פיינטשאַפט צו יידן. ער האָט געהאַלטן אַז די יידישע השפּעה שעדיקט דער רוסישער געזעלשאַפטלעכקייט. ער האָט שאַרף געטאַדלט די ציוניסטישע באַוועגונג.

רוביק איז געזעסן און געשלונגען יעדעס וואָרט. און אַרקאַשע ראָזענשטיין,

װעלכער האָט ניט אָנטײל גענומען אין אונדזער ליטעראַרישער דיסקוסיע, האָט זיך אַ װיצל געטאָן:

— איך זע, אַראָן, אַז װיקטאָראָװ איז געװען גערעכט. דו פֿאַרנעמסט זיך טאַקע דאָ אין לאַגער מיט ציוניסטישער אַגיטאַציע. איך זע אַז מיך און רוביקן האָסטו שוין װערבירט אין אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אפשר װעט זיך דיר איינגעבן װערבירן אויך אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיעװיטשן?...

— װאָס דו, אַרקאַשקע, ביסט װערבירט אין מיין „ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע" אין לאַגער — אין דעם בין איך זיכער. װערבירן דיך האָבן געהאָלפֿן דיין טאַטע און ברודער, װעלכע זיינען אויך ציוניסטן. אָבער לגבי רוביקן צװייפֿל איך. װאָס זאָגסטו, רוביק?

רוביק האָט געענטפֿערט גאַנץ ערנסט:

— איך װייס ניט װאָס עס באַדייט ציוניסטישע באַװעגונג. אָבער דאָס, אַז עס זיינען ביי מיר דערשינען נייע, זייער װיכטיקע פֿראַגעס װעגן װעלכע איך האָב ביז איצט בכלל ניט געטראַכט, דאָס איז אַ פֿאַקט. זייער װיכטיקע נאַציאָנאַלע פֿראַגעס. און איך װעל טאַקע טראַכטן װעגן זיי.

— נו, און איר, אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיעװיטש, זייט איר גרייט צו װערן אַ מיטגליד פֿון אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע? — האָב איך געפֿרעגט מיט אַ גע־לעכטער.

— איך װעל זיין אַ מיטפֿילנדיקער. װי באַלד איך רייכער ניט, װעל איך אָפּגעבן מיין פּאָרציע מאַכאָרקע פֿאַר אייַער אָרגאַניזאַציע. שיין פֿון מיין זייט? אָבער דער דריטער אָפּטייל זאָל עס, חס־וחלילה, ניט דערשמעקן אַז איך האָב אייך אָפּגעגעבן די מאַכאָרקע. עס װעט דאָך דינען װי אַ באַװייז, אַז איך האָב מאַטעריעל געשטיצט אַ קאָנטער־רעװאָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע...

— איך װיל אייך שטעלן אַן ערנסטע פֿראַגע, אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיעװיטש, און איך בעט געבן אַן אָפֿנהאַרציקן ענטפֿער — האָב איך געזאָגט גלאַדישעװן.

— מיט גרויס פֿאַרגעניגן װעל איך עס טאָן, אויב איך װעל נאָר קענען.

— איר זייט אַ טיפּישער פֿאָרשטייער פֿון דער ליבעראַלער, דעמאָקראַטישער, פּראָגרעסיװער רוסישער אינטעליגענץ. איר זייט אַ סך עלטער פֿון אונדז און איר האָט אַ גרויסן נסיון אין לעבן. איר זייט געװען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. איר זייט געװען נאָענט צו די העכסטע קרייזן פֿון דער סאָװעטישער רעגירונג. זאָגט זשע: פֿאַר װאָס בליט דער אַנטיסעמיטיזם אין ראַטן־פֿאַרבאַנד? עס זיינען שוין דורך 21 יאָר נאָך דער רעװאָלוציע און דער אַנטיסעמיטיזם װערט אַלץ שטאַרקער.

— קיין אויסשעפּנדיקן ענטפֿער װעל איך אויף דער פֿראַגע ניט געבן, פּשוט דערפֿאַר װייל איך האָב אים ניט, דעם ענטפֿער. דעם אמת זאָגנדיק האָב איך אין מיין לעבן ניט געטראַכט װעגן דעם, כאָטש איך האָב זיך צוזאַמענגעטראָפֿן זייער אָפֿט מיט יידן, מיט פֿריינד און סתּם צופֿעליקע מענטשן, און איך װייס אַז די

שענדלעכע דערשיינונג איז באַשטימט דאָ ביי אונדז אין לאַנד. אַן אָביעקטיווער מענטש קען ניט אָפּלייקענען אַז אַנטיסעמיטיזם אין ראַטן־פאַרבאַנד איז פאַראַן ניט ווייניקער ווי אין צאַרישן רוסלאַנד, נאָר אין אַנדערע פאַרשטעלטע פאָרמען. פאַר וואָס? וואָס זיינען די סיבות? איך ווייס ניט. איך האָב ניט געפאָרשט. עס האָט מיך באַזונדערס ניט אינטערעסירט. ביי יעדן קאָנקרעטן פאַל האָב איך גע־קענט טאַדלען און מסתמא געטאַדלט אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען און גאָר די ליבעראַלע, דעמאָקראַטישע, פּראָגרעסיווע רוסישע אינטעליגענץ, ווי איר האָט גע־זאָגט, האָט געהאַט און האָט עד היום אַ סך עיקרדיקע זאָרגן און פּראָבלעמען. און די פראַגע פון אַנטיסעמיטיזם וועלכע איז ביי אייך יידן אַן ערשט־ראַנגיקע פּראָבלעם, איז פאַר דער רוסישער אינטעליגענץ קיין פּראָבלעם ניט. אפשר אַז פון אַלגעמיינעם, אַלמענטשלעכן שטאַנדפּונקט, איז עס ניט ריכטיק, אָבער ס׳איז אַ פאַקט. דעריבער באַשולדיקט איר, מיט רעכט, למשל, טורגעניעוון און טאָלסטאָיען און מיר — אַ רוסישן אינטעליגענט — קומט עס אויפן זינען ניט. ווי איר זעט רעד איך אָפנהאַרציק. די רעוואָלוציע האָט גאָרניט געענדערט. אפשר פאַרקערט. 21 יאָר רעוואָלוציע — זיינען 21 יאָר פון הונגער און נויט אין לאַנד. 21 יאָר רעוואָלוציע — זיינען 21 יאָר פון אויסערגעוויינטלעכער דיקטאַטור און טיראַניע, יאָרן פון אונטערדריקונג און פאַרשקלאַפונג פון פאָלק, יאָרן פון אומגעזעצלעכ־קייט און טעראָר. איז פונקט אַזוי ווי אין דער צאַרישער רוסלאַנד איז דער אַנטי־סעמיטיזם געווען אַ מיטל אָפּצווענדן די אויפרעגונג פון פאָלק קעגן דעם צאַרישן רעזשים און די יידן זיינען געווען דער שעיר־לעזאזל — פונקט אַזוי איז עס אויך אין דער, אַזוי גערופענער, סאָציאַליסטישער רוסלאַנד. איין זאַך וועל איך אייך זאָגן: וואַרט ניט, אַז פרעמדע ליבעראַלן און דעמאָקראַטן זאָלן פאַרשטיין אײַערע פּראָבלעמען און העלפן אייך. קעמפט אַליין פאַר אײַערע רעכט און פאַר דער לייזונג פון אײַערע פּראָבלעמען.

די צייט האָט איר אייזערנעם געזעץ — זי רוקט זיך פאָרויס. ווען גיכער, ווען פּאַמעלעכער; ביי וועמען — גוט און פריילעך און ביי וועמען — שלעכט און טרויעריק. אָבער די צייט גייט. ביי אונדז, אַרעסטאַנטן, האָט זיך די צייט אויך געשלעפּט. דאָס לאַנד האָט זיך גענויטיקט אין געהילץ און מיר האָבן איר גע־געבן אונדזער וואַלד־פּראָדוקציע. אונדזערע קלעצער פון פאַרשיידענע פאָרמען זיינען געשווומען און געפאָרן אין אַלע עקן פון גרויסן לאַנד. דאָס זיינען געווען שטאַרקע קלעצער, אָנגעזאַפּטע מיט שווייס און בלוט, מיט ליידן און האָפענונגען; מיט ליידן פון קנעכט און מיט האָפענונגען אויף פרייהייט — און ניט זעלטן זיינען די קלעצער געווען אויך אָנגעזאַפּט מיטן לעצטן מענטשלעכן אָטעם...

אין סוף 1939 האָט אין לאַגער אַ בלאָז געטאָן אַ פריש ווינטל. אַ ווינטל וואָס

האָט אָנגעזאָגט אויף עפּעס אַן ענדערונג אין דעם טעראָר אין לאַנד. איין מאָל, אין אַן אָפּרוטאָג, איז געקומען אין באַראַק אַ פּאָרשטייער פון דעם קולטור־דער־ציִערישן אָפּטייל און געמאָלדן אַז מען קען באַקומען פּאַפּיר, אַ פּען און טינט כּדי אָנצושרייבן אַן אָנקלאַגע וועגן דעם אורטייל. ניט קיין געהערטע זאַך! די גאַנצע צייט איז געווען פאַרבאָטן אַפילו צו טראַכטן וועגן דעם. ס'איז ממש געווען אַן אויסערגעוויינלעכער חסד. מיר האָבן זיך תּיכּף גענומען צו דער אַרבעט. אַרקאַשע ראָזענשטיין, אַלס יוריסט, האָט געדאַרפט רעדאַגירן אונדזערע אָנקלאַגעס. מיר האָט אַרקאַשע געגעבן אַן עצה — ניט שרייבן וועגן דעם פּסק־דין פון דער „אָסאָ־באָיע סאָוועשטשאַניע". אָנקלאָגן נאָר דעם פּסק־דין פון דעם העכסטן געריכט ביים ב.ב.ק. — די נייע 5 יאָר לאַגער און דאָס אָפּנעמען אויף וויטערדיקע 5 יאָר די בירגער־רעכט. וועגן די ערשטע דריַי יאָר און וועגן דעם ציוניסטישן עבר ניט דערמאָנען. אין דער אָנקלאַגע בעטן דעם העכסטן געריכט פון ראַטן־פאַרבאַנד איבערקוקן דעם ענין אין אַן אַנדער באַשטאַנד פון ריכטערס. מיר האָבן איבער־געגעבן אונדזערע אָנקלאַגעס צום אָפּשיקן. און ווידער אַ וווּנדער — אין אַ וואָך אַרום איז געקומען דער פּאָרשטייער פון לאַגער און אונדז געמאָלדן אַז די אָנקלאַ־געס זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן. אַן אויסערגעוויינלעכע אויפפירונג.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען אונדז אויף דער „פּאָליט־שעה" פאַרגע־לייענט אַן אַרטיקל פון „פּראַוודאַ", אין וועלכן עס זיינען אויפגעדעקט געוואָרן אָפּנייגונגען און פאַרקריפּלונגען אין דער אַרבעט פון נקוו"ד און פאַדערונגען אָפּ־צוהיטן די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע און די סאָוועטישע געזעצלעכקייט. און אַ ביסל שפּעטער האָט מען אונדז דערציילט אַז דער הויפּט־אָנפירער פון דער נקוו"ד, דער „אייזערנער קאָמיסאַר" יעזשאָוו, איז באַזייטיקט געוואָרן פון זיין אַמט.

— איך בין ניט מקנא יעזשאָוון — האָט גלאַדישעוו געשמייכלט — ער וועט האָבן דעם זעלבן סוף וואָס יאַגאָדאַ — אַ קליינינקע בליַיענע קויל אין האַרץ...

— אָבער וואָס קומט דאָ פאָר? עס קומט דאָך פאָר אַ זייער ערנסטע זאַך — האָט זיך געוווּנדערט ראָזענשטיין.

— עס קומט פאָר דאָס וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט דער קאָלעקטיוויזאַ־ציע — האָט געזאָגט גלאַדישעוו — איר געדענקט דעם באַוווּסטן אַרטיקל פון סטאַלינען „קאָפּדרייעניש פון דערפאָלג"? די זעלבע זאַך איז איצט. זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז זיי האָבן איבערגעכאַפּט די מאָס. מען האָט אין די יאָרן 1935־1938 אַרעסטירט אַ סך מיליאָנען מענטשן און זייער אַ סך אומגעבראַכט. האָט מען באַשטימט אַז דערוויייל איז גענוג, אַז מען דאַרף זיך אָפּקילן אַ ביסל. דאָס איז דאָך אַן אויסגעפּרוּווטע פּאָליטיק פון סטאַלינען, פון דעם פּאָליטביוראָ, פון דער סאָוועטישער רעגירונג. מען האָט געפונען דעם שולדיקן און יעזשאָוו, און מסתּמא נאָך עטלעכע הונדערט זיינע משרתים, זענען געפאַלן אַ קרבן. דאָס אַז יעזשאָוו איז אַ באַנדיט, איז ניטאָ וואָס צו רעדן. אָבער דער הויפּט־אַטאַמאַן איז דאָך ניט יעזשאָוו...

אינטערעסאַנט, וואָס איז מיט וויקטאָראָוון? ווי אַזוי קען מען זיך דערוויסן וועגן דעם? — איז געווען נייגעריק אַרקאַשע.

— וואָס איז דער אונטערשייד? וועט אַנשטאָט וויקטאָראָוון זיין אַ סידאָראָוו

— האָט געענטפערט גלאַדישעוו.

גלאַדישעוו איז געווען פּעסימיסטיש. ער האָט געטענהט:

— איר, חברה, וועט אפשר באַפרייט ווערן. איר האָט געכאַפּט „דאָבאַוואָקעס" דאָ אין לאַגער. קענען זיי דאָס טאַקע פאַרמולירן ווי איבערבייגונגען, „פאַרקריפּלונגען". רוביק האָט אויך שאַנסן — אַ יונגער ייִנגל. און מען קען אויך זיין ענין באַטראַכטן, ווי אַ „פאַרקריפּלונג". אָבער איך? ביי מיר איז דער חטא שעדיקעריי און שפּיאָנאַזש. 15 יאָר. איך בין געווען ביז דער רעוואָלוציע אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. איר פאַרשטייט וואָס פאַר אַ פאַרברעכן דאָס איז? אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט! ס'איז ניט קיין קלייניקייט. איך בין געווען אין פראַנקרייַך. איר פאַרשטייט — פראַנקרייַך! שפּיאָנאַזש. ניין, איך האָב אַפילו ניט געדאַרפט שרייבן די אָנקלאַגע. איבעריקע אַרבעט...

אָבער מיר האָבן געלעבט מיט האָפענונג. אַפילו גלאַדישעוו, דער אויסגעשפּראָכענער פּעסימיסט, האָט טיף אין האַרצן געהאָפט. אפשר? ווער ווייסט? ס'איז דאָך ווידער אַ לאָטעריי. וועסטו אַרויסשלעפּן אַ גוטן בילעט — איז גוט. עס דאַרף דווקא ניט זיין דער גרויסער געווינס. אָבער עפּעס קען דאָך זיין. וועט מען פון 15 יאָר אַראָפּנעמען אַ העלפט — איז דאָך אויך גוט...

און עס גייען דורך טעג, וואָכן, חדשים — און גאָרניט. אָט זיינען שוין דורך מער ווי 10 חדשים פון דער צייט ווען עס זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן די אָנקלאַגעס און קיין שום ידיעה, קיין שום רמז אַפילו.

איין מאָל, אין מיטן אַ העלן טאָג, סוף אויגוסט 1940, איז געקומען אין וואַלד, ווו עס האָט געאַרבעט מיין בריגאַדע, אַ סאָלדאַט — אַ שליח פון לאַגער — און באַפוילן מיר צו גיין מיט אים צום נאַטשאַלניק פון לאַגער. וואָס איז געשען? ער ווייס ניט — אַ באַפעל פון נאַטשאַלניק. איך האָב זיך געזעגנט מיט אַלע חברים פון דער בריגאַדע און זיך צעקושט מיט אַרקאַשען און רוביקן (גלאַדישעוו איז געלעגן אַ קראַנקער אין באַראַק). אויפן האַרצן האָט געדריקט די אומבאַוווסטקייט.

— איך פיל, אַראָן, אַז דאָס מאָל איז עס צום גוטן — האָט געזאָגט אַרקאַשע. עפּעס אַן אינטויִציע זאָגט מיר אַז דו גייסט אַהיים. זיי מונטער. איך ווינטש דיר אַל דאָס גוטס. דו וועסט דאָך פאָרן קיין מינסק דורך לענינגראַד. פאַרגעס ניט אַריינצוכאַפּן זיך צו מיין ווייב. דו ווייסט שוין אַליין וואָס צו דערציילן. מונטער זיי דאָרטן, מאַך זיי גרינגער אויפן האַרצן. דעם אַדרעס געדענקסטו.

רוביק האָט מיך נאָך אַ מאָל אַרומגענומען, צוגעדריקט צו זיך און איך האָב געזען ווי ער שלינגט זייִנע טרערן. ער האָט קיין איין וואָרט ניט געזאָגט, אַ קוש געטאָן מיך און איז אָפּגעגאַנגען אין אַ זייט.

אין לאַגער האָט מיך באַגעגנט אַן אַרבעטער פון דער צווייטער אָפּטיילונג און באַפוילן: אין משך פון 15 מינוט, צונויפקלייבן זיך מיט די זאַכן.

— וואָס איז געשען? וווּהין שיקט מען מיך?

— אַ באַפעל אָפּצושיקן דיך מיט אַ ספּעציעלן קאָנוואָי.

— וווּהין?

— ווען מען וועט דיך ברענגען, וועסטו וויסן, וווּהין דו ביסט געקומען. גיך, קלייב זיך צונויף. 15 מינוט!

וואָס איז געווען צו צונויפקלייבן זיך. אַלע זאַכן זייִנען געווען אויף מיר. אין באַראַק איז נאָר געווען דער קאָטיעלאָק און דער לעפל. איך בין אַוועקגעלאָפן אין באַראַק זיך געזעגענען מיט גלאַדישעווען.

— אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיעוויטש, מען פירט מיך אַוועק מיט אַ ספּעציעלן עטאַפּ. וווּהין ווייס איך ניט. מען האָט מיך נאָר וואָס געבראַכט פון וואַלד. וואָס מיינט איר?

— וואָס קען איך מיינען? מען קען דען ביי זיי עפּעס וויסן? נאָר די לאָגיק זאָגט אַז עס איז צום גוטן. ווען מען וואָלט דיך געפירט אין אַן אַנדער לאַגער, וואָלט מען עס געטאָן מיט אַ געוויינלעכן עטאַפּ און ניט געפירט דיך אַליין מיט אַ ספּעציעלן קאָנוואָי. זייַ געזונט, אַראָן יאָסיפאָוויטש. איך ווינטש דיר אַ גיכע באַגעגעניש מיט דייַן זון און אפשר אויך מיט דייַן ווייב. לאָמיר האָפן אַז עס וועט זייַן גוט. אויב דו וועסט גיין אויף דער פרייהייט און דו וועסט זייַן אין מאָסקווע — גיי אַריין צו מייַן משפּחה. דעם אַדרעס געדענקסטו. איך וועל זיי שוין ניט זען.

— רעד ניט קיין נאַרישקייטן, אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיעוויטש. אין לעבן טרעפט אַלץ. מיר וועלן זיך נאָך באַגעגענען אין מאָסקווע און טרינקען אין אייַנעם לחיים.

— הלוואַי. איך וואָלט אין מאָסקווע מיט גרויס פאַרגעניגן פאַרגעזעצט אונ־דזערע אינטערעסאַנטע שמועסן. און איך וואָלט דאַן געשטיצט דייַן ציוניסטישע באַוועגונג ניט נאָר מיט מאַכאָרקע. דייַן וועג איז אַ ריכטיקער. דין דייַן פאָלק. דאָס זאָג איך, אַן אַלטער רוסישער אינטעליגענט, אַן אַלטער געוועזענער סאָציאַל־דעמאָקראַט און אין האַרצן אויך איצט אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. קום, מיר וועלן זיך דרייַ מאָל צעקושן לויט אונדזער פאָלקס־טראַדיציע.

מען האָט מיך אַרייַנגעזעצט אין אַ לייכטן אויטאָמאָביל און געבראַכט צו אַן אייַזנבאַן־סטאַנציע. און אין אַ שעה אַרום ווען ס'איז אָנגעקומען דער עקספּרעס־צוג מורמאַנסק־לענינגראַד, האָט מען מיך אַרייַנגעפירט אין אַ וואַגאָן פון דעם צוג

און אין דעם קליינעם קופּע פון דעם וואַגאָן־קאָנדוקטאָר האָט מיך געהיט דער סאָלדאַט. קלאָר איז מיר געווען אַז מיר פאָרן אין דער ריכטונג פון לענינגראַד. דער סאָלדאַט איז געווען שטום ווי אַ פיש, ניט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט. חוץ די ווערטער „ניע ראַזגאָוואַריוואַט" (ניט רעדן) האָב איך גאָרניט געהערט פון אים. און דערנאָך האָט ער מיך אַרויסגעפירט אויף אַ סטאַנציע. איך האָב באַמערקט אַז אויף דעם וואָקזאַל איז אָנגעשריבן „מעדוועזשעגאָרסק". הייסט דאָס, בין איך אין דער באַוווסטער שטאָט — אין דער הויפּטשטאָט פון ב.ב.ק. — וווהין וועט מען מיך פירן? ווידער אין צענטראַלן איזאָליאַטאָר? אין דריטן אָפּטייל? גאָט מיינער, וואָס איז דאָס? און אפשר ווידער אַן אַרויספאָר־סעסיע פון העכסטן געריכט? דאָס קומט דאָך אויך פאָר אין מעדוועזשעגאָרסק...

ס'איז שוין נאַכט. דער סאָלדאַט פירט מיך איבער די גאַסן. איך זע, אַז ס'איז ניט אין דער ריכטונג פון צענטראַלן איזאָליאַטאָר. ס'ווערט גרינגער אויפן האַרצן. מיר זיינען הינטער דער שטאָט און גייען צו צו אַ זאָנע פון אַ לאַגער. אָט זיינען זיי די שטעכלדראָטן און די באַשניעס מיט די סאָלדאַטן, און אָט איז די דורכגאַנגס־בודקע. הייסט דאָס, אַז מען האָט מיך פשוט איבערגעפירט אין אַ נייעם לאַגער. מילא. אַ שאָד נאָר וואָס איך האָב זיך צעשיידט מיט אַרקאַשען, רוביקן און אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיעוויטשן. גוטע פריינד, אָבער וואָס קען מען זיך העלפן.

דער קאָנוואָי־סאָלדאַט גיט מיך איבער צוזאַמען מיטן פּאַקעט דעם דעזשורנעם פון לאַגער און יענער וואַרפט מיך אַריין אין... קאַרצער. יאָ, אַ קלייניקע שטיינערנע קאַמער, אַ סך בעסערע ווי אין צענטראַלן איזאָליאַטאָר, ניט קיין נאַסע, נאָר אַן אַ בעטל, אַ ליידיק קעמערל. אין דער הויך ברענט אַ קלייניקער עלעקטרישער לעמפּל.

וואָס איז געשען? וואָס קומט דאָ פאָר? וואָס ווילן זיי פון מיר? איך קלאַפּ אין טיר, איך שריי. אַזוי ווי צו דער וואַנט. אויף מאָרגן אינדערפרי האָט מען געבראַכט אַ שטיקל ברויט און וואַסער. איך בעט רחמים ביים שומר, ער זאָל רופן אַ וועלכן ניט איז נאַטשאַלניק. גאָרניט. מען רעאַגירט ניט. ביי טאָג האָט זיך געעפנט די טיר פון קאַרצער — מען האָט געבראַכט די באַלאַנדע. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט זי צו נעמען. ער האָט קאַלטבלוטיק פאַרשפאַרט די טיר. דאָס אינטערעסירט אים ניט... און ס'איז ניטאָ מיט וועמען צו רעדן. קיינער קומט ניט. און איך בין אין גאַנצן הילפלאָז. איך בין מסתמא געווען נאָענט פון אַראָפּגיין פון זינען. וואָס ווילן זיי? רבונו־של־עולם, וואָס ווילן זיי פון מיר?...

איך בין געווען אין קאַרצער צוויי נעכט און איין טאָג. און דערנאָך האָט מען מיך אַוועקגעפירט אין באָד, איך האָב זיך גוט אויסגעוואַשן. מען האָט מיך אָפּגעגאָלט און געגעבן פרישע וועש, אַריינגעפירט אין קיך און געגעבן זאַט אָפּצועסן, און אונטער אַ שטרענגער וואַך פון צוויי סאָלדאַטן מיך געבראַכט צו פירן אויף... אַ זיצונג פון אַן אַרויספאָר־סעסיע פון העכסטן געריכט. יאָ, ס'איז געווען

די זעלבע געביידע און דער זעלבער וואַרט־צימער, ווי מיט צוויי יאָר צוריק. איין סאָלדאַט, דער עלטסטער מסתמא, האָט מיר געזאָגט: מיר האָבן דיך געבראַכט אויף אַ זיצונג פון העכסטן געריכט. מען וועט באַטראַכטן דיין „דיעלאָ"...

איך האָב פאַרגעסן די לעצטע איבערלעבונגען — זייער אומפאַרשטענדלעכע, שווידערלעכע, אַכזריותדיקע אויספירונג. כאָפּט זיי דער שוואַרץ־יאָר. ס'איז אַ פאַקט אַז מען וועט באַהאַנדלען מיין אָנקלאַגע. ערגער וועט דאָך ניט זיין. פונדעסטוועגן דאַרף דאָך זיין אַ וועלכע ניט איז לאָגיק...

די זיצונג פון העכסטן געריכט האָט זיך אָנגעהויבן. דאָס מאָל איז ניט געווען קיין פּראָקוראָר. נאָר דער פאָרזיצער פון געריכט, צוויי שופטים און דער סעקרעטאַר. אין זאָל פון געריכט — איך און אַ סאָלדאַט נעבן מיר. דער סעקרעטאַר פון געריכט האָט איבערגעלייענט דעם פריִערדיקן באַשולדיקונגס־אַקט, דעם פריִערדיקן פסק־דין, מיין אָנקלאַגע און די אָנווייזונג פון העכסטן געריכט פון ראַטן־פאַרבאַנד איבערצוקוקן דעם ענין און באַהאַנדלען אים אין אַ נייעם באַשטאַנד פון ריכטערס. דער פאָרזיצער האָט געזאָגט: אַלץ איז קלאָר. רופט אַרויס דעם עדות פּינסקי. מען האָט אַריינגעפירט פּינסקין. ער איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ און ניט געקוקט אין מיין זייט. ער האָט שוין ניט געהאַט די חוצפה פון אַ קעשענע־גנב לגבי אַ קאָנטריק. מען האָט עס געפילט אין זיין אויסזען.

דער פאָרזיצער האָט געפרעגט:

— פּינסקי, איר קענט דעם באַשולדיקטן ראָזין?

— יאָ. מיר זיינען געווען אין איין לאַגער. אָבער איך קען אים זייער ווייניק. איך האָב געגאָלט אין זיין באַראַק און אויך ראָזינען געגאָלט.

— איר האָט ווען ניט איז גערעדט מיט דעם באַשולדיקטן וועגן וועלכע ניט איז פראַגעס.

— קיינמאָל ניט גערעדט.

— געדענקט איר אייערע דערקלערונגען אויף דער זיצונג פון דעם העכסטן געריכט אין יאָר 1938?

— יאָ, איך געדענק. אָבער איך האָב דאַן גערעדט וואָס פאָלקאָווניק וויקטאָראָוו האָט מיך באַפוילן. איך בין דאָך אַן אַרעסטאַנט, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק, איך האָב דאָך געמוזט אויספילן דעם באַפעל פון דעם גראַזשדאַנין פאָלקאָווניק.

— הייסט דאָס אַז איר זאָגט זיך אָפּ פון אייערע עדות־דערקלערונגען אויף יענעם געריכט?

— איר זעט דאָך, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק, איך בין דאָך אַן אַרעסטאַנט, אַ קעשענע־גנב. איך בין נאָך אַ יונגער מענטש און וויל אַרבעטן ערלעך אין לאַגער און אַרויסגיין פון דאַנען אַן ערלעכער מענטש. איך בין דיסציפּלינירט. איך אַרבעט ערלעך אַלס פאַריקמאַכער אין לאַגער און איך טו אַלץ וואָס די נאַטשאַלניקעס הייסן. און ראָזינען האָב איך עטלעכע מאָל געגאָלט און ווייטער קען איך אים ניט.

— פירט אַרויס פּינסקין — האָט באַפוילן דער פּאָרזיצער. פירט אַריין דעם עדות ראָמאַנאָוו.

איך בין געזעסן און געשמייכלט. איך האָב פאַרשטאַנען אַז איצט קומט פאָר די זעלבע משפט־קאָמעדיע, לויט דער זעלבער סצענאַריע וואָס אין יאָר 1938, נאָר אין אַ פאַרקערטן אינהאַלט. דאַן האָבן זיי באַשולדיקט; היינט ווילן זיי באַפרייען. דאָס איז שוין קלאָר. אַ דאָקומענט דאַרף דאָך זיין. קומט פאָר די שפּיל.

און מיט ראָמאַנאָוון איז פאָרגעקומען דאָס זעלבע וואָס מיט פּינסקין. נאָר קירצער. ראָמאַנאָוו איז אינטעליגענטער פון פּינסקין און ער האָט גלייך געמאַכט אַ מעלדונג, אַז ער באַדויערט זייער זיין נידערטרעכטיקע אויפפירונג אין יאָר 1938 וועלכע איז אַרויסגערופן געוואָרן נאָר פון פחד. וויקטאָראָוו האָט אים געצווונגען אַזוי צו טאָן.

איך בין געזעסן ווי אַ צושויער אין זאַל. עס איז פאָרגעקומען אַ קורצער ספּעקטאַקל און איך און מיין סאָלדאַט זיינען צושויערס. דער סאָלדאַט איז מסתמא געווען גלייכגילטיק, אָבער איך בין געווען זייער צופרידן. אַ גוטער ספּעקטאַקל. דער דראַמאַטורג אַ גוטער, די אַקטיאָרן אויסגעצייכנטע. אַלץ איז גוט.

דער פּאָרזיצער האָט זיך איבערגעשעפּטשעט מיט זיינע צוויי שופטים. אַ דריי דעם קאָפּ רעכטס און עטלעכע באַוועגונגען מיט די ליפּן, אַ דריי דעם קאָפּ לינקס און עטלעכע באַוועגונגען מיט די ליפּן און דער פּאָרזיצער מעלדעט פייערלעך:

— איך מעלד דעם אורטייל. די באַשולדיקונג לויט דעם פּאַראַגראַף 58 פּונקט 10 פון קרימינעלן קאָדעקס פון ר. ס. פ. ס. ר. איז ניט באַגרינדעט. דעם באַשולדיקטן ראַזין תיכף ומיד באַפרייען. דער פּסק־דין איז אַן ענדגילטיקער און קען ניט זיין אָנגעקלאָגט.

כאָטש איך האָב שוין פריער פאַרשטאַנען אַז מען וועט מיך באַפרייען און איך בין אַפילו געווען איבערצייגט אין דעם, דאָך האָט דער פּסק־דין, זיין דייטלעכע פאָרמולירונג „תיכף ומיד באַפרייען, דער פּסק־דין איז אַן ענדגילטיקער און קען ניט זיין אָנגעקלאָגט" — מיך צעטומלט. איך האָב עפּעס ניט געגלויבט די אייגענע אויערן. באַפרייען? תיכף ומיד? איז דאָס אַן אמת? און איך הער ווי מען רעדט צו מיר. איך הייב אויף דעם קאָפּ און זע שוין ניט די שופטים — זיי זיינען שוין אַוועק. עס זאָגט מיר דער סעקרעטאַר פון געריכט:

— ס'איז שוין שפּעט. 4 אַ זייגער. די קאַנצעלאַריע איז שוין פאַרמאַכט. מאָרגן אינדערפרי וועט איר קומען און איר וועט גלייך באַקומען די באַפרייאונגס־דאָקומענטן. איך באַדויער זייער, אָבער אייך וועט אויסקומען איבערנעכטיקן אין שטאָט. איך מיין אַז איר וועט געפינען אַן אָרט, ווו צו איבערנעכטיקן.

איך בין געקומען צו זיך. איבערנעכטיקן? וווהין גייט מען נעכטיקן. איך האָב ניט קיין פּרוטה אַפילו. אפשר גיין אין לאַגער? ניין. בשום אופן ניט. איך וויל זיי ניט אָנקוקן. עס מאַכט ניט אויס. איך וועל זיך איינאָרדענען ווי ניט

איז. אפשר וועט עמעצער אַריינלאָזן איבערנעכטיקן. דאָ אין שטאָט וווינען אַ סך פּריִערדיקע אַרעסטאַנטן, וועלכע האָבן זיך באַפרייט און געבליבן אַרבעטן, אַלס פריי־געדונגענע אין ב. ב. ק. זיי וועלן מיטפילן מסתמא און לאָזן איבער־צונעכטיקן. אַ פאַרחלומטער לאָז איך זיך גיין צום אַרויסגאַנג־טיר פון געריכט. אָבער מיט אַ מאָל ווער איך אויפגעטרייסלט פון אַ שטרענגן און באַפעלערישן אויסגעשריי פון מיין קאָנוואָי־סאָלדאַט: שטיין! ניט רירן זיך פון אָרט!...

— וואָס שרייסטו? וואָס ווילסטו?

— איך דאַרף דיך אומקערן אין לאַגער.

— פאַרוואָס אין לאַגער? איך בין דאָך שוין פריי. דו האָסט דאָך געהערט דעם פסק־דין?

— יאָ, געהערט. אָבער איין זאַך איז דער פסק־דין און אַ צווייטע זאַך איז דער באַפעל פון מיין קאָמאַנדיר.

— אָבער ס'איז דאָך אַ פסק־דין פון העכסטן געריכט.

— פאַר מיר איז דער העכסטער געריכט מיין קאָמאַנדיר. איך דאַרף דיך ברענגען אין לאַגער.

— אָבער דאָס איז דאָך קעגן די געזעצן פון אונדזער לאַנד. זיי האָבן דאָך געמאָלדן תיכף ומיד מיך צו באַפרייען.

— אויפהערן רעדן. אויפהערן די באָלבעריי. מיך אינטערעסירן ניט קיין געזעצן. פאָרויס! מאַרש!...

— ער האָט געכאַפּט די ביקס און זי געצילט אין מיין ריכטונג.

דער דעזשורנער אין לאַגער האָט אַפילו ניט געוואָלט אויסהערן וועגן וואָס עס גייט.

— עס אינטערעסירט מיך גאָרניט. מיט דיין ענין פאַרנעמען זיך די גרעס־סערע נאַטשאַלניקעס. גיי אין באַראַק און שלאָף זיך אויס. מאָרגן אין דער פרי וועסטו אַלץ דערציילן דעם נאַטשאַלניק פון לאַגער.

איך האָב זיך באַרויִקט. אפשר איז דאָס טאַקע לטובה. איך וועל ניט דאַרפן זוכן ווו צו נעכטיקן. די נעכט זיינען זייער קאַלטע.

דער באַראַק האָט געררוישט. די אונטערוועלט אין איר גאַנצן גלאַנץ איז דאָ געווען פאַרגעשטעלט. אָבער ס'איז געווען די אונטער־וועלט פון אונטערשטן ראַנג — די ערשט אָנהויבנדיקע, ניט גאָר קוואַליפיצירטע, כאָטש מיט פּרעטענזיעס אויף זיין ווירכטיק, יונגאַטשעס אין עלטער פון 18—19—20 יאָר. צענדליקער גרופּעלעך זיינען געזעסן אויף די נאַרעס און אויך אויף דער פּאָדלאָגע פון גרויסן באַראַק און האָבן זיך „געשניטן" אין קאָרטן. אייניקע זיינען כמעט געווען נאָר אין די אונטערשטע וועש, אַנדערע אין גאַנצן באָרוועסע — דאָס האָט באַדייט

אַז זיי האָבן שוין פאַרשפּילט די בגדים, די שיך. דאָס קומט שוין נאָך דעם ווי זיי האָבן פאַרשפּילט פאַרשיידענע זאַכן, די מאַכאָרקע, די מאָרגנדיקע נאָרמע ברויט און דאָס גלייכן. אין דער טיפעניש פון באַראַק, אויף די אַנדערע נאַרעס האָבן געקוויטשעט פרויען און זיך איבערגעוואָרפן מיט זאַפטיקע רוסישע „ברכות״ פון וועלכע זיי האָבן, זעט אויס, געהאַט גרויסע הנאה.

מיך האָט אַרומגערינגלט אַ גרויסע גרופּע און מיך געגומען פאַרשן: ווער? וואָס? פון וואַנען? איך האָב באַמערקט אַז עס געפעלן זיי מיינע שיך. דער בושלאַט און די הויזן זיינען געווען אַלטע שמאַטעס און די שיך וואָס איך האָב ניט לאַנג באַקומען זיינען געווען נייע. מען האָט מיך אָנגעהויבן שלעפּן „מאַכן אַ קערטל״. איך האָב גאַנץ שאַרף געענטפערט אויף דעם אונטער־וועלט לשון. מיר האָט זיך געדוכט אַז איך באַנוץ זיך זייער געניט און קוואַליפיצירט מיט דער שפּראַך. אָבער זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז איך בין ניט קיין זייעריקער און זיי האָבן אָנגעהויבן שרייען אויפן גאַנצן באַראַק:

— אַ פראַיער איז געקומען צו אונדז. מסתמא אַ קאָנטריק...

ס׳איז צוגעקומען אַ הויכער, שיינער יונגערמאַן, אָנגעטאָן אין שפּאָגל־נייע אַרעסטאַנטישע זאַכן, ער האָט ניט גערויכערט קיין מאַכאָרקע אין אַ צייטונג, נאָר אַן אמתן פּאַפּיראָס. ער איז צוגעקומען און באַלעבאַטיש אויסגעשריען:

— מאַרש, פּיאַווקעס פון דאַנען. וואָן פון דאַנען, האָב איך געזאָגט. איך וויל רעדן מיט דעם מענטשן.

ער האָט מיך גענומען פאַר דער האַנט און געזאָגט:

— קומט אין מיין קוואַרטיר.

אין אָנהויב פון באַראַק, נעבן דער טיר, אין דער רעכטער זייט, איז געווען אַן אָפּגעזונדערטע נאַרע פון צוויי פּאָלקעס, אַן אויבערשטע און אונטערשטע, אַזוי ווי אין אייזנבאַן־וואַגאָן. די אונטערשטע נאַרע איז געווען זיין קוואַרטיר. ער איז געווען דער סטאַראָסטע פון באַראַק.

— זעצט זיך. פילט זיך ווי אין דער היים. אויב איר רויכערט, איז נעמט אַ פּאַפּיראָס. ס׳איז פּאַפּיראָסן „בעלאָמאָרקאַנאַל״. ניט קיין שלעכטע פּאַפּיראָסן. פון וואַנען איז אַ ייד?

די לעצטע ווערטער „פון וואַנען איז אַ ייד?״ האָט ער געזאָגט אין יידיש. און מיר האָבן פאָרגעזעצט אונדזער שמועס אין יידיש.

— איך בין פון מינסק.

— געהערט אַזאַ שטאָט. קיין מאָל דאָרט ניט געווען. איך בין פון אָדעס. איר זייט געווען אין אָדעס? אָדעס איז ניט קיין שטאָט. אָדעס איז אַ גן־עדן. ניט אומזיסט זאָגט מען „ביי אונדז איז גאָט אַ פּאָטער און אָדעס אַ מאַמע״. אוי, ווי איך בענק נאָך אָדעס. שוין אַ האַלב יאָר פון דאָרט.

— ווען זשע פאָרט איר צוריק קיין אָדעס?

— לויט זייער פסק־דין אין 2 יאָר אַרום. מען האָט מיר אַריינגעבראַכט 2½ יאָר. נאָר איך מיין, אַז בעמעגנדיק אין חשבון די „זאַטשאָטן“, וועל איך אין אַ יאָר אַרום זיין אין דער היים. זאַטשאָטן וועלן זיין ווייל מיין בריגאַדע איז אַ סטאַכאַנאָווסקע. מיר אַרבעטן אָן קאָנוואָי אין אַ גרויסער פּראָדוקטן־באַזע. אונדזער אַרבעט איז אויסלאָדן פּראָדוקטן פון וואַגאָנען. פּראָדוקטן פאַרן גאַנצן ב. ב. ק. איר ווייסט וואָס הייסט ב. ב. ק.? לויט די פּראָדוקטן זייגען דאָ אין בב״ק, איך ווייס? ניט ווייניקער, ווי אַ מיליאָן אַרעסטאַנטן. עסן איז פאַראַן גענוג. און איר זעט, אַ פּאַפּיראָסל פאַלט אויך אַריין. מיר לאָדן דאָך אויס פּראָדוקטן אויך פאַר דער נאַטשאַלסטווע. איך בין אַ בריגאַדיר. איך שלעפּ ניט קיין זעק. מיין זאַך איז, אַז אַנדערע זאָלן שלעפּן און מאַכן ריכטיק די סטאַכאַנאָווסקע פּראָצענטאָווקע. פון וואַנען קומט איר איצט?

— איך קום פון העכסטן געריכט.

— איך פאַרשטיי ניט. פונוואַנען?

איך האָב אים אין קורצן דערציילט דעם ענין.

— זייט איר ביי מיר אַ גוטער גאַסט. אַ שאָד וואָס איר פאַרט ניט קיין אָדעס. איר וואָלט איבערגעגעבן מיין ווייב אַ לעבעדיקן גרוס פון מיר. איך האָב אַ ווייב — אַ גאָלד. אָבער מיר וועלן זיך נאָך אָנרעדן. איך האָב ליב געסט. אָבער דערווייל דאַרפט איר איבערבייסן.

דער יונגערמאַן האָט אַרויסגעשלעפּט פון אונטער דער נאַרע אַ הילצערנעם טשעמאָדאַנטשיק און מיך מכבד געווען מיט אַ גוטן שטיקל וווּרשט מיט ברויט. ער האָט צוגערופן דעם דניעוואַלנעם און געהייסן ברענגען קיפּיאַטאָק. איך האָב גוט אָפּגעגעסן און צוגעטרונקען הייסע געזאָדענע וואַסער מיט צוקער. טאַקע אמת זיס געווען...

איך האָב מיט גרויס הנאה פאַררויכערט זיין פּאַפּיראָס „בעלאָמאָרקאַנאַל“ און פאַרשטאַנען, אַז דאָס קומען נעכטיקן אין לאַגער איז בעצם זייער גוט. עס איז דווקא גוט אַרויסגעקומען. אָנגעשטויסן זיך צופעליק אויף אַ גוטן יידן. ער נעמט מיך אויף מיטן גאַנצן האַרצן.

— זאָגט זשע כאָטש ווי מען רופט אייך, — האָב איך געזאָגט צו מיין גומל חסד. אין אָדעס וועל איך מסתמא אין גיכן ניט זיין. איר וועט זיין דאָרט פריִער פון מיר. אָבער אַ בריוו אייער ווייב וועל איך אָנשרייבן. איך וועל דערציילן וועגן אונדזער פיינער באַגעגעניש.

— איך הייס אַ יידישן נאָמען — יעקב. אין שטוב רופט מען מיך יאַשע. און איך וועל זיין זייער צופרידן, וואָס איר וועט אָנשרייבן אַ בריוו מיין מירעלען. און איר זאָלט איר טאַקע שרייבן, אַז די גאַנצע צייט טראַכט איך וועגן איר. הערט, איך וויל אייך דערציילן מיין „דיעלאָ“, וועט איר פאַרשטיין, ווי

וויכטיק ס'איז צו באַרויִקן מיין מירעלען. איז קודם־כל וועל איך אייך געבן דעם אַדרעס. ער האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס און געזאָגט:

— און איצט הערט. איך וועל דערציילן בקיצור. איך שטאַם פון דער מאָל־דאַוואַנקער „אַריסטאָקראַטיע". איר ווייסט וואָס אַזוינס עס איז די מאָלדאַוואַנקער „אַריסטאָקראַטיע"?

— יאָ, אַ ביסל ווייס איך. ס'איז געווען אַזאַ שרייבער יצחק באַבעל, האָט ער אָנגעשריבן אַ סך דערציילונגען וועגן דער מאָלדאַוואַנקער „אַריסטאָקראַטיע". אויף דער מאָלדאַוואַנקע איז געווען אַמאָל דער באַוווסטער בעני קריק.

— מילא, וואָס דער שרייבער האָט געשריבן ווייס איך ניט. מיין טאַטע איז געווען אַ בינדיוזשניק. אַ געזונטער ייד און געמאַכט גוטע „לינקע" געשעפטן. איך האָב באַשטימט צו גיין מיט אַן איידעלן, שטילן וועג. איך האָב גאָלדענע הענט. איך זאָג אייך פשוט — גאָלדענע הענט. אָט איך וועל זיצן מיט אייך און מיר וועלן פאַרברענגען און איר וועט ניט זען און וועט ניט פילן ווי אייער זייגער וועט זיין אין מיינע הענט. איז דאָס געוואָרן מיין פּראָפעסיע. דאָס דאַרף מען דאָך קענען. ס'איז דאָך ניט אַריינקריכן דורך אַ פענצטער און גנבענען עפעס אין אַ שטוב. און ביי מיר איז ניט סתם אַ פּראָפעסיע, נאָר מען קען זאָגן אַז איך בין אַ ספּעציאַליסט. שטויסן זיך אויף דעם „טאָלטשאָק" אָדער אין די וואָקזאַלן און קריכן אין די קעשענעס — דאָס איז ניט פאַר מיר. ערשטנס, היינטיקע צייטן וועסטו ביים פּשוטן פאָלק געפינען קדחת אין קעשענע. און צווייטנס, האָב איך פיינט אַזאַ גראָבע אַרבעט. די אַרבעט דאַרף זיין אַן איידעלע. אַרבעט איך זומער אויף דעם פּליאַזשע, ביים ים, און ווינטער זיץ איך איבערהויפּט אין אַ קאַפע. און איך האָב צו טאָן איבערהויפּט מיט פרויען. ווי איר זעט, בין איך ניט קיין מיאוסער יונגערמאַן און זיי קלעפּן זיך צו מיר, ווי פליגן צו האָניק. עס זיינען פאַראַן אַזעלכע דאַמאָטשקעס, וואָס זוכן, זומער אויף דער פּליאַזשע און ווינטער אין קאַפע אויף דעריבאַסאָווסקע, „פּריקליוטשעניעס". דאָס זיינען איבערהויפּט דאַמאָטשקעס פון די גרויסע פּאַרטיינע און סאָוועטסקע נאַטשאַלניקעס. די מאַנען זייערע, זאָגן זיי, אַרבעטן ביז שפּעט אין דער נאַכט און קומען אַ היים פאַרמאַ־טערטע. גאַנצענע טעג זעט מען זיי ניט, די מאַנען... איר מיינט אַז איך דאַרף האָבן די דאַמאָטשקעס? אויף כפרות דאַרף איך זיי. זיי ליגן מיר ניט אין דער לינקער פּיאַטע. זייערע זייגערלעך און בראַסלעטיקעס דאַרף איך. בריליאַנטלעך זיינען פאַראַן ביי זיי. און טשערוואָנצעס שאַדט אויך ניט. פאַרשטייט זיך, אַז מיר הייבן אָן פון קוצעניו־מוצעניו, קאָמפּלימענטלעך, אַ גלעט אין הענטל, אָדער אין פּיסל. און ווען דאָס זייגערל, אָדער בראַסלעטל מיט דעם בריליאַנטל איז ביי מיר אין די הענט — ווער איך נעלם. זייט מיר געזונט. איך האָב אַ ווייב אין דער היים און זי לעבט ביי מיר, ווי אַ גראַפיניע...

איז אַזוי, קיין גרויסע קאַפּיטאַלן מאַך איך ניט. אָבער פּרנסה איז דאָ גענוג.

ברוך־השם, מיין ווייב האָט אַל דאָס גוטס אין שטוב. עס איז שטיל, רויִק און אײדל. איך בין אַלט 30 יאָר און שוין 10 יאָר ווי איך אַרבעט. אַ פיינער סטאַזש. דאַרף טרעפן אַן אומגליק: איך זיץ מיר, ווינטער, אין אַ שיינער קאַפע, אויף דעריבאַסאָווקע, באַשטעל אַ גלאָז קאַפע מיט אַ פּיראָזשנע און ווי געוויינלעך, קומט זיך אַריין אַ דאַמאָטשקע, שוין אין די פּערציקער, אָט טאַקע פון יענע דאַמאָטשקעס, פון מיינע קליענטקעס. זי קוקט זיך אַרום, גייט צו צו מיין טישל. ס׳איז פריי דער אָרט? פּאָזשאַלויסטאַ, זאָג איך. אַהער, אַהין. איך באַשטעל פאַר איר קאַפע מיט אַ פּיראָזשנע. זאָגט זי אַז זי וויל אָפּצאָלן. זי וויל דווקא מיך מכבד זיין. און ביי איר איז אַ פיינער מאַנטאָ און אַ קלייניקע, שיינע פּרויען־סומקעלע. זי נעמט אַזוי אַריסטאָקראַטיש אַרויס געלט און אויףביידע הענט טראָגט זי גאָלדענע בראַסלעטן. איך זע אַז די סחורה איז אַ פּאַסיקע און איך הייב זי אָן באַשיטן מיט קאָמפּלימענטן. איך קען זיי שוין פון אויסנווייניק. זי רויטלט זיך און כיכיקעט און גיט מיר צוריק קאָמפּלימענטן. דערנאָך זאָגט זי מיר: וואָס ווען מיר זיצן דאָ אין קאַפע. מען קען צופאָרן צו אירער אַ חברטע. דער שליסל פון דער דירה איז פאַראַן. נו איז דאָך גוט. איך האַלט זי פאַר דער האַנט און מיט דער צווייטער גלעט איך איר די צווייטע האַנט און פּרוּוו דערוויל ווי פעסט עס זיצן ביי איר די פינגערלעך אויף די פינגער. און מיטאַמאָל רייסט זי ביי מיר אַרויס די האַנט און איך הער ווי זי שרייט: פעדיאָ, דו הערסט, פעדיאָ, אָט דער מנוול טשעפּעט זיך צו מיר. איך בין דאָ געזעסן ביים טישל און געוואַרט אויף ווערא פעדאָסייעוונאַ, איז ער צוגעגאַנגען און שטייט ניט אָפּ פון מיר. איך זע, אַז נעבן מיר שטייט דער נאַטשאַלניק פון אוגראָזיסק. און מיין דאַמאָטשקע שרייט און וויינט... אַ טומל. דער נאַטשאַלניק רופט צו אַן אָפיציאַנט און יענער זאָגט מיט אַ ציטעריקן קול אַז ס׳איז אַן אמת, וואָס די דאַמע דערציילט. זי האָט די גאַנצע צייט געשריִען: טשעפּעט זיך אָפּ פון מיר... בקיצור, מען האָט מיך אַריינ־געזעצט אין קאַטאַלאַזשקע און ס׳איז געווען אַ משפט און מען האָט מיר אַריינ־געהאַקט 2½ יאָר פאַר כוליגאַנסטווע. איר שטעלט זיך פאָר? אַ בראַנד זיי אין די קישקעס אַריין. ווו איז דער יושר? און וואָס איז ווערט דער משפט? ווען מען כאַפּט מיר ביי דער אַרבעט, וואָלט מיר ניט פאַרדראָסן. אָבער כוליגאַנ־סטווע? נאָר דערפאַר, וואָס די קורווע איז געווען דאָס ווייב פון דעם נאַטשאַלניק פון אוגראָזיסק? און דער אָפיציאַנט האָט עדות געזאָגט אויף דעם משפט. ער האָט דאָך מורא געהאַט פאַר דעם נאַטשאַלניק... נאָר ברענען זאָלן זיי אויפן פייער. מיר טאַטשעט אין האַרץ וואָס מיין מירעלע איז דאָך געווען אויף דעם משפט און אפשר טראַכט זי אַז איך האָב טאַקע עפּעס געהאַט צו טאָן מיט דער קורווע. דאָס טאַטשעט מיך די האַרץ...

— איר האָט ניט אַפּעלירט קעגן דעם אורטייל? ס׳איז דאָך פשוט אַן אַבסורד.

— ניין, איך האָב ניט אָנגעקלאָגט. ערשטנס, דערפאַר וואָס איך האָב ניט

געוואָלט מען זאָל זיך גריבלען אין מיין לעבן. איך בין דאָך ניט קיין סתם אַ לײדיק־גײער. איך בין געזעסן אויף די פּליאַזשעס, סקווערן, אָדער אין די קאַפעען. ביי אונדז אין לאַנד רופט זיך עס אַן פּאַראַזיטיזם. פון אָדעס קען מען אַרויסטרייבן אַ מענטש וועלכער אַרבעט ניט. איך בין געווען אַ שאָפער אויף אַ ברויט־זאַוואָד. געאַרבעט ערלעך און פאַרדינט 60 קאַרבאָנצעס אַ חודש. איין מאָל אין וואָך, אָדער עס טרעפט אַ מאָל אַ פאַרנאַכט אויך, פלעג איך זיך פאַרנעמען מיט מיין פּראָפע־סיע. האָב איך אַ טראַכט געטאָן אַז עס לוינט מיר ניט מען זאָל זיך גריבלען: וואָס טוט אַ שאָפער אין קאַפע אויף דעריבאַסאָווסקע? און צווייטנס, איז מיר גע־ווען קלאָר, אַז קעמפן מיט דעם נאַטשאַלניק פון אוגראָזיסק וועט זיין אוממעגלעך. ס׳איז דאָך איין באַנדע — דער נאַטשאַלניק, דער פּראָקוראָר, דער פאָרזיצער פון געריכט — זיי זיינען דאָך אַלע אין איין גאָרקאָם פון זייער פּאַרטיי.

— און איר האָט ניט גענומען קיין אַדוואָקאַט?

— וועלכער אַדוואָקאַט? מיין מירעלע איז געווען אין זייער קאָלעגיע און ווען זיי האָבן געהערט, אַז ס׳איז אַן עסק מיט דעם נאַטשאַלניק פון אוגראָזיסק, האָבן זיי געזאָגט, אַז דווקא איצט האָבן זיי ניט קיין פרייען אַדוואָקאַט.

יאַשע האָט באַפוילן דעם וואָס האָט „געוווינט" אויף דער צווייטער פּאָלקע פון זיין „קוואַרטיר" צו גיין שלאָפן אויף די אַלגעמיינע נאַרעס און איך האָב איבערגענעכטיקט די נאַכט אַזוי ווי אין אַ האָטעל פון 5 שטערן...

אויף מאָרגן אין דער פרי האָט מיך דער „מאָלדאַוואַנקער אַריסטאָקראַט" ווידער מכבד געווען מיט אַ שטיקל ברויט, ווורשט און אַ זיס גלאָז קיפּיאַטאָק; מיר האָבן זיך האַרציק געזעגנט און איך האָב אים געגעבן אַ שבועה אַז איך וועל פון מינסק תּיכּף אָנשרייבן אַ בריוו זיין מירעלען. מיר איז געווען גוט אויפן האַרצן פון אונדזער באַגעגעניש. דאַכט זיך — אַ מענטש גאָר פון אַן אַנדער וועלט — אַ וועלט אין גאַנצן אַ פרעמדע פאַר מיר — אַ מענטש מיט וועלכן עס האָט קיין מאָל ניט געקענט זיין אַפילו עטוואָס געמיינזאַמס און דאָך האָב איך געפילט אַז ביי דעם יאַשען איז חוץ גאָלדענע הענט אויך אַ גאָלדן האַרץ...

דער נאַטשאַלניק פון לאַגער האָט מיך גלייכגילטיק אויסגעהערט און געזאָגט אַז ער וועט זיך סטאַרען קלאָר צו מאַכן דעם ענין. עס איז דאָ אַ באַשטימטער סדר. ער דאַרף באַקומען אַ דערלויבעניש פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון ב.ב.ק. כּדי מיך צו באַפרייען. דער פּסק־דין פון העכסטן געריכט איז פאַר אים ניט גענוג. עס נעמט צייט. ער וועט באַקומען דעם פּסק־דין, וועט ער זיך שטעלן אין פאַר־בינדונג מיט דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון ב.ב.ק.

— דערלויבט מיר, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק, צו גיין צום העכסטן געריכט און ברענגען דעם פּסק־דין.

— ביי מיר זיינען ניטאָ קיין פרייע קאָנוואָי־סאָלדאַטן צו באַגלייטן דיך אין העכסטן געריכט.

— צוליב וואָס די קאָנוואָי־סאָלדאַטן? איך וועל אַנטלויפן? קלינגט אָן אין

העכסטן געריכט, זיי וועלן באַשטעטיקן אַז ס׳איז דאָ אַ פּסק־דין. איך וועל גיין און אים ברענגען.

— לערנט מיך ניט וואָס צו טאָן. איך האָב שוין געזאָגט אַז איך וועל קלאָר מאַכן דעם ענין. איך וויל אייך וואָרענען אַז כּל־זמן איך וועל ניט באַקומען די דערלויבעניש אייך צו באַפרייען, זייט איר אַן אַרעסטאַנט און איר דאַרפט אויס־פירן אַלץ וואָס עס פאָדערט זיך פון אַן אַרעסטאַנט און זיך פירן ווי אַן אַרעס־טאַנט. עס וועלן אָנקומען די דאָקומענטן — וועל איך אייך תּיכּף אַרויסרופן צו זיך.

איך באַרויִק זיך אַליין. איך סטאַרע זיך צו האַלטן אין די הענט. ביוראָקראַ־טיזם! פּשוטער ביוראָקראַטיזם! עס אַרבעט אַ גוואַלדיקע ביוראָקראַטישע מאַשין. האָט זיך ערגעץ אַ קליינער שרייפל פאַרטשעפּעט אָדער קאַליע געוואָרן, וועט עס נעמען נאָך עטלעכע שעה. אין פּסק־דין פון העכסטן געריכט איז בפירוש פאָרמו־לירט: תּיכּף ומיד באַפרייען. דער פּסק־דין איז אַן ענדגילטיקער און קען ניט ווערן אָנגעקלאָגט! פּשוט און קלאָר. ווער קען ניט אויספילן דעם באַפעל פון העכסטן אָרגאַן פון געזעץ אין לאַנד?

איך ליג אויף דער צווייטער פּאָלקע פון דער „קוואַרטיר" פון „מאָלדאַוואַנקער אַריסטאָקראַט" און וואַרט אויף דעם אַרויסרוף פון נאַטשאַלניק. וויפל שעה איז שוין דורך נאָך אונדזער שמועס? אָבער זײַ רויִק! וואָס ציילסטו די שעהען? ביסט שוין אָפּגעזעסן מער ווי 2.000 טעג און נעכט, ד"ה מער ווי 48.000 שעה. איז וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָבן נאָך עטלעכע שעה? און די צייט רוקט זיך אַזוי פּאַמעלעך. די שעהען שלעפּן זיך און איך ווייס שוין ניט וועגן וואָס צו טראַכטן. איך גיב כּסדר זיך אַליין באַפעלן — צו זיין רויִק. קען העלפן אַזאַ נאַרישער באַפעל?

די אַרעסטאַנטן קערן זיך אום פון דער אַרבעט. הייסט דאָס אַז ס׳איז שוין שפּעטער פון 6 אָוונט. הייסט דאָס אַז די קאַנצעלאַריע פון לאַגער איז שוין פאַר־מאַכט און די קאַנצעלאַריע פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון ב.ב.ק. איז שוין פאַר־מאַכט און די קאַנצעלאַריע פון העכסטן געריכט איז שוין אויך פאַרמאַכט...

איך בין ווידער אַ גאַסט ביי מיין נייעם פריינד. איך זאָג דאָס ניט איראָניש. יאַשע האָט זיך אומגעקערט מיט זיין בריגאַדע פון דער אַרבעט און האָט מיט גרויס פריינדשאַפט זיך באַצויגן צו מיר. ער האָט געדאגהט וועגן עסן, טרינקען און רויכערן. ער האָט מיך געטרייסט, ער איז געווען פאַרנומען מיט מיר, ווי מיט אַ קראַנקן ברודער.

ס׳איז ווי עס איז אַדורך די לאַנגע נאַכט. אַט איז שוין 5 אין דער פרי. דער געוויינלעכער טאַראַראַם פון אויפשטיין און פון גרייטן זיך צו גיין צו דער אַרבעט. עס איז ניט קיין באַראַק פון „פּאָליטישע" וועלכע זיינען דיסציפּלינירט און שלעפּן דעם עול שטילערהייט. די „ביטאָוויקעס" גייען ניט אַזוי גיך צו דער אַרבעט. מען שרייט, מען זידלט זיך, מען שילט זיך, עס דערגייט אַפילו צו געשלעגן. יאַשע

האָט זיך ווידער געזעגנט מיט מיר און אַוועק מיט זיין בריגאַדע. דער באַראַק ווערט ליידיקער. און דער נאַריאַדטשיק איז צוגעגאַנגען צו מיר:

— דיין פאַמיליע?

— ראַזין.

— דאַרפסט אויך גיין אויף אַרבעט.

— וואָס הייסט אויף אַרבעט? איך בין שוין ניט קיין אַרעסטאַנט. אָט אין עטלעכע שעה אַרום באַקום איך די באַפרייַונגס־דאָקומענטן.

— איך ווייס גאָרניט. איך האָב באַקומען אַ באַפעל. ראַזינען פון באַראַק נומער 6 — אויף אַרבעט.

— איך וועל אויף אַרבעט ניט גיין.

— וועסט יאָ גיין.

— איך וועל ניט גיין.

— ביסט ביי מיר אַ קליינע צאַצקע. מיר ספּראַווען זיך מיט וויכטיקערע פּראַ־יערס, ווי דו. איך האָב קיין צייט ניט. קום, איך וועל דיך אָפּפירן צו דער דורכ־גאַנגס־בודקע און אַריינשטעלן דיך אין אַ בריגאַדע.

— איך וועל ניט גיין.

ער איז אַרויס און באַלד זיך אומגעקערט מיט נאָך איינעם — אַ גרויסן זשלאָב, און מען האָט מיך געשלעפּט, געשלאָגן און געשלעפּט איבער דער גאַנצער זאָנע פון לאַגער און אַריינגעוואָרפן אין קאַרצער — אין זעלבן קאַרצער, אין וועלכן איך בין געזעסן איין טאָג און צוויי נעכט ביז דעם געריכט, וועלכער האָט אַרויס־געטראָגן דעם פּסק־דין „תיכף ומיד באַפרייען"...

גאָט מיינער, וואָס קומט דאָ פאָר? איך בין ניט מסוגל צו פאַרשטיין. איך — אַ מענטש מיט אַ גאַנץ גרויסן נסיון אויפן געביט פון דער סאָוועטישער געזעצ־לעכקייט; אַ מענטש, וועלכער איז דורכגעגאַנגען די שיבֿעה מדורי גיהנום פון זייער הפקרות, אַ מענטש, וועלכער ווייס אַז הפקרות איז דער הויפּט־עלעמענט אין זייער געזעצלעכקייט — איך קען ניט פאַרשטיין זייער איצטיקע אויפפירונג לגבי מיר. צוליב וואָס די קאָמעדיע מיט דעם לעצטן געריכט? די נייע 5 יאָר לאַגער האָבן זיך דאָך ניט געענדיקט. איז דאָס ביי זיי אַ סיסטעם, אָדער גלאַט אַזוי, עס איז אָן שום לאָגיק אַפילו פון זייער שטאַנדפּונקט, נאָר לשם סאַדיזם? מיין מוח באַנעמט עס ניט. איך ווייס ניט וואָס צו טראַכטן. און אפשר בין איך פון זינען אַראָפּ? רבונו־של־עולם, גיב מיר כוחות און שׂכל צו פאַרשטיין. זאָג מיר, וואָס צו טאָן...

און וואָס קען איך טאָן? צו וועמען רעדן? צו וועמען שרייען? צו די שטיי־נערנע ווענט פון קאַרצער? קלאַפּן אין טיר פון קאַרצער? דער שומר פון יענער זייט טיר ענטפערט — „קאָפּ אָן וואַנט קלאַפּ..." דאָס איינציקע געווער איז הונגער־שטרייק...

אויף דעם דריטן טאָג פון הונגער־שטרייק איז געקומען אין קאַרצער דער נאַטשאַלניק פון לאַגער און באַפוילן תּיכּף ומיד אויפהערן שטרייקן, אַרויסגיין אויף אַרבעט און פירן זיך לויט די כּללים, אַנגענומענע פאַר אַרעסטאַנטן. ער האָט געוואָרנט אַז אַ הונגער־שטרייק ווערט אין לאַגער באַטראַכט ווי סאַבאָטאַזש...

איך האָב דעם שטרייק פאַרגעזעצט. ס׳איז דורך אַ סך צייט — איך ווייס ניט וויפל. איך בין געווען שטאַרק אָפּגעשוואַכט, אָבער דער אימפּעט פון קאַמף האָט מסתּמא געגעבן כּוחות אויסצוהאַלטן. מען האָט מיך אַרויסגעפירט פון קאַרצער. מען האָט מיר דערציילט אַז ס׳איז געווען אויף דעם זיבעטן טאָג פון שטרייק. מען האָט מיך געבראַכט צו פירן אין קאַנצעלאַריע פון לאַגער און אַריינגעפירט אין אַ ליידיקן צימער. ס׳איז אַריין אַ מענטש, פאַרשפּאַרט די טיר און אויג־אויף־אויג געפירט מיט מיר אַ שמועס.

— איך בין דער פּראָקוראָר פון ב.ב.ק. איך האָב געלייענט דעם פּסק־דין פון העכסטן געריכט לויט וועלכן מען האָט אייך באַדאַרפט באַפרייען מיט 9 טעג צוריק...

איך האָב איבערגעריסן מיט אַ געשריי:

— וואָס קומט דאָ פאָר? איר זייט אַ פּראָקוראָר און איר היט אַזוי אָפּ די געזעצן? אַזוי פירט מען אויס דעם פּסק־דין פון העכסטן געריכט פון לאַנד?

— דיין „דיעלאָ" געפינט זיך אין דריטן אָפּטייל. לויט די אינסטרוקציעס פון גולאַג, ווערט אַן אַרעסטאַנט באַפרייט נאָר לויט דער דערלויבעניש פון דריטן אָפּטייל.

— גיט די דערלויבעניש. איר זייט דאָך דער פּראָקוראָר פון ב.ב.ק. איר מוזט עס טאָן. איר מוזט דאָך היטן אַז מען זאָל אויספירן די געזעצן ביי אונדז אין לאַנד.

— איך האָב די פולמאַכט אָפּצוהיטן די געזעצן אין די לאַגערן פון ב.ב.ק. איך האָב אָבער ניט קיין פולמאַכט און קען זיך ניט אַריינמישן אין די ענינים פון דריטן אָפּטייל.

— וואָס קענט איר יאָ טאָן? צוליב וואָס זייט איר געקומען צו מיר?

— איך בין געקומען דיר העלפן.

— העלפן זיצן אין קאַרצער און הונגערן?

— איך בין געקומען צו געבן דיר אַן עצה. הער אויף תּיכּף ומיד דעם הונגער־שטרייק. ער וועט דיר שטאַרק שאַדן. אין דריטן אָפּטייל קוקט מען אויף דעם שטרייק ווי אויף אַן אַקט פון סאַבאָטאַזש. דו ביסט דאָך געווען פאַראורטיילט פאַר קאָנטער־רעוואָלוציע.

— וואָס עפּעס קאָנטער־רעוואָלוציע? איך בין דאָך באַפרייט געוואָרן ווייל עס איז ניט באַשטעטיקט געוואָרן דאָס פאַרברעכן.

— ס׳איז אַ גרויסער טעות. דאָס העכסטע געריכט האָט דיך באַפרייט פון דעם צוגאָב צום פסק־דין פון דער „אָסאָבאָיע סאָוועשטשאַניע”. יענער פסק־דין — די ערשטע דריי יאָר פאַר אָנטייל נעמען אין אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע — איז געבליבן גילטיק. דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער פלעק איז פאַרבליבן. אין דריטן אָפּטייל ביסטו אין דער רשימה פון די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן.

— אָבער וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס צו מיין ענין? דאָס העכסטע געריכט פון לאַנד האָט מיך באַפרייט!

— גלייב מיר, איך בין צו פיל אָפּנהאַרציק מיט דיר. איך רעד מיט דיר אַ סך מער, ווי איך דאַרף. איך זאָג דיר נאָך אַ מאָל, ניט ווי אַ פּראָקוראָר פון ב.ב.ק., נאָר ווי אַ מענטש מיט אַ גרויסער דערפאַרונג: הער אויף תיכּף ומיד דעם שטרייק. קום צו זיך אַ ביסל. מען וועט דיר געבן אַ טאָג אָפּרו און הייב זיך אָן פירן ווי אַ געוויינלעכער אַרעסטאַנט. נעם זיך אָן מיט געדולד. וואַרט אויף דער באַשטימונג פון דריטן אָפּטייל. איך זאָג דיר נאָך אַ מאָל — דאָס איז אַן עצה, סיי פון אַ פּראָקוראָר, און סיי פון אַ מענטשן... איך וועל באַפעלן אָפּצופירן דיך אין באַראַק און געבן דיר איין רו־טאָג.

איך האָב אינסטינקטיוו דערפילט אַז מען קען און מען דאַרף דעם מענטשן גלייבן. דריטער אָפּטייל! דער אַלמעכטיקער דריטער אָפּטייל: סאָוועליעוו, וויקטאָראָוו, פּראָקאָפּענקאָ... זוכן ביי זיי יושר? זוכן ביי זיי צדק? מען טאָר ניט שפּילן מיט זיי קיין ברוגז. זיי קאָנען צוציִען אַ נייעם ענין. און ס׳איז אַ נייער מישפּט... איך האָב אויפגעהערט צו שטרייקן און געוואָרן אַ געוויינלעכער אַרעסטאַנט...

איך האָב זיך אומגעקערט אין באַראַק נומער 6. יאַשע האָט מיך באַגעגנט מיט טרערן אין די אויגן. ווען ער האָט אויסגעהערט מיין דערציילונג האָט ער ניט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט מיר. ער האָט מיך געהאָדעוועט ווי מען האָדעוועט אַ קליין קינד. מען טאָר זיך ניט צוכאַפּן צום עסן נאָך 7 טעג הונגער. ער האָט אונטערגעקויפט דעם נאַריאַדטשיק און אַרויסגעקראָגן פון אים אַ צווייטן אָפּרו־טאָג פאַר מיר. ער האָט יעדע שעה מיך ביסלעכווייז געקאָרמעט. ער האָט אויף מאָרגן געבראַכט פאַר מיר אַ שטיקעלע פּוטער פון דער פּראָדוקטן־באַזע... הלוואי וואָלטן די טשעקיסטן געהאַט אַ הונדערט־חלק מענטשלעכקייט וואָס דער גנב פון דער מאָלדאַוואַנקע...

— וואָס קען מען זיך העלפן — האָט געזאָגט יאַשע — ווי באַלד מען דאַרף וואַרטן וואָס דער גורל וועט ברענגען, דאַרף מען וואַרטן. איך וועל בעטן דעם נאַריאַדטשיק ער זאָל דיך אַריינשיקן אין מיין בריגאַדע, וועסטו ביי מיר זיצן אויף דער פּראָדוקטן־באַזע און שרייבן וויפל זעקלעך מיינע יאַטן שלעפּן. האַלט זיך. מען דאַרף האָפן. אויב ס׳איז דאָ אַ גאָט, וועט ער העלפן...

אָבער דאָס האָט זיך יאַשען ניט איינגעגעבן. עס האָבן ניט געהאָלפן די פּאַפּי־ראָסן, וואָס יאַשע האָט געגעבן דעם נאַריאַדטשיק. דער נאַריאַדטשיק האָט געטענהט, אַז ער האָט אַ באַפעל צו שיקן מיך אויף אַ ספּעציעלער אַרבעט.

אין די לאַנגע יאָרן פון שווערער קנעכטאַרבעט אין די לאַגערן האָב איך אויסגעפּרוווט פאַרשיידענע סאָרטן פון אַלערליי אַרבעטן וואָס ציִען אַרויס דעם לעצטן טראָפּן כּוח פון גוף. נאָר צו דעם האָב איך זיך צוגעוווינט. מען וואַלגערט זיך אָפּ 10 שעה אויף די נאַרעס אין באַראַק, כּדי מאָרגן ווידער האָרעווען 14 שעה. דאָס מאָל האָט מען מיך געשיקט גאָר אויף אַן אַנדער אַרבעט. עס איז געווען אַן אַרבעט פיזיש ניט קיין באַזונדערס שווערע. בכל אופן — אַ סך אַ גרינגערע ווי די אַרבעט אין וואַלד, אָדער אויף דער אייזנבאַן־בויונג. אָבער ס׳איז געווען אַן אַרבעט וועלכע דריקט שרעקלעך מאָראַליש, אַן אַרבעט וועלכע באַליידיקט און דערנידעריקט דעם מענטש. אַן אַרבעט וועלכע שטרייכט אונטער אַז דו ביסט טאַקע אַ קנעכט. איך האָב געאַרבעט 12 שעה אין טאָג אין דעם צענטער פון דער שטאָט מעדוועזשעגאָרסק. אין די דירות פון די הויכע אָפיצירן פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון ב.ב.ק. און געוויס אויך ביי די אָפיצירן פון דריטן אָפּטייל. מיין אויפגאַבע איז געווען גרייטן די דירות צום ווינטער.

איך האָב גערייניקט די קלאָזעטן (קיין קאַנאַליזאַציע איז אין שטאָט ניט גע־ווען), דאָס הייסט גריבער אויף די הייף פון די דירות. גערייניקט זיי אויף אַ פּרימיטיוון אופן, געשעפּט די אומריינקייט מיט אַן עמער און אַ גרויסן שטריק און געגאָסן זי אין אַ פּעסל און דערנאָך אַרויסגעפירט דאָס פּעסל איינגעשפּאַנט אין אַ פערד, הינטער דער שטאָט און דאָרט עס אויסגעגאָסן. כ׳האָב געהאַקט האָלץ און איינגעלייגט די קלעצלעך אויף די הייף. די אָפיצירישע מאַדאַמען פלעגן אַ מאָל אַרויסקומען און שרייען: „די קלעצלעך זיינען צו גראָב, האַק זיי איבער אויף צווייען״; אָדער: „ס׳איז צו דין — איך האָב געהייסן אָנהאַקן האָלץ און ניט קיין שפּענדלעך!״ איך האָב געשלעפּט די פּאָמוניצעס פון די אָפיצירישע קיכן און אויסגעפירט אין די קיכן פאַרשיידענע שוואַרצע אַרבעטן אונטער דער קאָמאַנ־דע פון די אַרעסטאַנטן וועלכע האָבן געאַרבעט אין די קיכן...

איך בין געגאַנגען צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט אָן אַ קאָנוואָי. פריי. 14 שעה אין טאָג פלעגט ביי מיר קאָכן דאָס בלוט. עס האָט מיך גענודיעט ביז ברעכן ניט פון די אומריינקייטן און די פּעסלעך, נאָר פון דער אומריינקייט פון די מענטשן וועלכע האַלטן זיך פאַר אַ העכערער ראַסע און באַציִען זיך צו דיר ווי צו אַ קנעכט. און דערנאָך פלעגט מיר ווערן מענטשלעך וואַרעמער און בעסער פון דער גוטער האַרציקער באַציִונג פון יאַשען...

און אַזוי זיינען אַדורך 19 טעג פון באַדינען די אָפיצירן מיט זייערע משפּחות פון גרויסן, אַלמעכטיקן ב.ב.ק. איך האָב זיי צוגעגרייט צום ווינטער, עס זאָל זיי זיין וואַרעמער און באַקוועמער. פון דעם מאָמענט ווען דער פּסק־דין פון העכסטן געריכט פון ראַטן־פאַרבאַנד האָט געזאָגט „תּיכּף ומיד באַפרייען" זיינען דורך 28 טעג און נעכט. אַרום 680 שעה.

מיך האָט אַרויסגערופן דער נאַטשאַלניק פון לאַגער:

— דו האָסט מזל. איך האָב באַקומען די דערלויבעניש דיך צו באַפרייען. גיי אין צווייטן אָפּטייל קריגן דעם באַפרײַונגס־דאָקומענט און דעם פּאַספּאָרט. און פאַל מער ניט אַריין אין אונדזערע הענט.

איך האָב גאָרניט געענטפערט דעם נאַטשאַלניק. ער פאַרשטייט מסתּמא אַליין ניט וויפל ציניזם עס שטעקט אין זיין פראַזע. איך האָב מזל! באַפרייט צו ווערן 28 טעג נאָך אַ פּסק־דין פון העכסטן געריכט — הייסט מזל. און אפשר איז ער טאַקע גערעכט? עס איז טאַקע אַ מזל. און אַז מען וואָלט מיך ניט באַפרייט?...

אין צווייטן אָפּטייל פון לאַגער איז שוין געווען צוגעגרייט דער באַפרײַונגס־דאָקומענט און דער פּאַספּאָרט. אַ שפּאָגל־נייער פּאַספּאָרט וואָס איז גילטיק 5 יאָר. אין 5 יאָר אַרום דאַרף מען אים בייטן. אַ סאָוועטישער פּאַספּאָרט וואָס איז דער הויפּט־דאָקומענט ביים סאָוועטישן בירגער. אָן אים קען מען ניט מאַכן קיין שום טראָט. איך האָב אויך באַקומען דריי רובל הוצאות־נסיעה. וואָס זיינען 3 רובל? בערך 10 קילאָגראַם ברויט. די הוצאות פאַר דער נסיעה — 3 רובל — זיינען געגעבן געוואָרן מיט אַ ברייטער האַנט. בעמענדיק אין באַטראַכט אַז פון מעדוועזשעגאָרסק קיין מינסק דאַרף מען פאָרן מיט אַ פּאַסאַזשיר־באַן, דערנאָך אַריבער־גיין 3 מאָל פון איין אייזנבאַן־ליניע אויף אַן אַנדערער, און אַז צוזאַמען מיט דעם וואַרטעניש אויף די וואָקזאַלן דאַרף דאָס אַלץ דויערן מינימום 4 טעג און נעכט — זענען 10 קילאָגראַם ברויט זיכער גענוג. וואָס דאַרף האָבן אַ באַפרייטער אַרעסטאַנט חוץ ברויט?

— איך דאַרף אייך אויך געבן אַן אייזנבאַן־דאָקומענט לויט וועלכן מען וועט אייך געבן אומזיסט די אייזנבאַן־בילעטן — זאָגט צו מיר דער לייטענאַנט פון צווייטן אָפּטייל — וווּהין ווילט איר פאָרן.

— קיין מינסק.

ער האָט אַריינגעקוקט אין אַ רשימה און געזאָגט:

— קיין מינסק גיבן מיר ניט קיין אייזנבאַן־דאָקומענטן. איר קענט אויס־קלייבן אַן אָרט ניט ווייט פון מינסק.

איך האָב ניט געוואָלט דיסקוטירן מיט אים, פרעגן וועגן די סיבות, פאַר וואָס מען גיט ניט דעם בילעט דירעקט קיין מינסק און, נאָך אַ קורצער טראַכטעניש, געזאָגט:

— גיט מיר דעם אייזנבאַן־דאָקומענט קיין באָברויסק. — איך האָב אויך באַקומען דעם דאָזיקן דאָקומענט וואָס אַ באַפרייטער אַרעסטאַנט דאַרף קריגן.

איך האָב זייער באַדויערט וואָס מיין נייער פריינד, דער „מאָלדאַוואַנקער אַריסטאָקראַט" יאַשע, איז אויף דער אַרבעט. מיר האָט זיך געוואָלט פון גאַנצן האַרצן זיך צעשיידן פריינדלעך מיט אים און נאָך אַ מאָל דערמאָנען אַז איך וועל אָנשרייבן וועגן אים זייער אַ וואַרעמען בריוו זיין מירעלען.

# 11
# אַ בן־חורין מיט אַ נייעם פּאַספּאָרט

ביי וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי זענען פאַראַן באַוווּסטע, הויך־פּאַטריאָטישע לידער מיטן נאָמען „לידער וועגן סאָוועטישן פּאַספּאָרט״. אין די לידער באַציט זיך דער פּאָעט מיט שפּאָט און האַס צו די פּאַספּאָרטן פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און זינגט אַ לויבגעזאַנג דעם „סערפּ־האַמערדיקן״ סאָוועטישן פּאַספּאָרט. דער פּאָעט, האַלטנדיק מיט גאווה דעם סאָוועטישן פּאַספּאָרט, שרייט פּאַטעטיש אויס: „לייענט און זייט מקנא — איך בין אַ בירגער פון ראַטן־פאַרבאַנד״...

איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם ווען איך האָב אַריינגעקוקט אין מיין נייעם פּאַספּאָרט. אַ ריינינקער פּאַספּאָרט, אָן קיין שום סימנים פון מיין יחוסדיקן עבר. איך וועל קומען קיין מינסק, אָנקומען אויף אַרבעט, און אָנהייבן אויפשטעלן אַ באַרמאַל משפּחה־לעבן, וועלכן מען האָט מיר חרוב געמאַכט מיט קאַרגע 6 יאָר צוריק. איך וועל זיין אין איינעם מיט מיין זון. סוף־כל־סוף וועט ער וויסן וואָס עס הייסט אַ טאַטע. עד היום ווייס ער דאָך ניט וואָס עס באַדייט דאָס וואָרט. עס וועט אפשר זיך שאַפן אַ קאָמפּליצירט פּראָבלעם, אָבער איך וועל מיט דער צייט גובר זיין. שאַ, און אפשר איז שוין מאַשע אין דער היים? און אויב ניט, וועט זי — דאָך מסתמא אין גיכן קומען...

דעם ערשטן טייל פון מאַיאַקאָווסקיס פּאַטעטישער שורה „קוקט זיך אַרײַן״... האָב איך אויסגעפּילט. איך האָב זייער גוט באַטראַכט מיין „סערפּ־האַמערדיקן״ פּאַספּאָרט. אָבער זאָגן אַז איך האָב אויך דעם צווייטן טייל פון דער שורה — „זײַט מקנא״ — אויסגעפּילט, וועט זיין פּשוט אַ ליגן. איך האָב בשום־אופן זיך ניט מקנא געווען וואָס איך בין אַ בירגער פון ראַטן־פאַרבאַנד... אָבער אַ פאַקט איז — איך בין אַ בירגער פון ראַטן־פאַרבאַנד, אַ גלייכבאַרעכטיקטער בירגער און איך וועל קענען אָנהייבן פון דאָס ניי בויען מיין לעבן. דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך ניט געטראַכט וועגן וועלכער ניט איז פּאָליטישער טעטיקייט. מיין ציוניסטישער „אני מאמין״ איז מיר געבליבן פאַרבאָרגן טיף אין מוח און אין האַרצן. איצט איז ניט קיין צייט צו דעם. מען דאַרף אַ באַשטימטע תקופה און אפשר אַ גאַנץ גרויסע תקופה, איבערוואַרטן...

אויף דער מעדוועזשעגאָרסקער אייזנבאַן־סטאַנציע האָט מען מיר געגעבן אַ בילעט מיט דעם מאַרשרוט מעדוועזשעגאָרסק־לענינגראַד־באַכמאַטש־האָמעל־באָברויסק. איך האָב געקענט נעמען אַ בילעט מיט אַ מאַרשרוט וועלכער וואָלט מיר געווען באַקוועמער: מעדוועזשעגאָרסק־לענינגראַד־וויטעבסק־מינסק־באָברויסק. דאָס וואָלט געווען אויסגעצייכנט. איך וואָלט געבליבן אין מינסק — און פּאַרטיק. אָבער דער צווייטער מאַרשרוט איז אַ לענגערער און מען האָט באַדאַרפט צוצאָלן, צו מיין אומזיסטן אייזנבאַן־דאָקומענט, אַרום 5 רובל. און איך האָב געהאַט נאָר 2 רובל מיט 58 קאָפּיקעס. פון די באַקומענע 3 רובל אויף נסיעה־הוצאות, האָב איך שוין 42 קאָפּיקעס אויסגעגעבן. איך האָב אויפן וואָקזאַל מיר געקויפט אַ קילאָגראַם ווייס ברויט און אים אויפגעגעסן. דאָס ברויט איז מיר נעלם געוואָרן אין איין רגע אַזוי ווי אַ שטיקל טאָרט... איך קען מיר גלייבן, אַז דאָס ברויט איז מיר געווען געשמאַקער פון בעסטן טאָרט.

איך בין געלעגן אויף דער דריטער פּאָלקע, אין דעם אַזוי גערופענעם „אַלגעמיינעם וואַגאָן" פון אַ פּאַסאַזשיר־פּאָסטבאַן, וועלכע שלעפּט זיך שרעקלעך פּאַמעלעך ווייל זי שטעלט זיך אָפּ אויף יעדער קליינער סטאַנציע. דער וואַגאָן איז אָנגעפּאַקט מיט פּאַסאַזשירן, איבער הויפּט — אַרטיקע קאַרעלישע איינוווינערס. אויף יעדער סטאַנציע גייען אַרויס פּאַסאַזשירן און עס קומען נייע. פרויען, קינדער, אַלטע לייט מיט פּעקלעך. דער וואַגאָן איז איבערגעפּולט. מען רעדט און מען דערמאָנט די סאָוועטיש־פינלענדישע מלחמה וועלכע איז פאַרגעקומען ניט לאַנג צוריק. ס'איז דאָך נאָענט — אין די קאַנטן. מלחמה? איך האָב אַפילו ניט געוווּסט וועגן אַזאַ געשעעניש. קיין צייטונגען זיינען אין לאַגער ניט געווען און אויף די פּאָליטשעהען האָט מען אונדז ניט דערציילט וועגן דעם... די וואַגאָן־רעדער קלאַפּן און דער לאָקאָמאָטיוו פייפט אויס דעם ספּעציפישן, מאָנאָטאָנעם אייזנבאַן־פייף, נאָר דאָס מאָל איז עס פאַר מיר אַ לוסטיקע מוזיק...

לענינגראַד. אין דער אינפאָרמאַציע־ביוראָ, אויפן וואָקזאַל, זאָגט מען אַז איך קען בייטן דעם מאַרשרוט, נאָר מען דאַרף צוצאָלן 4 רובל מיט 60 קאָפּיקעס. אָבער ווו נעמט מען געלט? קיין מינסק מוז איך דאָך קומען. פאָרן קיין באָברויסק און פון דאָרט קיין מינסק? וועל איך דאָך דאַרפן נאָך מער געלט. וואָס טון מען? איך בין הונגעריק. מיט דעם קילאָגראַם ווייסן ברויט בין איך געפאָרן 15 שעה. האָב איך איינגעשלונגען נאָך אַ $\frac{1}{2}$ קילאָגראַם ברויט, דאָס מאָל שוואַרץ קאָרנברויט — 15 קאָפּיקעס. באַשטייט מיין קאַפּיטאַל איצט — 2 רובל מיט 43 קאָפּיקעס. און מיט אַ מאָל האָט אויפגעבליצט דער געדאַנק: אַרקאַשע ראָזענשטיין! זיין משפּחה. איך ווייס דאָך דעם אַדרעס. איך האָב דאָך צוגעזאָגט אַרקאַשען אַריינצוגיין צו זיי און איבערגעבן אַ גרוס. ווי פאַרגעסט מען אַזאַ זאַך?

די באַן קיין מינסק גייט אָפּ 8 אין אָוונט. וועל איך דאָך קענען זיין ביי זיי אַ 3—4 שעה. הכּלל, איך בין אַוועק צו פוס. די שטאָט קען איך. גריבאָיעדאָוו־קאַנאַל נומער 15, דירה 4.

די טיר האָט מיר געעפנט אַן עלטערע פרוי. זי האָט זיך, ווייזט אויס, דער־שראָקן פון מיין אויסזען, ווייל זי האָט געמאַכט אַ טראָט צוריק.

— וואָס פאַרלאַנגט איר? צו וועמען דאַרפט איר?

— איך דאַרף זען זינע ראָזענשטיין. אַראָן איסאַקאָוויטשעס ווייב. זי וווינט אין דער קוואַרטיר?

— זי איז ניטאָ. יאָ, זי וווינט אין דער קוואַרטיר. זי וועט תּיכּף זיין. גייט אַריין. וואָס שטייט איר. גייט אַריין.

די פרוי איז אומגעלאָפן ווי אַ צעטומלטע.

— איך בין זינעס מאַמע. אַנטשולדיקט, מיר האָבן ניט קיין טעלעפאָן. איך וועל אַריין צו אַ שכנה און אָנקלינגען זינען. זי אַרבעט ניט ווייט. אין 10 מינוט אַרום וועט זי זיין. זעצט זיך. וואָס שטייט איר. אוי, גאָט מיינער, אַרקאַשע. איר האָט געזען אַרקאַשען? זעצט זיך. טוט אויס אייער מאַנטל.

זי איז אַרויסגעלאָפן און גיך געקומען צוריק.

— זינע לויפט. תּיכּף וועט זי זיין דאָ. גייט וואַשט זיך איין. ניין, פריער טרינקט אַ גלאָז טיי. אַרקאַשקע, וואָס מאַכט ער? ער איז געזונט?

און זי איז אַרויסגעלאָפן און געבראַכט אַ גלאָז מילך מיט ביסקוויטן.

— טרינקט אויס דערווייל. אוי, גאָט מיינער. געזען אונדזער אַרקאַשען...

זינע איז געקומען צו לויפן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

— איר האָט געזען אַרקאַשקען? געווען אין איינעם מיט אים? ווי איז אייער נאָמען? אַראָן יאָסיפּאָוויטש? מאַמע, וואָס שטייסטו? זאָל זיך אַראָן יאָסיפּאָ־וויטש אָפּוואַשן. וואַרעם אַן וואַסער. גיב אַ פּאָר וועש. אפשר וועט אַרקאַשעס אַ קאָסטיום זיין גוט? ניין, אַרקאַשע איז אַ סך העכער און דאַרער. מאַמע, גיב עפּעס עסן. אַראָן יאָסיפּאָוויטש, איר וועט ביי אונדז נעכטיקן און מיר וועלן צוזאַמענ־קלייבן די גאַנצע משפּחה.

— איך באַדויער זייער, זינע. איך קען ניט בלייבן נעכטיקן. מיין צוג גייט אָפּ 8 אין אָוונט. איך וועל זיין ביי אייך נאָר עטלעכע שעה. באַרויִקט זיך. מען דאַרף ניט פּטרן קיין צייט. איך וועל זיך שוין גוט וואַשן און איבערטאָן אין מינסק. איך וויל אייך דערציילן וועגן מיין גוטן פריינד, וועגן אייער אַרקאַשען.

— גוט. מאַמע, איך בעט דיך, גיי מאַך אַ גוטן מיטאָג. גייט, אַראָן יאָסי־פּאָוויטש, וואַשט כאָטש די הענט.

עטוואָס שפּעטער זיינען געקומען אַרקאַשעס שוועסטער און זינעס ברודער. און איך האָב דערציילט. איך האָב זיך געסטאַרעט העלער צו מאַכן די פאַרבן.

אָבער זיי האָבן פאַרשטאַנען וואָס עס באַדייט ב. ב. ק. איך האָב קיין איין וואָרט ניט געזאָגט וועגן די פייניקונגען ביי די „פאַרשונגען", איך האָב ניט דערמאָנט דעם נאָמען וויקטאָראָוו און זיי האָבן מסתמא אויך פאַרשטאַנען אַז איך דערצייל ניט אַלץ. זינעס ברודער האָט געפרעגט: — עס גייען קלאַנגען אין שטאָט אַז מען פייניקט ביי די פאַרשונגען, איז דאָס אמת? אייך האָט מען געפייניקט? אַרקאַשען האָט מען געפייניקט? זאָגט אונדז דעם אמת.

— עס זיינען פאַראַן פאַרשיידענע מעטאָדן פון פאַרשונגען. יעדער פאַרשער טוט וואָס ער וויל. איר זעט דאָך, אַז איך בין געזונט. גלויבט מיר, אַז אַרקאַשע פילט זיך ניט ערגער פון מיר. אין גיכן וועט איר אים זען מיט אייערע אייגענע אויגן. אויב אַפילו מען וועט אים ניט באַפרייען, ווי מיך, פאַר דעם טערמין, וועט ער דאָך אין 6 חדשים אַרום שוין זיין אין דער היים.

זיי האָבן אַ שמייכל געטאָן נאָך מיין ענטפער. זינעס מאַמע האָט אַ וויש געטאָן אירע אויגן און געזאָגט:

— לאָזט אָפּ, קינדער, די איבעריקע רייד. מען דאַרף ניט שיטן איינע די אַנדערע זאַלץ אויף די ווונדן.

— און וואָס הערט זיך ביי דוידן? — האָב איך געפרעגט אַרקאַשעס שוועס־טער. האָט איר בריוו פון אים? ווו איז ער?

— ער איז אויף די שאַכטעס אין אוראַל. בריוו באַקומען מיר זייער זעלטן. מיר ווייסן נאָר, אַז ער האָט באַקומען 15 יאָר.

— און מיט דעם טאַטן שרייבט איר זיך איבער? שרייבט אים אָן אין אַ בריוו, גיט אַ רמז אַז אַרקאַשע באַדויערט וואָס ער האָט צו שפּעט פאַרשטאַנען, אַז דויד איז גערעכט. שרייבט אָן אַז אַרקאַשע טרוימט צו באַגעגענען זיך, ווען ניט איז, מיט דעם טאַטן. וואָס קוקט איר אַלע אויף מיר מיט אַזאַ ווונדער? אַרקאַשע איז דאָך אַדורך אַ נייעם אוניווערסיטעט. איך וויל אייך זאָגן, אַז די לעצטע $2\frac{1}{2}$ יאָר בין איך געווען מיט אַרקאַשען צוזאַמען טאָג און נאַכט. מיט איין זעג האָבן מיר געשניטן די קלעצער אין וואַלד, מיט איין און דער זעלבער לופט געאָטעמט, און מיט איינע און די זעלבע טרוימען געלעבט. גלויבט מיר, איר קענט זיך אַלע גרויסן מיט אַרקאַשען...

זיי האָבן אַלע געוואָלט מיך באַגלייטן צום באַן. זינעס ברודער האָט גע־טענהט אַז מען דאַרף ניט. עס וועט זיך צו פיל וואַרפן אין די אויגן. ער אַליין וועט מיך באַגלייטן און וועט איינאָרדענען דעם בילעט. ער האָט באַשלאָסן אויך צו קויפן מיר אַ פּלאַצקאַרטע — איך זאָל האָבן אַ געזיכערטן אָרט אין וואַגאָן...

אין מינסק איז די באַן געקומען אַרום 10 אַ זייגער אין דער פרי. אַ האַרבס־טיקער טאָג. אַ דריבנער, נודנער רעגנדל. הונדערטער פּאַסאַזשירן, מיט זייערע טשעמאָדאַנען און פּעקלעך האָבן זיך אַרויסגעשאָטן פון די וואַגאָנען. מען באַ־

געגעגנט זיך מיט קרובים, מען קושט זיך, מען רעדט, מען האָוועט — אַ געוויינ־לעך בילד אויף אַ גרויסער אייזנבאַן־סטאַנציע. איך האָב זיך געפילט, אַזוי ווי אַ פרעמדער, אַזוי ווי אַ זייטיקער, אין גאַנצן אַן איינזאַמער. אויף דעם גרויסן פעראָן זיינען אויך געשטאַנען די ספעציעלע אַגענטן פון דער אייזנבאַן־נ. ק. וו. ד. איך האָב זיי גלייך דערקענט. זיי האָבן מיך אויך באַמערקט. איך גיי צום גרויסן אַריינגאַנג אין וואָקזאַל, אָבער איינער פון זיי מאַכט אַ סימן מיט זיינע פינגער — קום צו מיר. איך גיי צו, און ער זאָגט שטילערהייט: דו גייסט מיט מיר. ער פירט מיך אַריין מיט אַ זייטיקער טיר אין אַ צימער פון וואָקזאַל.

— דאָקומענטן.

איך גיב אים דעם באַפרייונגס־דאָקומענט. ער קוקט אין אים אויפמערקזאַם, לייענט עטלעכע מאָל פון ביידע זייטן און זאָגט אָפּגעהאַקט:

— פּאַספּאָרט.

איך גיב דעם פּאַספּאָרט. ער מישט און לייענט אַלע בלעטלעך. איך באַ־מערק, אַז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף איין זייטל. ער קוקט אַריין אין פּאַס־פּאָרט, אויף מיר און נאָך אַ מאָל אין פּאַספּאָרט און זאָגט:

— פון וואַנען פאָרסטו?

— פון ב. ב. ק.

— וווהין פאָרסטו?

— איך בין שוין געקומען. איך בין געפאָרן קיין מינסק און געקומען קיין מינסק.

— אין מינסק האָסטו ניט די רעכט צו וווינען.

— וואָס הייסט איך האָב ניט די רעכט? דאָ איז מיין דירה און דאָ איז מיין משפחה.

— דאָס ווייס איך ניט און דאָס אינטערעסירט מיך ניט. אין מינסק האָסטו ניט די רעכט צו וווינען.

— פאַר וואָס? איך האָב ניט קיין בירגער־רעכט? איך בין באַפרייט דורך דעם העכסטן געריכט פון ראַטן־פאַרבאַנד.

— דו האָסט בירגער־רעכט, אָבער דו האָסט ניט די רעכט צו וווינען אין 60 שטעט פון ראַטן־פאַרבאַנד און צווישן זיי, אויך אין מינסק. אָט דאָ אין דיין פּאַספּאָרט איז אָנגעשריבן: דער פּאַספּאָרט איז אַרויסגעגעבן אויפן סמך פון דער באַשטימונג פון סאָוונאַרקאָם נומער און דאַטע. אָט די באַשטימונג פון אונדזער רעגירונג האָט פאַרצייכנט די 60 שטעט אין לאַנד אין וועלכע אַ געוויסע קאַטע־גאָריע בירגער איז פאַרבאָטן צו וווינען. ווי באַלד ביי דיר אין פּאַספּאָרט איז פאַראַן דער שטעמפּל — הייסט דאָס, אַז דיר איז פאַרבאָטן צו וווינען אין די 60 שטעט. דאָס הייסט אַז דו געהערסט צו יענער קאַטעגאָריע בירגער, וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין יענער באַשטימונג פון סאָוונאַרקאָם.

— ווו קען איך אָנקלאָגן? איך מוז זיין אין מינסק. דאָ האָב איך אַ דירה, דאָ לעבט מיין קליינער זון.

— קיין שום אָנקלאַגע וועט ניט העלפן. קיינער איז ניט באַפולמעכטיקט צו ענדערן די באַשטימונג פון סאָוונאַרקאָם.

— ניט דער סאָוונאַרקאָם האָט געגעבן מיין פּאַספּאָרט. אפשר זיינען די מענטשן וועלכע האָבן מיר געגעבן דעם פּאַספּאָרט באַגאַנגען אַ טעות.

— דווקא יענע מענטשן וועלכע האָבן דיר געגעבן דעם פּאַספּאָרט, זיינען געווען באַפולמעכטיקט צו שרייבן דאָס וואָס זיי האָבן אָנגעשריבן. מיר רעדן שוין צו פיל. איך לייג דיר פאָר פאַרלאָזן מינסק.

— דערלויבט מיר זיין אין שטאָט כאָטש עטלעכע טעג. איך מוז זיך באַגע־גענען מיט מיין זון און דערנאָך באַשטימען וווהין צו פאָרן.

— איך דערלויב אייך 48 שעה. איך וואָרן, אַז אויב אין 48 שעה אַרום וועט איר זיין אין שטאָט, קענען זיין זייער ניט קיין גוטע רעזולטאַטן. איר פאַרשטייט מיך? מיר האָבן ניט ליב צו שפּאַסן. איר זייט פריי. גייט. יאָ, ווי איז דער אַדרעס פון דיין דירה?

איך בין אַרויס פון דעם קליינעם נ. ק. וו. ד.־צימערל פון מינסקער וואָקזאַל מיט מיין שפּאָגל־נייעם פּאַספּאָרט אין דער האַנט. אויף דעם זעקסטן זייטל פון פּאַספּאָרט — אַ קליינער פירקאַנטיקער שטעמפּל מיט די ווערטער: „אַרויסגע־געבן אויפן סמך פון דער באַשטימונג פון סאָוונאַרקאָם נומער, דאַטע...” און מיר האָט זיך געוואָלט אויפהייבן דעם פּאַספּאָרט און אויסשרייען מיט דעם שטורעמ־דיקן קול פון וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי און מיט די ווערטער פון זיין באַוווסט „ליד וועגן סאָוועטישן פּאַספּאָרט” — לייענט און זייט מקנא...

48 שעה. ער איז גערעכט — מיט זיי טאָר מען ניט שפּאַסן. אין מינסק קען איך ניט זיין. אָבער וווהין פאָרט מען? אַ נייער, ניט פאָרויסגעזעענער פּראָבלעם. איך וועל ווידער ניט קענען זיין אין איינעם מיט מיין זון. ביז וואַנען איך וועל זיך איינאָרדענען אויף אַרבעט און געפינען אַ דירה, וועל איך דאָך מיין יוסיקן ניט קענען נעמען פון מינסק. ער וועט דערווייל פאַרבלייבן ביי פריידלען. גאָט מיינער, וואָס קומט דאָ פאָר? בין איך אַ פרייער בירגער? יאָ, זיי זאָגן אַז איך בין אַ פרייער בירגער, נאָר פון אַ „באַשטימטער קאַטעגאָריע”... 48 שעה אין מינסק. איך מוז דאָך זיין ביי יחזקאלס טאַטע. דאָס איז דאָך געווען די לעצטע בקשה פון יחזקאלען, ס'איז געווען זיין צוואה. זיין קערפּער איז ניט געבראַכט געוואָרן צו קבורה — ער וואַלגערט זיך אין די שנייען פון מאָנטשע־טונדרע אַ פאַרפרוירענער, אויב חיות האָבן אים ניט אויפגעפרעסן... און איך דאַרף זיין ביי רייזל אַקסעלראָד. צי איז זי אויף דער פרייהייט? און ביי דער משפחה?

גיי איך איבער די באַקאַנטע מינסקער גאַסן אין די אַרעסטאַנטישע קליידער — אין די צעריסענע פאַרשטונקענע אַרעסטאַנטישע שמאַטעס — אַריינגעטאָן אין מיינע מחשבות. איך מייד אויס צו באַגעגענען זיך מיט מענטשן. פאַר וואָס? האָב איך זיך וואָס צו שעמען? איך ווייס ניט. מסתמא הערשט אַזאַ מין אינסטינקט וואָס מאַכט ס׳זאָל זיין ניט אָנגענעם צו באַגעגענען זיך מיט באַקאַנטע אין אַזעלכע בגדים, מיט אַזאַ אויסזען... איך שטיי אויף דער קאַרל־מאַרקס־גאַס נומער 9 ביי דעם אַריינגאַנג פון מיין דירה. איך שטיי. איך אייל זיך ניט אַריינצוגיין. ווי אַזוי באַווייזט מען זיך אין אַזעלכע בגדים פאַר מיין זון, פאַר דעם קליינעם יינגעלע? אים גייט שוין דער זעקסטער יאָר. ער איז שוין גענוג גרויס צו פאַרשטיין אַז דער מענטש — דער פרעמדער מענטש, וועלכער וויל אים איינרעדן, אַז ער איז גאָר אַ טאַטע — זעט אויס ניט לייטיש. וואָס טאַטע? ער ווייסט דאָך ניט וואָס עס באַדייט טאַטע. איך מוז פריִער אָפּוואַשן זיך, איבערטאָן זיך, אָפּגאָלן זיך, ווערן ענלעך אויף אַ נאָרמאַלן מענטשן און דערנאָך אָנהייבן באַקענען זיך מיט מיין קינד. איז וווהין גייט מען? און איך הער פּלוצלינג?

— אַרן; דאָס ביסטו? דו, אַרן?

עס שטייט נעבן מיר — אַבע — מאַשעס ברודער. ער קוקט אויף מיר מיט וווּנדער און אַזוי ווי דערשראָקן.

— יאָ, דאָס בין איך. שרעק זיך ניט — איך בין ניט אַנטלאָפן, איך בין באַפרייט.

— גיי אַריין אין שטוב. איך אייל זיך צו דער אַרבעט. איך וועל דיר עפענען די טיר. אין שטוב איז קיינער ניטאָ, יוסיק איז אין קינדער־גאָרטן, פריידל אויף דער אַרבעט. באַלד וועט קומען מאַריא — פריידלס שטוב־אַרבעטערין. גיי אַריין, איך וועל דיר געבן אַ גלאָז טיי. אָבער איך מוז לויפן צו דער אַרבעט.

צווישן מיר און אַבען זיינען שטענדיק געווען אָנגעשטרענגטע באַציִונגען. איך האָב אים ניט ליב געהאַט און דאָס זעלבע געפיל האָט ער אויך געהאַט לגבי מיר. ער האָט אַלע מאָל אָפן דעמאָנסטרירט זיין אומצופרידנקייט מיט דעם „שידוך" — ער האָט געטענהט, אַז איך האָב פאַרדרייט מאַשען — זיין יינגסטע שוועסטער — דעם קאָפּ מיט נאַרישע און געפערלעכע ציוניסטישע געדאַנקען. איך שטעל זיך פאָר אַז ווען מען האָט אונדז אַרעסטירט, איז ער געווען „אויפן פערד" — זיין מיינונג האָט זיך פולשטענדיק באַשטעטיקט. דערצו איז אַבע אויף מיר געווען אין כּעס, שרעקלעך אויפגערעגט און פאַרביטערט, פאַר דעם, וואָס איך האָב אים געוואָלט באַגנבענען. אַבע האָט פאַרמאָגט געלט — גאָלד און אויסלענדישע וואַליוטע. ניט קיין מיליאָנען, אָבער ס׳איז געווען גענוג, כּדי צו לייזן מיין פּראָבלעם פון פאָרן קיין ארץ־ישׂראל, ווען מיין שוועסטער האָט מיר געשיקט דעם סערטיפיקאַט. מאַשע האָט געוווּסט ווו דאָס געלט איז ביי אים באַהאַלטן. זי האָט דערצו געהאַט אַ שליסל פון זיין צימער. מיר האָבן ביידע פּלאַ־

נירט די גנבה און... דורכגעפאַלן. ער האָט אונדז געכאַפּט ביי דער „אַרבעט".
עס איז געווען פּונקט אַ יאָר פאַר דעם אַרעסט. אַבע האָט געטומלט אַז ער וועט
דערציילן אין נ. ק. וו. ד. וועגן אונדזער פּלאַן צו פאָרן קיין ארץ־ישׂראל, ער וועט
אונדז באַשטראָפן מיט כל מיני שטראָפן און ביי דעם איז עס געבליבן...

אַן אָפּגעגאָלטער און איבערגעטאָגענער האָב איך מיין זון באַגעגנט. אַלע
אַרעסטאַנטישע בגדים האָב איך פאַרברענט. אָבער עס האָט ניט געהאָלפן: איך
בין פאַר מיין קינד געווען אַ פרעמדער מענטש. איך גיב אים אַ צאַצקע — נעמט
ער עס מיט פאַרגעניגן און שפּילט זיך. די צאַצקע ווערט אים נאָענט און איך
בלייב אַ פרעמדער. איך גיב אים אַ שאָקאָלאַדקע — איז אויסגעצייכנט. די שאָ־
קאָלאַדקע איז געשמאַק און איך בין אַ פרעמדער מענטש. ער ווייסט, אַז אין
קינדער־גאָרטן קומען מאַמעס און טאַטעס אַהיים נעמען די קינדער. צו אים
איז נאָך קיין איין מאָל ניט געקומען קיין מאַמע און ניט קיין טאַטע. ער פאַר־
שטייט ניט, פאַר וואָס וויל אים די מומע פריידל אין מיטן דריבנען איינרעדן, אַז
דער פרעמדער מענטש איז זיין טאַטע?...

דער וויטיק איז גרויס, נאָר די צייט וועט טאָן איר אַרבעט. מה שיעשה
הזמן — לא יעשה השכל. איצט איז שוין דאָ אַ האָפענונג, אַז דאָס דאָזיקע פראָ־
בלעם וועט אין גיכן געלייזט ווערן...

איך דערוויס זיך פון פריידלען די וויטערדיקע שוידערלעכע געשיכטע. פון
טשיקמענט — פון דער שטאָט אין קאַזאַכסטאַן, וווהין מאַשע איז געווען אַרויס־
געשיקט געוואָרן אויף 3 יאָר — האָט פריידל באַקומען איין בריוו. עס איז דורך
אַ צייט און קיין בריוו זיינען מער ניט געקומען. פריידל האָט טעלעגראַפירט און
האָט באַקומען אַ טעלעגראַפישן ענטפער: קומט צו פאָרן. אָן אַן אונטערשריפט.
זי איז געפאָרן קיין טשיקמענט. מאַשע איז אַרעסטירט און מען ווייסט ניט ווו
זי איז. אין נ. ק. וו. ד. פון טשיקמענט האָט מען פריידלען געמאָלדן אַז מאַשע
איז איבערגעשיקט געוואָרן אין דער טורמע פון אַלמאַ־אַטאַ — הויפּטשטאָט
פון קאַזאַכסטאַן — און מער ווייסן זיי גאָרניט. יוסיקן — אַ קינד פון עטלעכע
חדשים — האָט מען אַריינגעוואָרפן אין אַ קינדער־הויז פון „פיינט פון פאָלק".
מיט גרויסע שוועריקייטן האָט זיך פריידלען איינגעגעבן אַרויסצונעמען דאָס
קינד פון קינדער־היים און אַוועקפירן עס קיין מינסק. און יוסיק דערציט זיך
די גאַנצע צייט ביי פריידלען. פון מאַשען איז בערך אין אַ יאָר אַרום געווען
אַ בריוו פון לאַגער אין קאַלימאַ — אַ גרויסער לאַגער אויף אַן אינדזל אויפן
וויטן מזרח — זי איז פאַרמשפּט אויף 10 יאָר לאַגער. פריידל קריגט פון מאַשען
זייער זעלטן בריוו. און דאָס איז אַלץ. אַ קורצע געשיכטע...

פאַר וואָס האָט מאַשען דער גורל אַזוי אַכזריותדיק געשטראָפט? ווער קען
ענטפערן אויף דער פראַגע? מסתמא איז די נ.ק.וו.ד. אין קאַזאַכסטאַן אָפּגעש־
שטאַנען מיט אויספילן זיין פּלאַן. פון אָנהויב האָט די „אָסאָבאַיע סאָוועשטשאַ־

ניע" באַצויגן זיך צו מאַשען מיט „חסד" — אין גאַנצן דריי יאָר אַרויסשיקונג. איז וואָס זשע האָט מאַשע אַזוינס געטאָן אין טשיקמענט? וואָסער פאַרברעכן איז זי דאָרט באַגאַנגען? דאָס זיינען איבעריקע פראַגעס. דאָס איז די סאָוועטישע ווירקלעכקייט. דאָס איז די סאָוועטישע געזעצלעכקייט. ס'איז פאַראַן איין האָפע־נונג — אפשר וועט זי אויך אַרויסציִען אַ גוטן בילעט אין דער איצטיקער לאָטעריע, אין דער לאָטעריע, אין וועלכער איך האָב זוכה געווען... אפשר. איך האָב אָנגעשריבן מאַשען תיכּף אַ גרויסן בריוו — איך האָב געפּרוווט זי דער־מונטערן.

48 שעה אין מינסק. איך מוז זיך איילן. איך האָב קיין צייט ניט צו פאַר־נעמען זיך מיט מיין זון. איך בין ביי מיין שוועסטער שפרה. דאָרט דערוויס איך זיך דעם טרויעריקן באַלאַנס אין אונדזער משפחה. נח איז אַרעסטירט געוואָרן אין מאָסקווע זומער 1937. אָט זיינען שוין דורך מער ווי דריי יאָר און מען ווייסט פון אים גאָרניט. קיין שום ידיעות. נח'ס ווייב האָט זיך צענדליקער מאָל, שריפטלעך און מינדלעך, געוואָנדן צו דער נקוו"ד, צום פּראָקוראָר פון ראַטן־פאַרבאַנד, צום העכסטן געריכט און — קיין שום ענטפער. מען וויל לעבן מיט דער האָפענונג, אפשר? אפשר? איך בין אָבער זיכער אַז ס'איז מיט אים געשען דאָס וואָס מיט מיין פריינד יחזקאל. עס זיינען געבליבן צוויי קינדערלעך. אַ מיי־דעלע אין עלטער פון 8 יאָר און אַ ייִנגעלע אין עלטער פון 2½ יאָר. איצט איז שוין דאָס מיידעלע אַלט 11 יאָר און דאָס ייִנגעלע — 5½ יאָר. ראָזע — נח'ס ווייב איז אַ קראַנקע פרוי. נח'ס קינד — אויך אַ יוספקע — איז עלטער פון מיינעם מיט עטלעכע חדשים. מיין ברודער נח — דער טעמפּעראַמענטפולער החלוץ־אַקטיוויסט. שוין אין עלטער פון 17 יאָר האָט ער אָרגאַניזירט די זעלבסט־שוץ אין שטעטל. אין עלטער פון 20 יאָר האָט ער אָרגאַניזירט אַ חלוצישן לאַנד־ווירטשאַפטלעכן קאָלעקטיוו נעבן מינסק. און אין דער מאָסקווער אָרגאַניזאַציע פון החלוץ איז ער געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער הכשרה. זיי האָבן פאַרשניטן זיין לעבן אין עלטער פון 34 יאָר, אין בלי פון זיין לעבן, אין בלי פון זיין טרוים — צו לעבן אין ארץ־ישׂראל — אַכזריותדיק, מיט די אינקוויזיציע־מע־טאָדן האָבן זיי אים פאַרפייניקט, מיט זייערע „אויספאָרשונגען". ער האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן. ער האָט ניט געוואָלט אונטערשרייבן זייערע פּראָטאָ־קאָלן. ער איז געווען ערלעך ביזן סוף. אין צענטער פון זייער מדינה, אין מאָס־קווע — אין די פינצטערע קעלערן פון זייער נ. ק. וו. ד. געביידע — לוביאַנקע — האָבן זיי אים געמאָרדעט נאָר דערפאַר ווייל ער האָט געוואָלט לעבן אין זיין אייגן לאַנד... זיי האָבן חרוב געמאַכט זיין משפחה. נאָר וועגן דעם שפּעטער.

מיין ברודער יענקל איז אַרעסטירט געוואָרן אין מינסק אין סעפּטעמבער 1937. נאָך מיין אַרעסט אין אַפּריל 1935 — האָט זיך יענקל געדרייט אין פאַר־שיידענע דערפער. אַוועקגעפאָרן פון מינסק, געאַרבעט, ווי אַ מולער. אַזוי איז

אַוועק אַ יאָר. דערנאָך האָט ער געטראַכט, אַז ס'איז שוין אפשר שטילער געוואָרן און ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים. ס'איז דאָך פאַראַן אַ ווייב מיט צוויי קינ־דערלעך. אָבער ס'איז אָנגעקומען זיין צייט — און מען האָט אים גענומען. קען מען זיך דען פון זיי אויסדרייען? יענקל איז אויך, ווי מאַשע, אין קאַלימאַ. אויך פאַרמשפּט אויף 10 יאָר. עס קומען זעלטן אָן בריוו. איך וועל זיין ביי זיין ווייב — ביי אסתרן. איך וועל לייענען זיינע בריוו. ער שרייבט געוויס אָפּטימיסטישע בריוו. ער וויל ניט באַאומרויִקן זיין אסתרקע. מיין ברודער יענקל — דער החלוץ־אַקטיוויסט אין מינסק. דער קעגנער פון דער שפּאַלטונג אויף „רעכטע" און „לינ־קע", דער איניציאַטאָר פון דער פאַראייניקונג אין דער מינסקער אָרגאַניזאַציע. מיין ברודער יענקל, וועלכער איז געווען פול מיט פאָלקס־חכמה און האָט דורכ־געמאַכט אַ האַרעפּאַשנעם וועג פון אַ מוליער ביז אַ הויך־קוואַליפיצירטן בוי־אינזשינער, האָט געטרוימט צו לייגן ציגל אין די הייזער פון ארץ־ישראל. יענקל האָט געאָטעמט מיט ארץ־ישׂראל. ער האָט ניט געטראַכט וועגן עפּעס אַנדערש ווי נאָר וועגן לעבן אין ארץ־ישׂראל. און דאָס איז געווען זיין גרויסער חטא. 10 יאָר קאַלימאַ. אָבער אויך ביי אונדזער יענקלען האָט זיך מיט דעם ניט גע־ענדיקט. דאָס איז נאָר געווען דער אָנהויב פון דער גרויסער טראַגעדיע. נאָר וועגן דעם אויך שפּעטער... אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ. שפרה דערציילט מיר אַז אונדזער שוועסטער סאָניע געפינט זיך איצט אין שטעטל סמילאָוויטש — 30 קילאָמעטער פון מינסק. זי איז דאָרט מיט אירע צוויי קינדערלעך. איר מאַן יצחק, וועלכער איז געווען בלב־ונפש אַן איבערגעגעבענער קאָמוניסט, אַן אַק־טיווער אָנטיילנעמער אין בירגערקריג און שפּעטער אַ הויכער קאָמאַנדיר פון דער רויטער אַרמיי, איז אויך אַרעסטירט געוואָרן אין יאָר 1937. ער האָט אויך באַקומען 10 יאָר. נאָך איין קרבן אין דער משפחה. סאָניע מאַטערט זיך מיט אירע קינדערלעך אין שטעטל. מען האָט ניט דערלויבט איר צו וווינען אין מינסק און זי אַרבעט אַלס אַ לערערין אין דער אָנפאַנגס־שול. נאָר אין דער אָנפאַנגס־שול. אַ דאַנק פאַר דעם. מען האָט דאָס איר אויך געקענט ניט דערלויבן... דאַרף איך זיך אַריינכאַפּן אויך צו סאָניען.

זיצט מיין שוועסטער שפרה און וויינט זיך אויס דאָס האַרץ:

— פאַר וואָס איז אונדזער משפחה אַזאַ אומגליקלעכע? פאַר וואָס האָבן מיר עפּעס אַזאַ מאָדנע באַזונדערס טראַגישן גורל? רבונו־של־עולם, פאַר וואָס? אונ־דזער טאַטע איז פאַרשניטן געוואָרן יונג, אין עלטער פון 48 יאָר; די מאַמע, אונדזער גוטע מאַמע, האָט ניט אויסגעהאַלטן און אין גיכן אונדז פאַרלאָזט און אַוועק צום טאַטן. אַלע האָבן מיר זיך געצאַפּלט, געקראָכן, געקלעטערט, יעדער באַזונדער מיט זיין אייגענער ענערגיע און אייגענע כּוחות, ביז מען איז צו עפּעס דערקראָכן. אַלע האָבן דערוואָרבן הויכע בילדונג און אָנגעהויבן בויען זייער לעבן. עס איז שוין אַלץ געגאַנגען ניט שלעכט. האָט מען אונדז אָנגעהויבן צעשמע־

טערן איינעם נאָך דעם אַנדערן. פאַר וואָס קומט דאָס אונדז?... דו האָסט זיך שוין, ברוך השם, אומגעקערט. יענקל, מאַשע, יצחק — מען ווייס כאָטש, אַז זיי לעבן און מען קען האָפן אַז אין גיכן וועלן אפשר אויך זיי זיך אומקערן. אָבער וועגן נחן ווייס מען דאָך גאָרניט. עפּעס זאָגט מיר דאָס האַרץ אַז מיט נחן איז געשען אַ גרויסער אומגליק...

— דו ווייסט, שוועסטער מיינע, איך בין זיכער אַז אונדזער נח איז שוין אין איינעם מיט אונדזער טאַטע־מאַמען. מען טאָר דאָס ראָזען און די קינדערלעך ניט זאָגן, אָבער מיר דאַרפן עס וויסן. איך בין זיכער אין דעם. עס טרעפן ניט קיין נסים. אָט איך זיך איצט ביי דיר דאָ אין צימער און זע ווי מען פּייניקט אונדזער ברודער. דו קענסט זיך ניט פאָרשטעלן, אָבער איך דאַרף זיך דאָס ניט פאָרשטעלן. איך ווייס עס און קען עס. איך זע די גרויסע געביידע וועלכע מען רופט „לוביאַנקע” און זע אויך ווי מען פירט פון קעלער אונדזער נחן אויף אַ זעקסטן, אָדער זיבעטן דאָפּראָס. מען פירט אים אַריין אין אַ גרויסן צימער אויף דעם פערטן, אָדער פינפטן עטאַזש, און מען זעצט אים אַוועק אויף אַ קליינער טאַבורעטקע אין מיטן צימער. און אַ פּאָלקאָווניק, און אפשר אַ גענעראַל, — מיט דער פאַמיליע וויקטאָראָוו, אָדער סטעפּאַנאָוו, אָדער גאָר ראַזבאָיניקאָוו — שטייט נעבן אונדזער נחן, ער שטייט אין זיין מונדיר מיט די בלויע קאַנטן און גאָלדענע קנעפּ, אין די גאַליפע־הויזן, אַריינגעטאָנענע אין די שפּיגלדיקע, שאַוור־ראָווע שטיוועלעך און פון זיינע אויגן שפּריצט רציחה, פון זיין פאַרקרימטן מויל שפּריצט מיט מערדערישן פייער: שרייב אונטער, פאַסקודנער ציוניסט, שרייב אונטער דו זשידאָווסקע כאָליערע... אונדזער נח שווייגט. ער ליגט שוין אויף דער ערד אַ פאַרבלוטיקטער, אָן אָטעם. און צוויי לייטענאַנטלעך, דעם פּאָלקאָווניקס באַהעלפער, פּייניקן אים: שרייב אונטער!... נח הערט שוין ניט וואָס מען רעדט צו אים. ער פאַרשטייט שוין ניט וואָס מען פאָדערט פון אים... און זיי זעצן פאָר זייער אַרבעט — זיי פּייניקן מיט פאַרשיידענע אויסגעפּרוווטע אינקוויזיציע־מיטלען... און נח שווייגט, ער פאָכט שוין מיט זיין הייליקער נשמה. און זיי פּייניקן... דאָרט אין מאָסקווע, ווייסן זיי בעסער פון אַלע אין גאַנצן לאַנד ווי אַזוי צו פּייניקן. דאָרט ביי זיי אין צענטער איז דאָ אַ ספּעציעלער וויסנשאַפטלעך־אויספאָרש־צענטער פון אינקוויזיציע. זיי פאָרשן פאַרשיידענע מיטלען, פאַרשיידענע מעטאָדן פון אינקוויזיציע. עס אַרבעטן דאָרט ספּעציאַליסטן דאָקטוירים, פּסיכאָלאָגן און פאַרדינסטפולע טשעקיסטן...

אפשר האָט געטראָפן אַ נס און דער צעיושעוועטער פּאָלקאָווניק האָט זיך פאַרגעסן, צעהיצט זיך און אַריינגעזעצט אין אונדזער ברודערס האַרץ אַ קויל פון דעם קליינעם, ניקעלנעם רעוואָלווער... האָט אונדזער נח ניט געמוטשעט זיך.

— אַרעלע, וואָס רעדסטו? דו האָסט עס איבערגעלעבט?

— דו זעסט דאָך, שפרהלע, אַז איך בין לעבעדיק. הייסט דאָס אַז צו אַזאַ מדרגה ווי ביי אונדזער נח איז ביי מיר ניט דערגאַנגען...

שפרהס מאַן לייבע האָט געאַרבעט אין דער רעדאַקציע פון דער מינסקער יידישער טעגלעכער צייטונג „אָקטיאַבר". ער איז ניט געווען קיין זשורנאַליסט. ער איז געווען אַן „אַרויסגערוקטער" פון אונטן. ער האָט געשטאַמט פון אַ מש־פּחה יידישע ערד־אַרבעטער אין דעם שטעטל שטשעדרין, און דערנאָך גערוקט זיך פּאַמעלעך אויף דעם אונטערשטן פּאַרטייִישן לייטער. ווען מיין שוועסטער האָט געענדיקט דעם פּעדאַגאָגישן פאַקולטעט פון מינסקער אוניווערסיטעט, האָט מען זי געשיקט אַלס לערערין אין שטעטל שטשעדרין, דאָרט האָט זי זיך פאַר־ליבט אין דעם „פאָלקס־מענטש" — לייבע אָלשאַנסקי, וועלכער האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך דאָס פּראָגרעסיווע אין דעם אונטערגייענדיקן יידישן שטעטל. מיר האָבן אָבער אַלע געוווּסט אַז דאָס גייסטיקע לעבן פון אונדזער שוועסטער האָט שטאַרק געליטן. זי האָט אַ לאַנגע צייט געלעבט אין דער וועלט פון אילוזיעס און דער־נאָך האָבן זיך אָנגעהויבן די אַנטוישונגען...

און איך האָב געפרעגט מיין שוועסטער:

— נו, און דו, שפרהלע, ביסט גליקלעך?

— לייבע איז אַ גוטער מענטש, אַן איבערגעגעבענער מאַן און האָט זייער ליב די קינדער. ער איז אַ גוטער משפּחה־מענטש. מיין גאַנץ לעבן איז איצט פאַרשפּאַרט אין דער ראָם פון דער משפּחה. דו ווייסט דאָך, אַרעלע, אַז מיט 10—12 יאָר צוריק בין איך געווען זייער אַקטיוו אין „צעירי־ציון". די ציוניס־טישע טעטיקייט איז ביי מיר געווען אַן אָרגאַנישער טייל פון מיין לעבן. אָן דעם האָב איך פּשוט ניט געקענט אָטעמען. און דערנאָך, ווען לייבע איז אַריין אין מיין לעבן און איך האָב חתונה געהאַט, האָב איך געמוזט פאַרטרייבן אַלע מיינע אידעאַלן אין דער טיפעניש פון הארצן. ניין, איך האָב זיך ניט אָפּגעזאָגט פון מיינע אידעאַלן, נאָר זיי האָבן זיך פאַרוואַנדלט ביי מיר בלויז אין חלומות. איך האָב נישט געהאַט און האָב נישט אַזאַ מוט און ענערגיע ווי דו, ווי יענקל, ווי נח. ביי מיר איז אַלץ שוין לאַנגע יאָרן באַהאַלטן אין זיך. איך שרייב אַן אונ־דזער אַסנען אין ארץ־ישׂראל אַ בריוו און אין יעדער מינוט דוכט מיר, אַז איך בין אין איינעם מיט אַסנען און מיר איז דאַן זייער גוט. לייבע ווייסט ניט אַפילו אַז איך שרייב דעם בריוו. ער וואָלט געווען קאַטעגאָריש קעגן דעם. איך גיב איבער דעם בריוו הערשלען און ער שיקט אים אָפּ אין איינעם מיט זיין בריוו. וויים איך ניט ווי אַזוי צו ענטפערן אויף דער פראַגע. אין אַ געוויסער מאָס בין איך גליקלעך און אין אַ געוויסער מאָס בין איך ווייט, זייער ווייט פון גליק...

איך בין געגאַנגען אָנזאָגן די שרעקלעכע בשׂורה וועגן מיין פריינד יחזקאל וועלכן איך האָב פאַרלאָזט אין דער שנייִקער, פראָסטיקער מאָנטשע־טונדרע און

ניט געוווּסט ווי אַזוי וועל איך עס טאָן. ווו נעמט מען דעם כּוח צו קומען דער־ציילן אַ ווייב און אַ טאָכטער, אַז זייער טייערסטער מענטש איז שוין ניטאָ? ווי אַזוי שילדערט מען פאַר זיי די שרעקלעכע אומשטענדן פון זיין טויט? ווי אַזוי וועל איך קענען זאָגן אַז ער איז אַפילו ניט געבראַכט געוואָרן צו קבורה? אויס־טראַכטן ליגנס? ניין, דאָס טאָר מען ניט טאָן. זיי דאַרפן וויסן דעם אמת. איך בין געווען כּמעט ווי זיכער אַז יחזקאלס ווייב און טאָכטער זיינען מסתּמא זיכער, אַז עס איז געשען דאָס גרויסע אומגליק. ס׳איז דאָך שוין מער פון 5 יאָר ווי ס׳איז ניטאָ קיין שום ידיעה פון אים און וועגן אים. אָבער איך בין אויך געווען זיכער אַז טיף אין זייער האַרצן איז דאָך פאַראַן אַ קלייניקער פונק פון האָפענונג. אפשר? אפשר איז געשען אַ נס? ווער איז מסוגל צו גלויבן אין אַזאַ שרעקלע־כערווירקלעכקייט.

איך בין פריִער אַריין צו דער טאָכטער. זי איז שטאַרקער פון דער מאַמען. אין איינעם וועלן מיר שוין גיין צו דער מוטער.

— איך בין אַ גרויסער פריינד פון אייער טאַטן — האָב איך זיך פאַרגע־שטעלט.

— איר האָט געזען מיין טאַטן? מיין טאַטע לעבט?

— איך בין מיט אייער טאַטן געווען אין איינעם טאָג און נאַכט כּמעט 5 חדשים. דאָ אין שטאָט, אין דער צענטראַלער טורמע, אין דעם לאַנגן עטאַפּ צום לאַגער און דאָרט אין דער וויטער, פראָסטיקער מאָנטשע־טונדרע וועלכע געפינט זיך מעבר פון פּאָלאַרן־קרייז. און שוין כּמעט 5 יאָר ווי מיר האָבן זיך צעשיידט.

— מיין טאַטע לעבט?

— ניין, מאַיאַ. אייער טאַטע לעבט שוין ניט. דעם 22סטן דעצעמבער פון יאָר 1935, אַרום 4 אַ זייגער פאַר טאָג, האָט אייער טאַטע, אויף מיינע הענט, אויסגע־הויכט זיין לעצטן אָטעם...

איך בין געזעסן און גערעדט, דערציילט וועגן מיין פריינד יחזקאלן, וועגן אַ וווּנדערלעך־גוטן מענטשן, וועגן אַ טייערן יידן, וועגן אונדזערעביידנס געמיינזאַ־מען וועג פון יסורים און חלומות. איך האָב גערעדט מיט מיין גאַנצן האַרצן, מיט מיין גרויסער ליבע צו אַן אמתן פריינד, מיט אַ גרויסן ווייטיק פון דער אבידה.

יחזקאלס טאָכטער מאַיאַ איז געזעסן אַ פאַרשטיינערטע, זי האָט ניט געוויינט, זי האָט געשלונגען מיינע ווערטער. זי האָט געשוויגן. אַזוי ווי מיט דעם שווייגן וואָלט זי אָפּגעגעבן דעם לעצטן כּבוד איר טאַטן.

— זאָגט מיר, מאַיאַ, אייער זיידע מרדכי לעבט? ער איז אין קאָפּוליע?

— יאָ, ער לעבט. ער איז שוין זייער אַלט — שוין נאָענט צו אַכציק. מיר זעען אים זעלטן.

— איך וואָלט אים וועלן זען. ס׳איז די בקשה פון אייער טאַטן. איך בין אָבער זייער באַגרענעצט אין צייט. אפשר קענט איר מיר העלפן גיך אָרגאַניזירן

אַ נסיעה קיין קאַפּוליע אויף איין שעה ממש. אפשר קענט איר צופאָרן אין איינעם מיט מיר?

— יאָ, באַשטימט, איך וועל מיט אייך פאָרן. מיין מאַנס ברודער אַרבעט אַלס שאָפער פון אַ לאַסטמאַשין. וויקטאָר — האָט זי געזאָגט צו איר מאַן — געפין באַריסן און אָרגאַניזיר די נסיעה. מיר וועלן איצט צוגיין צו דער מאַמען און דערנאָך, שפּעטער, וועלן מיר צופאָרן צום זיידן. קומט, אַראָן יאָסיפאָוויטש, מיר וועלן אַריינגיין צו דער מאַמען. זי וווינט דאָ ניט ווייט. מען מוז דאָך איר דערציילן דעם אמת. די מאַמע האָט זיך גוט אַנגעליטן. איר ווייסט דאָך מסתּמא אַז זי איז געווען אַ לערערין פון היסטאָריע און מען האָט זי אַרויסגעוואָרפן פון דער אַרבעט. זי מאַטערט זיך. ניט לאַנג צוריק האָט זי זיך איינגעאָרדנט אַלס אַ פּאַר־קויפערין אין אַ גאַלאַנטעריע־קראָם. זי וווינט אין איין קליין צימערל אין אַן אַלגעמיינער דירה פון דריי שכנים. נאָך דעם אַרעסט פון טאַטן און נאָך דעם אַרויסוואַרפן דער מאַמען פון דער אַרבעט, האָט מען אויך צוגענומען איר קליין דירהלע פון צוויי צימערן מיט אַ קיך. אָבער די מאַמע טראָגט אַלץ איבער מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. זי איז, פאַרשטייט זיך, זייער צעבראָכן, אָבער אויסער־לעך סטאַרעט זי זיך צו האַלטן שטאַרק.

— אַראָן יאָסיפאָוויטש איז געזעסן אין איינעם מיטן טאַטן אין טורמע און אין לאַגער — האָט מיך מאַיאַ פאָרגעשטעלט.

— אוי, אויף אַזאַ גאַסט האָב איך זיך ניט געריכט. זעצט זיך. איך וועל תּיכּף צוגרייטן אַ גלאָז טיי. מאַיִנקע, לויף אַרויס און ברענג ביסקוויטן, אָדער פּראַניקעס.

דבורה — יחזקאלס וייב, אַ 50־יאָריקע פרוי — האָט אויסגעזען אַ סך עלטער פון אירע יאָרן. די לעצטע 6 יאָר, אָנגעפילטע מיט יסורים, צרות און דאגות, האָבן ביי איר צוגענומען ניט ווייניקער פון 20 יאָר לעבן.

מיר זיינען געזעסן, געזופט דעם טיי און געשלונגען די טרערן וועלכע האָבן געשטיקט אין האַלדז. קיינער האָט זיך ניט דערוועגט אָנהייבן צו רעדן דער ערשטער. דבורה האָט לסוף צעשטערט די דריקנדיקע שטילקייט. זי האָט האַסטיק אַוועקגעשטעלט דאָס ניט אויסגעטרונקענע גלאָז טיי אויפן טיש און געזאָגט:

— דערציילט מיר, אַראָן יאָסיפאָוויטש, געגוי, מיט אַלע קלייניקייטן און פּרטים. דערציילט מיר ווען, ווו און ווי אַזוי איז מיין יחזקאל אַוועק פון דער וועלט...

און איך האָב דערציילט. דערציילט דעם גאַנצן אמת. דערציילט אַז מען האָט איר מאַן ניט געבראַכט צו קבורה; מען האָט אַרויסגעוואָרפן זיין קערפּער אין דער טונדרע. איך האָב אויך געדעדט וועגן יחזקאלען ווי וועגן אַ מענטש און אַ ייד.

— דערגייט ביי זיי די באַרבאַרישקייט צו אַזאַ מדרגה? מען וואַרפט ניט אַריין דעם קערפּער אין אַ גרוב אַפילו? גאָט מיינער, וואָס טוען זיי?... אָבער וואָס איז דער אונטערשייד? יאָ גרוב, ניט גרוב. און אַז מען וואָלט מיין יחזקאלען אַרייג־

גענוואָרפן אין אַ גרוב — איז דאָס אַ קבר? וואָלט איך געקענט קומען צו אים אויסרעדן דאָס האַרץ? דאָרט ביי זיי, אין דער אימפּעריע פון די שטעכלדראָטן, הינטער דעם פּאָלאַרן־קרייז?... גוט, מיר וועלן ניט רעדן וועגן דעם. זאָגט מיר, אַראָן יאָסיפאָוויטש, איר זייט געווען מיט מיין יחזקאלען אין גאַנצן אַרום 5 חדשים, איז ווי אַזוי האָט איר געהאַט די מעגלעכקייט אַריינדרינגען צו אים אין די טיפע־נישן פון זיין האַרץ און נשמה. איר רעדט וועגן מיין מאַן אַזוי ווי איר וואָלט געווען פריינד אַ גאַנץ לעבן.

— עס זיינען דאָך ניט געווען קיין געוויינלעכע 5 חדשים פון באַקאַנטשאַפט מיט אַ מענטשן. די 5 חדשים זיינען פאַר אונדז געווען ווי אַן אייביקייט. מיר זיינען געווען אין איינעם 150 לאַנגע טעג און נעכט. מיר זיינען געווען אין איינעם 3600 שעה. איר פאַרשטייט, 3600 שעה אין איינעם. מיר זיינען געלעגן אויף די נאַרעס צוגעדריקטע איינער צום אַנדערן און געטרוימט אין אונדזער באַזונדערער וועלט. און אין דעם שניי־געצעלט אין דער ווייטער צפונדיקער מאָנטשע־טונדרע, זיינען מיר געלעגן אַרומגענומען פעסט, פעסט — עס זאָל זיין עטוואָס וואַרעמער — און איינער האָט איינגעאָטעמט אין זיך די וואַרעמקייט פון צווייטן און אין איינעם אַריינגעצויגן אין זיך די לופט פון דעם 60־גראַדיקן פראָסט. מיר האָבן געגעסן אין איינעם דאָס שטיקל שוואַרצע, ליימענע ברויט, געזופּט אין איינעם די שיטערע באַלאַנדע און געטיילט צווישן זיך די ביינערדיקע שטעכיקע קעפּלעך פון ים־פיש. מיר האָבן געטיילט צווישן זיך דאָס ביסעלע מאַכאָרקע. מיר האָבן געהאַט געמיינזאַמע פאַרשטונקענע שמאַטעס און געמיינזאַמע לייז. אָבער מיר האָבן געהאַט אויך געמיינזאַמע ליכטיקע אידעאַלן און טרוימען. פון שאַרפע קעגנערס (איך — אַ ציוניסט און יחזקאל — אַ בונדיסט), אין דעם ערשטן טאָג פון אונדזער באַגעגעניש אין מינסקער צענטראַלער תּפיסה, זיינען מיר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מענטשן מיט די זעלבע חלומות און טרוימען. מיר זיינען ביידע געווען זין פון אונדזער פאָלק און ביידע האָבן מיר פאַרשטאַנען די גוואַלדיקע גייסטיקע וויכטיקייט פון דעם. ניין, ניט 5 חדשים קען איך יחזקאלען — אייער מאַן און מיין פריינד. ער איז פאַרבליבן ביי מיר אין האַרצן אויף דעם גאַנצן לעבן.

— איך דאַנק אייך, אַהרון. אַ גרויסער דאַנק. אין אונדזער וועלט זיינען זעלטן דאָ אַזעלכע פריינד. אין אַ שווידערלעכער צייט לעבן מיר. איר ווייסט דאָך, מיין פּראָפעסיע איז געשיכטע. איך בין דאָך אַ לערערין פון געשיכטע. ריכטיקער — איך בין געווען אַ לערערין. היינט בין איך אַ פאַרקויפערין אין אַ גאַלאַנטעריע־קראָם. נאָר ניט דאָס בין איך אויסן. ס׳איז שווער צו געפינען אין דער געשיכטע אַזעלכע שווידערלעכע תּקופות. איך רעד וועגן דער געשיכטע פון ציוויליזאַציע. איר ווייסט, די יידן זיינען אַלע מאָל געווען אָפּטימיסטן. זייער אָפּטימיזם, וועלכער איז געווען צוזאַמענגעפלאָכטן מיט אמונה איז געווען ווי אַ מין סגולה אויסצושטיין פון אַלע צרות און צו פאַרבלייבן יידן. האָבן זיך געשאַפן פאַרשיידענע פּאָלקס־

שפּרוכן, ווי „צרות רבים — חצי נחמה״, אָדער „גם זו לטובה״... אַנטקעגן וואָס זאָג איך דאָס? אָפּט פאַלט מיר איין עפּעס אַ מאָדנער, משונהדיקער געדאַנק. מיר איז שווער צו רעדן איצט וועגן דעם. איר ווייסט וואָס עס איז געשען מיט דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט? מען האָט אים ליקווידירט. אָשעראָוויטשן, אַגורסקין, ליימע ראָזענהויז און אַלע איבעריקע אָנפירנדיקע פּערזענלעכקייטן האָט מען אַרעסטירט אין יאָר 1937. מען זאָגט, אַז זיי זיינען אַלע אומגעקומען. מען האָט דורכגעפירט אַ פּאָגראָם אויף דער יידישער קולטור. מען האָט אַרעסטירט און פיזיש אומגעבראַכט אַלע, מער אָדער ווייניקער, אָנגעזעענע, יידישע קולטור־טוערס: שרייבערס, פּאָעטן, זשורנאַליסטן, ליטעראַטור־קריטיקערס, היסטאָריקערס. ביי אונדז אין מינסק האָט מען אַרעסטירט און אומגעבראַכט איזי כאַריקן און משה קולבאַק; דוניעץ און יאַשע בראָנשטיין; משה ראַפּאַלסקי און וואָלאָברינסקי... דאָס זיינען נעמען פון באַוווסטע אין ראַטן־פאַרבאַנד און אין דער גאַנצער יידישער וועלט. און וויפל הונדערטער און טויזנטער ווייניקער באַוווסטע? מען האָט ליק־ווידירט דאָס שולוועזן אין דער יידישער שפּראַך און מען האָט אַרעסטירט אַלע אָנגעזעענע יידישע פּעדאַגאָגן. אַ חורבן, אַ גרויסער חורבן איז דורכגעפירט גע־וואָרן, אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן, אויף דער יידישער גאַס. ס׳איז שווער זיך אַפילו פאָרצושטעלן. איך ווייס ניט פּאַר וואָס מיין יחזקאל איז געווען איינער פון די ערשטע קרבנות. איך ווייס ניט פּאַר וואָס מען האָט מיין יחזקאלען אומגעבראַכט אין יאָר 1935 און די מערהייט פון די יידישע קולטור־טוערס אין יאָר 1937. אָבער וואָס איז דער אונטערשייד? עס איז דאָך געווען אומפאַרמיידלעך. זיי האָבן דורכגעפירט אַ פּלאַנירטע אַקציע... מען זאָגט אַז אָשעראָוויטש, אַגורסקי, כאַריק און אַנדערע זיינען פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט; זיי האָבן זייער לעצטן אָטעם אויסגעהויכט אין די אינקוויזיציע־צימערן פון נקוו״ד... איז אפשר דער טויט פון מיין יחזקאלען געווען אַ גרינגערער? קען מען דאָך טאַקע זאָגן „גם זו לטובה״... און גוט איז, וואָס יחזקאל האָט ניט געוווסט וועגן דעם גרויסן חורבן פון דער יידישער קולטור אין ראַטן־פאַרבאַנד. זיין קאָפּ וואָלט עס ניט באַנומען — ער וואָלט פון זינען אַראָפּ...

— איר האָט אַ טעות, דבורה. יחזקאל האָט פאָרויסגעזען דעם חורבן. ער האָט מיט מיר זייער אַ סך גערעדט וועגן דעם. יחזקאל האָט זיך אויסגעניכטערט פון אַלע זיינע אַמאָליקע בונדישע אילוזיעס און פון אַלע זיינע שפּעטערדיקע קאָמו־ניסטישע אילוזיעס. ער האָט נאָר זייער באַדויערט וואָס שפּעט, זייער שפּעט האָט ער זיך אויסגעניכטערט.

— איך האָב אַ בקשה צו אייך, אַהרון — האָט דבורה געזאָגט — אין גיכן איז דער 5טער יאָרצייט פון יחזקאלען. אין מינסק זיינען פאַרבליבן אויף דער פריי עטלעכע זייער נאָענטע פריינד אונדזערע. מיר ווילט זיך אָפּמערקן דעם יאָר־צייט אין אַ קרייז פון משפחה און נאָענטע פריינד. קיין קבר איז דאָך ניטאָ. וועלן

מיר כאָטש צונויפקלײַבן זיך און דערמאָנען יחזקאלען. איך וויל אַז אויך איר זאָלט זיין אויף דעם יאָרצייט.

— איך וועל זיכער קומען. מען דאַרף נאָר באַשטימען גענוי די דאַטע. אין מינסק טאָר איך דאָך ניט ווײַנען. איך וועל קומען ספּעציעל. וואָס הערט זיך מיט אייער ברודער? אין וועלכן לאַגער איז ער? וויפל האָט ער אַריינגעכאַפּט?

— מיין ברודער האָט אַריינגעכאַפּט 6 יאָר. ער איז אין אַ לאַגער ניט ווייט פון נאָוואָסיבירסק. ער שרייבט דווקא גוטע בריוו. עס ווייזט אויס אַז ס׳איז אַ לאַגער ניט פון שטרענגן רעזשים. אויב אַלץ וועט גיין גוט און זיי וועלן ניט מאַכן זייערע קונצן — וועט מיין ברודער זיך אומקערן פון לאַגער אין 4 חדשים אַרום. אין מינסק, פאַרשטייט איך, וועט ער ניט קענען זיין. אָבער דאָס איז שוין ניט אַזוי וויכטיק.

איך האָב זיך וואַרעם געזעגנט מיט דבורהן און איר טאָכטער. איך האָב זיי געבעטן גוט דורכצוטראַכטן ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן די טרעפונג צו דעם יאָרצייט פון יחזקאלען. מען קען דאָך דאָס קוואַליפיצירן ווי אַן אַנטי־סאָוועטישע פאַר־זאַמלונג...

48 שעה אין מינסק. זיי זיינען שוין דורכגעלאָפן און איך בין די לעצטע נאַכט ניט געשלאָפן ביי זיך אין דער דירה. אויף מאָרגן האָט מיר פרײַדל דערציילט, אַז פאַר נאַכט איז געווען דער „דוואָרניק״ און האָט זיך אינטערעסירט צי אַלץ איז אין אָרדענונג... מען האָט געזען, אַז ער קוקט אויס צי ס׳איז פאַראַן אַ פרעמדער מענטש, ניט קיין אַריינגעשריבענער אין דעם הויזבוך. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין מאַליעוו. דאָרט וווינט מיין ברודער הערשל. די ערשטע צייט, וויפל מען וועט באַדאַרפן, וועל איך זיין ביי אים. איך וועל זיך איינאָרדענען אויף אַרבעט, געפי־נען אַ וועלכע ניט איז דירהלע און נעמען דעם זון צו זיך.

הערשל — אַ לערער פון מאַטעמאַטיק — און זיין ווייב ברײַנקע — אַ לערע־רין פון נאַטור־וויסנשאַפט — מיט צוויי קינדערלעך, האָבן געלעבט אין אַ קליינער דירה אויף דעם הויף פון דער מיטלשול אין וועלכער זיי האָבן געאַרבעט. דאָס הויז האָט געהערט צו דער מיטלשול. די דירה איז באַשטאַנען פון איין גרויסן צימער און אַ קליין קיכל. טאַטע־מאַמע און צוויי קינדער אין איין צימער. אַ סך יאָרן ווי מען האָט זיי צוגעזאָגט צו געבן אַ גרעסערע דירה, כאָטש פון צוויי צימערן, נאָר עס איז געבליבן ביים צוזאָג. עס קומען צו פאָרן נייע לערערס און באַקומען תיכף גרעסערע דירות אָבער הערשל, מיט ברײַנקען, מיט צוויי קינדער, בלייבן אַלץ אין דעם איינעם צימער. הערשל וויל ניט גיין צום דירעקטאָר און פאָדערן, שרייען און קלאַפּן אין טיש. ער טענהט צו זיין ווייב:

— מיר ביידע זיינען גרויסע יחסנים. פאַר מיין סאָציאַלער אָפּשטאַמונג האָט

מען מיך אַרויסגעוואָרפן פון אוניווערסיטעט און דיין טאַטע איז געווען אַ רב. מיר זיינען ביידע אומפּאַרטייִישע. מיינע דריי ברידער פאַרברענגען ביי זיי אין די לאַגערן. אַ שוועסטערס מאַן — איז אויך אין לאַגער. איין ברודערס ווייב — איז אויך אין לאַגער. איז גיי זיי אַ העלד — און פאָדער. איך דאַרף אַז זיי זאָלן אָנהייבן שטודירן אין מיינע אַנקעטעס? מיר וועלן בעסער זיצן שטילערהייט און שווייגן...

ס'איז דורכגעגאַנגען אַ וואָך צייט. איך בין געווען אַ גאַסט און האָב זיך נאָך ניט פאַרנומען מיט זוכן אַרבעט. הערשל און ברײַנקע האָבן מיך געהאַלטן ווי אין אַן אָפּרו־הויז. מען איז געזעסן לאַנגע אָוונטן און גערעדט און גערעדט. איך האָב געלייענט די בריוו וועלכע הערשל האָט באַקומען פון אונדזער שוועסטער אסנה פון ארץ־ישראל. קורצע געוויינלעכע משפחה־בריוו, אָבער מיר האָט זיך געדאַכט אַז איך אָטעם מיט דער ארץ־ישראלדיקער לופט. ווען איך וואָלט געווען אַ שרייבער וואָלט איך מסתּמא אָנגעשריבן דאָרט ביי מיין ברודער אין מאָליעוו אַ דערציילונג: „ברית־מילה". אַ דערציילונג וועגן דעם וואָס אין דער גרויסער שטאָט מינסק, אין אַ שטאָט, אין וועלכער עס לעבן קרוב צו הונדערט טויזנט יידן, אַן עיר־ואָם בישראל, אין אַ שטאָט אין וועלכער עס זענען פאַראַן טעלעכע צענדליק מוהלים — אָט אין דער דאָזיקער שטאָט האָט מען ניט געקענט מל זיין קיין יידיש קינד. אַז מען האָט שוין געפונען אַ מוהל (פאַר אַ געהעריקן אָפּצאָל, פאַרשטייט זיך), מען האָט שוין געפונען דאָס אָרט ווו שטילערהייט, אין אונטערערדישע באַדינגונגען, דורכצופירן דעם ברית, האָט ער זיך אין דער לעצטער מינוט אָפּגעזאָגט. ער האָט זיך דערוווּסט אַז דער טאַטע פון דעם קינד איז אין תּפיסה און די מאַמע — איז אויך געבראַכט געוואָרן פון נקוו"ד. ס'איז פּסול!... ער, דער מוהל, האָט מורא. ער קען ניט. ס'איז אַ גרויסע סכּנה... און די צייט גייט. און דער פעטער פונעם יינגעלע זוכט און געפינט סוף כּל סוף אַ לייזונג צו דער פראַגע: דער פעטער הערשל און די מומע ברײַנקע נעמען דעם אייך־יאָריקן יינגעלע און פירן אים קיין אָדעס — אַרום 2.000 קילאָמעטער פון מינסק און דאָרט איז אַ גוטער באַקאַנטער און פריינד פון ברײַנקעס אַ שוועסטערקינד, מל דאָס יידישע יינגעלע...

אָבער מען דאַרף זיך פאַרנעמען מיט תּכלית. מען דאַרף זוכן אַרבעט. מאָליעוו איז אַ גרויסע שטאָט מיט אַ סך זאַוואָדן, פאַבריקן, אונטערנעמונגען, פאַרשיידענע אַנשטאַלטן. עס איז אַ שטאָט, וועלכע אַנטוויקלט זיך און מען נויטיקט זיך אין קאַדרען, אין ספּעציאַליסטן פון פאַרשיידענע פאַכן. אין דער אָרטיקער צייטונג און אין די רעפּובליק־צייטונגען זיינען טעגלעך פאַראַן מעלדונגען, אַז עס פאָדערן זיך פאַרשיידענע פאַך־לייט און צווישן זיי אויך עקאָנאָמיסטן. דאַרף

מען אויסקלייבן עטוואָס בעסערס. מען דאַרף זוכן אַן אָרט ווו מען קאָן באַקומען אַ דירה און אַזעלכע ערטער זיינען, לויט די מעלדונגען אין די צייטונגען, פאַראַן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן. כמעט אומעטום איינע און די זעלבע פּראָצעדור. אַ שמועס מיט דעם שעף פון קאַדרען־אָפּטייל. אַ פריינדלעכער שמייכל. מען נויטיקט זיך זייער אין אַן עקאָנאָמיסט, אָדער עלטערן עקאָנאָמיסט, אָדער אָנפירער פון פּלאַנירונג־אָפּטייל. הויכע בילדונג — אויסגעצייכנט. מען גיט אויסצופילן אַן אַנקעטע און מאָרגן קומען נאָך אַן ענטפער. ער איז זיכער — דער שעף פון דעם קאַדרען־אָפּטייל אַז איך וועל אָנגענומען ווערן אין אַנשטאַלט אויף אַרבעט. אָבער אויף מאָרגן איז דער ענטפער — ניין. דער מאָטיוו: ווער עס זאָגט: מען דאַרף שוין ניט, ווער עס זאָגט — איר פּאַסט אונדז ניט. אַזוי איז עס געווען מסתמא אין אַ צענדליק גרויסע אַנשטאַלטן. איך האָב אָנגעהויבן זוכן אַ פּאָסטן אין פאַבריקן, זאַוואָדן און פאַרשיידענע אונטערנעמונגען — אויך לויט די מעלדונגען אין די צייטונגען. פריינד פון מיין ברודער האָבן מיר געגעבן אַן עצה אויסצומיידן די ערשטע באַגעגעניש מיט דעם שעף פון קאַדרען־אָפּטייל. סטאַרען זיך פון אָנהויב אַריינצוקומען צום דירעקטאָר פון דער אונטערנעמונג. און כמעט אומעטום פלעגט פאָרקומען אַזאַ מין דיאַלאָג:

— אין צייטונג איז דאָ אַ מעלדונג, אַז איר נויטיקט זיך אין אַן עקאָנאָמיסט.

— יאָ. שוין עטלעכע חדשים זוכן מיר. אייער בילדונג?

— איך האָב געענדיקט דעם כאַרקאָווער אינזשינער־עקאָנאָמישן אינסטיטוט. אָט איז דער דיפּלאָם.

— זייער גוט. אויסגעצייכנט. געענדיקט דעם אינסטיטוט אין 1933. שוין אַ גרויסער סטאַזש. ווו האָט איר געאַרבעט נאָכן ענדיקן דעם אינסטיטוט.

איך דערצייל קורץ, און באַווייז דעם באַפרייונגס־דאָקומענט.

— וואָס זשע זייט איר געקומען קיין מאָליעוו?

— איך האָב דאָ אַ ברודער. ביז איך וועל געפינען אַ דירה, וועל איך זיין ביי אים.

— באַווייזט אייער פּאַספּאָרט.

ער מישט איבער אין פּאַספּאָרט אַלע זייטלעך עטלעכע מאָל און רופט אַרויס דעם שעף פון קאַדרען־אָפּטייל.

— וואָס באַדייט אָט דער שטעמפּל אַז דער פּאַספּאָרט איז אַרויסגעגעבן אויפן סמך פון דער באַשטימונג פון סאָוונאַרקאָם נומער, דאַטע?

— דאָס באַדייט אַז ער טאָר ניט וווינען אין 60 באַשטימטע שטעט פון ראַטן־פאַרבאַנד.

— און מאָליעוו גייט אַריין אין דער רשימה?

— ניין. אין ווייסרוסלאַנד — נאָר מינסק.

— איז גוט. איך וועל אייך צונעמען צו דער אַרבעט מיט אַ תקופה פון

אויספּרווו — דאָך האָט איר שוין 6 יאָר ניט געאַרבעט אַלס עקאָנאָמיסט. נאָר פריִער אָרדנט איין דעם ענין מיט דער „פּראָפּיסקע״ — מען דאַרף, ווי איר ווייסט, אָפּמערקן אין פּאַספּאָרט דעם אַדרעס פון אייער דירה. וועט זיין אין פּאַספּאָרט דער שטעמפּל פון מיליציע — קומט תיכּף צו אונדז. איוואַן סער־געיעוויטש — זאָגט דער דירעקטאָר צום שעף פון קאַדרען־אָפּטייל — ווען דער חבר ראַזין וועט קומען מיט דער „פּראָפּיסקע״, וועט איר גלייך אים שיקן אין אונדזער אָפּטיילונג פאַר פּלאַנירונג און סטאַטיסטיק, מיט אַן אויספּרווו־תקופה פון 6 חדשים.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן די פּרשה „פּראָפּיסקע״. ברײינקע האָט געטענהט אַז מען וועט מיך ניט פאַרשרייבן אין זייער הויז־בוך. ס׳איז אַ שטוב וואָס גע־הערט דעם אַמט פון פאָלקס־בילדונג און אין אים קענען וווינען נאָר לערער און מיטגלידער פון זייער משפּחה.

— בין איך דאָך אַ מיטגליד פון משפּחה — אַ ברודער פון אַ לערער.

— ניין, מיטגלידער פון משפּחה זיינען: מאַן, ווייב, קינדער.

מען האָט אָבער באַשלאָסן צו פּרווון. איך בין געקומען מיט דעם הויז־בוך אין דעם מיליציע־אָפּטייל. די אָנגעשטעלטע — אַ יונג מיידל — האָט אַ לאַנגע צייט באַקוקט מיין נייעם פּאַספּאָרט, דערנאָך איז זי מיט אים אַרויס אויף עט־לעכע מינוט און אומקערנדיק זיך, געזאָגט:

— גייט אַריין צום נאַטשאַלניק פון מיליציע־באַצירק. זאָל ער געבן אַ דער־לויבעניש אויף דער „פּראָפּיסקע״.

דער נאַטשאַלניק האָט באַקוקט מיין פּאַספּאָרט און געפרעגט:

— ווו האָט איר באַקומען דעם פּאַספּאָרט?

— אין מעדוועזשעגאָרסק.

— ווו איז די שטאָט מעדוועזשעגאָרסק.

— אין דער קאַרעלאָ־פינישער רעפּובליק.

— צוליב וואָס זייט איר געקומען צו אונדז אין דער שטאָט מאָליעוו?

— מיר געפעלט די שטאָט מאָליעוו. און דאָ האָב איך אַ ברודער. איז ביז וואַנען איך וועל געפינען פאַר זיך אַ דירה וויל איך זיין ביי מיין ברודער.

— וואָס איז די אַרבעט פון אייער ברודער?

— מיין ברודער איז אַ לערער און זיין ווייב אַ לערערין.

— יאָ, ריכטיק. פּערוואָמאַיסקע גאַס נומער 18. דאָס איז דאָך אַן אַמט־הויז פון אונדזער פאָלקס־בילדונג־אַמט. דאָרט לעבן נאָר לערער. איר זייט אַ לערער?

— ניין. לויט דעם פאַך בין איך אַן עקאָנאָמיסט.

— איז וואָס פאַר אַ שייכות האָט איר צו דער שטוב?

— דאָרט לעבט מיין ברודער. ווו קען איך זיין די ערשטע צייט ביז איך וועל געפינען פאַר זיך אַ דירה, אויב ניט ביי אַן אייגענעם ברודער?

— ווי גרויס איז די דירה פון אייער ברודער?
— איין צימער מיט אַ קיך.
— וויפל קוואַדראַט־מעטער איז אין צימער?
— איך ווייס ניט גענוי. אַרום 18—20 קוואַדראַט־מעטער.
— דאָרט אין צימער לעבן 4 מאַן. איך קען ניט פאַרשרייבן אין דער דאָר־טיקער דירה נאָך איין מענטש.
— אָבער ס׳איז דאָך מיין ברודער. וואָס אַרט אייך אַז אונדז וועט זיין עט־וואָס ענגער צו וווינען?
— עס זיינען דאָ באַשטימטע געזעצן ביי אונדז אין לאַנד. און דער עיקר — די שטוב געהערט דעם אַמט פון פאָלקס־בילדונג. איך האָב ניט די רעכט אַריינצוזעצן דאָרט פרעמדע מענטשן.
— איך בין דאָך ניט קיין פרעמדער. איך בין אַ ברודער פון לערער.
— אין דעם זין איז אַ ברודער ניט קיין משפחה. איך וועל מסכים זיין צו פאַרשרייבן אייך צייטווייליק אין דער דירה, אויב איר וועט ברענגען אַ דערלוי־בעניש פון דעם דירעקטאָר פון דער מיטל־שול אין וועלכער עס אַרבעט אייער ברודער.

דער דירעקטאָר פון דער מיטל־שול איז געווען פון די פני־העיר — אַ מיט־גליד פון שטאָטישן פאַרטיי־קאָמיטעט און אַ מיטגליד פון אויספיר־קאָמיטעט פון שטאָטישן סאָוועט. ברייניקע האָט געטענהט אַז מען טאָר ניט גיין צום די־רעקטאָר. עס וועט זיך אָנהייבן אַ חקירה. געזעסן — פאַר וואָס? אַז מען האָט באַפרייט איז ניט וויכטיק. אָבער אין וואָס האָט מען באַשולדיקט? ציוניזם? מער פעלט ניט ווי אַריינצוזקריכן מיט אונדזער משפחה־יחוס!...

— אויב עס וועט דערגיין צו דער פראַגע — האָב איך געזאָגט ברייניקען — וועל איך באַווייזן דעם באַפרייונגס־דאָקומענט. דאָרט איז ניט אָנגעשריבן וועגן ציוניזם. דאָרט ווערט געזאָגט „פאַר אָנטייל־נעמען אין אַ קאָנטר־רעוואָלו־ציאָנערע אָרגאַניזאַציע״. וועל איך זאָגן אַז מען האָט מיך באַשולדיקט אין טראָצ־קיזם. דאַן — אין יענע יאָרן — איז טראָצקיזם געווען אין מאָדע.
— טראָצקיזם איז אויך אַ קליינער יחוס — האָט געטענהט ברייניקע.
— אָבער, ברייניקעלע, וואָס טוט מען? — האָט געקרעכצט מיין ברודער — מען מוז דאָך מאַכן די „פּראָפּיסקע״. אָרע קען דאָך ניט זיצן אייביק אָן אַרבעט. און בכלל, אָן „פּראָפּיסקע״ איז דאָך געפערלעך צו לעבן. מאָליעוו איז דאָך אַ קאָנט־שטאָט און די מיליציע שפירט אים נאָך זייער גוט. אָרע איז שוין ביי אונדז 10 טעג. וויפל קען מען זיין אָן „פּראָפּיסקע״? נאָך אַ וואָך, נאָך צוויי — און גאָר. איך וועל גיין צום דירעקטאָר. סטעפּאַן אַלעקסייעוויטש פילט זיך אַנטקעגן אונדז אַזוי ווי שולדיק. מיר זיצן שוין איבער 10 יאָר אין דעם איינעם צימער. ער וועט ניט אָפּזאָגן. ער איז אַ גאַנץ לייטישער מענטש.

— ביי דיר זיינען אַלע לייטישע. אַט וועסטו שוין זען, ווי ער פילט זיך לגבי אונדז שולדיק...

דער דירעקטאָר האָט געלעבט אין צענטער פון שטאָט אין אַ פּרעכטיקער ווילע וועלכע איז געשטאַנען אין אַ שיינעם סאָד. אין שטוב ביי אים זיינען געווען געסט — מען האָט געשפּילט אין פּרעפערענס.

— גריגאָרי יאָסיפאָוויטש, אַזאַ גאַסט. אַזאַ גאַסט — האָט אונדז העפלעך באַגעגנט דער דירעקטאָר. איך פאַרשטיי אַז איר האָט צו מיר אַ פּערזענלעכן ענין. קומט אַריין צו מיר אין מיין אַרבעט־קאַבינעט.

— סטעפּאַן אַלעקסייעוויטש — האָט אָנגעהויבן מיין ברודער מיט אַן עט־וואָס ציטעריקן קול — ס'איז געקומען צו מיר צו גאַסט מיין ברודער. און ער וויל בלייבן דאָ ביי אונדז אין מאַליעוו. ער האָט שוין געפונען אַרבעט. ער איז אַן עקאָנאָמיסט. איז ביז וואַנען ער וועט געפינען אַ דירה וועט ער לעבן ביי מיר. נאָר איר פאַרשטייט דאָך, אַז מען דאַרף מאַכן אין דער מיליציע אַ „פּראָ־פּיסקע". און ווי באַלד אונדזער שטוב געהערט צו דעם פאָלקס־בילדונג אַמט, דאַרף מען האָבן אַ צעטעלע אַז איר האָט ניט קעגן דער „פּראָפּיסקע".

דער דירעקטאָר האָט זיך העפלעך באַקאַנט מיט מיר, געדריקט די האַנט:

— איז פון וואַנען קומט איר צו אונדז, אַראָן יאָסיפאָוויטש?

— איצט קום איך פון מינסק.

— פון מינסק? פאַרלאָזט איר אונדזער שיינע הויפּט־שטאָט און פאָרט אין דער פּראָווינץ?

— עס טרעפט. פאַרשיידענע משפחה־ענינים.

— גיט מיר, ביטע, אייער פּאַסצאָרט. אָ! אַ שפּאָגל־נייער פּאַספּאָרט ביי אייך. נאָר וואָס געביטן מסתמא. איר ווייסט — איך בין אַ לערער פון ליטעראַטור. און ווען איך נעם אָט דעם ביכעלע אין האַנט, דערמאָן איך זיך דאָס ליד פון אונדזער גרויסן פּאָעט מאַיאַקאָווסקי...

— וועלכע ענדיקט זיך מיט די ווערטער: „קוקט אַריין און זייט מקנא — איך בין אַ בירגער פון ראַטן־פאַרבאַנד!..." — האָב איך אויסדעקלאַמירט.

— פאַכוואַלנאַ! פאַכוואַלנאַ! איך זע, אַז איר קענט גוט מאַיאַקאָווסקין.

דער דירעקטאָר האָט אַריינגעקוקט אין פּאַספּאָרט, איבערגעבלייטערט אַלע בלעטעלעך, איין מאָל און נאָך אַ מאָל. און מיט ווונדער געפרעגט:

— וואָס זשע זאָגט איר אַז איר זייט פון מינסק? דעם פּאַספּאָרט האָט איר באַקומען ניט אין מינסק. ווו האָט איר באַקומען דעם פּאַספּאָרט? עפּעס פאַרשטיי איך ניט גוט לויט דעם שטעמפּל.

— איך האָב געזאָגט אַז איך בין איצט געקומען פון מינסק. און אַזוי איז עס טאַקע. מיט 10 טעג צוריק בין איך געקומען קיין מאַליעוו פון מינסק, און

דעם פּאַספּאָרט האָב איך באַקומען אין דער שטאָט מעדוועזשעגאָרסק וואָס געפינט זיך אין דער קאַרעלאָ־פינישער רעפּובליק.

— אַנטשולדיקט. איין מינוט. איך קום שוין צוריק — האָט געזאָגט דער דירעקטאָר און אַרויס פון זיין קאַבינעט.

מיין ברודער הערשל שטייט און טרייסלט זיך.

— וווּהין איז ער אַוועק?

— ער איז אַריין צו זיינע געסט — האָב איך געענטפערט הערשלען — אפשר איז דאָרט פאַראַן איינער פון נקווי״ד — וועט ער אים דערקלערן וואָס עס באַדייט דער שטעמפּל אויף דער זייטל נומער 6 אין פּאַספּאָרט. און אפשר וועט ער אָנקלינגען אין נקווי״ד, אָדער אין מיליציע, און פרעגן.

— ברײנקע איז געווען גערעכט. מען האָט ניט באַדאַרפט גיין. אָבער ס׳איז שוין פאַרפאַלן.

דער דירעקטאָר האָט זיך אומגעקערט און מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— אַנטשולדיקט. גריגאָרי יאָסיפאָוויטש, איך בין אייערער אַ גרויסער בעל־חוב. איך האָב אייך שוין לאַנג צוגעזאָגט צו געבן אַ גרעסערע דירה און נאָך ניט מקיים געווען. און ס׳איז טאַקע אַ סקאַנדאַל — 4 מענטשן אין איין צימער. אין גאַנצן, דוכט מיר, 19 קוואַדראַט־מעטער? דאַרפט איר מיך פאַרשטיין. איך האָב ניט קיין שום מאָראַלישע רעכט אַריינזעצן אין אייער צימער אויך דעם ברודער. ער איז דאָך אַ דערוואַקסענער מענטש. 5 מענטשן אין איין צימער. איך קען דאָס ניט טאָן. פאַרשטייט מיך — איך טאָר עס ניט טאָן. מיט וועלכע אויגן וועל איך זיצן אויף אַ לערער־פאַרזאַמלונג און אויסהערן אייער אָנקלאַגע אַז 5 מענטשן לעבן אין איין צימער?

— סטעפּאַן אַלעקסעיעוויטש, איך קען אייך געבן אַ שריפטלעכע התחייבות אַז איך וועל קיין מאָל ניט שטעלן די פראַגע וועגן מיין דירה.

— איך האָב מיין מאָראַלישע התחייבות. איך קען ניט דערלאָזן אַז מיינע לערער זאָלן לעבן אין אַזאַ ענגשאַפט. ניין. איך טאָר עס ניט טאָן. און דער ברודער אייערער וועט לייזן זיינע פאַמיליע־פּראָבלעמען אין אַן אַנדער דירה און אויב ניט אין מאָליעוו, איז אין אַן אַנדער שטאָט. און דערלויבט מיר, אַראָן יאָסיפאָוויטש, געבן אייך אַן עצה — האָט געזאָגט דער דירעקטאָר צו מיר, האַלטנדיק אין זיין האַנט מיין פאַספּאָרט — אָרדנט איין אייער לעבן אין אַן אַנ־דער שטאָט, אין אַ קלענערער. איך וויל זיך ניט אַריינמישן אין אַלע פּרטים פון דעם פּאַספּאָרט, איר קענט זיי דאָך בעסער פון מיר, אָבער עס לוינט ניט צו זוכן אַ דירה ביי אונדז אין מאָליעוו. ס׳איז אַ גרויסע קאַנט־שטאָט און כאָטש פאָרמעל גייט זי ניט אַריין אין יענע 60 שטעט פון ראַטן־פאַרבאַנד, בין איך זיכער אַז מיט דער „פּראָפּיסקע״ וועט זיין ביי אונדז זייער שווער. גלויבט מיר. נו, זייט געזונט, גריגאָרי יאָסיפאָוויטש. איך אייל זיך צו מיינע געסט. מאָרגן וועלן מיר

זיך באַגעגענען אין אונדזער שול. זייט געזונט, אַראָן יאָסיפּאָוויטש, איך ווינטש אייך גוט איינצוואָרדענען זיך אין זשלאָבין, אָדער אין מאָזיר, אָדער אין באָב־רויסק. ביי אונדז אין ווייס־רוסלאַנד זיינען דאָ זייער אַ סך פיינע שטעט...

איך האָב גענומען ביי דעם דירעקטאָר מיין פּאַספּאָרט, ניט איינגעהאַלטן זיך, און געזאָגט:

— מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער שמועס, סטעפּאַן אַלעקסעיעוויטש, מיט דעם באַוווּסטן ליד פון מאַיאַקאָווסקין. אפשר וואָלט געווען כדאי צום סוף פון אונדזער זייער אָנגענעמען שמועס, דורכדעקלאַמירן דאָס ליד? מען דאַרף ניט? נו, איז ניין. איך דאַנק אייך פאַר אייערע גוטע ווונטשן...

הערשל האָט פאַרבעטן אויף אַ ישוב־הדעת צוויי פון זיינע בעסטע פריינד — איינער אַן אינזשינער פון דער קאָמונאַלערווירטשאַפט אין שטאָט און דער צווייטער אַ יוריסט. מען האָט דורכגעקוקט און דורכאַנאַליזירט מיין באַפרייונגס־דאָקומענט און מיין פּאַספּאָרט, אַזוי ווי מיט אַ מיקראָסקאָפּ. דער יוריסט האָט געמאָלדן אַז יעדער מענטש וועלכער לייענט אויפמערקזאָם מיין באַפרייונגס־דאָקומענט, פאַרשטייט אַז דער פלעק פון קאָנטער־רעוואָלוציע איז פון מיר ניט אַראָפּגענומען געוואָרן. די ערשטע דריי יאָר, וועלכע עס האָט מיר צוגעמשפּט די „אָסאָבאָיע סאָוועשטשאַניע" פאַר אָנטייל נעמען אין אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנע־רער אָרגאַניזאַציע, זיינען גילטיק. די שולד איז פאַרבליבן. אַ קאָנטער־רעוואָלו־ציאָנער בין איך געווען און אָפּגעקומען די שטראָף. דאָס העכסטע געריכט האָט מיך באַפרייט פון דער צווייטער שטראָף וועלכע איז געווען אַ צוגאָב צו דער ערשטער. דעריבער איז אין מיין פּאַספּאָרט געשטעלט געוואָרן דער שטעמפּל. איך בין פאַרשטעמפּלט אַלס קאָנטער־רעוואָלוציאָנער און האָב ניט קיין רעכט צו וווינען אין באַשטימטע 60 שטעט. אָבער אויך אין אַנדערע שטעט קענען זיין וואָך און ניט דערלויבן מיר אין זיי צו וווינען אונטער פאַרשיידענע תירוצים. און עס וועט מיר גאָרניט העלפן. דער יוריסט גיט מיר אַן עצה אַז איך זאָל פאָרן קיין באָברויסק. דאָרט האָט ער אַ גוטן חבר וועלכער וועט מיך קענען די ערשטע צייט נעמען צו זיך און העלפן זיך איינאָרדענען אויף אַרבעט... דער אינ־זשינער פון דער קאָמונאַלער ווירטשאַפט האָט פאָרגעלייגט צו זוכן ערגעץ־ווו אין מאָליעוו אַ ווינקל און פון דעסטוועגן פרווון מאַכן די „פּראָפּיסקע" אין מאָליעוו. אָבער מען דאַרף עס טאָן אין אַן אַנדער מיליציע־באַצירק. אין שטאָט זיינען פאַראַן דריי מיליציע־באַצירקן. דאַרף מען פרווון אין די איבעריקע צוויי און ניט אין דעם ווו איך בין שוין געווען.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרכישופטער קרייז. די מיליציע־באַצירקן זיינען מסכים צו מאַכן די „פּראָפּיסקע", בתנאי איך זאָל ברענגען אַ צעטל פון דעם אָרט פון דער אַרבעט, אַז איך אַרבעט טאַקע — זיי ווילן ניט רעגיסטרירן קיין נייע איינוווינער אין שטאָט וועלכע זיינען פּאַראַזיטן, ד. ה. וועלכע אַרבעטן נ״ט.

אויף אַרבעט איז מען מסכּים צו נעמען מיך, בתנאי אַז איך זאָל האָבן אַ „פּראָ־פּיסקע״ — זיי ווילן ניט נעמען קיין צופעליקע מענטשן וועלכע ווינען ניט אין שטאָט...

מיר האָבן באַשטימט צו מאַכן נאָך אַן אָנשטרענגונג. צו מאַכן דעם לעצטן פּרוּוו — צו גיין מיט אַן אָנקלאַגע צו די מאַכט־אָרגאַנען; צו פאָדערן, לויט דער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע, די רעכט פון אַ סאָוועטישן בירגער. איך בין אויפ־גענומען געוואָרן אין אויספיר־קאָמיטעט פון דעם מאָליעווער קאַנט־סאָוועט אין אַ ספּעציעלער אָפּטיילונג וואָס פאַרנעמט זיך מיט קאָנטראָלירן דאָס אויספילן די סאָוועטישע געזעצן.

דער פאַרוואַלטער פון דער אָפּטיילונג האָט עטלעכע מאָל איבערגעלייענט מיין באַפרייונגס־דאָקומענט און אויפמערקזאַם איבערגעקוקט מיין פּאַספּאָרט און מיט אַ חוצפּהדיק־איראָנישן שמייכל געזאָגט:

— הייסט דאָס אַז איר האָט פאַרבראַכט, ווי מען זאָגט, אין די וויטע קאַנטן כמעט 6 יאָר. איר האָט דאָרט אויסגעפּילט אַ פינף־יאָר־פּלאַן.

— יאָ. איך האָב געהאַט דעם כּבוד צו זיין אין ב. ב. ק. ער פילט אויס זייער וויכטיקע אויפגאַבן פון דער סאָוועטישער פאָלקס־ווירטשאַפט. דאָרט אַרבעטן זייער אַ סך סאָוועטישע בירגער. איך מיין אַז מסתּמא 10 מאָל מער, ווי איינ־ווינער אין דער גרויסער שטאָט מאָליעוו.

— קען מען וויסן אין וואָס פאַר אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע זייט איר געווען ביז דעם אַרעסט?

— האָט עס אַ באַדייטונג? די „אָ ס אָ ב אָ י ע סאָוועשטשאַניע״ האָט ניט גע־פונען פאַר נויטיק אָנצושרייבן דעם נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע. ס׳איז, מסתּמא, אַ סוד.

— איז וואָס זשע, אייגנטלעך, ווילט איר?

— איך וויל זיין דאָ אין דער שטאָט מאָליעוו, אַרבעטן און בויען מיין לעבן דאָ.

— וואָס עפּעס דווקא אין מאָליעוו?

— די שטאָט מאָליעוו געפעלט מיר זייער. דאָ גייט דורך דער טייך דניעפּר און דאָ לעבט מיינער אַ ברודער מיט זיין משפּחה. וועט מיר זיין היימישער. לויט דעם געזעץ האָב איך דאָס רעכט צו וווינען אין מאָליעוו?

— יאָ, איר האָט דאָס רעכט וווינען אין מאָליעוו.

— בין איך געקומען מיט אַן אָנקלאַגע. שוין עטלעכע וואָכן דריי איך זיך אַרום און מען זאָגט מיר אָפּ מיך צו פאַרשרייבן אין די מיליציע־באַצירקן. מען מאַכט ניט די אַזוי גערופענע „פּראָפּיסקע״. בעט איך געבן מיר די מעגלעכקייט רויִק לעבן.

— איר האָט אַ דירה אין מאָליעוו? ביז דעם אַרעסט האָט איר געלעבט אין מאָליעוו?

— ביז דעם אַרעסט האָב איך געלעבט אין מינסק. אָבער לויטן געזעץ, האָב איך איצט ניט דאָס רעכט צו לעבן אין מינסק. דאָרט איז ביי מיר דווקאַ יאָ פאַראַן אַ דירה. דאָ האָב איך געפונען אַ ווינקל. איך וויל דינגען פשוט אַן אָרט ווו צו שלאָפן און מיט דער צייט וועל איך שוין זען. אָבער מען דאַרף דאָך די „פּראָפּיסקע".

— אונדזער מיליציע קען ניט, סתם אַזוי, נעמען און פאַרשרייבן אַ מענטשן. זיי ווילן זיין זיכער אַז איר וועט זיך פאַרנעמען מיט געזעלשאַפטלעך־נוצלעכער אַרבעט. הייבט אָן אַרבעטן, ברענגט דער מיליציע אַ דאָקומענט וועלכער באַשטעטיקט אַז איר אַרבעט, וועט מען מאַכן די „פּראָפּיסקע".

— אין 4—5 אונטערנעמונגען איז מען מסכים מיך צו נעמען אויף אַרבעט. זיי נויטיקן זיך אין מיין פאַך, אָבער זיי פאָדערן אַז איך זאָל פריִער ברענגען אַ „פּראָפּיסקע".

— וואָס פאַר אַ פאַך איז ביי אייך?

— איך בין אַן עקאָנאָמיסט. אַ דיפּלאָמירטער עקאָנאָמיסט. און אָט זיינען אַ סך מעלדונגען אין צייטונג, אַז מען זוכט אַזעלכע אַרבעטער. מען נויטיקט זיך דאָ אין שטאָט אין עקאָנאָמיסטן.

— איר ווילט איך זאָל אייך העלפן? גוט. איך וועל אייך געבן אַ פאַראָר־דענונג פון אויספיר־קאָמיטעט פון קאָנט־סאָוועט און מאָרגן וועט איר אָנהייבן אַרבעטן, און מאָרגן וועט זיין אַ „פּראָפּיסקע". איר זייט מסכים צו לעבן אין אַ צוזאַמענוווינונג?

— יאָ. באַשטימט. איך וועל דערווייל לעבן אין אַ צוזאַמענוווינונג.

— ביי אונדז, 4־5 קילאָמעטער הינטער דער שטאָט איז פאַראַן אַ גרויסע שטיין־בראָך אונטערנעמונג. מען אַרבעט דאָרט אויס טויזנטער טאָנען שטיינער פאַר אונדזער בויונג און אינדוסטריע. עס אַרבעטן דאָרט מער פון 300 אַרבעטער. זיי לעבן אין אַ צוזאַמענוווינונג — דאָרט ניט ווייט פון דער אונטערנעמונג. איר זייט אַ יונגער מענטש — 30 יאָר אַלט — אַ געזונטער. עס וועט אייך ניט שאַדן צו אַרבעטן אַלס אַרבעטער עטלעכע יאָר. די עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן וועלן ניט אַנטלויפן פון אייך. מען פאַרדינט דאָרט ניט שלעכט. איר וועט דאָרט פאַרדינען ניט ווייניקער ווי אַן עקאָנאָמיסט. איז אָפּגעמאַכט? אויב יאָ — וועל איך תיכף באַפעלן צו מאַכן די פאַראָרדענונג.

— און דאָס איז אין פולן איינקלאַנג מיט דער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע? און דאָס איז אין פולן איינקלאַנג מיט דעם פּרינציפּ פון סאָציאַליזם — פון יעדן לויט זיינע פעיִקייטן, און יעדן — לויט זיין אַרבעט?

— איר האָט גענוג חוצפה צו לייענען מיר לעקציעס וועגן דער סאָוועטישער

קאָנסטיטוציע און וועגן סאָציאַליזם? עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָרט אין ב. ב. ק. האָט מען נאָך ביי אייך ניט אַרויסגעקלאַפּט דעם קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן באַ־גאַזש. דער שמועס איז געענדיקט. אין מאַליעוו וועט איר ניט בלייבן וווינען.

איך בין געפאָרן קיין באָברויסק.

באָברויסק איז פאַרהעלטעניש־מעסיק אויך אַ גאַנץ גרויסע שטאָט — אַרום 50—60 טויזנט איינוווינער און זי האָט אַ גרויסן יידישן יישוב. ניט ווייניקער פון אַ העלפט פון דער באַפעלקערונג — איז אַ יידישע. לויט דעם רעקאָמענ־דאַציע־בריוו פון מיין ברודערס פריינד, האָט מען מיך אויפגענומען זייער וואַרעם. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז איינער פון דער משפחה איז אַרעסטירט געוואָרן אין יאָר 1937 פאַר ציוניסטישער טעטיקייט און האָט „אַריינגעכאַפּט" 8 יאָר. איך בין תיכף געוואָרן ווי אַן אייגענער אין דער משפחה. אין שטאָט זיינען דאָ אַ סך אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען — גרויסע פאַבריקן און זאַוואָדן — און שוין אין די ערשטע טעג איז קלאָר געווען, אַז אין אַ סך ערטער נויטיקט מען זיך אין עקאָנאָמיסטן. אָבער מיינע נייע פריינד זיינען ניט געווען אָפּטימיסטיש און זיי זיינען געווען גערעכט. באָברויסק איז דאָך אויך אַ סאָוועטישע שטאָט און אַלע פּאַרטייאישע, סאָוועטישע און אַנדערע אָנפירנדע קאַדרען פון שטאָט ווילן ניט אָפּשטיין אויפן געביט פון „וואַכזאַמקייט" פון זייערע חברים אין דער קאָנט־שטאָט... זיי ווייסן אויך זייער גוט, וואָס עס באַדייט דער שטעמפּל אין מיין פּאַספּאָרט. איז צוליב וואָס דאַרפן זיי קריכן מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנק בעט? אָט די פראַזע האָט מיר געזאָגט דער דירעקטאָר פון אַ האָלץ־באַאַרבעטונג־קאָמבינאַט. באַלד אין אָנהויב, ווען איך בין געקומען צו אים און אים באַוויזן מיין דיפּלאָם, האָט ער מיך געוואָלט קושן:

— טייערער מיינער, דו ראַטעוועסט מיך פּשוט. איך נויטיק זיך אין דעם אָנפירער פון פּלאַנירונג אָפּטיילונג, אין אַן עלטערן עקאָנאָמיסט און אין אַן עקאָ־נאָמיסט. מיין קאָמבינאַט האָט אַן אייגן הויז פאַר די אינזשינער־טעכנישע אַר־בעטער און איך וועל דיר תיכף געבן אַ דירה. איך וועל דערווייל נאָמינירן דיך אויף דעם פּאָסטן פון עלטערן עקאָנאָמיסט. מסכים? זייער גוט. גיי אין קאַדרען אָפּטייל און פּיל אויס דאָרט די אַנקעטע. מען קען דאָך ניט אויסקומען אָן דער ביוראָקראַטיע. וואָס קען מען העלפן...

און ווען דער נאַטשאַלניק פון קאַדרען־אָפּטייל איז אין איינעם מיט מיר ווידער געקומען צו דעם דירעקטאָר און דער דירעקטאָר האָט איבערגעלייענט מיין אַנקעטע און איבערגעלייענט מיין באַפרייונגס־דאָקומענט, ווי אויך עטלעכע מאָל איבערגעקוקט מיין נייעם סאָוועטישן פּאַספּאָרט, האָט דער מיט אַ האַלבער שעה צוריק התלהבותדיקער דירעקטאָר געזאָגט:

— וואָס זשע האָסטו מיר גלייך ניט געזאָגט? צוליב וואָס האָסטו אָנגעהויבן פון דיפּלאָם? איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, איך וויל ניט שפּילן אין זשמורקעס;

צוליב וואָס דאַרף איך קריכן מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנק בעט? ניטאָ קיין אַרבעט ביי מיר...

און אַזוי האָב איך זיך אַרומגעדרייט אַרום 2 חדשים. איך האָב שוין באַ־שטימט צו גיין אויף שוואַרצער, פיזישער אַרבעט; צו אַזאַ ווי אין מאַליעוו אויף דער שטיין־בראָך אונטערנעמונג ווו איך האָב געקענט געפינען אַ שווערע פיזישע אַרבעט מיט אַ צוזאַמענוווינונג מיט אַ „פּראָפּיסקע" און וואַרטן אויף בעסערע צייטן. עס איז ניט געווען קיין שום פּערספּעקטיוו און האָפענונג צו אַרבעטן אַלס עקאָנאָמיסט, צו געפינען אַ דירה מיט דער פאַרכישופטער „פּראָפּיסקע", אָנהויבן לעבן נאָרמאַל און צו נעמען צו זיך דעם זון...

אָבער עס האָט פּאַסירט אַ מאָדנער, אומפאַרשטענדלעכער צופאַל. מען האָט מיר דערציילט אַז אויף דער באָברויסקער קאָנדיטאָריי־פאַבריק — זייער אַ גרויסע אונטערנעמונג, אין וועלכער עס זיינען באַשעפטיקט אַרום 700 אַרבעטער — נויטיקט מען זיך אין דעם פאַרוואַלטער פון פּלאַנירונג־אָפּטייל. מיט עטלעכע טעג צוריק האָט געטראָפן אַן אומגליק — דער פאַרוואַלטער פון פּלאַנירונג־אָפּטייל איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַקע. מיינע פריינד ביי וועלכע איך געפין זיך, טענהן אַז איך מוז תיכף לויפן אַהין. זיי קענען דעם דירעקטאָר — ער איז אַ ייד און זייער אַ לייטישער מענטש. ער איז, פאַרשטייט זיך, אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פילט אויס אַלע דירעקטיוון פון דער פּאַרטיי, אָבער ס'איז דאָך ניטאָ קיין געשריבענער דירעקטיוו — ניט צו נעמען אַזעלכע מענטשן ווי איך אויף אַרבעט. און זאַמדוויס — דער דירעקטאָר פון דער קאָנ־דיטאָריי־פאַבריק — האָט ליב צו טאָן יידן טובות. אַזאַ „שוואַכקייט" האָט ער.

בין איך אַוועקגעלאָפן אויף דער קאָנדיטעריי־פאַבריק אויסצונוצן די „שוואַכקייט" פון איר דירעקטאָר. און איך האָב ביי זאַמדוויסן אין קאַבינעט ניט אָנגעהויבן פון דיפּלאָם. איך האָב אָנגעהויבן פון דער באַגעגעניש מיט דעם נקוו"ד אויפן וואָקזאַל אין מינסק, דערציילט וועגן אַלע מאַטערנישן אין מאַליעוו און באָברויסק. און געענדיקט מיין גרויסן מאָנאָלאָג אַזוי:

— ווי איר זעט, חבר זאַמדוויס, בין איך אַ דיפּלאָמירטער קאָנטר־רעוואָלו־ציאָנער. אָנשטאָט 3 יאָר, לויט דער נאָרמע, האָב איך געהאַקט די וועלדער פון ב. ב. ק. כמעט 6 יאָר. איך האָב ניט רעכט צו לעבן אין 60 שטעט פון ראַטן־פאַרבאַנד. מיין ווייב זיצט אין קאָלימאַ. מיינער אַ ברודער זיצט אין קאָלימאַ. מיינער אַ צווייטער ברודער איז שוין מסתמא, פון דער לוביאַנקע, אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף יענער וועלט. מיינער אַ שוואָגער זיצט — איך ווייס ניט ווו. איך וויל איר זאָלט וויסן מיט וועמען איר האָט צו טאָן...

זאַמדוויס איז געזעסן שטיל, פאַרטראַכט, ניט איבערגעהאַקט מיינע רייד, וועלכע איך האָב אויסגעשריִען פון דער האַרץ־טיפעניש. דערנאָך האָט ער גע־פרעגט:

— איר האָט שוין געענדיקט? אַלץ דערציילט? אפשר האָט איר פאַרגעסן צו דערציילן אַז ערגעץ אין סיביר זיצט אַ פעטער, אָדער אַ מומע? ניט פאַרגעסן? איז הערט זשע אויפמערקזאַם. אַלץ וואָס איר האָט דאָ גערעדט וועגן דעם ווייב, וועגן ברידער און שוואָגער האָב איך ניט געהערט. איר פאַרשטייט? און רעדט ניט קיין נאַרישקייטן. אין דער אַנקעטע זיינען די פראַגעס ניטאָ. איז רעדט ניט וועגן דעם, דאָס איז ערשטנס. און צווייטנס, זאָגט מיר: די אַרבעט פון פּלאַנירונג קענט איר?

— איך האָב פאַרגעסן, חבר זאַמדוויס, באַווייזן אייך מיין דיפּלאָם. איך בין אַן אינזשינער־עקאָנאָמיסט. פאַרשטייט זיך, פאַר די 6 יאָר בין איך אָפּגעשטאַנען, נאָר איך טראַכט אַז איך וועל באַהערשן די אַרבעט.

— האָט איר דווקא געדאַרפט אָנהויבן פון דיפּלאָם און ניט דרייען מיר אַ קאָפּ וועגן אייער שוואָגער. איר קלייבט זיך צו בעמען אייער זון צו זיך? איך פרעג דערפאַר ווייל איך טראַכט וועגן אַ דירה. מיר האָבן אונדזער אייגן הויז. מיר האָבן עס אויסגעבויט פאַר אונדזערע אַרבעטערס. איך וועל אייך דערווייל געבן אַ דירה פון איין צימער מיט אַ קיכעלע. און אין אַ צייט אַרום וועט זיך אפשר באַפרייען אַ דירה פון צוויי צימערלעך.

זאַמדוויס האָט אַרויסגערופן צו זיך דעם שעף פון קאַדרען־אָפּטייל. איך האָב אויסגעפילט די אַנקעטע אין קאַבינעט פון זאַמדוויס. ער האָט באַפוילן צו נאָמי־נירן מיך אַלס פאַרוואַלטער פון פּלאַנירונג־אָפּטייל. שוין אויף מאָרגן אין דער פרי האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן. אין אָוונט האָב איך זיך אַריינגעקליבן אין מיין נייער דירה. די „פּראָפּיסקע" האָט געמאַכט דער קאָמענדאַנט פון דעם הויז. איך בין אַפילו ניט געגאַנגען מיט מיין פּאַספּאָרט אין דער מיליציע. איך בין געוואָרן אַ געזעצלעכער בירגער פון דער שטאָט באָברויסק. איך האָב שוין אַ „פּראָפּיסקע". איך קען שוין מיט שטאָלץ זאָגן די ווערטער פון גרויסן פּאָעט: „קוקט און זייט מקנא — איך בין אַ בירגער פון ראַטן־פאַרבאַנד"...

# 12
# די מלחמה

דאָס לאַנד האָט געבליט אין שווונג פון שעפערישער אַרבעט און בויונג אויף אַלע געביטן פון לעבן. דער סאָציאַליזם איז שוין געווען אויסגעבויט. מען האָט אָנגעהויבן בויען דעם קאָמוניזם. דער באַוווסטער מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־פּאַקט וועלכער איז אונטערגעשריבן געוואָרן אין אויגוסט פון יאָר 1939 איז פּאַרגע־שטעלט געוואָרן ווי אַ גוואַלדיקער נצחון פון דער סאָוועטישער אויסערן־פּאָליטיק און פון דער סאָוועטישער דיפּלאָמאַטיע. דער אָפּמאַך האָט פאַרזיכערט די מערב־גרענעצן פון ראַטן־פאַרבאַנד. די סאָציאַליסטישע מדינה האָט דעראָבערט אַ מעכ־טיקן פריינד. דער מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־פּאַקט האָט, חוץ זיין קאָלאָסאַלע עקאָ־נאָמיש־מיליטערישע באַדייטונג אויך געהאַט אַ וויכטיקע אידעאָלאָגיש־גייסטיקע אויסשפּראַך: עס האָבן זיך צונויפגעבונדן צווי הערשנדיקע סאָציאַליסטישע שטראָ־מען — דער לעניניסטיש־סטאַליניסטישער סאָציאַליזם מיט דעם היטלעריסטישן נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם. דער ראַטן־פאַרבאַנד איז געווען געטריי דעם דאָזיקן היס־טאָרישן צונויפבונד. די סאָוועטישע קאָמוניקאַציע־מיטלען, ווי די פּרעסע, ראַדיאָ, טעלעוויזיע א״אַ — האָבן טעגלעך טרומייטערט אַ לויב־מוזיק פאַר דער דייטשי־שער רעפּובליק און איר פירער היטלער. מען האָט באַגייסטערט אינפאָרמירט וועגן דעם גרויסן נצחון־מאַרש פון די היטלעריסטישע חילות קעגן דעם אימפּעריאַליס־טישן מערב.

מען האָט קאַטעגאָריש פאַרבאָטן וועלכע ניט איז קריטיק איבער דייטשלאַנד. מען האָט פאַרבאָטן צו דרוקן וועלכע עס איז אַנטי־פאַשיסטישע מאַטעריאַלן און מען האָט פאַרווערט די ביבליאָטעקן צו געבן די לייענערס אַנטי־פאַשיסטישע, אָדער, אין וועלכן ניט איז זין, אַנטי־דייטשישע ביכער. מען האָט פאַרבאָטן צו דעמאָנסטרירן אין קינאָ דעם פילם „די משפּחה אָפּענהיים" לויט פויכטוואַנגערן, מיט דעם אָנטייל פון דעם יידישן אַקטיאָר שלמה מיכאָעלס. וואָסער עס איז אַרויס־טרעטונג קעגן דייטשלאַנד, אָדער וועלכער ס׳איז רמז פון קריטיק קעגן היטלע־ריזם, איז קוואַליפיצירט געוואָרן ווי אַנטי־סאָוועטישע אַגיטאַציע און דערפאַר האָט מען באַקומען דריי, פינף אָדער אַכט יאָר לאַגער. איך פערזענלעך האָב אין דער ערשטער העלפט פון 1940 באַגעגנט אין ב.ב.ק. נייע אַרעסטאַנטן, באַשולדיקטע

לויט דעם פונקט 58/10 פאַר קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע, וואָס איז באַ־שטאַנען אין דעם וואָס זיי האָבן זיך אַרויסגעזאָגט אויף אַן אופן וואָס האָט גע־קענט אויסגעטייטשט ווערן, ווי קעגן דעם פּאַקט מיט דייטשלאַנד. זעלבסטפאַר־שטענדלעך, אַז מען האָט ניט געטאָרט דערמאָנען אַ וואָרט וועגן דעם צעבושע־ווען אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד. אין דער מינסקער יידישער טעגלעכער צייטונג „אָקטיאַבער" האָט מען ניט געקענט געפינען אַפילו אַ רמז וועגן נאַצישן אַנטיסעמיטיזם. דאָס סאָוועטישע יידנטום און די סאָוועטישע געזעלשאַפטלעכקייט בכלל האָבן אויך מיט עטלעכע יאָר שפּעטער קיין אַנונג ניט געהאַט וועגן אויש־וויץ, מאַידאַנעק און אַלע איבעריקע פאַרניכטונגס־לאַגערן.

די סאָוועטישע רעגירונג איז געטריי אירע אָפּמאַכן. נאָך דעם באַוווסטן מאָלאָ־טאָוו־ריבענטראָפּ־פּאַקט האָט מען אָנגעהויבן אינטענסיוו באַזייטיקן יידן פון אָנגע־זעענע פּאָזיציעס אויף אַלע געביטן פון פּאַרטייִישן און אויך מלוכהשן אַפּאַראַט. דאָס איז אויך געווען אַ פריינדשאַפטס־זשעסט לגבי דעם הויך־געשעצטן פריינד — דעם „פיורער" פון דייטשישן נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם — אַדאָלף היטלער...

דאָס לאַנד האָט געבליט. רוסלאַנד האָט אויסגעברייטערט אירע גרענעצן און פאַרגרעסערט די אימפּעריע. מען האָט באַפרייט די ברידער־אוקראַיִנער און די ברידער־ווייסרוסן פון דער פּוילישער אונטערדריקונג. מען האָט איינגעשלאָסן אין באַשטאַנד פון ברידערלעכן פאַרבאַנד פון די סאָציאַליסטישע רעפּובליקן אויך ליטע, לאַטוויע און עסטאָניע, „לויט דער בקשה פון די פעלקער פון די לענדער", פאַר־שטייט זיך.

און פּלוצלינג, אין אַ רויִקן, זומערדיקן, זונטיקדיקן פרימאָרגן, האָבן הונדער־טער אַעראָפּלאַנען „יונקערס" און „מעסערשמידן" אַראָפּגעשליידערט טויזנטער באָמבעס אין צענדליקער שטעט פון דער בליִענדיקער, רויִקער, זעלבסט־צופרי־דענער מדינה. זיי האָבן אָנגעזאָגט די שרעקלעכע בשׂורה: מ ל ח מ ה.

זונטיק, דעם 22סטן יוני 1941, 5.30 אין דער פרי, האָב איך זיך אויפגע־כאַפּט פון שלאָף: ניט ווייט פון אונדזער הויז האָט אויפגעריסן אַ גרויסע באָמבע. די באָמבע האָט תּיכף געבראַכט 14 קרבנות. אין דעם פרימאָרגן, אין דעם ערשטן פרימאָרגן פון דער דייטש־סאָוועטישער מלחמה איז פאָרגעקומען אַ מאַסיווער אָנפאַל פון אַ צענדליק דייטשע באָמבאַרדירערס אויף דער שטאָט באָברויסק וועלכע איז געווען מער ווי 400 קילאָמעטערס פון דער דייטשישער גרענעץ. 7 אַ זייגער אין דער פרי האָט די ראַדיאָ פון מאָסקווע איבערגעגעבן וועגן דעם פאַררעטערישן אָנפאַל פון דייטשלאַנד אויף רוסלאַנד. באַלד אין דעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה, ממש אין די ערשטע שעהען, האָט שוין אין דער שטאָט באָברויסק געהערשט אַ גוואַלדיקער כאַאָס.

ס'האָבן זיך באַוויזן גרויסע רייען אין די קראָמען נאָך ברויט און אַנדערע

פּראָדוקטן, דער טראַנספּאָרט אין שטאָט האָט שוין כּמעט ווי ניט פונקציאָנירט. ביי טאָג איז דורכגעפלויגן אַ דייטשער אַעראָפּלאַן און אַראָפּגעוואָרפן טויזנטער דייטשישע פלוגבלעטלעך. די פלוגבלעטלעך האָבן דערציילט אַז זיי, די דייטשן, קעמפן קעגן יידן און באָלשעוויקעס. דער באָלשעוויזם איז געשאַפן געוואָרן דורך יידן. די פיינט פון דער מענטשהייט זיינען יידן. דער ציל פון דער מלחמה איז אויסצוראָטן און צו פאַרניכטן די יידן און דעם באָלשעוויזם און צו ברענגען וווילשטאַנד דעם רוסישן פאָלק... דעם 22סטן יוני ביי נאַכט — אין דער ערשטער נאַכט פון דער מלחמה — איז שוין געווען אַ מורא צו גיין איבער די באָברויסקער גאַסן. עס האָבן שוין געבושעוועט כוליגאַנעס און רויבערס. קיין איין מיליציאָנער האָט מען אין גאַס שוין ניט געזען. די שטאָט־גאַסן זיינען ווי אויסגעשטאָרבן. מענטשן זיינען געווען פאַרהאַקט אין זייערע דירות.

מאָנטיק, דעם 23סטן יוני, אויפן צווייטן טאָג פון דער מלחמה, האָט שוין די גרויסע קאָנדיטעריי־פאַבריק ניט געאַרבעט. אַרום 600 מענטשן זיינען געווען אויף דעם הויף פון דער פאַבריק, נאָר ניט צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. מען האָט געשריִען, געפאָדערט. קיינער האָט ניט געוווּסט וואָס ער שרייט און וואָס ער פאָדערט. מען האָט געטענהט אַז ס'איז אַ מורא צו אַרבעטן ווייל עס קענען פאַרקומען אָנפליִען פון די דייטשן. און ווי אַ באַשטעטיקונג אויף דער טענה, איז טאַקע פלוצים פאָרגעקומען אַן אָנפלי פון דייטשישע באָמבאַרדירער — מען האָט באָמבאַרדירט די אַזוי גערופענע באָברויסקער פעסטונג און אויך דעם צענטער פון שטאָט. דער דירעקטאָר האָט געפּרוּווט באַקומען דירעקטיוון פון שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט און פון שטאָט־ראַט, אָבער ער האָט ניט מצליח געווען. ער האָט ניט באַקומען קיין טעלעפאָן־פאַרבינדונג. צום סוף האָט זאַמדוויס באַפוילן, מען זאָל זיך פונאַנדערגיין. אָבער דער המון האָט אַטאַקירט די סקלאַדן פון רויוואַרג (צוקער, שאָקאָלאַד, קאַקאַאָ א״אנד.) און אויך די מאַגאַזינען פון דער פאַרטיקער פּראָדוקציע (פאַרשיידענע צוקערקעס, שאָקאָלאַד, כאַלווע, מאַרמעלאַד). דער אַזוי גערופענער דרייווינקל פון פאַבריק — דער דירעקטאָר, סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע און פאָרזיצער פון פאַבריק־קאָמיטעט — האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס און זיך נישט אַריינגעמישט.

ס'איז געווען קלאָר אַז אויב באָברויסק ווערט שוין אין דעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה באָמבאַרדירט, איז מינסק זיכער אין צענטער פון די דייטשע אַטאַקעס. מינסק איז אַ סך נעענטער צו דער דייטשער גרענעץ און שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויסן סטראַטעגישן אָביעקט. מיין ערשטער געדאַנק איז געווען: מען דאַרף אַרויסנעמען פון מינסק מיין זון מיט פריידלען. אָבער אַלע מיינע פּרוּוון צו פאָרן קיין מינסק זיינען ניט געלונגען. אויף דער באָברויסקער אייזנבאַן־סטאַנציע האָט געהערשט אַ פולשטענדיקער כאַאָס. די אייזנבאַן־ליניעס זיינען געווען פאַרשטאָפּט. די מיליטערישע קאָמאַנדירן זיינען אַרומגעלאָפן מיט רע־

וואָלוווערן אין די הענט און מיט דראַאונגען געפּאָדערט תיכּף אָפּצושיקן זייערע מיליטערישע עשאַלאָנען. קיין שום רייד וועגן אַ פּאַסאַזשירן־קאָמוניקאַציע האָט ניט געקענט זיין. די אַווטאָבוס־באַוועגונג האָט זיך אָפּגעשטעלט. פאַרשיידענע אויטאָס זיינען בכלל נעלם געוואָרן, ווייל ווען עס האָט זיך באַוויזן אַ מאַשין פלעגט זי תיכּף ווערן פאַרכאַפּט דורך מענטשן, אָנגעטאָנענע אין מיליטערישע מונדירן, מיט געווער אין די הענט. ווידער גיין צו פוס קיין מינסק האָט ניט געהאַט קיין שום זין — ס'איז געווען איבער 100 קילאָמעטער. אַ טעלעפאָן־פאַרבינדונג מיט מינסק איז געווען אויסגעשלאָסן. ווען איך בין געקומען אויף דער צענטראַלער טעלעפאָן־סטאַנציע אין שטאָט און געבעטן אַ געשפּרעך מיט מינסק, האָט מען אויף מיר געקוקט ווי אויף אַ משוגענעם.

אין באָברויסק זיינען געווען איבער 30 טויזנט יידן. אַ סך האָבן פאַרשטאַנען אַז עס דראָט זיי אַ גוואַלדיקע סכּנה. און שוין אויפן צווייטן טאָג פון דער מלחמה, האָבן טויזנטער יידישע משפּחות אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די שטאָט און גיין צו פוס אין דער ריכטונג פון מזרח. וווּהין? מען האָט ניט געוווּסט ווו מען גייט, אָבער מען איז געגאַנגען. טייל יידן האָבן ריכטיק אָפּגעשאַצט די לאַגע. פאַר זיי זיינען גענוג געווען די דייטשישע פלוג־בלעטלעך וועלכע זיינען כּסדר אַראָפּ־געוואָרפן געוואָרן. אַ סך פון אָט די צופוס־גייער זיינען אומגעקומען אין וועג, אָבער די מערהייט האָט זיך סוף־כּל־סוף דערשלאָגן קיין אוזבעקיסטאַן, קאַזאַכ־סטאַן און אַנדערע ערטער און זיי זיינען געראַטעוועט געוואָרן. אַ סך יידן אָבער וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין ריכטיקע אינפאָרמאַציע פון דער סאָוועטישער פּרעסע און ראַדיאָ וועגן דער נאַציסטישער אויפפירונג לגבי יידן, האָבן געוואָלט גלויבן אין דער דייטשישער „קולטור" און זיי זיינען ניט אַנטלאָפן. און זיי זיינען אַלע אומגעקומען אין די געטאָס. איך שרייב דאָס ניט ווי אַ השערה, אָדער, אַזוי צו זאָגן, לתפארת המליצה. איך שטרייך עס אונטער ווי אַ פאַקט. מיינע צוויי שוועסטער מיט זייערע קינדערלעך זיינען אומגעקומען אין מינסקער געטאָ. נאָך דער מלחמה האָב איך געפּרוווּט אויספאָרשן, פאַר וואָס זיינען זיי ניט אַנטלאָפן ווי צענדליקער טויזנטער אַנדערע יידן פון שטאָט. מינסק איז פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן דעם 27סטן יוני — אויף דעם 6סטן טאָג פון דער מלחמה. מיין שוועסטער בתיה מיט די קינדער האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן. מיין זון האָט מען אויך אַרויסגעפירט פון שטאָט. אַ סך קרובים זיינען אַנטלאָפן. פאַר וואָס אָבער איז דאָרט פאַרבליבן מיין שוועסטער שפרה מיט אירע צוויי קינדערלעך? וואָס איז געווען די סיבה? דאָס האָט זיך מיר ניט איינגעגעבן אויסצופאָרשן. וואָס נוגע מיין שוועסטער סאָניע, מיט אירע צוויי קינדערלעך, האָב איך זיך דער־וווּסט גענוי וואָס מיט איר איז געשען. מיין שוועסטערקינד אַלטע האָט מיר דערציילט אַז זי האָט זיך באַגעגנט מיט סאָניען דעם 24סטן יוני און האָט איר געפּרוווּט איינרעדן זי זאָל אַנטלויפן פון מינסק. סאָניע האָט אָבער געטענהט,

אַז זי וועט גיין צום שוועד וועלכער וווינט אין אַ כוטאָר 12 קילאָמעטער פון מינסק, ווייט פון די הויפּט־טראַקטן. דאָרט איז רויִק, דאָרט באָמבאַרדירט מען ניט. דער שוועד איז איבערצייגט אַז ער קען די דייטשן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און ער האַלט אַז זיי וועלן ניט אויסשעכטן גלאַט אַזוי קיין מענטשן... אַלטע איז אַרויס אין איינעם מיט סאָניען פון שטאָט. אַלטע האָט זיך אַוועק־געשלעפּט מיט אַ גרויסן שטראָם יידן אויף מזרח און סאָניע מיט אירע צוויי קינדערלעך זיינען אַוועק אין שטילן כוטאָר... אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט מען אַלע יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך און אויך פון דעם שטילן כוטאָר אַריינ־געטריבן אין מינסקער געטאָ...

אַזעלכע פאַלן זיינען מיר באַוווסט אַ סך. מען טאָר ניט, פאַרשטייט זיך, פאַרשטעלן, אַז אַלע יידן פון ראַטן־פאַרבאַנד וועלכע זיינען אומגעקומען אין די געטאָס, זיינען פאַרבליבן אין זייערע וווינונגס־ערטער און ניט אַנטלאָפן פון דאָרט איידער די דייטשן זיינען געקומען נאָר צוליב דער דאָזיקער סיבה. אַ סך האָבן פשוט ניט באַוויזן צו אַנטלויפן. די דייטשן האָבן אַטאַקירט מיט אַזאַ בליץ־טעמפּאָ וואָס האָט ניט געגעבן די מעגלעכקייט צו אַנטלויפן. אָבער ס׳איז פאַראַן דער יסוד צו טענהן אַז איינע פון די סיבות פון אומקום פון אַ באַדייטנדיקן טייל פון די סאָוועטישע יידן אין די געטאָס, איז געווען דער סאָוועטישער אייזערנער פאָרהאַנג פון איין זייט און די איינזייטיקע, סעלעקטיווע, שטרענג־צענזורירטע און פאַלסיפיצירטע אינפאָרמאַציע אין לאַנד פון דער צווייטער זייט.

איך בין געווען פריי פון מיליטער־דינסט און ניט גערעכנט זיך פאַר קיין רעזערוויסט. ווען איך האָב באַקומען די „פּראָפּיסקע" און געוואָרן אַ געזעצלעכער בירגער פון שטאָט, בין איך געקומען אין מיליטערישן קאָמיסאַריאַט כדי זיך צו מעלדן אַלס רעזערוויסט. ווען מען האָט דורכגעקוקט מיינע דאָקומענטן, האָט מען מיר געמאָלדן אַז איך בין פריי פון מיליטער־דינסט. אַזאַ שטעמפּל איז געשטעלט געוואָרן אין מיין פּאַספּאָרט. איך האָב געהאַט די יורידישע רעכט צו לאָזן זיך מיט דעם שטראָם יידישע פּליטים אויף מזרח און אויסמיידן די מלחמה מיט אַלע אירע גוואַלדיקע סכנות. אָבער איך האָב באַשטימט אַז מיין חוב איז קעמפן מיט דעם נאַציזם און מיין אָרט איז אין דער אַרמיי. איך האָב באַשטימט איינצושליסן זיך אין אַ מיליטערישער אייניקייט און גיין אויף דעם פראָנט. אין באָברויסקער מיליטערישן קאָמיסאַריאַט האָט געהערשט אַ שרעקלעכער כאַאָס און מהומה. דער קאָמיסאַר און זיינע מענטשן האָבן ניט געוווסט אויף וואָסער וועלט זיי זיינען און זיי האָבן זיך געאיילט פּטור ווערן פון גאַנצן טומל. מען האָט שוין, פאַרשטייט זיך, ניט קאָנטראָלירט קיין דאָקומענטן און מיך מיט אַ גרופּע יונגע לייט (אַגב אַלע יידן) האָט מען אַרויפגעזעצט אויף אַ לאַסט־מאַשין און אָפּגעשיקט קיין מאָליעוו. דאָרט בין איך דעם 25סטן יוני, ד. ה. אויף דעם פערטן טאָג פון דער מלחמה, איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער 161סטער אינפאַנטעריע־דיוויזיע, וועלכע

האָט זיך פֿאַרמירט אויסשליסלעך פֿון פּרייוויליקע און רעזערוויסטן. אַגב, איך האָב תּיכּף ומיד צעריסן מיין פּאַספּאָרט. קיינער האָט אויף אים ניט געפֿרעגט און קיינעם האָט ער ניט אינטערעסירט. איך האָב באַשטימט אַז אויב איך וועל בלייבן לעבן, וועל איך שוין באַקומען אויפֿן סמך פֿון מיינע מיליטערישע דאָקו־מענטן אַ נייעם פּאַספּאָרט אין וועלכן עס וועט שוין ניט זיין דער פֿאַרשאָלטענער שטעמפּל...

די פֿאָרמירונג פֿון דער דיוויזיע האָט געדויערט אין גאַנצן 4 טעג — מען האָט זיך געאיילט אין שלאַכט. נאָר שוין אין דער צייט פֿון פֿאָרמירונג, איידער מען איז אַוועק אין שלאַכט, האָבן מיר געהאַט היפּשע פֿאַרלוסטן — געהרגעטע און פֿאַרוווּנדעטע — פֿון אַ מאַסיווער לופֿט־אַטאַקע פֿון דער דייטשישער אַווי־אַציע. ווי עס ווייזט אויס האָבן די דייטשן באַקומען פּינקטלעכע ידיעות וועגן דעם אָרט פֿון דער פֿאָרמירונג פֿון דער דיוויזיע. כאַראַקטעריסטיש אַז אין דער נייער דיוויזיע זיינען אין אָנהויב געווען אַרום 55־60 פּראָצענט יידן. כּמעט אַלע פּרייוויליקע זיינען געווען יידן. עס זיינען געווען יידן פֿון מאָליעוו, באָברויסק, פּאַריטש, זשלאָבין, שטשעדרין און דער אַרומיקער געגנט. נאָר דער דאָזיקער באַשטאַנד האָט אָנגעהאַלטן ניט לאַנג. נאָך יעדע שלאַכט וועלכע פֿלעגט זיך ענ־דיקן מיט גוואַלדיק גרויסע קרבנות, האָט זיך דער צוזאַמענשטעל פֿון דיוויזיע געביטן און די צאָל יידן איז געוואָרן קלענער.

און אויך אין דער שטאָט מאָליעוו וועלכע איז געווען אין טיפֿן הינטער־לאַנד, האָט געהערשט אַ כאַאָס און פּאַניק. די פּאַרטייִישע און סאָוועטישע אָנפֿי־רונג האָט פֿאַרלאָזן די שטאָט. קיין מיליציע האָט מען שוין ניט געזען. די גאַסן זיינען געווען פֿול מיט מענטשן, איבערהויפּט יידן, וועלכע האָבן געזוכט אַ מעג־לעכקייט אַרויסצופֿאָרן פֿון שטאָט אויף מזרח. אָבער קיין טראַנספּאָרט איז נישט געווען מעגלעך צו געפֿינען. איך האָב מיין ברודער הערשל געפֿונען איינעם אַליין אין זיין דירה. ברייניקע מיט די קינדער זיינען אַוועקגעפֿאָרן פֿון שטאָט. ווּהין, האָט ער נישט געוווּסט.

— פֿאַר וואָס ביסטו ניט געפֿאָרן אין איינעם מיט דיין ווייב און קינדער?

— האָב איך געפֿרעגט הערשלען. — דו ביסט דאָך, לויט דיין געזונט־צושטאַנד, פֿריי פֿון מיליטער־דינסט.

— דער דירעקטאָר פֿון מיטל־שול האָט מיר באַפֿוילן צו בלייבן אויף זיין אָרט. די מיטל־שול דאַרף פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל, מוז איך צייטווייליק זיין דאָ.

— איז פֿאַר וואָס איז דער דירעקטאָר אַליין ניט פֿאַרבליבן? ער איז דאָך דער פֿאַראַנטוואָרטלעכער און ער איז דאָך אַ מיטגליד פֿון שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט.

— איך ווייס ניט. דער דירעקטאָר איז אַוועקגעפֿאָרן מיט זיין פֿאַמיליע אויף

דער לאַסט־מאַשין פון דער מיטל־שול. ער האָט מסכּים געווען צו נעמען ברײנקען מיט די קינדער מיט זיך אָבער נאָר מיט דעם תּנאַי אויב איך וועל פאַרבלייבן אויף זיין אָרט.

דעם 27סטן יוני האָט זיך מיר ווידער איינגעגעבן צוצולויפן צו הערשלען, אָבער זיין דירה איז געווען פאַרהאַקט און איך האָב אים ניט געפונען. נאָך דער מלחמה האָט הערשל דערציילט אַז דעם 26סטן יוני, נאָך דעם ווי עס איז פאָר־געקומען אַ גרויסע באָמבאַרדירונג פון דער דייטשישער אַוויאַציע, האָט ער פאַר־לאָזן די שטאָט און צופוס אַוועק אויף מזרח.

דעם זעלבן טאָג, לויפנדיק פון מיין ברודערס דירה צו מיין מיליטערישן טייל, האָב איך זיך פּלוצלינג באַגעגנט אין גאַס מיט רייזל אַקסעלראָד. זי איז געלאָפן פון מינסק. ווו אירע עלטערן זיינען — ווייס זי ניט. זי האָט זיי פאַר־לאָרן. רייזל האָט דערציילט וועגן דער שרעקלעכער פּאַניק וואָס הערשט אין מינסק. די שטאָט ווערט באָמבאַרדירט טאָג און נאַכט און איז שוין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין חורבות. רייזל האָט דערציילט וועגן דעם גרויסן פאַרברעכן וואָס איז נעכטן, דעם 26סטן יוני 1941, געשען מיט איר ברודער זעליק. מען האָט אים, אין איינעם מיט אַלע איבעריקע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן, וועלכע זיינען געווען אין דער מינסקער צענטראַלער טורמע, דערשאָסן אויפן הויף פון דער טורמע. רייזל איז געווען ווי פאַרשטאַרט. זי האָט שוין ניט געקענט וויינען. זי האָט זיך אַוועקגעשלעפּט אין דער וועלט אַריין און איך בין אַוועק צו זיך אין דעם מיליטערישן טייל.

דעם 30סטן יוני 1941 האָב איך, ווי אַ סאָלדאַט פון 161סטער פּעכאָטנער דיוויזיע, אַוועקמאַרשירט צום פראָנט, כּדי אָנטייל צו נעמען אין די שלאַכטן.

איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין וואָס עס קומט פאָר אין לאַנד שוין אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה. איך רעד ניט וועגן דעם וואָס שוין פון די ערשטע מלחמה־טעג האָט מען איבערגעפירט די באַפעלקערונג פון ראַטן־פאַר־באַנד אויף האַלב־הונגער־נאָרמעס ביים באַקומען שפּייז־פּראָדוקטן — צו דעם איז די באַפעלקערונג געווויינט. דאָס פאַרשטייט מען און וועגן דעם זיינען קיין טענות ניטאָ. דער פראָנט דאַרף ברויט!... איך רעד אויך ניט וועגן דעם וואָס אין טיפן הינטערלאַנד — אַפילו 400־500 קילאָמעטער פון פראָנט — איז שוין דעם ערשטן מלחמה־טאָג פאַראַליזירט געוואָרן דער טראַנספּאָרט און הונדערטער טויזנטער מענטשן, פאַרוואַנדלטע אין פּליטים, האָבן פאַרפּלייצט די וועגן, זיך געשלעפּט הילפלאָזע, הונגעריקע מיט קליינע קינדער אויף די הענט און קיינער פון די מאַכט־אָרגאַנען האָט ניט געטראַכט וועגן אָרגאַניזירן די עוואַקואַציע פון די אומ־גליקלעכע מענטשן. דאָס האָט מען אויך פאַרשטאַנען — טראַנספּאָרט איז נויטיק

דעם פּראָנט... אָבער ווי קען מען פאַרשטיין, וואָס די פּאַרטייִישע און סאָוועטישע אָנפירער פון שטעט און פאַרשיידענע ישובים אין לאַנד אַנטלויפן די ערשטע און לאָזן אויף הפקר די באַפעלקערונג? איך רעד ניט וועגן שטעט און ישובים וועלכע געפינען זיך אין תחום פון פראָנט. איך רעד וועגן שטעט און ישובים וועלכע האָבן זיך געפונען 400־500 קילאָמעטער ווייט פון פראָנט, אַזוי ווי, למשל, די שטעט באָברויסק און מאָליעוו אין וועלכע איך בין פּערזענלעך געווען. און ווי אַזוי קען מען פאַרשטיין דאָס וואָס די אַרבעטער פון דער באָברויסקער קאָנדי־טעריי־פאַבריק האָבן זיך דערוועגט אין די אויגן פון די אָנפירער פון פאַבריק, צו צעראַבעווען הונדערטער טאָנען צוקער, שאָקאָלאַד, קאָנפעטן א״אַ פּראָ־דוקטן, און די אָנפירער פון דער פאַבריק האָבן גלייכגילטיק דאָס צוגעקוקט און אַפילו ניט געפּרוווט אָפּשטעלן די אַרבעטער פון אָט דעם רויב?

און אפשר איז דאָס דווקא יאָ פאַרשטענדלעך. אפשר איז דאָס אַן אומפאַר־מיידלעכער רעזולטאַט פון דעם הערשנדיקן סיסטעם אין לאַנד — אַ סיסטעם פון פעטישיזירטן צענטראַליזם. דער דירעקטאָר פון פאַבריק האָט ניט די רעכט אַליין צו טראַכטן און צו באַשטימען. ער מוז טאָן וואָס דער צענטר הייסט טאָן. ער מוז טאָן וואָס די פּאַרטיי דיקטירט אים טאָן. די פּאַרטיי, דער חבר סטאַלין האָט באַפוילן אומברחמנותדיק צו קעמפן מיט גנבים פון סאָציאַליסטישן אייגנ־טום. איז אויב אַן אָרעמע אַרבעטערין טראָגט אַרויס פון פאַבריק 300 גראַם צוקער הייסט עס אַז זי גנבעט סאָציאַליסטיש אייגנטום. אויב דער דירעקטאָר וועט רחמנות האָבן אויף דער אומגליקלעכער אַרבעטאָרין און זיך באַגנוגענען מיט אַן אויסרייד און וואָרענונג און עמעצער (און אַזאַ וועט זיך באַשטימט געפינען) וועט וועגן דעם דערציילן אין ראַיקאָם פון פּאַרטיי — איז שוין די קאַריערע פון דעם דירעקטאָר געענדיקט. דאָס ווייסט אויך דער אַרבעטער און דעריבער האָט ער מורא אַרויסצוטראָגן פון פאַבריק דאָס ביסעלע צוקער. אָבער דאָ, ווען אויף דעם 2טן טאָג פון דער מלחמה איז שוין דער פּאַרטיי־ראַיקאָם נעלם געוואָרן און אַלע אַרבעטער האָבן געזען און געהערט אַז דער דירעקטאָר געפינט קיינעם ניט פון זיין צענטער; אַלץ איז שוין הפקר — מעג מען אָנפאַלן אויף די שפּייכלערס און שלעפּן וואָס מען קאָן. דער דירעקטאָר, דער סעקרעטאַר פון פּאַרטיי־אָרגאַ־ניזאַציע און דער פאָרזיצער פון פאַבריק־קאָמיטעט — זיי ווייסן אויך אַז ס׳איז שוין ניטאָ מער פאַר וועמען מורא צו האָבן — ניטאָ קיין צענטער. זיי אַרט ניט וואָס מען ראַבעוועט דעם צוקער. און זיי ווילן זיך ניט אַריינמישן און זיך פּרווון קעגנשטעלן דעם המון...

צוליב דעם וואָס איך בין געווען זייער שטאַרק אַ קורצזיכטיקער און ניט געטויגט צו דירעקטן שלאַכט־דינסט, האָט מען מיך אין מאָליעוו, ביי דער פאַר־

מירונג פון דער דיוויזיע, איינגעשלאָסן אין באַשטאַנד פון דער כימישער ראָטע וועלכע איז ניט קיין שלאַכט־איינהייט — זי דאַרף ווערן אויסגענוצט נאָר אין פאַל פון כימישער מלחמה. אין דער אָפּוועזנהייט פון אַזאַ מלחמה האָט די ראָטע געדאַרפט אויספילן פאַרשיידענע באַדינונג־פונקציעס אין שטאַב פון דער דיוויזיע. אָבער שוין אין דער ערשטער שלאַכט איז אונדזער ראָטע, לויט דעם באַפעל פונעם קאָמאַנדיר פון דער דיוויזיע, געשיקט געוואָרן אין דירעקטן שלאַכט, אַלס שיסער, מיט אַלט־מאָדישע (פון דער צאַרישער תקופה) ביקסן אין די הענט. וואָס איז געווען מיין איינדרוק פון ערשטן שלאַכט? קודם־כל — תוהו ובוהו... מיר — סאָלדאַטן, האָבן ניט געוווּסט אַפילו ווו מיר זיינען. מען האָט געזאָגט, אַז ס׳איז די סמאָלענסקער ריכטונג. מיר האָבן ניט געוווּסט די אויפגאַבע פון דער דיוויזיע און די קאָנקרעטע אויפגאַבע פון אונדזער ראָטע. מיר זיינען געלעגן אין אַ בלאָטע און געשאָסן. וווהין? אין דער ריכטונג אין וועלכער ס׳איז געווענדן געווען דאָס פּנים. איך בין געלעגן, געשאָסן און געפילט אַז אַרום און אַרום איז אַ שרעקלעכער גיהינום: עס פאַלן באָמבעס, עס רייסן אויף אַרטילערישע סנאַ־ריאַדן, עס פייפן ביקסן־קוילן, עס קנאַקן פּולעמיאָטן. אַן אָפּן בלאָטיק פעלד נאָך אַ רעגן. אַרום מיר ליגן געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע און קיינער פאַרנעמט זיך ניט מיט זיי. דערנאָך איז געוואָרן שטיל. אַ קאָמאַנדע — אָפּטרעטן. אַ גרופּע סאָלדאַטן לויפט און דערנאָך הייסט מען זיך אָפּשטעלן אין אַ וועלדל... עטלעכע און דרייסיק סאָלדאַטן מיט דעם קאָמאַנדיר פון דער ראָטע זיינען פאַרבליבן פון 90 געשיקטע אין דער שלאַכט. ווו זיינען די איבעריקע? וויפל זיינען פאַראַן געהרגעטע? וויפל פאַרוווּנדעטע? וויפל געפאַנגענע? וויפל אַנטלאָפענע פון שלאַכט? קיינער ווייס ניט. פון שלאַכט־פעלד האָט מען ניט גענומען קיין איין געהרגעטן, אָדער פאַרוווּנדעטן. דער קאָמאַנדיר פון דער ראָטע ווייס ניט ווו עס זיינען זיינע איבעריקע סאָלדאַטן. ער האָט אונדז געזאָגט אַז די דיוויזיע האָט זיך אויסגעצייכנט אין שלאַכט נאָר האָט פאַרלוירן צוויי דריטל פון איר באַ־שטאַנד און ס׳איז דאָ אַ באַפעל צו פאָרמירן זיך פון דאָס ניי. שפּעט אין אָוונט וועלן מיר אָנהויבן אַ פוס־מאַרש פון עטלעכע הונדערט קילאָמעטער אין דער ריכטונג פון וויאַזמע (אַ שטאָט צווישן סמאָלענסק און מאָסקווע).

איך בין ניט קיין קענער פון מיליטערישע ענינים און קען ניט מאַכן וועלכע ניט איז אויספירן לגבי דער מלחמה בכלל, אָדער לגבי דעם ערשטן עטאַפּ פון דער מלחמה בפרט. איך קען אַפילו ניט אָפּשאַצן די אָדער יענע שלאַכט פון אונדזער דיוויזיע. אָבער עס האָט מיך שטאַרק געוווּנדערט די ניט־אָרגאַניזירט־קייט אין דער אַרמיי גופא אין ערשטן עטאַפּ פון דער מלחמה. קאָמאַנדירן פאַר־לירן זייערע מיליטערישע טיילן. מיליטערישע איינהייטן האָבן ניט קיין פאַר־בינדונג מיט זייערע העכערע אינסטאַנצן. מען ווייס ניט גענוי ווו עס געפינט זיך דער שונא. מען טרעט אָפּ, מען לויפט, מען שלעפּט זיך אָן שום אָרגאַני־

זירטקייט. איך האָב אַליין געזען מיט מיינע אויגן, ווי אין וועלדל צו וועלכן מיר זיינען אָפּגעטראָטן נאָך דער ערשטער שלאַכט, איז געזעסן נעבן אַ בוים אַ פּאָל־קאָווניק. ער האָט עפּעס געמורמלט און געזוכט מיט משוגענע אויגן אין אַלע זייטן אַרום זיך און פּלוצלינג האָט ער גענומען דעם רעוואָלווער, צוגעשטעלט אים צום שלייף פון קאָפּ און זיך דערשאָסן. איינער אַ מאַיאָר האָט געזאָגט אַז ער קען דעם פּאָלקאָווניק, אַלס אַן אַלטן, פּאַרדינסטפולן קאָמאַנדיר. דער מאַיאָר האָט אַרויסגעזאָגט די סברה, אַז דער פּאָלקאָווניק האָט געזינדיקט מיט זעלבסט־מאָרד מסתּמא דערפאַר ווייל ער האָט פאַרלאָרן דעם פּאָלק מיט וועלכן ער האָט קאָמאַנדעוועט...

אין דער אַרמיי האָט מען גערעדט אַז ס'איז פאָרגעקומען אַ פאַרראַט; אַז דעם 22סטן יוני, ווען די דייטשן האָבן אָנגעגריפן, זיינען די גרענעצן געווען אָפן; אַז טאַנקען און אַעראָפּלאַנען זיינען געשטאַנען אויף זייערע באַזעס אָן בענזין און מען האָט ניט געקענט אין די ערשטע שעהן אַריינטרעטן אין שלאַכט קעגן דייטש. אפשר איז דאָס ריכטיק, כאָטש עס איז שווער צו גלויבן אין דעם. מסתּמא האָבן גורם געווען צו די גרויסע מפּלות אין ערשטן עטאַפּ פון דער מלחמה, פאַרשיידענע פאַקטאָרן. קודם־כּל, די פאַרברעכערישע פּאָליטיק פון דער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי און פון דער סאָוועטישער רעגירונג, וועלכע האָט געבראַכט צו דער פריינדשאַפט־פּאָליטיק מיט דעם נאַציסטישן דייטשלאַנד און דורך דעם — צו דער פונאַנדערפלאַקערונג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אַ וויכטיקער פאַקטאָר איז מסתּמא געווען די פאַרניכטונג פון דעם גרעסטן און בעסטן טייל פון די מיליטערישע ספּעציאַליסטן און קאָמאַנדירן פון דער סאָוועטישער אַרמיי, ווי טוכאַטשעווסקי, יעגאָראָוו, יקיר, גאַמאַרניק און אַנדערע פון דעם גענעראַל־שטאַב, ווי אויך הונדערטער אַנדערע פון די בעסטע קאָמאַנדירן פון די מיליטע־רישע איינהייטן. און אפשר האָט אויך געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג דער סאָווע־טישער סטיל פון אַרבעט בכלל און די שטייפע מיליטערישע דאָקטרינע בפרט.

קען מען, למשל, פאַרשטיין דעם באַפעל פון סטאַלינען אַז קאָמאַנדירן דאַרפן ניט פירן די סאָלדאַטן אין שלאַכט און גיין פאָרויס זיי, נאָר אַז די קאָמאַנדירן דאַרפן אָנפירן מיט דער שלאַכט פון זייערע קאָמאַנדע־פּונקטן? דער באַפעל איז געטייטשט געוואָרן ווי אַ געניאַלער, ווייל ער היט אָפּ דאָס לעבן פון די קאָמאַנ־דירנדיקע קאַדרען אין דער אַרמיי.

איך האָב בשום אופן ניט געקענט פאַרשטיין די דיסציפּלין־סיסטעם אין דער סאָוועטישער אַרמיי. איך בין איבערצייגט אַז דיסציפּלין, אָרדענונג און פּינקטלעכ־קייט זיינען נויטיק אויף אַלע געביטן פון אַרבעט. באַזונדערס איז עס נויטיק אין דער אַרמיי און בפרט אין מלחמה־צייט. אָבער וואָס איז אַזוינס דיסציפּלין? אַרויסגעבן סאָלדאַטן שטיוול וועלכע זיינען ניט צוגעפּאַסט צו די פיס, שטיוול אין וועלכע מען דאַרף דורכגיין צו פוס הונדערטער קילאָמעטערס און אין

וועלכע די סאָלדאַטן צעקאַליעטשען זייערע פיס און ווערן קאָמפּאַס־אומפּעיִק — דאָס איז אַ נאָרמאַלע דערשיינונג? קיינער פון די וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן די שטיוול און זיינען פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר ווערן ניט באַשטראָפט פאַר דיס־ציפּלין־ברוך. אָבער ווען דער סאָלדאַט שטייט פאַרן אָפיציר ניט ווי אַן אָנגע־צויגענע סטרונע, אָדער ווען ביים סאָלדאַט, חלילה, איז אָפּגעריסן אַ קנעפּל אין זיין גימנאַסטיאָרקע, אָדער ווען דער סאָלדאַט האָט פאַרנאַכלעסיקט סאַלוטירן דעם דורכגייענדיקן אָפיצער — איז דאָס אַ שרעקלעכער דיסציפּלין־ברוך און דער סאָלדאַט ווערט שטאַרק באַשטראָפט.

מיר האָט זיך איינגעקריצט אין זיכּרון אַ קליינינקער עפּיזאָד. דאָס איז גע־ווען אין שפּעטן, קאַלטן האַרבסט פון יאָר 1941 אויף דעם וואָלכאָווער פראָנט. איך בין געווען אַ סאָלדאַט אין פאַרבינדונג־באַטאַליאָן. (דער וואָלכאָווער פראָנט האָט געהאַט די אויפגאַבע, אין איינעם מיט דעם לענינגראַדער פראָנט, צו פאַר־טיידיקן די שטאָט לענינגראַד און העלפן איר אין דער צייט פון דער דייטשישער בלאָקאַדע פון דער שטאָט). אונדזער דיוויזיע און נאָך אַ ריי מיליטערישע איינ־הייטן האָבן זיך, אין רעזולטאַט פונעם פאַרראַט פון סאָוועטישן גענעראַל וולאַסאָוו, געפונען אין אַן ענגן קעסל, אַרומגערינגלט פון די דייטשן. עטלעכע וואָכן האָבן מיר זיך געפונען אין דער געדיכטעניש פון די גרויסע וואָלכאָווער וועלדער און וואָלכאָווער בלאָטעס, אָן קיינע שום מעגלעכקייטן פון קאָמוניקאַציע. שפּייז האָבן מיר באַקומען דורך קליינע אַעראָפּלאַנען — „קוקורוזניקעס", וועלכע פלעגן יעדן טאָג אַראָפּוואַרפן אין דער בלאָטע אַריין, סוכאַרקעס, לויטן חשבון פון 40 גראַם פאַר אַ סאָלדאַט. אונדזער אויפגאַבע איז געווען זיך דורכצורייסן מיט אייגענע כּוחות און אַרויסצוקריגן זיך פון קעסל. איין מאָל האָט מען מיך אַרויסגערופן אין שטאַב פון דיוויזיע און מען האָט מיר באַפוילן אַז איך זאָל גיין צו אַ קאָ־מאַנדיר פון אַן איינהייט וואָס געפינט זיך צוויי און אַ האַלב אָדער דריי קילאָ־מעטער פון אונדזער שטאַב און איבערגעגעבן דאָרט אַ שלאַכט־באַפעל: די אָפּע־ראַציע הייבט זיך אָן 3.30 ביי נאַכט. די טעלעפאָן־ליניע איז צעשטערט, קיין אַנדער פאַרבינדונג איז ניטאָ. דער שעף פון דיוויזיע־שטאַב האָט מיך געוואָרנט אַז די שליחות איז זייער אַן ערנסטע, פאַראַנטוואָרטלעכע און געפערלעכע. עס איז געווען שפּעט ביינאַכט און אין דער געדיכטער וואַלד־פינצטערניש איז געווען זייער לייכט אַריינצופאַלן אין די הענט פון די דייטשן. דער שעף פון שטאַב האָט מיר אָפן געזאָגט אַז ער האָט אויסגעקליבן מיך ווייל ער איז זיכער אַז אַ ייד וועט זיך לעבעדיקערהייט ניט איבערגעבן אין די הענט פון די דייטשן. אַן אַרומ־געבונדענער מיט האַנט־גראַנאַטן און מיט אַן אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער אין האַנט בין איך אַוועק אין מיין שליחות.

מען האָט מיר געזאָגט אַז דער קאָמאַנדיר צו וועלכן איך דאַרף קומען, איז אַן אונטער־פּאָלקאָווניק. נאָך אַ לאַנגער צייט דרייען זיך אין וואַלד האָב איך סוף־

כל־סוף געפונען דעם בלינדאַזש פון דעם אונטער־פּאָלקאָווניק. ווען איך בין אַריין פון קעלט אין וואַרעמען בלינדאַזש, האָבן זיך מיינע ברילן פאַרהויכט און איך האָב גאָרניט געזען. איך האָב אויסגעווישט די ברילן מיט די פינגער, אָנגעטאָן זיי און דערזען אַנטקעגן זיך אַן אונטער־פּאָלקאָווניק. האָב איך זיך צו אים גע־ווענדט און איבערגעגעבן דעם באַפעל. און מיט אַ מאָל האָב איך דערהערט אַ דונערדיקן געשריי פון טיפעניש פון בלינדאַזש:

— ווי אַזוי שטייסטו? און פאַר וואָס האָסטו זיך געווענדט דירעקט צום אונ־טער־פּאָלקאָווניק?

די גאַנצע מיליטערישע תורה איז מיר אַרויס פון קאָפּ. איך האָב ניט גע־וווּסט וואָס צו זאָגן און געשוויגן. איך האָב זיך אַ דריי געטאָן אין דער זייט פון געשריי און געזען, אַז עס זיצט דאָרט אַ פּאָלקאָווניק. איך שווייג.

— איך פרעג נאָך אַ מאָל, פאַר וואָס האָסטו זיך געווענדט דירעקט צום אונטער־פּאָלקאָווניק?

— ווייל איך האָב באַקומען אַ באַפעל קומען צום אונטער־פּאָלקאָווניק און איבערגעבן אים דאָס וואָס איך האָב אים איבערגעגעבן.

— דריי טעג אַרעסט. וועסט זאָגן דיין קאָמאַנדיר אַז פּאָלקאָווניק סידאָראָוו האָט באַפוילן דריי טעג אַרעסט.

— דערלויבט, חבר פּאָלקאָווניק, צו וויסן אין וואָס באַשטייט מיין פאַרברעכן.

— 5 טעג אַרעסט דאַרפסטו באַקומען נאָך דעם ווי מיר וועלן זיך אַרויס־רייסן פון קעסל און אין פאַל אויב דו וועסט בלייבן לעבן.

דער אונטער־פּאָלקאָווניק האָט זיך דורכגערעדט שטילערהייט מיט דעם פּאָל־קאָווניק און יענער האָט געזאָגט:

— לאַדנאָ, דאָס מאָל בין איך אים מוחל. נעם און טרינק אויס די גלאָז בראָנפן.

אין מיין באַטאַליאָן האָבן מיר די חברים אויפגעקלערט אין וואָס עס זיינען באַשטאַנען מיינע דיסציפּלין־ברוכן. ערשטנס, האָב איך ניט געטאָרט זיך ווענדן דירעקט צום אונטער־פּאָלקאָווניק, איך האָב געדאַרפט זאָגן: חבר פּאָלקאָווניק, דערלויבט ווענדן זיך צום אונטער־פּאָלקאָווניק. די צווייטע עבירה איז באַשטאַנען אין דעם וואָס ווען ער האָט געזאָגט: דריי טעג אַרעסט, האָב איך ניט געטאָרט שטעלן קיין פראַגעס. איך האָב געדאַרפט סאַלוטירן און זאָגן: ריכטיק — 3 טעג אַרעסט...

אַגב, אין דער מיליטערישער ליטעראַטור און אויך אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור איז דאָס אָרט פון דער דאַזיקער אָפּעראַציע אָנגערופן געוואָרן: „דער טאָל פון טויט". ביים דורכרייסן די אַרומרינגלונג זיינען טאַקע געווען זייער אַ סך הרוגים און פאַרוווּנדעטע. איך האָב באַקומען אַ לייכטע קאָנטוזיע, אָבער איך

בין אַרויסגעקראָכן מיט אַ לונגען־אַנצינדונג און 8 טעג בין איך געלעגן אין פעלד־שפּיטאָל פון אונדזער דיוויזיע.

מיט וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אונדזער דיוויזיע אין איר ערשטער 5־4 שעהדיקער שלאַכט אין וועלכער זי האָט פאַרלאָרן איבער 5000 מאַן און אָפּגע־טראָטן אין טיפן הינטער־לאַנד, כּדי צו פאַרמירן זיך פון דאָס ניי, ווייס איך ניט און מיר האָט זיך ניט איינגעגעבן צו דערוויסן. אָבער ס'איז אַ פאַקט: ווען די דיוויזיע האָט באַקומען די נויטיקע נייע, פרישע רעזערוון און איז געווען גרייט אַוועקגעשיקט צו ווערן ווידער אויפן שלאַכט־פראָנט (דאָס מאָל אויף דעם וואָלכאָווער פראָנט), האָט מען אין אַלע איינהייטן פון דער דיוויזיע איבערגע־לייענט דעם באַפעל פון דעם העכסטן — הויפּט־קאָמענדאַנט פון דער סאָוועטישער אַרמיי — גענעראַליסימוס סטאַלין אַז פאַר העראָישער אויסצייכנונג אין שלאַכט מיט די איבערשטייגנדיקע כּוחות פון פיינט און פאַרן אָרגאַניזירטן צוריקטריט אויף נייע פּאָזיציעס, באַקומט די 161סטע דיוויזיע דעם בכּבודיקן נאָמען „גוואַר־דייִשע דיוויזיע". אין דעם באַפעל האָבן בלויז די ערשטע 4 דיוויזיעס באַקומען אַזאַ בכּבודיקן טיטל. אונדזער דיוויזיע האָט זיך אָנגעהויבן רופן „פערטע גוואַר־דייִשע שיסער־דיוויזיע". און שפּעטער האָט זיך אונדזער דיוויזיע אויסגעצייכנט אין אַ סך שלאַכטן און באַקומען דעם אָרדען „רויטע פאָן". און צום סוף פון דער מלחמה בין איך געווען ניט סתם קיין פּשוטער סאָלדאַט, נאָר אַ גוואַרדיע עלטערער־סערזשאַנט פון דער פערטער גוואַרדייִשער, רויטע פאָן־אָרדנדיקע, ווינער דיוויזיע...

אַגב, די מיליטערלייט, וועלכע האָבן געדינט אין גוואַרדייִשע איינהייטן האָבן, חוץ דעם ספּעציעלן צייכן אויף דעם ברוסט — אַ רויטע פאָן מיט דער אויפשריפט „גוואַרדיע" — באַקומען כּמעט אַ דאָפּלטן געהאַלט. פאַר די סאָל־דאַטן האָט עס קיין באַדייטונג ניט געהאַט, ווייל זייער געהאַלט איז געווען מער אַ סימבאָלישער — זיי האָבן באַקומען ממש גראָשנס. אָבער פאַר די אָפיצערן וועלכע האָבן באַקומען פאַרהעלטענישמעסיק גרויסע געהאַלטן, האָט דער נאָמען „גוואַרדיע" געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג.

איך שרייב ניט קיין מיליטערישע מעמואַרן און האָב ניט קיין כּוונה צו פאַר־צייכענען פאַרשיידענע שלאַכט־עפּיזאָדן. איך בין 4 יאָר געווען אויף די פאָ־דערשטע שלאַכט־פּאָזיציעס. די כימישע ראָטע איז זייער גיך פונאַנדערגעלאָזן געוואָרן און מיך האָט מען פאַררעכנט אַלס סאָלדאַט אין דעם פאַרבינדונג־באַטאַ־ליאָן פון דער דיוויזיע. 4 יאָר — אין פעלד, וואַלד, בלינדאַזש אין ווינט, רעגן, בלאָטע, שניי, זאַווערוכע; ברענענדיקער זון און ברענענדיקן פראָסט. פיר יאָר אונטערן האָגל פון דייטשישן פייער און שטורמישע באָמבעס. וואָלכאָווער פראָנט,

סטאַלינגראַדער פראָנט, דריטער אוקראַיִנישער פראָנט און דערנאָך, בולגאַריע, רומעניע, אונגאַרן, עסטרייך, יוגאָסלאַוויע, טשעכאָסלאָוואַקיע... במשך די 4 יאָר זיינען געווען פאַרשיידענע סיטואַציעס און צווישן זיי — זייער אַ סך געפערלעכע. דאָס סאַמע געפערלעכסטע פאַר מיר און פאַר אַזעלכע ווי איך זיינען געווען די סיטואַציעס וועלכע האָבן געדראָעט מיט אַריינפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, נאָר עס איז קיינמאָל מיר ניט געקומען אויפן געדאַנק אויסמיידן אַ וועלכע ניט איז געפאַר. איך האָב, פאַרשטייט זיך, ניט געקעמפט פאַר דעם סאָוועטישן היימלאַנד. איך האָב געקעמפט קעגן דעם נאַציזם. די הויפט־לאָזונג פון דער סאָוועטישער פראָפּאַגאַנדע, מיט וועלכער מען האָט געשיקט דעם סאָלדאַט אין שלאַכט — „פאַר סטאַלינען, פאַר דעם היימלאַנד" — האָט מיך געעקלט. אין מיין האַרצן האָב איך געהאַט אַ לאָזונג — „קעגן דעם נאַציזם, פאַר מיין פאָלק"...

איך האָב געקעמפט מיט מסירת נפש ווי אַ סך אַנדערע זין פון מיין פאָלק. איבער 500 טויזנט יידן, דאָס הייסט, אַ העלפט פון דער דערוואַקסענער יידישער באַפעלקערונג פון ראַטן־פאַרבאַנד אין יענער תקופה, האָבן אָנטייל גענומען אין דעם קאַמף פון דער סאָוועטישער אַרמיי, אין דער מלחמה מיט דייטשלאַנד. 240 גענעראַלן און אַ סך הונדערטער פּאָלקאָווניקעס און אַנדערע הויכע קאָמאַנדירן — זין פון יידישן פאָלק — האָבן געפירט אין דער שלאַכט אַרמייען און קאָרפּוסן, דיוויזיעס, פּאָלקן און באַטאַליאָנען. אַרום 161 טויזנט יידישע קעמפער האָבן באַקומען שלאַכט־אויסצייכענונגען — אָרדנס און מעדאַלן. 142 יידן האָבן באַקומען דעם העכסטן כבוד־אויסצייכענונג — דעם טיטל „העלד פון ראַטן־פאַרבאַנד". מער פון 200 טויזנט יידן זיינען געפאַלן אויף די פאַרשיידענע פראָנטן פון דער סאָוועטיש־דייטשישער מלחמה.

4 יאָר מלחמה. זי האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ געוויינלעכער, טאָג־טעגלעכער דערשיינונג. עס שטראָמען די טעג, די וואָכן, די חדשים. אַז עס גייט דורך דער טאָג און דו ביסט געבליבן לעבן, איז עס דיין מזל. אָט לעבט דער מענטש און אין אַ רגע אַרום איז ער שוין ניטאָ. אָט זיינען מיר געלעגן אין איינעם אונטער איין שטראָם פון פייער און אָט הייבן זיך איניקע שוין ניט אויף פון דער ערד. יעדן טאָג, אין אַ באַשטימטער שעה, שרייבט מען דעם קורצן באַריכט: געווען אין באַטאַליאָן — 365, געהרגעטע — 82, פאַרווונדעטע — 35, פאַרפאַלענע — 18, געבליבן אין באַטאַליאָן — 230. דער באַריכט איז אַוועק אין שטאַב פון דער דיוויזיע און דער פּאָליטרוק פון באַטאַליאָן שרייבט און שיקט אָפּ צו די קרובים אין טיפן רוסלאַנד אַ מעלדונג אַז אַזאַ און אַזאַ העלד איז געפאַלן אין שלאַכט פאַרן היימלאַנד...

קרבנות! קרבנות אָן אַ שיעור. איך געדענק, אַז סוף מאַי 1945 האָט דער קאָמאַנדיר פון אונדזער דיוויזיע צוזאַמענגעקליבן אויף אַ פייערלעכער סעודה די וועטעראַנען פון דער דיוויזיע, ד. ה. יענע וועלכע זיינען אַריין אין דעם באַ־

שטאַנד פון דער דיוויזיע דעם 25־26סטן יוני 1941, ווען זי האָט זיך פאַרמירט אין מאָליעוו. מער פון 10,000 מאַן זיינען דאַן געווען אין דער דיוויזיע. ביים טיש זיינען געזעסן נאָר 26 מאַן. איך האָב געהאַט דאָס מזל אויך צו זיצן דאָרט...

אַ רוסיש שפּריכוואָרט זאָגט: „פּאָבעדיטעלעי! ניע סודיאַט" — זיגערס משפּט מען ניט. די סאָוועטישע אַרמיי האָט אָפּגעהאַלטן אין דער מלחמה אַ היסטאָרישן נצחון איבער דעם דייטשישן נאַציזם און האָט אַריינגעשריבן אַ פּרעכטיקן בלאַט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. איז אפשר ניט כדאי צו גריבלען זיך אין דעם גאַנג פון דער מלחמה און זי צו משפּטן. אָבער, דאָך עקבערט דעם מוח איין וויכטיקע פראַגע: צי איז דער אומגעהויערער, גוואַלדיק־שווערער פּרייז, וועלכער איז אָפּגעצאָלט געוואָרן פאַר דעם נצחון, געווען אַן אומפאַרמיידלע־כער? מער פון 7½ מיליאָן הרוגים אויף די פראָנטן, אַ סך, זייער אַ סך מילי־אָנען פאַרוווּנדעטע און צעקאַליעטשעטע, אומבאַוווּסט וויפל מיליאָנען פאַרפאַלענע אין די שלאַכטן און מיליאָנען הרוגים און צעקאַליעטשעטע צווישן דער בירגער־לעכער באַפעלקערונג. דאָס איז אַ שרעקלעכער פּרייז פאַר דעם נצחון. איז דאָס געווען אומפאַרמיידלעך? איך וויל אונטערשטרייכן, אַז איך שטעל ניט די פראַגע צי דאָס איז געווען באַרעכטיקט. ווייל באַרעכטיקט איז געווען יעדער פּרייז צו פאַרניכטן דעם נאַציזם וועלכער האָט געדראָט דעם עצם קיום פון דער מענטש־הייט. אָבער די פראַגע צי אַזאַ שרעקלעכער פּרייז איז געווען אומפאַרמיידלעך איז, דוכט מיר, אַ לעגיטימע. איך, פּערזענלעך, קען ניט געבן קיין קלאָרן ענט־פער אויף דער פראַגע. היסטאָריקער און מיליטערישע ספּעציאַליסטן וועלן מסתמא ווען עס איז אויספאָרשן די פראַגע און געבן זייער ענטפער. אָבער, אַלס פּשוטער סאָלדאַט וועלכער איז דורכגעגאַנגען די מלחמה פון ערשטן ביז דעם לעצטן טאָג, דערצו אויף די פאָדערשטע פּאָזיציעס, דערלויב איך זיך טיילן מיט אייניקע איינדרוקן אין דעם געביט.

מיין אַלגעמיינער איינדרוק איז: דער גוואַלדיק שווערער פּרייז איז ניט געווען אומפאַרמיידלעך. און איך רעד ניט וועגן דעם אַזוי גערופענעם דורכפאַל אין דעם ערשטן עטאַפּ פון דער מלחמה, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין ניט פאַרויסזען און אין פאַרנאַכלעסיקן דעם פּלוצעמדיקן אָנגריף פון אַ דריי־מיליאָניקער אַרמיי אויף אַ פראָנט פון 3000 קילאָמעטער וואָס האָט נאָכגעשלעפּט נאָך זיך אַ גרויסע תקופה פון דעזאָרגאַניזאַציע אין דער אַרמיי, גוואַלדיקע מיליטערישע מפּלות און זייער גרויסע מענטשלעכע אַבדות. איך רעד וועגן אייניקע פּרינציפּן און דאָק־טרינעס אין דער סאָוועטישער אַרמיי וועלכע דרינגען אַרויס פון דעם מהות פון סאָוועטישן רעזשים בכלל.

לויט דער סאָוועטיש־קאָמוניסטישער וועלט־אָנשויונג זיינען, ווי באַוווּסט, ניטאָ קיין אינטערעסן פון פּרט. עס זיינען דאָ אינטערעסן פון גאַנצן קאָלעקטיוו — פון דער געזעלשאַפט. דער פּרט דאַרף זאָרגן פאַר דעם אַז די אינטערעסן פון

דער געזעלשאַפט זאָלן אָפּגעהיט ווערן. דער פּרט דאַרף מקריב זיין זיינע פּער־זענלעכע אינטערעסן לטובת דער געזעלשאַפט. אָבער די געזעלשאַפט (דער צענ־טראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און די סאָוועטישע רעגירונג, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר די סאָוועטישע געזעלשאַפט), דאַרף ניט זאָרגן פאַר די אינטערעסן פון יעדן פּרט. דעריבער דאַרף דער סאָוועטישער מענטש ניט טראַכטן. ער טאָר ניט טראַכטן. ער מוז פּינקטלעך אויספילן די דירעקטיוון פון דער פּאַרטיי און דער רעגירונג. און אויב ניט — איז ער אַנטיסאָוועטיש און ער ווערט אומברחמנותדיק איזאָלירט פון דער געזעלשאַפט...

אָט די קאָנצעפּציע איז מיט כּפל־כּפליימדיקער האַרבקייט אָנגעווענדט גע־וואָרן אין דער סאָוועטישער אַרמיי. דער סאָלדאַט, אַלס פּרט, עקזיסטירט ניט. ער איז אַריינגעשריבן אין דער רשימה פון סאָלדאַטן אַזוי ווי אַ ביקס אָדער אַ טעלעפאָנישער אַפּאַראַט זענען פאַרשריבן אין דער רשימה פון געווער און אויס־שטאַטונג. האָט דער קאָמאַנדיר פון וזוואָד אָנגעשריבן אַז דער סאָלדאַט פּעטראָוו איז געהרגעט געוואָרן — מעקט מען אים אויס פון דער רשימה. האָט דער סאָל־דאַט באַקומען אַ באַפעל — מיט דעם קאָפּ צו צעהאַקן די וואַנט — מוז ער עס פּינקטלעך אויספירן. דער סאָלדאַט דאַרף ניט און טאָר ניט טראַכטן אַז אפשר קען ער מיט אַנדערע מיטלען צעהאַקן די וואַנט... באַקומט דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק אַ שלאַכט־באַפעל פון קאָמאַנדיר פון דער דיוויזיע צו אַטאַקירן אַזאַ און אַזאַ בערגל און אַרויסשלאָגן פון דאָרט דעם פיינט, איז אויב ער וועט דעם באַפעל אויספירן פּינקטלעך ביז 5 אין דער פרי — באַקומט ער אַן אָרדען „די רויטע פאָן" און אַ העכערונג אין מיליטערישן ראַנג. גיט דעריבער דער קאָמאַנ־דיר פון פּאָלק דעם באַפעל איינעם פון זיינע באַטאַליאָנען ער זאָל אַטאַקירן דאָס בערגל און אַרויסשלאָגן פון דאָרט דעם פיינט ביז 4.30 אין דער פרי פאַר יעדן פּרייז. באַלד ווערן דריי הונדערט סאָלדאַטן געשיקט אין שלאַכט. דער קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן זיצט אין זיין אַזוי גערופענעם קאָמאַנדע־פּונקט, איינגעגראָבן אין דער ערד און די סאָלדאַטן גייען אונטערן רעגן פון פיינדלעכן פייער און פאַר דעם פּרייז פון 120 הרוגים און 70 פאַרוווּנדעטע (וועלכע ווערן ניט אַלע מאָל אַפילו אַרויסגעשלעפּט פון שלאַכט־פעלד) ווערט דעראָבערט דאָס בערגל... און אָפּט, זייער אָפּט, אין אַ טאָג, אָדער צוויי טעג שפּעטער, גייט דאָס בערגל ווידער איבער אין די הענט פון דעם פיינט...

שטראָף־באַטאַליאָנען. גאָט מיינער, וויפל זיינען אומגעקומען אין די סאָוועט־טישע שטראָף־באַטאַליאָנען? צענדליקער טויזנטער? הונדערטער טויזנטער? איך ווייס ניט, צי עס איז דאָ אַזאַ סטאַטיסטיק. איז אַזאַ אוממענטשלעכע, אַכזריותדיקע דערשיינונג געווען אויך אין אַנדערע אַרמייען? איך ווייס ניט. איך מיין אַז ניט. וואָס האָט באַדייט שטראָף־באַטאַליאָן? גאַנץ פּשוט — שיקן מענטשן צום טויט. איינצלנע פון טויזנטער פלעגן על־פּי צופאַל בלייבן לעבן. ווער איז אַריינגע־

פאַלן אין די שטראָף־באַטאַליאָנען? יעדער האָט געקענט אַריינפאַלן. פאַר עבירות. וועלכע עבירות? די האַרבקייט פון די עבירות? דאָס באַשטימט דער באַזונדער־אָפּ־טייל, דער קאָמאַנדיר, דער טריבונאַל. און יעדער פון זיי קען באַשטימען ווי ער וויל. עס איז ניטאָ קיין באַשטימטער קאָדעקס, עס זיינען ניט פאַראַן קיין געזעצ־לעכע קריטעריעס.

וועגן דעם „פאַטריאָטיזם" פון די סאָוועטישע סאָלדאַטן און אָפיצירן דערציילט אונדז די דערשיינונג פון די אַזוי גערופענע „סאַמאָסטרעלטשיקעס" — מענטשן וועלכע האָבן זיך אַליין געשאָסן אין אַן אבר, איבערהויפּט אין האַנט, כדי צו זיין פאַרוווּנדעט און ניט געשיקט צו ווערן אין שלאַכט. עס זיינען געווען צייטן, ווען די אַליין־פאַרוווּנדיקונגען האָבן אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער. זייער ווייניק פון אָט די „אַליין־שיסער" האָט זיך איינגעגעבן אָפּצונאַרן דער העכערער מאַכט. דער סוף איז געווען אַז די געמשפּטע פלעגט מען שיקן אין שטראָף־באַטאַליאָן, דאָס הייסט כמעט אויף אַ זיכערן טויט...

באַזונדערער אָפּטייל. אַלמעכטיקער באַזונדערער אָפּטייל. אַזוי ווי דער דריט־טער אָפּטייל אין לאַגער איז העכער פון פּראָקוראָר, פון געריכט, פון געזעץ — אַזוי אויך דער באַזונדערער אָפּטייל אין דער אַרמיי. באַקומט דער באַזונדערער אָפּטייל אַ מסירהלע אויף אַ סאָלדאַט, אָדער אויף אַן אָפיצער, פון וועלכן עס שמעקט מיט „אַנטיסאָוועטישקייט" — איז אַז אָך און ווי צו דעם סאָלדאַט, אָדער דעם אָפיצער. עס וועלן ניט העלפן די טענות פון העכערן קאָמאַנדיר אַז דער סאָלדאַט, אָדער אָפיצער פּילט אויס מיט מסירת נפש זיינע שלאַכט־פליכטן. און אַגב, זעלטן ווען וועט אַזאַ קאָמאַנדיר פּרווון העלפן דעם סאָלדאַט. ווייל, ערשטנס, איז ער זיכער אַז עס וועט ניט העלפן, און צווייטנס, צוליב וואָס דאַרף ער קריכן מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנק בעט... גיי, הייב זיך אָן מיט דעם באַזונדערן אָפּטייל...

וויפל הונדערטער טויזנטער געפאַנגענע זיינען אומגעקומען? ניט אין גע־פענגעניש, נאָר דווקא ביי זיך אין היימלאַנד. אַ סאָוועטישער מענטש קען ניט און טאָר ניט אַריינפאַלן אין געפענגעניש. אויב עס איז שוין געווען אַזאַ באַ־זונדערע, אומפאַרמיידלעכע לאַגע פון וועלכער עס איז ניט געווען קיין אויסוועג — איז גיב זיך אַליין אַ קויל אין קאָפּ. אין געפענגעניש פאַלן אַריין שפּיאָנען, דעזערטירן, פאַררעטער פון היימלאַנד...

באַזונדערער אָפּטייל. איך בין 4 יאָר געווען אין שפּאַנונג. אין שפּאַנונג? נייז — ס'איז ניט קיין פּינקטלעכער אויסדרוק. איך בין אָפּט געווען אין מצב פון אימת־מוות. — חס־וחלילה ניט אַריינצופאַלן אין די הענט פון באַזונדערן אָפּטייל!... פּונקט אַזאַ שרעק, ווי אַריינפאַלן אין די הענט פון די דייטשן... אָבער — ברוך השם! איך האָב זיי אָנגעקוקט נאָר פון דער ווייטן...

*

יעדע תקופה אין ראַטן־פאַרבאַנד האָט אירע ספּעציעלע לאָזונגען וועלכע דאַרפן מאָביליזירן די מאַסן אויסצופילן די אויפגאַבן וואָס די פּאַרטיי שטעלט פאַר זיי. די לאָזונגען ווערן פאַרוואַנדלט אין דירעקטיוון. למשל: „דעריאָגן און איבעריאָגן!" „סטאַכאַנאָווישע וואַכטע"!; „דעם פינף יאָר פּלאַן — אין 4 יאָר!" אאַ"וו. אין דער צייט פון דער מלחמה זיינען געווען די לאָזונגען: „אַלץ פאַר דעם פראָנט!" „אַ טויט די דייטשישע אָקופּאַנטן!" „פאַר סטאַלינען, פאַר דעם היימלאַנד!"... און דערנאָך האָט אָנגעהויבן פאַרשפּרייט ווערן און הערשן אַ לאָזונג: „אויב אומקומען — איז אונמקומען אַלס קאָמוניסט!... דער קאָלאָסאַלער פּאַרטייִש־פּאָליטישער אַפּאַראַט אין אַרמיי האָט אינטענסיוו רעקלאַמירט די לאָזונג אין אַלע קאָמוניקאַציע־מיטלען, אין אַלע פראָנט־צייטונגען און בלעטלעך, אויף אַלע פּאַרטייִשע פאַרזאַמלונגען און געשפּרעכן, אין אַלע „סאָציאַליסטישע פאַרפּליכטונגען"...

און עס האָט זיך באַקומען עפּעס אידיאָטיש־פּאַראַדאָקסאַל: די מיליטערישע טייל אין וועלכער עס זיינען אומגעקומען מער מיטגלידער פון דער פּאַרטיי, איז געווען דער בעסערער... עס איז אָנגעגאַנגען אַן אינטענסיווע ווערבירונג־קאַמפּאַניע אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. פּאָליטרוקן פון ראָטעס; קאָמיסאַרן פון באַטאַליאָנען און פּאָלקן; קאָמיסאַרן פון דיוויזיעס און זיינע פּאָליט־אָפּטיילן האָבן זיך פאַרמאָסטן און גענומען אויף זיך סאָציאַליסטישע פאַרפּליכטונגען — מאַקסימאַל צו פאַרגרעסערן די צאָל קאָמוניסטן אין דער איינהייט.

זומער 1943סטן יאָר — אין אָנהויב פון דעם דריטן יאָר פון דער מלחמה, ווען אונדזער דיוויזיע איז נאָך אַ חודש שווערע שלאַכטן אָפּגעפירט געוואָרן אויף אָפּרו און פאַרמירונג, האָט מיך אַרויסגערופן דער קאָמיסאַר פון מיין באַטאַליאָן. ער האָט מיך אויפגענומען זייער העפלעך און וואַרעם, מכבד געווען מיט אַ גלאָז בראָנפן און אַמעריקאַנער פלייש־קאָנסערוון און אָנגעהויבן דעם שמועס:

— חבר גוואַרדיע־סערזשאַנט, דו ביסט אין אונדזער גוואַרדייִשער דיוויזיע שוין 2 יאָר — פון דעם ערשטן טאָג פון איר פאָרמירונג. פאַר דיין מסירת־נפש אין די שלאַכטן ביסטו באַלוינט געוואָרן מיט דער מעדאַל „פאַר שלאַכט־פאַרדינסטן" און מיט דעם אָרדען „רויטער שטערן". דו ביסט ניט לאַנג צוריק באַלוינט געוואָרן מיט דעם בכּבודיקן מעדאַל „פאַר פאַרטיידיקן פון סטאַלינגראַד". דו האָסט די פולע רעכט צו טראָגן דעם בכּבודיקן נאָמען „קאָמוניסט". איך האָב דיך איינגעלאַדן צו זיך כּדי דיר פאַרצולייגן אַז דו זאָלסט אָנגעבן אַ מעלדונג אין אונדזער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע און בעטן מען זאָל דיך איינשליסן אין די רייען פון דער פּאַרטיי. רעקאָמענדאַציעס פון צוויי מיטגלידער פון פּאַרטיי זיינען שוין פאַראַן. דער קאָמאַנדיר פון דיין ראָטע רעקאָמענדירט, און איך אַליין — דער קאָמיסאַר פון פאַרבינדונג־באַטאַליאָן — רעקאָמענדיר. נו, חבר גוואַרדיע־סערזשאַנט, וואָס זשע טרינקסטו ניט דעם בראָנפן. ס'איז דאָך ניט קיין פּשוטע

וואָדקע. ס׳איז סטאָליטשנאַיאַ וואָדקאַ. קער איבער דאָס גלאָז — ביסט דאָך אַ גוואַרדייעץ. לחיים!...

— איך דאַנק אייך זייער, חבר גוואַרדיע־מאַיאָר, פאַר דעם גרויסן צוטרוי צו מיר. איך בין ממש זייער גערירט פון אייער האַרציקער באַציִונג צו מיר. איך וויל אָבער אָפנהאַרציק זאָגן, דווקא אייך — דעם קאָמיסאַר פון אונדזער באַטאַ־ליאָן — וויל איך זאָגן אַז איך בין נאָך פּאָליטיש ניט גענוג רייף, כּדי צו נעמען אויף זיך די גוואַלדיקע אחריות פון אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

דער קאָמיסאַר האָט מיט פאַרוווּנדערונג אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר אויגן וועלכע האָבן שוין געבלישטשעט פון בראָנפן. ער האָט זיך הילכיק פונ־אַנדערגעלאַכט און געזאָגט:

— וועלכע אחריות? איך פאַרשיי ניט וועגן וואָס דו רעדסט. וואָס הייסט עס פּאָליטישע רייפקייט? האָסט הויכע בילדונג. האָסט דאָך געלערנט מאַרקסיזם און לעניניזם, פּאָליטישע עקאָנאָמיע און דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם. האָסט באַשטימט אויך געלערנט די געשיכטע פון אונדזער פּאַרטיי. אויב דו ביסט פּאָליטיש ניט רייף, טאָ ווער אין דער פּאַרטיי קען יאָ זיין פּאָליטיש רייף? וואָס מיינסטו, ביי אונדז אין פּאַרטיי זיינען נאָר מענטשן וועלכע האָבן געענדיקט ספּעציעלע אַקאַ־דעמיעס?

— אַנטשולדיקט, חבר גוואַרדיע־מאַיאָר. איך האָב זיך אפשר ניט פּינקטלעך אויסגעדריקט. אָדער איר האָט מיך אפשר ניט פּינקטלעך פאַרשטאַנען. דווקא ווייל איך האָב געלערנט מאַרקסיזם און לעניניזם און אויך זייער גרינטלעך די געשיכטע פון דער פּאַרטיי, ווייס איך אַז אונדזער קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז דער אַוואַנגאַרד פון פּראָלעטאַריאַט און פון גאַנצן סאָוועטישן פאָלק. נאָך מער: איך מיין אַז אונדזער קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז דער אַוואַנגאַרד פון דער גאַנצער פּראָגרעסיווער מענטשהייט. און דאָס לייגט אַרויף אַ גרויסע אחריות אויף דער פּאַרטיי און דאָס הייסט — אַן אחריות אויף יעדן מיטגליד פון דער פּאַרטיי. אָט וועגן דער אחריות רעד איך. איך פיל אַז איך בין נאָך ניט גרייט צו דער גרוי־סער אַחריות פון זיין דער אַוואַנגאַרד פון אונדזער סאָוועטישן פאָלק. יעדער סאָוועטישער בירגער האָט און מוז האָבן זיין אַחריות לגבי זיין פאָלק און היימ־לאַנד. איך מיין אַז איך פיל אויס מיינע פליכטן אַלס בירגער מיט פולער אַחריות.

אין שטיבל איז אַריין איינע פון די שטאַב־מיידלעך, מסתמא דעם קאָמי־סאַרס „ליבע". דער גוואַרדיע־מאַיאָר האָט פאַרענדיקט דעם שמועס מיט מיר.

— גיב גוט אַ טראַכט, גוואַרדיע־סערזשאַנט. איך וועל דיך איינלאַדן נאָך אַ מאָל.

וועגן דעם שמועס מיט דעם קאָמיסאַר האָב איך דערציילט מיין פריי־ט — דעם דאָקטער פון באַטאַליאָן. ער איז געווען אַ לענינגראַדער ייד. אונדזער פריינט־שאַפט האָט זיך אָנגעהויבן אויף דעם וואָלכאָווער פראָנט. איך האָב שוין באַ־

מערקט אַז פון דעם קעסל אין די וואַלכאָוועה וועלדער, פון דעם אַזוי גערופענעם „טויט־טאָל", בין איך אַרויסגעקראָכן מיט אַ לונגען־אָנצינדונג. עטלעכע טעג האָב איך געהאַט זייער הויכע היץ (איבער 40 גראַד) און דער דאָקטער האָט מיר דערנאָך דערציילט אַז איך האָב גערעדט פון היץ אויף יידיש, דיסקוטירט מיט מיינע נקוו"ד־פאַרשער, מעלצער און וויקטאָראָוו; עטלעכע מאָל אַפילו דערמאָנט דאָס וואָרט ארץ־ישראל...

דער דאָקטער איז געווען דער איינציקער אין דיוויזיע וועלכער האָט גע־ וווסט וועגן מיין עבֿר. דער אמת איז אַז מיר האָבן אויסגעמיטן צו רעדן וועגן אידעאָלאָגישע פּראָבלעמען בכלל און וועגן נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען בפרט. ניט איך און ניט ער האָבן גערעדט וועגן זיין „אֲני מאמין", נאָר מיר האָבן ביידע געפילט און געוווסט אַז מיר געהערן צו איין לאַגער. און מיר זיינען געוואָרן נאָענטע פריינט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער קאָמיסאַר האָט אויך גערעדט מיט דעם דאָקטער וועגן מיטגלידערשאַפט אין דער פּאַרטיי און אויך דער דאָק־ טער האָט נאָך ניט געגעבן קיין פּאָזיטיוון ענטפער.

— ס'איז זייער אַ קאָמפּליצירטע און ערנסטע פראַגע — האָט געזאָגט מיין פריינט. ס'איז ניט אַזוי גרינג זיך אַרויסצודרייען פון דעם. ס'איז אָפֿהענגיק, אָדער עס קען זיין אָפּהענגיק פון אַ צופעליקער שטימונג פון קאָמיסאַר. עס קען צופעליק איבערקייקלען זיך אין באַזונדער־אָפּטייל. דו ווייסט ניט מיט וועמען מיר האָבן צו טאָן?

— איז וואָס זשע, יעפּים, האָסטו באַשטימט?

— איך ווייס נאָך ניט גענוי. איך וועל זען ווי עס וועט פאָרקומען דער צווייטער שמועס. און וואָס האָסטו באַשטימט?

— איך האָב באַשטימט... ניין... ווי אַזוי זיך האַלטן אויף דעם צווייטן שמועס וועל איך זען לויט די אומשטענדן. עפּעס דרייט זיך ביי מיר אין קאָפּ אַ פּלאַן.

אין עטלעכע טעג אַרום — די פאַרמירונג פון דער דיוויזיע איז שוין גע־ גאַנגען צום סוף און עס האָט שוין געהערשט די שטימונג פון ערבֿ נייע שלאַכטן — בין איך איינגעלאַדן געוואָרן אויף אַן אָפֿענער פּאַרטיי־פּאַרזאַמלונג פון אונד־ זער באַטאַליאָן. עס איז געווען אַ לעקציע פון אַן אינסטרוקטאָר פון פּאָליט־ אָפּטייל פון דיוויזיע. (ער איז געווען אַ פּראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע אין מאָס־ קווער אוניווערסיטעט — אַ ייד — דער זון פון באַוווסטן סאָוועטישן פילאָסאָף דעבאָרין, וועלכער איז „פּסול" געוואָרן אין דער צווייטער העלפט פון די דריי־ סיקער יאָרן). נאָך דער לעקציע האָט מיך צוגערופן דער באַטאַליאָן־קאָמיסאַר, צוגעפירט צו דעבאָרינען און גוטמוטיק געזאָגט:

— באַקען זיך, חבר גוואַרדיע־קאַפּיטאַן, מיט דעם סערזשאַנט ראַזין. ער איז

אַן אויסגעצייכנטער גוואַרדייעץ, אָבער האָט ליב צו פילאָסאָפירן. איך האָב אים רעקאָמענדירט אַריינצוטרעטן אין די רייען פון אונדזער סלאַוונער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי, האָט ער מיר געענטפערט מיט פילאָסאָפישע פאָרמולעס וועגן ספּעציעלער אַחריות. ביסט דאָך, חבר גוואַרדיע־קאַפּיטאַן, לויט דעם פאַך, אַ פילאָסאָף. איז רעד זיך אַדורך מיט אונדזער טשודאַק.

הערנדיק מיין „אַרגומענטאַציע" וועגן מיין „ניט רייפקייט" און „ניט גרייט־קייט" אַריינצוטרעטן אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָט פּראָ־פעסאָר דעבאָרין גוטמוטיק געשמייכלט. און דערנאָך האָט ער געפרעגט:

— ווי רופט מען אייך? איך האָב פיינט אין פערזענלעכע געשפּרעכן די מי־ליטערישע טיטולן. אַראָן יאָסיפאָוויטש? זייער פיין. און איך בעט אייך צו מיר ווענדן זיך אָדער חבר דעבאָרין, אָון, נאָך בעסער, מאַטוויי דאַווידאָוויטש.

— מיט גרויס פאַרגעניגן, מאַטוויי דאַווידאָוויטש. זאָגט מיר, איר האָט אַ וועלכע ניט איז משפּחה־שייכות צום אַקאַדעמיקער דעבאָרין?

— יאָ. ער איז מיין טאַטע. איז אָט וואָס, אַראָן איאָסיפאָוויטש. איר פאַר־שטייט זייער גוט, אַז אייער „אַרגומענטאַציע" וועגן ניט אַריינטרעטן אין די רייען פון אונדזער פּאַרטיי, איז גאָר ניט ווערט. איך וויל אייך זאָגן אַז איך קלייב זיך ניט צו פאָרשן די אמתע סיבות פאַר וואָס איר ווילט ניט זיין קיין מיטגליד פון פּאַרטיי. עס אינטערעסירט מיך ניט. דאָס איז אין גאַנצן אייער פערזענלעכער ענין. איך רעד איצט מיט אייך ניט ווי אַן אינסטרוקטאָר פון פּאָליט־אָפּטייל פון די־וויזיע, נאָר ווי מאַטוויי דאַווידאָוויטש דעבאָרין. איך פאַרשטיי אַז ביי אייך זיינען פאַראַן געוויסע פּרינציפּן וועלכע האַלטן אייך אָפּ פון ווערן אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי. איז זייער גוט וואָס אַ מענטש פירט זיך לויט זיינע פּרינציפּן. יעדער מענטש האָט אַ רעכט אויף דעם. אָבער איר ווייסט דאָך אויך זייער גוט אַז מיר לעבן אין אַזאַ צייט, ווען זייער אָפט גיט זיך ניט איין צו לעבן לויט די אייגענע פּרינציפּן און אָפּהיטן די פערזענלעכע רעכט פון אַ מענטשן. אייער באַטאַליאָן־קאָמיסאַר — מאַיאָר פעדאָסייעוו — איז ניט קיין סימפּאַטישער מענטש בכלל און דערצו איז ער, ווי זאָגט מען דאָס אײדל, ניט אין גאַנצן גלייכגילטיק מיט זיינע געפילן צו יידן. און ער איז זייער אַן אימפּולסיווער מענטש. איך וועל מיט אים ניט רעדן וועגן אונדזער שמועס. אַגב, ווי מיר איז באַוווּסט קלייבט מען זיך פעדאָסייעוון העכערן זיין ראַנג און איבערפירן אַלס אַ קאָמיסאַר פון אַ פּאָלק. אין צוויי טעג אַרום גייט אונדזער דיוויזיע ווידער אַריין אין שלאַכט. מיר וועלן אַנטייל נעמען אין שלאַכט פאַר באַפרייען די שטאָט יענאַקייעוואָ — איינער פון די וויכטיקסטע אינדוסטריעלע צענטרען פון דאָנבאַס. מיין עצה איז אַזאַ. אויב פעדאָסייעוו וועט אייך היינט־מאָרגן אַרויסרופן און פאָרלייגן אָנגעבן די מעלדונג אין פּאַרטיי — פירט ניט קיין וויכּוחים און פילט אויס זיין באַפעל. און

אויב ניט — איז דאָך זייער גוט. עס וועלן זיך אָנהויבן די שלאַכטן. די קאַמפּאַניע פון ווערבירן אין פּאַרטיי ווערט שוין ביסלעכווייז אָפּגעשטעלט און במילא וועט אייער „פּראָבלעם״ געלייזט ווערן אַזוי ווי איר פּאַרלאַנגט. איר האָט מיך פאַר־שטאַנען? איר זייט מסכים מיט מיר? איר קענט ענטפערן אָפנהערציק.

— אַ גרויסן דאַנק, מאַטוויי דאַווידאָוויטש. איך האָב אייך זייער גוט פאַר־שטאַנען און איך בין אין גאַנצן מסכים מיט אייך. אָפנהערציק וועל איך אייך זאָגן אז איך וועל מיט מיין גאַנצן האַרצן בעטן גאָט, אַז מען זאָל וואָס גיכער העכערן פּעדאַסייעוון דעם ראַנג און איבערפירן אים אַפילו אַלס אַ קאָמיסאַר פון אַ דיוויזיע. דערלויבט מיר, מאַטוויי דאַווידאָוויטש, שטעלן אייך אַ פּערזענ־לעכע פראַגע.

— ביטע.

— ביז דער מלחמה האָט איר געהאַט אַ מיליטערישן ראַנג?

— יאָ. איך בין געווען אין רעזערוו אַ פּאָליט־אַרבעטער מיט דעם ראַנג „עלטערער לייטענאַנט״.

— ווען האָט מען אייך מאָביליזירט אויפן פראָנט?

— אין יולי 1941.

— זייט איר שוין צוויי יאָר אויף די פראָנטן פון דער מלחמה?

— יאָ. צוויי יאָר. וואָס זשע וווּנדערט איר זיך? איר זייט דאָך שוין אויך צוויי יאָר אויף די פראָנטן.

— מיך וווּנדערט זייער גאָר אַן אַנדערע פראַגע. פאַר די צוויי יאָר האָט מען אייך געהעכערט נאָר אויף איין מיליטערישן ראַנג — פון עלטער־לייטענאַנט ביז קאַפּיטאַן. אָנגעהויבן דינען אַלס אינסטרוקטאָר פון פּאָליט־אָפּטייל און געבליבן ווי אַן אינסטרוקטאָר פון פּאָליט־אָפּטייל.

— פאַר וואָס זשע וווּנדערט אייך ניט אייער פּערזענלעכער מצב. אָנגעהויבן אַ סאָלדאַט און פאַר צוויי יאָר דערגאַנגען נאָר ביז סערזשאַנט. אָנגעהויבן שלעפּן די טעלעפאָנישע ליניע צו דער פאָדערשטער פּאָזיציע און געבליבן שלעפּן די זעלבע טעלעפאָנישע ליניע.

— איך האָב דאָך נישט קיין שום מיליטערישע פּראָפעסיע, קיין שום מילי־טערישע בילדונג. איר זייט דאָך אַ פּראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע, אַן אַלטער מיט־גליד פון דער פּאַרטיי, אַ פּאָליט־אַרבעטער מיט ספּעציעלער בילדונג און גרוי־סער דערפאַרונג.

— אין תחום פון מיליטערישע ראַנגען און מיליטער־דינסט בכלל, אַזוי ווי אין אונדזער בירגערלעכן לעבן, אָבער אַ סך שאַרפער און בולטער ווי אין ביר־גערלעכן לעבן, שפּילן אַ וויכטיקע ראָל פאַרשיידענע זייטיקע מאָמענטן. עס קען

אַפילו שפּילן אַ ראָל דער מאָמענט פון מזל. אָבער זעלטן. בדרך כּלל זיינען פּאַ־ראַן באַשטימטע פאַקטאָרן און קריטעריעס. איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן, אַראָן איאָסיפּאָוויטש? אויב מיר וועלן בלייבן לעבן אין די נאָענטסטע שלאַכטן און מען וועט ווידער אָפּפירן אונדזער דיוויזיע אויף פאָרמירונג און אָפּרו, וועלן מיר זיך אפשר באַגעגענען און פאַרזעצן אונדזער שמועס. ס׳איז דווקא אַן אינ־טערעסאַנטע טעמע. און דערווייל זייט מיר געזונט. איך ווינטש אייך אַלדאָס גוטס, אומפּאַרטייאישער גוואַרדייעץ.

— זייט געזונט, מאַטוויי דאַווידאָוויטש. איך האָף צו באַגעגענען זיך מיט אייך.

מיט פּראָפעסאָר דעבאָרין איז מיר אויסגעקומען צו באַגעגענען זיך נאָך עט־לעכע מאָל. מיר האָבן געהאַט פאַרהעלטנישמעסיק אָפנהערציקע שמועסן, אין צענטר פון וועלכע איז געשטאַנען די פראַגע וועגן דער באַציִונג צו יידן. ער האָט מיר קאַטעגאָריש געזאָגט אַז אין פּאָליטיש־פּאַרטייִשן אַפּאַראַט פון דער אַרמיי באַגרענעצט מען זייער דאָס אָנטייל פון יידן און דאָס אַרויסרוקן זיי אויף וויכטיקע, הויכע פּאָזיציעס. דאָס זעלבע, לויט זיין מיינונג, קומט פאָר אין דעם גאַנצן גיגאַנטישן מיליטערישן אַפּאַראַט, חוץ אין די שלאַכט־איינהייטן אויף די פאָדערשטע פּאָזיציעס. פּראָפעסאָר דעבאָרין האָט מיר דערציילט אַזאַ אינטערע־סאַנטן פּרט: שוין אין סוף יאָר 1943, ווען די סאָוועטישע אַרמיי איז געווען אין דער סטאַדיע פון זיגרייכן אָנגריף, איז געווען אַ דירעקטיוו פון דער הויפּט־פּאָליטישער פאַרוואַלטונג פון דער סאָוועטישער אַרמיי, אַז מען דאַרף אָנהייבן באַגרענעצן און סוף־סוף אויפהערן צו פּובליקירן אין די פראָנט־צייטונגען און פאַרשיידענע פלוג־בלעטלעך די אַרטיקלען און פאַמפלעטן פון איליא ערענבורג קעגן די דייטשן..

איך קען זאָגן אַז איך, פערזענלעך, האָב ניט געפילט קיין אַנטיסעמיטיזם. איך האָב ניט געפילט קיין באַזונדער פיינטלעכע באַציִונג צו זיך. איך האָב גע־הערט, ווען ניט ווען, אַזעלכע „פריינטלעכע" דיבורים און „קאָמפּלימענטן": דו, אַראָן, ביסט ניט ענלעך אויף זיי. דו ביסט די גאַנצע צייט מיט אונדז אין איינעם אונטערן פייער. אָבער אַ גרויסער טייל יידן דרייען זיך אַרום און ספּעקולירן אין די טאַשקענטן... (טאַשקענט איז די הויפּט־שטאָט פון אוזבעקיסטאַן, וועלכע איז געווען אין טיפן הינטערלאַנד, טויזנטער קילאָמעטערס פון פראָנט). צום באַ־דויערן האָב איך ניט געהאַט אין מיין רשות קיין סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן וועלכע זאָלן באַשטעטיקן דעם זייער גרויסן, טעטיקן און אַקטיוון אָנטייל פון יידישן פאָלק אין דער מלחמה. די סאָוועטישע צייטונגען און אַנדערע קאָמוני־קאַציע־מיטלען האָבן קיין מאָל ניט דערמאָנט דאָס וואָרט „ייד" אין זייערע אינפאָרמאַציעס וועגן העלדישע שלאַכטן. אין די פּילצאָליקע, פאַרשיידענע פראָנט

ציטונגען האָט מען געקענט שרייבן אַז אין דער און דער שלאַכט האָבן זיך אויסגעצייכנט לייטענאַנט פּעטראָוו, סערזשאַנט סידאָראָוו, די סאָלדאַטן איוואַנאָוו, פּראָקאָפּיעוו, כאַריטאָנאָוו און אַנדערע... און די אַנדערע האָבן דווקא געקענט זיין: ראַבינאָוויטש, גאַרעליק, פעלדמאַן, רובינשטיין אאַז״וו.

דעם טאָג פון נצחון — דעם 8טן מאַי 1945 — האָב איך באַגעגענט אין טשעכאָסלאָוואַקיע. איך בין, ברוך השם, ניט אומגעקומען ווי אַ קאָמוניסט. איך בין געבליבן לעבן ווי אַ ייד.

# 13
# אַ געראַנגל מיט דעם געוויסן

דעם זון מיינעם האָט דער גורל פאַרוואָרפן קיין סאַמאַרקאַנד — אַ גרויסע שטאָט אין אוזבעקיסטאַן. ווי מיר איז שפּעטער באַוווּסט געוואָרן, איז עס פאָרגעקומען על־פּי נס. מעשׂה שהיה כּך היה: עטלעכע טעג פאַר דעם אָנהויב פון דער מלחמה איז פריידל געפאָרן קיין לענינגראַד אויף צוויי־וואָכיקע מעדיציניש קורסן. יאָסיקן האָט זי איבערגעלאָזן מיט דער שטוב־אַרבעטאָרן מאַריאַ — צו פריידלען און יאָסיקן אַ געטרייע און איבערגעגעבענע רוסישע פרוי. ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן האָט פריידל שוין ניט געהאַט די מעגלעכקייט זיך אומצוקערן פון לענינגראַד קיין מינסק. אין מינסק איז, ווי באַוווּסט, געווען ממש אַ גיהנום פון דעם ערשטן מלחמה־טאָג אָן. ס׳זענען פאָרגעקומען גוואַלדיקע באָמבאַרדירונגען מיט זייער גרויסע קרבנות פון דער באַפעלקערונג, אַ הילפסלאָזיקייט און אַ שרעקלעכע פּאַניק. די שטוב־אַרבעטאָרן מאַריע איז, ווי עס ווייזט אויס, שוין אויפן צווייטן אָדער דריטן טאָג פון דער מלחמה אַנטלאָפן מיט איר קינד פון מינסק אין אַ נאָענטן דאָרף אַריין צו אירע קרובים. דער זעקס־יאָריקער ייִנגל איז געבליבן אַליין אין שטוב וועלכע האָט זיך געפונען אין צענטער פון שטאָט, ד. ה. אין צענטער פון די אָן־סופיקע באָמבאַרדירונגען... דעם 25סטן יוני אין דער פרי, אויף דעם פערטן טאָג פון דער מלחמה, און צוויי טעג פאַר דעם ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען מינסק, איז געקומען אַניע — פריידלס אַ פּלימעניצע — די טאָכטער פון דעם אין יאָר 1929 אומגעבראַכטן פריידלס ברודער משה — געכאַפּט יאָסיקן און אַריינגעלאָפן מיט אים אין אַ שכנותדיקן גרויסן קעלער וווּ מענטשן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון די באָמבעס. אין עטלעכע מינוט אַרום איז געווען אַ גרויסער אָנפאַל אויפן צענטער פון שטאָט און דאָס הויז אויף דעם ראָג פון קאַרל־מאַרקס און וואָלאָדאַרסקע גאַס — דאָס הויז אין וועלכן ס׳איז געווען אונדזער דירה, איז חרוב געוואָרן פון אַ גרויסער באָמבע...

אַניע — אַ 22־יאָריק מיידל, אַ סטודענטין פון לעצטן קורס אין היסטאָרישן פאַקולטעט פון מינסקער אוניווערסיטעט — נעמט דאַן יאָסיקן און זי וואַלגערט זיך אויף וועגן און אומוועגן ביז זי קומט מיט אים קיין סאַמאַרקאַנד...

אהרון ראַזין

**איך האָב זיי געפונען אין יאָר 1943 מיט דער הילף פון דער צענטראַלער אַדרעסן־אינפאָרמאַציע ביוראָ, וואָס איז געווען טעטיק אין דער שטאָט באָגו־רוסלאַן. אויך פריידל האָט זיי אַזוי אַרום געפונען און איז געקומען קיין סאַמאַר־קאַנד. אין יאָר 1943, נאָך איידער איך האָב זיי געפונען, איז פריידל אַוועק פון דער וועלט...**

די מלחמה האָט זיך געענדיקט. זי האָט געדויערט 4 יאָר. און אין איינעם מיט די טורמעס און לאַגערן זיינען שוין פאַרביי 10 יאָר ווי איך בין אַרויס־געשטויסן געוואָרן פון מענטשלעכן נאָרמאַלן לעבן און אָפּגעריסן געוואָרן פון מיין משפחה. מיין ערשטע און וויכטיקסטע אויפגאַבע איז דעריבער געווען צו ווערן אַ טאַטע צו מיין זון. איך בין שוין אין גאַנצן אַ ריינער און בכבודיקער בירגער פון ראַטן־פאַרבאַנד. דעם פּאַספּאָרט וועל איך באַקומען אויפן סמך פון מיינע מיליטערישע דאָקומענטן און אין דעם זעקסטן זייטל פון דעם פּאַספּאָרט וועט שוין ניט זיין דער פאַרשאָלטענער פּירקאַנטיקער שטעמפּל וועלכער באַדייט אַז איך טאָר ניט וווינען אין 60 שטעט פון לאַנד... איך וועל שוין זיין אַ כשרער בירגער אין פולן זין פון וואָרט. וווּהין וועל איך פאָרן מיט מיין זון? קיין מינסק? איז דאָרט קיין דירה ניטאָ. אָבער קודם־כל דאַרף מען זיך דעמאָביליזירן און פאָרן קיין סאַמאַרקאַנד. איך וועל געפינען אַ 10־יאָריקן יינגל. אַ טאַטע דער־קענט זיין זון אין 10־יאָריקן עלטער...

אָבער מען איילט זיך ניט מיט דער דעמאָביליזאַציע. עס זיינען שוין דורך 2 חדשים נאָך דעם סוף פון דער מלחמה און — קיין שום סימנים וועגן דער דעמאָביליזאַציע. אין שטאַב פון באַטאַליאָן האָט מען געזאָגט אַז דערווייל זיינען נאָך ניטאָ קיינע שום דירעקטיוון וועגן דעמאָביליזאַציע.

די רויטע אַרמיי אין אייראָפּע. ס'איז אַן אינטערעסאַנטע טעמע אַליין און פאַר זיך. נאָר איך וועל וועגן דעם ניט שרייבן. איך וויל אָבער באַמערקן אַז דער פּראָצעס פון „אייראָפּעיִזאַציע", דאָס אַריינפּאַסן זיך אין דעם „צעפּוילטן, בורזשואַזן שטייגער־לעבן" איז פאָרגעקומען זייער גיך. אַ מאַסן־דערשיינונג ביי די סאָוועטישע סאָלדאַטן איז געוואָרן דאָס דעראָבערן (אויפן פּשוטן לשון — ראַבעווען) זייגערלעך, פינגערלעך, אויערינגלעך און כל־מיני אַנדערע „בורזשו־אַזע" ווערט־זאַכן... מיט דעם האָבן זיך פאַרנומען אַלע — סאָלדאַטן, אָפיצערן און גענעראַלן. יעדער, פאַרשטייט זיך, לויט זיינע מעגלעכקייטן... מען האָט אָפיציעל דערלויבט צו שיקן פּעקלעך צו קרובים אין ראַטן־פאַרבאַנד. אַ סאָלדאַט האָט געהאַט דאָס רעכט שיקן אַ פּעקל, ביז 10 קילאָגראַם, איין מאָל אין חודש. וועלכע פּעקלעך? וואָס איר ווילט. ווו נעמען? ווו איר ווילט. פאַרשטייט זיך,

חלילה, ניט גנבענען און ניט ראַבעווען, אין די דירות פון פּריוואַטע בירגער. האָט מען עס „אָרגאַניזירט" אין די קאָנפיסקירטע קראָמען און סקלאַדן. איך האָב, למשל, אָפּיציעל באַקומען פאַר 4 חדשים דינסט אין נאָך־מלחמה פּעריאָד, פון די הענט פון מיין דירעקטן קאָמאַנדיר, פאַרשיידענע שטאָפן און איך האָב אָפּגעשיקט דריי פּעקלעך קיין סאַמאַרקאַנד. אָפיצערן און גענעראַלן האָבן איבער־געשיקט קיין ראַטן־פאַרבאַנד האָב און גוטס פון פאַרשיידענע סאָרטן און מינים ניט אין קילאָגראַמיקע פּעקלעך, נאָר אין וואַגאָנען. און ניט בלויז שטאָפן אויף קליידלעך, נאָר אַפילו מעבל, קרישטאָל און פאַרשיידענע טייערע מוזיי־עקספּאָ־נאַטן... דאָס אַלץ איז געווען אין הסכּם מיט דער הויכער סאָציאַליסטישער מאָ־ראַל פון דער רויטער אַרמיי און אין איינקלאַנג מיט דער סאָוועטישער געזעצ־לעכקייט...

עס איז איבעריק צו רעדן וועגן פרעסן און טרינקען (מען האָט זיך גע־באָדן, יאָ, פּשוט געבאָדן אין וויינען). דאָס גלייכן ווילט זיך ניט רעדן וועגן די „פאַרווײַלונגען" פון אונדזערע סאָלדאַטן און אָפיצירן מיט פרויען. אויב נצחון — זאָלן זיי טאַקע וויסן דעם טעם פון נצחון !...

אָנהויב יולי האָט מיך אַרויסגערופן צו זיך דער דאָקטער פון באַטאַליאָן — מיין פריינט יעפים צוקערמאַן.

— איך וויל מיט דיר, אַראָן, זיך דורכרעדן ערנסט און אָפן, אַזוי צו זאָגן, פון האַרץ צו האַרץ. מיר קענען זיך שוין איבער 3 און אַ האַלב יאָר. מיר האָבן זיך באַגעגענט זעלטן. ס'איז געווען מלחמה, יעדער טאָג איז געווען די סכּנה פון טויט. יעדער פון אונדז האָט זיך פאַרנומען מיט זיינע פליכטן. אָבער מיר קענען געניט איינער דעם אַנדערן און מיר זיינען נאָענטע פריינט. איצט זיינען דאָ אַזעלכע ספּעציעלע אומשטאַנדן און באַדינגונגען ווען אַן ערנסטער און אָפנ־האַרציקער שמועס איז זייער נויטיק.

— צוליב וואָס, יעפים, אַזאַ ספּעציעלע הקדמה, וואָס איז געשען ? איך דער־קען אין דיין פּנים, אין דיינע אויגן, אין דיין קול אַפילו, אַז ס'איז געשען עפּעס וויכטיקס. וואָס איז געשען ?

— איז, קודם־כּל, ענטפער מיר אויף אַ קורצער פראַגע, אַ קורצן ענטפער. דו ביסט פאַרבליבן אַ ציוניסט ?

— יאָ. איך בין געווען און פאַרבליבן אַ ציוניסט.

— אַזוי טאַקע האָב איך געטראַכט. איך בין אויך אַ ציוניסט.

— איז מזל טוב ! לאָמיר טרינקען לחיים.

— טרינקען לחיים קען מען. פאַר וואָס ניט ? מזל טוב, איז נאָך פרי צו זאָגן. אָבער, עס קען זיין, אַז אין גיכן וועט מען קענען זיך זאָגן מזל טוב. און וועגן דעם וויל איך מיט דיר רעדן.

— יעפּים, וואָס עפּעס רעדסטו די גאַנצע צייט מיט רמזים, מיט אָנצוהע־רענישן. זאָג קלאָר — וואָס קומט דאָ פֿאָר?

— אַראָן, ס׳איז דאָ אַ מעגלעכקייט — אַ רעאַלע מעגלעכקייט — צו פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל. ביסטו גרייט צו דעם?

איך ווייס ניט ווי איך האָב דעמאָלט אויסגעזען, ווי אַזוי מיין פּנים האָט רעאַגירט אויף יעפּימס ווערטער. איך בין מסתּמא געווען אין אַ שאָק, אַזוי ווי פּלוצלינג, אין גאַנצן אומדערוואַרט, וואָלט אין פֿרידן־צייט, אויפֿגעריסן נעבן אונדזער שטוב אַ באָמבע. און אַן אויפֿגעטרייסלטער האָב איך געזאָגט:

— יעפּים, וועגן אַזעלכע זאַכן שפּאַסט מען ניט. ס׳איז ניט קיין טעמע פֿאַר וויצן. איך בין שוין עטלעכע מאָל געפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל און ס׳איז ווייטאָק־דיק איינגעקריצט אין מיין האַרצן.

און איך האָב דערציילט וועגן מיינע טרוימען, פּרוּוון און דורכפֿאַלן.

— דו געדענקסט „מסעות בנימין השלישי״ פֿון מענדעלע מוכר ספֿרים — אַזוי אויך איך — געפֿאָרן, געפֿאָרן און געקומען צוריק קיין טוניאַדעווקע...

— איך שפּאַס ניט. ס׳איז זייער ערנסט און רעאַל — האָט געענטפֿערט יעפּים. און ער האָט מיך אינפֿאָרמירט מיט אַלע פּרטים וועגן דעם אַז ער האָט אין פּראָג זיך באַקאַנט מיט שליחים פֿון סוכנות וואָס אָרגאַניזירן אַן אומלעגאַלע עליה קיין ארץ־ישׂראל. ער האָט אָנגעמערקט אַ קאָנקרעטן פּלאַן ווי אַזוי ער וועט מיך צונעמען פֿון מיין איינהייט און איבערפֿירן אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל אין פּראָג.

— אין משך פֿון אַ וואָך־צוויי וועט דער אָפּפֿאָר רעאַליזירט ווערן. דאַרפֿסט דאָך פֿאַרשטיין, אַראָן, האָט יעפּים געענדיקט — ס׳איז ניט קיין פֿאַנטאַזיע, ווי ס׳איז געווען ביי דיר, גנבֿענען די גרענעץ, אַריבערגיין קיין אַפֿגאַניסטאַן און פֿון דאָרט קלעטערן קיין ארץ־ישׂראל. איינער אַליין, אָן קיינע הילף און מיטלען. מיר געפֿינען זיך ניט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, ווו די גרענעץ איז פֿאַרשפּאַרט אַז אַ פֿליג קען ניט דורכפֿליִען. מיר זיינען דאָך אין טשעכאָסלאָוואַקיע און מיר באַקומען אָרגאַניזירטע הילף פֿון מענטשן וועלכע פֿאַרנעמען זיך ספּעציעל מיט דעם און האָבן אַ גרויסע דערפֿאַרונג אין דעם געביט. איך האָף אַז אין אַ קורצער צייט אַרום וועלן מיר טאַקע קענען טרינקען לחיים מיט כּרמל־וויין און זאָגן איינע די אַנדערע מזל טובֿ...!

— איז ווען פֿאָרן מיר קיין פּראָג? מען דאַרף עס תּיכּף ומיד אָנהויבן רע־אַליזירן. יעפּים, מען טאָר ניט פֿאַרנאַכלעסיקן. דו ווייסט וואָס דאָס באַדייט? פֿאַר דעם אַליין האָט דאָך געלוינט 4 יאָר נאָכאַנאַנד זיין אונטער דעם דייטשישן פֿייער און יעדן טאָג זיך צו געזעגענען מיט דעם לעבן...

— אַראָן, היץ זיך ניט. היט אָפּ די קאָלטבלוטיקייט. מאָרגן וועל איך אַליין

פאָרן קיין פּראַג. איך האָב דאָרט אַ באַגעגעניש. מאָרגן אין אָוונט וועלן מיר זיך טרעפן און רעדן.

די נאַכט איז מיר דורך אין נעפּלדיקע דמיונות. איך בין געפאָרן מיט פאַרשיידענע מאַרשרוטן אין פאַרשיידענע מינים פון טראַנספּאָרט. איך בין געווען אין פאַרשיידענע ערטער אין וועג קיין ארץ־ישראל. איך בין שוין געווען אין ירושלים ביי מיין שוועסטער אסנה און אַרויסגייענדיק פון איר שטוב בין איך פּלוצלינג אַריינגעפאַלן צו וויקטאָראָוון אין צענטראַלן איזאָלאַטאָר... ער שרייט אויף מיר — פאַרשיווער ציוניסט. דו וועסט ביי מיר פוילן אין ב. ב. ק. און איך ענטפער אים — איך פייף אויף דיר. איך בין אין ארץ־ישראל. איך האָב דיך אין דער ערד...

און מיט אַ מאָל האָט אַ בליץ געטאָן אין מיין קאָפּ — וואָרט, ווּהין פאָרסטו? און יאָסיק? דיין זון יאָסיק? ער איז דאָך דאָרט — אין סאַמאַרקאַנד. דו האָסט דאָך אים 10 יאָר ניט געזען. דו האָסט אַ זון? ביסט אַ טאַטע? וואָס הייסט, דו פאָרסט? די פראַגעס האָבן געעקבערט דעם מוח און געשניטן דאָס האַרץ. אַ מענטש דאַרף דאָך האָבן אַ געוויסן. אַ פּשוטע, עלעמענטאַרע, מענטשלעכע זאַך — געוויסן. איז אַלץ הפקר? אויס געוויסן? אויס עלעמענטאַרע פאָטערלעכע פאַראַנטוואָרטלעכקייט? זיין אַזאַ עגאָאיסט און מקריב זיין אַן אייגן קינד?...

גאָט מיינער! וואָס טוט זיך דאָ? איך מוז דאָך פאָרן קיין ארץ־ישראל. איך האָב דאָס גאַנצע לעבן געטרוימט וועגן דעם. דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון מיין לעבן. די טרוימען האָבן מיך אויפגעהאַלטן און מיר געגעבן כּוחות אין די שווערסטע צייטן — אין די צייטן פון די אוממענטשלעכע פּייניקונגען און די אוממענטשלעכע באַדינגונגען. ווי אַזוי קען איך דאָס אַלץ מקריב זיין? רבונו־של־עולם, גיב מיר אַ ריכטיקע עצה... און אַזוי ראַנגל איך זיך מיט מיין געוויסן. איך ראַנגל זיך מיט אַלע כּוחות. איך טענה צו מיין געוויסן: וואָס איז דאָ די טראַגעדיע? יאָסיק האָט אָפּגעלעבט זיינע ערשטע 10 יאָר אָן טאַטע־מאַמע, ווייל אַזוי האָט באַשטימט זיין גורל, איז וועט ער ווי ניט איז דורכקומען נאָך עטלעכע יאָר. אַזאַ געלעגנהייט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל טרעפט דאָך מסתּמא איין מאָל אין לעבן. איז כּדאַי מקריב זיין מיט דעם גאַנצן אינהאַלט פון לעבן צוליב דעם פאָטערלעכן געוויסן? וואָס דערוואַרט דיך אין ראַטן־פאַרבאַנד? און וואָס פאַר אַ צוקונפט דערוואַרט דיין זון אין דעם פאַרשאָלטענעם לאַנד? דאָרט וועט דאָך ניט זיין קיין לופט צו אָטעמען. און דו ביסט זיכער אַז אויב דו וועסט באַקומען דעם כּשרן פּאַספּאָרט איז שוין פאַרזיכערט דיין נאָרמאַל משפּחה־לעבן? מען קען זיך דען פון זיי אַרויסדרייען? עטלעכע יאָר וועלן דורכגיין און מען וועט אויפדעקן דיין עבר. ביסטו שוין זיכער אַז דו וועסט קענען נאָרמאַל דערציִען דיין זון? איז ניט בעסער אַפילו פאַר דיין זון, פאַר דער צוקונפט, פאַר זיין פרייען לעבן, פאַר דעם אַז ער זאָל וואַקסן ווי אַ ייִד, איז ניט בעסער מקריב

זיין נאָך עטלעכע יאָר און דערנאָך אַרויסשלעפּן אים קיין ארץ־ישׂראל? נו, און אויב עס וועט זיך ניט איינגעבן אַרויסשלעפּן דעם זון פון דאָרט אין עטלעכע יאָר אַרום? וועלכע פּערספּעקטיוון זיינען פאַראַן אַז מען וועט אים יאָ קענען אַרויס־שלעפּן? ס׳איז דאָך אַ נאַרישקייט. דו רעדסט דאָך זיך אַליין איין כּדי פּטור צו ווערן פון דעם פּראָבלעם. צי דען ווייסטו ניט אַז אויב דו וועסט איצט פאָרן אומלעגאַל קיין ארץ־ישׂראל, וועסטו דעקלאַרירט ווערן אַלס דעזערטיר פון דער סאָוועטישער אַרמיי און אַלס פיינט פון פאָלק? דו פאַרגעסט מיט וועמען דו האָסט צו טאָן? וואָס הייסט דו וועסט אין עטלעכע יאָר אַרום אַרויסשלעפּן דעם זון — וויפל וועלן געדויערן די „עטלעכע יאָר"? פינף, צען, פופצן יאָר? אַזוי טענהט מיין געוויסן. אַזוי טענהט מיין פאָטערלעך געפיל. איז דאָך דאָס געוויסן גע־רעכט. ווי אַזוי קען מען איבערלאָזן אַ קינד אָן טאַטע־מאַמע און דערצו נאָך אין אַזאַ שווערער תקופה פון נאָך־מלחמה חורבן? ס׳איז דאָך פשוט אַ סקאַנדאַל.

גאָט מיינער! וואָס טוט מען? פאַר וואָס גיסטו ניט קיין עצה?...

אין אָוונט האָב איך זיך באַגעגנט מיט יעפימען. ער האָט דערציילט, אַז אַלץ גייט בסדר. ער פאַרנעמט זיך איצט מיט אָרגאַניזאַציאָנעלע קלייניקייטן ווי צי־ווילע קליידער, ערטער ווו צו נעכטיקן עטלעכע טעג. מיך האָט ער באַשטימט אין די נאָענטסטע טעג איבערצופירן פון מיין איינהייט אין אַ שפּיטאָל. ער האָט שוין דאָרט אַלץ איינגעאָרדנט. דער אָפּפאָר איז אַ פראַגע פון 5־6 טעג.

יעפים האָט אָנגעהויבן צוצוגרייטן אַן אָוונט־ברויט, געהאַוועט אין אַן אויפ־געהויבענער שטימונג:

— לאָמיר אויסטרינקען לחיים פאַר הצלחה פון אונדזער פאַרטראַכטער זאַך, פאַר ארץ־ישׂראל...

איך האָב געהאַלטן דאָס גלאָז וויין און מיין האַנט האָט זיך עטוואָס גע־טרייסלט. יעפים האָט מסתמא באַמערקט, אַז ביי מיר איז די שטימונג נישט קיין געוויינלעכע.

— אַראָן, וואָס איז געשען? דו טרינקסט ניט לחיים פאַר אונדזער הצלחה?

— יעפים, איך וועל אויסטרינקען פון גאַנצן האַרצן פאַר דיין הצלחה און פאַר ארץ־ישׂראל.

— וואָס עפּעס שטרייכסטו אונטער פאַר מיין הצלחה? פאַר וואָס זשע טרינק־סטו ניט פאַר אונדזער הצלחה?

איך האָב דערציילט יעפימען וועגן מיין געראַנגל מיט מיין געוויסן.

— זאָג מיר, יעפים, ווי אַזוי וואָלסטו געהאַנדלט זייענדיק אין מיין לאַגע? זאָג מיר, וואָס דאַרף איך טאָן? איך גיי פשוט פון זינען אַראָפּ.

— איך ווייס ניט, אַראָן, וואָס צו זאָגן דיר. עס איז אַזוי קאָמפּליצירט אַז

איך קען אַפילו ניט צונויפקלייבן מיינע געדאַנקען און קאַלטבלוטיק אָפּוועגן די סיטואַציע. און איך מוז דיר זאָגן, אַראָן, אַז אַ זייטיקן מענטשן, זאָל ער אַפילו זיין דער נאָענטסטער פריינט, איז שווער צו געבן אַן עצה. ווער קען נעמען אויף זיך אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט?

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך זיך געזעגנט מיט יעפּימען. ער איז אָפּגעפאָרן קיין פראַג רעאַליזירן זיין פּלאַן. און איך בין פאַרבליבן מיט אַ צעבראָכן האַרץ און מיט אַ טרוים, אָדער, ריכטיקער, מיט אַן אילוזיע וועגן ארץ־ישׂראל...

אין אַווגוסט 1945 האָט מען מיך דעמאָביליזירט פון דער רויטער אַרמיי. איך האָב באַקומען אַ שטענדיקן פּאַספּאָרט. ס'איז אַ גרויסער יחוס, ווייל אין ראַטן־פאַרבאַנד באַקומען געוויינלעכע בירגער פּאַספּאָרטן וועלכע זיינען גילטיק בלויז 5 יאָר, און דערנאָך דאַרף מען דורכגיין די פּראָצעדור פון בייטן דעם פּאַספּאָרט. אַ שטענדיקער פּאַספּאָרט! ביז דעם סוף פון לעבן. ס'איז דאָך אַ ספּעציעלער כּבוד. איך האָב אים באַקומען ווי אַ וועטעראַן פון דער גרויסער פאָטערלענדי־שער מלחמה וועלכער האָט זיך פאַרדינט אין די שלאַכטן 6 אויסצייכענונגען. אין פּאַספּאָרט, אויף דעם זעקסטן זייטל, איז געווען אָנגעשריבן אַז דער פּאַספּאָרט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויפן סמך פון מיליטערישן בילעט און אָרדען־פּנקס. איז דאָ צו מיר אַ גלייכער? איך האָב דאָס רעכט צו לעבן אין אַלע שטעט פון דעם גרויסן סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד! איך האָב דאָס רעכט צו באַקומען אַ „פּראָפּיסקע" אומעטום, אָן קיין שום באַגרענעצונג...

מיט אַן עשאַלאָן פון דעמאָביליזירטע בין איך געפאָרן פון ווין קיין מאָס־קווע. פון מאָסקווע האָב איך שוין באַדאַרפט אַליין זיך דערקלייבן קיין סאַמאַר־קאַנד. אַן אויסגעהונגערטער און דורשטיקער נאָך אַ יידיש וואָרט און נאָך אַ יידישן ניגון, האָב איך, שוין אין דעם ערשטן אָוונט, באַזוכט דעם מאָסקווער יידישן טעאַטער און געווען באַצויבערט פון דעם גלענצנדן ספּעקטאַקל „פריי־לעכס", וועלכן עס האָט רעזשיסירט דער גרויסער שלמה מיכאָעלס. דער ספּעק־טאַקל האָט איבערגעראַשט. ער איז געווען פול מיט יידישער פאָלקס־מוזיק, יידישן טאַנץ, און יידישער פאָלקסטימלעכקייט. עס איז געווען אַ שיינענדיקע בופאָ־נאַדע, אַן אָנגעזאַפּטע מיט האַרציקן געלעכטער און ביטערע טרערן. איך בין געזעסן און געפילט דעם טרויער און אומעט פון מיין פאָלק, זיין דראַנג צו אַ פריי נאַציאָנאַל לעבן און זיין גרויסן בטחון. דאָס פאָלק וועט לעבן. קיינער קען ניט טויטן די נשמה פון פאָלק וואָס האָט דורכגעטראָגן דורך זיין געשיכטע אַזעלכע צרות און האָט נישט געמינערט זיין טרוים צו פרייהייט און אייגן לעבן. איך בין געזעסן אויף דעם ספּעקטאַקל און געחלומט. פון איצט אָן וועלן ביי יידן זיין שׂמחות...

*

איך האָב זייער ליב געהאַט דאָס מאָסקווער יידישן טעאַטער מיט זיינע גע־ניאַלע אַקטיאָרן שלמה מיכאָעלס און בנימין זוסקין. אָבער שוין 10 יאָר — 6 יאָר טורמעס און לאַגערן און 4 יאָר מלחמה — ווי עס האָט זיך איבערגעריסן מיין קאָנטאַקט מיטן טעאַטער. און אָט האָב איך באַנייט דעם קאָנטאַקט. מיר האָט זיך געדוכט אַז איך באַניי דעם קאָנטאַקט מיט דער יידישער קולטור אין ראַטן־פאַרבאַנד. איז דאָס אַזוי? וועט די יידישע קולטור לעבן אין דעם לאַנד? איך האָב דאָך שוין געוווּסט וועגן דעם גרויסן חורבן פון דער יידישער קולטור אין דער צווייטער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן. זיינען נאָך פאַרבליבן רעשט־לעך. וועלן זיי פאַרבלייבן און אַנטוויקלען זיך? איך האָב אין דעם ניט געגלויבט. אָבער נאָך דעם ספּעקטאַקל האָט זיך מיר זייער געוואָלט גלויבן אין דעם...

אין מאָסקווע בין איך געווען 2 טעג. נאָר איך האָב קיינעם ניט געפונען. ניט קיין קרובים, ניט קיין פריינט און באַקאַנטע — אַ טייל פון זיי איז אַרויס־געשליידערט געוואָרן פון שטאָט אין די יאָרן 1935—1938 און אַ טייל אין דער מלחמה־תקופה. איך האָב באַזוכט דעם מיניסטעריום פון דער שפּייז־אינדוסטריע. מען האָט מיך דאָרט אויפגענומען מיט כבוד און איך האָב באַקומען אַן אַמט־נאָמינירונג אין דער שטאָט סטאַלינאָ — אַ גרויסע שטאָט אין דעם אינדוס־טריעלן דאָנבאַס. די אַמט־נאָמינירונג האָט מיך אויך פאַרזיכערט מיט אַ דירה.

איך בין אָפּגעפאָרן קיין סאַמאַרקאַנד נעמען מיין זון כּדי דערנאָך צו פאָרן קיין סטאַלינאָ און אָנהייבן בויען דאָס לעבן פון דאָס ניי.

אין סאַמאַרקאַנד בין איך געקומען דעם 22סטן אויגוסט 1945. אין אַ ספּע־ציעלן וואַגאָן מיט דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן. מען האָט אונדז באַגעגנט אויף דעם וואָקזאַל מיט מוזיק. אַ פאָרשטייער פון מיליטערישן קאָמיסאַריאַט האָט יעדן דעמאָביליזירטן געגעבן אַ מתנה — אַ פּעקל, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען: עטלעכע קילאָגראַם רייז, עטלעכע קילאָגראַם צוקער און אַ גרויס שטיק, מסתּמא 5־6 קילאָגראַם, שעפּסן־פלייש. קען מען זיך פאָרשטעלן אַ שענערע מתנה פאַר מיין יאָסיקן און אַניען, וועלכע האָבן מסתּמא אין אַלע פיר יאָר פון זייער עוואַ־קואַציע־לעבן אין סאַמאַרקאַנד, ניט געהאַט קיין איין זאַטן טאָג?...

מסתּמא, אין זכות פון דער פאַנטאַסטישער מתנה און אויך אין זכות וואָס איך בין אין מיליטערישע בגדים מיט 6 שיינענדיקע אויסצייכענונגען אויף דער ברוסט, האָט מיך מיין זון אויפגענומען גאַנץ פריינטלעך. אָבער דאָך איז געווען צווישן אונדז אַ דיסטאַנץ. אַ דיסטאַנץ פון כבוד און אַפילו צוטרוי, נאָר דאָך אַ דיסטאַנץ. ער האָט מיט גרויס שטאָלץ שפּאַצירט מיט מיר איבער די שמאָלע גאַסן פון דעם אַלטן סאַמאַרקאַנד, פון דעם טייל וועלכן מען האָט גערופן „אַלט־שטאָט".

אין צוויי טעג אַרום נאָך מיין קומען אין סאַמאַרקאַנד, ד. ה. דעם 24סטן אווגוסט 1945, איז יאָסיק אַלט געוואָרן 10 יאָר. מיר האָבן אָפּגעמערקט זיין גע־

בוירן־טאָג מיט אַ יום־טובדיקער סעודה וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן אַ דאַנק דעם פּעקל וואָס איך האָב באַקומען אין מיליטערישן קאָמיסאַריאַט. אין דער סעודה האָבן אָנטייל גענומען דריי משפּחות קרובים וועלכע זיינען דורכן גורל אויך פאַרוואָרפן געוואָרן קיין סאַמאַרקאַנד און וועלכע איך האָב צופעליק אָפּ־געזוכט אין די צוויי טעג. יאַסיק איז געזעסן אַ צופרידענער און שטאָלצער אויבן אָן. אויף זיין ברוסט האָבן געשיינט אַלע מיינע מיליטערישע אויסצייכענונגען, אָבער דער עיקר איז ער געווען פאַרנומען מיט דעם זשעדנעם עסן. דאָס פליש מיט רייז און מיטן טרינקען דעם זיסן טיי. און ניט נאָר ער, דער 10 יאָריקער יינגל, איז געווען פאַרנומען מיטן עסן, ווי מיט דעם וויכטיקסן ענין אין זיין לעבן. אויך אַניע און אַלע איבעריקע געסט — 11 דערוואַקסענע מענטשן — זיינען געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין עסן, אַז עס איז ניט געווען קיין צייט זיך צו דורכוואַרפן מיט עטלעכע ווערטער אין דער צייט פון דער סעודה. איך בין געווען דער איינציקער מענטש וועלכער האָט אין יענעם אָוונט ניט געקענט עסן. איך האָב זיי זייער גוט פאַרשטאַנען. איך האָב זייער גוט געוווּסט וואָס עס הייסט הונגער. אַ זאַטער און צופרידענער איז יאַסיק אַוועק שלאָפן. איך בין געזעסן מיט מיינע קרובים ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין און מען האָט גערעדט. יעדער — וועגן זיין פּעקל צרות און וועגן די אויסזיכטן אין דער צוקונפט. אַלע זיינען געווען גערירט פון מיין דראַמאַטישער באַגעגעניש מיט מיין זון. זעלטן געפינט מען דאָך אין דער ליטעראַטור אַזאַ דראַמאַטישע סיטואַציע אַז ביי אַ טאַטן זאָל געבוירן ווערן אַ 10 יאָריק קינד...

צווישן די קרובים, וועלכע איך האָב געפונען אין סאַמאַרקאַנד איז געווען איינע אַ פרוי רבקה וועלכע איך האָב, אייגנטלעך, פריִער ניט געקענט. אין מינסק האָט געלעבט איר משפּחה — אַ מאַמע און צוויי שוועסטער — מיט וועלכער אונדזער משפּחה איז געווען זייער נאָענט און באַפריינדעט. זי, רבקה, האָט געלעבט אין דער שטאָט באַראַנאָוויטש, וואָס געהערט צו פּוילן. ווען די סאָוועטישע אַרמיי האָט אין סעפּטעמבער 1939, לויט דעם מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ פּאַקט, אָקופּירט דעם מזרח טייל פון פּוילן און באַראַנאָוויטש איז געוואָרן אַ סאָוועטישע שטאָט, האָט רבקה מיט איר קליין קינד געפּרוּווט אַריבערקלייבן זיך קיין מינסק און זיין אין איינעם מיט איר מאַמען און שוועסטער, אָבער אין מינסק האָט זי, פאַרשטייט זיך, ניט געקענט באַקומען די „פּראָפּיסקע" און גע־בליבן לעבן אין באַראַנאָוויטש. אין דעם ערשטן טאָג פון דער סאָוועטיש־דייַ־טשישער מלחמה איז זי מיט נאָך אַ סך יידן־פּליטים פון פּוילן אַנטלאָפן פון באַראַנאָוויטש און האָט זיך געוואַלגערט ביז זי איז געקומען קיין סאַמאַרקאַנד. רבקהן האָבן געבראַכט צו דער יום־טובדיקער סעודה, לכבוד דעם 10טן גע־

בורטס־טאָג פון מיין זון, מיינע קרובים — מינסקער יידן — מיט וועלכע איך האָב זיך צופעליק באַגעגנט אין סאַמאַרקאַנד.

ס'איז געווען די צייט ווען די פּוילישע יידן האָבן באַקומען דאָס רעכט און די מעגלעכקייט פאַרלאָזן דעם ראַטן־פאַרבאַנד און אומקערן זיך קיין פּוילן. רבקה האָט מיר דערציילט אַז זי קלייבט זיך אין דער נאָענסטער צייט צו פאָרן קיין פּוילן אָבער זי קלייבט זיך ניט בלייבן אין פּוילן. זי האָט מיר דערציילט וועגן איר פּלאַן — פון פּוילן איבערקלייבן זיך קיין טשעכאָסלאָוואַקיע און פון דאָרט קיין ארץ־ישׂראל. אַזוי האָט זי באַשטימט, און אַזוי וועט זי טאָן.

— וואָס עפּעס קיין ארץ־ישׂראל? האָב איך פאַרוווּנדערט געפרעגט ביי רבקהן.

— פאַר וואָס ניט קיין ארץ־ישׂראל? — האָט מיט אַ געלעכטער געענטפערט רבקה. דו, אהרון, ווייסט וועגן מיר ווייניק, אָבער איך ווייס וועגן דיר אַ סך מער. מיינע שוועסטער האָבן מיר פאַר דער מלחמה דערציילט וועגן דיר, וועגן דיין אַרעסט און וועגן דיינע ברידער יענקל און נח און וועגן זייער אַרעסט. און דו וואָלסט ניט געוואָלט פאָרן קיין ארץ־ישׂראל? איך וואַרט אַפילו ניט אויף דיין ענטפער. איך ווייס, אַז דו וואָלסט געפלויגן אַהין. איז וואָס זשע שטעלסטו מיר אַזאַ פראַגע?

— איך וויל דיר זאָגן, טייערע רבקה, אַז איך בענטש דיך און פון גאַנצן האַרצן ווינטש איך דיר הצלחה ביים רעאַליזירן דיין זייער ריכטיקן און אויס־געצייכנטן פּלאַן. און דעם אמת צו זאָגן — בין איך דיך זייער מקנא...

אין עטלעכע טעג אַרום האָט רבקה געהאַט מיט מיר אַן אומדערוואַרטן שמועס — אַ שמועס, וועלכער האָט מיך ווידער אַריינגעוואָרפן אין אַ גרויסער שפּאַנונג און אין אַ גוואַלדיקן אינערלעכן געראַנגל. זי האָט דערציילט אַז זי קען עטלעכע פּוילישע יידן דאָ אין סאַמאַרקאַנד וועלכע פאַרנעמען זיך מיט פאַברי־צירן פאַרשיידענע דאָקומענטן וועלכע קענען מיך „פאַרוואַנדלען" אין אַ פּוילישן ייד. איך וועל ווערן אויס סאָוועטישער בירגער. אויס דעמאָביליזירטער סאָל־דאַט. איך וועל זיין אַ געזעצלעכער פּוילישער ייד, וועלכער וועט האָבן די רעכט צו פאַרלאָזן דעם ראַטן־פאַרבאַנד און צו פאָרן קיין פּוילן. און יאָסיק, מיין זון, וועט נאַטירלעך אויך פאַרצייכנט ווערן ווי אַ זון פון אַ פּוילישן בירגער. אין איי־נעם מיט יאָסיקן וועל איך קענען פאָרן קיין פּוילן.

— איך ווייס, אהרון, אַז דו דאַרפסט פּוילן אויף כּפּרות — האָט רבקה געזאָגט — אָבער פון פּוילן וועסטו אויך אַריבערשפּרינגען קיין טשעכאָסלאָ־וואַקיע און פון דאָרט קיין ארץ־ישׂראל.

— איך גלויב ניט אין דעם. אָדער ס'איז אַ קינדערשע פאַנטאַזיע, אָדער — פּשוטער אַוואַנטוריזם. אָט אַזוי פראָסט און פּשוט נאַרסטו אָפּ די סאָוועטישע

מאַכט־אָרגאַנען? וואָס הייסט פאַבריצירן דאָקומענטן? מען האָט דיר, רבקה, פאַרדרייט דעם קאָפּ. איך גלויב ניט אין דעם.

— איך בין ניט קיין קליין קינד און איך ווייס וועגן וואָס איך רעד. ס׳איז ניט קיין פאַנטאַזיע און ניט קיין אַוואַנטוריזם. ס׳איז אַ רעאַלע זאַך. נאָר זיי קענען דאָס טאָן מיט איין תנאי.

— וואָס פאַר אַ תנאי?

— דיין ווייב דאַרף זיין אַ געזעצלעכע פּוילישע בירגערין מיט אַלע געזעצ־לעכע פּוילישע דאָקומענטן. דאַן איז גענוג נאָר אַ דאָקומענט וועגן דער חתונה. ס׳איז ניט נויטיק דער פּאַספּאָרט פון דעם מאַן. ער האָט געקענט פאַרלאָרן גיין אין דער צייט פון דער מלחמה. ס׳איז גענוג דער פּוילישער פּאַספּאָרט פון איין צד. און דעם דאָקומענט פון דער חתונה (און ס׳איז גילטיק אַ יידישער רעליגי־עזער דאָקומענט) מאַכן זיי זייער גרינג און פּשוט. דו פאַרשטייסט?

— איך פאַרשטיי גאָרניט. דו האָסט, רבקה, אָנגעשריבן אַזאַ סצענאַריע וואָס איך קען בשום אופן ניט אַריינקריכן און אויספּילן דאָרט אַ ווערלכע עס איז ראָל. וואָס פאַר אַ ווייב? וועלכע געזעצלעכע פּוילישע בירגערין?

— איך האָב ניט געטראַכט, אַהרון, אַז דו ביסט אַזאַ טעמפּער. איך רעד וועגן דעם וואָס מען דאַרף פאַלסיפיצירן אַ חתונה־דאָקומענט, לאָמיר זאָגן פון 1938—1939 יאָר. די פראַגע איז, וואָס מען דאַרף געפינען דאָס ווייב — אַ גע־זעצלעכע פּוילישע בירגערין.

— נו, איז וווּ געפינט מען זי?

רבקה האָט זיך הילכיק פונאַנדערגעלאַכט און געזאָגט:

— זי זיצט און רעדט מיט דיר.

רבקה האָט אויפגעהערט צו לאַכן און ערנסט געזאָגט:

— דו האָסט, אהרון, אַ רעאַלע מעגלעכקייט צו פאָן קיין פּוילן, פון דאָרט קיין טשעכאָסלאָוואַקיע און דערנאָך קיין ארץ־ישראל. איך ווייס וואָס איך רעד. מאָרגן, ממש מאָרגן, אויב דו ביסט מסכּים, קען מען מאַכן דעם חתונה־דאָקו־מענט. כּאילו מיר האָבן חתונה געהאַט נאָך פאַר דער מלחמה. און אַלץ וועט זיין כּשר — כּדת וכדין. און ווען מיר וועלן קומען קיין ארץ־ישראל, וועלן מיר אויסטרינקען לחיים און צערייסן דעם דאָקומענט. דו פאַרשטייסט? אויפן סמך פון דעם דאָקומענט מאַכן די צוויי באַקאַנטע פּוילישע יידן וועלכע זיינען ספּעצ־יאַליסטן אין דעם געביט, די נויטיקע פּאַפּירן און מיר פאָרן אָפּ אין איינעם קיין פּוילן. מיין מיידעלע מרים, וועלכע איז עלטער פון דיין יאָסיקן מיט צוויי יאָר, און דיין יאָסיק וועלן זיין פאַרשריבן אין די דאָקומענטן. און מיר, אַ מש־פּחה — מאַן, ווייב און צוויי קינדער — פאָרן אָפּ קיין פּוילן. איך זאָג דיר נאָך אַ מאָל: ס׳איז ניט קיין פאַנטאַזיע און ניט קיין אַוואַנטוריזם. ס׳איז אַ רעאַלע זאַך. טראַכט דורך דעם ענין און באַשטים. אָבער מען קען דאָס ניט ציִען לאַנג.

אין משך פון אַ וואָך דאַרף מען עס באַשטימען. איך קלייב זיך אין מיטן סעפּ־טעמבער אָפּפאָרן קיין פּוילן.

און ווידער בין איך אַריין אין אַ געראַנגל מיט מיין געוויסן. וואָס טוט מען איצט? יאָסיק איז דאָך שוין מיט מיר. איך וועל אָוועקפאָרן מיט אים אין איינעם. אָבער ס'איז דאָך דאָ נאָך איין פּראָבלעם — די פּראָבלעם מיט מאַשען. די פּראָבלעם מיט מיין ווייב און יאָסיקס מאַמע, זי איז געווען אין קאַלימאַ. אין די שווערע לאַגערן פון דעם ווייטן מזרח אין ראַטן־פאַרבאַנד. זי איז געווען פאַרמשפּט אויף 8, אָדער 10 יאָר. איז אויב אַפילו 10 יאָר — האָט שוין באַ־דאַרפט זיין דער סוף. האָט זי שוין באַדאַרפט זיין אויף דער פרייהייט. פאַר דער מלחמה האָט איר שוועסטער פריידל געהאַט עטלעכע בריוו פון איר און דערנאָך ווייס מען גאָרנישט. איך האָב געשריבן אין דער צענטראַלער אַדרעס־ביוראָ אין דער שטאָט באָגוראָסלאַן און באַקומען אַן ענטפער אַז זיי איז וועגן דער פּערזאָן גאָרניט באַוווסט. איך האָב געשריבן אין גולאַג — אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון אַלע לאַגערן אין ראַטן־פאַרבאַנד און קיין ענטפער ניט באַקומען. איך האָב געשריבן אין דער לאַגער־פאַרוואַלטונג פון קאַלימאַ און באַקומען אַן ענטפער אַז דאָרט אין די צעטלען פון די אַרעסטאַנטן איז אַזאַ מענטש ניטאָ... ווו איז זי? וואָס איז מיט איר? — דאָס ווייס מען ניט.

אפשר דאַרף מען זיך ניט גריבלען און פאַרנעמען מיט דער פראַגע? עס טרעפן דאָך אַ סך אומגליקן אויף דער וועלט. האָב איך דען מאָראַלישע אָדער וועלכע עס איז אַנדערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער געשאַפענער סיטואַציע? בין איך דען שולדיק אין דעם וואָס עס האָט געטראָפן? עס איז דאָך אַ ווילדער, טראַגישער גורל. גאָט מיינער, וואָס קען איך טאָן? וואָס קען איך העלפן?

אָבער איך מוז דאָך וויסן וואָס עס האָט פּאַסירט. וואָס הייסט עס איז אין די צעטלען פון די אַרעסטאַנטן ניטאָ אַזאַ מענטש? דער מענטש איז דאָך געווען אין די אַרעסטאַנטן רשימות אין קאַלימאַ־לאַגער. זיינען דאָך פאַראַן צוויי מעג־לעכקייטן: אָדער דער מענטש איז אומגעקומען און איז אויסגעמעקט געוואָרן פון די צעטלען, אָדער דער מענטש האָט זיך באַפרייט און אַרויס פון יענעם לאַגער און איז אויך אויסגעמעקט געוואָרן פון די אַרעסטאַנטישע צעטלען. אָבער איך שטיי פאַר אַ רעטעניש און איך קען עס ניט לייזן. בשום אופן קען איך ניט לייזן דאָס רעטעניש. דאַרף איך צוליב דעם מקריב זיין מיין גאַנץ לעבן? דאַרף איך צוליב דעם פאַרנאַכלעסיקן אַזאַ מעגלעכקייט ווי רבקה לייגט פאָר און ניט פאָרן קיין ארץ־ישׂראל? ס'איז דאָך פשוט ניט באַרעכטיקט, ניט יושרדיק, ניט ריכטיק!

אָבער ווידער יאָסיק. ער איז שוין אַ גרויס יינגל. ער איז אַלט 10 יאָר. ער שטעלט פראַגעס און זוכט ענטפערס. אַניע דערציילט אַז ווען ניט ווען פלעגן

זיך ביי אים אַרויסרייסן די פראַגעס: ווו איז דער טאַטע? ווו איז די מאַמע? אויך אויף דער מלחמה? אויב ביז דער מלחמה האָט דאָס קינד זיך געפּילט ביי פריידלען — ביי זיין מומען — ווי אין אַ היים, האָט ער זיך אין דער שווערער צייט פון דער מלחמה, אין דעם עוואַקואַציע־פּעריאָד, אַ פּעריאָד פון הונגער און נויט, ווען אַניע האָט געהאָרעוועט טאָג און נאַכט, כּדי צו האָבן אַ שטיקל ברויט — געפונען מער אונטער דער השפּעה פון דער גאַס. ער האָט ניט געוווּסט וואָס עס איז היים בכלל! און דאָס זיינען דאָך דווקא געווען די יאָרן וועלכע פאַר־בלייבן שוין אין זכרון פון קינד. די יאָרן פון זעקס ביז צען. ער האָט אין זיין קינדערשן מוח געזוכט ענטפערס און ניט געפונען. און אין זיין קינדעריש האַרץ האָט געטאַטשעט די פראַגע: — פאַר וואָס איז ער אַנדערש פון אַנדערע קינדער?.

מיר איז נאָך ניט געלונגען פאַר די עטלעכע וואָכן אַריינצודרינגען אין זיין האַרץ און באַוווּסטזיין ווי אַ טאַטע. דער באַגריף „טאַטע" איז נאָך ביי אים אַן אַבסטראַקציע. איך זאָג אַז איך בין זיין טאַטע, און אַניע זאָגט: יאַסיק, דער טאַטע רופט דיך און קרובים און באַקאַנטע קומען און זאָגן אים: דיין טאַטע האָט זיך אומגעקערט פון דער מלחמה מיט די דייטשן; דיין טאַטע האָט געהאָלפן אָפּהאַלטן דעם נצחון איבער די פאַשיסטן. איך האָב אָבער געפילט אַז ער נעמט עס אויף, אַזוי צו זאָגן, פון דער זייט. אַזוי, ווי עס רעדט זיך וועגן אַ זייטיקן מענטשן, וועגן אַ טאַטן בכלל...

און איך בין געווען זייער צופרידן, וואָס איין מאָל האָט זיך מיר איינגעגעבן צו רעדן מיט מיין זון עטוואָס מער אינטים און אָפנהערציק. מיר האָבן גערעדט וועגן די לימודים אין זיין מיטל־שול; וואָס עס אינטערעסירט אים מער? וואָס האָט ער מער ליב? אויך וועגן זיינע לערער און וועגן זיינע חברים און וועגן דער שטאָט סאַמאַרקאַנד, וועגן די אומצאָליקע קאַמאַרן, וועלכע פאַלן אָן צייטנווייז אויף די מענטשן...

— געדענקסטו, יאַסיק, די שטאָט מינסק? ווו איז בעסער צו וווינען, אין סאַמאַרקאַנד, צי אין מינסק?

— די שטאָט געדענק איך ניט. איך געדענק אַ ביסל די טיאָטיע מאַריע, און איך געדענק גוט די טיאָטיאַ פרידאַ. איבערהויפּט געדענק איך די באָמ־בעס; ווי מיר זיינען געזעסן דאָרט אין אַ קעלער און ווי אַניע האָט מיך צוגע־נומען פון דאָרט.

— מיר וועלן ניט בלייבן אין סאַמאַרקאַנד. מיר וועלן אין גיכן אַוועקפאָרן פון סאַמאַרקאַנד. ביסט צופרידן פון דעם?

און ניט ענטפערנדיק אויף דער פראַגע, זאָגט פּלוצלינג יאַסיק:

— דו ביסט מיין טאַטע?

— פאַרשטייט זיך, וואָס פאַר אַ פראַגע. דו פילסט ניט אַז איך בין דיין טאַטע? דו פילסט ניט אַז איך האָב דיך זייער ליב.

— ווו ביסטו געווען די גאַנצע צייט?
— אויף דער מלחמה?
— וויפל האָט געדויערט די מלחמה?
— 4 יאָר.
— און ווו ביסטו געווען ביז דער מלחמה? מיר איז דאָך שוין 10 יאָר.

די פראַגע איז געווען אַ זייער קאָמפּליצירטע. זי איז קאָמפּליצירט דערפאַר וויל, ווי מיר איז געווען באַוווסט, האָבן פריידל און אַניע קיין מאָל ניט דער־ציילט יאָסיקן אַז זיין טאַטע און מאַמע זיינען אַרעסטירט און געפינען זיך אין לאַגער. זיי האָבן עס געטאָן באַוווסטזיניק ווייל עס איז געווען געפערלעך צו דערציילן אַ קינד אַזאַ זאַך. אַ קינד וועט אַזאַ סוד ניט קענען האַלטן און דער גאַנצער אַרום וועט וויסן וועגן דעם. אַניע איז געווען אַ לערערן פון געשיכטע. ס'איז געווען אַ גרויסער חסד וואָס מען האָט דערלויבט אַן אומפּאַרטייִש מיידל צו זיין אַ לערערן פון געשיכטע. געשיכטע איז ניט מאַטעמאַטיק. געשיכטע מוז מען לערנען נאָר פון פּאַרטייִשן שטאַנדפּונקט, לויט אַ ספּעציעל־פּאַרטייִשער סכעמע... אָבער אויב עס וועט, חס וחלילה, באַוווסט ווערן אַז די משפחה פון דער געשיכטע־לערערין איז אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע, אַז די מומע פון דער לערערין איז אין קאָלימאַ און דער פעטער איז אין ב. ב. ק. — וועט מען ליידן אַזאַ טרפות? האָט מען דערציילט יאָסיקן פאַרשיידענע אויסטראַכטענישן... אַפילו איצט, צי קען איך דען דערציילן יאָסיקן דעם אמת וועגן זיך? אַז איך בין ביז דער מלחמה געווען אין לאַגער? איך בין דאָך געווען מלא שׂמחה וואָס איך האָב באַ־קומען אין אַרמיי אַ כּשרן פּאַספּאָרט. וועל איך דערציילן, אַ 10 יאָריקן יינגל, דעם אמת? די צייט איז דאָך זייער אַ שווערע. קען מען דען אָנהייבן גלויבן דער סאָוועטישער „דעמאָקראַטיע"? בשום אופן ניט. און איך האָב געענטפערט יאָסיקן:

— איך בין געווען מאָביליזירט אויף אַ ספּעציעלער אַרבעט. איך האָב גע־ענדיקט דעם עקאָנאָמישן אינסטיטוט אין כאַרקאָוו און מען האָט מיך מאָבילי־זירט און געשיקט אין אַן אָרט זייער ווייט פון מינסק. איך האָב ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו קומען קיין מינסק און זיך זען מיט דיר. און דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה און מען האָט מיך תיכף געשיקט אין שלאַכט.

— און ווו איז די מאַמע? איך האָב זי אַפילו קיין איין טאָג ניט געזען. פריִער איז געווען פרידאַ און דערנאָך אַניע. ווו איז די מאַמע?

— די מאַמע איז געווען ניט געזונט. זי איז אַ לאַנגע צייט געווען אין אַ שפּיטאָל. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה. אין דער צייט פון דער מלחמה האָבן אַ סך מענטשן פאַרלאָרן איינע די אַנדערע. דיך האָט צופעליק אַניע גע־פונען און אַנטלאָפן מיט דיר פון מינסק. אַ סך מענטשן האָבן ניט באַוויזן צו אַנטלויפן, געבליבן אין מינסק און אומגעקומען ביי די דייטשן. די דייטשן האָבן

אַלע יידן געהרגעט. מיינע צוויי שוועסטער מיט זייערע קינדער זיינען אומגע־קומען אין מינסק ביי די דייטשן. דאָס לאַנד איז גרויס און די מלחמה האָט צע־וואָרפן אַ סך מענטשן אין פאַרשיידענע ערטער פון דעם גרויסן לאַנד. ווו די מאַמע איז, ווייסן מיר דערווייל ניט.

— דאַרף מען דאָך זי אויפזוכן. זי לעבט די מאַמע?

— מיר וועלן זוכן, זונעלע. עס וועט אָבער נעמען צייט. אָבער מיר וועלן זוכן. איצט וועלן מיר שוין זיין אין איינעם. איך וועל דיך שוין קיין מאָל ניט פאַרלאָזן. מער וועט מען שוין מיך ניט מאָביליזירן און איך וועל אָן דיר ניט אַוועקפאָרן אין קיין שום אָרט...

איך בין ניט זיכער געווען אַז יאָסיק האָט אויפגענומען מיינע רייד מיט פולער אמונה. איך האָב געפילט אַז ביי אים זענען געבליבן פראַגעס און צוויפ־לען. איך האָב אויך געפילט אַז צווישן אונדז האָבן זיך נאָך ניט איינגעשטעלט די בויטיקע און נאַטירלעכע באַציִונגען ווי צווישן אַ טאַטן און אַ זון...

איך האָב אים צוגעזאָגט צו זוכן די מאַמע. קען איך נעמען און פּלוצלינג אַוועקפאָרן אין גאָר אַן אַנדער לאַנד? דאָס הייסט אים ברוטאַל אָפּנאַרן. ער איז דאָך שוין אַלט 10 יאָר און פאַרשטייט און דענקט און פילט. ווי וועט ער זיך באַציִען צו מיר? איך בין נאָך דערווייל ניט נאָענט מיט אים ווי אַ טאַטע... וואָס טוט מען? דער ווילן צו פאָרן קיין ארץ־ישׂראל איז אַזוי גרויס און שטאַרק אַז עס ווילט זיך ניט טראַכטן וועגן אַנדערע מאָטיוון. איך ווער אין כּעס אויף זיך אַליין. וואָס גריבלסטו זיך? וואָס זוכסטו אויס פאַרשיידענע מאָראַלישע מאָטיוון און פּסיכאָלאָגישע סיבות? אָבער, ניין! דאָס זיינען ניט קיין אויסגעזוכטע סיבות. דאָס זיינען עלעמענטאַרע מענטשלעכע געפילן וועלכע קענען ניט לאָזן רוען און לאָזן ניט רוען אַ מענטשן מיט געוויסן... און רבקה קומט יעדן טאָג און איילט. אויב פאָרן, דאַרף מען תּיכּף ומיד צוגרייטן די נויטיקע דאָקומענטן. רבקה אַליין מוז שוין אין דער נאָענטסטער צייט אַוועקפאָרן פון סאַמאַרקאַנד און דער עיקר, די „מאַכערס״, וועלכע קענען צוגרייטן די דאָקומענטן, קלייבן זיך שוין אַוועק־פאָרן...

איך דערוויס זיך נאָך איין פּרט וועגן אַניען און איר מסירת־נפשדיקער אויפ־פירונג לגבי יאָסיקן. זי האָט מיר דערציילט אַז פאַרטאָג, דעם 25סטן יוני 1941, איז צו איר געקומען אַבע — מאַשעס ברודער, ד. ה. אַניעס פעטער — און גע־בעטן אַניען זי זאָל אַוועקלויפן פון מינסק. ער האָט אַ טראַנספּאָרט־מיטל. היות זיין ווייב איז ניט געזונט האָט ער געוואָלט אַז אַניע — אַ יונג מיידל — זאָל איר באַדינען אין וועג און אין עוואַקואַציע. פאַר אַניען וואָלט עס אין יענע שרעק־לעכע באַדינגונגען געווען אויסגעצייכנט. אָבער זי האָט געשטעלט די פראַגע:

— פעטער אַבע, און וואָס וועט זיין מיט יאָסיקן? די מומע פריידל איז דאָך ניט אין מינסק.

— מען וועט אים שוין אַרויספירן פון שטאָט — האָט געענטפערט אַבע — אַזוי ווי מען וועט אַרויספירן אַנדערע קינדער.

— ווער וועט אַרויספירן? אין שטאָט איז דאָך אַ פּאַניק און קיינער אָרגאַ־ניזירט ניט דאָס אַרויספירן קינדער פון שטאָט.

— איז וואָס זשע דאַרפסטו טראַכטן וועגן יאָסיקן? טראַכט וועגן זיך — האָט געטענהט אַבע. איך וועל דיך נעמען אויף אַן אויטאָ און מיר וועלן תיכּף אַוועקפאָרן. וועסטו זיין פאַרזיכערט די גאַנצע צייט פון מלחמה.

אַניע האָט אָפּגעזאָגט אַבען און אין יענעם פרימאָרגן איז זי געקומען צו לויפן צו יאָסיקן און אַנטלאָפן מיט אים פון שטאָט...

מיך האָט די דערציילונג אויפגעטרייסלט. ניט אַזוי די ניבזות פון אַבען, ווי די מסירת נפש פון אַניען.

און ווען איך האָב דערציילט אַניען וועגן דעם פּלאַן אַוועקצופאָרן קיין פוילן און פון דאָרט קיין ארץ־ישׂראל, האָט זי נאַאיוו געזאָגט:

— איך ווייס ניט וואָס צו טאָן. אין מינסק איז ניטאָ וווהין צו פאָרן. דאָ אין סאַמאַרקאַנד פאַרבלייבן ווילט זיך ניט. וואָס טוט מען? און עס האָט אַ שניט געטאָן די פראַגע: איז ניט מיין חוב צו העלפן אַניען איינאָרדענען זיך? האָב איך די רעכט צו פאַרלאָזן זי אויף הפקר?

איך ווייס ניט צי איך האָב ריכטיק באַשלאָסן. מסתמא האָב איך געמאַכט אַ גרויסן טעות. די צייט האָט שפּעטער באַוויזן אַז ס׳איז געווען אַ טעות. אָבער איך האָב ניט געמאַכט קיין דאָקומענטן, איך בין ניט אַוועקגעפאָרן קיין פוילן — איך בין ניט אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישׂראל. איך בין פאַרבליבן בלויז מיט מיינע טרוימען און חלומות וועגן ארץ־ישׂראל...

# 14

# יהדות הדממה

זייער שווערע נאָך־מלחמה יאָרן. הונגער, דחקות און נויט. די נאָרמירונג פון ברויט און אַנדערע שפּייז־פּראָדוקטן איז ניט אַנולירט געוואָרן מיט דעם סוף פון דער מלחמה. מען האָט אַריינגעפירט אַזוי גערופענע „קאָמערציעלע פּרייזן" וועלכע האָבן נאָך מער אויפגערעגט די באַפעלקערונג — פּרייזן, וועלכע זיינען מיט 10־15 מאָל העכער פון די נאָרמאַלע נאָרמע־פּרייזן. אַזוי, למשל, האָט אַ קילאָגראַם שוואַרץ ברויט, לויט די נאָרמע־פּרייזן, געקאָסט 1.60 רובל. אָבער מען האָט עס געקענט קויפן פריי פאַר 25 רובל, לויט די קאָמערציעלע פּרייזן. דער אַרבעטס־לוין איז געווען אַ נידעריקער. אַ קוואַליפיצירטער אַרבעטער, לערער, דאָקטער, אָנגעשטעלטער האָבן באַקומען 600—700 רובל אַ חודש — דאָס הייסט 24־28 קילאָגראַם ברויט לויט קאָמערציעלע פּרייזן... אין סוף פון יאָר 1947 האָט מען געביטן די סיסטעם פון נאָרמירונג פון ברויט און אַנדערע שפּייז־פּראָדוקטן, מען האָט „נאָרמאַליזירט" די פּרייזן און מען האָט דורכגעפירט אַ געלט־רעפאָרם. די „נאָרמאַליזאַציע" פון די פּרייזן האָט באַדייט אַ גרויסע העכערונג (אין 2—2½ מאָל) פון די „נאָרמאַלע" פּרייזן און די ליקווידאַציע פון די „קאָמערציעלע" פּרייזן. דער אַרבעט־לוין איז ניט געוואָרן געהעכערט. דאָס האָט באַדייט אַן ערנסטער אָנגריף אויף דעם זייער נידעריקן לעבנס־ניוואָ פון פאָלק. און דערנאָך, אין משך פון 5 יאָר נאָך אַנאַנד, האָט מען דורכגעפירט אַ פּאָליטיק פון פאַרקלענערן די פּרייזן וואָס איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ גרויסן פּראָפּאַגאַנדיסטישן רעש. מען האָט אָבער בשום אופן ניט דערגרייכט דעם פּרייז־ניוואָ פון פריִער... און אַזוי אַרום האָט זיך אין די ערשטע 5—6 נאָך־מלחמה יאָרן, פאַרערגערט די מאַטעריעלע לאַגע פון פאָלק. מען קען זיך פאָרשטעלן ווי שווער עס זיינען געווען די נאָך־מלחמה יאָרן, אויב אין די בעסטע, בליִענדיקע ביז־מלחמה יאָרן איז געווען זייער אַ שווער לעבן אין לאַנד...

אין לאַנד איז געווען אַ חורבן. אַ מוראדיקער מאַנגל אין דירות. באַזונדער קאַטאַסטראָפאַל איז געווען די לאַגע אין אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד, ליטע, לאַטוויע,

עסטאָניע און אין אַ סך קאַנטן פון דער רוסישער פעדעראַציע — אויף יענע טעריטאָריעס, וועלכע זיינען געווען אָקופּירט דורך די דייטשן אין דער מלחמה־תקופה.

מיליאָנען געפאַלענע אין דער מלחמה. מיליאָנען קאַליקעס. מיליאָנען געפאַנגענע, וועלכע האָבן זיך נאָך ניט אומגעקערט, אָדער וועלכע זיינען רעגרעסירט געוואָרן און אָפּגעשיקט געוואָרן אין די אומצאָליקע לאַגערן פון דער גרויסער מדינה. אין דער צייט פון דער מלחמה זיינען די אומגליקן געווען פאַרטושט. נאָך דער מלחמה זיינען זיי אַזוי ווי אַנטפּלעקט און בולט געוואָרן...

די סאָוועטישע באַפעלקערונג איז געווינט צו צרות, הונגער, דחקות און נויט. פאַר די קאַרגע 30 יאָר פון דעם סאָוועטישן רעזשים, האָט מען די באַפעלקערונג אויסגעמושטרירט און צוגעוווינט צו געהאַרכזאַמקייט. אָבער די אומצופרידנקייט ברויזט. זי קען זיך ניט אויסדריקן אין פּראָטעסטן קעגן די מאַכט־אָרגאַנען. קען מען זיך פאָרשטעלן אין ראַטן־פאַרבאַנד פאָדערונגען צו העכערן דעם אַרבעטס־לוין? אָדער פאָדערונגען צו ליקווידירן די קאָמערציעלע פּרייזן? אָדער פאָדערונגען צו פאַרגרעסערן די נאָרמעס אויף ברויט און אַנדערע שפּייז־פּראָדוקטן? על אחת כמה וכמה קען מען זיך פאָרשטעלן אין ראַטן־פאַרבאַנד פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען, אָדער, חס וחלילה, דעמאָנסטראַציעס, אָדער, גאָט זאָל אויסהיטן, שטרייקן? אָבער די אומצופרידנקייט איז פאַראַן און זי ווערט געווענדט אויף דעם אַלטן, היסטאָריש־אויסגעפּרוּווטן שעיר־לעזאזל — אויף די יידן. נאָך דער מלחמה הייבט אָן בליִען, אין אַ בולט־פאַרשאַפּטער פאָרם, דער אַנטיסעמיטיזם. די דערשיינונג ווערט געשטיצט, סטימולירט און אָנגעפירט דורך דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און דער סאָוועטישער רעגירונג. אַנטיסעמיטיזם פאַרוואַנדלט זיך אין מלוכה־פּאָליטיק. מען איז פאַראינטערעסירט אָפּצוּווענדן די אומצופרידנקייט פון די מאַסן פון אירע ריכטיקע גורמים און מאַכן זי שטראָמען אין אַן אַנדערע ריכטונג. אַנטיסעמיטיזם וועלכע האָט אין רוסלאַנד גרויסע און טיפע וואָרצלען איז אַ היסטאָריש־אויסגעפּרוּווטער מיטל אָפּצולענקען די אומצופרידנקייט פון די מאַסן. די צאַרישע רעגירונג האָט מיט גרויס דערפאָלג באַנוצט זיך מיט דעם מיטל. פאַר וואָס זשע זאָל די סאָוועטישע רעגירונג פאַרנאַכלעסיקן אַזאַ גלענצנדיקע מעגלעכקייט?...

און מען האָט אָנגעהויבן זינגען דאָס אַלט־באַקאַנטע לידל מיט דעם אַלט־באַקאַנטן ניגון — יידן. אין אַלעם זיינען שולדיק יידן. עס זיינען ניטאָ קיין דירות? — יידן! יידן זיינען ניט געווען אויף די מלחמה־פראָנטן. זיי זיינען געלאָפן און אויסבאַהאַלטן זיך אין טיפן הינטער־לאַנד און איצט לויפן זיי צוריק און פאַרכאַפּן דירות אין קיעוו און אין מינסק; אין אָדעס און אין סמאָלענסק; אין כאַרקאָוו און אין ווילנע; אין בערדיטשעוו און אין ריגע... עס פעלט ברויט,

עס איז ניטאָ קיין מילך, הערינג און צוקער? — יידן! יידן ספּעקולירן. יידן לעבן גוט. יידן שאַפן שוועריקייטן אין לאַנד און נוצן זיי אויס פאַר זיך...

דאָס זיינען געווען אַנטיסעמיטישע שטימונגען „אונטן" — אין די טיפע שיכטן פון די מאַסן. אָבער אַזוי ווי אין צאַרישן רוסלאַנד, אַזוי זיינען אויך אין סאָוועטישן רוסלאַנד די אַלע שטימונגען ניט נאָר געווען געשטיצט, נאָר זיי זיינען אויך אינספּירירט געוואָרן פון „אויבן". די סאָוועטישע רעגירונג האָט אויסגע־ברייטערט און פאַרטיפערט די אַנטיסעמיטישע שטימונגען. דער סאָוועטישער אַנ־טיסעמיטיזם איז אַרויף אויף אַ נייער מדרגה. אויב ביז דער מלחמה איז אָנגע־גאַנגען דער פּראָצעס פון ליקווידירן אַלע יידישע קולטורעלע און רעליגיעזע אינסטיטוציעס, האָט זיך נאָך דער מלחמה אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון יידן־דיסקרימינאַציע — באַגרענעצונגען ביים צונעמען יידן אין די הויך־שולן בכלל און ניט דערלאָזן קיין יידן אין די הויך־שולן וועלכע גרייטן קאַדרען פון דיפּלאָ־מאַטן, אויסערן־האַנדל, פאַר דעם סאָוועטישן פּראָפעסיאָנעלן און פּאַרטייִשן אַפּאַראַט א. אַנד.; באַגרענעצונגען ביים צונעמען יידן אויף אָנפירנדיקער אַרבעט אד"גל. מען האָט עס געטאָן אַפילו ניט פאַרשטעלטערהייט. מען האָט אַנטוויקלט אַ „טעאָרעטישע קאָנצעפּציע": באשר, אין אַ גרויסן טייל פון די ראַיאָנען אין לאַנד וועלכע זיינען אין די מלחמה־יאָרן געווען אָקופּירט דורך די דייטשן, זיינען פאַרבליבן אַנטי־יידישע שטימונגען וועלכע זיינען, אַזוי צו זאָגן, אַ ירושה פון די דייטשן, דאַרף מען דעריבער ניט פאַרטיפערן די אַנטי־יידישע שטימונגען, מען דאַרף ניט געבן קיין שפּייז פאַר אַזעלכע שטימונגען... אַן עכט מאַרקסיסטיש־לעניניסטישע־סטאַליניסטישע קאָנצעפּציע!...

מיר זיינען אָפּגעפאָרן קיין סטאַלינאָ (פריִער האָט מען די שטאָט גערופן יוזאָווקא; איצט הייסט זי דאָניעצק). עס איז אַ גרויסע שטאָט מיט אַ באַפעלקע־רונג פון איבער 800 טויזנט נפשות. ס'איז דער צענטער פון דאָנבאַס, וואָס איז איינער פון די וויכטיקסטע אינדוסטריעלע צענטערס פון ראַטן־פאַרבאַנד — אַ קאַנט פון שטיין־קוילן, מעטאַלורגיע, כעמיע און שווערע מאַשינען־בוי־אינדוס־טריע.

אין שטאָט איז דאַן געווען אַ גאַנץ גרויסער יידישער ישוב — אַרום 50 טויז־זנט מאַן. אָבער עס איז ניט געווען קיין שום זכר פון אַ יידישן נאַציאָנאַלן, קול־טורעלן, אָדער רעליגיעזן לעבן. עס זיינען ניט געווען קיין שום סימנים פון יידי־שער קולטור. ביז דער רעוואָלוציע פון יאָר 1917 זיינען אין דער שטאָט בכלל ניט געווען קיין יידן און ביים סאָוועטישן רעזשים האָט מען זיך דאָרט קיין מאָל ניט פאַרנומען מיט פּראָגעס פון יידישער קולטור. איינער אַן אַלטער ייד האָט דערציילט אַז שבת און ימים טובים קלייבן זיך צונויף 15־20 אַלטע יידן אין אַ

פּריוואַטער דירה און מען פּראַוועט שטילערהייט די תּפילות. די מאַכט־אָרגאַנען האָבן אָפּגעזאָגט צו רעגיסטרירן אַ „דוואַדצאַטקע" אין שטאָט (לויט די אינס־טרוקציעס, דאַרף מען, כּדי צו באַקומען אַ דערלויבעניש צו דורכפירן „רעליגיע־זע ריטואַלן", האָבן אַ בקשה פון מינימום 20 מאַן. פון דעם שטאַמט דער נאָמען „דוואַדצאַטקע").

מיט דער צייט האָט זיך געשאַפן אַ באַשטימטער, ניט גרויסער, קרייז פון יידישער אינטעליגענץ. קיינער פון זיי האָט ניט געוווסט וועגן מיין ציוניסטישן און אַרעסטאַנטישן עבר. אַזוי איז געווען זיכערער און געזונטער. אָבער אָפּט האָבן מיר גערעדט צווישן זיך וועגן דעם אַקטועלן פּראָבלעם — וועגן אַנטיסע־מיטיזם.

איך בין נאָמינירט געוואָרן אַלס שעף פון דעם פּלאַנירונג־אָפּטייל אין טרעסט פון שפּייז־אינדוסטריע. אַזאַ אַמט־רעקאָמענדאַציע האָב איך דאָך געהאַט פון מאָס־קווע — פון מיניסטעריום פון דער שפּייז־אינדוסטריע. מיין ערשטע באַגעגעניש מיט דעם אָנפירער פון דעם טרעסט איז אַ גאַנץ כאַראַקטעריסטישע. פּיאָטר פּיאָ־דאָראָוויטש וועסיאָלקין, ביז דער מלחמה געווען אַן אַרבעטער פון פּאַרטייִשן אַפּאַראַט אין לענינגראַד, עוואַקואירט זיך (פּאַרשטייט זיך לויט דער דירעקטיוו פון פּאַרטיי) אין טיפן הינטערלאַנד, אין דער שטאָט סווערדלאָווסק אויף אוראַל. דאָרט איז ער די גאַנצע צייט פון דער מלחמה געווען דירעקטאָר פון אַ גרויסן ברויט־זאַוואָד (ער האָט אונטערגעשטראָכן מיט גאווה אַז ער האָט געגרייט סו־כאַרקעס פאַר דעם פראָנט) און פון דאָרט האָט אים די פּאַרטיי נאָך דער מלחמה געשיקט אין דאָנבאַס.

ביי אים איז שוין געווען מיין אַנקעטע וועלכע איך האָב אויסגעפילט אין קאַדרען־אָפּטייל און ער האָט מיך אַרויסגערופן צו זיך אויף אַ שמועס.

— הייסט דאָס, ביסטו געווען אויף די פראָנטן פון אונדזער גרויסער פאָטער־לענדישער מלחמה?

— יאָ. איך בין געווען אויף די פראָנטן פון דער מלחמה.

— 4 יאָר? פון ערשטן טאָג ביז דעם לעצטן?

— יאָ. 4 יאָר. פון ערשטן טאָג ביז דעם לעצטן.

— נו, און אַ סך דייטשן האָסטו געהרגעט?

— איך האָב קיין סטאַטיסטיק ניט געפירט. נאָר איך בין זיכער אַז ניט ווייניקער, און אפשר מער, ווי איר אין סווערדלאָווסק, אויף דעם ברויט־זאַוואָד.

— איך זע אַז דו ביסט אָנגעזאָפּט מיט חוצפּה.

— וואָס עפּעס חוצפּה? צי איז דען אַן אָפנהערציקער געשפּרעך חוצפּה?

— דו האָסט באַקאַנטע אין אונדזער מיניסטעריום אין מאָסקווע?

— ניין. קיין שום באַקאַנטע.

— איז ווי אַזוי האָט מען דיך געשיקט צו מיר אויף אַרבעט?

— גאַנץ פּשוט. ווען איך בין ווי אַ דעמאָביליזירטער געקומען פון טשעכאָ־סלאָוואַקיע קיין מאָסקווע, בין איך אַריין אין מיניסטעריום. דאָרט האָט מען מיר פאָרגעלייגט אַרבעט אין אַ ריי ערטער און צווישן זיי אויך ביי אייך אין טרעסט. האָב איך אויסגעקליבן די שטאָט סטאַלינאָ, ווייל ביי אייך איז דאָ אויך אַ דירה.

דער דירעקטאָר פון טרעסט האָט אַרויסגערופן צו זיך דעם נאַטשאַלניק פון קאַדרען־אָפּטייל.

— קוזמאַ וואַסיליעוויטש, וואָס איז מיט דעם מענטשן וועלכן עס האָט מיט עטלעכע טעג צוריק געשיקט צו אונדז דער שטאָטישער פּאַרטיי־קאָמיטעט ?

— פּיאָטר פּיאָדאָראָוויטש, ער האָט קיין שום אַנונג ניט אין פּלאַנירונג און עקאָנאָמישער אַרבעט. איך האָב אים אַוועקגעשיקט אַלס אַרבעטער אויף דעם מאַרגאַרין־קאָמבינאַט.

— אפשר וועלן מיר שיקן דעם גוואַרדייעץ — און ער באַווייזט אויף מיר מיט זיין האַנט — אין מאַקיעווקע, אַלס נאַטשאַלניק פון פּלאַניר־אָפּטייל אויף דעם ברויט־זאַוואָד ?

— פּיאָטר פּעאָדאָראָוויטש, אין מאַקיעווקע איז שרעקלעך שווער מיט דירות. ער איז געקומען מיט א זון און מיט אַ פּלימעניצע. און דאָס מיניסטעריום האָט אים געשיקט צו אונדז מיט אַ דירעקטיוו צו געבן אַ דירה. ביי אונדז איז דאָך פאַראַן אַ פרייע דירה פון איין צימער מיט אַ קיכעלע. פּונקט פאַר אַזאַ משפחה.

— דאָס ווייס איך אַליין, קוזמאַ וואַסיליעוויטש. אָבער שוין צו פיל זייערע זיינען דאָ ביי אונדז אין טרעסט. לאַדנאָ. שרייב דעם באַפעל. אַן אָנשיקעניש אויף מיין קאָפּ...

אין טרעסט האָבן געאַרבעט אַ סך יידן. מען האָט מיר דערציילט און שפּעטער האָב איך זיך אַליין איבערצייגט אַז וועסיאַלקין, פּערזענלעך, איז ניט קיין אַנטי־סעמיט. ער שאַצט אָפּ גוטע אַרבעטער. נאָר מען קוועטשט אויף אים אין קאַנטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט. מען באַשולדיקט אים אין דעם אַז ער פאַרשמוציקט דעם אַפּאַ־ראַט פון טרעסט.

איך האָב אויך געאַרבעט אַלס לעקטאָר אין טעכניקום פון דער שפּייז־אינ־דוסטריע. איך האָב דאָרט געפירט דעם קורס פון פּלאַנירונג און עקאָנאָמיק. עס איז געווען זייער אַ שווערע אַרבעט. די שוועריקייט אין באַשטאַנען אין דעם וואָס יעדע פראַגע, יעדער טעזיס אין דער לעקציע מוז באַשטעטיקט ווערן דורך אַ ציטאַטע פון חבר סטאַלין. אַ ספּעציעלע פראַגע פון טעכנאָלאָגיע — סטאַלין ; אָרגאַניזאַציע פון פּראָדוקציע פּראָצעס — סטאַלין ; זעלבסט־קאָסט פון דער פּראָ־דוקציע — סטאַלין ; פּלאַנירונג פון אַרבעטס־קראַפט — סטאַלין ; אַלץ — סטאַ־לין... און מען מוז גרייטן אַ פּלאַן פון דער לעקציע און אָנווייזן די מקורות פון סטאַלינס ציטאַטעס. די ציטאַטעס מוז מען געפינען. אָן ציטאַטעס זיינען די לעק־ציעס פּסול... אַזאַ אַרבעט מאַטערט אויס די נערוון און עס נעמט אָפּ אַ סך צייט.

אָבער וואָס טוט מען ניט צוליב פּרנסה? דער געהאַלט פון מיין אַרבעט אין טרעסט איז געווען צו ווייניק אויף אַ מינימאַלן לעבן. מיט דעם געהאַלט האָט מען ניט געקענט אַריינקוקן אַפילו אין דער קראָם מיט די קאָמערציעלע פּרייזן און די נאָרמירטע פּראָדוקטן האָבן באַדייט האַלב־הונגער...

אָבער, דעם אמת זאָגנדיק, האָבן מיר פאַרהעלטענישמעסיק געלעבט ניט שלעכט. בכל אופן זיינען מיר געווען זאַט. צו אונדזער טרעסט האָבן געהערט אין שטאָט צוויי גרויסע ברויט־זאַוואָדן. פלעגן מיר, די „נאַטשאַלניקעס" פון טרעסט, איין מאָל אין וואָך, באַזוכן אַ ברויט־זאַוואָד און אַרויסטראָגן פון דאָרט אַ ברויט — 1.5־2 קילאָגראַם. אַזוי, אַז יעדע וואָך האָבן מיר געהאַט 3־4 קילאָגראַם ברויט. גנבה? חס וחלילה! די דירעקטאָרן פון די זאַוואָדן פלעגן אונדז אַרויסבאַגלייטן פון דער דורכגאַנגס־בודקע. דער דירעקטאָר פון טרעסט, פּיאָטר פּיאָדאָראָוויטש וועסיאָלקין, האָט געוווּסט דערוועגן און עס דערלויבט. ער אַליין און זיינע נאָענטע באַהעלפער האָבן געשלעפּט ניט נאָר דאָס שטיקל שוואַרצע ברויט...

די אומצופרידנקייט פון די מאַסן איז גרויס. מענטשן שטייען לאַנגע שעהן אין די רייען און מען בורטשעט. און דאַן ווערט אָרגאַניזירט אין לאַנד אַן אָפענע, גראַנדיעזע אַנטיסעמיטישע קאַמפּאַניע. זיי קענען אָרגאַניזירן. דער צענטראַל־קאָ־מיטעט פון דער פּאַרטיי גיט אַ דירעקטיוו — און אין אַלע ווינקעלעך פון דער גרויסער סאָוועטישער אימפּעריע; אומעטום — אין די שטעט און דערפער; אויף די פאַבריקן, זאַוואָדן, סאָווכאָזן און קאָלכאָזן; פאַרשיידענע אַנשטאַלטן; מיטל־שולן און אוניווערסיטעטן; טעאַטערן און קינעמאַטאָגראַפן; אין דער מיליציע און אַרמיי — הייבט זיך כּהרף־עין אָן די קאַמפּאַניע און ווערט דורכגעפירט ביז מען ווערט באַקומען דעם דירעקטיוו אויפצוהערן...

עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַזוי גערופענע אַנטי־קאָסמאָפּאָליטן־קאַמפּאַניע. מען האָט אָנגעהויבן אַן אַנטשיידענעם קאַמף מיט די „שטאַמלאָזע קאָסמאָפּאָליטן". די מעכטיקע פּרעסע, אָנהייבנדיק פון „פּראַוודאַ" ביז דער קלענסטער וואַנט־צייטונג אין אַ וואָסער עס איז אַנשטאַלט; אַלע זשורנאַלן — ליטעראַרישע און טעכניש־טעכנאָלאָגישע; וויסנשאַפטלעכע און סאַטירישע; — אין ראַדיאָ, אין כראָ־ניקאַלע קינאָ־פילמען, אויף פאַרזאַמלונגען און מיטינגען — דער גאַנצער מעכ־טיקער פּראָפּאַגאַנדע אַרסענאַל פון ראַטן־פאַרבאַנד — האָט טעגלעך געמאָלדן די נעמען פון „קאָסמאָפּאָליטן", וועלכע האָבן זיך אַריינגעשמוגלט אין פאַרשיידענע צווייגן פון דער ווירטשאַפט און קולטור פון דער סאָציאַליסטישער מדינה, האָבן דאָרט געשעדיקט און זיינען סוף־כּל־סוף אַנטדעקט געוואָרן... הונדערטער גע־לערנטע, שרייבער און קולטור־טוער, אינזשינערן און דאָקטוירים זיינען ווי „קאָס־מאָפּאָליטן" אַרעסטירט געוואָרן, אַרויסגעשמיסן געוואָרן פון זייער אַרבעט, רואי־נירט געוואָרן. און לויט עפּעס אַ מאָדנער „צופעליקייט" זיינען אָט די אַלע אַנט־פּלעקטע „שטאַמלאָזע קאָסמאָפּאָליטן" געווען מענטשן מיט ספּעציפישע נעמען.

אַבראַמאָוויטש, חיימאָוויטש, זלמאַנאָוויטש, גרינבלאַט, צוקערמאַן, פינקעלשטיין אד״גל. אַלע „שטאַמלאָזע קאָסמאָפּאָליטן״ זיינען דווקא געווען יידן... און ס׳איז דאָך געווען פון זייער מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט באַרעכטיקט. האָבן דען יידן אַ היימלאַנד, אַ פאָטערלאַנד, אַ שטאַם? די יידן שמירן זיך צו אין יעדן לאַנד צו דער אמתער, שורשדיקער באַפעלקערונג!...

אַ סך ערלעכע, נאַאיווע מענטשן האָבן ניט פאַרשטאַנען: קאָמוניסטן, וועלכע האָבן אָנגעשריבן אויף זייער פאָן „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך״; קאָמוניסטן, וועלכע פּרעדיקן אינטערנאַציאָנאַליזם אַלס העכסטן פּרינציפּ פון גערעכטיקייט; קאָמוניסטן, וועלכע טענהן אַז די מער פון 100 נאַציאָנאַליטעטן וועלכע געפינען זיך אין ראַטן־פאַרבאַנד לעבן ווי ברידער — אָט די קאָמוניסטן האָבן פּלוצלינג רעקלאַמירט אַז קאָסמאָפּאָליטיזם איז אַ שעדלעכע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגיע און קאָסמאָפּאָליטן זיינען דערקלערט געוואָרן ווי פיינט פון סאָוועטישן פאָלק... אָבער די ערלעכע און נאַאיווע מענטשן האָבן אויך געוווסט אַז אין ראַטן־פאַרבאַנד פרעגט מען ניט קיין שאלות, אַז אין דעם פּראָגראַם און טעטיקייט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי זוכט מען ניט קיין סתירות. דער צ. ק. פון דער פּאַרטיי, דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער פּאַרטיי — די „פּראַוודאַ״ — ווייסן וואָס זיי טוען. קאָמוניסטן זיינען ניט קיין דאָגמאַטיקער. ס׳איז דיאַלעקטיק פון דער צייט. דער קאָנקרעטער פּעריאָד פון סאָציאַליסטישער בויונג האָט געפאָדערט אַן אַנטשיידענעם קאַמף מיט די שטאַמלאָזע קאָסמאָפּאָליטן — מיט די פאַרשיידענע ראַבינאָוויטשעס, חיימאָוויטשעס און כל מיני זשידליאַקעס, וועלכע האָבן זיך אַריינגעשמוגלט אין די רייען פון גרויסן רוסישן פאָלק און אַנדערע ברידערלעכע סאָוועטישע פעלקער און זיי שטערן צו בויען דעם סאָציאַליזם...

מיר ווילט זיך דערציילן איין קליינעם, קאָנקרעטן עפּיזאָד וועלכער קען כאַראַקטעריזירן די ווילדע פאָרמען און מאַסשטאַבן פון דער צעיושעטער אַנטיסעמיטישער קאַמפּאַניע. אין סטאַלינאָ האָבן מיר געהאַט אַ פריינד — אַן אַרטיסט פון אוקראַאינישן אָפּערן־טעאַטער. ער האָט געהייסן אַרקאַדי פּאַוולאָוויטש זעליגמאַן. זיין נאָמען איז געווען אברהם און דעם טאַטנס נאָמען — פּנחס. קליינשטעטלדיקע נעמען, זייער ניט קיין סימפּאַטישע. האָט ער געמאָלדן אין זיינע אַרטיסטישע קרייזן אַז ער הייסט אַרקאַדי פּאַוולאָוויטש. זיין ווייב און נאָענטע פריינד האָבן אים דאָך גערופן אַבראַשע. עס איז געווען היימישער. אַבראַשע איז געווען זייער ווייט פון יידישקייט. ער איז געגאַנגען מיט דעם אַלגעמיינעם שטראָם, געווען אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און מיט אַ גאַנץ גוטן דערפאָלג געקלעטערט אויף זיין פּראָפעסיאָנעלער לייטער. ער האָט געטרוימט צו זיין אַ סאָליסט אין קיעווער אָפּערן־טעאַטער. אָבער איין נאַציאָנאַלע, ספּעציפיש־יידישע „שוואַכקייט״ איז ביי אַבראַשען געווען. ער האָט זייער ליב געהאַט חזנות

און חסידישע ניגונים וועלכע ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך אין די ווייטע קינ־דערשע יאָרן פון זיין טאַטן — דעם חזן. אַבראַשע האָט מייסטערהאַפט און מיט גרויס האַרציקייט געזונגען די ניגונים פון וועלכע מיר האָבן געהאַט גרויס הנאָה.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן, אין ברען פון דער אַנטי־קאָסמאָפּאָליטן־קאַמפּאַניע, האָבן מיר איבערגעלייענט אין אונדזער קאַנטישער צייטונג „סטאַלינסקאַיאַ פּראַוודאַ" אַ נאָטיץ אין וועלכער דער אַרטיסט אַבראַם פּינחסאָוויטש זעליקמאַן (ניט אַרקאַדי פּאַולאָוויטש, נאָר דווקא אונטערגעשטראָכן: אַבראַם פּינחסאָוויטש) ווערט אַנטפּלעקט אַלס שטאַמלאָזער קאָסמאָפּאָליט, וועלכער האָט געוואָלט דורכ־שמוגלען אין דער סאָוועטיש־אוקראַיִנישער מוזיק פרעמדע, פיינטלעכע עלעמענטן. די נאָטיץ האָט געמאָלדן, אַז דער שטאַמלאָזער קאָסמאָפּאָליט אַבראַם פּנחסאָוויטש זעליקמאַן איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פּאַרטיי און אַרויסגעטריבן געוואָרן פון אָפּערן־טעאַטער... דעם זעלבן אָוונט בין איך געקומען צו אַבראַשען.

— וואָס האָט געטראָפן? ווי אַזוי ביסטו אין מיטן דערינען געוואָרן אַ קאָס־מאָפּאָליט?

— איך בין טאַקע אַליין שולדיק.

— וואָס האָסטו געטאָן? וועלכע פיינטלעכע עלעמענטן האָסטו אַריינגע־שמוגלט אין דער מוזיק?

— דו ווייסט דאָך אַז אין דער אוקראַיִנישער אָפּערע „נאַטאַלקאַ פּאָלטאַווקאַ" זינג איך די פּאַרטיע פונעם קאָזאַק וועלכער איז פאַרליבט אין נאַטאַלקאַן. איך האָב די פּאַרטיע דווקא ליב. איך בין איינגעוווינט פאַרן אַרויסגיין אויף דער בינע צו זיצן ביי זיך אין גאַרדעראָב־צימערל הינטער די קוליסן און אַ ביסל זינגען, אַזוי צו זאָגן, אַריינגיין אין דער ראָל. מיט אַ וואָך צוריק בין איך געקו־מען, זיך גרימירט און ס'איז נאָך געווען מסתמא 20־25 מינוט ביז צום אַרויסגיין אויף דער בינע. און מיט אַ מאָל האָב איך זיך דערמאָנט אַז ס'איז דער יאָרצייט פון מיין טאַטן. איך האָב אָנגעהויבן מורמלען אַ שטיקל חזנות — פאַר דעם אָנ־דענק פון מיין טאַטן. איך זיץ איינער אַליין אין מיין אַרטיסטן־צימערל און מורמל חזנות. איך האָב אַ קוק געטאָן אין שפּיגל און פונאַנדערגעלאַכט זיך. איך — דער קאָזאַק — זינג חזנות. מיר איז געפעלן געוואָרן דער איינפאַל. דעם קאָזאַק אויף צעפּיקעניש. איך האָב אָנגעהויבן זינגען אַ געשמאַקן חסידישן ניגון. און מסתמא אויף דעם גאַנצן קול. מיט דער גאַנצער חסידישער התלהבות. איך האָב אויפגעהערט זינגען ווען דער באַהעלפער פון רעזשיסאָר האָט מיך געטרייסלט פאַר דער האַנט און געזאָגט, אַז איך דאַרף אַרויס אויף דער בינע... דער ספּעק־טאַקל איז דורך זייער גוט. איך האָב מיין פּאַרטיע אויסגעפירט גלענצנד. אויף צו מאָרגן אין דער פרי ווען איך בין געקומען צו אַ רעפּעטיציע האָט דער סעק־רעטאַר פון אונדזער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע געהייסן מיך קומען אויף אַ זיצונג פון פּאַרטיי־קאָמיטעט. מען האָט געפאָרשט וואָס איך האָב געזונגען ביי זיך אין

מיין צימערל. און מען האָט אַטאַקירט מיינע נאַציאָנאַליסטיש־רעליגיעזע שטי־
מונגען. מען האָט מיך באַשולדיקט אַז איך האָב באַליידיקט די נאַציאָנאַלע געפילן
פון אוקראַינישן פאָלק, ווייל זייענדיק פאַרגרימירט ווי אַ קאָזאַק האָב איך אויס־
געפּירט פרעמדע, פיינטלעכע דעם אוקראַיִנישן פאָלק, רעליגיעזע יידישע ניגו־
נים. מען האָט מיך אויסגעשלאָסן פון פאַרטיי און אַרויסגעוואָרפן פון טעאַטער.
אין צוויי טעג אַרום האָט דער שטאָטישער פּאַרטיי־קאָמיטעט באַשטעטיקט דעם
דאָזיקן באַשלוס. דערנאָך איז אָפּגעדרוקט געוואָרן די נאָטיץ אין צייטונג.

— וואָס קלייבסטו זיך טאָן? וועסט אָנגעבן אַן אָנקלאַגע אין צ. ק. פון
פּאַרטיי און אין קאָמיטעט פאַר קונסט?

— בשום אופן ניט, דאַנקען גאָט, וואָס מען האָט מיך ניט אַרעסטירט. איך
וועל קריכן מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנק בעט? איך פיר אונטערהאַנדלונגען
אַנצוקומען אין אַן אָרטעל וועלכע פאַרקויפט סאָדע־וואַסער. מיר דוכט אַז מיר
וועט זיך איינגעבן איינצואָרדענען דאָרט...

איך דערמאָן זיך אַ קאָמישן עפּיזאָד וועלכער כאַראַקטעריזירט די מענטאַ־
ליטעט פון די סאָוועטיש־קאָמוניסטישע אָנפירער. ווי באַוווסט האָט זיך נאָך דער
אַנטי־קאָסמאָפּאָליטן־קאַמפּאַניע אָנגעהויבן אין לאַנד אַ נייע קאַמפּאַניע — קאַמף
מיט דעם „קניען פאַרן מערב". דאָס איז געווען אַ צעיושעטע, גרויסרוסישע שאָ־
וויניסטישע אַקציע וואָס איז באַשטאַנען אין לויבן אַלדאָס רוסישע און אין באַ־
שמוצן אַלדאָס אויסלענדישע (מערבדיקע). מען האָט מיט אומפאַרשעמטע, ברוי־
טאַלע פאַלסיפיקאַציעס געפּרוּווט דערווייזן אַז אין אַלע געביטן פון לעבן —
וויסנשאַפט, טעכניק, קונסט, מוזיק, ספּאָרט אא"וו — געהערט די פּריאָריטעט
דעם רוסישן פאָלק. נאָר דאָס גרויסע רוסישע פאָלק איז דער שעפער און טרעי־
גער פון דער אַלוועלטלעכער ציוויליזאַציע און פּראָגרעס. אין דער קאַמפּאַניע איז
מען דערגאַנגען אַפילו צו אַזאַ אַבסורד אַז מען האָט פּסול געמאַכט ניט רוסישע
נעמען פון שפּייז־פּראָדוקטן. אין מיניסטעריום פאַר דער שפּייז־אינדוסטריע איז
געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט בייטן
די נעמען פון די שפּייז־פּראָדוקטן. אַזוי, למשל, האָלענדישן קעז האָט מען אָנגע־
רופן רוסישער קעז. שווייצאַרישן קעז האָט מען פאַרביטן מיט דעם נאָמען „קאָס־
טראָמער קעז" (קאָסטראָמאַ איז אַ טיפּישע רוסישע שטאָט). פראַנצויזישע בולקע
האָט באַקומען דעם נאָמען שטאָטישע בולקע. ווינער טאָרט האָט מען אָנגערופן
„געוויינלעכער טאָרט". און אין דער נאָמענקלאַטור פון דער ברויט־פּראָדוקציע
איז אויך געווען אַ סאָרט, וועלכער האָט זיך אָנגערופן מיט דעם נאָמען „חלה".
עס איז געווען ווייסער ברויט, געפלאָכטן, ווי אַ יידישע חלה און האָט זיך אַזוי
אָנגערופן אין גאַנצן לאַנד — חלה.

— אויף וועלכער שפּראַך איז דער נאָמען? און וואָס באַדייט ער? — האָט געפרעגט דער שטעלפאַרטרעטער פון מיניסטער וועלכער איז געווען דער פאָר־זיצער פון קאָמיסיע.

— חלה איז אַ יידיש וואָרט און חלה איז אַזאַ סאָרט ברויט, וואָס יידן פלעגן עסן שבת — האָט געענטפערט דער אינזשינער פון אַ בעקעריי וועלכער האָט געבראַכט צו דער קאָמיסיע די מוסטערן פון די ברויטן מיט „פרעמדע נעמען".

— דאָס איז שוין ערגער פון קניען פאַרן מערב. דאָס איז שוין בכלל נידער־טרעכטיק — האָט מיט כּעס אויסגעשריגן דער שטעלפאַרטרעטער פון מיניסטער. מען האָט די חלה אָנגערופן „פליעטיאָנקאָ" (פלעכטל)...

דעם 13טן יאַנואַר 1948 האָבן די סאָוועטיש־קאָמוניסטישע גענגסטערס, לויט דעם באַפעל פון זייער פירער, דערמאָרדעט שלמה מיכאָעלסן — דעם געניאַלן יידישן אַקטיאָר, שיינענדיקן שטערן פון דער יידישער קונסט, אָנגעזעענעם יידישן קולטור־טוער, טרייען זון פון יידישן פאָלק. שלמה מיכאָעלס איז אין די מלחמה־יאָרן אויסגענוצט געוואָרן דורך די סאָוועטן, כּדי צו שאַפן אַ בריק צווישן דעם איזאָלירטן, איינזאַמען און הילפסלאָזן סאָוועטישן יידנטום און דעם אַלוועלטלעכן יידנטום, אין דער ערשטער ריי, דעם אַמעריקאַנער יידנטום. אין דער צייט פון דער מלחמה איז די אַחדות פון יידישן פאָלק געווען נויטיק דעם סאָוועטישן רעזשים. שלמה מיכאָעלס, אין איינעם מיט דעם יידישן פּאָעט איציק פעפער, איז געפאָרן קיין אַמעריקע און דערפאָלגרייך מאָביליזירט דאָרט ביי די יידן דאָ־לאָרן פאַר דער פוסטער סאָוועטישער קאַסע. שלמה מיכאָעלס איז געווען דער פאָרזיצער פון דעם אַקטיוו־טעטיקן יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט. נאָך דער מלחמה איז שלמה מיכאָעלס פאַרבליבן דער וויכטיקסטער יידישער געזעל־שאַפטלעכער טוער וועלכער האָט, אַזוי צו זאָגן, רעפּרעזענטירט דאָס יידישע פאָלק אין אַלע סאָוועטישע מאַכט־אָרגאַנען. שלמה מיכאָעלס איז געווען בלב ונפש איבערגעגעבן דעם סאָוועטישן רעזשים און די קאָמוניסטישע אידייען. ער האָט ניט פאַרשטאַנען דעם כאַראַקטער פון דעם רעזשים און פון די אַזוי גערו־פענע קאָמוניסטישע אידייען. ער האָט געלעבט מיט דער גרויסער אילוזיע אַז מען וועט קענען אין ראַטן־פאַרבאַנד לייזן די אָנגעוויטאָקטע יידישע פּראָבלע־מען. ער האָט געוווּסט אַז די ביראָבידזשאַנער אויטאָנאָמיע איז ענדגילטיק דורכ־געפאַלן, ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ מנחם־מענדלשער אידייע וועגן אַ יידישער אויטאָנאָמיע אין קרים. ער האָט געקרענקט איבער דעם חורבן פון דער יידישער קולטור אין ראַטן־פאַרבאַנד אין דער צווייטער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן און געטרוימט אָפּצושטעלן דעם פּראָצעס פון ליקווידאַציע פון דער יידי־שער קולטור און זי צו בויען פון דאָס ניי און ווידער דערפירן צו איר אויפבלי.

דאָס אַלץ איז געווען אין אַבסאָלוטן קעגנזאַץ צו דער הערשנדיקער סאָוועטיש־קאָמוניסטישער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק און פּראָגראַם לגבי דעם סאָוועטישן יידנטום. סטאַלינען מיט זיין גאַנצער באַנדע באַהעלפער איז מיכאָעלס שוין געשטאַנען ווי אַ ביין אין האַלדז. מען האָט אים שוין באַדאַרפט אָפּראַמען פון וועג. פּשוט אַרעסטירן און אָפן שיסן איז געווען עטוואָס ניט שיין. מיכאָעלס האָט געהאַט אַן אַלוועלטלעכן נאָמען. דאַרף מען זיי לערנען וואָס צו טאָן? האָט געטראָפן אַן אויטאָמאָביל־קאַטאַסטראָפע!...

עפּעס מאָדנע סימבאָליש, דווקא אין מינסק, אין מיין היימשטאָט מינסק, האָבן זיי דערמאָרדעט שלמה מיכאָעלסן...

דער מאָרד איבער מיכאָעלסן איז אויפגענומען געוואָרן דורך דעם אייגזאַמען און הילפסלאָזן סאָוועטישן יידנטום ווי אַ גרויסער נאַציאָנאַלער אומגליק. אַ געווינלעכע אויטאָמאָביל־קאַטאַסטראָפע? עס טרעפן דאָך אַזעלכע אומגליקלעכע פאַלן. אָבער ניין! דאָס פאָלק איז שווער אָפּצונאַרן. מען האָט געפילט אַז עס איז ניט אַזוי פּשוט און גלאַט. עס איז עפּעס אַ זייער מאָדנע קאַטאַסטראָפע. שפּעט ביי דער נאַכט איז מיכאָעלס אַוועקגעפאָרן שפּאַצירן איבער די פאַרשנייטע מינסקער גאַסן און אומגעקומען... אין דער אַטמאָספער האָט מען געפילט דעם מאָרד. יידן האָבן פאַרשטאַנען אַז מיכאָעלס איז אַ קרבן וועלכער זאָגט אָן אַנטי־יידישע גזירות און רדיפות אין דער צוקונפט. דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלן אומגליק איז בולט געקומען צום אויסדרוק אויף דער לוויה פון מיכאָעלסן וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ספּאָנטאַנער מאַסן־דעמאָנסטראַציע פון יידן אין מאָסקווע. איך בין געווען אויף דער לוויה. איך בין געקומען ספּעציעל צו פאָרן קיין מאָסקווע כדי באַגלייטן מיכאָעלסן אין זיין לעצטן וועג. די גאַס פון די ניקיטסקע טויערן ביז דעם בנין פון דעם יידישן טעאַטער אויף דער קליין־בראָנער גאַס און אויך די אַרומיקע געסלעך זיינען געווען איבערגעפולט מיט טויזנטער יידן, וועלכע האָבן געשטראָמט צום טעאַטער ווו עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דער אָרון מיטן נפטר, כדי אָפּגעבן דעם גרויסן יידן דעם לעצטן כבוד. הונדערטער אַגענטן פון דער נקוו״ד האָבן זיך געדרייט און געשמעקט אין די שטראָמענדיקע מאַסן און הונדערטער מיליציאָנערן אויף פערד האָבן אין פאַרשיידענע ערטער „געהיט דעם אָרדענונג״...

איך האָב פערזענלעך ניט געקענט מיכאָעלסן. איך האָב אים זייער אַ סך מאָל געזען אויף דער בינע און עטלעכע מאָל געהערט אַלס רעדנער. איך האָב אים געזען אין די געשטאַלטן פון האַצמאַך און מנחם־מענדל; טוביה דער מילכיקער און בנימין השלישי; אוריאל אַקאָסטאַ און קעניג ליר. ווען איך בין זייער פּאַמעלעך דורכגעגאַנגען נעבן דעם אָרון און איינגעקוקט זיך אין זיין פּנים, אין זיין באַזונדערן, גרויסן גאוניש שטערן, האָב איך געזען פאַר זיך אַ ייד וועלכער איז אומגעקומען על קידוש השם, אַ ייד וועמענס לעבן עס איז פאַרשניטן געוואָרן

נאָר דערפֿאַר ווייל ער איז געווען אַ ייד.

דעם געפֿיל פֿון גרויסן נאַציאָנאַלן אומגליק האָט גלעצנדיק אויסגעדריקט דער גרויסער יידישער פּאָעט פּרץ מאַרקיש אין זיין ליד „ש. מיכאָעלס — אַ נר תמידביים אָרון". דאָס ליד איז געווען אַ מין פּראָטעסט קעגן דער אָפּיציעלער סאָוועטישער ווערסיע אַז מיכאָעלס איז אומגעקומען אין רעזולטאַט פֿון אַן אויטאָמאָביל־קאַטאַסטראָפֿע.

...פֿאַרדעקט די ווונדן האָט אויף דיין געזיכט דער שניי,
באַרירן זאָל דיך ניט פֿון פֿינצטערניש דער שאָטן,
נאָר ס׳ברויזט אין דיינע אויגן, טויטערהייט, דער ווי,
און ס׳שרייט די פּיין פֿון האַרץ פֿון דיין צעטראָטנס.

כ׳וויל קומען, אייביקייט, פֿאַר דיין געשענדטער שוועל
מיט מאָרדצייכנס און לעסטער אויפֿן פּנים,
ווי ס׳גייט אַרום מיין פֿאָלק אויף פֿינף זעקסטל וועלט, —
געצייכנט פֿון דער האַק און האַס — זאָלסט עס דערקענען.

דו זאָלסט עס איבערלייענען, אַריינקריצן אין זיך,
מיט דיין ניט צוטריטלעכן גלייכגילט פֿאַרגעדענקען.
פֿאַר יעדער ווונד אויף מיין צעמאָרדעטן געזיכט
געמיטן האָט אַ מאַמע מיט אַ קינד די הענקער.

אָ, ניט פֿאַרטויבט האָט דיך די האַנט פֿון מאָרד,
דער שניי האָט ניט פֿאַרהילט דעם מינדסטן סימן;
דער ווי פֿון די צעביילטע אויגן דיינע מאָנט,
פֿון אונטער וויעס רייסט ער זיך, ווי בערג צום הימל.

און ווייטער:

און ס׳שטראָמט דער טרויער, שטומערהייט ער מאָנט.
אַדורך דער האַרץ פֿון גאַנצן פֿאָלק דיין בראָך אַדורך איז:
ס׳באַערן אין די קברים דיך מיט אויפֿשטיין זעקס מיליאָן
ווי דו האָסט זיי מיט אומפֿאַלן באַערט אויף מינסקער חורבות.

דער מאָרד פון מיכאָעלסן איז געווען דער אָנהויב פון אַ גרויסער אַנטיסע־מיטישער אַקציע, וועלכע איז שפּעטער דורכגעפירט געוואָרן אין גאַנצן ראַטן־פאַרבאַנד.

אין יאָר 1948 איז פאַרשוווּנדן דער גרעסטער טייל פון די יידישע שרייבער, קינסטלער, אַרטיסטן. מען האָט אַרעסטירט איבער 60 יידישע שרייבער און קול־טור־טוער. שפּעטער איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט אַז מער פון 30 פון זיי זיינען דערשאָסן געוואָרן. עס זיינען אומגעקומען אַזעלכע פּערזענלעכקייטן, ווי דוד בערגעלסאָן, פּרץ מאַרקיש, דוד האָפשטיין, לייב קוויטקאָ, איציק פעפער, בנימין זוסקין און אַנדערע אָנגעזעענסטע טוער פון דער יידישער קולטור. אַ סך שפּע־טער האָט מען זיך דערוווּסט אַז דעם 12טן אויגוסט פון יאָר 1952 האָבן די סאָ־וועטישע מערדער אומגעבראַכט די פאָרשטייער פון דער יידישער קולטור אין ראַטן־פאַרבאַנד.

אין דער צווייטער העלפט פון יאָר 1948 איז פאַרמאַכט געוואָרן די איינציקע יידישע צייטונג „אייניקייט״ (מאָסקווע). עס איז געשלאָסן געוואָרן דער איינצי־קער יידישער פאַרלאַג „דער עמעס״. מען האָט געשלאָסן דעם איינציק־פאַרבלי־בענעם יידישן טעאַטער — דעם מאָסקווער יידישן טעאַטער. די יידישע קולטור איז געוואָרן אויסגעריסן מיטן וואָרצל, דאָס יידישע וואָרט אויסגעשניטן, דאָס יידישע ליד פאַרשטומט. עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ פּאָגראָם אין צייט פון שלום, אין אַ וועלט פון שלום. דער פּאָגראָם איבער דער יידישער קולטור איז געווען די לעצטע לאָפּעטע ערד אויף דעם גרויסן מאַסן־קבר פון דער יידישער קולטור אין דעם גרויסן לאַנד פון סאָציאַליזם...

די סאָוועטיש־קאָמוניסטישע אַנטיסעמיטישע הערשער האָבן אָבער ניט גע־קענט דערמאָרדן דעם גייסט פון יידישן פאָלק און זיין נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין. זיי האָבן ניט געקענט דערמאָרדן דאָס וואָס מען רופט אין פאָלק, דאָס פּינטעלע ייד. דאָס איזאָלירטע פון גאַנצן יידישן פאָלק, געפּענטעטע און פאַרשטומטע סאָוועטישע יידנטום איז פאַרבליבן ווי אַ נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפט מיט זיינע ליידן און טרוימען. די לאַנג־יאָריקע יידישע געשיכטע האָט אויסגעאַרבעט אַזאַ מין ספּעציעלע אימוניטעט. ניט צום ערשטן מאָל קומט דאָך אויס אויסצוהאַלטן אַנטי־יידישע גזרות, רדיפות און פּאָגראָמען... עס זיינען ניט געווען קיין ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציעס, אָדער אַנדערע, וועלכע ניט איז, נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען — זיי זיינען אַלע אויך אויסגעראָטן געוואָרן מיטן וואָרצל אין דער צווייטער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן. עס איז ניט געווען קיין זכר פון וועל־כער ניט איז נאַציאָנאַלער אָרגאַניזירונג. דאָס פּינטעלע ייד איז געווען פאַרבאָרגן ביי יעדן ייד טיף אין האַרצן...

און גאָר אין גיכן, אין דעם גרויליקן יאָר 1948, האָבן די נאַציאָנאַלע גע־פילן פון סאָוועטישן יידנטום אַרויסגעבראָכן כלפּי חוץ. דער יידישער קיבוץ פון ראַטן־פאַרבאַנד איז אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דער גראַנדיעזער היסטאָ־רישער געשעעניש — די אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל. עס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גרויסן קוואַל פון נאַציאָנאַלער פרייד און האָפענונג. דאָס האָט זיך ניט אויסגעדריקט, חס וחלילה, אין פייערלעכע דעמאָנסטראַציעס מיט באַ־גריסונגס־לאָזונגען און פּלאַקאַטן, אָדער אין פאַרזאַמלונגען מיט באַגריסונגס רעזאָלוציעס צו דער ציטווייליקער רעגירונג פון דער יידישער מדינה. יידן האָבן פּשוט געפּראַוועט היימישע שׂמחות. מען האָט געטרונקען לחיים. מען האָט זיך געקושט און געשיקט באַגריסונגס־ברכות איינע די אַנדערע...

דעם 15טן מאַי 1948 בין איך געווען אין מאָסקווע. איך בין געקומען באַ־געגענען מיין ברודער יענקל וועלכער איז באַפרייט געוואָרן פון דעם עלף־יאָריקן זיין אין לאַגער קאָלימאַ. איך האָב דאָך געוווּסט אַז ער וועט קומען מיט אַ פּאַס־פּאָרט וואָס אויף דעם זעקסטן זייטל וועט זיין דער פאַרשאָלטענער שטעמפּל — ער וועט ניט האָבן די רעכט צו וווינען אין 60 שטעט פון ראַטן־פאַרבאַנד, און צווישן זיי אויך אין מינסק. און וואָס האָט ער צו טאָן אין מינסק? אין מינסקער געטאָ איז אומגעקומען זיין פרוי מיט צוויי קינדערלעך און אויך אונדזערע צוויי שוועסטער מיט זייערע קינדער. האָב איך באַשטימט צו באַגעגענען אים אין מאָסקווע און אים פאַרלייגן דערווייל צו פאָרן צו מיר, אין דאָנבאַס, מיט דער האָפענונג אַז עס וועט זיך איינגעבן צו באַקומען דאָרט די פאַרכישופטע „פּראָ־פּיסקע". מיין ברודער יענקל איז געווען אַ ציוניסט מיט אַלע רמ"ח איברים. איך האָב אים ניט געזען שוין מער פון 13 יאָר. מיך האָט מען דאָך אַרעסטירט אין אַפּריל 1935. איך האָב באַגעגנט מיין ברודער אויף דעם גרויסן, טומלדיקן קאַזאַנער וואָקזאַל — אַן אַרעסטאַנט אין שטינקנדיקע צעריסענע אַרעסטאַנטישע בגדים, פּונקט אין אַזעלכע אין וועלכע איך בין געקומען מיט $7\frac{1}{2}$ יאָר צוריק...

מיר זיינען געזעסן אין אַ ווינקל פון גרויסן וואָקזאַל און ניט געקענט רעדן. טרערן האָבן געשטיקט. טרערן פון גרויסן אומגליק וואָס איז געשען אין אונד־זער משפחה און טרערן פון פרייד וואָס יענקל איז שוין אויף דער פרייהייט. דער וואָקזאַל רוישט. טויזנטער מענטשן שטויסן זיך, איילן הין און צוריק. די ראַדיאָ־הילכערס טומלען פון אַלע זייטן. און מיט אַ מאָל האָבן מיר דערהערט אָפּגעריסענע ווערטער — איזראַיל, גאָסודאַרסטוואָ איזראַיל... און די ראַדיאָ־הילכערס שרייען פון אַלע זייטן פון גרויסן וואָקזאַל. אָבער מיר הערן ניט גענוי וואָס. נאָר עס רעדט זיך עפּעס וועגן ארץ־ישׂראל.

— אַרע, דו האָסט געהערט? איך האָב געהערט בפירוש די ווערטער גאָסו־דאַרסטוואָ איזראַיל. וואָס הייסט גאָסודאַרסטוואָ? אַרע, וואָס שווייגסטו? — שרייט צו מיר מיין ברודער.

— יענקל, איך האָב געהערט. איך האָב גאָרניט פאַרשטאַנען. עס האָט גע־רוישט. נאָר ס׳איז באַשטימט עפּעס פאָרגעקומען. עס רעדט זיך וועגן אַ מדינה. איך וועל לויפן זוכן אַ קיאָסק און קויפן אַ צייטונג.

און איך האָב געבראַכט די צייטונג „וועטשערנאַיאַ מאָסקוואַ״ — די מאָסקווער אָוונט־צייטונג. און מיר האָבן געפונען אַן אינפאָרמאַציע, אַ קליינע אינפאָרמאַציע פון עטלעכע שורות וועגן דעם אַנטשטיין פון מדינת ישראל...

עס איז געווען אַרום 3 אַ זייגער בייטאָג. וואָס טוט מען?

—וואָס זיצן מיר — שרייט מיין ברודער — מען דאַרף זיך דאָך דערוויסן געגוי וואָס קומט פאָר. אויב גלויבן דער צייטונג איז דאָך פאָרגעקומען... דו שטעלסט זיך פאָר, אַרע, וואָס עס איז פאָרגעקומען? קום גיכער, מיר וועלן גיין און דערוויסן זיך.

— אָבער, וווּהין גיין? אין מאָסקווע האָב איך שוין נישט קיין באַקאַנטע און פריינד מיט וועלכע מען קען רעדן וועגן דעם. אַלע זיינען זיי געווען אַרעס־טירט און איך ווייס ניט פון זיי. קום, יענקל, מיר וועלן פאָרן צום קורסקער וואָקזאַל און פון דאָרט וועלן מיר פאָרן צו מיר.

— ניין, איך קען ניט. איך מוז זיך דערוויסן, וואָס עס קומט פאָר. קום מיר וועלן גיין. וואָס זיצן מיר דאָ אויף דעם וואָקזאַל?

און מיר זיינען געלאָפן איבער די רוישנדיקע מאָסקווער גאַסן. מיר האָבן געזוכט אַ באַשטעטיקונג פון דער אויסערגעוויינלעכער, עפּעס צו פיל וווּנדער־באַרער ידיעה. אפשר איז דאָס גאָר ביי אונדז אַ חלום? וואָס זיינען מיר פון זינען אַראָפּ? ווו איז די צייטונג? נאָך אַ מאָל איבערלייענען.

— דו ווייסט, אַרע, וווּהין מיר וועלן פאָרן? קום, מיר וועלן זיך אַריינכאַפּן אין מאָסקווער גרויסן בית־כּנסת. ס׳איז דאָך עפּעס אַ יידישער צענטער.

— ס׳איז דער איינציקער יידישער געזעלשאַפטלעכער אָרט אין שטאָט, מען דאַרף טאַקע פאָרן אַהין — האָב איך געענטפערט מיין ברודער.

מיר זיינען געקומען צום מאָסקווער גרויסן בית־כּנסת. די גרויסע טירן זיינען געווען אָפן. מיט ציטער זיינען מיר אַריין. קיינער איז דאָרט ניט געווען. עפּעס אַ שטילע, פייערלעכע פוסטקייט. מיר קוקן זיך אַרום. מיר דערנענטערן זיך צו דער מזרח־וואַנט. און מיט אַ מאָל שטראַלט אויף אונדז אַ גרויסער לאָזונג: „עם ישראל חי!״ העכער פון אָרון־הקודש, אויף דער וואַנט, איז מיט גרויסע ווייסע אותיות געווען אָנגעשריבן אויף אַ רויטן לייוונט, אָט די דריי ווערטער: „עם ישראל חי!״... די ווערטער האָבן געשטראַלט, זיי האָבן געברענט אויף דער מזרח־וואַנט און אין אונדזערע הערצער...

אין דעם קליינעם שטיבעלע — אַ פאָדער־צימערל פון בית־כּנסת — זיינען געזעסן 6־5 אַלטע יידן און אַריינגעקוקט אין ספרים. מסתמא שטענדיקע באַזוכער פון בית־כּנסת.

— שלום עליכם, יידן. מזל טוב! — האָבן מיר זיי באַגריסט.

— שלום עליכם. וואָס איז געשען? וואָס עפּעס מזל טוב?

— אין ארץ־ישׂראל איז געשאַפן געוואָרן אַ יידישע מדינה.

— וואָס פּלאַפּלט איר? וואָס רעדט איר? מיט אַזעלכע זאַכן וויצלט מען זיך ניט — האָט איינער געזאָגט מיט כעס.

— מיר וויצלען זיך ניט. צום גרויסן גליק איז דאָס אַן אמת. אָט איז אין צייטונג וועגן דעם אָנגעשריבן.

איך בין אַרויסגעלאָפן און געקויפט בראָנפן און ווייַן, ברויט און וווּרשט. און איך מיט מיין נאָר וואָס פון לאַגער באַפרייטן ברודער יענקל, מיט 6 אַלטע מאָסקווער יידן, האָבן געטרונקען לחיים לכבוד אונדזער מדינת ישׂראל. מיר זיינען געזעסן עטלעכע שעה אין דעם קליינעם פאָדער־צימערל פון מאָסקווער גרויסן בית־כּנסת און געיום־טובט דעם גרויסן יום־טוב. מיר האָבן טאַקע געשמאַק אויס־געטרונקען און געברומט געשמאַקע חסידישע ניגונים.

— זאָגט, ליבע יידן, ווער האָט אויפגעהאָנגען די לאָזונג „עם ישׂראל חי!״

— האָב איך געפרעגט.

— מיר ווייסן ניט גענוי. מיט אַ פּאָר שעה, איידער איר זייט געקומען, זיינען געקומען צוויי יונגע לייט און אויפגעהאָנגען די לאָזונג. מיר האָבן אַפילו געבורטשעט ווייל דער גבאי איז ביי אונדז אַ שטרענגער. ער קומט דאָך פון זיי — פון די מאַכט־אָרגאַנען. אָבער זיי האָבן געשריגן אַז ס׳איז אַ כּשרע לאָזונג און אויפגעהאָנגען.

— געבענטשט זאָלן זיין זייערע הענט — האָט געזאָגט מיין ברודער.

מיר זיינען צוריק אַריין אין גרויסן תּפילה־זאַל פון בית־הכּנסת, צוגעגאַנגען צום ארון־הקודש און ווידער געקוקט אויף די שיינענדיקע ווערטער „עם ישׂראל חי״.

און מיר האָבן זיך צעקושט.

— דו ווייסט, אַרעלע, — האָט געזאָגט מיין ברודער יענקל — ס׳איז עפּעס ווי סימבאָליש, וואָס די גרויסע היסטאָרישע געשעעניש — די שאַפונג פון מדינת ישׂראל — איז זיך צונויפגעפאַלן מיט דעם טאָג פון מיין קומען פון לאַגער. איך וויל זען אין דעם זייער אַ גוטן סימן פאַר מיר. 10 און אַ האַלב יאָר בין איך געווען דאָרט. דו ווייסט דאָך זייער גוט וואָס דאָס באַדייט. און אויב עס האָט זיך געענדיקט אַזוי אויסטערליש, אויסערגעוויינלעך; אויב אין טאָג פון מיין באַפרייונג האָב איך באַקומען אַזאַ מתּנה — האָט דאָך געלוינט צוליידן די אַלע יאָרן. קען מען דען אָפּשאַצן דאָס וואָס עס איז געשען? אויב רעדן מיט דעם פאָלקס־לשון, קען מען דאָך זאָגן אַז משיח איז געקומען.

— ביסט גערעכט, מיין ברודער, נאָר איין גרויסע פּראָבלעם איז פאַראַן — ווי אַזוי כאַפּט מען זיך אַריבער אַהין — אין דער אַלט־נייער מדינת ישׂראל?

— לאָמיר האָפן. דו זעסט דאָך אַז עס טרעפן ניסים. דו זעסט דאָך אַז די צייט טוט דאָס איריקע. דו האָסט זיך באַפרייט, איך האָב זיך באַפרייט. האָט מען געקענט טראַכטן וועגן אַזאַ נס — די שאַפונג פון מדינת ישׂראל? לאָמיר האָפן אַז מיר וועלן דאָרט זיין. דאָס איז דאָך דער איינציקער ציל אין אונדזער לעבן...

איך האָב דערלעבט. איך האָב זוכה געווען צו פאַרווירקלעכן מיין טרוים און רעאַליזירן דעם ציל אין לעבן. איך בין אין ארץ־ישׂראל. אָבער מיין ברודער יענקל — נייך. די פאַרשאָלטענע צייט, פון דעם פאַרשאָלטענעם רעזשים, פון דער פאַרשאָלטענער מדינה, האָט געטאָן דאָס איריקע. אין יאָר 1952 האָט מען מיין ברודער ווידער אַרעסטירט און ער איז אומגעקומען. פאַר וואָס? רבונו־של־עולם, זאָג — פאַר וואָס? נאָר דערפאַר, וואָס אַלס ייד האָט ער געוואָלט לעבן אין זיין לאַנד — אין ארץ־ישׂראל?...

עם ישׂראל חי! די לאָזונג וועלכע איז צוגעקלאַפּט געוואָרן אויף דער מזרח־וואַנט, ביים ארון הקודש אין דעם בית כנסת אין מאָסקווע דורך צוויי יונגע יידישע בחורים, אין דעם ערשטן טאָג פון דעם אַנטשטיין פון מדינת ישׂראל, אָט דער קליינער פּרט, דוכט מיר, סימבאָליזירט אַ זייער וויכטיקע דערשיינונג. עס באַווייזט אַז דאָס געיאָגטע און געפּלאָגטע סאָוועטישע יידנטום, די אַזוי גערופענע יהדות הדממה, לעבט ווי אַ נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפט.

ס'איז באַוווסט, מען האָט שוין אַ סך געשריבן וועגן דעם, ווי אַזוי די יידן אין מאָסקווע האָבן מיט באַגייסטערונג אויפגענומען דעם ערשטן אַמבאַסאַדאָר פון מדינת ישׂראל אין ראַטן־פאַרבאַנד — די פרוי גאָלדע מאיר. מען האָט זי געטראָגן אויף די הענט. דאָס האָט מען געטראָגן אויף די הענט די מדינת ישׂ־ראל, אַזוי ווי מען טראָגט אין שׂמחת־תורה די ספרי־תורה בעת די הקפות.

יידן פלעגן באַזוכן צו עטלעכע מאָל די קינאָס, אין וועלכע מען פלעגט דעמאָנסטרירן די דאָקומענטאַלע קינאָ־כראָניק, ווו עס איז, צווישן אַנדערן באַ־וויזן געוואָרן ווי גאָלדע מאירסאָן גיט איבער אין קרעמל דעם פאָרזיצער פון העכסטן סאָוועט אירע אַקרעדיטיוו־פּאַפּירן. אין שטילן, פּינצטערן זאַל פלעגן זיך דערהערן אַפּלאָדיסמענטן... עפּעס אַ קלייניקייט? מען זעט מיט די אייגענע אויגן אַ דיפּלאָמאַטישן פאָרשטייער פון אַ יידישער מדינה! די יידן וועלכע פלעגן צופעליק זיין אין מאָסקווע, צוליב זייערע אַמט־ענינים, אָדער צוליב אַנדערע געשעפטן, זיינען געווען גליקלעך, וואָס זיי האָבן מיט זייערע אויגן געזען די נאַציאָנאַלע פאָן אויף דער ישׂראל־אַמבאַסאַדע.

— איך האָב אַליין געזען — אַ ווייס־בלויע פאָן מיט אַ מגן־דויד אין מיטן. איך בין עטלעכע מאָל פאַרבייגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט פון גאַס... —

אַזוי האָט באַגייסטערט מיר דערציילט דער נאַטשאַלניק פון טעכנישן אָפּטייל פון אונדזער אַנשטאַלט, איליאַ גריגאָריעוויטש מעדאַליע. און ער איז דווקא געווען אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און האָט קיין מאָל ניט אַרויסגע־וויזן קיין שום אינטערעס צו יידישע פּראָבלעמען. בכל אופן איז אונדז קיין מאָל ניט אויסגעקומען צו רעדן אויף אַזעלכע טעמעס.

— פאַר וואָס זשע ביסטו פאַרבייגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט פון גאַס ?

— אַזוי איז געזונטער. ביי דער טיר פון אַמבאַסאַדע שטייט אַ מיליציאָנער און עס דרייען זיך אַרום מענטשן...

מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז די תּיכּפדיקע אָנערקענונג פון מדינת ישׂראל מצד דער סאָוועטישער רעגירונג, איז ניט קיין אַקט פון סימפּאַטיע צום יידישן פאָלק, ניט קיין אָנערקענונג פון זיינע היסטאָרישע רעכט און אויך ניט קיין באַווייז פון דעם אַז די פּאָליטיק לגבי די יידן אין ראַטן־פאַרבאַנד גופא וועט זיך בייטן. מען האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס איז געטאָן געוואָרן מתוך דעם ווילן אַרויסצוטרייבן ענגלאַנד פון דעם וויכטיקסטן פּלאַצדאַרם אין מיטעלן מזרח און מתוך דעם אימפּעריאַליסטישן עקספּאַנסיע־דראַנג פון רוסלאַנד צו דעם וויכטיקסטן סטראַטע־גישן פּונקט אין דער וועלט. מען האָט זייער גוט פאַרשטאַנען אַז די ממש ציוי־ניסטישע דרשות פון די סאָוועטישע דיפּלאָמאַטן גראָמיקאָ און צאַראַפּקין — זיינען געווײַנלעכע צביעות פון דער סאָוועטישער דיפּלאָמאַטיע, פּונקט אַזוי ווי די פּראַזעס וועגן קאַמף מיטן קאָלאָניאַליזם.

די סאָוועטישע דיפּלאָמאַטן האָבן געהאַלטן ציוניסטישע דרשות, די „פּראַוו־דאַ" האָט געשריבן וועגן דעם רעכט פון יידישן פאָלק אויף זיין היסטאָרישע היימלאַנד, אָבער די אַנטי־יידישע פּאָליטיק, די אויסגעשפּראָכענע אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק אין ראַטן־פאַרבאַנד גופא, איז פאַרשטאַרקט געוואָרן. די נאַציאָנאַלע אויפוואַכונג פון סאָוועטישן יידנטום איז אין די אויגן פון די סאָוועטיש־קאָמו־ניסטישע הערשער, געווען שעדלעך. דער אָנגריף אויף יידן אין רוסלאַנד, אין אַלע מעגלעכע געביטן, איז פאַרשטאַרקט געוואָרן.

עס זיינען געווען אַזעלכע יידן וועלכע האָבן געטענהט אַז אין דער אַנטי־סעמיטישער כוואַליע וואָס באַהערשט דאָס לאַנד איז שולדיק... גאָלדע. צוליב וואָס דאַרף זי אַריינשטעקן איר נאָז אין נישט־אירע זאַכן ? צוליב וואָס דאַרף זי גיין אין מאָסקווער בית־כּנסת ? זי דאַרף מען זאָל זי טראָגן אויף די הענט און באַגעגענען מיט אַפּלאָדיסמענטן ? אָן דעם קען זי ניט אויסקומען ? זאָל זי זיצן ביי זיך אין אַמבאַסאַדע און אונטערשרייבן פּאַפּירלעך ! זי ווייסט ניט אַז איר אויפפירונג רופט אַרויס ווילדע נאַציאָנאַלע געפילן ביי דעם יידישן המון ? דאָס רעגט דאָך אויף די סאָוועטישע פירער און דערפון קומען אַרויס אַ סך צרות פאַר יידן... אַזעלכע יידן זיינען געווען אין אַלע תקופות פון דער יידישער גע־שיכטע און זיי זיינען פאַראַן אויך צווישן דעם סאָוועטישן יידנטום. אפשר זיינען

זיי אין דער סאָוועטישער תקופה מער אין צאָל ווי אין די אַנדערע תקופות. ווייל די סאָוועטישע תקופה איז אַ מער אַכזריותדיקע ווי וועלכע ניט איז אַנדערע שווערע תקופה אין דער יידישער געשיכטע.

דאָס יאָר 1953 האָט זיך אָנגעהויבן אונטער דער שווערער כמאַרע פון דעם סלאַנסקי־פּראָצעס אין טשעכאָסלאָוואַקיע. ווי באַוווּסט האָט מען אויף דעם פּראָצעס אָרויסגעשטעלט מדינת ישראל, ציוניזם, דאָס יידישע פאָלק, ווי די הויפּט־שולדיקע אין אַלע אומגליקן און שוועריקייטן וועלכע זיינען געווען אין טשעכאָסלאָוואַקיע און אין אַלע איבעריקע לענדער פון דער „פאָלקס־דעמאָקראַטיע". די סאָוועטישע פּרעסע האָט קאָמענטירט דעם סלאַנסקי־פּראָצעס אין אַ שאַרפן אַנטי־יידישן נוסח. אין דער פּרעסע און אין ראַדיאָ האָט זיך פאַרשאַרפט די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע.

דער גרויסער, אַנטי־יידישער, פּראָפּאַגאַנדיסטישער טומל, אַרום דעם סלאַנסקי־פּראָצעס אין טשעכאָסלאָוואַקיע איז ווי עס האָט זיך אין גיכן אַרויסגעוויזן, געווען בלויז אַ צוגרייטונגס־סטאַדיע. ס'איז געווען שווער צו טראַכטן אַז אין דער זעלבער צייט האָט זיך געגרייט אין דער פּאָליטישער לאַבאָראַטאָריע פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אַ גוואַלדיקע אַנטיסעמיטישע באָמבע. און גאָר אין גיכן — דעם 13טן יאַנואַר 1953 — האָט די באָמבע אויפגעריסן — עס האָט אויסגעבראָכן דער דאָקטוירים־בילבול. אין דעם טאָג, האָט די טאַסס — די טעלעגראַף־אַגענטור פון ראַטן־פאַרבאַנד — פאַרעפנטלעכט אין אַלע צייטונגען פון לאַנד און טראַנסלירט אין אַלע ראַדיאָ־סטאַנציעס, אַ ספּעציעלע מעלדונג וועגן דעם אַרעסט פון אַ גרופּע דאָקטוירים — שעדיקער — טעראָריסטן, וועלכע האָבן געהרגעט — שטעלנדיק באַוווּסטזיניק ניט ריכטיקע דיאַגנאָזן און באַנוצנדיק זיך מיט ניט ריכטיקע מעטאָדן פון היילונג — די מיט־גלידער פון פּאָליט־ביוראָ פון צ. ק. פון דער קאָמפּאַרטיי — שטשערבאַקאָוון און זשדאַנאָוון און האָבן געגרייט דאָס זעלבע צו טאָן מיט אַ ריי אַנדערע אַקטיווע און אָנגעזעענע טוער און פירער פון ראַטן־פאַרבאַנד. אין דער ערשטער ריי האָבן זיי פּלאַנירט צו טויטן די פירער פון דער רויטער אַרמיי — די מאַרשאַלן וואַסיליעווסקי, גאָוואָראָוו און קאָניעוו. די גרופּע דאָקטוירים־טעראָריסטן האָבן געטאָן זייער שעדיקערישע אַרבעט לויט דער אָנווייזונג פון דער אַלוועלטלעכע יידישער בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישער אָרגאַניזאַציע „דזשאָינט" וועלכע איז געשאַפן געוואָרן דורך דעם אַמעריקאַנער שפּיאָן־דינסט... אין דער גרופּע זיינען געווען 9 באַוווּסטע מאָסקווער דאָקטוירים — 6 יידן און 3 רוסן (די ניט־יידן האָט מען געמוזט אַריינשלעפּן ווייל זשדאַנאָוון האָבן געהיילט און דעם ביולעטין וועגן זיין טויט האָבן אונטערגעשריבן, דווקא דריי רוסישע פּראָפעסאָרן).

אָבער די טרוקענע אינפאָרמאַציע פון טאַסס איז געווען ניט גענוג. דעם טאָג האָט געגעבן די צייטונג „פּראַוודאַ" — דער הויפּט־אָרגאַן פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דעם זעלבן, 13טן יאַנואַר האָט די „פּראַוודאַ", אין דעם לייט־אַרטיקל „די רוצחים אין די ווייסע כאַלאַטן", געגעבן די ריכטונג פון דער אַנטיסעמיטישער, פּאָגראָמישער העץ־קאַמפּאַניע... „פּראַוו־דאַ" האָט זיך ניט באַגנוגנט מיט דעם וואָס זי האָט געשטעמפּלט די דאָקטוירים וואָווסי, קאַגאַן, פעלדמאַן, גרינשטיין, עטינגער און אַנדערע ווי אַגענטן פון דעם אַמעריקאַנער שפּיאָן־דינסט; „פּראַוודאַ" האָט אַטאַקירט ניט נאָר דעם „דזשאָינט", אַלס „אַגענט פון אַמעריקאַנער שפּיאָן־דינסט"; „פּראַוודאַ" האָט אויך אַטאַקירט די אַלוועלטלעכע ציוניסטישע באַוועגונג, „פּראַוודאַ" האָט אַטאַקירט דאָס יידישע פאָלק. דער אַרטיקל איז געווען אָנגעפּילט מיט זייער שאַרפן אַנטיסעמיטישן סם.

עס האָט זיך אָנגעהויבן און פון טאָג צו טאָג איז די אַנטיסעמיטישע כוואַליע געוואַקסן. אומעטום, אין אַלע ערטער און ווינקלען פון דער גרויסער מדינה. בדרך כלל האָט מען וועגן דעם בילבול שוין אַ סך געשריבן אַזוי אַז די גאַנצע וועלט ווייס שוין וועגן אים גענוג. ס'איז אפשר שוין ניט נויטיק צו איבערחזרן זיך. אָבער מיר ווילט זיך דאָ איבערגעבן בלויז אייניקע פּערזענלעכע איינדרוקן און איבערלעבונגען וואָס כאַראַקטעריזירן די לאַגע פון די סאָוועטישע יידן אין יענער שרעקלעכער צייט.

דאָס געפיל פון באַליידיקטקייט און ווייטיק, דער מצב פון הילפסלאָזיקייט, שפּאַנונג און פחד, האָט מיך באַהערשט ממש אין די ערשטע מינוטן פון יענעם ווינטערדיקן טאָג. 7 אַ זייגער אין דער פרי האָט מען איבערגעגעבן אין ראַדיאָ די מעלדונג פון טאַסס. עטלעכע מאָל האָט מען זי איבערגעחזרט. 7 אַ זייגער מיט 10 מינוט האָט מען איבערגעגעבן דורך דעם ראַדיאָ דעם לייט־אַרטיקל פון „פּראַוודאַ" און 8 אַ זייגער האָט מען עס איבערגעחזרט. דאָס קול פון דיקטאָר איז געווען אַ באַזונדערס, אַ ספּעציעלס. ער האָט אונטערגעשטראָכן יעדעס וואָרט: „רוצחים", „עטינגער", „פעלדמאַן", „גרינשטיין", „וואָווסי", „יידישע בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן", „ציוניסטן", „אַגענטן פון אימפּעריאַליזם", „שפּיאָנען"... אָבער הינטער זיינע ווערטער הער איך קלאָר און דייטלעך אַנדערע ווערטער: „בעי זשידאָוו, ספּאַסאַי ראָסיו!..." — שלאָג די יידן און ראַטעווע רוסלאַנד!...

8.30 בין איך אַרויס צו דער אַרבעט. מיך שטעלט אָפּ אַ שכנה פון ערשטן עטאַזש — אַ 60 יאָריקע פרוי — און זאָגט: — דו ביסט אַ גוטער מענטש. כאָטש דו ביסט אַ ייד. ביסט אַ קלוגער מענטש. גיב מיר אַן עצה. איך דאַרף היינט גיין צום דאָקטער מיט מיין קראַנקער פּלייצע און איך האָב מורא.

— וואָס זשע האָט איר מורא?

— דער דאָקטער איז אַ ייד — ער קען דאָך מיך אָפּסמען.

— וויפל צייט היילט איר זיך ביי דעם דאָקטער.

— שױן מער פֿון 15 יאָר. זײער אַ גוטער דאָקטער און װױלער מענטש.

— איז װאָס זשע האָט איר מורא? איר זאָגט דאָך אַז ער איז אַ גוטער דאָק־טער און אױך אַ װױלער מענטש. און איר הײלט זיך בײַ אים שױן 15 יאָר.

— האָסט ניט געהערט װאָס מען האָט הײַנט איבערגעגעבן פֿון מאָסקװע עטלעכע מאָל? יידישע דאָקטױרים האָבן אָנגעהױבן אומברענגען רוסישע מענטשן...

אין אַנשטאַלט האָט מיך באַגעגנט דער סעקרעטאַר פֿון דער פּאַרטײ אָרגאַ־ניזאַציע:

— איז װאָס זאָגסטו, אַראָן יאָסיפּאָװיטש, װעגן די לעצטע געשעענישן?

— װעגן װעלכע געשעענישן רעדט איר?

— װעגן די פֿאַרברעכערישע מעשׂים פֿון די יידן?

— װעגן װאָס פֿאַר אַ פֿאַרברעכערישע מעשׂים פֿון יידן רעדט איר?

— האָסטו ניט געהערט הײַנט דעם ראַדיאָ? האָסט ניט געהערט אַז מען האָט אַנטדעקט אַ פֿאַרברעכערישע יידישע באַנדע?

— איך האָב יאָ געהערט ראַדיאָ. איך האָב געהערט אַז מען האָט אַרעסטירט אַ גרופּע דאָקטױרים, צװישן װעלכע עס זײַנען געװען יידן און ניט יידן. איז װאָס פֿאַר אַ שײַכות האָט עס צום יידישן פֿאָלק? װאָס הײסט: יידישע באַנדע? איך פֿאַרשטײ איך ניט, פֿאַװעל װאַסיליעװיטש.

— מיך איז זײער גרינג צו פֿאַרשטײן. די עטלעכע דאָקטױרים — ניט יידן — זײַנען געװאָרן װערבירט אין דער יידישער באַנדע װאָס איז אָנגעפֿירט און געשטיצט געװאָרן דורך דער אַלװעלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. איך מײן אַז איר װײסט ניט ערגער פֿון מיר, אַראָן יאָסיפּאָװיטש, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז אַ יידישע אָרגאַניזאַציע...

האָב איך געדאַרפֿט אַרײַנטרעטן אין אַ װיכּוח מיט דעם סעקרעטאַר פֿון דער פּאַרטײ אָרגאַניזאַציע? איך װײס ניט. אפֿשר האָב איך טאַקע באַדאַרפֿט אױסשרײַען אים אין פּנים אַרײַן: יאָ, אַ באַנדע. דער גאַנצער טומל איז אָרגאַ־ניזירט דורך דער סאָװעטיש־קאָמוניסטישער באַנדע בראָש מיט דעם אױבער־באַנדיט. איר זײַט אַלע אַ נידערטרעכטיקע אַנטיסעמיטישע באַנדע, אַ סך אַ מער געפֿערלעכע װי די „שװאַרצע מאה" בײַ דער צאַרישער רעגירונג. אָבער איך האָב געשװיגן. איך בין אַװעק מיט אַ גרױסן װײטיק אין האַרצן. אױך אַלע איבע־ריקע יידן אין אַנשטאַלט האָבן זיך געפֿונען אין אַ שפּאַנונג, אין אַ פּחד. מען האָט אױסגעמיטן צו רעדן אײנער מיט דעם אַנדערן...

צום סוף פֿון דעם אַרבעטס־טאָג האָט מיך אַרױסגערופֿן צו זיך דער סעק־רעטאַר פֿון דער פּאַרטײ־אָרגאַניזאַציע.

— מאָרגן, דרײַ אַ זײגער, אָרדענען מיר אײַן אַן אַלגעמײנע פֿאַרזאַמלונג אױף װעלכער עס װעט זײַן אַ פֿאָרטראַג פֿון אַן אינסטרוקטאָר פֿון אונדזער שטאָ־טישן פּאַרטײ־קאָמיטעט װעגן דער אַנטדעקטער אימפּעריאַליסטיש־ציוניסטישער,

רוצחישער דאָקטוירים־באַנדע. די פאַרזאַמלונג דאַרף דורכגיין אַקטיוו. עס וועלן אַרויסטרעטן אַ ריי חברים. מיר האָבן באַשטימט אַז אויך איר, אַלס אומפּאַר־טייישער ספּעציאַליסט, דאַרפט אַרויסטרעטן און שאַרף טאַדלען די נידערטרעכ־טיקע מעשׂים פון דער ציוניסטישער באַנדע. איך בעט אייך צוגרייטן זיך צו דער אַרויסטרעטונג.

— איר ווייסט דאָך, פּאַוועל וואַסיליעוויטש, אַז איך בין אַקטיוו אויף אונד־זערע פאַרזאַמלונגען, אָבער אין ספּעציעלע פראַגעס פון מיין פאַך — אין עקאָ־נאָמיש־טעכנאָלאָגישע פּראָבלעמען. איך מיין אַז איר דאַרפט געפינען אַ מער געלונגענעם רעדנער פאַר דער מאָרגנדיקער פאַרזאַמלונג.

— ניין, אַראָן יאָסיפאָוויטש, מיר האָבן דורכגעטראַכט די פראַגע. מיר לייגן פאַר אייך אַרויסצוטרעטן אויף דער פאַרזאַמלונג. מיר דוכט זיך אַז איר דאַרפט זיין צופרידן פון דעם. דאָס וועט דאָך באַווייזן אַז אויך יידן, ווירקלעכע סאָוועטישע מענטשן, טאַדלען די שוידערלעכע מעשׂים פון דער אַרעסטירטער באַנדע...

איך האָב גאָרניט געענטפערט און בין אַוועק. עס האָט זיך באַקומען לויט דעם גלייכוואָרט: שווייגן איז אַ סימן פון הסכּמה. אָבער, גאָט מיינער, וואָס טוט מען? און מיט אַ מאָל האָט זיך אַריינגעגנבעט אין מוח אַ זעלבסטמערדערישער געדאַנק: אַרויסטרעטן און — זאָגן דעם אמת, זאָגן אַלץ, וואָס עס ליגט און דריקט אויפן האַרץ... דער געדאַנק האָט דורכגעבליצט אין מח און אַוועק. ס'איז אַ גרויסע נאַרישקייט. לוינט פאַר די עטלעכע מינוט הנאה פון זאָגן זיי דעם אמת אין פּרצוף אַריין, לוינט ווידער צו באַקומען ב. ב. ק.? און אפשר נאָך עפּעס ערגערס פון ב. ב. ק.? וואָס זשע טוט מען? איך קען ניט אַרויסטרעטן אויף דער פאַרזאַמ־לונג און וועל ניט אַרויסטרעטן. דאָס איז קלאָר, אָבער עס ווילט זיך ניט צאָלן קיין טייערן פּרייז. מען דאַרף עפּעס צוטראַכטן. מען מוז צוטראַכטן...

אין אָוונט בין איך אַוועק צו מיינער אַ פריינדין — אַ דאָקטאָרין. זי איז געווען אַ פאַרוואַלטערין פון דער אָפּטיילונג פון אינערלעכע קראַנקהייטן אין איי־נעם פון די שטאָטישע שפּיטאָלן.

— עטיאַ נאַאומאָוונאַ, ראַטעוועט מיך — האָב איך אויסגעשיִען ווי נאָר איך בין אַריין צו איר אין שטוב.

— וואָס איז געשען? באַרוּיִקט זיך. איך זע אַז איר זייט זייער צעטראָגן.

איך האָב איר דערציילט וועגן דער מאָרגנדיקער פאַרזאַמלונג.

— איר זייט גערעכט. איר דאַרפט ניט אַרויסטרעטן אויף דער פאַרזאַמלונג אָבער מיט וואָס קען איך אייך העלפן?

— גאַנץ פּשוט, לייגט מיך אַריין צו זיך אין שפּיטאָל אויף עטלעכע טעג. עס קען דאָך טרעפן מיט אַ מענטשן אַן אומגליק.

איך בין געלעגן אין שפּיטאָל 6 טעג. איך בין געווען גליקלעך וואָס איך האָב ניט באַדאַרפט זיין אויף דער פאַרזאַמלונג און אַרויסטרעטן דאָרט אַלס אַן

„איבערגעגעבענער סאָוועטישער ייד”... אָבער עס זיינען געווען 6 שווידערלעכע טעג. די נישט יידישע חולאים האָבן זיך ממש איזדיעקעוועט איבער די יידישע דאָקטוירים. מען האָט זיי געשאָלטן און געשפּיגן אין פּנים. מען האָט זיך אָפּגע־זאָגט צו ווערן באַהאַנדלט פון יידישע דאָקטוירים. אויף מיינע אויגן האָט אַ קראַנקער אַ זעץ געגעבן מיטן פוס עטיע נאַאומאָוונען אין האַרץ אַריין ווען זי איז צוגעגאַנגען צו זיין בעט, כּדי אים אויסצוהערן... שפּעטער האָט מיר עטיע נאַאומאָוונאַ דערציילט אַז זי האָט זיך אָנגעקלאָגט דעם הויפּט־דאָקטער פון שפּי־טאָל און געפאָדערט אָנצונעמען די געהעריקע מיטלען און היטן די אָרדענונג אין שפּיטאָל. אָבער דער הויפּט־דאָקטער — אַ בכּבודיקער פּראָפעסאָר — האָט גע־ענטפערט:

— מען דאַרף פאַרשטיין די נאַטירלעכע געפילן און די אומפאַרמיידלעכע רעאַקציע פון די רוסישע מענטשן אויף די נידערטרעכטיקע מעשׂים פון דער יידישער באַנדע אין די ווייסע כאַלאַטן...

איך האָב זיך אומגעקערט פון מיין „קרענק” צו דער אַרבעט און מיינע חברים — יידן, האָבן מיר תיכּף אַ שעפּטשע געטאָן — גיי, לייען די נייע וואַנט־צייטונג וועלכע איז נעכטן דערשינען. און איך לייען אַ גרויסן אַרטיקל, אַ פולן מיט בי־טערן אַנטיסעמיטישן גיפט: „פאַר וואָס באַהאַלטן זיי זייערע אמתע נעמען?” געווען ביי אונדז אַן אינזשיניער סעמיאָן אַנטאָנאָוויטש באַראַבאַש. אַ ווילער מענטש, אַ נאַש־בראַטיקער, אַ וויצלער. אַלע האָבן אים ליב געהאַט. ווי אַזוי קומט צו אַ יידן דער נאָמען סעמיאָן אַנטאָנאָוויטש? אַזוי האָט ער זיך אָנגערופן און אַזוי האָבן אים אַלע גערופן. אָבער דער מחבר פון אַרטיקל אין דער וואַנט־צייטונג — די פאַרוואַלטערן פון דער צענטראַלער לאַבאָראַטאָריע, מיטגליד פון פּאַרטיי־ביוראָ — שרייבט מיט אויפרעגונג אין איר אַרטיקל: „וואָס פאַר אַ רעכט האָט דער ייד שמעון אַלטעראָוויטש אָנצורופן זיך מיט דעם רוסישן נאָמען סע־מיאָן אַנטאָנאָוויטש? צוליב וואָס איז אָט דעם יידן נויטיק צו צושמירן זיך צום גרויסן רוסישן פאָלק? צוליב וואָס באַהאַלטן זיי זייערע אמתע נעמען? כּדי גריג־גער צו קענען שעדיקן?...”

אַ סך יידן האָבן געהאַט אויף זיך דעם „חטא”. פּיניע האָט זיך גערופן פּאַ־וועל; חיים — יעפים; משה — מאַקסים אאַ”וו. מענטשן האָבן אין נאַאיוויטעט געטראַכט אַז דאָס וועט זיי העלפן אין לעבן און אין קאַריערע. אָבער ס׳איז גע־קומען די צייט ווען דאָס גרויסע רוסישע פאָלק האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגע־טרייסלט פון די „צוגעשמירטע”. דאָס גרויסע רוסישע פאָלק האָט ניט געוואָלט ליידן די חוצפּה פון די זשידלאַקעס, אַז די חיימס און פּיניעס זאָלן זיך באַנוצן מיט די בכּבודיקע רוסישע נעמען...

עס האָבן זיך געשלעפּט די טעג אָנגעפּילטע מיט ווייטיק פון דער הילפס־לאָזיקייט. יעדער טאָג האָט געבראַכט זײַנע באַזונדערע נײַעסן פון שטייגנדיקן אַנטיסעמיטישן אָנגריף. די צייטונגען זײַנען פול געווען מיט „אַנטדעקונגען" וועגן חיימאָוויטשעס, גאָלדבערגס, קאַפּלאַנס, ראַבינאָוויטשעס, וועלכע האָבן אויף אַ ניט ערלעכן אופן באַקומען זייערע דיפּלאָמען און וויסנשאַפטלעכע ראַנגען. אָדער וועלכע האָבן ספּעקולירט און געראַבעוועט סאָציאַליסטיש אייגנטום, צי גאָר גע־נומען כאַבאַר... עס האָבן זיך באַוויזן אַרטיקלען וועלכע האָבן „דעמאַסקירט" די פּיינטלעכע עלעמענטן, וועלכע האָבן געהאַט קאָנטאַקטן מיטן „בונד" און מיט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. מען האָט געוואָרפן מיט שאַרפקייט די אַלטע לאָזונג „וואַכזאַמקייט" — ציוניסטישע שפּיאָנען דרינגען אַרײַן אין אַלע שפּאַלטן און מען דאַרף זיי אומעטום זוכן און אַנטדעקן... אַזוי האָבן זיך געשלעפּט נעכט פון פּחד. דעם טאָג שטופּט מען אַדורך ווי ניט איז, אָבער די נאַכט לאָזט ניט רוען...

סוף פעברואַר 1953 בין איך געקומען קיין מאָסקווע אין אַן אַמט־קאָמאַנ־דיראָווקע. און איך האָב גלייך דערפילט אַז אין מאָסקווע איז די אַטמאָספער לאַין ערך אַ סך מער געשפּאַנט. אין די טראַמווייען, אויטאָבוסן, טראָלייבוסן, מעטראָ־וואַגאָנען, אין גאַס, אין די קראָמען, אומעטום שוועבט דאָס אַנטיסעמיטישע גע־שפּענסט. צווישן די יידן גייען אַרום קלאַנגען אַז ערגעץ ווייט, אין מזרח־סיביר, בויט מען אַ גרויסע באַראַקן־שטאָט אין וועלכער עס וועלן וווינען יידן. אַז גאָר אין גיכן וועט דורכגעפירט ווערן די אַקציע פון אַרויסשיקן די יידן — אַלע יידן פון דער גרויסער מדינה — אַהין קיין מזרח־סיביר אין דער באַראַקן־שטאָט. אַזוי ווי מען האָט אַרויסגעשיקט די קאַלמיקן און די קרימער טאַטאַרן, די באַל־קאַנצן און טשעטשענצעס; אַזוי ווי מען האָט אַרויסגעשיקט די „קולאַקעס" אין דער צייט פון קאָלעקטיוויזאַציע... די סאָוועטן האָבן דאָך אויף דעם געביט אַ גרויסע דערפאַרונג. זיי טוען עס אָפּ איינס־צוויי... נישט קיין וווּנדער וואָס יידן זײַנען אין יענע טעג געזעסן אויף פּעקלעך. עס זײַנען אַ חוץ דעם אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז גאָר אין גיכן, ממש אין געציילטע טעג אַרום, וועט זיך אָנהויבן אַ גרויסער, אָפענער משפּט איבער די „רוצחים אין די ווייסע כאַלאַטן", דאָס וועט נאָך מער אונטערהעצן די שוין אַזוי אויך אָנגעגליטע אַטמאָספער, כדי מען זאָל נאָך דעם אויספירן די גזירה פון אַרויסשיקן אַלע יידן. מען האָט אויך גערעדט, אַז חוץ דעם הויפּט־פּראָקוראָר פון ראַטן־פאַרבאַנד וועט אויף דעם משפּט אויך זײַן אַ געזעלשאַפטלעכער באַשולדיקער. די דאָזיקע ראָל וועט אויספירן דער באַוווּסטער סאָוועטישער שרייבער איליאַ ערענבורג. וועגן דעם האָט מען גערעדט אין פאַרשיידענע יידישע קרייזן.

איליאַ ערענבורג. אַזוי צו זאָגן, אַ ייד. און דער ספּעקטאַקל קען טאַקע זײַן זייער אַ געלונגענער. אַן אָנגעזעענער שרייבער, אַ קעמפער פאַר שלום, באַוווּס־

טער אין דער גאַנצער וועלט, געזעלשאַפטלעכער טוער — טרעט אַרויס אויף דעם משפט און מיט דעם גאַנצן פּאַטאָס פון סאָוועטישן פּאַטריאָטיזם טאַדלט ער דעם ציוניזם, אַלס אַגענטור פון אימפּעריאַליזם; טאַדלט די יידישע שפּיאָנישע באַנדע פון „דזשאָינט"; טאַדלט די נידערטרעכטיקע רוצחים אין די ווייסע כאַלאַטן — די יידישע דאָקטוירים־באַנדע און אין נאָמען פון אַלע סאָוועטישע מענטשן, אין נאָמען פון גערעכטיקייט, אין נאָמען פון הומאַניזם, פאָדערט ער טויט־שטראָף פאַר זיי...

ס'איז זייער שווער פעסטצושטעלן צי די קלאַנגען זיינען געווען באַרעכטיקט. ווער קען וויסן די סאָוועטישע טייוולאָנישע פּערפידיע? אָבער מען זאָגט דאָך: קול המון כּקול שדי!... עס האָבן זיך געטראָגן אַזעלכע עקשנותדיקע קלאַנגען. דאָס סאָוועטישע יידנטום האָט קיין מאָל ניט געפילט און ניט געזען אין איליאַ ערענבורג קיין ייד. און איליא ערענבורג אַליין האָט קיין מאָל ניט געפרווט דערמאָנען אַז ער שטאַמט פון יידן. איך געדענק אַז דאָס איינציקע מאָל ווען ער האָט עס יאָ געטאָן, איז געווען אין זיין רעדע אויף דעם ערשטן מיטינג פון דעם יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט. ער האָט דאַן אָנגעהויבן זיין רעדע מיט דער פראַזע „מיין מאַמען האָט מען גערופן חנה". עס האָט געקלונגען אַזוי מליציש־חניפותדיק. שלמה מיכאָעלס האָט אָנגעהויבן זיין רעדע מיט דעם יידישן, האַרץ־רייסנדיקן „שמע ישראל!..."

פאַרקערט! איליאַ ערענבורג, ווי אַ שרייבער און זשורנאַליסט איז געווען זייער גוט באַקאַנט ווי אַ טרייער דינער פון דעם סאָוועטישן רעזשים און מייסטערהאַפטער אויספירער פון אַלע זיינע „סאָציאַלע באַשטעלונגען" אין קאַמף מיטן ציוניזם, בורזשואַזן יידישן נאַציאָנאַליזם אד"גל. אין דעם שווערן יאָר 1948, נאָך דעם ווי מען האָט שוין געהאַט דערמאָרדעט שלמה מיכאָעלסן, און עס האָט שוין געבושעוועט אין לאַנד די אַנטיסעמיטישע כוואַליע, איז איליא ערענבורג אַרויסגעטראָטן מיט אַן אַרטיקל אין „פּראַוודאַ", אין וועלכן ער האָט אָפּגעלייקנט די עקזיסטענץ פון אַ יידיש פאָלק אין דער וועלט. ער האָט געשריבן, אַז עס איז ניטאָ קיין שום גייסטיקער צוזאַמענבונד צווישן אַ ייד פון טשיקאַגאָ און אַ ייד פון טוניס... ער האָט געטענהט אין דעם אַרטיקל, אַז די סאָוועטישע יידן טאָרן ניט קוקן אויף דעם נאָענטן מזרח, זיי דאַרפן קוקן אין צוקונפט, ד. ה. אין דעם סאָוועטישן היימלאַנד. ער האָט אַפילו געשריבן אַז די יידן פון מדינת ישראל באַפרייען זיך פון דער „ציוניסטישער מיסטיק" און אַלע זייערע האָפענונגען בינדן זיי צונויף מיט דעם ראַטן־פאַרבאַנד... דער אַרטיקל איז דערשינען אין „פּראַוודאַ" דעם 21סטן סעפּטעמבער פון יאָר 1948. אין צוויי חדשים אַרום — אין סוף נאָוועמבער — האָט מען צעשמעטערט דעם יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט, פאַרמאַכט די איינציקע יידישע צייטונג „אייניקייט" און אַרעסטירט אַלע מיטגלידער פון דעם יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט און די אָנגעזעענסטע

יידישע שרייבער און קולטור־טוער. דער איינציקער מיטגליד פון דעם יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט וועלכער איז ניט אַרעסטירט געוואָרן איז געווען איליא ערענבורג...

שוין דאָ, אין ארץ־ישׂראל, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַ מאַטעריאַל, וועלכער כאַראַקטעריזירט זייער קלאָר און בולט איליאַ ערענבורגן. אין דעם זשורנאַל „די גאָלדענע קייט״ נומער 25, יאָר 1956, האָב איך געלייענט אַן אַר־טיקל פון בערנאַרד טורנער, „מיין באַגעגעניש מיט דוד בערגעלסאָן און איציק פעפער אין סאָוועטישן אַרבעט־לאַגער בראַטסק״. דער מחבר פון אַרטיקל האָט זיך באַגעגנט מיט דעם באַוווּסטן יידיש־סאָוועטישן שרייבער דוד בערגעלסאָן און יידיש־סאָוועטישן דיכטער איציק פעפער אין מערץ 1949. בערגעלסאָן און פעפער האָבן דערציילט דעם מחבר וועגן דער אַקציע פון ליקווידירן דעם יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט און וועגן די אַרעסטן פון די יידישע שרייבערס און קולטור־טוער אין סוף יאָר 1948. זיי האָבן דערציילט אַז „דער הויפּט־עדות קעגן די אַרעסטירטע, וועלכע מען האָט באַשולדיקט אין יידישן נאַציאָנאַליזם און ציוי־ניזם איז געווען איליא ערענבורג. ער האָט אויך אַ האַנט אין די אַרעסטן פון אַ סך אַנדערע יידן, בתוכם זיינע מקורבים. אַפילו לאָזאָווסקין, זיין נאָענטסטן פריינד, האָט ער איבערגעגעבן אין די הענט פון נקוו״ד...״ און ווייטער שרייבט דער מחבר: „אַז איך האָב זיך געזעגנט מיט בערגעלסאָנען און פעפערן און זיי איבערגעגעבן וועגן מיינע פלענער אַרויסצוראַטעווען זיך פון דעם גיהנום, האָבן זיי געהאַט צו מיר די פאָלגנדיקע בקשה: אויב איר וועט זיך ווען ניט איז טרעפן מיט איליא ערענבורג, בעט אים אין אונדזער נאָמען אַרויפלייגן בלומען אויף די אומבאַקאַנטע קברים פון די אומשולדיק דערמאָרדעטע, וואָס ער האָט אַ היפּשן חלק אין זייער מאַרטירער־טויט״. און דער מחבר פאַרענדיקט זיינע זכרונות „זעקס יאָר שפּעטער, אין אָקטאָבער 1955, האָב איך געהאַט די געלע־גנהייט — און די סאַטיספאַקציע — צו דערפילן דעם לעצטן ווונטש פון בער־געלסאָן און פעפער. דאָס איז געווען אויפן ווינער אַעראָדראָם. אין בייזיין פונעם פאָרזיצער פון סאָוועטישן שרייבער־פאַריין, ניקאָליי טיכאָנאָוו, האָב איך ווערטלעך איבערגעגעבן ערענבורגן די לעצטע בקשה פון זיינע פּען־חברים, בערגעלסאָן און פעפער. ערענבורג איז געוואָרן ווייס ווי קאַלך. די ליפּן האָבן אים אָנגעהויבן ציטערן און פון מויל האָט אַרויסגעשלאָגן אַ שוים. אַ פאַרלאָרענער האָט ער אָנגעהויבן זיך אָפּרוקן און איז גיך אַוועק פון מיר״.

איז דאָך, מסתּמא, דאָס גלייכוואָרט „קול העם כּקול שדי״, דאָס מאָל, געווען באַרעכטיקט. די עקשנותדיקע קלאַנגען, וועגן דער פאַרשטייענדיקער ראָל פון איליא ערענבורג אין דעם פּראָצעס איבער די „רוצחים אין די ווייסע כאַלאַטן״, האָבן, ווי עס ווייזט אויס, געהאַט אַ באָדן.

די שפּאַנונג איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. יידן האָבן הילפלאָז געוואַרט אויף אַן אויסברוך. דאָס אומגליק האָט זיך פּלוצלינג אַריינגעריסן אין אונדזער משפחה. עס איז טראַגיש אומגעקומען מיין פּלימעניצע מיליע. דאָס איז געשען ניט אין יאָר 1903 אין קישעניעוו. ניין! דאָס איז געשען מיט 50 יאָר שפּעטער — אין יאָר 1953 — אין מאָסקווע. דאָס האָט געטראָפן ניט אין רעזולטאַט פון דער יידנהעצערישער אַגיטאַציע אין דער פּראָווינציעלער קישעניעווער צייטונג „בעסאַראַבעץ", מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט דער שוואַרצער מאהניק קרו־שעוואַן. ניין! דאָס האָט געטראָפן אין רעזולטאַט פון דער יידן־העצערישער אַגי־טאַציע אין דער צייטונג „פּראַוודאַ", מיט וועלכער עס פירט אָן די פּאָליט־ביוראָ פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

מיין פּלימעניצע מיליע, אַ 23 יאָריק מיידל, האָט געוווינט אין מאָסקווע. איר טאַטע (מיין ברודער נח) איז אין יאָר 1937 אַכזריותדיק פּאַרפּייניקט געוואָרן דורך דער מאָסקווער נקוו"ד אין זייער באַוווסטן לוביאַנקער קעלער. איר מאַמע איז געשטאָרבן נאָך דער מלחמה. זיינען פּאַרבליבן צוויי קינדער־יתומים — מיליע און יוסף. דער קלענערער יוסף האָט, נאָך דער מלחמה, עטלעכע יאָר גע־לעבט ביי מיר, און דערנאָך — ביי מיין עלטערן ברודער הערשל. אין דעם טרויעריק־באַוווסטן 1953סטן יאָר איז ער געווען אין מאָליעוו און שוין גע־דאַרפט ענדיקן אַ טעכניקום. מיליע האָט געאַרבעט אויף דעם מאָסקווער זייגער זאַוואָד און געלעבט אין אַ צוזאַמענוווינונג ביים זאַוואָד. זי איז געווען אַן אַקטיווע קאָמסאָמאָלקע און דאָס לעצטע יאָר איז זי אַפילו געווען די סעקרעטאַרין פון דער קאָמסאָמאָלישער אָרגאַניזאַציע פון צעך אין וועלכן זי האָט געאַרבעט.

דעם 24סטן פעברואַר, אין אָוונט, בין איך געווען ביי מיליען אין דער צוזאַ־מענוווינונג. מיר האָבן באַשטימט, אַז מאָרגן, זונטיק, דעם 25סטן פעברואַר, וועט זי קומען צום פעטער פיניע (מיין יינגערער ברודער וועלכער האָט געלעבט אין מאָסקווע) און מיר וועלן אַלע זיין עטלעכע שעה אין איינעם. זי איז ניט געקומען. עפּעס אַ מאָדנע געפיל האָבן מיר געהאַט, סיי איך און סיי מיין ברודער פיניע. שפּעט אין אָוונט האָבן מיר טעלעפאָנירט אין מיליעס צוזאמענוווינונג. מען האָט געענטפערט אַז מיליע איז ניטאָ. דעם זעלבן ענטפער האָבן מיר באַקומען אויך ביי טאָג דעם 26סטן. אין אָוונט, דעם 26סטן, האָב איך מיט מיין ברודער באַ־זוכט די צוזאַמענוווינונג. מיליע איז דאָרט ניט געווען פון זונטיק, דעם 25סטן אָן. מען האָט אונדז דערציילט אַז 10 אין דער פרי איז זי אַוועק מיט איר צימער־חברטע און ניט אומגעקערט זיך. ווו איז די חברטע? די חברטע איז ניט געזונט און ליגט אין איר צימער. וואָס טוט זיך? מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז ס'איז געשען אַן אומגליק.

מיליעס חברטע, אַ רוסיש מיידל, איז געווען אין אַ צושטאַנד פון היסטעריע. מיר האָבן אַ צייט ניט געקענט זיך ביי איר דערשלאָגן צו קיין קלאָרן ענטפער.

דערנאָך האָט זי אונדז געזאָגט, אַז מיליע איז נעכטן אומגעקומען אין אַ טראַמ־וואַי־קאַטאַסטראָפע. ווען? ווו? ביי וועלכע באַדינגונגען? ווי אַזוי איז דאָס גע־שען? דאָס מיידל האָט היסטעריש געוויינט, געוואָרפן זיך אין קאַנוווּלסיעס און אַ לאַנגע צייט געשוויגן. און דערנאָך האָט זי דערציילט.

— אַרום עלף אַ זייגער אין דער פרי, זונטיק, דעם 25סטן פעברואַר, איז זי מיט מיליען געפאָרן אין טראַמוואַי. דער טראַמוואַי איז געווען איבערגעפולט מיט מענטשן. אויף איין סטאַנציע איז אַריין אין טראַמוואַי אַן אַלטע יידישע פרוי. זי איז קוים געשטאַנען אויף די פיס. קיינער האָט ניט אָפּגעטראָטן דער אַלטעטשקער קיין אָרט צו זיצן. מיליע וועלכע איז געשטאַנען ניט ווייט פון דער אַלטער, האָט זיך געווענדט צו אַ יונגן בחור וועלכער איז געזעסן און אים גע־בעטן אַז ער זאָל אָפּגעבן זיין אָרט דער אַלטער פרוי וועלכער איז שווער צו שטיין אויף די פיס. דער בחור האָט הויך אויסגעשריגן אַז די אַלטע זשידאָווקע דאַרף דאַנקען וואָס מען לאָזט זי פאָרן אין טראַמוואַי שטייענדיק. מיליע האָט אָנגעהויבן לייענען דעם בחור קאָמסאָמאָלישן מוסר. ס'איז געוואָרן אַ קריגעריי צווישן דעם בחור מיט מיליען. אין טראַמוואַי־וואַגאָן איז געוואָרן אַ טומל. מ'האָט אָנגעהויבן הערן פון אַלע זייטן אַנטיסעמיטישע אויסרופן. מיט איר גאַנצן יונגן טעמפּעראַמענט האָט מיליע געטענהט אַז זי וועט גיין אין שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט, זי וועט גיין צום פּראָקוראָר. זי האָט געפאָדערט דעם נאָמען פון בחור... דער עולם איז געשטאַנען אויף דער זייט פון בחור און האָט אָנגעהויבן אויף מיליען שפּייען. דערנאָך איז דערגאַנגען צו קלעפּ. פּאַרטיידיקנדיק זיך האָט מיליע, מסתּמא, מיט די נעגל פון די הענט, אַ צאַראַפּע געטאָן דעם בחור אין פּנים. דער טומל איז געוואָרן גרעסער. אַ זשידאָווקע פּאַלט אָן אויף אַ רוסישן בחור. און אין טומל און רעש האָט מען מיליען אַרויסגעשטויסן פון פאָרנדיקן וואַגאָן...

מען האָט צונויפגעשטעלט אַן אַקט אַז עס האָט געטראָפן אַן אומגליק־צופאַל. מיליעס חברטע האָט אויך אונטערגעשריבן דעם דאָקומענט. מיליען האָט מען אָפּגעפירט אין אַ שפּיטאָל און דאָרט איז זי געשטאָרבן...

מיליעס חברטע האָט זיך ווידער פונאַנדערגעוויינט און געבעטן זיך ביי אונדז אַז מיר זאָלן וועגן דעם ניט רעדן. אָפיציעל איז פאַרשריבן אַז ס'איז געווען אַן אומגליק־צופאַל. מען האָט זי עטלעכע מאָל געוואָרנט אַז זי זאָל געדענקען אַז ס'איז געווען אַן אומגליק־צופאַל — מיליע איז געגאַנגען אין גאַס און אַרונ־טערגעפאַלן אונטער די טראַמוואַי־רעדער...

מיר האָבן זיך ניט דערוווּסט ווו איז מיליע געבראַכט געוואָרן צו קבורה. דער שפּיטאָל האָט געזאָגט, אַז זיי ווייסן ניט. דעם קערפּער האָבן צוגענומען מיליציאָנערן. די שטאָט איז גרויס — צענדליקער מיליציי־באַצירקן. קיינער ווייסט ניט...

דעם 5טן מערץ 1953 האָט זיך געענדיקט סטאַלינס ממשלה. די ידיעה וועגן זיין טויט איז געקומען מיט אַזאַ פּלוצימדיקייט, אַז אין דער ערשטער רגע איז שווער געווען צו פאַרשטיין דעם באַדייט פון דער געשעעניש. אין דער אויסגע־מושטרירטער טאָטאַליטאַרער מדינה אין וועלכער אַלץ ווערט געטאָן לויט אַ פּלאַן, לויט אַ דירעקטיוו פון דער פּאַרטיי, לויט אַ דירעקטיוו פון חבר סטאַלין אַליין; אין דער מדינה, אין וועלכער די באָלשעוויסטישע וואַכזאַמקייט איז דער הייליקער פּרינציפּ פון סאָוועטישן פאָלק און ווערט אָפּגעהיט דורך די סלאַוונע טשעקיסטן; אין אָט דער מדינה האָט דער מלאך המוות באַוויזן זיין כּח און האָט אַראָפּגעלאָזט זיין האַק אויף דעם האַלדז פון גאָט אַליין...

איך האָב דערהערט די בשׂורה זיצנדיק אין דער באַן מאָסקווע—דאָנבאַס מיט וועלכער איך האָב זיך אומגעקערט אַהיים פון מיין אַמט־נסיעה. מיט מיר אין איינעם אין וואַגאָן־קופּע זיינען געווען נאָך דריי פּאַסאַזשירן — דאָקטוירים וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון אַ וויסנשאַפטלעכער קאָנפערענץ — צוויי אוק־ראַינער און איין ייד. פּלוצלינג האָט דער ראַדיאָ איבערגעגעבן די קורצע ידיעה און נאָך דער ידיעה — דער טרויער מאַרש פון שאָפּען. מען איז דערשטוינט געוואָרן און אַ שאַק האָט אַלעמען פּריטשמעלעט. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט איין דאָקטער אַרויסגעשלעפּט פון זיין טשעמאָדאַנטשיק אַ פלעשל בראָנפן, אָנגע־גאָסן פיר גלעזער וועלכע זיינען דאָרט געשטאַנען ליידיקע נאָכן אויסטרינקען דעם טיי, און געזאָגט:

— לויט דער טראַדיציע טרינקט מען בראָנפן סיי ביי אַ שׂמחה און סיי ביי אַ צרה. איז לאָמיר זשע אויסטרינקען די גלעזער סטאָליטשנאַיאַ וואָדקאַ...

מיר האָבן שטילערהייט, ניט אויסרעדנדיק קיין איין וואָרט, אויסגעטרונקען. אין אַ קורצער צייט אַרום — האָט אַ דראַמאַטיש קול ווידער איבערגעגעבן די קורצע ידיעה וואָס האָט אויפגעטרייסלט דאָס לאַנד...

— מיר וועלן ענדיקן דאָס פלעשל — זאָגט דער דאָקטער. און מען האָט ווידער אויסגעטרונקען. יעדער מיט זיין מחשבה. און אפשר האָבן אַלע 4 פּאַסאַ־זשירן געטראַכט איינס און דאָס זעלבע? מען האָט אָבער ניט גערעדט וועגן דער געשעעניש קיין איין וואָרט. אין עטלעכע שעה אַרום זיינען מיר אָנגעקומען צו אונדזער סטאַנציע און זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

איך האָב ניט געזען קיין צער אויף די פּנימער פון די דאָקטוירים, איך האָב אויך ניט געזען קיין שׂמחה. אויף זייערע פּנימער איז געווען אַ מאַסקע. גיכער ווי אַלץ האָט זיך אַלעמען געשטעלט די פראַגע: וואָס ווייטער?...

דאָס לאַנד איז באַהערשט געוואָרן פון אַ גוואַלדיקער היסטעריע. די מאַסן זיינען אַריינגעפאַלן אין אַ צושטאַנד פון קרענקלעכער דעפּרעסיע וואָס האָט זיך

אויסגעדריקט אין פאַרשיידענע פאָרמען. אין אַ סך שולן האָבן די לערער גע־צוווּנגען די תּלמידים צו שטעלן זיך אויף די קני און אַליין אויך שטייענדיק אויף די קני האָבן זיי מיט טרערן געלייענט די מעלדונג וועגן דעם טויט פון גאָט. אויף די אומצאָליקע טרויער־פאַרזאַמלונגען פלעגן זיין אומצאָליקע פאַלן פון היסטערישע געוויינען, אויסגעשרייען און אַפילו חלשות...

האָט עס אויסגעדריקט די אמתע געפילן פון די מאַסן? איך צווייפל. די סאָוועטישע מענטשן האָבן דאָך אַ לאַנגיאָריקן ביטערן ניסיון: אויב ניט אויפ־שטיין און ניט אַפּלאָדירן ווען מען דערמאָנט דעם נאָמען סטאַלין האָט זיך קוואַ־ליפיצירט ווי אַנטיסאָוועטישע טעטיקייט און מען איז דערפאַר באַשטראָפט גע־וואָרן מיט דריי אָדער פינף יאָר לאַגער, איז דאָך דאָס ניט וויינען און דאָס ניט קלאָגן אויף סטאַלינס טויט — על אחת כמה וכמה... דאַרף מען וויינען. און אויב וויינען — איז וואָס שטאַרקער אַלץ בעסער...

עס איז דורכגעגאַנגען די גראַנדיעזע לוויה אין מאָסקווע בעת וועלכער עס זיינען געווען טויזנטער קרבנות — דערשטיקטע און צעטראָטענע אין דעם גוואַל־דיקן מאַסן־געדרענג אויף די מאָסקווער גאַסן. דער טאָג פון קרוינען דעם צאַר ניקאָלאַי דעם צווייטן אויף דעם גרויסן פלאַץ כאָדינקע, איז געווען אַ קינדער־שפּיל אין פאַרגלייך מיט דעם טאָג פון באַגלייטן צו זיין רו דעם סאָוועטישן צאַר...

אין אַלע שטעט, שטעטלעך, דערפער און ישובים פון דער גרויסער מדינה זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן סימבאָלישע לוויות — מאַסן־צוגן צו אַ באַשטימטן פלאַץ וווּ עס איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַ ריזיק סטאַלין־בילד. מען האָט גע־לייגט בלומען־קראַנצן צו פוסנס פון בילד און מען האָט געקניט דערפאַר ווי פאַר אַן איקאָנע. אָפּגערעדט שוין פון די הייסע הספדים און הייליקע שבועות.

סטאַלין איז געשטאָרבן. די זון האָט זיך פאַרלאָשן. ווען די זון האָט געשיינט איז געווען חושך מצריים. וואָס וועט זיין איצט?

וואָס וועט זיין? די פראַגע האָט ניט געלאָזט רוען און געעקבערט דעם מוח פון די סאָוועטישע יידן. דער אמת איז אַז די שפּאַנונג און פחד וועלכע האָבן געהערשט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָקטוירים־בלבול, זיינען עטוואָס אָפּגע־שוואַכט געוואָרן. אין די צייטונגען, ראַדיאָ און אַלע איבעריקע קאָמוניקאַציע־מיטלען זיינען נאָך סטאַלינס טויט די „רוצחים אין די ווייסע כאַלאַטן" און דער „רעאַקציאָנערער ציוניסטישער אַגענטור פון אימפּעריאַליזם" שוין כמעט ניט דערמאָנט געוואָרן. יידן האָבן געזען אַ גוטן סימן שוין אַפילו אין דעם וואָס מען האָט זיי ניט באַשולדיקט אין דעם טויט פון אַלמעכטיקן הערשער. קען מען זיך פאָרשטעלן וואָס עס וואָלט געווען ווען די שולד פאַר דעם טויט פון סטאַלינען, ווערט אַרויפגעוואָרפן אויף יידן? עס וואָלט געווען טויזנט מאָל ערגער ווי די שולד אין קרייציקן יעזוסן.

און פּלוצלינג, דעם 4טן אַפּריל 1953, ד. ה. אין אַ חודש נאָך סטאַלינס טויט,

איז דערשינען אַ פּרעצעדענצלאָזע, אין די באַדינגונגען פון ראַטן־פאַרבאַנד, אָפּי־ציעלע דערקלערונג, אַז דאָס מיניסטעריום פאַר אינערלעכע ענינים האָט דורכ־געפירט אַ שטרענגע און פּינקטלעכע אויספאָרשונג פון אַלע מאַטעריאַלן וועלכע באַשולדיקן די גרופּע דאָקטוירים אין שעדיקעריי, שפּיאָנאַזש און טעראָריסטישע אַקטן לגבי פירער פון דער סאָוועטישער מדינה און האָט פעסטגעשטעלט אַז די באַשולדיקונגען זיינען ניט קיין באַגרינדעטע און אַז עס זיינען באַנוצט געוואָרן ניט קיין געזעצלעכע און ניט קיין דערלאָזבאַרע מיטלען ביי דער אויספאָרשונג. אַלע באַשולדיקטע זיינען רעהאַביליטירט און באַפרייט... אַלע וואָס זיינען שולדיק אין דער ניט ריכטיקער אויספירונג פון דער אויספאָרשונג זיינען צוגעצויגן צו קרימינעלער פאַראַנטוואָרטלעכקייט...

פאַרשטייט זיך אַז צוזאַמען מיטן קאָמוניקאַט זיינען געדרוקט געוואָרן לייט־אַרטיקלען אין „פּראַוודאַ", „איזוועסטיאַ" און אַלע איבעריקע צענטראַלע צייטונגען וואָס אין זיי האָט מען דעמאַסקירט די „פיינט פון פאָלק" — די גאַנצע אָנפירער־שאַפט פון מ. ג. ב. (אַזוי האָט זיך דאַן גענומען רופן די פריִערדיקע נקוו"ד — וועלכע האָט מיט דעם פאַבריצירטן אויספאָרשונג־מאַטעריאַל קעגן דער גרופּע דאָקטוירים געפּרוווט פונאַנדערפלאַקערן אין דער סאָוועטישער געזעלשאַפט געפילן פון נאַציאָנאַלער פיינטשאַפט, פרעמדע דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע. אין זייערע פּראָוואָקאַציעס האָבן די דאָזיקע אַרעסטירטע זיך ניט אָפּגעשטעלט צו באַשמוצן ערלעכע סאָוועטישע מענטשן ווי, למשל, דעם ערלעכן געזעלשאַפט־לעכן טוער, דעם פאָלקס־אַרטיסט פון ראַטן־פאַרבאַנד מיכאָעלס...

די גזרה איז בטל געוואָרן. די יידנהעצערישע ווינטן האָבן אויפגעהערט צו וואָיען. די אַנטיסעמיטישע כוואַליעס האָבן אויפגעהערט צו בושעווען. יידן האָבן אָנגעהויבן פרייער אָטעמען. מען האָט אָנגעהויבן שלאָפן רויִקער. דאָס ערשטע ספּאָנטאַנע געפיל איז געווען — פרייד. יידן האָבן זיך באַגעגנט און געקושט. מען האָט זיך צוזאַמענגעקליבן ביי אַ גלעזל משקה. איך בין געווען אין אַן ענגן קרייז פון פריינד און מיר האָבן הייס דיסקוטירט. די טעמע פון דער דיסקוסיע איז געווען: צי באַדייט דאָס שוין דער סוף פון אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד? מישט זיך אַריין דער טאַטע פון מיין פריינד — אַן אַלטער ייד פון אַ יאָר 75 — און זאָגט: הערט אויף, קינדער, צו היצן זיך. קודם כל דאַרף מען בענטשן גומל. מיר זיינען דאָך אַרויס פון אַ גרויסער סכנה...

דאָס סאָוועטישע יידנטום איז טאַקע אַרויס פון אַ גרויסער סכנה. אָבער די דיסקוסיע צי ס'איז שוין אָנגעקומען דער סוף פון אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד איז געווען אַ רעלעוואַנטע. פאַר זייער אַ סך יידן איז געווען קלאָר אַז די דראַמאַ־טישע מעלדונג פון מיניסטעריום פאַר אינערלעכע ענינים פון ראַטן־פאַרבאַנד וועגן דער רעהאַביליטאַציע פון דער גרופּע דאָקטוירים און דער גאַנצער פּראָ־פּאַגאַנדע־טומל וועגן אָפּהיטן די סאָוועטישע געזעצלעכקייט האָט ניט באַדייט קיין

וועגד־פונקט אין דער פּאָליטיק לגבי יידן אין לאַנד, האָט ניט באַדייט קיין סוף פון אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק וועלכע איז געווען אַ וויכטיקער עלעמענט אין דעם פּראָגראַם און אין דער טאַקטיק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און דער סאָ־וועטישער רעגירונג.

עס איז געווען גענוג דורכצולייענען די רעגירונג־מעלדונג פון 4טן אַפּריל 1953, כדי זיך צו איבערצייגן אַז די רעהאַביליטאַציע פון דער דאָקטוירים גרופּע האָט בלויז באַדייט אַז מען באַפרייט אַ גרופּע מענטשן וועלכע זיינען ניט שולדיק אין די פאַרברעכנס וועלכע זיינען קעגן זיי אינקרימינירט געוואָרן. עס האָט באַדייט אַז די סאָוועטישע רעגירונג היט כאילו אָפּ די געזעצלעכקייט און קעמפט קאַטעגאָריש מיט יענע אַוואַנטוריסטן וועלכע האָבן זיך אַריינגעריבן אין סאָווע־טישן אַפּאַראַט און היטן ניט אָפּ די סאָוועטישע געזעצן. די מעלדונג האָט אָבער קיין איין וואָרט ניט געזאָגט אַז מען ציט צוריק די באַשולדיקונגען קעגן דזשאָינט, קעגן ציוניזם, קעגן מדינת ישׂראל, קעגן יידישן פאָלק. מען האָט ניט געזאָגט קיין איין וואָרט אַז ס׳איז געווען אַן אַנטי־יידישע אַקציע און אַז די רעגירונג וועט אין דער צוקונפט ניט דערלאָזן אַזעלכע אַקציעס.

ס׳איז געווען גענוג אויפמערקזאַם דורכצולייענען די לייט־אַרטיקלען אין „פּראַוודאַ״ וועלכע שפּיגלען אָפּ קלאָר און בולט די פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי כדי זיך צו איבערצייגן, אַז די פּאַרטיי האָט געטאַדלט די פונאַנדערפלאַקע־רונג פון נאַציאָנאַלער פיינטשאַפט אין דער סאָוועטישער געזעלשאַפט. אָבער די „פּראַוודאַ״ האָט קלאָר און דייטלעך אויסגעמיטן צו אונטערשטרייכן וועגן דער ניט דערלאָזבאַרקייט פון אַנטיסעמיטיזם און אַפילו מיט קיין איין רמז ניט גע־טאַדלט דעם אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד. שוין ניט רעדנדיק וועגן וועלכן ניט איז רמז פון צוריקציִען די באַשולדיקונגען קעגן אַלוועלטלעכן ציוניזם, אאַ״וו.

אָבער, ווי געזאָגט, דאָס אָפּענע בושעווען פון אַנטיסעמיטיזם, די יידנהעצע־רישע אַגיטאַציע האָט דערווייל אויפגעהערט. די סאָוועטישע הערשער זיינען געווען פאַרנומען מיט אַ נייעם, זייער אַקטועלן ענין — מיטן פאַרביסענעם קאַמף צווישן זיך וועגן דער ירושה. ווי נאָר מען האָט אַריינגעלייגט דעם אומשטערב־לעכן סטאַלינען נעבן דעם אומשטערבלעכן לענינען אין מאַוזאָליי אויפן רויטן פּלאַץ אין מאָסקווע, האָט זיך אָנגעהויבן דער פאַרביסענער קאַמף. דער ערשטער קרבן איז געפאַלן בעריאַ — דער פירער פון קדשי־קדשים אין דער מדינה — דער מיניסטער פון מ. ג. ב. זיינע חברים פון פּאָליטביוראָ האָבן אים געשאָסן ווי אַ ווילדן הונט. דאָס איז געשען אויף אַ זיצונג אין קרעמל — אין זייער „בית המקדש״...

סוף־כל־סוף האָט אַלעמען איבערגעכיטרעוועט, פאַרכאַפּט די מאַכט און געוואָרן דער אַבסאָלוטער הערשער אין לאַנד — ניקיטאַ כרושטשאָוו. אין פעב־רואַר פון יאָר 1956 האָט דאָס גאַנצע לאַנד און טיילווייז אויך אויסלאַנד — אויפ־

געציטערט געוואָרן פון דער רעדע פון כרושטשאָוון אויף דעם צוואַנציקסטן צו־זאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ראַטן־פאַרבאַנד. אין דער דאָזי־קער רעדע האָט ער, ווי באַוווּסט, אויפגעדעקט די בלוטיקע פאַרברעכנס פון סטאַלינען און אויפגעהויבן די פאָן פון דעסטאַליניזאַציע, די פאָן פון קאַמף מיט דעם אַזוי גערופענעם פּערזאָנען־קולט. אַ סך מענטשן אין ראַטן־פאַרבאַנד און אין אויסלאַנד האָבן געטראַכט אַז עס איז טאַקע אָנגעקומען אַ נייע תקופה אין לעבן פון דער סאָוועטישער געזעלשאַפט. די מענטשן האָבן אָבער זיך ניט דער־וועגט צו שטעלן די פראַגעס:

— איז דען כרושטשאָוו אַליין ניט געווען קיין אַקטיווער שותף צו די אַלע בלוטיקע פאַרברעכנס וועלכע ער האָט פּלוצלינג אויפגעדעקט?

— פאַר וואָס האָט כרושטשאָוו זייער גיך מצליח געווען צו שאַפן אַרום זיך אַ פּערזאָנען־קולט, ניט קיין קלענערן ווי אַרום סטאַלינען?

— און אפשר איז דער אַזוי גערופענער פּערזאָנען־קולט אַן אומפאַרמייד־לעכער רעזולטאַט פון דעם מהות פון סאָוועטישן רעזשים?

כמעט 10 יאָר האָט ניקיטאַ כרושטשאָוו געהערשט. אַז אַך און וויי איז צו דער גרויסער רוסלאַנד אויב ניקיטאַ כרושטשאָוו האָט געקענט זיין איר פירער און הערשער. דער גרויסער פּראָפּאַגאַנדיסטישער טומל אַרום דער פראַגע פון דעמאַסקירן דעם אַזוי גערופענעם סטאַלין־קולט און פון ליקווידירן די „רעשט־לעך" פון דעם קולט מיט וועלכן כרושטשאָוו האָט אָנגעהויבן זיין הערשאַפט אין לאַנד, איז געווען אַ געלונגענער, דורכגעטראַכטער טאַקטישער מאַנעוור זיינער. די ערשטע צייט איז דאָס אים זייער און זייער צו נוץ געקומען. עס האָט אויסגעזען אַז כרושטשאָוו איז טאַקע דער גרויסער מענטש, דער גרויסער דעמאָקראַט, דער גרויסער פירער, וועלכער האָט אויסגעלייזט דאָס סאָוועטישע פאָלק פון דעם סטאַ־לין־יאָך. הונדערטער טויזנטער מענטשן זיינען רעהאַביליטירט געוואָרן, זייער אַ סך פון זיי נאָכן טויט און זייער אַ סך האָבן „זוכה" געווען שטאַרבן ווי רעהאַ־ביליטירטע ווייל זיי זיינען באַפרייט געוואָרן פון די לאַגערן אין אַ מצב פון גסיסה. אַ סך מענטשן האָבן געגלויבט אַז כרושטשאָוו האָט אומגעקערט דאָס לאַנד צום אמתן סאָציאַליזם וועלכער איז פאַרקריפּלט געוואָרן דורך סטאַלינען. כרושטשאָוו האָט, אַזוי צו זאָגן, מטהר געווען דעם סאָציאַליזם...

רעהאַביליטאַציע!... גאָט מיינער, מיט וויפל צביעות עס איז אָנגעפילט דער דאָזיקער „הומאַניסטישער" באַגריף. און מיט וויפל טיפן מענטשלעכן ווייטיק איז ער פול. אויך אונדזער משפחה האָט „זוכה" געווען צו דעם כרושטשאָוויסטישן אַקט. איך האָב שוין עטלעכע מאָל דערמאָנט וועגן דעם אַכזריותדיקן טויט פון מיין ברודער נח. איך מוז זיך איבערחזרן, מיין ברודער נח — אַן אַקטיווער מיט־גליד פון דער מאָסקווער אָרגאַניזאַציע החלוץ — איז אַרעסטירט געוואָרן אין יאָר 1937. ער איז „בעלם" געוואָרן. זיין ווייב האָט געוווּסט, אַז ער איז אין דעם

באַוווּסטן קעלער פון מאָסקווער נקוו״ד — לוביאַנקע. אין משך פון 1½ חדשים האָט זי עס געוווּסט. מען האָט איר געזאָגט אַז אַ פּעקל שפּייז וועט זי קענען איבערגעבן דעם מאַן און אפשר באַקומען אַ זעאונג מיט אים נאָר בלויז ווען עס וועט זיך ענדיקן די אויספאָרשונג. דערנאָך האָט מען איר געמאָלדן אַז איר מאַן איז שוין אין לוביאַנקע ניטאָ. ווו איז ער? זיי ווייסן ניט. אויף דעם דאַרף געבן אַן ענטפער דער גולאַג (די הויפּט פאַרוואַלטונג פון די לאַגערן אין ראַטן־פאַרבאַנד). עס זיינען געגאַנגען חדשים און יאָרן, זי האָט געפרעגט און קיין ענט־פער ניט באַקומען. זי האָט אָפּגעשלאָגן די שוועלן פון אַלע מעגלעכע מאַכט־אָרגאַנען און קיין ענטפער ניט געקראָגן. ס׳איז געווען קלאָר אַז נח איז אומגע־קומען אין דער צייט פון דער אויספאָרשונג אויף לוביאַנקע. אָבער ווער וויל גלויבן אין אַזאַ שוידערלעכער זאַך? נאָך דער מלחמה איז מיין ברודערס ווייב געשטאָרבן. און סוף פעברואר 1953סטן יאָר איז מיין ברודערס טאָכטער טראַ־גיש אומגעקומען. און ס׳איז פאַרבליבן אַ זון — יוסף. יאָסיק קען ניט דעם טאַטן. ווען מען האָט אַרעסטירט דעם טאַטן איז ער געווען אַלט 2 יאָר. ער האָט געוווּסט אַז זיין טאַטן, זיין יונגן טאַטן, וועלכער איז געווען אַלט בלויז 34 יאָר, האָט מען אַרעסטירט און ער איז ניטאָ.

ווען מען האָט אָנגעהויבן טרומייטערן אין לאַנד וועגן דער גרויסער הומאַ־ניסטישער אַקציע פון כרושטשאָוון — וועגן דער רעהאַביליטאַציע — האָב איך געזאָגט יאָסיקן אַז מען דאַרף אָנשרייבן אין מ. ג. ב. און אין סעקרעטאַריאַט פון כרושטשאָוון און זיך דערוויסן וועגן דעם גורל פון טאַטן. לאָמיר כאָטש וויסן גענוי די דאַטע פון זיין יאָרצייט. יאָסיק האָט אָפּגעשיקט אַזאַ בריוו. עס זיינען דורך אַרום 5 חדשים און ער האָט באַקומען אַן ענטפער: דער בירגער ראַזין נח איאָסיפאָוויטש איז געוואָרן אַרעסטירט דעם 12טן אָקטאָבער 1937 אונטער דער באַשולדיקונג פון אָנגעהעריקייט צו אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע. די אויספאָרשונג האָט זיך ניט פאַרענדיקט. דער באַשולדיקטער ראַזין איז, אין רעזולטאַט פון ניט געזעצלעכע מעטאָדן פון אויספאָרשונג, געשטאָרבן דעם 6טן נאָוועמבער 1937. די קאָמיסיע פאַר רעהאַביליטאַציע ביי דעם מ. ג. ב. האָט באַ־טראַכט די מאַטעריאַלן פון דער ניט פאַרענדיקטער אויספאָרשונג און באַשטימט אַז די באַשולדיקונג פון דעם בירגער ראַזין אין געהערן צו אַ קאָנטער־רעוואָלו־ציאָנערער אָרגאַניזאַציע איז ניט דערוויזן געוואָרן. דעריבער ווערט דער בירגער ראַזין רעהאַביליטירט. לויט דעם געזעץ, ווערט דעם זון פון רעהאַביליטירטן גע־שיקט אַ קאָמפּענסאַציע אין סכום פון אַ צווייוואָכנדיקן געהאַלט...

יאָסיק האָט באַקומען 47 רובל. ווען ער האָט עס מיר דערציילט בין איך אויף אים אָנגעפאַלן. איך האָב אים געזידלט. צוליב דעם וואָס ער האָט גענומען די 47 רובל.

— יאָסיק, טייערער יאָסיק מיינער, וואָס האָסטו געטאָן? טרערן האָבן גע־

שטיקט מיין האַלדז. איך בין געווען פאַרגליווערט. יאָסיק האָט געכליפּעט און געזאָגט :

— איך ווייס ניט, פּעטער אַראָן, איך האָב פּשוט ניט געטראַכט. איך בין געגאַנגען און גענומען דאָס געלט...

רעהאַביליטאַציע. קאָמפּענסאַציע פאַר פאַרפּייניקן אַ מענטשן אין זייער אינ־קוויזיציע־קאַמער. 47 רובל. דעמאָלט האָט דאָס באַטראָפן אַרום 40 דאָלאַר. קאָמ־פּענסאַציע פאַר צעשטערן אַ משפחה. לויט דעם געזעץ : אַ צווייוואָכיקן געהאַלט...

איז וואָר וועט האָבן די חוצפּה צו זאָגן אַז ניקיטאַ כרושטשאָוו איז ניט קיין ליבעראַל, ניט קיין דעמאָקראַט, ניט קיין רעפאָרמאַטאָר ?...

איך האָב געלייענט נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל דעם בריוו וועגן דער רע־האַביליטאַציע פון מיין ברודער נח וועלכער איז אומגעקומען נאָר דערפאַר וואָס ער איז אַ ייד און געוואָלט לעבן אין זיין לאַנד, אין ארץ־ישׂראל. איך האָב ניט געהאַט קיין כּוחות צו טראַכטן וועגן דעם גוואַלדיקן, אוממענטשלעכן ציניזם וועלכער איז פאַראַן אין דעם גאַנצן ספּעקטאַקל פון רעהאַביליטאַציע. איך האָב אָבער באַמערקט איין קליינינקן פּרט. זיי האָבן געצערכנט מיין ברודער דעם 6טן נאָוועמבער 1937. דאָס האָט דער סלאַוונער טשעקיסט געבראַכט אַ מתּנה לכּבוד דעם 20סטן יאָרטאָג פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. ער האָט געקענט, אָט דער סלאַוונער טשעקיסט, מאָרגן, דעם 7טן נאָוועמבער, מיט אַ ריינעם באָלשעוויסטישן געוויסן דעמאָנסטרירן, צוזאַמען מיט דער איי־זערנער גוואַרדיע פון טשעקיסטן, אויף דעם רויטן פּלאַץ און באַגריסן דעם חבר סטאַלין און אַלע זיינע מיטהעלפער פון פּאָליט־ביוראָ וועלכע שטייען אויף דער טריבונע פון מאַוזאָליי אין וועלכן עס געפינט זיך „דער אומשטערבלעכער" לענין...

און נאָך איין רעהאַביליטאַציע אין אונדזער משפחה. מיין שוועסטערס מאַן יצחק וואַסקאָוויטש איז אויך געווען אַרעסטירט אין 1937סטן יאָר. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון 1917טן יאָר ; אַן אָנטיילנעמער און פאַרווונדעטער אין דעם בירגער קריג, אַן איבערגעגעבענער בלב ונפש דער רעוואָלוציע, דעם קאָמוניזם, דעם סאָוועטישן רזשים. ער איז אין יאָר 1937 געווען אַן אָפיצער פון זייער אַ הויכן ראַנג אין דער רויטער אַרמיי. ער האָט זיך גע־מאַטערט איבער 19 יאָר אין די לאַגערן און אין סוף פון 1956סטן יאָר איז ער באַפרייט געוואָרן און באַקומען די גליקלעכע רעהאַביליטאַציע. דער 60 יאָריקער יצחק — אַ צעבראָכענער, פיזיש און גייסטיק, אַן עלנטער (ווייב און קינדער אומגעקומען אין מינסקער געטאָ) — איז געקומען קיין מאָסקווע. ער האָט גע־וואָלט פאַרבלייבן דאָרט. אין מאָסקווע האָט ער געהאַט וויטע קרובים און איי־ניקע באַקאַנטע. האָט ער זיך אַרומגעדרייט אַ וואָך צייט, אָפּגעקלאַפּט די שוועלן פון הויפּט־שטאַב פון דער רויטער אַרמיי, פון פּאַרטיידיקונגס־מיניסטעריום, פון

צענטראַל קאָמיטעט פון פּאַרטיי, פון העכסטן סאָוועט און אומעטום האָט מען אים געענטפערט אַז אין מאָסקווע איז אוממעגלעך צו בלייבן; אַז ער דאַרף אָפּפאָרן אין פּראָווינץ, אויפשטעלן זיך אין די רייען פון דער פּאַרטיי, באַקומען די נויטיקע פּענסיע. דאָס אַלץ דאַרף נעמען צייט... מען האָט אים רעקאָמענדירט צו פאָרן אין דער שטאָט גאָרקי. איז ער געקומען קיין גאָרקי, באַקומען אַן אָרט אין אַ צוזאַמענוווינונג. ער האָט אָבער ניט געהאַט גענוג כּוחות דורכצופירן אַלע נויטיקע פּראָצעדורן פון באַקומען פּענסיע און אויפשטעלן זיך אַלס מיטגליד פון דער פּאַרטיי אין וועלכער ער האָט נאָך געגלויבט. יצחק האָט אַ קורצע צייט געצאַפּלט זיך אַן עלנטער אין דער פרעמדער שטאָט און אַ „רעהאַבילי־טירטער" אַוועק אויף יענער וועלט...

דאָס סאָוועטישע יידנטום האָט געוואָלט גלויבן און האָפן אַז דאָס פרישע ווינטל, וואָס האָט אַ בלאָז געטאָן אין לאַנד, דאָס אַזוי גערופענע אַנטי־סטאַלינישע ליבעראַליזאַציע־ווינטל וואָס איז געקומען ווען ניקיטאַ כרושטשאָוו איז אַרויף אויף דעם סאָוועטישן טראָן, וועט אויך זיין אַ ווינטל וואָס וועט פונאַנדערטרייבן די כמאַרעס פון אַנטיסעמיטיזם. מען האָט געוואָלט גלויבן און האָפן, געוואָלט זען און ריכטיק פאַרשטיין אַז אין זיין באַוווסטער רעדע אויף דעם 20סטן צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי האָט כרושטשאָוו אויסגערעכנט אַ גרויסע צאָל פון סטאַלינס פאַרברעכנס. ער האָט געמאָלט שרעקלעכע בילדער פון טעראָר. ער האָט גערעדט וועגן אומצאָליקע קרבנות. ער האָט דערציילט וועגן אונטערדריקונג פון אייניקע פעלקער און ליקווידאַציע פון נאַציאָנאַלע רעפּובליקן. נאָר אין דער גרויסער רשימה פון סטאַלינס פאַרברעכנס האָט זיך ניט געפונען קיין אָרט צו פאַרצייכענען סטאַלינס פאַרברעכנס קעגן יידישן פאָלק.

כרושטשאָוו האָט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט וועגן דער טאָטאַלער ליקווידאַציע פון דער יידישער קולטור אין ראַטן־פאַרבאַנד און וועגן פיזישער פאַרניכטונג פון דעם גרעסטן טייל יידישע קולטור־טוער. די סאָוועטישע יידן האָבן ניט געוואָלט פאַרשטיין אַז דאָס איז געווען ניט קיין צופעליקע דערשיינונג. מען האָט ניט געוואָלט פאַרשטיין דעם פאַקט אַז אין דעם באַשולדיקונגס־אַקט קעגן סטאַלינען האָט כרושטשאָוו באַוווסטזיניק פאַרשוויגן דעם יידישן מאָמענט, טאָקע דערפאַר ווייל ער קלייבט זיך פאָרזעצן און אפשר אַפילו צו פאַרטיפערן סטאַלינס אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק. אָבער גאָר אין גיכן האָט מען זיך אַנטוישט.

כרושטשאָוו האָט מיט גרויס הצלחה פאָרגעזעצט די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און דער סאָוועטן־מאַכט. און פּונקט ווי

אויף אַנדערע געביטן פון טעטיקייט האָבן זיך געענדערט די פאָרמען פון דורכ־פירן די סאָוועטישע פּאָליטיק, אַזוי האָבן זיך אויך אויפן געביט פון אנטיסעמי־טיזם געענדערט די פאָרמען. דער אינהאַלט איז געבליבן דער זעלבער ווי אין סטאַלינס תקופה.

כרושטשאָוו האָט דורכגעפירט אַ פּאָליטיק פון יידן־דיסקרימינאַציע אויף אַלע געביטן פון לעבן. מען האָט באַזייטיקט יידן פון דער אָנפירונג אין פּאַרטיייִשן, מלוכישן און פּראָפעסיאָנעלן לעבן, אין אַלע רינגען פון אויבן ביז אַראָפּ. מען האָט באַזייטיקט יידן פון די אָנפירנדיקע אַמטן אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אוןווירטשאַפטלעכע אָרגאַנען און מען האָט פאַרהאַקט פאַר זיי די טירן. מען האָט אויפגעהערט „אויסקלייבן״ יידן אַלס דעפּוטאַטן אין העכסטן סאָוועט פון פאַרבאַנד און אין די העכסטע סאָוועטן פון די רעפּובליקן. אַפילו אין דעם סאָ־וועט פון דער אַזוי גערופענער יידישער אויטאָנאָמער געגנט — ביראָבידזשאַן — האָט מען געצומען „אויסקלייבן״ ניט־יידן. יידן ווערן ניט באַשטעטיקט אַלס די־רעקטאָרן פון פאַבריקן און זאַוואָדן, לערן־אַנשטאַלטן אד״גל. יידן ווערן ניט „אויסגעוויילט״ אַלס ריכטער און ווערן ניט דערלאָזן אויף אַרבעט אין די יוסטיץ־אָרגאַנען. יידן איז געוואָרן שווער אָנצוקומען אויף אַרבעט אין סאָוועטישן און ווירטשאַפטלעכן אַפּאַראַט בכלל. דער ייד, וואָס אַרבעט שוין בלייבט אַרבעטן. מען „מאַטערט״ זיך מיט אים. אָבער אָנקומען אויף אַ נייער אַרבעט איז שווער. איך האָב זיך איין מאָל משתדל געווען מען זאָל צונעמען אויף אַרבעט אין אונדזער אַנשטאַלט אַ באַקאַנטן ייד — אַ ספּעציאַליסט מיט גרויסער דערפאַרונג. דער שעף פון אַנשטאַלט האָט מיר אָפן געזאָגט:

— דו ווילסט פאַרמיסטיקן מיין אַפּאַראַט מיט אייגענע מענטשן.
— וועלכע אייגענע? ער איז ניט קיין קרוב מיינער.

— דו ווייסט גאַנץ גוט וואָס איך מיין — האָט ציניש געענטפערט דער שעף.
מען האָט אַריינגעפירט גרויסע באַגרענעצונגען פאַר יידן ביים אָנקומען אין די הויך־שולן. אין די הויך־שולן וועלכע גרייטן ספּעציאַליסטן פאַר דעם פּאַרטיייִשן, סאָוועטישן און פּראָפעסיאָנעלן אַפּאַראַט; ווי אויך ספּעציאַליסטן פאַר דיפּלאָמאַ־טישער אַרבעט און אויסערן־האַנדל; ספּעציאַליסטן פאַר דער אַרמיי — נעמט מען ניט אָן קיין יידן בכלל. אין אַנדערע הויך־שולן נעמט מען צו יידן מיט אַ גרוי־סער באַגרענעצונג. עס איז ניטאָ, פאַרשטייט זיך, קיין אָפיציעלע פּראָצענט־נאָרמע ווי ס׳איז געווען אין צאַרישן רוסלאַנד. חס וחלילה. מען טוט עס אויף אַ קליגערן — סאָוועטישן אופן... ביי דער יידישער יוגנט אין ראַטן־פאַרבאַנד איז דעריבער פאַראַן אַ מאַסן־דערשייַנונג: מען קומט אָן אין הויך־שולן ניט לויטן באַרוף און פאַרלאַנג, נאָר לויט דער מעגלעכקייט. מען לעבט אין מאָסקווע און מען פאָרט 10 טויזנט קילאָמעטער קיין אירקוטסק כדי אָנצוקומען אין אַן איב־

סטיטוט. דער יידישער בחור האָט געטרוימט צו זיין אַן אַרכיטעקט און גע־וואָרן איז ער אַ וועטערינאַר...

עס זיינען געווען אין לאַנד אָפטע „ספּאָנטאַנישע" אַנטיסעמיטישע אַרויס־טרעטונגען. איך דערמאָן זיך אַזאַ עפּיזאָד: עס איז פאָרגעקומען דער שאַכמאַט־מאַטש אויף דעם טיטל וועלט־טשעמפּיאָן צווישן מיכאיל באָטוויניק (אַ ייד) און וואַסילי סמיסלאָוו. די שפּילן זיינען פאָרגעקומען אין מאָסקווער סאַטירע־טעאַ־טער. זייענדיק צופעליק אין מאָסקווע האָב איך באַזוכט איין סעאַנס. סמיסלאָוו איז געווען אין אַן ערגערער לאַגע. הונדערטער מענטשן וועלכע זיינען געווען אין זאַל פון טעאַטער האָבן אָנגעהויבן „אויפמונטערן" סמיסלאָוון. מען האָט אָנגע־הויבן שרייען: וואַסיאַ, שלאָג דעם זשיד! דער זשיד טאָר ניט געווינען! וואַסיאַ, שלאָג דעם זשיד! דערלאָז ניט קיין שאַנד אויף רוסלאַנד!... און קיינער פון דעם עולם אין זאַל, קיינער פון די אַדמיניסטראַטאָרן און מיליציע־לייט וועלכע זיינען דאָרט געווען כּדי צו היטן די אָרדענונג, קיינער האָט קיין איין וואָרט ניט געזאָגט. דער זאַל האָט געבושעוועט. באָטוויניק האָט ניט פּראָטעסטירט. ער האָט אָנער־קענט אַז ער האָט פאַרשפּילט און איז אַוועק...

אויף מאָרגן האָב איך דערציילט וועגן דעם עפּיזאָד מיין שעף אין מיניס־טעריום. ער איז דווקא געווען אַ ליבעראַלער און קולטורעלער מענטש. ער האָט מיר געזאָגט:

— רעד ניט וועגן דעם. מען קען דיך באַשולדיקן אין נאַציאָנאַליסטישער רכילות און אַנטיסאָוועטישער אַגיטאַציע...

כרושטשאָוו האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אַנטיסעמיטישער טעטיקייט נאָך איידער ער איז געוואָרן דער אַבסאָלוטער הערשער אין לאַנד. ער איז אַלעמאָל געווען געטריי דער פּראָגראַם, פּאָליטיק און פּראַקטיק פון זיין פּאַרטיי. ווען דער קיעווער שטאָט־ראַט האָט באַשטימט צו שטעלן אַ מאָנומענט לזכר די יידישע קרבנות אין דעם טרויעריק־באַרימטן באַבי יאַר, האָט כרושטשאָוו, אַלס ערשטער סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון אוקראַינע, ניט באַשטעטיקט דעם באַשלוס. אין יאָר 1944, נאָכן באַפרייען די שטאָט קיעוו פון די דייטשן, האָט אַן אוקראַינישער אָפיצער באַגעגענט אויף דער צענטראַלער גאַס קרעשטשאַטיק אַן אָפיציר — אַ ייד, וועמענס ברוסט איז געווען באַדעקט מיט שלאַכט־אויסצייכענונגען. דער אוקראַינישער אָפיצער האָט זיך גענומען טשעפּען צום יידישן אָפיצער און געפּרוּווט אַראָפּרייסן פון זיין ברוסט די אָרדענס און מעדאַלן, שריי־ענדיקט אַז יידן זיינען קיין מאָל ניט געווען אויף דער מלחמה און אַז די שלאַכט־אויסצייכענונגען זיינען געקויפטע. דער יידישער אָפיצער וועלכער איז עטלעכע מאָל פאַרוווּנדעט געוואָרן אין די שלאַכטן און אַלע פיר יאָר פון דער מלחמה האָט ער זיך געפונען אויף די פאָדערשטע פּאָזיציעס, איז אַריינגעפאַלן אין אַ שאָק, ניט אויסגעהאַלטן, אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער און דערשאָסן אויף טויט

דעם אוקראַינישן אָפיצער... דערנאָך איז ער אַליין אַוועק אין מיליציע און געמאָלדן וועגן דעם. מען האָט אים, פאַרשטייט זיך, אַרעסטירט.

דעם דערשאָסענעם אוקראַינישן אָפיצער האָט מען געמאַכט אַ פייערלעכע מלוכישע לוויה. מען האָט אים געבראַכט צו קבורה מיט גרויסן מיליטערישן כּבוד. אין די הספּדים איז ער כאַראַקטעריזירט געוואָרן ווי אַ גרויסער נאַציאָנאַלער העלד. כרושטשאָוו — דער ערשטער סעקרעטאַר פון צ. ק. פון פּאַרטיי און פאָרזיצער פון דער אוקראַינישער רעגירונג — איז געגאַנגען בראש פון דער לוויה. און אוקראַינישע מאַסן האָבן אין דער צייט „ספּאָנטאַניש" אַריינגעריסן זיך אין דער וווינונג פון דעם יידישן אָפיציר און געשאָכטן זיין פרוי און קליין קינד...

עס איז באַוווּסט אַז כרושטשאָווס סעקרעטאַרשע אין קיעוו, נאָכן באַפרייען די שטאָט פון די דייטשן, איז געווען אַ יידישע פרוי — אַן איבערגעגעבענע קאָמוניסטיקע, וועלכע איז די גאַנצע צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע געווען אין קיעוו אין פּאַרטיייִשער שליחות, אַ פאַרשטעלטע ווי אַן אוקראַאינקע. עטוואָס שפּעטער, ווען מען האָט זיך דערוווּסט אַז זי איז אַ יידישע האָט מען איר אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. ווען זי האָט זיך געקלאָגט פאַר כרושטשאָוון, האָט ער איר געזאָגט אַז זי דאַרף פאַרשטיין און זיין אָביעקטיוו. אַ פאַקט איז אַז די יידן האָבן ניט וויייניק געזינדיקט לגבי די אוקראַאינער און דעריבער האָט דאָס אוקראַאינישע פאָלק פיינט יידן. אין דער באַפרייטער פון די דייטשן אוקראַאינע דאַרף מען ניט האָבן קיין יידן. יידן קענען פאָרן קיין בירָאָבידזשאַן. ער — כרושטשאָוו — וויל ניט און קען ניט, אַז דאָס אוקראַאינישע פאָלק זאָל אויסטייטשן דעם אומקער פון דער סאָוועטישער מאַכט ווי דעם צוריקקער פון יידן. ער קען ניט האַלטן יידן אין צענטראַלן אַפּאַראַט פון דער אוקראַאינישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק...

די דערציילונג פון דער פרוי, וועלכע איז אַוועקגעפאָרן קיין פּוילן איז געווען אָפּגעדרוקט אין אַ פּוילישן זשורנאַל.

ס'איז באַוווּסט אין דער גאַנצער וועלט אַז אין דער תקופה פון כרושטשאָווס הערשאַפט איז דורכגעפירט געוואָרן אַ גרויסע אַרבעט אויף דעם אַזוי גערופענעם „אידעאָלאָגישן פראָנט". מען האָט „טעאָרעטיש" באַגרינדעט דעם אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד. ס'איז באַוווּסט דאָס בוך פון „היסטאָריקער" און „פאָרשער" קיטשקאָ „וועגן דער יידישער רעליגיע", אַ בוך אָנגעפילט מיט גיפטיקער שנאה צום יידישן פאָלק, צו זיין רעליגיע, צו זיינע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען און שטרעמונגען. כאַראַקטעריסטיש איז וואָס דאָס אויסגעשפּראָכענע אַנטיסעמיטישע בוך, אין נוסח פון געבעלסן, האָט אַרויסגעגעבן די געזעלשאַפט פאַר פאַרשפּרייטן פּאָליטישע און וויסנשאַפטלעכע ידיעות. מען האָט געדרוקט זייער אַ סך „היסטאָרישע איבערזיכטן" וועגן ציוניזם אין וועלכע מען האָט געטענהט אַז די

ציוניסטן האָבן געהאָלפן דער אינטערווענץ קעגן דער סאָוועטישער רוסלאַנד אין די יאָרן 1918—1919; אַז די ציוניסטן האָבן געשטיצט קאָלטשאַקן, דעניקינען און פּעטליורען אין קאַמף קעגן דער סאָוועטן־מאַכט און אַז די אַלוועלטלעכע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אין די יאָרן 1944—1945 געהאָלפן מיט געווער דער היטלעריסטישער אַרמיי...

דאָס סאָוועטישע יידנטום האָט זיך געצאַפּלט אין קלעם פון הילפסלאָזיקייט, ייאוש און האָפענונג. אַזוי ווי אַ מענטש וועלכער ווערט אָט־אָט דערטרונקען כאַפּט ער זיך אָן פאַר אַ שטרוי מיט דער האָפענונג צו ראַטעווען זיך, אַזוי אויך פלעגט זיך די יהדות הדממה אָנכאַפּן אין יעדן אומבאַדייטנדיקן פּרט וואָס מען האָט געקענט אויסטייטשן אַלס סימן פון דער פּאָליטיק־ענדערונג לגבי די יידן אין לאַנד.

איך געדענק, למשל, אַז ווען איך האָב אין יאָר 1961 איבערגעלייענט אין דער צייטונג „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ" — אָרגאַן פון שרייבער־פאַרבאַנד אין לאַנד — אַ קליינינקע מעלדונג, מיט קליינינקע אותיות, אויף דעם לעצטן זייטל פון דער צייטונג, אַז עס איז דערשינען דער ערשטער נומער פון זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" אויף דער יידישער שפּראַך — האָב איך עס אויפגענומען און זייער אַ סך פריינד מיינע וועלכע איך האָב איבערגעגעבן וועגן דעם — האָבן עס אויפגענומען ווי אַן אויסערגעוויינלעכע היסטאָרישע דערשיינונג. איך בין אומגעלאָפן ווי אַ משוגענער זוכן דעם זשורנאַל וועלכן עס איז, אַגב, געווען זייער שווער צו געפינען, ניט דערפאַר ווייל מען האָט אים גיך פונאַנאַנדערגעכאַפּט אין די קיאָסקן, נאָר ווייל מען האָט אים פּשוט ניט געגעבן צו פאַרקויפן אין די קיאָסקן. איך האָב מיט גרויס שוועריקייטן און מיט „פּראָטעקציע" געקריגן דעם זשורנאַל. ס'איז דאָרט ניט געווען וואָס צו לייענען. דאָס הייסט, מיך האָט לחלוטין ניט אינטערעסירט דאָס מאַטעריאַל מיט דעם אַלטן יעווסעקישן נוסח, אָבער דעם זשורנאַל האָב איך געזעהן ווי אַ מין סימבאָל פון דעם אַז סוף־סוף איז דערשינען אין לאַנד אַ יידיש וואָרט... איז עס אפשר אַ סימן פון אַן ענדערונג צו בעסערן?

אין סעפּטעמבער 1961 איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער צייטונג „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ" דאָס ליד פון יעווגעני יעווטושענקאָ „באַבי יאַר". דאָס וואונדערבאַרע ליד האָט געקלונגען ווי אַ שאַרפער פּראָטעסט קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד און ווי אַ בולטער אַרויסרוף צו אַלע פאַרמאַסקירטע אַנטיסעמיטן, אַן אַרויסרוף דער סאָוועטישער פּאָליטיק פון פאַרשווייגן די שרעקלעכע יידישע טראַגעדיע אין „באַבי יאַר"... איך וועל זיך באַגנוגענען מיט דערציילן דעם אינהאַלט

פונעם ליד: דער דיכטער ווייטיקט וואָס אין באַבי יאַר איז ניטאָ קיין דענקמאָל. ער שטייט דאָרט און הערט דעם געוויש פון די ווילדע גראָזן; די בוימער קוקן שטרענג ווי ריכטער און אַלץ שרייט שווייגנדיק צום הימל. ער, דער דיכטער אַליין, פאַרוואַנדלט זיך אין אַ געשריי איבער די טויזנטער, פיל טויזנטער באַגראָבענע; ער — איז יעדער דערשאָסענער זקן דאָ. ער — איז יעדעס דערשאָסענע קינד דאָ. דער דיכטער איז אַן אַלטער, אַלטער ייד, וועלכער שלעפּט זיך אין מצריים. ער איז אַ געקרייציקטער און ער פילט נאָך עד היום אויף זיך די שפּורן פון די טשוועקעס. ער פילט זיך, ווי דרייפוס און אויך ווי אַ ייִנגעלע פון ביאַליסטאָק וואָס זעט ווי אונטער דעם ווילדן געלעכטער און געשרייען „שלאָג די זשידעס און ראַטעווע רוסלאַנד", הרגעט אַ שוואַרץ־מאהניק זיין מאַמען. און מיט אַ מאָל פאַרוואַנדלט ער זיך אין אַנאַ פראַנק... און ער ענדיקט דאָס ליד מיט דער דעקלאַראַציע אַז אין זיין בלוט איז ניטאָ קיין יידיש בלוט, נאָר פאַר אַלע אַנטיסעמיטן איז ער אַ ייד און דעריבער איז ער אַן אמתער רוס. און זאָל דער „אינטערנאַציאָנאַל" אויפדונערן ווען אויף שטענדיק וועט באַגראָבן ווערן דער לעצטער אַנטיסעמיט אויף דער ערד...

קען מען זיך דען פאָרשטעלן ווי אַזוי די סאָוועטישע יידן האָבן אויפגענומען דאָס ליד? אַזאַ ליד, אַזאַ שאַרפער און בולטער פּראָטעסט קעגן אַנטיסעמיטיזם, אַ בולטער פּראָטעסט קעגן דער אַנטי־יידישער פּאָליטיק אין לאַנד, אַזאַ ליד איז אָפּגעדרוקט אין אָרגאַן פון דעם שרייבער־פאַרבאַנד, אין אַ צייטונג וועלכע ווערט שטרענג קאָנטראָלירט און דירעקט אָנגעפירט דורך דעם אַגיטפּראָפּאַגאַנדע אָפּ־טייל פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי!... וואָס באַדייט עס? אין ראַטן־פאַרבאַנד זיינען דאָך ניטאָ קיין צופעליקע דערשיינונגען. יידן האָבן דעריבער געוואָלט גלויבן און האָפן אַז עס ענדערט זיך. מען האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט דעם נומער פון דער צייטונג אַזוי ווי מיט אַ רעליקוויע. וועגן יעווטושענקאָ האָט מען גערעדט ווי וועגן אַ צדיק. וועגן דעם ליד האָבן געוווּסט יידן וועלכע האָבן קיין מאָל אין זייער לעבן די צייטונג „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ" ניט געזען און האָבן אין זייער לעבן דעם נאָמען יעווטושענקאָ ניט געהערט און קיין מאָל צו קיין סאָוועטישע פּאָעזיע ניט געשמעקט...

אָבער ס'איז אויסגעקומען גיך צו אַנטוישן זיך. עס איז טאַקע געשען אַ מאָדנע צופעליקייט. ווער האָט דורכגעשמוגלט אין דער „ליטעראַטורנאַיאַ גאַ־זעטאַ" דאָס ליד? ווי אַזוי האָט מען באַשטראָפט די שולדיקע? דאָס ווייס מען דאָרט אין זייער קיך. אָבער אַ פאַקט איז, אַז תיכף האָט מען אָנגעהויבן אָנגרייפן יעווטושענקאָן און זיין ליד „באַבי יאַר". ממש אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דעם דערשיינען פון ליד, איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ ליד פון אַלעקסיי מאַרקאָוו „מיין ענטפער". אין דעם ליד שרייט מאַרקאָוו אויס: וואָס פאַר אַן אמתער רוס ביסטו ווען דו האָסט פאַרגעסן וועגן דיין פאָלק. און מאַרקאָוו ענדיקט זיין ליד גאַנץ

קלאָר און דייטלעך: ביז וואַנען עס וועט טרעטן אונדזער ערד כאָטש איין קאָס־מאָפּאָליט, וועל איך זאָגן: מענטשן, איך בין אַ רוס... דאָס איז געזאָגט געוואָרן אין קעגנזאַץ צו יעווטושענקאָס: „דער אינטערנאַציאָנאַל זאָל אויפדונערן, ווען אויף שטענדיק וועט באַגראָבן ווערן דער לעצטער אַנטיסעמיט אין דער ערד".

מאַרקאָווס ליד איז געווען בלויז דער אָנהייב פון דער אַטאַקע. אין עטלעכע טעג אַרום איז דערשינען אַ פונדאַמענטאַלער פּראָגראַמאַטישער אַרטיקל פון אַן אָנגעזעענעם טוער פון „אידעאָלאָגישן פראָנט" — סטאַריקאָוו. אין דעם אַרטיקל וועלכער האָט געהייסן „וועגן איין ליד", שטרייכט סטאַריקאָוו קאַטעגאָריש אונ־טער, אַז די עצם־שטעלונג פון דער פראַגע וועגן דער אַלגעמיינער אויסראָטונג פון יידן דורך די נאַציס איז אַ חילול־הקודש. סטאַריקאָוו טענהט אַז גענאָסייד — אַן אָרגאַנישער טייל פון דער פאַשיסטישער אידעאָלאָגיע — איז געווען גע־ווענדעט דווקא קעגן סלאַוויאַנסטווע... סטאַריקאָוו באַשולדיקט יעווטושענקאָן אַז ער פלאַקערט פונאַנדער שוין פאַרלאָשענע נאַציאָנאַליסטישע געפילן און גע־דאַנקען פון יידן. ער שטעלט אויך פעסט אַז דער קוואַל פון דער שעדלעכער פאַלשקייט מיט וועלכער עס איז דורכגעדרונגען דאָס ליד „באַבי יאַר" — איז דער קלאָרער און בולטער צוריקטריט פון יעווטושענקאָן פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע צו פּאָזיציעס פון בורזשואַזער אידעאָלאָגיע... און ס'איז אַוועק. מען האָט אָנגעהויבן קלינגען אין אַלע גלעקער. מען האָט אויפגעדעקט דעם אַנ־טיסאָוועטישן כאַראַקטער פון דעם ליד „באַבי יאַר". אין אַ יאָר אַרום — אין דעצעמבער 1962 — האָט דער פּאָרזיצער פון דער אידעאָלאָגישער קאָמיסיע פון צ. ק. פון דער פּאַרטיי לעאָניד איליטשאָוו אָפיציעל קריטיקירט דאָס ליד „באַבי יאַר" און די נייע דרייצנטע סימפאָניע פון דעם קאָמפּאָזיטאָר שאָסטאַקאָ־וויטש וואָס איר ערשטע טייל איז אָנגעשריבן געוואָרן לויט דעם טעקסט פון „באַבי יאַר". אויך כרושטשאָוו האָט געפונען פאַר נויטיק צו סאָלידאַריזירן זיך מיט איליטשאָוון אין דעם ענין...

דאָס סאָוועטישע יידנטום וואָס האָט געמיינט אַז דאָס אָפּדרוקן דאָס ליד „באַבי יאַר" איז אַ ווענדפּונקט אין דער סאָוועטישער פּאָליטיק לגבי די יידן אין לאַנד; דאָס סאָוועטישע יידנטום וואָס האָט געהאָפט, אַז אָט־אָט קומט אָן אַ נייע תקופה — א תקופה פון ליקווידאַציע פון מלוכישן אַנטיסעמיטיזם און קאַמף מיט דעם אַנטיסעמיטיזם פון „אונטן" און אפשר אויך אַ תקופה פון אָנהויב פון יידישן נאַציאָנאַלן רענעסאַנס — דאָס סאָוועטישע יידנטום האָט זיך איבערצייגט אַז די האָפענונגען און טרוימען זיינען אַבסאָלוט באָדנלאָז... קיין שום האָפענונג פון נאַציאָנאַלן רענעסאַנס. אַלץ בלייבט ווי געווען.

אין האַרבסט 1964 איז פאָרגעקומען אַ „פּאַלאַץ־איבערקערעניש". מען האָט אַראָפּגעשליידערט כרושטשאָוון פון כסא המלכות. די אָפּעראַציע איז דורכגעפירט געוואָרן שטיל און איידל; דער מלך איז נעלם געוואָרן — געווען אַ כרושטשאָוו און ניטאָ מער. אַלץ איז געווען דעמאָקראַטיש. כרושטשאָוו אַליין האָט אָפּגע־דרוקט אַ מעלדונג אין די צייטונגען אַז אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין עלטער און שלעכטן געזונט־צושטאַנד, בעט ער מען זאָל אים באַפרייען פון אַלע פליכטן אין דער פּאַרטיי און אין דער רעגירונג. מען האָט אים, פאַרשטייט זיך, באַפרייט. און פון יענעם טאָג אָן איז מער ניט דערמאָנט געוואָרן זיין נאָמען.

עס האָבן צירקולירט אין לאַנד פאַרשיידענע קלאַנגען. עס זיינען געבוירן געוואָרן פאַרשיידענע ווערסיעס. עס זיינען געשאַפן געוואָרן פאַרשיידענע אַנעק־דאָטן וועלכע זיינען איבערגעגעבן געוואָרן שטילערהייט פון מויל צו אויער. עס האָבן זיך געפונען מענטשן וועלכע האָבן געטענהט אַז זיי ווייסן אַלץ גענוי פון די „ערשטע מקורות". נאָר דאָס זיינען געווען דברי הבל. די „סודות פון הויף" ווייס נאָר דער „הויף" אַליין.

אין לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן אַ „נייע תקופה" — אַ תקופה פון „ליבעראַ־ליזאַציע". ווי ברייט און טיף איז דער פּראָצעס פון ליבעראַליזאַציע אין ראַטן־פאַרבאַנד! די גאַנצע צייט ליבעראַליזירט מען. לעניך האָט ליבעראַליזירט די צאַרישע ירושה. סטאַלין האָט ליבעראַליזירט לעניס ירושה. כרושטשאָוו האָט ליבעראַליזירט סטאַלינס ירושה. ברעזשניעוו ליבעראַליזירט כרושטשאָווס ירושה. ברעזשניעוו, נעבעך, קוים וואָס ער שטייט אויף די פיס. מסתמא וועט אין גיכן זיין אַ נייער פירער און ער וועט ליבעראַליזירן ברעזשניעווס ירושה...

ערנסט געדעט זיינען די פּלאַפּלערייען וועגן ליבעראַליזאַציע נאָר אַ גוטער מאַטעריאַל פאַר ניט ערנסטע אויסלענדישע זשורנאַליסטן און פאַר דער גרויסער צאָל אויסלענדישע „סאָוועטאָלאָגן", וועלכע דאַרשטן נאָך סענסאַציעס און גיבן איבער פון „ערשטן מקור" אַלע זייערע פּראָגנאָזן. די באַפעלקערונג פון סאָוועט־רוסלאַנד אינטערעסירט זיך שוין ניט מיט דעם. עס איז פשוט נמאס געוואָרן. אַלע ווייסן אַז דאָס זיינען בלויז פּלאַפּלערייען. מען שלעפט די ליאַמקע און גאָר.

אין ראַטן־פאַרבאַנד איז פאַרשפּרייט אַזאַ אַנעקדאָט. אייגער אַ יונגערמאַן — אַן אַגיטאַטאָר אין דער צייט פון די וואַלן אין העכסטן סאָוועט — איז געקומען אַהיים צו אַן אַלטיטשקער פּרוי דערמאָנען אַז היינט זיינען די וואַלן און דערי־בער דאַרף זי תיכף גיין און אויספילן איר בירגערלעכן חוב און שטימען פאַר דעם „בלאָק פון די קאָמוניסטן און אומפּאַרטייִישע". דער יונגערמאַן, אַלס אַגי־טאַטאָר, האָט אין קורצן דערציילט דער אַלטיטשקער וועגן דעם אַז אין גיכן ענדיקט מען שוין בויען דעם קאָמוניזם אין לאַנד און עס וועט אָנקומען די תקופה פון „איזאָבילייע" (שפע, כל טוב)... די אַלטיטשקע האָט אויסגעהערט, האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט:

— שרעק מיך ניט, זונעלע. מיר זיינען שוין צוגעוווינט צו אַלץ. מיר האָבן איבערגעלעבט די רעוואָלוציע, איבערגעלעבט די מלחמות, מיר האָבן דאַנקען גאָט, איבערגעלעבט הונגער און נויט. מיר וועלן די „איזאָביליע" אויך איבערלעבן...

האָפּט טאַקע די סאָוועטישע באַפעלקערונג אַז די ברעזשניעוו־ליבעראַליזאַציע וועט מען אויך איבערלעבן.

וועגן דעם מצב פון סאָוועטישן יידנטום אין דער לעצטער „ליבעראַליזאַציע"־תקופה פון ברעזשניעוון, וועגן דעם אַנטיסעמיטיזם, וועלכער הערשט, ווערט אַנטוויקלט און פאַרטיפט פון טאָג צו טאָג, איז ניט נויטיק צו שרייבן. דאָס איז פריש ביי אַלעמען אין זכרון.

עס רופט ניט אַרויס קיין שום צווייפל אַז דער אַנטיסעמיטיזם אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז ניט קיין סטיכישע, נאָר אַן אָרגאַניזירטע דערשיינונג. אַנטיסעמיטיזם אין דעם דאָזיקן לאַנד איז מלוכישע פּאָליטיק. און אין איינקלאַנג מיט דער פּאָליטיק ווערט דורכגעפירט אַ באַשטימטע, פּלאַנירטע און אָרגאַניזירטע אַרבעט. מיט אַנטיסעמיטיזם פון „אונטן" וועלכער איז איינגעבאַקן אין די מוחות און הערצער פון די מאַסן, באַשטימט דעם גורל פון יידישן פאָלק אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. דעם גורל באַשטימט נאָר דער אַנטיסעמיטיזם פון „אויבן", ד. ה. די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און סאָוועטישער רעגירונג.

ליקווידירן און אויסרייסן מיטן וואָרצל די יידישע קולטור און די נאַציאָנאַלע פאָרמען אויף אַלע געביטן פון לעבן; פאַרבאָטן און רודפן די יידישע רעליגיע; ניט צולאָזן יידן פאַרנעמען באַשטימטע אַמטן; ניט אויפנעמען יידן אין באַשטימטע לערן־אַנשטאַלטן; אָרגאַניזירן אַנטיסעמיטישע העץ־קאַמפּאַניעס; פירן אַ סיסטעמאַטישע „טעאָרעטיש־אידעאָלאָגישע" אַנטי־יידישע פּראָפּאַגאַנדע — דאָס אַלץ קען ניט טאָן און טוט ניט דער „אונטן". נאָך מער: דער וועלכער קען די סאָוועטישע ווירקלעכקייט איז איבערצייגט אַז דער אַנטיסעמיטיזם פון „אונטן", ווי שטאַרק און טיף ער זאָל ניט זיין, וואָלט ניט געקענט דערשיינען ווען דער „אויבן" וואָלט עס ניט דערלויבט.

עס איז ניט ריכטיק, לויט מיין מיינונג, דער טעזיס אַז די סאָוועטן פירן דורך לגבי די יידן בלויז אַן אַסימילאַציע־פּאָליטיק. ווייל אויב עס וואָלט געווען אַסימילאַציע־פּאָליטיק וואָלט מען ניט באַדאַרפט דורכפירן אַ פּאָליטיק פון איזאָלאַציע. ווי באַוווסט זיינען אַסימילאַציע און איזאָלאַציע צוויי קעגנזעצלעכע שטראָמען. אַלע פאַקטן זאָגן עדות אַז די פּאָליטיק פון אַנטיסעמיטיזם ווערט באַגלייט מיט דעם שטראָם פון איזאָלאַציע. פאַרשטייט זיך אַז די אָפּוועזנהייט פון

יידישע קולטורעלע און רעליגיעזע אינסטיטוציעס פאַרשטאַרקט דעם אַסימילאַ־ציע־פּראָצעס אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. דער פּראָצעס קומט פאָר. אין דעם קען קיין שום ספק ניט זיין. אָבער די פּאָליטיק פון דיסקרימינאַציע און דער מלוכי־שער אַנטיסעמיטיזם רופט אַרויס אַ פאַרקערטע רעאַקציע — עס קריסטאַליזירט זיך אויס דער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין ביי דעם גרעסטן טייל פון דער יידישער באַ־פעלקערונג און אין דער ערשטער ריי דווקא ביי דער יוגנט וועלכע איז לחלוטין אָפּגעריסן פון נאַציאָנאַלע טראַדיציעס. אויב אין די פופציקער און זעכציקער יאָרן האָט מען עס געקענט אילוסטרירן בלויז מיט די טענץ און געזאַנגען פון טויזנ־טער יידישע יוגנטלעכע נעבן מאָסקווער בית־כּנסת אין טאָג פון שׂמחת־תּורה (וועלכע זיינען ניט געווען קיין באַווייז פון רעליגיעזער התלהבות, נאָר אַ בולטע דעמאָנסטראַציע פון נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, פון איין זייט און פון אויסדרוק פון פּראָטעסט קעגן אַנטיסעמיטיזם, פון דער צווייטער זייט), דאַרף מען שוין אין די זיבעציקער יאָרן ניט זוכן קיין באַווייזן. דער נאַציאָנאַלער אויפברויז פון דעם סאָוועטישן יידנטום, וואָס דריקט זיך אויס אין אָפענעם קאַמף פאַר עליה קיין ארץ־ישׂראל, רעדט פאַר זיך אַליין.

זיכער זיינען ניט גערעכט יענע וואָס טענהן אַז עס איז שוין בכלל ניטאָ קיין יידיש פאָלק אין ראַטן־פאַרבאַנד; אַז אין איינעם מיט דער ליקווידאַציע פון דער יידישער קולטור, יידישער רעליגיע און יידישן לעבנס־שטייגער, איז אויך ליקווידירט געוואָרן דאָס יידישע פאָלק ווי אַ פאָלק. אַזאַ קאָנצעפּציע קען ברענגען נאָר שאָדן אין דעם קאַמף וועלכן מען מוז פירן פאַר ראַטעווען דעם יידישן קיבוץ אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. דאָרט איז דאָ אַ יידיש פאָלק מיט נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין. אַ פאָלק וואָס איז שרעקלעך אונטערדריקט, באַראַבעוועט און באַגזלט. אַ פאָלק וואָס וואַרט אויף הילף און וועלכן מען מוז העלפן.

# 15
# די גאולה

מיין לעבן האָט זיך געשלעפּט, ווי אַ פֿאַרשלעפּטע קרענק. די מאַטעריעלע לעבנס־באַדינגונגען זיינען דווקא געווען ניט קיין שלעכטע. אין די באַדינגונגען פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד, קען מען זאָגן, אַז זיי זיינען געווען גוטע. איך האָב פֿאַרנומען אַ סאָלידן אַמט, געלייענט לעקציעס אין אַ טעכניקום און אָפֿט געשריבן אַרטיקלען אין דעם חודשדיקן זשורנאַל „שפּייז־אינדוסטריע". עס איז אויסגעקומען אַ סך צו אַרבעטן, אָבער דער אַרבעטס־לוין איז געווען אַ באַפֿרידיקנדיקער. איך האָב גע־האַט אַ באַזונדער דירהלע פֿון 2 צימערלעך מיט אַ קיך. לויט דעם כאַראַקטער פֿון מיין אַרבעט האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו פֿאָרן אין אַמט־נסיעות קיין מאָסקווע און קיעוו און זיין אין קאָנטאַקט מיט אַ קרייז באַקאַנטע און פֿריינד פֿון דער יידישער וועלט. אָבער ס'איז ניט געווען מיט וואָס צו אָטעמען. עס האָט געדריקט. עס האָט געשטיקט. האָב איך געפֿילט פּערזענלעך, דירעקט אויף זיך, דעם אַנטיסעמיטיזם? ניין. עס זיינען געווען גוטע און קאָרעקטע באַציִונגען אויף דער אַרבעט. עס זיינען ניט געווען קיין פּרווון אַרויסצושטויסן מיך פֿון דער אַרבעט. מען האָט מיך קיין מאָל ניט באַליידיקט ווי אַ זשיד... איך פֿלעג אַפֿילו באַקומען „קאָמפּלימענטן". אָבער אין דעם קרייז פֿון נאָענטע מיטאַרבעטער מיט וועלכע איך האָב זיך געפֿונען אין די בעסטע חברישע באַציִונגען, האָט מען ביי אַ צוזאַמענטרעף נאָך עטלעכע כּוסות וואָדקאַ, גענומען זיך שיטן מיט וויצן וועגן אַבכאַמען און סאַכען (דאָס מיינט מען די טיפּישע יידישע נעמען אברהם און שרה. מען לאַכט אַזוי פֿון ייד וואָס רעדט ניט כּאילו אויס די אות ר), און פֿון די אַנעק־דאָטן גייט מען אַריבער אויף ערנסטע געשעענישן אין וועלכע עס זיינען פֿאַר־מישט דווקא יידן און נאָר יידן... און פּלוצלינג הייבט זיך אויף דער עלטסטער לויטן ראַנג אין דעם צוזאַמענטרעף, למשל, דער הויפּט־אינזשינער פֿון אונדזער אַנשטאַלט — זייער אַן אינטעליגענטער, ליבעראַלער, רייסט איבער די יום־טוב־דיקע פּלאַפּלערייען און ווענדעט זיך צו מיר:

— אַראָן יאָסיפּאָוויטש, מיר ווילט זיך, ספּעציעל מיט אייך, נעמען נאָך אַ כּוס פֿון אונדזער רוסישער וואָדקאַ.

— מיט וואָס האָב איך דאָס פֿאַרדינט אַזאַ באַזונדער כּבוד?

— ווייל מיר שעצן אייך זייער. איר זייט ניט ענלעך אויף זיי.

— פּאַוועל יעפימאָוויטש, אויף וועמען בין איך ניט ענלעך? ווער זיינען דאָס די זיי?

— איר זייט ניט ענלעך אויף די אַבּכאַמעס און סאַכעס.

— אָבער, פּאַוועל יעפימאָוויטש, איר פאַרגעסט אַז אַלע אַבּכאַמעס און סאַכעס זיינען ענלעך אויף מיר.

— אָ, אַראָן איאָסיפּאָוויטש, איר זייט אַ גרויסער שוטניק...

קען מען דאָס אָנרופן אַנטיסעמיטיזם? ס׳איז דאָך נישט מער ווי אַ לייכטער, הומאָריסטישער, רייִן חברישער ווערטער־אויסטויש...

און נאָך דעם „חברישן״ יום־טובדיקן צוזאַמענטרעף בין איך אין אַ שווערער דעפּרעסיע. איך בין אויפגערעגט און בייז אויף זיך אַליין הלמאי האָב איך ניט געהאַט דעם כּוח און דעם מוט אויסצוגיסן דעם כּוס רוסישע וואָדקאַ אין פּרצוף פון „ליבעראַלן אינטעליגענט״, אָדער לכל הפּחות אַ קלאַפּ טאָן מיט דער טיר און דעמאָנסטראַטיוו פאַרלאָזן דעם „פריינדלעכן צוזאַמענטרעף״...

עס האָבן זיך געשלעפּט טעג, חדשים און יאָרן איינע און די זעלבע, נודנע און גראָע, אָנגעפּילטע מיט ווייטיק און מיט יאוש. פאַרשטייט זיך, ניט צו פאַר־גלייכן זיי מיט די טעג, חדשים און יאָרן אין בעלאָמאָר־קאַמבינאַט. אָבער דער בעלאָמאָר־קאַמבינאַטישער גייסט האָט געשוועבט איבער זיי. איך האָב זיך גע־פילט אין אַ גיגאַנטישער תּפיסה וואָס די זאָנע מיט די עלעקטריזירטע שטעכ־דראָטן און דורכגאַנג־בודקעס זיינען ווייט־ווייט, טויזנטער קילאָמעטערס פון דיר, אָבער זיי זיינען פאַראַן אָט די שטעכלדראָטן. און נעבן דיר, ביי יעדן טראָט דיינעם, איז דאָ דער דריטער אַפּטייל, די סאָוועליעווס און וויקטאָראָווס און דו ביסט הילפלאָז...

אָבער פּונקט ווי אין די ביטערע און שרעקלעכע טעג פון בעלאָמאָר־קאַמבי־נאַט, פּונקט אַזוי ווי אין די ברענענדיקע, פּראָסטיקע נעכט פון מאָנטשע־טונדרא, האָט אונטערגעהאַלטן דאָס לעבן דער פונק פון האָפענונג וועגן דער פרייהייט — און פאַר מיר פרייהייט האָט אַלע מאָל באַדייט נאָר ארץ־ישׂראל — אַזוי האָט אויך איצט אונטערגעהאַלטן מיין לעבן דער זעלבער פונק פון טרוים און האָפענונג...

אַ ליכטיקער, זוניקער שטראַל וואָס האָט געגעבן כּח דעם דאָזיקן פונק איז געווען „קול ציון לגולה״. איך בין יעדן אָוונט געווען 30 מינוט אין ארץ־ישׂראל. אין מעת לעת זיינען פאַראַן 1440 מינוט. 30 פון זיי האָב איך געאָטעמט מיט דער לופט פון מיין לאַנד. אַ נאָרמאַלן מענטש איז מסתּמא שווער צו פאַרשטיין דאָס געפיל. אָבער ס׳איז ניט קיין איבערגעטריבענע מליצה, ווען איך וועל זאָגן אַז די 30 מינוט זיינען געווען די טייערסטע און וויכטיקסטע. איך האָב אויף די טייערע מינוטן ניט מוותּר געווען. און יעדן אָוונט בין איך געווען צוגעשמידט

צום ראַדיאָ־אַפּאַראַט און געשלונגען יעדן וואָרט פון דאָרט — פון מיין לאַנד וואָס איז אָפּגעשיידט פון מיר. מיך האָט געפריית די דערגרייכונגען פון דער לאַנדווירטשאַפט, פון דער אינטענסיוו אַנטוויקלענדיקער אינדוסטריע און שעפע־רישער בויונג פון מיין יונגער מדינה, און איך האָב געוויטיקט איבער די טע־ראָר־אָנפאַלן פון די פעדאַינען אויף גרענעצן פון לאַנד, ווי אויך די קרבנות פון אונדזערע יידישע קינדער אין די בלוטיקע צוזאַמענשטויסן...

אין יאָר 1962 האָט זיך איינגעגעבן איינצושטעלן דעם בריוו־אויסטויש מיט אונדזער שוועסטער אַסנה אין ארץ־ישׂראל. ווי איך האָב שוין פריִער דערמאָנט איז אסנה געווען די איינציקע אין אונדזער משפּחה וועלכע האָט אין יאָר 1925 זוכה געווען עולה צו זיין קיין ארץ־ישׂראל. אין משך פון איבער 10 יאָר האָבן מיר אָנגעהאַלטן מיט איר אַ רעגולערן בריוו־אויסטויש. אין דער צווייטער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן, ווען אין ראַטן־פאַרבאַנד האָט געבושעוועט די טעראָר־כוואַליע, האָט זיך איבערגעריסן די פאַרבינדונג — ס'איז פּשוט געווען אַ גרויסע סכּנה זיך איבערצושרייבן, ווייל אַ בריוו־אויסטויש מיט אויסלאַנד האָט גע־קענט ווערן אויסגעטייטשט ווי שפּיאָנאַזש. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך איינגעשטעלט די פאַרבינדונג מיט אונדזער שוועסטער — זי האָט זיך אי־בערגעשריבן מיט אונדזער עלטערן ברודער הערשל און האָט אַפילו געשיקט עטלעכע פּעקלעך. עטוואָס שפּעטער האָט זיך די פאַרבינדונג ווידער איבערגע־ריסן. איין מאָל, ווען עס איז געקומען פון אַסנהן אַ פּעקל, האָט מען הערשלען אַרויסגערופן אין די „אָרגאַנען" און אים „געגעבן צו פאַרשטיין", אַז באַקומען פּעקלעך פון אויסלאַנד באַדייט דאָס דיסקרעדיטירן דאָס סאָוועטישע היימלאַנד אין וועלכן אַלע בירגער לעבן אין ווילשטאַנד און נויטיקן זיך ניט אין הילף פון דער בורזשואַזער וועלט. מען האָט אויך געגעבן אַ רמז אַז פאַר אַן ערלעכן סאָוועטישן בירגער פּאַסט ניט אָנצוהאַלטן קאָנטאַקטן מיט דער אימפּעריאַליס־טישער ישׂראל. הערשל האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען דאָס פּעקל און אויפגע־הערט איבערשרייבן זיך מיט אסנהן.

די צייט איז געגאַנגען. אונדזער ברודער הערשל איז געשטאָרבן. מיר האָבן אָנגעוואָרן די שפּורן פון אונדזער שוועסטער. און פּלוצלינג, אין 1962, האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פון אסנהן. זי האָט מצליח געווען מיט גרויסע שוועריקייטן צו פאַלן אויף אַ שפּור צו אונדז און עס האָט זיך באַגייט, איינגעשטעלט דער בריוו־אויסטויש. די שוועסטער האָט געשיקט אירע בריוו צו אַ יידן וועלכער האָט געוווינט אין דער שטאָט מאָלאָדיעטשנאָ (מערב ווייס־רוסלאַנד) און וועלכער האָט געהאַט אַ לאַנג־יאָריקן בריוו־קאָנטאַקט מיט זיין ברודער אין ירושלים. און מיר האָבן זיך באַנוצט מיט אַ „קאָנספּיראַציע־סיסטעם". איך האָב מיינע בריוו צו

דער שוועסטער ניט אַריינגעוואָרפֿן אין די פּאָסט־קעסטלעך פֿון מיין שטאָט. איך פֿלעג גיין צו דער אייזנבאַן־סטאַנציע אין דער צייט, ווען עס גייט דורך דער פּאַסאַזשיר־פּאָסט־באַן דאָנבאַס־מאָסקווע און פֿלעג אַריינוואַרפֿן דעם בריוו דירעקט אין דעם פּאָסט־וואַגאָן. אָדער איך פֿלעג אָפּשיקן די בריוו, זייענדיק אין אַמט־קאָמאַנדירונגען אין מאָסקווע, קיעוו, אָדער אַנדערע שטעט. אויף די קאָנווערטן פֿלעג איך ניט שרייבן מיין נאָמען און מיין אַדרעס. איך פֿלעג אויסטראַכטן פֿאַר־שיידענע נעמען און פֿאַרשיידענע אומגעלופּערטע אַדרעסן פֿון אָפּשיקער. די שוועסטער האָט געוווּסט אַז דאָס זיינען אויסגעטראַכטע נעמען און אַדרעסן. זי האָט געשיקט אירע בריוו צו יענעם יידן אין מאָלאָדיעטשנאָ...

פּחד? יאָ, פּחד! ס׳איז געווען גרויס דער פּחד. אָנהאַלטן אַ סיסטעמאַטישן קאָנטאַקט מיט ארץ־ישׂראל איז געווען אַ שווערער פֿאַרברעכן. און אפֿשר איז דער פּחד ניט געווען באַרעכטיקט? אפֿשר האָב איך מגזם געווען? אפֿשר איז דאָס געווען מיינע אַ פּערזענלעכע שוואַכקייט? איך ווייס ניט. מעגלעך אַז איך בין געווען אַ פּחדן. אָבער עס כאַראַקטעריזירט זיכער די צייט און דעם רעזשים אין לאַנד אין וועלכן איך האָב געלעבט מיט דעם פּחד...

אין מיין לעבן האָט אַריינגעשטראָמט אַ נייער, וואַרעמער שטראָם. עס איז פֿרישער געוואָרן דאָס גרוי־וואָכעדיקע לעבן. טיף־טיף אין האַרצן האָבן זיך פֿאַרשטאַרקט די האָפֿענונגען, אַז די טרוימען וועלן אפֿשר פֿאַרווירקלעכט ווערן. עס זיינען ניט געווען קיין קאָנקרעטע מחשבות וועגן פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל. ניין. איך האָב ניט געהאַט די העזה צו טראַכטן וועגן דעם: נאָר עפּעס האָט זיך פֿאַרט געוואָלט האָפֿן. דער פֿאַרבאָרגענער פֿונק האָט אָנגעהויבן גליִען שטאַר־קער. פֿאַר וואָס? איך ווייס אַליין ניט. אָבער — ס׳איז אַ פֿאַקט. מיט יעדן בריוו האָב איך געפֿילט אַז עפּעס וועט פֿאָרקומען. ווען וועט עס פֿאָרקומען? ניט באַ־וווּסט. קיין שום סימנים. נאָר אַ קלאָרער און דייטלעכער געפֿיל אַז עפּעס רוקט זיך אָן. דאָס איז געווען ביי מיר אַ בריוו־אויסטויש ניט נאָר מיט מיין שוועסטער נאָר אויך מיט מיין לאַנד...

און די געשעענישן האָבן זיך אַנטוויקלט: מיר האָבן באַקומען אַ ידיעה פֿון אונדזער שוועסטער אַז אין סעפּטעמבער 1963 וועט זי קומען אין ראַטן־פֿאַר־באַנד ווי אַ טוריסטין. אין איר מאַרשרוט איז אויך געווען די שטאָט מינסק. (ווי באַוווּסט האָבן טוריסטן וועלכע באַזוכן ראַטן־פֿאַרבאַנד דאָס רעכט צו זיין בלויז אין יענע ערטער וועלכע זיינען אָנגעמערקט אין דעם פֿאָרויס באַשטימטן מאַרש־רוט).

דאָס איז געווען פֿאַר מיר אַן אויסערגעוויינלעכע געשעעניש. מיר האָבן זיך געדאַרפֿט באַגעגענען אין מינסק. שוין כמעט פֿיר צענדליק יאָר ווי מיר האָבן זיך ניט געזען. געלעבט אין פֿאַרשיידענע וועלטן. פֿון אונדזער גרויסער משפּחה האָט זי אַליין זוכה געווען צו לעבן ביי זיך אין דער היים. זי וועט קומען און

געפינען דעם גרויסן חורבן אין אונדזער משפחה. זי האָט דאָך ניט געוווּסט וועגן דעם אויף טויט פאַרפּייניקטן ברודער נח און דעם נאָך דעם צווייטן אַרעסט אומ־געקומענעם ברודער יענקל. זי האָט אויך ניט געוווּסט אַז אונדזערע שוועסטער שפרה און סאָניע מיט זייערע קינדערלעך זיינען אומגעקומען אין מינסקער געטאָ. זי האָט ניט געוווּסט אַז נח׳ס טאָכטער איז דערמאָרדעט געוואָרן אין יאָר 1953. זי האָט גאָרניט געוווּסט... לויט איר טוריסטישן פּלאַן האָט זי באַדאַרפט זיין אַ וואָך אין מינסק. איך בין געוועזן ניט געזונט. איך האָב דורכגעמאַכט אַן ערנסטע אָפּעראַציע און דערצו נאָך געהאַט אַ לונגען־אָנצינדונג. אָבער דאָס איז דווקא געווען לטובה. איך האָב געהאַט אין מיין רשות 10 טעג מעדיצינישן אורלויב און איך בין אַרויסגעפאָרן קיין מינסק. ס׳איז אויך געקומען מיין ברודער פּיניע פון מאָסקווע און די שוועסטער בתיה פון באַראַנאָוויטש.

אסנה דאַרף מאָרגן קומען אין מינסק פון לענינגראַד. דאָס וויסן מיר. ווי אַזוי וועט זי קומען? מיט דער באַן, צי מיט אַן אַעראָפּלאַן? מיר וויסן ניט. ווען וועט זי קומען, וויפל אַ זייגער? מיר וויסן ניט. ווּהין גיין זי באַגעגענען? מיר האָבן ערנסט באַהאַנדלט די פראַגע אויף אַ משפחה־באַראַטונג. מיר האָבן זיך דערוווּסט ווען עס קומט אָן פון לענינגראַד דער אַעראָפּלאַן און ווען — די באַן. מיר צעטיילן זיך אויף צוויי גרופּעס און גייען איןביידע ערטער? צום סוף בין איך אַוועק מיט מיינעם אַ שוועסטערקינד — אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי — אין אינטוריסט, אין דער סאָוועטישער ביוראָ, וועלכע פאַרנעמט זיך מיט אויסלענדישן טוריזם, כּדי צו באַקומען אַ גענויע אינפאָרמאַציע ווען עס דאַרף אָנקומען די טוריסטן־גרופּע פון ישׂראל. איך האָב זיך געווענדעט צו אַ מיטאַרבעטערן פון דער ביוראָ:

— אונדז איז באַוווּסט אַז מאָרגן קומט קיין מינסק אַ גרופּע טוריסטן פון ישׂראל. זייט אַזוי גוט און זאָגט אונדז גענוי, וויפל אַ זייגער קומט זי אָן, און ווּ דאַרף מען זי באַגעגענען — אויף דעם באַן־וואָקזאַל, צי אויף דעם אַעראָ־דראָם?

— צוליב וואָס דאַרפט איר דאָס וויסן?

— ווייל אין דער טוריסטן גרופּע איז אויך פאַראַן אונדזער שוועסטער.

— אַנטשולדיקט. איין מינוט. תיכּף קער איך זיך אום — האָט אונדז איידל געזאָגט די פרוי און איז אַוועק.

זי האָט זיך גיך אומגעקערט און אונדז אַריינגעבעטן אין אַ צווייטן, פאַר־מאַכטן צימער. דאָרט איז געזעסן אַ יונגערמאַן. ער האָט אונדז אָפּגעמאָסטן מיט אַ שאַרפן קוק פון קאָפּ ביז די פיס און געפרעגט:

— איז וואָס אינטערעסירט אייך ביי אונדז אין ביוראָ?

— ווי איז אייער פאַמיליע־נאָמען און אַדרעס?

איך האָב געענטפערט מיט אַן אויסגעטראַכטן נאָמען און געגעבן ניט קיין ריכטיקן אַדרעס.

— באַווייזט מיר, ביטע, אייער פּאַספּאָרט.

איך האָב אַ טאַפּ געטאָן אַלע מיינע קעשענעס און געזאָגט:

— איך באַדויער זייער, מיין פּאַספּאָרט איז איצט ניט ביי מיר.

— איז גייט אַהיים, נעמט אייער פּאַספּאָרט און קומט צו מיר. דאַן וועל איך אייך געבן אַ פּינקטלעכע אינפאָרמאַציע וועגן אויסלענדישע טוריסטן...

— אַ גרויסן דאַנק.

מיין שוועסטערקינד שאול איז געשטאַנען אַ פּאַרגליווערטער אַזוי ווי דאָס לשון וואָלט אים אָפּגענומען. ווען מיר זיינען אַרויס פון ביוראָ איז ער אויף מיר אָנגעפאַלן:

— וואָס האָסטו געטאָן? אַהרון, וואָס האָסטו אָנגעטאָן? צוליב וואָס האָסטו מיך געשלעפּט צו זיי?

— איך האָב דיך געשלעפּט? דו האָסט דאָך אַליין אָנגעבאָטן זיך צו גיין מיט מיר. מסתּמא האָסטו געוואָלט אָנווענדן דיין פּאַרטייִישע קאָנטראָל אויף מיר. וואָס שרייסטו אויף מיר? איך בין שולדיק וואָס מען האָט אונדז איינגעלאַדן רעדן מיט אַ קעגעביסט?

— דו מיינסט, אַז עס איז געווען פון ק. ג. ב.?

— וואָס זשע מיינסטו, ער איז געווען פון די חובבי ציון?...

און ווידער איז פּאָרגעקומען אַן ערנסטע משפּחה־באַראַטונג. דעם אינצידענט אין אינטוריסט האָט מען באַהאַנדלט פון טויזנט שטאַנדפּונקטן און דער אויספיר איז געווען — שלעכט. ניט גוט... צום סוף האָט מען באַשלאָסן אַז ווי באַלד די באַן פון לענינגראַד דאַרף אָנקומען 3.30 בייטאָג און דער אַעראָפּלאַן — 5 אין אָוונט, דאַרף מען מאָרגן פון 3 בייטאָג ביז 6 אין אָוונט זיך אַרומדרייען נעבן דעם צענטראַלן האָטעל „מינסק", אין וועלכן מען קוואַרטירט איין אויסלענדישע טוריסטן און ווען די גרופּע טוריסטן פון ישׂראל וועט אָנקומען מיט אַן אויטאָבוס (מען וועט דאָך זיי דערקענען לויט די נעזער אַז זיי זיינען אַלע יידן), וועט מען אָפּזוכן אסנהן ביים אַריינגאַנג אין האָטעל און דאַן זיך צונויפרעדן וועגן די ווייטערדיקע באַגעגענישן. אַזאַ באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן פּה אחד. די דיס־קוסיע האָט זיך אַנטוויקלט אַרום דער פראַגע: ווער וועט זיך אַרומדרייען נעבן האָטעל? מיין ברודער פּיניע און דער שוועסטערקינד שאול (דאָס איז געווען די „קאָמוניסטיש־פּאַרטייִשע פראַקציע" אויף דער באַראַטונג) האָבן קאַטעגאָריש געטענהט אַז מיין קאַנדידאַטור קומט אַפילו ניט אין באַטראַכט. איך בין פּסול 100%. זיי ביידע, אַלס פּאַרטיי־לייט קענען אויך ניט גיין. עס פּאַסט ניט. די שוועסטער בתיה דאַרף אויך ניט גיין — עס קען אפשר שאַטן אירע קינדער

וועלכע אַרבעטן אין מינסק. וואָס זשע טוט מען? האָבן זיך אָפּגערופן צוויי פריי־וויליקע — דווקא ווייטע קרובים. זיי וועלן גיין.

— איך האָב זיי אין דער ערד — האָט איינער געזאָגט.

— אָבער איר קענט דאָך ניט אסנהן. איר האָט זי קיין מאָל אין לעבן ניט געזען.

— עס מאַכט ניט אויס. מיר וועלן זי שוין געפינען.

אין אָוונט זיינען זיי געקומען און דערציילט: די ישׂראלדיקע טוריסטן־גרופּע איז אָנגעקומען פון לענינגראַד מיט דעם אַעראָפּלאַן. 5.30 איז צוגעגאַנגען דער אויטאָבוס צו דעם האָטעל „מינסק". אונדזערע צוויי „גיבורים" האָבן דערהערט רעדן עברית וואָס זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען, אָבער ס'איז געווען קלאָר אַז דאָס זיינען אַלע יידן. איז באַריס געגאַנגען צווישן די טומלענדיקע טוריסטן און גע־רופן שטילערהייט: אסנה שביד, אסנה שביד, אסנה שביד... און אסנה האָט זיך אָפּגערופן:

— ווו זיינען מיינע ברידער, שוועסטער? גאָט מיינער, ווו זיינען זיי?

— באַרויִקט זיך, אַלץ איז בסדר. מאָרגן אין דער פרי, 8 אַ זייגער וועלן אַלע זיין דאָ ביים האָטעל און מיר וועלן אַלע זיין אין איינעם...

און די צוויי, אומבאַקאַנטע פאַר אסנהן, זיינען נעלם געוואָרן...

מאָרגן אין דער פרי האָבן מיר איינציקווייז, פון פאַרשיידענע זייטן און גאַסן, זיך צונויפגעזאַמלט, ווי אין עפּעס אַ שפּאַנענדיקן קינאָ־פילם, און מיר זיינען צוגעגאַנגען צו דער פאַרשטיינערטער אסנהן וועלכע איז געשטאַנען ביי דער אַריינגאַנג־טיר פון האָטעל. מיר האָבן זיך געהאַלדזט, געקושט, געשלונגען די טרערן און אַוועקגעגאַנגען... דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן מיט אַ שטילן מיס־טעריעזן ציטער. דער לעצטער איז צוגעגאַנגען דער שוועסטערקינד שאול, גענו־מען אַסנהן אונטערן האַנט און איז אַוועק מיט איר צו זיך אַהיים. און מיר אַלע, ווידער איינציקווייז, מיט פאַרשיידענע גאַסן, זיינען געגאַנגען צו שאולן, כדי פּראַווען אין איינעם מיט אונדזער שוועסטער אסנה אַ יום־טובדיקע סעודה...

אַזוי האָבן מיר פריִער געהאַט אויסגעפּלאַנט און אַזוי האָט זיך פאַרווירק־לעכט דער פּלאַן צו באַגעגענען זיך מיט דעם „אַגענט פון ציוניסטישן אימפּע־ריאַליזם" — מיט אונדזער שוועסטער אסנה וועלכער מיר האָבן ניט געזען קאַרגע 40 יאָר...

קען מען דאָך ווידער זאָגן, און אפשר מיט רעכט, אַז אונדזער אויפפירונג איז געווען אַ פּאַנישע. עס איז ניט געווען קיין סיבה צו אַ באַרעכטיקטן פּחד. אָבער ס'איז אַ פאַקט. אַזוי איז עס געווען. די מאַרקסיסטישע דאָקטרינע שטעלט פעסט אַז דער באַוווסטזיין פון מענטשן ווערט באַשטימט דורך דער ווירקלעכ־קייט. און דער פּחד, זאָל זיין אַ גוזמהדיקער פּחד, איז געווען בלי שום ספק אַ רעזולטאַט פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט...

מיר זיינען געזעסן ביים יום־טובדיקן טיש אין דעם קליינעם צימער ביי פאַרהאַקטע טיר און פענצטער. שאול האָט געוואָרנט ניט צו רעדן ביים טיש וועגן פּאָליטיק, ניט פונאַנדערפרעגן וועגן די לעבנס־באַדינגונגען אין ישׂראל און ניט דערציילן וועגן די לעבנס־באַדינגונגען אין ראַטן־פאַרבאַנד. וועגט האָבן אויערן. איז מען געזעסן געשפּאַנטע. די געהאַקטע הערינג איז ניט געקראָכן אין האַלדז. מיין שוועסטער בתיה האָט אָנגעהויבן שטיל, שעפּטשענדיק זינגען „לאָמיר אַלע אין איינעם, אין איינעם אונדזער שוועסטער מקבל פּנים זיין". מען האָט אונטערגעכאַפּט און געזונגען. שטילערהייט. שאול האָט פאַרגעסן זיין ראָז׳ און אויך אונטערגעזונגען. האָב איך זיך אָנגענומען מיט חוצפּה און דעם צווייטן קופּלעט קלאָר און דייטלעך סאָלאָ אויסגעזונגען „לאָמיר אַלע אין איינעם, אין איינעם ארץ ישׂראל מקבל פּנים זיין!"

— שטיל זאָל זיין! — האָט אויסגעשריִען שאול. און שעפּטשענדיק און כריפּענדיק האָט ער מיר אַריינגעברומט אין אויער — דו ווילסט מיך פאַרשיקן אין סיביר?... ביי מיר אין שטוב ארץ ישׂראל?!...

ער איז געווען גערעכט. איך האָב ניט אָפּגעהיט די תנאים פון אָפּמאַך. איך האָב אָפּגענאַרט שאולן. איך האָב אויסגענוצט זיין דירה אויף ניט דערלאָזבאַרע צוועקן...

מיר האָבן ווי ניט איז אויפגעגעסן דעם שטיקל עוף מיט דעם אָפּגעקילטן צימעס. אַסנה האָט פונאַנדערגעטיילט די מתּנות וועלכע זי האָט פאַר אַלעמען געבראַכט און מיר זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. שאול האָט אָפּגעפירט אונ־דזער שוועסטער אין האָטעל.

אין משך פון אַ וואָך צייט האָבן מיר זיך יעדן טאָג באַגעגנט מיט אסנהן אויף פאַרשיידענע ערטער און אַלע באַגעגענישן זיינען געווען עפּעס ווי אין אַ מאָדנעם נעפּל... די עטלעכע שעה פון אונדזער באַגעגעניש פלעגן אַדורך געשפּאַנ־טע, אָנגעשטרענגטע. מיר האָבן ניט באַוויזן אַפילו גוט אויסצורעדן די הערצער איינער פאַר דעם אַנדערן. און מיר האָבן זיך געזעגנט צעבראָכענע. אַסנה האָט פאַרגעזעצט איר „טוריזם" אין ראַטן־פאַרבאַנד אָן קיין שום אינטערעס און טעם און איז אַוועקגעפאָרן מיט אַ צעוויייטיקט האַרץ צו זיך אַהיים. מיר זיינען פאַר־בליבן מיט צעבראָכענע הערצער וואַלגערן זיך אין דער פרעמד...

איך האָב פאַרגעזעצט אַן אינטענסיוון בריוו־אויסטויש מיט מיין שוועסטער אין ארץ ישׂראל. יעדע וואָך אַ בריוו. איך ווייס ניט פאַר וואָס, נאָר דער אינער־לעכער, טיף באַהאַלטענער געפיל פון האָפענונג, האָט זיך געשטאַרקט. און די צייט גייט. און זי איז אָנגעפילט מיט ווידערשפּרעכלעכע געפילן פון יאוש און האָפענונג...

ווידער אַן אומדערוואַרטע בשׂורה. זומער 1965 — אַ בריוו פון דער

שוועסטער: זי פֿאָרט אַרויס אין אַ טוריסטישער נסיעה. דער מאַרשרוט: מאָס־קווע—ווילנע—לענינגראַד—אָדעס. זי האָט ניט געקענט רוען אונדזער שוועסטער. זי האָט זיך געמוזט זען מיט אונדז. אונדזער חוב איז געווען צו אָרגאַניזירן דאָס מאָל די באַגעגעניש פֿון אסנהן און דאָס זיין מיט איר די קורצע צייט ניט אַזוי ווילד און אומגעלומפּערט־נאַריש ווי עס איז געווען מיט צוויי יאָר צוריק. איך האָב ענדגילטיק באַשטימט צו באַגעגענען אַסנהן אין מאָסקווע און באַגלייטן זי אין איר גאַנצער טוריסטישער נסיעה. אויב נאָר עס וועט זיך איינגעבן צו קריגן אורלויב אויף אַ חודש צייט. אויס פּסיכאָז פֿון פּחד. וואָס קען טרעפֿן? זיי וועלן דערפֿאַר אַרעסטירן? ניין. מען קען זיין זיכער אַז ניין. וועלן זיי אַראָפּנעמען פֿון דער אַרבעט? עס קען טרעפֿן אַז פֿון דעם אַמט אַלס הויפּט־עקאָנאָמיסט וועלן זיי מיך אַראָפּנעמען. איז מילא, וועל איך זיין אַ פּשוטער עקאָנאָמיסט, ניט קיין הויפּט. כאַפּט זיי דער שוואַרץ־יאָר... אַ סוף. ס'איז ניטאָ וועגן וואָס צו רעדן. איך האָב ענדגילטיק באַשלאָסן.

מיט פֿאַרשיידענע קאָמבינאַציעס פֿון אָפּנאַרערײַ איז מיר געלונגען צו באַ־קומען אורלויב אויף „אייגענעם חשבון", ד. ה. אָן געהאַלט, אָבער לײַדער נאָר אויף צוויי וואָכן. דער נאַטשאַלניק האָט זיך פֿאַרעקשנט און מיר נישט געוואָלט געבן קיין גאַנצן חודש. אָבער צוויי וואָכן איז דאָך אויך אַ וואַזשנע זאַך. דאָס האָט באַדייט אַז איך וועל קענען זיין מיט דער שוועסטער אַ וואָך אין מאָסקווע און אַ וואָך אין ווילנע. 14 טעג וועל איך זיין מיט איר.

אין מאָסקווע וווינט אונדזער ברודער פּיניע, נאָר עס האָט ניט געקענט זיין קיין רייד אַפֿילו אַז זיין דירה זאָל זיין דאָס אָרט פֿון די באַגעגענישן מיט דער שוועסטער אין משך פֿון אַ וואָך צייט. פּיניע און זיין ווייב זיינען מיטגלידער פֿון פּאַרטיי. איך האָב אַפֿילו ניט געפּרוווט רעדן מיט זיי וועגן דעם. איך האָב געדונגען אַ צימער אין אַ פּריוואַטער דירה אין אַ פֿאָרשטאָט פֿון מאָסקווע פֿאַר מיר און פֿאַר מיין שוועסטער בתיה מיט איר מאַן, וועלכע זיינען געקומען פֿון באַראַנאָוויטש צו דער באַגעגעניש מיט אסנהן. (מיין שוועסטער בתיה'ס מאַן אַלעקסאַנדער פּוטשקין וועלכער איז געווען איר גרויליקער טעות און אומגליק אין לעבן, איז אומגעקומען אין די מלחמה־שלאַכטן און מיין שוועסטער האָט פֿאַר־בונדן איר לעבן מיט אַ האַרציקן מענטשן, וועלכער האָט זיך פֿאַר זיין ציוניס־טישער טעטיקייט אָפּגעוואַלגערט 10 יאָר אין די לאַגערן אויפֿן סאָוועטישן וויטן מזרח. זיי זיינען ביידע גליקלעך).

אויף דעם מאָסקווער אַעראָוואָקזאַל „וונוקאָוואָ" האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן 25—30 יידן, כּדי באַגעגענען זייערע קרובים פֿון ארץ ישראל. אַלע זיינען געווען

מיט בלומען אין די הענט און אין אַ געהויבענער, פייערלעכער שטימונג. עס האָט עפּעס געשמעקט מיט אַ „דעמאָנסטראַציע”. די אַדמיניסטראַציע פון אַעראָ־וואָקזאַל האָט, ווי עס ווייזט אויס, באַשטימט אויסצומיידן די פייערלעכע באַגע־געניש פון ישׂראל־טוריסטן, ווייל ווען דער אַעראָפּלאַן איז אָנגעקומען און די גרופּע טוריסטן איז געגאַנגען צום הויפּט־אַריינגאַנג אין אַעראָוואָקזאַל, האָבן מיר באַמערקט אַז צו זיי איז צוגעלאָפן אַן אַדמיניסטראַטאָר און זיי געשיקט אין אַן אַנדערע ריכטונג. מיר האָבן זיך אָבער גיך דערוווּסט אַז מען פירט די גרופּע דורך אַן אונטערערד־טונעל און אַלע האָבן זיך געלאָזט אַהין. איך בין געלאָפן אין טונעל און געשריגן הויך: אַסנה, אַסנה. אַנדערע מענטשן האָבן געשריגן די נעמען פון זייערע קרובים. אין טונעל איז געווען אַ גוואַלדיקער טומל וועלכער האָט אָפּגעהילכט פון איין עק צום אַנדערן. ס'איז געווען אויסטערליש סימבאָליש: סאָוועטישע יידן לויפן אונטער דער ערד באַגעגענען זיך מיט זייערע קרובים — ברידער און שוועסטער פון ארץ ישׂראל... און אַזוי אין דער פינצטער, אין אונ־טערערד־טונעל פון ווגוקאָווער אַעראָוואָקזאַל אין מאָסקווע, האָב איך זיך אַרומ־גענומען און צעקושט מיט מיין שוועסטער...

אויף דעם פּלאַץ נעבן אַעראָוואָקזאַל האָבן געוואַרט ספּעציעלע אויטאָבוסן, וועלכע האָבן באַדאַרפט איבערפירן די טוריסטן קיין מאָסקווע אין האָטעל. איך האָב זיך אָנגענומען מיט חוצפּה און מיט עקשנות און מיט גוואַלד אַריינגעשטופּט זיך אין איינעם מיט די טוריסטן אין אויטאָבוס. עס זיינען געווען נאָך אַ צענדליק אַזעלכע חוצפּהניקעס. עס האָבן ניט געהאָלפן קיין געשרייען. מיר האָבן די אויטאָבוסן ניט פאַרלאָזט. איך האָב באַגלייט מיין שוועסטער ביז איר צימער אין האָטעל און געזעסן מיט איר ביז מען האָט מיך אַרויסגעטריבן...

אַ וואָך צייט זיינען מיר געווען אין מאָסקווע. אַסנה האָט נאָר גענעכטיקט אין האָטעל. אָבער גוטע 12—14 שעה אַ טאָג זיינען מיר געווען אין איינעם. און דערנאָך זיינען מיר געווען אין איינעם 8 טעג אין ווילנע. דאָס זיינען געווען וווּנדערבאַרע שעהן און טעג. זיי זיינען אָבער פאַר מיר געווען זייער ליידנספולע. איך האָב שאַרפער און בולטער דערפילט אַז ארץ־ישׂראל איז פאַר מיר שוין ניט קיין פראַגע פון ציוניסטישער אידעאָלאָגיע. ארץ ישׂראל איז פאַר מיר אַ פראַגע פון לעבן — פּשוטן פיזישן לעבן. איך האָב קלאָר און דייטלעך געפילט אַז איך וועל לאַנג ניט אויסהאַלטן, איך וועל ניט קענען לאַנג „ציען די ליאַמקע”. פּשוטו כמשמעו. און אסנה האָט עס אויך געפילט. פאַר אונדז ביידן איז געווען קלאָר אַז דערווייל איז עס נאָר אַ חלום. דאָס פאָרן קיין ארץ ישׂראל איז דאָך ניט אָפּהענגיק פון אונדז. מיין שוועסטער האָט מיך געפּרוּווט אַפילו באַרויִקן. אָבער איך האָב געפילט אַז איך גיי אַראָפּ פון זינען. איך קען אַנדערש ניט. אַנדערש האָט דאָס לעבן קיין שום זין ניט. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מען דאַרף קאָנקרעט אָנהייבן טאָן, כדי עס צו פאַרווירקלעכן. מיין שוועסטער דאַרף מיר שיקן די

נויטיקע פּאַפּירן און איך וועל אָפיציעל בעטן די דערלויבעניש. אין יענע צייטן זיינען ניט געווען קיין פּאַלן פון דערלויבן אַרויספאָרן קיין ישראל, נאָר עס זיינען שוין געווען פּאַלן פון דערלויבן צו פאָרן אַלס טוריסטן קיין ישראל. האָבן מיר באַשטימט, אַז אפשר איז בעסער צו בעטן אַ וויזע אַלס טוריסט...

מיין שוועסטער האָט שוין באַדאַרפט, לויט דעם פּלאַן פון איר גרופּע, אָפּפאָרן קיין לענינגראַד. און איך האָב ליידער געמוזט אומקערן זיך צו דער אַרבעט. דאָס מאָל האָט מיין שוועסטער מיך באַגלייט צום אַעראָפּלאַן אויפן ווילנער פלי־פעלד. ווען מיר האָבן זיך געזעגנט איז ביי מיר געווען אַ געפיל אַז די קומענ־דיקע באַגעגעניש אונדזערע וועט פאָרקומען אין ארץ ישׂראל.

איך האָב אויפגעהערט דאָס קאָנספּיראַציע־שפּיל מיט דעם בריוו־אויסטויש. איך האָב דאָך שוין געמוזט לעגאַליזירן זיך. זי האָט געשיקט אירע בריוו אויף מיין אַדרעס און אויף מיין נאָמען. און איך האָב מיינע בריוו געשיקט, אָנגעבנדיק מיין נאָמען און מיין צוריק־אַדרעס. אין עטלעכע חדשים אַרום נאָך דעם ווי איך האָב באַקומען פון מיין שוועסטער אַרום 10 בריוו אויף מיין אַדרעס, האָט מיך אַרויסגערופן דער פאַרוואַלטער פון קאַדרען אָפּטייל:

— דו האָסט קרובים אין אויסלאַנד?

— יאָ, איך האָב אַ שוועסטער אין ישׂראל.

— פאַר וואָס האָסטו ניט געשריבן וועגן דעם אין דיינע אַנקעטעס?

— איך האָב זיך ניט לאַנג צופעליק דערוווסט אַז מיין שוועסטער איז אין ישׂראל.

— וואָס הייסט צופעליק? דו ווייסט ניט ווו דיין משפחה איז?

— דו ווייסט ניט אַז די מלחמה האָט צעשיידט און צעשפּרייט מענטשן אויף דער גאַנצער וועלט? — האָב איך געפּרוּווט אָנפאַלן אויף מיין אויספאָרשער.

— פיל אויס נייע אַנקעטעס און פאַרגעס ניט אַריינצושרייבן אַלע קרובים וועלכע דו האָסט אין אויסלאַנד — האָט מיט פאַרביסנקייט געזאָגט דער פאַר־וואַלטער פון קאַדרען־אָפּטייל.

אָבער פאַרפאַלן. איך האָב די שפּיל שוין אָנגעהייבן און אַנטשידן זי פאַר־געזעצט.

און סוף כל סוף האָב איך אין אָנהויב יאָר 1966 באַקומען פון מיין שוועס־טער די פאַרבעטונג צו קומען קיין ישׂראל ווי איר גאַסט. קען אַ מענטש וואָס קען ניט די סאָוועטישע ווירקלעכקייט וויסן ווי שווער עס איז אָנצוגעבן אַ בקשה צו באַקומען אַ דערלויבעניש צו פאָרן אין אויסלאַנד אַפילו בלויז ווי אַ טוריסט? נאָר ס'איז ניט שרעקלעך. אין לך דבר העומד בפני הרצון. אויב מען וויל קען מען גובר זיין אַלע שוועריקייטן. די עיקרדיקע און שווערסטע פּראָבלעם איז געווען צו באַקומען אַ כאַראַקטעריסטיק פונעם אָרט ווו מען אַרבעט. דאָס מוז מען אָנגעבן אין איינעם מיט אַלע נויטיקע פּאַפּירן וועגן דער בקשה. די פראַגע

באַשטייט ניט אין דעם וואָס דער אָנפירער פון קאַדרען־אָפּטייל וועט געבן אַ שלעכטע כאַראַקטעריסטיק. דאָס איז כּמעט ווי אויסגעשלאָסן. זיי קענען דאָך ניט שרייבן אין דער כאַראַקטעריסטיק אַז דער מענטש אַרבעט שלעכט; אַז ער קען ניט, אָדער וויל ניט אַרבעטן גוט; אַז ער איז ניט דיסציפּלינירט, אָדער אַז ער איז פּאָליטיש ניט כּשר... מיט אַזאַ כאַראַקטעריסטיק וועט דער אָנפירער פון דעם אַנשטאַלט קאַליע מאַכן זיך אַליין — די געהעריקע אָרגאַנען וועלן דאָך מיט רעכט פרעגן: פאַר וואָס זשע האָלטסטו אַזאַ מענטש אין דיין אַנשטאַלט? די פראַגע באַשטייט אין דעם, וואָס דער אָנפירער פון אַנשטאַלט טוט וואָס ער וויל; וויל ער — גיט ער די כאַראַקטעריסטיק; וויל ער ניט — גיט ער ניט.

מיין נאַטשאַלניק — איוואַן סערגייעוויטש סווידאָווסקי — איז געווען אַ רשע מרושע און אַ גוואַלדיקער פּעדאַנט ביים אָפּהיטן אַלע פּאַרטייִשע דירעקטיוון. דערוואַרטן פון אים אַזאַ חסד — ער זאָל דעם הויפּט־עקאָנאָמיסט פון זיין אַנ־שטאַלט געבן אַ כאַראַקטעריסטיק, כּדי ער זאָל קענען פאָרן אין אַ טוריסטישער נסיעה אין דער זשידאָווסקער אימפּעריאַליסטישער מדינה? עס איז געווען אומ־מעגלעך צו טראַכטן וועגן דעם. האָב איך באַשטימט וואַרטן ביז דעם מאָמענט ווען סווידאָווסקי וועט אַוועקפאָרן אויף אַ געוויסער צייט און דאַן וועט דער הויפּט־אינזשינער אויספילן די פונקציעס פון נאַטשאַלניק. דער הויפּט־אינזשינער האָט זייער ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן און מען וועט קענען „אָרגאַניזירן" דעם ענין. וכך הווה. איך האָב אַליין אָנגעשריבן מיין כאַראַקטעריסטיק אין אַן איינגעהאַלטענער סטאַנדאַרטער פאָרם, דעם הויפּט־אינזשינערס סעקרעטאַרין — אַ יידישע פרוי, אונדזער אַ פריינדין — האָט די כאַראַקטעריסטיק אָפּגעדרוקט אויף פאָרמעלע בלאַנקען פון אַנשטאַלט און האָט איינגעלאַדן דעם באָס אויף אַ קליינער משפּחה־פייערונג און ווען ער איז שוין געווען אַ „פּאַרטיקער" נאָך עטלעכע גלעזער וואָדקאַ, האָט מען אים אונטערגערוקט דאָס פּאַפּירל און די כאַ־ראַקטעריסטיק איז געווען אין מיינע הענט...

און עס האָט זיך אָנגעהויבן די פיבערהאַפטע תקופה פון וואַרטן. עס שלעפּן זיך טעג, וואָכן, חדשים. איך קלאַפּ אָפּ די שוועלן פון „אָוויר". מען זאָגט ניט אָפּ. אַ סטאַנדאַרטער ענטפער: מען פאַרנעמט זיך מיט דעם ענין. וויפל דאַרף מען זיך פאַרנעמען כּדי צו געבן אַן ענטפער? אָדער מען דערלויבט יאָ, אָדער מען דערלויבט נישט. ס'איז דאָך אַזוי פּשוט. זיינען אָבער שוין דורך מער פון 8 חדשים און קיין ענטפער איז ניטאָ. האָבן זיי הנאה פון דעם וואָס מענטשן דענער־ווירן זיך און דער כּוס פון יאוש און צער גייט אַריבער? אָבער גיי שריי צו דער וואַנט. און שרייען טאָר מען ניט. און וואָס וועט העלפן דאָס שרייען? איך האָב באַשלאָסן אַז מען דאַרף זיך צוגעווינען צום געדאַנק, אַז איך פאַרבלייב ווידער מיט מיין נישט פאַרווירקלעכטן חלום. ס'איז זייער שווער, אָבער וואָס קען מען טאָן?...

איך בין געזעסן אין מיין אַמט־צימער און געווען פֿאַרטאָן אין דער אַרבעט. דער טעלעפֿאָן־קלונג האָט מיך געמאַכט עטוואָס אויפֿציטערן. דער נאַטשאַלניק פֿון קאַדרען־אָפּטייל בעט אַריינגיין צו אים אויף עטלעכע מינוט. איך האָב זיי ניט ליב אָט די נאַטשאַלניקעס פֿון קאַדרען־אָפּטיילונגען. ס׳איז באַוווּסט, אַז זיי זיינען כּמעט אַלע אַגענטן פֿון ק. ג. ב. ביי אים אין צימער איז געזעסן אַן אומ־באַקאַנטער מענטש. לויט עפּעס אַן אייגנאַרטיקן, ספּעציפֿישן אויסדרוק פֿון פּנים און באַזונדערן גלאַנץ פֿון די אויגן, האָב איך דערפֿילט אַז דער מענטש איז פֿון „דאָרט״. ווען איך בין אַריין אין צימער איז דער נאַטשאַלניק פֿון קאַדרען־אָפּטייל, ניט זאָגנדיק קיין איין וואָרט, אַרויס פֿון צימער און דער אומבאַקאַנטער מענטש האָט איידל, נאָר באַפֿעלעריש, געזאָגט:

— אַנטשולדיקט וואָס איך באַאומרויִק אייך. איך בין פֿון ק. ג. ב. ווייזן אייך מיין דאָקומענט? איך מיין, אַז ס׳איז ניט נויטיק. איך גיי איצט אַרויס און איר דאַרפֿט אין אַ מינוט אַרום אַרויסגיין נאָך מיר. איר גייט אַרויס פֿון דער געביידע און פֿאַרקערט לינקס. אויפֿן ראָג פֿון דער גאַס וועל איך וואַרטן נעבן מיין אויטאָמאָביל. איר וועט אַריין אין אויטאָמאָביל און מיר וועלן פֿאָרן אין אונדזער אַמט אַריין אויף אַ שמועס. ער איז אַרויס פֿון צימער.

איך בין געגאַנגען פּאַמעלעך פֿון פֿערטן עטאַזש. איך האָב געוואָלט געווינען צייט, כּדי עטוואָס צו באַנעמען וואָס עס קומט פֿאָר. איך ווייס ניט פֿאַר וואָס, נאָר איך בין געווען, פֿאַרהעלטעניש־מעסיק, קאַלטבלוטיק. וואָס קומט דאָ פֿאָר? איז דאָס אַ נייער סיסטעם פֿון אַרעסט? אין מיטן העלן טאָג אויף דער אַרבעט? עס זיינען דורך כּמעט 22 יאָר ווי איך האָב זיך אומגעקערט פֿון דער מלחמה און ס׳איז ניט געווען קיין רמז און סימן אַז זיי אינטערעסירן זיך מיט מיר. דער ענין מיט מיין בקשה צו פֿאָרן אַלס טוריסט קיין ארץ ישׂראל איז אין די דאָזיקע מינוטן אַרויס פֿון מיין זכּרון. איך האָב וועגן דעם אַפֿילו ניט געטראַכט. איך גיי און איך בין צופֿרידן פֿון דעם וואָס איך בין קאַלטבלוטיק. איך באַפֿעל זיך אַליין: זיי רויִק און היץ זיך ניט. אָבער איך פֿאַרשטיי גאָרניט. ס׳איז גרינג צו זאָגן — זיי רויִק! אין האַרץ דריקט און אין מוח עגבערט...

ער האָט דזשענטעלמעניש געעפֿנט פֿאַר מיר דאָס טירל פֿון אויטאָמאָביל. בעת די 10—12 מינוט פֿון דער נסיעה האָט ער געשוויגן. קיין איין וואָרט ניט אויסגערעדט. ער איז נאָר געווען אַ שמש. ער האָט מיר געבראַכט צו זיין באַלע־באָס און איז נעלם געוואָרן.

דער קאַגעביסט איז געווען אין ציווילע בגדים און איך האָב ניט געוווּסט זיין ראַנג. לויט זיין אַמט־קאַבינעט איז ער, ווי עס ווייזט אויס, געווען אַ וואַזשנע

פערזענלעכקייט — צווישן מאַיאָר און פּאָלקאָווניק. אַן איידלמאַן, אַ העפלעכער, אַ שמייכלענדיקער, אַ האַרציקער... און איך האָב אויסגעטייטשט די היגטישע גענג: מען דאַרף זיין פּאַרזיכטיק. מען דאַרף אָפּוועגן יעדן וואָרט. מען דאַרף זיין אויף דער וואַך... ער האָט מיך מכבד געווען מיט אַ פּאַפּיראָס „קאַזבעק" און אָנגעהויבן דעם „אינטימען שמועס". אַזוי האָט ער טאַקע געזאָגט:

— איך וויל מיט אייך האָבן אַן אינטימען, ניט פאָרמעלן שמועס. איך באַדויער וואָס איך האָב אייך באַאומרויִקט, אָפּגעריסן פון דער אַרבעט כּדי פירן דעם שמועס דאָ ביי אונדז אין ביוראָ. אָבער איך בעט אייך, פילט זיך פריי. ס'איז בלויז אַ חברישער, אינטימער שמועס...

— איך פאַרשטיי אייך חבר... אַנשולדיקט, איך ווייס ניט אייער ראַנג.

— אָ, ס'איז ניט וויכטיק. רופט מיך פּשוט אַנדריי סטעפּאַנאָוויטש. און אייך רופט מען אויב איך האָב ניט קיין טעות, אַראָן איאָסיפּאָוויטש?

— איר האָט ניט קיין טעות. איך צווייפל צי עס קען טרעפן אַזאַ פאַל אין אייער אַרבעט, אַז איר זאָלט האָבן אַ טעות און איינלאַדן צו זיך ניט דעם מענטשן וועלכן איר האָט באַדאַרפט איינלאַדן.

— איר קלייבט זיך פאָרן קיין איזראַיל? אויף וויפל צייט ווילט איר פאָרן? צו וועמען פאָרט איר?

— איך האָב געשריבן אין מיין בקשה. איך פאָר צו מיין שוועסטער. איך וואָלט וועלן פאָרן אויף עטלעכע חדשים.

— איר האָט זיך שוין אַ לאַנגע צייט ניט געזען מיט דער שוועסטער?

— זייער אַ לאַנגע צייט.

— אַראָן איאָסיפּאָוויטש, איר פירט זיך ניט ריכטיק. אונדז איז באַוווּסט אַז אין יאָר 1963 האָט איר זיך געזען מיט אייער שוועסטער פון איזראַיל.

איך האָב פאַרשטאַנען אַז וועגן דער לעצטער באַגעגעניש מיינע מיט אסנען אין מאָסקווע און ווילנע אין יאָר 1965 ווייס ער ניט און איך האָב אים געענטפערט:

— אַנדריי סטעפּאַנאָוויטש, אויב איר שפּירט אַזוי מיר נאָך און איר ווייסט אַז אין יאָר 1963 בין איך געפאָרן אין מינסק זיך טרעפן מיט מיין שוועסטער, דאַרפט איר אויך וויסן אַז איך בין דאַן געווען זייער קראַנק, נאָך אַן אָפּעראַציע און אייגענטלעך האָב איך אין מינסק זיך מיט איר געזען און געווען אין איינעם ניט מער ווי עטלעכע שעה. איר דאַרפט אויך וויסן אַז די שוועסטער מיינע איז מיר געווען ווי אַ מאַמע און דעריבער איז מיין ווילן צו זיין מיט דער שוועסטער 2 חדשים, דאָס איז, מיין איך, ניט קיין חטא.

— איר זייט גערעכט. וואָס מיינט איר אַז מיר, טשעקיסטן, זיינען מענטשן אָן הערצער און אָן געפילן? פאַרקערט. מיר זיינען זייער פילבאַרע מענטשן. איך האָב מיט מיין פראַגע פּשוט געוואָלט אַריינטראָגן קלאָרקייט אין דעם ענין. זאָגט

מיר, אַראָן איאָסיפּאָוויטש, איזראַיל אַלס לאַנד אינטערעסירט אייך?

—יאָ. איך וועל מיט אינטערעס אָנקוקן דאָס לאַנד, וויפל ס'איז נאָר מעגלעך פאַר אַ קורצער צייט.

— קען מען וויסן, וואָס פאַר אַן אַספּעקט עס אינטערעסירט אייך? האָט איר וועלכע ניט איז באַזונדערע געפילן און סענטימענטן צו דער לאַנד?

— אַלגעמיינער אַספּעקט. אין מיטל־שול האָב איך געלערנט געאָגראַפיע. איך האָב באַקומען קליינע ידיעות וועגן אַלע לענדער אין דער וועלט. אין דער טור־ריסטישער נסיעה וועל איך האָבן אַ מעגלעכקייט לערנען אַ קאַפּיטל געאָגראַפיע אין דערווירקלעכקייט. און וואָס איז שייך געפילן און סענטימענטן — פאַרשטיי איך ניט אייער פראַגע. געפילן און סענטימענטן קען מען האָבן צו אַ מענטשן. מען קען אים ליב האָבן, פיינט האָבן, אָדער זיין גלייכגילטיק צו אים. וועלכע געפילן און סענטימענטן קענען זיין צו אַ לאַנד וואָס איך האָב קיין מאָל ניט געזען אַפילו?

דער קאָגעביסט האָט אַראָפּגעלאָזט דעם בליק צו זיין גרויסן שרייבטיש און אויפמערקזאַם געלייענט די פּאַפּירן, וועלכע ער האָט געבלעטערט פּאַמעלעך הין און צוריק. דערנאָך האָט ער זיך ווידער געווענדט צו מיר מיט אַ שמייכלענדיקן פּנים.

— מיר איז דווקא באַוווסט אַז איזראַיל האָט אייך זייער אינטערעסירט ניט נאָר אַלס געאָגראַפישער פּונקט. מיר איז באַוווסט אַז איר האָט געהאַט צו איזראַיל קלאָרע, דייטלעכע און זייער באַשטימטע געפילן און סענטימענטן.

— אַנדרעי סטעפּאַנאָוויטש, אויב אייך איז אַלץ באַוווסט און איר לייענט אין מיין האַרץ און מוח אַזוי ווי איר לייענט אין אייערע פּאַפּירן אויפן טיש, איז דער־לויבט צו פרעגן, צוליב וואָס איז נויטיק דער שמועס מיט מיר?

— דער שמועס איז נויטיק, ווייל איך וויל האָבן אַ באַגריף וועגן אייערע געפילן און סענטימענטן איצט. לאָמיר ניט שפּילן אין זשמורקעס. אין מיינע הענט איז אייער „דיעלאָ", וועלכער איז, לויט מיין בקשה, ניט לאַנג אָנגעקומען פון מאָסקווע, פון אונדזער צענטראַלער פאַרוואַלטונג. דאָס זיינען מאַטעריאַלן פון 30 יאָר צוריק. דאַן זיינען געווען אַ ביסל פאַרפלאָנטערטע יאָרן. ווילט זיך מיר אַ ביסל אָפּפרישן אייער זכרון און דערוויסן זיך וועגן אייניקע פראַגעס. איר זייט געווען אַ מיטגליד פון אַ ציוניסטישער פּאַרטיי?

— ניין. אין מיינע יוגנט־יאָרן — 1925־1928 — בין איך געווען אַ מיטגליד פון אַ יידישער נאַציאָנאַלער יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

— ניט נאַציאָנאַלער, נאָר נאַציאָנאַליסטיש־ציוניסטישער.

— איך בין ניט באַהאַוונט אין דער פּינקטלעכער דעפיניציע פון דער ספּעצ־יפישער פּאָליטישער טערמינאָלאָגיע. איך ווייס אָבער, אַז די יוגנט־אָרגאַניזאַציע איז געווען טעטיק אין דער ראַם פון די סאָוועטישע געזעצן.

— אָבער אין יאָר 1928 האָט די סאָוועטישע רעגירונג באַשטימט, אַז די אָרגאַניזאַציע איז אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע און האָט זי פונאַנדערגעטריבן.

— די סאָוועטישע רעגירונג האָט מסתמא געוווסט וואָס זי טוט.

— ווי אַזוי האָט איר רעאַגירט אויף דער באַשטימונג פון דער סאָוועטישער רעגירונג?

— איך בין צוגעווינט ניט צו רעאַגירן. האָט מען געזאָגט ביין — איז געווען ביין.

— פאַר וואָס זשע האָט מען אייך אַרעסטירט?

— דאָס דאַרפט איר פרעגן ביי אייערע קאָלעגן. אָדער קוקט אַריין אין די מאַטעריאַלן פון 20סטן צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. איר האָט דאָך אַליין געזאָגט, אַז עס זיינען געווען „אַ ביסל פאַרפלאָנטערטע יאָרן"...

דער קאַגעביסט האָט געהייסן ברענגען טיי מיט סאַנדוויטשן, כסדר מכבד געווען מיך מיט זיינע טייערע פאַפּיראָסן „קאַזבעק", גערעדט מיט התלהבות אַז די סאָוועטישע זיכערקייט־אָרגאַנען היטן אָפּ די סאָוועטישע געזעצלעכקייט; אַז די אָרגאַנען קעמפן איצט זייער שטאַרק קעגן די פאַרקריפּלונגען וועלכע זיינען געווען אין דער תקופה פון „סטאַלין־קולט"; אַז אַזעלכע זאַכן וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין יענע „פאַרפלאָנטערטע יאָרן", קענען איצט ניט פאָרקומען... איך האָב געפילט, אַז ער סטאַרעט זיך צו שאַפן אַן אַטמאָספער פון קעגנזייטיקן צוטרוי. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט מיין אַרבעט ווי אַן עקאָנאָמיסט און ווי אַ לעקטאָר אין טעכניקום, געמאַכט מיר קאָמפּלימענטן — ער האָט זיך אינטערעסירט און באַקומען גוטע אָפּרופן וועגן מיר — און, דורך־אַגב, כסדר געפּרוּווט טאַפּן מיין פּאָליטישן דופק. און דער עיקר, אויפן געביט פון נאַציאָנאַל־יידישע פּראָבלעמען... און איך בין געווען זייער אַקטיוו אין דעם שמועס וועגן פאַרשיידענע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען אין אונדזער שפּייז־אינדוסטריע און פּעדאַגאָגישע פּראָבלעמען אין טעכניקום און געווען תמעוואַטע ווען ס'איז געקומען צו פּאָליטישע פּראָבלעמען...

— נו, איר זעט, אַראָן יאָסיפאָוויטש, איך בין געווען גערעכט ווען איך האָב געזאָגט, אַז איך וויל מיט אייך האָבן אַן אינטימען, ניט פאָרמעלן שמועס — האָט באַמערקט דער קאַגעביסט — איך בין זייער צופרידן, וואָס מיר האָבן זיך באַגעגנט. איך האָב זיך אינטערעסירט און באַקומען אַן אינפאָרמאַציע וועגן אייך. אָבער אַ פּערזענלעכע באַקאַנטשאַפט האָט אַ גרויסע באַדייטונג. איז ווי זשע פּלאַנירט איר דורכפירן אייער טוריסטישן באַזוך אין איזראַיל?

— וואָס קען איך פּלאַנירן, אַנדריי סטעפּאַנאָוויטש? איך וועל קומען צו מיין שוועסטער און זיין ביי איר מיט אירע זין און אייניקלעך. איך ווייס אַז זי לעבט זייער אָרעם באַשיידן. אין די רעסטאָראַנען און נאַכט־קלובן וועלן מיר דאָך ניט גיין. די שוועסטער מיינע איז שוין ניט קיין יונגער מענטש. זי איז עלטער פון מיר מיט 10 יאָר. און איך בין שוין נאָענט צום עלטער פון 57 יאָר. איך וועל

זיין אין רשות פון דער משפחה. איך האָף, אַז זיי וועלן טאָן אַלץ וואָס ס׳איז נאָר אין זייערע מעגלעכקייטן, כּדי איך זאָל זיין צופרידן. די צייט גייט גיך, מען זעט זיך ניט אַרום און מען דאַרף שוין פאָרן צוריק.

— אָבער דאָך וועט איר זיך באַגעגענען מיט מענטשן. איר דאַרפט אַלע מאָל געדענקען, אַז איר זייט אַ בירגער פון אונדזער גרויסן סאָציאַליסטישן היימלאַנד. כאָטש איר וועט פאָרן צו אייער שוועסטער, דאָך דאַרפט איר וויסן און געדענקען, אַז איר וועט פאָרן אין אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד — אַ לאַנד וואָס איז פאַרבונדן מיטן אַלוועלטלעכן אימפּעריאַליזם. און אַ סאָוועטישער מענטש דאַרף עס אַלע מאָל וויסן ווי זיך צו האַלטן. איר פאַרשטייט מיך?

— איך פאַרשטיי אייך זייער גוט, אַנדריי סטעפּאַנאָוויטש. איר זייט פולשטענ־דיק גערעכט. איך וויל פאַרשטיין, אַנדריי סטעפּאַנאָוויטש, אַז איר האָט באַשטימט צו דערלויבן אַז מען זאָל מיר געבן דעם אויסלענדישן פּאַספּאָרט כּדי צו פאָרן קיין ישׂראל. פאַרשטיי איך ריכטיק?

— ניט איך גיב די דערלויבעניש. ס׳איז ניט אין מיין קאָמפּעטענץ. מיט דעם פאַרנעמט זיך דער „אָוויר". מיר, לויט אונדזערע אַמט־פונקציעס, אינטערעסירן זיך בלויז מיט די מענטשן וועלכע קלייבן זיך צו פאָרן קיין אויסלאַנד.

ער האָט זיך מיט מיר העפלעך געזעגנט און געגעבן די דערלויבעניש אַרויס־צוגיין פון דער געביידע...

וואָס איז געשען? צוליב וואָס איז געווען נויטיק דער „אינטימער, ניט פאַר־מעלער" שמועס אין ק.ג.ב.? עס איז דאָך געווען קלאָר, אַז מיין „דיעלאָ" איז גע־וואָרן אַרויסגעשלעפּט פון זייער צענטראַלן אַרכיוו אין מאָסקווע. די „אָסאָבאָיע סאָוועשטשאַניע" פון נקוו״ד האָט דאָך אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל מיר אונטער די אויגן. און דאָס איז פאָרגעקומען אין מאָסקווע אין יאָר 1935. איז דאָס ביי זיי אַ געוויינלעכע פּראָצעדור? מאַכן זיי לגבי אַלע וואָס בעטן אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין אויסלאַנד אַן אָנפראַגע אין זייער צענטראַלער קאַרטאָטעקע? אָדער איך בין געווען ביי זיי, שוין אויך אין דאַבאַס, אין דער רשימה פון די פאַרדעכטיקטע? ס׳איז מיר אויך געווען קלאָר, אַז אין ק.ג.ב. באַשטימען זיי וועגן דער דערלויבעניש צו פאָרן קיין אויסלאַנד. איז דאָך די „דיעלאָ" געווען אין זייערע הענט און אַן אינפאָרמאַציע וועגן מיינע 21 יאָר נאָך דער מלחמה האָבן זיי אויך געהאַט — איז צוליב וואָס דער אַרויסרוף? כּדי פּשוט צו באַקומען אַן איינדרוק פון דעם פּרצוף פון אַ מענטשן, וועלכער איז שוין אַ סך צענדליקער יאָרן ביי זיי אין דער צענטראַלער קאַרטאָטעקע?...

פון דעם שמועס מיט דעם קאַגעביסט האָב איך געהאַט אַ פּאָזיטיוון איינדרוק.

איך האָב געפילט אַז ער איז בוטה צו דערלויבן מיין אַרויספאָר. און אפשר האָט ער אים שוין דערלויבט? דער שמועס איז אים געווען נויטיק נאָר כּדי צו איבער־צייגן זיך, אַז ער מאַכט ניט קיין טעות? איך האָב זיך געהאַלטן אַן עצה מיט עטלעכע פון מיינע בעסטע פריינד, נאָר אַלע האָבן אַרויסגעבראַכט פאַרשידענע סברות און השערות. אָבער אַלע זיינען געווען זיכער, אַז קיין לאָגיק אין ק.ג.ב. טאָר מען ניט זוכן. עס איז געבליבן אַ גרויסער פראַגע־צייכן, וועלכער האָט ניט געלאָזט רוען.

דער שמועס אין ק.ג.ב. איז געווען סוף־אָקטאָבער. ס'איז אַדורך נאָוועמבער און ס'איז אַדורך דעצעמבער. קיין שום רעזולטאַטן. אין „אָוויר" זאָגט מען: אייער בקשה איז אין באַהאַנדלונג. מיר וועלן אייך שיקן אַן ענטפער דורך פּאָסט. איר דאַרפט ניט קומען צו אונדז. מיר האָפן אַז אין גיכן וועט זיין אַן ענטפער. מיר וועלן אייך מודיע זיין אין יעדן פאַל...

איך האָב זיך געהאַלטן אין די הענט. איך האָב זיך געסטאַרעט צו זיין רויִק און קאַלטבלוטיק. איך האָב דאָך קיין אָפּזאָג ניט באַקומען. הייסט דאָס אַז מען מעג האָפן. פון טאָג צו טאָג האָב איך אָבער אָנגעהויבן אָנווערן די שליטה איבער זיך אַליין. איך האָב געפילט אַז עס קומט פאָר ביי מיר אַ פּסיכישער פּראָצעס, וועלכער וועט מיך פאַרפּלאָנטערן אין אַ נישט גוטער סיטואַציע. דער ווילן צו פאָרן קיין ארץ־ישׂראל האָט זיך שוין פאַרוואַנדלט ביי מיר אין אַן אידעע־פיקס, וועלכע האָט מיך פיזיש געפּייניקט אָן אויפהער די גאַנצע 24 שעה אין מעת־לעת. איך האָב ניט געקענט אַרבעטן, ניט געקענט עסן, ניט געקענט שלאָפן...

אין אָנהויב יאַנואַר 1967 האָב איך גענומען מיין חודשדיקן אורלויב פון דער אַרבעט. אַלע האָבן זיך געוווּנדערט וואָס איך נעם אורלויב אין ברען פון ווינטער. איך האָב באַשטימט אַ ביסל דורכצולופטערן זיך, פונאַנדערצוטרייסלען זיך. איך וועל זיין אַ וואָך אין מאָסקווע ביי מיין ברודער פיניע, אַ וואָך אין באַראַנאָוויטש ביי מיין שוועסטער בתיה און צוויי וואָכן אין ריגע ביי מיין זון. אפשר וועל איך קומען אַ ביסל צו זיך. איך האָב איבערגעלאָזט די שליסלען פון מיין דירה ביי אַ פריינד, געגעבן אים די אַדרעסן און דעם טערמין ווו און ווען איך וועל זיין, און מיר האָבן באַשטימט, אַז אויב עס וועט אָנקומען פון „אָוויר" אַ פּאָזיטיווער ענטפער, זאָל ער מיר תּיכּף ומיד שיקן אַ טעלעגראַמע פון איין וואָרט: „אין אָרדענונג".

אַ צעבראָכענער בין איך אָפּגעפאָרן קיין מאָסקווע. און אויף דעם צווייטן טאָג בין איך קראַנק געוואָרן אויף אַ מאָדנער, שווערער גריפּע. די טעמפּעראַטור 41־40. אויף מאָרגן באַקום איך די טעלעגראַמע — „אין אָרדענונג"!... איז דאָס אַ חלום, אָדער איך פאַנטאַזיר פון היץ? איך מעסט די היץ — 41.2°. איך פיל אָבער אַז איך בין ביים פולן זינען. איך שריי צו מיין ברודער — ער זאָל מיר איבערלייענען נאָך אַ מאָל די טעלעגראַמע. ער לייענט, אָבער ער פאַרשטייט ניט וואָס דאָס באַ־

דייט. איך שריי צו אים אַז ער איז אַ גרויסער טיפּש. ער פאַרשטייט ניט אַז איך פאָר צו אַסנהן ?...

מיין ברודער, און באַזונדערס זיין ווייב, זענען געווען קעגן מיין גאַנצער המצאה וועגן פאָרן קיין ישׂראל. זיי האָבן געטענהט אַז דאָס וועט זיי קאָמפּראָמיטירן. זיי זיינעביידע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי. דער ברודער איז אַ קאַנדידאַט פון עקאָ־נאָמישע וויסנשאַפטן און איז אַ לערער פון פּאָליט־עקאָנאָמיע. אַ מענטש מיט אַ פּאָזיציע. זיין ווייב איז אַ בוי־אינזשינער; זי איז מקפּיד אויף אַלע תרי״ג מיצוות פון דער סאָוועטיש־קאָמוניסטישער תורה. און מיין ברודער איז געווען זייער צופרידן וואָס מיין ענין שלעפּט זיך שוין כמעט אַ יאָר און ס'איז ניטאָ קיין דער־לויבעניש. ער האָט געהאָפט אַז מען וועט מיר אָפּזאָגן. און איך מיטן דערינען — די טעלעגראַמע: „איך אָרדענונג״! האָט ער מיר אָנגעהויבן לייענען אַ לעקציע און אַרגומענטירן די זינלאָזיקייט פון מיין באַשלוס...

— פּיניע, איך בעט דיך, פאָר תּיכּף אויפן פּאָוועלעצקי־וואָקזאַל און קויף מיר אויף היינט 11.30 ביי נאַכט אַ בילעט. היינט ביי נאַכט פאָר איך אַוועק פון מאָסקווע.

— דו ביסט משוגע? דו האָסט 41 גראַד היץ. איך גיי רופן אַ דאָקטער.

— אַ דאָקטער וועסטו דערנאָך רופן. אָבער פאָר, קויף און ברענג מיר דעם בילעט.

— איך וועל ניט פאָרן. עס קען קיין רייד ניט זיין.

— טו איך זיך אָן און פאָר אַליין. אָבער אויב דו ווילסט אַ ביסל אָפּהיטן מיין געזונט — טו וואָס איך בעט דיך. ס'איז ניט שרעקלעך. וועסט אין אָוונט נעמען אַ טעקסי און דערנאָך וועסטו מיך אַריינזעצן אין וואַגאָן. גיב אויך תּיכּף אַ טעלע־גראַמע צו מיין פריינד, אַז ער זאָל מיר מאָרגן 12 ביי טאָג באַגעגענען. ער וועט מיר ברענגען מיט אַ טעקסי אין מיין דירה. איך זאָג דיר נאָך אַ מאָל: וועסטו עס ניט טאָן, וועל איך אַליין פאָרן און בלייבן זיצן אַ גאַנצן טאָג אויף דעם וואָקזאַל. מיר איז עס זייער שווער צו טאָן. איך שפּאַס ניט, פּיניע. איך מוז תּיכּף פאָרן...

און מיין ברודער האָט אין 2 שעה אַרום געבראַכט מיר דעם בילעט און גע־קומען מיט אַ דאָקטער.

פאָרן קיין ישׂראל האָט מען דאַן געקענט נאָר מיט איין וועג — מיט אַן אַעראָפּלאַן פון סאָוועטישן „אַעראָפלאָט״ לויט דעם מאַרשרוט מאָסקווע־דמשק, וועלכער פליט איין מאָל אין וואָך, יעדן דאָנערשטיק. די ישׂראל־טוריסטן גייען אַרויס אין ניקאָסיאַ, ציפּערן, און פון דאָרט פליען זיי שוין מיט אַן אָרטיקן אַעראָפּלאַן קיין לוד. איך בין געווען אַזוי אומגעדולדיק, אַז איך האָב אויפגענומען

מיט אַ קרענקלעכער אַנטוישונג די ידיעה פון דעם אָרטיקן פּיליאַל פון אַעראָ־פלאָט, אַז אַ בילעט קען מען קויפן בלויז אויף דאָנערשטיק דעם 23סטן פעברואַר. ביז דאַן זיינען אַלע בילעטן שוין אויספּאַרקויפט. דאָס הייסט, איך האָב געדאַרפט וואַרטן ביז דעם אָפּפאָר אַנדערהאַלבן חדשים. אָבער דער אויסלענדישער פּאַס־פּאָרט, די דערלויבעניש אַרויסצופאָרן קיין ישראל אויף 45 טעג און דער בילעט אויף דעם אַעראָפּלאַן איז שוין ביי מיר אין קעשענע. (אַגב, דעם בילעט האָב איך געקויפט אַהין און צוריק. זיי האָבן מיך איבערצייגט אַז עס איז אַ סך ביליקער. עד היום ליגט ער ביי מיר, דער בילעט, מיט דעם מאַרשרוט לוד־מאָסקווע...) און איך האָב באַשטימט די $1\frac{1}{2}$ חדשים צו פאַרברענגען ביי מיין שוועסטער אין באַראַ־באָוויטש און ביי מיין זון אין ריגע. איך וועל פאַרשליסן מיין דירה. די שליסלען וועלן בלייבן ביי מיינס אַ פריינד וועלכער וועט פון צייט צו צייט אַ קוק טאָן אין דער דירה. און אַ צווייטע פּאָר שליסלען ביי מיין זון. דער זון וועט אין אַ צייט אַרום — אין 4־5 חדשים נאָך מיין אָפּפאָר — צונעמען אַלץ פון דער דירה. אָבער דערווייל האָב איך געמוזט נעמען אורלויב אויף מיין אייגענעם חשבון. איך האָב געמוזט זיין פּינקטלעך אין אַלע פאָרמאַליטעטן, כדי ניט אַרויסצורופן קיין חשד, אַז איך פאָר אַוועק אויף שטענדיק.

איך בין געקומען מיט אַ בקשה צו מיין הויפּט־שעף ער זאָל מיר געבן 60 טעג אורלויב אויף מיין אייגענעם חשבון.

— וואָס הייסט אורלויב? איר זייט דאָך איצט אין אורלויב אויף אַ גאַנצן חודש.

— איך דאַרף נאָך 60 טעג אורלויב. איך בעט עס אויף מיין אייגענעם חשבון. אַרבעטס־לוין וועט איר מיר ניט צאָלן.

— וואָס הייסט איר דאַרפט? איר קענט ניט די אָרדענונג ביי אונדז אין לאַנד? און ווער וועט אַרבעטן?

— אָבער, איוואַן סערגייעוויטש, איך מוז קריגן דעם אורלויב. עס איז אַן אויסערגעוויינלעכע סיבה.

— וועלכע אויסערגעוויינלעכע סיבה?

— איך פאָר אין אַ טוריסטישער נסיעה קיין אויסלאַנד.

— אין אויסלאַנד? וווהין קיין אויסלאַנד? ווער האָט אייך דערלויבט צו פאָרן קיין אויסלאַנד?

— איך פאָר אין מדינת ישראל. דערלויבט האָט די סאָוועטישע רעגירונג. אָט איז דער אויסלענדישער פּאַספּאָרט און די דערלויבעניש צו פאָרן אויף 45 טעג. איך בעט 60, ווייל איך וויל זיין פּינקטלעך. 45 טעג דאַרף איך זיין דאָרט אין לאַנד. און עס טרעפט אַז מען דאַרף וואַרטן עטלעכע טעג אויף אַן אַוויאָן. אַלץ קען דאָך טרעפן...

ער האָט אויפמערקזאַם אַרייַנגעקוקט אין די דאָקומענטן. דערנאָך מיט גרויסער רוגזה געזאָגט:

— ווען האָט איר אָנגעגעבן די בקשה צו פֿאָרן אין אייער איזראַיל?

— מיט אַ קאַרג יאָר צוריק.

— ווער האָט אייך געגעבן די כאַראַקטעריסטיק?

— איר.

— איך? אַזאַ מין חוצפּה. איך האָב קיין מאָל ניט אונטערגעשריבן אייער כאַראַקטעריסטיק.

— איוואַן סערגייעוויטש, וואָס שרייט איר אויף מיר? וועגן וואָסער חוצפּה רעדט איר? וואָס מיינט איר — איך האָב פֿאַלסיפֿיצירט אייער אונטערשריפֿט? איך האָב באַקומען די כאַראַקטעריסטיק אָפֿיציעל אין אונדזער אַנשטאַלט. איך ווייס ניט, אפֿשר האָט אייער שטעל־פֿאַרטרעטער אונטערגעשריבן. איך געדענק ניט פּינקטלעך ווער עס האָט אונטערגעשריבן.

ער האָט אַרויסגערופֿן דעם פֿאַרוואַלטער פֿון קאַדרען־אָפּטייל.

— דו ווייסט אַז ראָזין פֿאָרט אַלס טוריסט אין איזראַיל?

— איך ווייס אַז ער האָט דערלאַנגט אַ בקשה און אַלע פּאַפּירן.

— ווער האָט אונטערגעשריבן זיין כאַראַקטעריסטיק?

— פּאַוועל יעפֿימאָוויטש.

— נו, גוט. איך וועל שוין מיט אייך אַלעמען שפּעטער זיך אויסרעכענען. און דו, ראָזין, זיי וויסן, אַז דעם אורלויב גיב איך ניט.

— איר מוזט געבן. די רעגירונג האָט מיר דערלויבט צו פֿאָרן אַלס טוריסט קיין ישׂראל. כּמעט אַ יאָר האָט מען געטראַכט וועגן דעם און סוף־כּל־סוף דער־לויבט. וואָס פֿאַר אַ רעכט האָט איר צו פֿאַרווערן מיר די נסיעה?

— איך מוז? דאָס איז דיין מיינונג. אָבער איך וועל תּיכּף באַקומען אַ קלאָרן און דייטלעכן ענטפֿער אין דער פּראַגע. — ער קלינגט אין קרייז־קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי, דערציילט וועגן דעם ענין, רעדט מיט כּעס קעגן מיר דערפֿאַר וואָס איך האָב זיך דערוועגט צו בעטן אַ דערלויבעניש צו פֿאָרן קיין ישׂראל און מיט גרויסער פֿאַרביטערונג קעגן זיינע צוהעלפֿערס, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן די כאַראַקטעריסטיק. ער טענהט, אַז ער הייבט ניט אָן צו וויסן וועגן דעם דאָזיקן פֿאַל. אָבער אַ פֿאַקט איז, אַז איך האָב שוין דעם אויסלענדישן פּאַספּאָרט. ער בעט אַן עצה וואָס צו טאָן. זיין פּערזענלעכע מיינונג איז, אַז מען דאַרף מיר ניט געבן קיין אורלויב. ער האָט אויסגעהערט די מיינונג פֿון דעם אינסטרוקטאָר פֿון פּאַרטייאישן קרייז־קאָמיטעט און קאַטעגאָריש געזאָגט:

— איך גיב ניט קיין אורלויב.

איך וועל זיך אומקערן פֿון מיין נסיעה און אָנקלאָגן אייער ניט געזעצלעכע

באַשטימונג. אָבער איצט האָב איך ניט קיין ברירה. איך בעט מיך אין גאַנצן צו באַפרייען פון דער אַרבעט.

— מיט גרויס פאַרגעניגן. שרייב אָן אַ מעלדונג.

ביז דעם 23סטן פעברואַר 1967 — דעם טאָג פון אָפּפליִען קיין ישׂראל — זענען פאַרבליבן 42 טעג. ס׳איז אַ שווער שטיקל אַרבעט דורכצושטופּן זיי — אָט די שווערע טעג. אָבער עס לוינט. זיי שלעפּן זיך, די טעג און נעכט, אַזוי פּאַמעלעך, אָבער דאָך גייען זיי דורך. איך בין געווען ביי מיין שוועסטער אין באַראַנאָוויטש, איך האָב זיך געזעגנט מיט מינסק, און צום סוף בין איך געווען ביי מיין זון אין ריגע. און דעם 21סטן פעברואַר בין איך אין איינעם מיט מיין זון געפאָרן קיין מאָסקווע. מיין זון איז געווען דער איינציקער וועלכער האָט געוווּסט אַז איך פאָר, כּדי צו פאַרבלייבן אין ארץ־ישׂראל. די שוועסטער האָט עס אויך פאַרשטאַנען, נאָר איך האָב ניט גערעדט וועגן דעם מיט קיינעם. איך האָב ניט געטאָרט רעדן. אַל תּפתּח פּה לשׂטן. זיי וועלן, חס־וחלילה, עפּעס דערשמעקן. מיט יאָסיקן האָבן מיר באַשטימט אַז אין אַ קורצער צייט נאָך דעם ווי איך וועל קומען קיין ישׂראל, וועל איך אָנהייבן שרייבן צו אים בריוו, אַז איך בין קראַנק געוואָרן. דער טאַטע איז ניט געקומען, ווייל ער איז קראַנק. מער ווייס ער גאָרניט. מען קען דאָך באַשולדיקן, אַז דער טאַטע איז געוואָרן אַ פיינט פון פאָלק... יאָסיק האָט מיר געגעבן זיינע ברכות און געווען מסכּים מיט דעם, אַז איך מוז פאַרבלייבן אין ארץ־ישׂראל. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז איך בין פּשוט ניט מסוגל צוריקצוקומען קיין ראַטן־פאַרבאַנד. איך וועל עס פיזיש ניט אויסהאַלטן. און יאָסיק איז געפאָרן מיך באַגלייטן.

מיט ווייטיק אין האַרצן האָב איך זיך געזעגנט מיט מיין ברודער פיניע אין מאָסקווע. זיין ווייב האָט היסטעריש געשריגן און ניט געלאָזט אַז ער זאָל מיך באַגלייטן צום פליפעלד. דעם 22סטן פעברואַר, 10 אין אָוונט, בין איך געקומען מיט מיין זון אין שערעמעטיעוואָ — אויפן צענטראַלן פליפעלד פון מאָסקווע, וואָס באַדינט די אויסלענדישע פלי־ליניעס. מאָרגן, דעם 23סטן פעברואַר, 5.30 אין דער פרי, דאַרף איך אָפּפליִען קיין ארץ־ישׂראל...

איך וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסן די נאַכט אויפן שערעמעטיעווער לופטפאָרט. עס איז געווען אַ נאַכט וועלכע האָט אַקומולירט אין זיך די חלומות און די טרוימען פון מיין גאַנצן לעבן. און אַ נאַכט פון קאָשמאַרן. עס גייט פאַרביי אַ מיליציאָנער — און מיר דוכט זיך: די ק.ג.ב. קומט מיך נעמען. גאָט מיינער! ווען וועל איך שוין אַריין אין אַעראָפּלאַן? וואָס דרייען זיי זיך אַרום דאָ און קוקן כּסדר אין מיין זייט? און די נאַכט שלעפּט זיך און שלעפּט זיך און די קאַגעביסטן דרייען זיך און

דרייען זיך אין וואָקזאַל. און זיי שמעקן און שמעקן... מיין זון ברענגט מיר טיי און קאַווע. ער זעט מיין שטימונג. ער סטאַרעט זיך אָפּצוּווענדן מיין אויפמערקזאַמקייט. ער זאָגט צו מיר אַז ער וועט זיך אויך סטאַרען אַוועקצופאָרן קיין ארץ־ישׂראל. אפשר וועט נאָך קומען אַזאַ צייט...

און אָט הייבט מען שוין אָן קאָנטראָלירן די זאַכן. ביי מיר איז, ברוך־השם, איין קליינער טשעמאָדאַן. אַ טוריסט דערלויבט מען צו נעמען מיט זיך נאָר 10 קילאָגראַם. האָב איך אָנגעפילט דעם טשעמאָדאַן מיט מתנות פאַר מיין שוועסטער און אירע זין מיט זייערע ווייבער און, דער עיקר, מיט פאַרשיידענע צאַצקעס פאַר מיין שוועסטערס אייניקלעך. איך בין אַוועקגעפאָרן „מיט איין פאָר שיך און איין העמד אויפן לייב", ווי עס שרייבט איציק מאַנגער אין זיין וווּנדערלעכן ליד „איך האָב זיך יאָרן געוואַלגערט". אין פולן זין פון וואָרט. איך בין אָפּגעפאָרן אַזוי ווי איך שטיי און גיי. און וואָס האָב איך באַדאַרפט? אַלץ איז ביי מיר געווען איינגעפּאַקט אין מיין האַרצן...

מיט אַ מאָל האָט מען אָנגעזאָגט אַז דער וואָס האָט ניט קיין ספּראַווקע אַז ער האָט באַקומען עפּעס אַן איינשפּריצונג, וועט מען אים ניט אַריינלאָזן אין אַעראָפּלאַן. איך האָב ניט געוווּסט וועגן איינשפּריצונגען. איך האָב במשך דער נאַכט געקענט מאַכן 10 איינשפּריצונגען. וואָס ווילן זיי פון מיר? מיר האָט זיך געדוכט אַז דאָס איז אַ פּראָוואָקאַציע געווענדט נאָר קעגן מיר. מיין זון איז אַוועקגעלאָפן, געפונען די שוועסטער וועלכע מאַכט איינשפּריצונגען. ער האָט איר אַריינגערוקט געלט אין האַנט און זי האָט געגעבן די ספּראַווקע...

איך האָב זיך צעקושט מיט מיין זון און אַוועק צום אַעראָפּלאַן. דריי מאָל, אין פאַרשיידענע ערטער, האָט מען מיך אָפּגעשטעלט און קאָנטראָלירט די דאָקומענטן, דערביי מיך דורכגעשטאָכן מיט די אויגן פון קאָפּ ביז די פיס. און אַ קאַגעביסט, אין דעם פולן גלאַנץ פון זיין פאַרעם האָט דעם לעצטן מאָל דורכקאָנטראָלירט מיינע דאָקומענטן ביים אַריינגאַנג אין אַעראָפּלאַן. אָט זיץ איך שוין אויף מיין פּלאַץ. דאָס האַרץ קלאַפּט. קוים וואָס איך כאַפּ דעם אָטעם. וואָס זשע שטייט דער אַעראָפּלאַן? נו, דאַנקען גאָט! מיר זיינען שוין אין דער לופטן...

אַ שווערע, אָבער אַן אָנגענעמע מידקייט האָט זיך צעגאָסן איבער אַלע מיינע אבֿרים. אַ מידקייט נאָך אַ גוואַלדיקער שפּאַנונג פון וועלכער דו ביסט באַפרייט געוואָרן. אַ מידקייט ווי נאָך אַ לאַנגן בלאָנדזשען און וואַנדערן אין מידבר ווען דו ביסט שוין צוגעפאַלן צום קוואַל פון וואַסער... און דער אַעראָפּלאַן פליט און פליט. וווּהין פליט דער אַעראָפּלאַן? אַהיים! אוי, ווי גוט איז צו פליען אַהיים נאָך 57 יאָר וואַלגערן זיך אין דער פרעמד! איך פלי און פלי, אַזוי ווי אַ פרייער פויגל פליט צו זיין נעסט. איך פלי צו דער היים וואָס איך האָב אויסגעבענקט אין מיינע קינדערשע חלומות און אויסגעטרוימט מיט ראָמאַנטישער התלהבות אין מיין ציוניסטישער יוגנט. איך פלי אַהיים, די היים וואָס איך האָב אויסגעווייטיקט מיט

יסורים אין קעלער פון מינסקער נקוו״ד און אין די ברענענדיקע פרעסט פון מאַנטשע־טונדרע; אויסגעפייניקט אין דער אינקוויזיציע פון דריטן אָפּטייל פון בעלאָמאָרסקאָ־באַלטייסקי־קאָמבינאַט...

און מיט אַ מאָל הער איך אַ מחיה־נפשותדיקע בשׂורה דורך דעם ראַדיאָ־הילכער: חברים פּאַסאַזשירן, מיר האָבן איבערגעשריטן די גרענעצן פון אונדזער סאָציאַליסטישן הימלאַנד... אוי, רבונו־של־עולם, ברוך שפּטרני!...

אין עטלעכע שעה אַרום האָב איך זיך באַגעגנט פּנים־אל־פּנים מיט מיין לאַנד. מיין שוועסטער אָסנה מיט איר זון יוסף האָבן מיך געפירט קיין ירושלים. נעבן ירושלים, אין די בערג, האָב איך געזען ווי אין דער שטיינערדיקער ערד, ממש צווישן שטיינער, וואַקסן ביימער. אין ארץ־ישׂראל אָטעמען פריי אַפילו די שטיינער.

„...כ׳וועל נישט קושן דיין שטויב ווי יענער גרויסער פּאָעט,
כאָטש מיַין האַרץ איז אויך פול מיט געזאַנג און געוויין.
וואָס הייסט קושן דיַין שטויב? איך בין דיַין שטויב.
און ווער קושט עס, איך בעט איַיך, זיך אַליין?

כ׳וועל שטיין פאַרגאַפּט פאַר דעם כּנרת־בלאָ
אין מיַינע בגדי־דלות אָנגעטאָן,
אַ פאַרוואָגלטער פרינץ, וואָס האָט געפונען זיַין בלאָ,
און בלאָ איז זיַין חלום פון תּמיד אָן.

כ׳וועל נישט קושן דיַין בלאָ, נאָר סתּם אַזוי
ווי אַ שטילע שמונה־עשׂרה וועל איך שטיין —
וואָס הייסט קושן דיַין בלאָ? איך בין דיַין בלאָ
און ווער קושט עס, איך בעט איַיך, זיך אַליין?...״

אָט די ווונדערלעכע סטראָפן פון דעם גרויסן יידישן פּאָעט איציק מאַנגער האָבן אויסגעדריקט מיינע געפילן אין יענעם ווונדערלעכן אָוונט, דעם 23סטן פעברואַר 1967, ווען איך בין געקומען אַהיים...